מלך עפּשטיין

# די געשיכטע פון אַרבעטער-קלאַס אין אַמעריקע

(מיט בילדער)

צוויי בענדער

ערשטער בוך

פאַרלאַג
אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער אָרדן
1935

מיינע קינדער, העלען און באַשע —
אַ מתנה.

# HISTORY *of the* AMERICAN WORKING CLASS

*By* MEILACH EPSTEIN

*Published by*
INTERNATIONAL WORKERS ORDER
80 Fifth Avenue, New York, N. Y.
209

# אינהאַלט פון ערשטן בוך

(פון דער לאַגע אין די קאָלאָניעס ביז נאָך דער וועלט־מלחמה, 1919)

# פאָרוואָרט

די געשיכטע איז געשריבן פון א מאַרקסיסטיש־לעניניסטישן שטאַנד־פּונקט, דער איינציקער, וואָס דערקלערט און באַלייכט דעם גאַנג פון פּאַ־סירונגען און די אַנטוויקלונג פון געשעענישן אין דעם אַרבעטער־קלאַס און אין זיין באַוועגונג.

די געשיכטע איז געשריבן מיט דעם ציל, צו געבן דעם אַרבעטער־לייענער און סטודענט א בילד פון געשיכטלעכער אַנטוויקלונג פון זיין קלאַס, וואָס זאָל אים באַוואָפענען פאַר די ווייטערדיקע קאַמפן געגן קאַפּיטאַליסטישער הערשאַפט. דער הויפּט־צוועק פון שטודירן געשיכטע, איז צו לערנען פון דער דערפאַרונג פון נעכטן, פאַר די נויטן און אויפגאַבן פון הייַנט און מאָרגן.

די געשיכטע איז ניט געשריבן מיט זיידענע הענטשקעס, ווי די מערסטע בורזשואַזע היסטאָריקער טוען. זיי נעמען א פּאָזע פון אָביעקטיוויטעט, און בויען די זאַצן, עס זאָל מאַכן דעם איינדרוק פון אומפּאַרטייאישקייט. אין דער ווירקלעכקייט, פירן זיי דורך זייערע מיינונגען אין די פּאָרזיכטיק־צונויפגעשטעלטע שורות. דער בוך פּרעטענדירט ניט אויף אַזאַ סאָרט אָביעקטיוויטעט. דער בוך איז ניט אומפּאַרטייאיש און דעריבער אָפן און שאַרף אין שפּראַך און אויסדרוק.

דער שרייבער האָט געהאַט אין זינען דעם מאַסן־לייענער. דער בוך איז געשריבן אין א צוגענגלעכער פאָרמע. גלייכצייטיק, איז פאַראַן דאָרטן אינפאָרמאַציע פאַר דעם לייענער, וואָס זוכט א גרינטלעכע באַקאַנטשאַפט מיט דעם עקאָנאָמישן הינטערגרונט פון דער אַרבעטער־באַוועגונג.

אין דעם אָריגינעלן פּלאַן איז אַריין א גרעסערע אָפּהאַנדלונג וועגן די נאָדל־פאַכן. די אַרבעט האָט זיך אָבער צעוואַקסן און שטאַרקע פאַר־קירצונגען האָבן געמוזט געמאַכט ווערן. דער שרייבער טרעט צו, איצט, צו אַרבעטן איבער דער געשיכטע פון דער אידישער אַרבעטער־באַוועגונג. דאָרטן וועלן די אַנטוויקלונגען און די קאַמפן אין די נאָדל־פאַכן באַהאַנדלט ווערן גענויער, ווי זיי האָבן עס פאַרדינט.

צוליב דער זעלבער אורזאַך איז שטאַרק פאַרקירצט געוואָרן דאָס לעצטע קאַפּיטל: דער דורכפאַל פון רוזוועלטס אויפלעבונג־פּראָגראַם. די לעצטע אַנטוויקלונגען אין דער טרייד־יוניאָן פּאָליטיק, לייבאָר־פּאַרטיי און

פאראייניקטן פראַנט זיינען אריינגעפירט געוואָרן אין די קאפיטלעך וואו זיי באַלאַנגען לויט זייער אינהאַלט.

אין דעם בוך האָט דער שרייבער זיך אָפּט באַנוצט מיט דעם מאַטעריאַל, וואָס חבר אַנטאָני בימבאָ האָט געזאַמלט אין זיין „היסטאָרי אָוו די אַמעריקאַן וואָרקינג קלעס". דאָס איז די סאַמע ערשטע געשיכטע געשריבן פון אַ מאַרקסיסט-לעניניסט. דער שרייבער האָט זיך אויך באַנוצט, אין אייניקע באַשרייבונגען פון גרויסע סטרייקס, מיט דעם מאַטעריאַל וואָס חבר י. סולטאַן האָט געבראַכט אין זיין רעוואָלט־מאָמענטן אין דער אַמעריקאַנישער געשיכטע. חבר סולטאַן קומט אויך אַ דאַנק פאַר נוצלעכע אָנווייזונגען איבער דעם ערשטן פעריאָד פון דער אַמעריקאַנישער געשיכטע.

חברשע אָנערקענונג דער אידישער סעקציע פון אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער אָרדן, פאַר דער מעגלעכקייט ארויסצוגעבן אזא גרעסערע ארבעט.

**מלך עפּשטיין.**

סוף אַפּריל, 1935.

## ערשטער קאַפּיטל

# די ערשטע אײַנוואַנדערונג

די נויטווענדיקייט צו געפינען אַרבעט-הענט פאַר דער „נייער וועלט". — „ווייי"-געבורטן פון קאַפּיטאַליזם ברענגען שרעקלעכן הונגער אין דער אַלטער וועלט.—לאַנד-קאָמפּאַניעס און ספּעקולאַנטן רעקרוטירן אימיגראַנטן פאַר די קאָלאָניעס אויף פאַלשע פאַר-שפּרעכונגען. — אַנשטאָט ברויט און פרייהייט פאַלן אַריין די אימיגראַנטן אין נעצן פון שקלאַפעריי. — פּוריטאַנישע מאָראַל און פּריוואַט-אייגנטום.

אַ גאַנצער יאָרהונדערט איז פאַריבער נאָכדעם ווי אַמעריקע איז אַנט־דעקט געוואָרן ביז וואַנען די ערשטע אײַנוואַנדערער פון ענגלאַנד האָבן זיך באַזעצט. די ווייסע, וואָס זײַנען אָנגעקומען פריער, זײַנען באַשטאַנען פון אַלערליי אַוואַנטוריסטן און ספּעקולאַנטן, וואָס האָבן ווי רויב־פייגל אַרומ־געריסן פון די אינדיאַנער וואָס עס האָט זיך געלאָזט און זיך אָפּגעטראָגן צוריק אַף יענער זייט אַטלאַנטישן אָקעאַן. געשטעלט אַ פוס אויפן באָדן פון דער „נייער וועלט" מיטן צוועק זיך צו

דער לאַנגער פּעריאָד ביז דעם אָנהייב פון דער קאָלאָניזאַציע נעמט זיך דערפון, וואָס קריסטאָפער קאָלומבוס האָט ניט געמאַכט זײַן באַרימטע רייזע אין סוף פון 15טן יאָרהונדערט צו זוכן נייע טעריטאָריעס פאַר מאַסן־באַזעצונג. דער שפּאַנישער פאָרשער און אַלע אַנדערע פאָרשער פון יענער צייט האָבן געזוכט פאַר די הערשנדיקע קלאַסן אין אייראָפּע אַ ים־וועג צו אַפריקע און צו אינדיע. די ים־וועגן זײַנען נויטיק געווען צו אַנטוויקלען דעם האַנדל מיט אַפריקע און אינדיע, וועלכע האָבן צוגעשטעלט אַזעלכע טייערע שטאָפן ווי זיידנס און אַזעלכע טייערע סחורות ווי דימענטן, און זײַנען גלייכצײַטיק געווען אַ מאַרק פאַר אייראָפּייאישע סחורות.

ערשט אין אָנהייב פון דעם 17טן יאָרהונדערט, און שפּעטער אין דעם 18טן יאָרהונדערט, ווערן די קאָלאָניעס פון צפון־אַמעריקע אַ צוציאונג־פּונקט פאַר הונדערטער טויזנטער פאַראָרעמטע און פאַרטריבענע מענער און פרויען פון דער אַלטער היים אין אייראָפּע. דער געבורט פון קאַפּיטאַליזם אין

איירָאפּע איז באַגלייט געוואָרן מיט אַ שרעקלעכער נויט פאַר די מאַסן אין דאָרף און אין שטאָט. דער יונגער קאַפּיטאַליזם האָט לאַנגזאַם און זיכער פאַרטיליקט די אַלטע געזעלשאַפטלעכע און עקאָנאָמישע באַציאונגען, וואָס האָבן געהערשט אין דער פעאָדאַלער געזעלשאַפט. דער יונגער קאַפּיטאַליזם האָט זיך געניוטיקט אין אַ גרויסער אַרמיי פרייע אַרבעט־הענט פאַר די נייע פאַבריקן און מילן און אין גרויסע שטרעקעס לאַנד צו קולטיווירן רויע מאַטעריאַלן פאַר דער טעקסטיל־אינדוסטריע. הונדערטער טויזנטער פּויערים זיינען פאַרטריבן געוואָרן פון זייערע פעלדער אין ענגלאַנד. זיי האָבן גע־שטראָמט אין די שטעט. אָבער די נייע אינדוסטריעס האָבן ניט באַוויזן אַלעמען אַריינצונעמען.

דער גאַנצער „יעאָמען"־קלאַס—דאָס פּויערטום—איז פאַרטריבן געוואָרן פון די לאָרדן — שרייבט ענגעלס. אין 18טן יאָרהונדערט איז פון די יעאָמען קיינער ניט פאַרבליבן. דאָס אַראָפּטרייבן די פּויערים איז באַגלייט געוואָרן מיט גרויזאַמע מיטלען. מאַרקס ברענגט אַביישפּיל ווי אַזוי די הערצאָגין פון סאָודערלאַנד האָט „אָפּגערייניקט" איר גוט פון 15 טויזנט פּויערים־אַרענדאַטאָרן ווען עלטער־זיידעס נאָך האָבן באַאַרבעט דאָס לאַנד.

„אַלע זייערע דערפער זיינען פאַרברענט געוואָרן. אַלע פעלדער זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין פּאַשע־באָדן. סאָלדאַטן זיינען געשיקט געוואָרן אַראָפּצוטרייבן די פּויערים און עס איז דערגאַנגען צו אמתע שלאַכטן צווישן די סאָלדאַטן און די פּויערים. איין אַלטע פרוי האָט מען פאַרברענט אין איר אייגענעם הויז. די דאָמע האָט אַזוי אַרום צוגענומען פאַר זיך 794,000 אַקער לאַנד וואָס האָבן פון אייביק אָן געהערט צום קלען (פּויערים־געמיינדע). 15 טויזנט באַראַבעוועטע פּויערים זיינען פאַרביטן געוואָרן מיט 130 טויזנט שעפּסן [פאַר וואָל]." מאַרקס, קאַפּיטאַל, באַנד 1, זייטן 585-586.)

צענדליקער טויזנטער זעלבסטשטענדיקע און האַלב־זעלבסטשטענדיקע האַנטוועקער האָבן געמוזט פאַרלאָזן זייערע װערקשטאַטן צוליב דער קאָנ־קורענץ פון דער פאַבריק. הונגער האָט אַרומגעכאַפּט גרויסע טיילן פון דער באַפעלקערונג. די װעלכע זיינען געװען גליקלעך אָנצוקומען אין אַ פאַבריק זיינען גרויזאַם עקספּלואַטירט געוואָרן. אוממענטלעך־לאַנגע שטונדן, הונגער־לוין און שרעקלעכע וואוינונג־באַדינגונגען זיינען געווען דער גורל פון די נייע פּראָלעטאַריער. די אינדוסטריעלע רעוואָלוציע איז געבוירן געוואָרן בוכשטעבלעך אין דעם שווייס און בלוט און אויף די ציינער פון מיליאָנען מענטשן.

ווי אַזוי די סלאָמס (ענגע און שמוציקע אַרבעטער־געסלעך) האָבן

אויסגעזען אין ענגלאנד אזוי שפעט ווי אין מיטן פון דעם 18טן יאָרהונדערט קאָן מען זען פון פרידריך ענגעלס׳ באשרייבונג:

„דאָ וואוינען די אָרעמסטע צווישן די אָרעמסטע, די שלעכט-באצאָלטע ארבעטער צוזאמען מיט גנבים און פראָסטיטוטקעס. * * * די וועלכע זיינען נאָך ניט געזונקען אין דעם קעסל-גרוב פון דער מאָראלישער רואינע וואס רינגלט זיי ארום, פארלירן טעגלעך זייער ווידערשטאנד-קראפט געגן דעם דעמאָראליזירנדיקן איינפלוס פון נויט, שמוץ און פאַרדאָרבנקייט.” (פרידריך ענגעלס, די לאגע פון ענגלישן ארבעטער-קלאס אין 1844, זייט 27.)

דער געבורט פון קאפיטאליזם האָט ארויסגערופן א סך לאנגע מלחמות און בירגער־קריגן איבער אייראָפּע. מיליאָנען האָרעפּאשניקעס זיינען אומ־געקומען פון הונגער און קראנקהייטן אין די מלחמות צווישן די דייטשע פּראָווינצן (די דרייסיק־יאָריקע מלחמות) און צווישן פראנקרייך און האָלאנד. די מלחמות האָבן פאראורזאכט א פארשפרייטן חורבן. מע שאצט, אז אין 1715 איז א דריטל פון דער באפעלקערונג אויסגעשטאָרבן פון הונגער אין פראנקרייך. אין 1740 האָט א מוראדיקער הונגער געטריבן גרויסע מחנות אירלענדישע פּויערים צו אנטלויפן פון אירלאנד און זיך צו ראטעווען פון א זיכערן הונגער־טויט.

### פון וואנען די איבערוואנדערער זיינען רעקרוטירט געוואָרן

די אראָפּגעטריבענע, רואינירטע און אויסגעהונגערטע מאסן זיינען געווען א גוטער מענטשן־מאטעריאל פאר קאָלאָניזאציע אין דער וייטער, אומבאקאנטער, אומבאגרענעצטער אמעריקע. די קאָלאָניזאטאָרן זיינען געווען קאפּיטאליסטן, לאנד־ספּעקולאנטן, טיטולירטע פּריצים און אוואנטוריסטן — קורץ, די זעלבע עלעמענטן וואָס זיינען פאראנטוואָרטלעך געווען פאר די ליידן און דער שרעקלעכער נויט אין ענגלאנד. די ענגלישע רעגירונג האָט זיי איינגעטיילט ריזיקע שטרעקעס לאנד אין דעם צפון און דרום טייל פון אמעריקע מיט דער אָנצוהערעניש, אז זיי זאָלן אוועקפירן אהין די „איבע־ריקע” ארבעטלאָזע וואָס זיינען געוואָרן א געפאר אין די שטעט. דערפאר האָט די רעגירונג געגעבן די קאָמפּאניעס די מעגלעכקייט צו טאָן מיט די אימיגראנטן וואָס זייער הארץ גלוסט. די הילפלאָזע און רעכטלאָזע איינ־וואנדערער האָבן געלייגט דעם פונדאמענט פאר די רייכטימער פון לאנד,

רייכטימער וואָס געצײלטע מענטשן האָבן אָנגעזאַמלט פון פרעמדער פּראַצע.*)

די ווייסע ציוויליזאַציע איז אַזוי אַרום אַנטשטאַנען ווי אַ רעזולטאַט פון די טיפע און שמערצלעכע ווײ־געבורטן פון קאַפּיטאַליזם אין אייראָפּע. די איירָאָפּייאישע איבערוואַנדערער האָבן גלייך באַשאַפן אין די קאָלאָניעס אַ קאַפּיטאַליסטישע אָרדענונג, כאָטש פונדאַמענטאַלע שטריכן פון פעאָדאַליזם זיינען נאָך פאַרבליבן די ערשטע צייטן. אין די דרום־שטאַטן איז פעאָדאַליזם אָפּגעשאַפט געוואָרן ערשט נאָך דעם בירגער־קריג פון 1861—1864.

„די אַמעריקאַנישע קאָלאָניסטן האָבן באַדאַרפט בויען אַ לעבן אין אַ נייער וועלט. די בוי-מאַטעריאַלן וואָס זיי האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך זיינען באַשטאַנען פון אַ גרויסן זאַפּאַס וויסן, וואָס די מענטשהייט האָט אָנגעקליבן דורך לאַנגע דורות: די קונסט פון לייענען, שרייבן און פון געדרוקטן וואָרט; פון פּולווער, פון אויסהאַמערן געצייג פון אייזן און האָלץ, פון שפּינען, וועבן און נייען קליידער; פון סאָציאַלע און רעגירונג-אינסטי-טוציעס, געזעצן, קירכן, פאַראורטיילן און אַבערגלויבן. אַט-די אַלע זאַכן, אַנטוויקלט אין אַ קאָמפּליצירטער ציוויליזאַציע אין אייראָפּע, זיינען איבער-געפלאַנצט געוואָרן אין אַ וועלט וואָס האָט פון זיי פריער ניט געוואוסט.”
(סיימאָנס, סאָשעל פאָרסעס אין אַמעריקן היסטאָרי, זייט 21.)

די טראַדיציעס פון פעאָדאַליזם אַריבערגעטראָגן אין די קאָלאָניעס

וואָס פאַר אַן עקאָנאָמיש־סאָציאַלן לעבן האָבן די ערשטע איינוואוינער געבויט?

אַ ריי היסטאָריקער לייקענען, אַז די קאָלאָניעס האָבן געוואוסט פון פעאָדאַליזם. מערי בירד, אין איר „קורצע געשיכטע פון דער אַרבעטער־

---

*) די גאָר ערשטע קאָלאָניזאַטאָרן פון דעם נייעם וועלט-טייל זיינען געווען די שפּאַניער. זייערע רייזנדע אַוואַנטוריסטן און קאַטוילישע מאָנאַכן, וואָס זיינען אַריינגעקומען אין מעקסיקאָ, ניו מעקסיקאָ, טעקסאַס, פלאָרידאַ און קאַליפאָרניע אין 16טן יאָרהונדערט. אין אָנהייב פון 17טן יאָרהונדערט האָבן אויך ענגלאַנד, פראַנקרייך און האָלאַנד גענומען באַזעצן דעם נייעם קאָנטינענט ביי זיינע צפון-מזרח ברעגן. די האָלענדער האָבן געבויט ניו אַמסטערדאַם, איצט ניו יאָרק; די ענג-לענדער האָבן געלאַנדעט אין ניו ענגלאַנד און די פראַנצויזן אין דער איצטיקער לואיזיאַנאַ און אין דער קאַנאַדישער פּראָווינץ פון קוויבעק. אין גיכן האָבן די ענגלישע קאָלאָניעס אַריבערגעוואויגן די האָלענדישע, פראַנצויזישע און שפּאַנישע. אין 1664 האָבן די ענגלענדער באַזיגט די האָלענדער אין ניו יאָרק. אין 1763 האָט ענגלאַנד אַרויסגעטריבן די פראַנצויזישע הערשער און צוגענומען זייערע קאָלאָניעס. אין זעלבן יאָר האָט ענגלאַנד אַרויסגעטריבן די שפּאַניער. די לעצטע פראַנצויזישע קאָלאָניע, לואיזיאַנאַ, איז אָפּגעקויפט געוואָרן אין 1803.

באוועגונג אין די פאראייניקטע שטאטן", רוקט אפילו ארויס די טעאריע, אז די אפוועזנהייט פון פעאדאליזם איז אין דער ערשטער ריי פאראנטווארטלעך פאר דער אייגנארטיקער (פאליטיש־אפגעשטאנענער) אנטוויקלונג פון דער ארבעטער־באוועגונג. די גרופע היסטאריקער שרייבן צו, אין א גרויסער מאס, די באזונדערע אנטוויקלונג פון פאליטישן לעבן צו דער זעלבער אפוועזנהייט פון פעאדאליזם אין דעם ערשטן פעריאד פון דער מאסן־איינוואנדערונג ביז דעם ערשטן העלפט פון דעם 18טן יארהונדערט.

וועלכן פעאדאליזם האבן די היסטאריקער אין זינען? מיינען זיי דעם קלאסישן, מיטלאלטערלעכן? דער סארט פעאדאליזם איז שוין דעמאלט לאנג פארשוואונדן אפילו אין דער „מוטער" ענגלאנד. „אין ענגלאנד — שרייבט מארקס אין ערשטן באנד „קאפיטאל", — איז פאנשטשינע פארשוואונדן פאקטיש נאך אין סוף פון דעם 14טן יארהונדערט און אין פראנקרייך, אין סוף פון דעם 17טן יארהונדערט." פארשטייט זיך, אז פון אזא סארט פעאדאליזם מיט אייביקער לייב־קנעכטשאפט פאר זיין באזע, האט ניט געקאנט זיין קיין רייד אין די קאלאניעס אין דער נייער וועלט. נאר אין דרום, וואו די ווירטשאפט איז געבויט געווען גרעסטנטייל אויף דער ארבעט פון די אימפארטירטע נעגער־שקלאפן, זיינען פארבליבן די אלטע קלאסישע פעאדאלע באציאונגען פון אייביקער קנעכטשאפט.

ווען מען רעדט פון פעאדאלע באציאונגען אין אמעריקע, האט מען אין זינען די עקאנאמיש־סאציאלע כוחות־פארהעלטענישן וואס האבן געהערשט ניט בלויז אין דרום, נאר אויך אין די צפון־קאלאניעס וואס זיינען געלעגן צווישן דעם אטלאנטישן ים־ברעג און די אלעגייני־בערג. דארטן איז דאס גאנצע ווירטשאפטלעכע און פאליטישע לעבן — ווי מיר וועלן ווייטער זען — געגאנגען אונטער דעם צייכן פון וואגיקע רעשטן פון פעאדאליזם וואס האבן נאך פריער פארלארן דעם באדן אין ענגלאנד. ריזיקע שטרעקעס לאנד אין די הענט פון רייכע גוט־באזיצער, א גרויסע מאסע ארענדאטארן (טענענט־פארמער), די כמעט־אבסאלוטע רעכט און מאכט וואס די גוט־באזיצער האבן פארמאגט, די רעכטלאזיקייט פון די האנטווערקער אין שטאט — אט די כאראקטעריסטישע שפורן און טראדיציעס פון פעאדאליזם זיינען איינגעווארצלט געווארן אין די קאלאניעס פאר דעם קריג געגן ענגלאנד און אפילו א צייט נאכדעם.

לעניז איז שארף ארויסגעטראטן געגן סוכאנאוו, וואס האט אויך ארויס־גערוקט די טעאריע אז אמעריקע האט ניט געוואוסט פון די איבערבלייבעכצן פון פעאדאליזם. לענין ווייזט אן, אז אין דער אמעריקאנישער לאנדווירטשאפט

אין דרום הערשן נאָך אין דעם 20סטן יאָרהונדערט רעשטן פֿון פֿעאָדאַלע באַציאונגען.

„די באַהויפּטונג (סוכאַנאָווס) איז אַ דירעקטע אָפּלייקענונג פֿון דעם אמת. די עקאָנאָמישע איבערבלייבעכצן פֿון דער שקלאַפֿעריי אונטערשיידן זיך פֿאַר קיין פֿאַל ניט פֿון די זעלבע איבערבלייבעכצן פֿון פֿעאָדאַליזם אין דעם געוועזענעם שקלאַפֿישן דרום. אין מערב-אַמעריקע איז די צאָל אַרענדאַטאָרן 14 פּראָצענט, אין צפֿון 26.5 פּראָצענט און אין דרום 46.6 פּראָצענט פֿון דער אַלגעמיינער צאָל פֿאַרמער. העלפֿט פֿון אַלע פֿאַרמער אין דרום — אַרענדאַטאָרן! דאָס איז נאָך ווייניק. מיר האָבן פֿאַר אונז ניט קיין אַרענדאַטאָרן אין דעם אייראָפּייאישן, קולטורעלן, קאַפּיטאַליסטיש-מאָדערנעם באַגריף. מיר האָבן פֿאַר אונז הויפּטזאַכלעך האַלב-פֿעאָדאַלע — אָדער אין עקאָנאָמישע באַציאונגען — האַלב-שקלאַפֿישע אָרעמעלייט.“ (לענין, געזאַמלטע ווערק, 12טער באַנד, זייטן 581-582, רוסישע אויסגאַבע.)

פֿאַרשטייט זיך, אַז אין דעם 20סטן יאָרהונדערט וואָלטן ניט געווען קיין רעשטן פֿון האַלב־פֿעאָדאַלע באַציאונגען אין לאַנדווירטשאַפֿט ווען אַזעלכע באַציאונגען וואָלטן ניט שטאַרק געווען אין דעם 18טן יאָרהונדערט און ניט אַנטוויקלט אין דעם 19טן יאָרהונדערט. דערביי איז נויטיק צו באַטאָנען, אַז די פֿעאָדאַלע באַציאונגען האָבן געהערשט ניט בלויז אין די עקאָנאָמיש־סאָציאַלע פֿאַרהעלטענישן צווישן די ווייסע און שווארצע, נאָר טאָקע צווישן די ווייסע גופא. גלייכצייטיק מיט שווארצער שקלאַפֿעריי ביי די ברעגן פֿון מיסיסיפּי־טייך האָט געבליט ווייסע פּאַנשטשינע אויף די ברעגן פֿון דעם האָדסאָן־טייך. דערביי האָט די פּאַנשטשינע אָנגעהאַלטן אַ סך לענגער אין די קאָלאָניעס אויף דעם אַמעריקאַנישן קאָנטינענט ווי אין די לענדער פֿון מערב־אייראָפּע פֿון וואַנען די ערשטע איבערוואַנדערער זיינען אַהער געקומען.

„פֿאָטערס פֿון דער רעפּובליק“ געהערן צו נייער אַריסטאָקראַטיע

לאַנד און הענט דאָס לאַנד צו באַארבעטן איז געווען דער גרויסער דראַנג פֿון די קאָמפּאַניעס, וואָס האָבן זיך אָרגאַניזירט אין ענגלאַנד מיט גרויסע פּריווילעגיעס פֿון קעניג. לאַנד און הענט דאָס לאַנד צו באַארבעטן איז שפּעטער געוואָרן דער גרויסער דראַנג פֿון דער היימישער לאַנד־אַריסטאָקראַטיע, וואָס האָט זיך אויסגעבילדעט אין פֿאַרלויף פֿון דעם זיבעצענטן און אָנהייב פֿון דעם אַכצענטן יאָרהונדערט. די מערסטע „פֿאָטערס פֿון דער רעפּובליק“ האָבן געהערט צו דער לאַנד־אַריסטאָקראַטיע, וואָס האָבן רעגירט ווי זעלבסטהערשער איבער די לעבנס פֿון זייערע אונטערטאַנען.

דזשאָרדזש וואַשינגטאָן איז געוואָרן איינער פון די פּראָמינענטסטע און רייכסטע פאָרשטייער פון אָט־דער אַריסטאָקראַטיע.

אַ נייער, גרויסער קאָנטינענט איז געלעגן אויסגעצויגן פאַר די לאַנד־רויבער און לאַנד־פאַרכאַפּער, אַ קאָנטינענט אומבאַזעצט אויסער פון אַ פּאָר הונדערט טויזנט אינדיאַנער, וועמען מען האָט סיסטעמאַטיש פאַרטריבן און פאַרטיליקט. די ענגלישע קעניגן האָבן ברייט און פריייוויליק אויסגעטיילט מיליאָנען אַקער צו זייערע ליבלינגע. אַדמיראַלן און גענעראַלן, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט אין בויען די בריטישע אימפּעריע, זיינען באַשאָנקען געוואָרן פון די קעניגן מיט ריזיקע שטרעקעס לאַנד אין דעם נייעם קאָנטינענט. די אַדמיראַלן און גענעראַלן האָבן עס פאַרקויפט צו קאָמפּאַניעס, וועלכע האָבן קאָלאָניזירט דאָס לאַנד. דער באָדן איז פאַרבליבן אין די הענט פון גרויסע באַזיצער. שפּעטער, נאָך דעם רעוואָלוציאָנערן קריג קעגן ענגלאַנד, אין 1776—1787, האָבן די זיגרייכע פּריצים און קאַפּיטאַליסטן אַריינגעקראָגן נייע שטרעקעס לאַנד אין זייערע הענט, וואָס האָבן פריער באַלאַנגט צו דער ענגלישער קרוין. דזשאָרדזש וואַשינגטאָן אַליין האָט אויפגעבויט אַ קאָמפּאַניע, וואָס האָט פאַרמאָגט העכער צען מיליאָן אַקער לאַנד.

אַמעריקעס רויער באָדן האָט געפאָדערט אַ סך אַרבעט־הענט. די לאַנד־קאָמפּאַניעס אין ענגלאַנד האָבן אָנגעפירט אַ שטאַרקע רעקרוטיר־קאַמפּאַניע אַריינצוקריגן וואָס מער אימיגראַנטן. זיי האָבן צעשיקט אַגענטן אין אַלע אייראָפּעיאישע צענטערן, אויסגעטיילט מאַסן ליטעראַטור וועגן דער גרויסקייט און רייכקייט פון דער פרייער אַמעריקע. די אַגענטן האָבן צוגעזאָגט אַלערליי גליקן: אַ זעלבסטשטענדיקעווירטשאַפט אויף אייגענעם לאַנד און פרייהייט פון אונטערדריקונג און טיראַניי. „אין אַמעריקע" — האָבן די אַגענטן איינגעטענהעט מיט די צוקונפטיקע אימיגראַנטן — „וואַרטן אויף אייך גרויסע פרייע שטרעקעס לאַנד. געדיכטע וועלדער, דורך וועלכע אַ מענטש איז שווער דורכצוגיין, טייכן אָנגעפילט מיט פיש. אַלץ איז פריי. פאָרט און נעמט וויפיל איר ווילט. אין אַמעריקע ווייסט מען ניט פון רעליגיעזער פאַרפאָלגונג. ניטאָ קיין אונטערדריקונג, ניטאָ קיין הונגער און אָרעמקייט, ניטאָ קיין מלחמות און ניטאָ קיין הערשער."

צענדליקער טויזנטער אָרעמע מענטשן האָבן דורשטיק געשלונגען די זיסע רייד פון די רעקרוטיר־אַגענטן. זיי האָבן געגלויבט, אַז אַלץ וואָס עס פאָדערט זיך פון זיי איז אָפּצואַרבעטן אַ קורצע צייט פאַר דער אומזיסטער שיף־רייזע וואָס זיי קריגן. דאָס איז, פאַרשטייט זיך, אַ קלייניקייט אין

פארגלייך מיט דער זאטקייט, זיכערקייט און פרייהייט וואס דערווארטן זיי אין דער נייער וועלט.

### שקלאפעריי אנשטאט ברויט און פרייהייט

אויסגעלאזט האט זיך אנדערש. די „פרייע" אמעריקע איז באשטאנען פון קאלאניעס, וואס זיינען גרעסטנטייל געווען דאס פריוואט־אייגנטום פון די קאמפאניעס. זיי האבן געבראכט די אימיגראנטן צו באארבעטן זייער לאנד, אויסצוהאקן זייערע וועלדער. די פארנארטע אימיגראנטן זיינען פארוואנדלט געווארן אין פאקטישע שקלאפן אף א געוויסער צייט, זייער אפט אף א לאנגן טערמין.

וויט ניט אלע ארבעטער וויסן פון דעם, אז אין אמעריקע האט געהערשט ניט נאר א נעגער־שקלאפעריי, נאר אויך א שקלאפעריי פון ווייסע, כאטש ניט אין דער זעלבער גרויזאמער מאס. דערפאר זיינען די ווייסע שקלאפן געווען גרעסער אין צאל.

מיט דעם מאנדאט פון דער ענגלישער רעגירונג האבן די קאמפאניעס און די גרויסע לאנד־באזיצער געפלינדערט און עקספלואטירט וויפיל עס האט זיך נאר געלאזט. נעגער זיינען אימפארטירט געווארן פון אפריקע, פארקויפט פון זייערע הויפטלינגע אדער געקידנעפט (פארכאפט מיט געוואלד) און פארוואנדלט געווארן אין אייביקע שקלאפן אויף די טאבאק און קאטן (בוימוואל) פלאנטאציעס אין דרום (סאוט).*)

„ווי קליינע מאנארכן האט יעדער פלאנטאטאר געהאט זיין אייגענע פאן און צייכן פון הערשאפט. יעדער פלאנטאטאר האט באפעסטיקט זיין טעריטאריע מיט פארטן, באוואפנט מיט קאנאנען און באוואכט פון געדונגענע סאלדאטן. די קאלאניסטן זיינען געווען זיינע אונטערטאנען, אונטערוואָרפן צו זיין ווילן. זיי האבן געמוזט שווערן טרייהייט און אונטערטעניקייט צו אים." (גוסטאוואוס מייערס, די געשיכטע פון די גרויסע אמעריקאנישע פארמעגנס, ערשטער באנד, זייטן 11-14.)

אט־די לאגע האט געהערשט ניט בלויז אין דרום מיט איר נעגער־

---

*) די ערשטע פארטיע נעגער-שקלאפן האט געלאנדעט אין ווירדזשיניע אין 1619 און איז באשטאנען פון 20 מענטשן. אין 1670 איז אין דער זעלבער ווירדזשיניע — א קאלאניע אין דרום — געווען 6 טויזנט ווייסע שקלאפן, כמעט אלע ענגלענדער, און נאר צוויי טויזנט נעגער-שקלאפן. בכלל ווייסט מען ווייניק וועגן דער פארשפרייטונג פון ווייסער שקלאפעריי אין די קאלאניעס.



נעגער-שקלאַפן געשטעמפּלט אין לואיזיאַנאַ

שקלאַפעריי. אין צפון, וואו האַנדל און האַנטוועקער־פּראָדוקציע האָבן גענומען בליען, זיינען די קלאַסן־פאַרהעלטענישן ניט געווען פונדאַמענטאַל אַנדערש. די זעלבע אַריסטאָקראַטיע, די לאַנד־אייגנטימער, זיינען געווען די פולשטענדיקע הערשער. זיי האָבן פאַרמאָגט מער מאַכט און פּריווילעגיעס ווי די אַלטע אַריסטאָקראַטיע אין אייראָפּע.

„דער באָדן האָט געהערט צו געציילטע מענטשן. די מאַסן פאַרמער זיינען געווען אַרענדאַרן אָדער געדונגענע לאַנד־אַרבעטער, ווי אין די מאָנאַרכיעס אין אייראָפּע. דער פעאָדאַלער לאָרד איז גלייכצייטיק געווען דער דאָמינירנ־דיקער פאַבריקאַנט און סוחר. ער האָט געצוואונגען זיינע אַרענדאַרן אונטער־שרייבן אַן אָפּמאַך, אַז זיי מוזן קויפן און האַנדלען נאָר מיט אים און נאָר מיט זיינע פּראָדוקטן און סחורות, קויפן אויסשליסלעך אין זיין קראָם, מאָלן אין זיין מיל, קויפן ברויט פון זיין בעקעריי, זעגן זייער געהילץ נאָר אין זיין זעג־מיל און טרינקען בראַנפן נאָר פון זיין ברויזל. אַזאַ אָפּמאַך האָט געגעבן דעם לאָרד די מעגלעכקייט ניט נאָר אַרויסצוזויגן די לעצטע פּעני פון זיינע אַרענדאַרן, נאָר אויך צו האַלטן זיי אין אייביקע חובות, זיי זאָלן זיך ניט קענען רירן פון אָרט. אָט־די פעאָדאַלע באַציאונגען זיינען געווען באַפעסטיקט פון געזעץ. ווי דעם טענענט, וואָס האָט פּרובירט איבערצורייסן די באַציאונגען. ער איז געוואָרן אַ פאַרברעכער און איז געמשפּט געוואָרן ווי אַ פאַרברעכער.“ (גוסטאַוואוס מייערס, ערשטער באַנד, זייט 46.)

די פאַרשיידענע פאָרמען פון שקלאַפעריי

אונטער אַזאַ הערשאַפט האָבן געלעבט די מאַסן אין דעם לאַנד, וואָס האָט זיי פאַרשפּראָכן ברויט און פרייהייט.

צווישן די ווייסע שקלאַפן זיינען געווען עטלעכע קאַטעגאָריעס. געווען אַזוינע, וואָס האָבן באַדאַרפט אָפּאַרבעטן אַ געוויסע צייט פאַר זייער אומ־זיסטער שיף־רייזע און אַזוינע, וואָס האָבן ניט אונטערגעשריבן קיין פאַר־פליכטונגען ביים זעצן זיך אויף דער שיף. די ערשטע זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין פולשטענדיקע שקלאַפן פאַר דער צייט פון זייער קאָנטראַקט. זייער אייגנטימער האָט געקאָנט פאַרקויפן און צעטיילן די פאַמיליעס, פאַר־קויפנדיק דעם מאַן באַזונדער און די פרוי און קינדער באַזונדער. דער צווייטער סאָרט אימיגראַנטן האָט געקאָנט אונטער גינסטיקע באַדינגונגען אַנטלויפן געלט און זיך אויסקויפן. דעמאָלט זיינען זיי געוואָרן פרייע מענטשן.

וואָס מער באָדן די גוט־באַזיצער האָבן פאַרכאַפּט, פאַרטרייבנדיק די אינדיאַנער, אַלץ מער אַרבעט־הענט האָבן זיי געמוזט קריגן. מען האָט אויס־געליידיקט די טורמעס אין פיל אייראָפּייאישע שטעט. אַגענטן האָבן גע־

שלעפּט ווייסע מענטשן וואו זיי האָבן נאָר געקאָנט קריגן. אַזוי, צום ביישפּיל, איז די פּראָפּאָרציע פון ווייסע שקלאַפן אין דער אימיגראַציע אין פּענסילווייניע נאָכאַנאַנד געשטיגן. דער זיג איבער ענגלאַנד און די עטאַבּלירונג פון דער רעפּובליק פון די פאַראייניקטע שטאַטן האָבן די ווייסע שקלאַפעריי ניט אָפּגעשאַפט. אין 1804 האָבן די ווייסע שקלאַפן אין פּענסילווייניע אויסגעמאַכט צוויי דריטל פון אַלע אַריבערגעקומענע. די גרויסע אויסוואַנדערונג פון דייטשלאַנד און האָלאַנד, אַ דאַנק די צעפּויקטע צוזאָגן, האָט פאַרגרעסערט די צאָל שקלאַפן.

דער היסטאָריקער ס. פּאָרמאַן גיט אין זיין בוך די פאָלגנדיקע באַשרייבונג פון אַן עדות, מיטרייזענדער פון אַ שיף מיט איבערוואַנדערער אין 1750:

„נאָך אַ לאַנגער, פּיינלעכער רייזע אויפן ים זוכנדיק דאָס לאַנד אויף וועלכן אַלע קוקן אויס אומגעדולדיק און הייס, קריכן אַרויס די פּאַסאַזשירן אויפן דעק צו זען דעם שפּיץ ברעג. מענטשן וויינען פון פרייד, זינגען, דאַנקען גאָט. האַלב-טויטע ווערן לעבעדיק און טאַנצן פאַר פרייד. זייערע פריילעכע געשרייען הילכן אַרום. אָבער, ווען די שיף קומט אין פילאַדעלפיע, לאָזט מען קיינעם ניט אַרונטער. נאָר די וועלכע האָבן באַצאָלט פאַר דער רייזע אָדער וועלכע קאָנען געבן אַ גוטע גאַראַנטיע פאַרן געלט גייען אַרונטער. די איבעריקע מוזן פאַרבלייבן ביז וואַנען זיי וועלן אויסגעקויפט ווערן. ערגער פון אַלעמען איז די קראַנקע און שוואַכע. זיי קריגן ניט קיין קויפער און מוזן פאַרבלייבן אויפן שיף. אַ סך פון זיי שטאַרבן, ווען אויפן לאַנד וואָלטן זיי שנעל געזונט געוואָרן.

„די פּראָצעדור פון קויפן די אָנגעקומענע ווערט באַשריבן אַזוי: ׳יעדן טאָג זיינען געקומען צום שיף ענגלענדער, האָלענדער און דייטשן פון פילאַדעלפיע און פון אַנדערע שטעט. זיי האָבן באַקוקט די געזונטע פּאַסאַזשירן און זיך מיט זיי אויסגעדונגען וועגן דעם טערמין פון שקלאַפעריי וואָס דאַרף אויסצאָלן דעם שולד פאַר דער פרייער רייזע. דערוואַקסענע מענער האָבן זיך געוויינלעך פאַרקויפט אויף דריי, פינף און זעקס יאָר, אָפּהענגיק אָן זייערע פיזישע כוחות. מינדעריאָריקע פון 10 און 15 יאָר פלעגן זיך מוזן פאַרקויפן ביז 21 יאָר. עלטערן האָבן געמוזט פאַרקויפן זייערע קינדער ווי בהמות. זייער אָפט האָט געקומען לאַנגע יאָרן ביז וואַנען עלטערן און קינדער האָבן זיך ווידער באַגעגנט. אַמאָל, קיינמאָל ניט.״ (פּאָרמאַן, סיידלייטס אָוו אַור עקאָנאָמיק ענד מאָשעל היסטאָרי, זייטן 206-207.)



אַ ווייסער שקלאַף פאַרקויפט אויף ליציטאַציע (אָוקשאָן)

## אומגעזעצלעכע קינדער אַ קוואַל פון איינקונפט פאַר דער קירך

די שיף־קאָמפּאַניעס און די אַגענטן פון די לאַנד־קאָמפּאַניעס האָבן זיך אפילו ניט אָפּגעשטעלט פון גנבענען קינדער, ברענגען זיי אין די קאָלאָניעס און פאַרקויפן פאַר שקלאַפן. ניט אַלע פאַרשלעפּטע קינדער זיינען אָנגעקומען. אַ סך זיינען אויסגעשטאָרבן אין די שמוציקע שיפן. צוליב דעם מאַנגל אין פרויען האָט מען אויך פאַרשלעפּט פרויען פון אייראָפּע. דאָס, ווידער, האָט געבראַכט צו אַ סך אומגעזעצלעכע קינדער. אין די פּוריטאַנישע קאָלאָניעס איז ברענגען אויף דער וועלט אַן אומגעזעצלעך קינד פאַררעכנט געווען פאַר אַ גרויסער זינד. דאָס אָבער האָט ניט געשטערט גאָטס דינער

צו מאכן געשעפטן מיט די אומגעזעצלעכע קינדער, וועלכע האבן אין א סך ערטער באלאנגט צו דער קירך. די קירך האט די קינדער פארקויפט צו פלאנטאטארן אדער סוחרים, סיידן די מוטער אדער דער פאטער האט געהאט גענוג געלט דאס קינד אויסצוקויפן. דאס זעלבע האט פאסירט מיט קינדער פון ארעמע עלטערן, וואס האבן די קינדער ניט געקאנט אויסהאלטן. די ארעמע קינדער זיינען פארבליבן שקלאפן ביז 20 און אמאל ביז 30 יאר.

די געזעצן זיינען אויך געווען גרויזאם צו דער פארזינדיקטער פרוי. דער מאן האט זיך געקאנט ארויסדרייען מיט א געלט-שטראף, אבער די פרוי איז שווער און עפנטלעך באשטראפט געווארן.

ווען א ווייסע שקלאפין האט געהאט אן אומגעזעצלעך קינד פון איר באלעבאס האט די קירך געהאט דאס רעכט צו פארקויפן די פארזינדיקטע פרוי אף צוויי יאר צייט און נעמען פאר זיך דעם איינקונפט. די באלוינונג איז געווייגלעך אויסגעצאלט געווארן אין טאבאק. אלס צוגאב האט די מוטער נאך באדארפט פארגיטיקן דעם באלעבאס פאר די צוויי יאר ארבעט, וואס ער פארלירט. אויב דער פאטער פון קינד איז אויך געווען א שקלאף, האט דער באלעבאס פארלענגערט זיין טערמין פון דינסט אלס א פארגיטיקונג און א שטראף.

### גרויזאמע באהאנדלונג פון ווייסע שקלאפן

„עס איז געווען אן עפאכע פון שמיץ — שרייבט פראפעסאר פארמאן. — פארברעכער, סאלדאטן, מאטראסן, שילער, קינדער און אפט פרויען האבן גע-חלומט פון שמיץ ווי וועגן דער סאמע קלענסטער שטראף. דעריבער איז ניט נויטיק זיך צו וואונדערן וואס די ווייסע קנעכט — ענגלענדער — זיינען אזוי אפט און גרויזאם געשמיסן געווארן אויף דער נאקעטער לייב מיט שטעכיקע ריטער. דאס שמייסן איז אפט אנגעגאנגען אין פארזעצונגען אין פארלויף פון א סך טעג. די באלעבאטים און זייערע אויפזעער האבן אויך אויסגעדרייט די פינגער פון די שקלאפן און אנגעווענדט אנדערע טייוולשע שטראפן.

„די שפייז איז געווען זייער א מאגערע. קראנקע שקלאפן זיינען געבליבן אן וועלכער עס איז באהאנדלונג. צו קריגן א דאקטאר, האט דער קראנקער שקלאף געמוזט איינגיין צו פארלענגערן דעם טערמין פון זיין שקלאפעריי. דער שפארזאמער באלעבאס האט געצוואונגען דעם קראנקן שקלאף אליין אויס-צוגראבן זיין קבר, צו פארשפארן שפעטער ארבעט און צייט פון די איבעריקע שקלאפן. . . . מען האט גערעדט, אז אין מערילאנד באהאנדלט מען בעסער די נעגער-שקלאפן ווי די ווייסע שקלאפן. איבערן נעגער איז דער אייגנ-טימער אן אבסאלוטער באלעבאס, איז אים א שאד צו פארלירן א שקלאף. מיטן

ווייסן איז געווען די פראַגע, ווי אַזוי אַרויסצופרעסן פון אים מער פּראָצע אײדער זיין טערמין ענדיקט זיך.

„נאָך אין 1629, ווען דער האָלענדישער רייזענדער דע-וועריס האָט געזען ווי מען זעצט אַרויף ענגלענדער, מענער און פרויען, אויף אַ שפּיציקן קלאָץ, האָט ער שאַרף געזאָגט די ווירדזשיניער פּלאַנטאַטאָרן, אַז אַזעלכע גרויזאַמ-קייטן האָט ער ניט געזען ביי די טערקן אָדער ביי באַרבאַרן.״ *)

## שקלאַפן רעוואָלטירן אין פיל ערטער

די לאַגע פון די נעגער־שקלאַפן איז נאָך געווען פיל, פיל ערגער. פאַר זיי האָט ניט עקזיסטירט קיין טערמין און קיינע באַדינגונגען פאַר אויסקויפן זיך. דער ווייסער אייגנטימער איז געווען דער אַבסאָלוטער הערשער איבער די לעבנס פון זיינע שוואַרצע שקלאַפן און פון זייערע קינדער, וואָס זיינען געבוירן געוואָרן ווי זיינע שקלאַפן.

די אומדערטרעגלעכע לאַגע האָט געטריבן די שוואַרצע און ווייסע שקלאַפן צו אַנטלויפן און צו רעוואָלטירן. דער גרעסטער און וויכטיקסטער רעוואָלט פון די נעגער־שקלאַפן איז אָנגעפירט געוואָרן פון נעט טוירנער פון ווירדזשיניע אין 1831. טוירנער האָט געקאָנט לייענען און שרייבן און האָט פאַרמאָגט געוואַלדיק מוט און אַנטשלאָסנקייט אָנצוהייבן אַן אויפשטאַנד, וואָס האָט זיך שנעל פאַרשפּרייט און איז מיט גרוים אכזריות און בלוט־דורשטיקייט אונטערדריקט געוואָרן.

פאַר טוירנערס אויפשטאַנד איז פאָרגעקומען אַ גרויסע צאָל רעוואָלטן פון ווייסע שקלאַפן. פון אַזאַ רעוואָלט, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער לאַגע, האָט באַריכטעט די באָסטאָן כראָניקל, סעפּט. 26, 1768. פאַר־שטייט זיך, אַז דער באַריכט דערציילט ניט די אמתע לאַגע פון די שקלאַפן און איז בכלל זייער געפאַרבט צום גונסטן פון די פּלאַנטאַטאָרן.

„נייעס האָט אונז דערגרייכט, אַז דעם 17טן אויגוסט האָבן אַרום 200 שפּאַניער און איטאַליענער, וואָס דר. טורנבאָל האָט געבראַכט און באַזעצט אין מאסקיטאס (דער נאָמען פון דער פּלאַנטאַציע), רעוואָלטירט, פאַרכאַפּט אַ שיף וואָס איז געווען באַשעפטיקט אין ברענגען שפּייז צום ישוב. זיי האָבן פּרובירט פאַרכאַפּן אויך אַנדערע שיפן צו אַנטלויפן אין האַוואַנאַ, קובא. אָבער דער ווינט איז געווען געגן זיי. אַן עקספּרעס-שיף איז געשיקט געוואָרן צו סט. אוגוסטין, צוויי שיפלעך מיט סאָלדאַטן זיינען געשיקט גע-וואָרן צו פאַרכאַפּן זיי פון דער צווייטער זייט. ווען די סאָלדאַטן האָבן זיך

---

*) ס. פאַרמאַן, סיידלייטס אָוו אַור עקאָנאָמיק ענד סאָשעל היסטאָרי, זייט 208.



שוואַרצע שקלאַפן פאַרקויפט אין ניו-אָרלינס

אפגעזעצט זיינען די שפאניער אנטלאפן אין די קוסטעס. עס זעט אויס, אז דר. טורנבאל וועט האבן א סך צרות מיט די איבערוואנדערער וואס ער האט געבראכט צופירן.״ (דאקומענטערי היסטארי, א. אז. וו., זייטן 343-344.)

די צייטונג האט זיך אויסגעהיט אנצורופן זאכן מיט זייערע אמתע נעמען. די ווייסע שקלאפן היסן בא איר איבערוואנדערער, וועמען דר. טורנבאל האט געבראכט צו באזעצן.

דער הערשנדיקער קלאס, אין שרעק פאר די פילע אויפשטאנדן, האט דורכגעפירט א סך גרויזאמע שטראף־געזעצן און אויפגעהאלטן פריוואטע ארמייען אלס א צוגאב צו די גארניזאנען ענגלישע סאלדאטן, וואס זיינען געשטאנען אין סטראטעגישע פונקטן.

## צווייטער קאַפּיטל

# דער אָנהויב פון דעם אַרבעטער־קלאַס אין די קאָלאָניעס

דער געבורט פון קאַפּיטאַליזם אין דער נייער וועלט. — די לאַגע פון די „פרייַע" אַרבעטער. — דאָס אויסשיילן זיך פון אַ קאַפּי־טאַליסטישן קלאַס. — רעכטלאָזיקייט און אונטערדריקונג. — פּאָליטישע רעכטלאָזיקייט. — בונטן פון אָרעמע פּאַרמער. — מאַסן אָפּגעשניטן פון בילדונג.

פון אָנהויב איז לאַנדווירטשאַפט געווען די הויפּט־באַשעפטיקונג אין די קאָלאָניעס.*) די גרויסע גוט־באַזיצער זיינען געווען די פולשטענדיקע הערשער. אָבער וואָס גרעסער די קאָלאָניזאַציע איז געוואָרן אַלץ וואָגיקער איז געוואַקסן די פּראָפּאָרציע פון האַנדל און פּראָדוקציע. שטעט זיינען אַנטשטאַנען און זיך אויסגעשפּרייט. אַזעלכע שטעט ווי ניו יאָרק, באָסטאָן, פילאַדעלפיע, באַלטימאָר, נאָרפאָלק א. אַ. זיינען אויפגעקומען אין דער סאַמע ערשטער צייט פון דער קאָלאָניזאַציע, אַלס האַפן־שטעט. צוליב די שלעכטע לאַנד־וועגן, זיינען די שטעט געווען צענטרען פון האַנדל מיט אייראָפּע. שפּעטער, ווען די באַפעלקערונג איז גרעסער געוואָרן, זיינען די שטעט געוואָרן צענטרען פון אינערלעכן האַנדל און פון אינדוסטריע.

אויב די לאַנדווירטשאַפט אין די קאָלאָניעס איז געווען געבויט אויף שקלאַפן־אַרבעט, האָט די אינדוסטריע געמוזט האָבן אַ קוואַל פון „פרייע" הענט פון וואַנען צו ציען איר אַרבעט־קראַפט. „פרייע" אַרבעט איז דער פונדאַמענט פאַר קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע און פּראָפיטן. דער וואוקס אין האַנדל און דער אָנהויב פון אינדוסטריע האָבן געבראַכט צום

*) אַן אויסנאַם זיינען געווען די קאָלאָניעס פון ניו ענגלאַנד. צוליב די שלעכטע באָדן-באַדינגונגען פאַר לאַנדווירטשאַפט, האָט אין ניו ענגלאַנד, גלייכ-צייטיק מיט פאַרמעריי, זיך אַנטוויקלט האַנטווערקעריי און אינדוסטריע, שיף-בויאונג און טעקסטיל-פּראָדוקציע. אין די איבעריקע קאָלאָניעס זיינען ניין-צענטל פון די איינוואוינער געווען באַשעפטיקט ביי ערד-אַרבעט. אין צפון — ניו יאָרק, ניו דזשוירזי — זיינען געווען ווייץ-געגנטן. טאַבאַק איז געפלאַנצט געוואָרן אין דרום.

לעבן דעם אַרבעטער־קלאַס און האָבן איינגאַנצן געענדערט די סאָציאַלע און עקאָנאָמישע כחות־פאַרהעלטעניש, וואָס האָבן געהערשט אין די קאָלאָניעס.

קאַפּיטאַליזם איז געבוירין געוואָרן אין דער נייער וועלט אויפן זעלבן שטייגער ווי אין דער אַלטער היים, נאָר די סביבה איז געווען אַן אַנדערע. אַ ריי באַדינגונגען זיינען אויך געווען אַנדערע ווי אין אייראָפּע. די ריזיקע שטרעקעס פריי לאַנד און דער שטענדיקער שטראָם אימיגראַנטן זיינען געווען די צוויי הויפּט־פאַקטאָרן, פון וועלכע דער אייראָפּייאישער קאַפּיטאַליזם האָט ניט געוואוסט. די צוויי פאַקטאָרן האָבן פון סאַמע אָנהייב באַווירקט די אַנטוויקלונג פון אַרבעטער־קלאַס.

די ערשטע אַרבעט־צעטיילונג

אין די ערשטע צייטן האָט די אינדוסטריע זיך געפונען אין דעם האַנטווערקער־צושטאַנד. יעדער האַנטווערקער איז געווען באַלעבאָס און אַרבעטער צוגלייך. דער שוסטער, צום ביישפּיל, האָט פּראָדוצירט אַ גאַנצן שוך. די געצייג זיינען געווען זיינע, די לעדער האָט ער אַליין איינגעקויפט, די קונים האָט ער אַליין געזוכט גייענדיק פון דאָרף צו דאָרף און פון פאַרם צו פאַרם, אָדער נעמענדיק באַשטעלונגען אין שטאָט. דאָס זעלבע האָבן געטאָן די האַנטווערקער פון די אַנדערע פאַכן. שפּעטער האָט דער שוסטער־האַנטווערקער צוגענומען אַן אַרויסהעלפער, אַ געזעל, און נאָך שפּעטער מער ווי איין אַרויסהעלפער. דערמיט איז ער שוין געוואָרן אַן אַרבעט־געבער, אַ באַלעבאָס. די ערשטע אַרבעט־צעטיילונג אין פּראָדוצירן דעם שוך אָדער דעם מאַנטל איז איינגעפירט געוואָרן ווען דער האַנטווערקער האָט צוגענומען געזעלן און לערן־אינגלעך.

יאָר נאָך יאָר און שריט נאָך שריט איז די האַנטווערקער־אינדוסטריע געוואַקסן, און מיט איר וואוקס האָט זיך אויסגעשיילט אַ קלאַס האַנטווערקער־מייסטערס, וואָס איז ביסלעכווייז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין קאַפּיטאַליסטן. גלייכצייטיק האָט זיך אויסגעשיילט אַ צווייטער קלאַס בעל־מלאכות, געזעלן, וואָס האָבן פאַרקויפט זייער אַרבעט־קראַפט צו מייסטערס. דער שוסטער־האַנטווערקער האָט געעפנט אַ שאַפּ (פאַבריק) ביי זיך אין הויז, גענומען באַשעפטיקן ניט נאָר לערנער, נאָר אויך קוואַליפיצירטע שוסטער, וועמען ער האָט פריער אויסגעלערנט די אַרבעט. פון אָנהויב אַרבעט דער מייסטער אַליין אויך. דער וואַרשטאַט אָבער וואַקסט, דער אומזאַץ פון סחורות ווערט

גרעסער, דער באלעבאס אליין ארבעט שוין ניט. ער גיט זיך אפ מיט קויפן רויע מאטעריאלן און מיט פארקויפן זיינע פראדוקטן. ביסלעכווייז ווערט ער אן ארבעטגעבער־קאפיטאליסט.

די זעלבע געזעצן וואס האבן געטריבן די אנטוויקלונגען פון האנט־ווערקעריי פריער אין אייראפע, האבן אויך געווירקט אין די קאלאניעס. די געזעלן האבן א לענגערע צייט — פונקט ווי אין אייראפע — אייפערזיכטיק אפגעהיט זייערע פאזיציעס ווי קוואליפיצירטע ארבעטער. די צייט פון לערנען זיך א פאך איז פארלענגערט געווארן אויף זיבן יאר. אבער דער וואוקס פון געברויך און די נייע אימיגראנטן, וואס זיינען אנגעקומען מיט יעדער שיף, האבן לאנגזאם און סיסטעמאטיש אומגעווארפן דעם צאם פון שטרענגע רעגולאציעס, וואס די ערשטע געזעלשאפטן פון בעל־מלאכות און געזעלן האבן אויפגעשטעלט. האלב־קוואליפיצירטע געזעלן האבן זיך אריינגעריסן אין די פאכן. די קאנקורענץ, וואס די אויפגעקומענע האנטווערקער־מייסטערס האבן געפירט צווישן זיך, איז געבויט געווען, ווי אלעמאל אונטער קאפי־טאליזם, אויף ביליקערע ארבעט־קאסטן. אריינציען אין פאך די נייע אנ־געקומענע אומקוואליפיצירטע אימיגראנטן האט געמיינט באקומען ביליקערע ארבעט־קראפט און נאך דעם האט זיך געיאגט יעדער זעלבסטשטענדיקער האנטווערקער.

## „פרייע" ארבעטער אונטערדריקט פון געזעץ

די האנטווערקער און זייערע געזעלן זיינען געווען די „פרייע" ארבעטער אין די קאלאניעס, אין אונטערשייד צו די קאנטראקטירטע ארבעטער, וועלכע זיינען געווען אין דער ווירקלעכקייט ווייסע שקלאפן („אינדענטשורד סערוואנטס"). די אויפבליאונג פון דער האנטווערקער־אינדוסטריע האט דורכ־אנאנד פארגרעסערט די צאל „פרייע" ארבעטער.

דאס מיינט ניט, אז די „פרייע" ארבעטער זיינען געווען אינגאנצן פריי און געלעבט אונטער מענטשלעכע באדינגונגען. די פעאדאלע הערשער פון די קאלאניעס האבן שוין אכטונג געגעבן, אז די ארבעטער זאלן זיין געצאמט אין זייערע באוועגונגען און זאלן ניט קריגן „צופיל" לוין. איבעריק צו זאגן, אז די ארבעטער האבן ניט פארמאגט קיין פאליטישע רעכט און אויך ניט קיין פולע בירגערלעכע רעכט. דער פאקט וואס די קאלאניעס זיינען באהערשט געווארן פון די לאנדווירטשאפטלעכע אינטערעסן, די פריצים, וועלכע האבן געזען אין דער יונגער האנטווערקער־אינדוסטריע א שטערונג

צו קריגן גענוג און ביליקע ארבעטער־הענט פאר זייערע פארמס און פלאנ־טאציעס, האט גערווירקט צו מאכן די לאגע פון די ארבעטער שווערער. עס זיינען געווען פאלן, ווען די שטאטישע ארבעטער זיינען געצוואונגען געוואָרן אין שניט־צייט צו גיין ארבעטן אויפן לאנד.

„מאסאטשוזעטס, וואס האט אין 1646 געפילט א מאנגל אין ערד-ארבעטער, האט דורכגעפירט א געזעץ, וואס האט איבער גוואלד איינגעשפאנט אלע אר-בעטער און געזעלן אין דעם שניט אויף די פעלדער. ווירדזשיניע, ווידער, וואו לאנדווירטשאפט האט פארגעשטעלט מיט זיך א בעסערע געלעגנהייט פאר פראפיטן און לוין ווי די האנטווערקער-אינדוסטריע, האט ארויסגעגעבן א געזעץ, וואס האט געצוואונגען א ריי פאכן זיך אפצוגעבן נאר מיט זייער ארבעט און זיי פארבאטן זיך צורירן צו באארבעטן דעם באדן.” (געשיכטע פון ארבעט אין די פאראייניקטע שטאטן, קאמאנס און ארויסהעלפער, ז. 43.)

דערמיט זיינען די רעגולאציעס קעגן ארבעטער און געזעלן ניט געווען אויסגעשעפט. די געזעץ־געבער אין די קאלאניעס האבן זיך געמישט אויך אין די ארבעט־באדינגונגען און מיטן כח פון געזעץ אויפגעהאלטן א נידעריקן לוין. אזוי האט מאסאטשוזעטס דורכגעפירט א געזעץ אין 1630, אז א געזעל טאר ניט קריגן מער ווי צוויי שילינגען א טאג. א יאר נאכדעם איז אין מאסאטשוזעטס געוואָרן א מאנגל אין ארבעטער און דאס געזעץ איז אפ־געשאפט געוואָרן. די איינצלנע שטאט־רעגירונגען האבן געקראגן דאס רעכט צו רעגולירן דעם לוין דורך ספעציעלע קאמיסיעס. אזוי ווי די ארבעטער זיינען בארויבט געווען פון פאליטישע רעכט האבן די קאמיסיעס געהאנדלט צום גונסטן די ארבעטגעבער. ווען אן ארבעטגעבער האט פארלעצט דעם מינימום־לוין געזעץ, האט מען אים גארניט געטאן. דער ארבעטער איז אבער שטרענג באשטראפט געוואָרן פאר יעדער פארלעצונג. עס איז טשיקאווע צו פארצייכענען, אז אין 1640, ווען פרייזן אויף לעבנס־מיטלען זיינען גע־פאלן און עס איז געוואָרן א געפאר אז די ארבעטער וועלן פארדינען צופיל, האט דאס די זעלבע מאסאטשוזעטס געזעצגעבונג ארויסגעגעבן א געזעץ, וואס צווינגט די ארבעטער ארונטערצולאזן פון זייער פארדינסט אין איינקלאנג מיט די געפאלענע פרייזן. די וועלכע האבן ניט אויסגעפאלגט דעם געזעץ זיינען שטרענג באשטראפט געוואָרן.

## ווי האט זיך געלעבט די „פרייע“ ארבעטער

קאנקורענץ אויפן ארבעט־מארק האט געמאכט די לאגע פונם פרייען ארבעטער שווער גענוג. די ארבעט-באדינגונגען האבן עס געמאכט

פיל שווערער. די ארבעט־צייט איז געווען פון זונען־אויפגאנג ביז זונען־אונטערגאנג, זומער. ווינטער האט אן ארבעטער פארדינט ווייניקער פון זומער. דער ארבעטער איז באצאלט געווארן ניט רעגלמעסיק און ניט פינקטלעך. און אויב ער איז איינגאנצן ניט באצאלט געווארן האט דער ארבעטער ניט געקענט מאנען זיין לוין פון די סחורות וואס ער האט פראדוצירט. ווידער, פארקערט, אויב דער ארבעטער האט געהאט דעם אומגליק אריינצופאלן אין א חוב, מעג עס זיין אזוי קליין ווי עטלעכע סענט, האט דער קרעדיטאר געקענט אפרייסן אים פון זיין פאמיליע, אים אריינווארפן אין טורמע און האלטן אים דארטן אזוי לאנג, ביז וואנען דער חוב מיט א צוגאב פון די אויסגאבן פאר דער אויפהאלטונג אין טורמע, זיינען אויסגעצאלט געווארן, אדער ביז וואנען דער ארבעטער איז געשטארבן אין טורמע פון הונגער אדער קראנקהייט. (פראפעסאר מעקמאסטער, די דערווערבונג פון פאליטישע, סאציאלע און אינדוסטריעלע רעכטן, זייטן 32-35.)

איינגעפונדעוועט אין רייכטימער האט דער קלאס גוטבאזיצער געקוקט פון אויבן ארונטער און מיט אומצופרידנקייט אויף די פארמער און ארבעטער־שיכטן. פון דער צווייטער זייט, דער פארם־ארבעטער וואס האט געפראצעוועט 16 שטונדן א טאג, פאר 40 סענט, דער סטאליער וואס האט געארבעט פון זונען־אויפגאנג ביז זונען־אונטערגאנג פאר 52 סענט א טאג, דער שוסטער וואס האט א גאנצן לאנגן טאג אריינגעקלאפט טשוועקלעך פאר 73 סענט און דער שמיד וואס האט פאר א טאג שווערער הארעוואניע באקומען 70 סענט, האבן איבערגעטראכט וועגן דער גרויסער אומגערעכטיקייט מיט וועלכער זיי ווערן באהאנדלט. זיי דארפן שוויצן א גאנצן לעבן ביי ארנטלעכער ארבעט און פראדוצירן נוצלעכע זאכן און פארבלייבן אין ארעמקייט, ווען געציילטע מענטשן האבן דורך קארופציע אריינגעכאפט ריזיקע שטרעקעס לאנד און צענדליקער טויזנט פונט שטערלינג. גוסטאוואוס מייערס, געשיכטע פון די ריזיקע פארמעגנס, ערשטער באנד, זייטן 33-36.)

דער לייענער דארף האבן אינזינען, אז אן ענגלישער סענט איז געווען א סך נידעריקער אין ווערט ווי דער סענט שפעטער, נאכדעם ווי אמעריקע איז געווארן אומאפהענגיק. צוזאמען מיט די שרעקלעך־לאנגע שטונדן און רעכטלאזיקייט האט עס געשאפן אן אומדערטרעגלעכע לאגע פאר די ארבעטער אין שטאט און אויף דער פארם. זוכנדיק אן אויסוועג זיינען פיל ארבעטער אנטלאפן אין די וועלדער און ווייטע וועגן, זיך ארגאניזירט אין גרופעס, וועלכע זיינען באפאלן רייכע מענטשן און באגאנגען אנדערע פאר־

ברעכנס געגן פּריוואַט־אייגנטום. די געזעצן אין די קאָלאָניעס זיינען געווען אויסערגעוויינטלעך הארב געגן די וועלכע האָבן געהויבן אַ האַנט געגן דעם הייליקן פּריוואַט־אייגנטום. עס זיינען געווען קאָלאָניעס — שפּעטער שוין שטאַטן — וואו פאַר גנבענען אַ פערד איז געקומען טויט־שטראָף. אַ סך קאָלאָניעס האָבן פּראַקטיצירט עפנטלעכע שמיץ פאַר מינדערוויכטיקע פאַר־ברעכנס. גנבים האָט מען אויסגעברענט בוכשטאַבן אויף די הענט, אַקסלען און באַקן. יעדער אויסגעברענטער בוכשטאַב איז געווען דער אָנהויב פון דעם וואָרט וואָס האָט באַצייכנט דעם געוויסן פאַרברעכן. אין פּענסילווייניע האָבן אָרעמע מענטשן וואָס האָבן געמוזט אָנקומען צו צדקה באַדאַרפט טראָגן אויף זייער אַרבל אַ גרויסן בוכשטאַב צו באַצייכענען אַז זיי זיינען אָרעמעלייט. אויפן פּאַפּיר איז דאָס געזעץ געווען גלייך פאַר אָרעם און רייך. אין דער פּראַקטיק זיינען די רייכע געשטאַנען איבער דעם געזעץ.
„אין די קירכן האָבן די פּוריטאַנישע קאָלאָניסטן אונטערטעניק געבעטן צו גאָט, דער פאָטער פון אַלע מענטשן — שרייבט מייערס — אָבער אין טאָג־טעגלעכן לעבן האָבן די רייכע ניט פּראַקטיצירט די קריסטלעכע אונטער־טעניקייט. די סוחרים האָבן נאָכגעמאַכט די גוטבאַזיצער. כמעט יעדער סוחר האָט געהאַט עטלעכע קאָנטראַקטירטע אַרבעטער וואָס זיינען פּאַקטיש געווען זיינע שקלאַפן פאַר דער צייט פון זייער קאָנטראַקט. אָרעמע אינגלעך און מיידלעך און דערוואַקסענע זיינען אַריינגעטריבן געוואָרן אין שקלאַפעריי.”

## מאַסן באַרויבט פון פּאָליטישע רעכט

שווער איז אויך געווען די פּאָליטישע און סאָציאַלע לאַגע פון די אַרבעטער און אָרעמע פאַרמער. זיי האָבן ניט פאַרמאָגט קיין פּאָליטישע רעכט. דער באַזיץ פון אייגנטום איז געווען אַ פאַרבאַדינג אָנטיילצונעמען אין די וואַלן. אין די פאַרשיידענע קאָלאָניעס איז די אייגנטום־פאָדערונג געווען פאַרשיידן. אין ניו דזשוירזי האָט מען געמוזט פאַרמאָגן 200 אַקער לאַנד אָדער 50 פונט שטערלינג צו באַזיצן שטים־רעכט. אין ניו יאָרק האָבן נאָר אייגנטימער פון הייזער אָדער געשעפטן געקענט שטימען. דערוויילט צו ווערן, האָט זיך אין די מערסטע קאָלאָניעס געפאָדערט נאָך אַ העכערער אייגנטום־באַזיץ, ווי אַ גוט מיט שקלאַפן אין די דרום־קאָלאָניעס.

די אַריסטאָקראַטיע האָט געקוקט מיט אָפענער פאַראַכטונג אויף פיזישער אַרבעט. „ווער עס פאַרמאָגט אַ מאַרך — דער אַרבעט ניט” איז געווען דאָס ווערטל צווישן די רייכע. אַ גאַנצע פילאָזאָפיע איז אַנטשטאַנען צו באַ־

רעכטיקן די רויבעריי פון די האַרעפּאַשנע מאַסן. ווי באַלד אַז נאָר די רייכע פאַרמאָגן אַ מאַרק זיינען זיי די איינציקע וואָס זיינען פּייאיק אָנצופירן מיט דער מלוכה־שיף. ווי קומען אָרעמע אַרבעטער און פאַרמער צו וויסן פון דער אײדעלער קונסט פון געזעצגעבונג און פאַרוואַלטונג?

די אָפיציעלע געשיכטע פון יענעם פּעריאָד גיט כמעט ניט קיין שום אינפאָרמאַציע וועגן דעם וויִדערשטאַנד וואָס די אַרבעטער האָבן אַרויס־געוויזן געגן זייער אומדערטרעגלעכער לאַגע. מיר ווייסן, אַז ווייסע און שוואַרצע שקלאַפן זיינען אין פאַרצווייפלונג אַנטלאָפן אין די וועלדער און דורך גוואַלדטאַט־אַקטן געזוכט נעמען נקמה פון זייערע אונטערדריקער. אָבער פון אָרגאַניזירטע אַרבעטער־אַרויסטרעטונגען ווייסן מיר ניט. ערב דער רעוואָלוציע האָבן די אַרבעטער ניט געהאַט קיינע אָרגאַניזאַציעס צו פאַר־טיידיקן זייערע אינטערעסן. די האַנטווערקער־געזעלשאַפטן וואָס האָבן עק־זיסטירט, זיינען באַהערשט געוואָרן פון די מייסטער, וואָס האָבן זיך פאַר־אייניקט אויפצוהאַלטן פּרייזן, רעגולירן דעם מאַרק, געגנזייטיקע הילף א.ד.ג. די געזעלן האָבן זיי געהאָלפן מיט דעם גלויבן, אַז רעגולירן דעם מאַרק איז אַ הילף צו סטאַביליזירן דעם לוין.

דער איינצלנער אַרבעטער איז געווען אָנגעוויזן אויף זיין געשולטקייט צו פאַרדינען אַ שטיקל ברויט פאַר זיין פאַמיליע. דער שטייגנדיקער געברויך פון פּראָדוקטן האָט געווירקט צו פאַרשפּרייטן אַ סך האָפענונגען צווישן די געזעלן אַרויפצואַרבעטן זיך צו זעלבסטשטענדיקע מייסטער. קיין גרויסע וואַרשטאַטן זיינען ניט געווען, קיין מאַשינען אויך ניט, אויסער געוויינטלעכע האַנט־געצייג. דער אַרבעטער האָט דעריבער זאָרגפעלטיק אַכטונג געגעבן, אַז דער ווערט פון זיין געשולטקייט זאָל ניט געמינערט ווערן. אַ ריי באַ־שרענקונגען געגן לערנער און אַרויסהעלפער זיינען געווען די גאַראַנטיעס פאַר דער עקזיסטענץ פון דעם קוואַליפיצירטן אַרבעטער.

## בונטן פון אָרעמע פאַרמער גרויזאַם דערשטיקט

אַ צווייטער עקספּלואַטירטער שיכט פון דער באַפעלקערונג, די אָרעמע פאַרמער, האָבן יאָ אָנגעפירט אַ בלוטיקן קאַמף געגן זייערע אונטערדריקער. דאָס זיינען געווען די אַזוי־גערופענע פּיאָנערן, וואָס האָבן זיך גערוקט וויטער פון אַטלאַנטישן ים־ברעג און טיפער אין לאַנד צו דער מערב־זייט. נאָך שווערע און פאַרצוויגענע קאַמפן מיט די אינדיאַנער, זיינען די פּיאָנערן אַרונטערגעפאַלן אונטער דעם קנאַפל פון די גרויסע גוט־באַזיצער, וואָס האָבן צוגענומען דאָס לאַנד אָדער אַרויפגעלייגט אויף זיי שווערע שטייערן.

אין א ריי קאָלאָניעס, באַזונדערס אין ווירדזשיניע און נאָרט קאַראָליינע, זיינען אויסגעבראָכן גרויסע פּויערים־רעוואָלטן, וואָס זיינען אונטערדריקט געוואָרן מיט אויסערגעוויינטלעכער בלוט־דורשטיקייט און גרויזאַמקייט. אין ניו יאָרק איז אַזאַ פּויערים־רעוואָלט, געשטיצט פון די אַרבעטער, האַנט־ווערקער און אָרעמשאַפט אין די שטעט, אויסגעבראָכן אין 1689. דער רעוואָלט איז געפירט געוואָרן פון דזשייקאָב לייזלער. פון אָנהויב זיינען די רעבעלן געווען דערפאָלגרייך און אַרונטערגעזעצט דעם ענגלישן גאָווערנאָר. שפּעטער זיינען געקומען נאָך סאָלדאַטן פון ענגלאַנד. אַזוי ווי דער רעוואָלט איז געווען אַ לאָקאַלער, איז די ענגלישע סאָלדאַטן ניט אָנגעקומען צו שווער אים צו דערשטיקן. לייזלער איז הינגעריכטעט געוואָרן.



בירגער פאַרטרייבן ענגלישע ריכטער

די מאַסן אין די פּוריטאַנישע קאָלאָניעס זיינען געהאַלטן געוואָרן אין אומוויסנהייט און פינצטערניש. דער הערשנדיקער קלאַס האָט באַוואוסט־זיניק געשטרעבט אָפּצושניידן די אָרעמע שיכטן פון וועלכער עס איז

בילדונג און אויפקלערונג. גאווערנאר בערקלי, וואס האט הינגעריכטעט טויזנטער רעבעלן אין ווירדזשיניע אין דעם פויערים־אויפשטאנד געפירט פון בייקאן אין 1676, האט אין א באריכט צו דער רעגירונג אין ענגלאנד אין 1670 געשריבן :

„איך דאנק גאט וואס מיר האבן ניט קיין פרייע שולן און קיין דרוקע־רייען און איך האף, אז מיר וועלן זיי ניט האבן פאר הונדערטער יארן. וויסן האט געבראכט אומגעהארכזאמקייט און גאטלאזיקייט אויף דער וועלט. דרוקערייען האבן ביידע זאכן פארשפרייט. דרוקערייען העצן געגן דער בעסטער רעגירונג. היט אונז, גאט, פון פרייע שולן און פון דרוקערייען.״
(סיימאנס, סאשעל פארסעס אין אמעריקען היסטארי, זייט 48.)

דער ענגלישער גאווערנאר האט אויסגעדריקט די פעסטע מיינונג פון די גוטבאזיצער אין זיין קאלאניע און אין די איבעריקע דרום־קאלאניעס. די גוטבאזיצער האבן טאקע געזען, אז גאט זאל אויסהיטן די ארעמע מענטשן פון שולן און פון דרוקערייען.

דאס איז געווען דער עקאנאמישער, פאליטישער און סאציאלער הינטער־גרונט אין די 13 קאלאניעס, ווען די רעוואלוציע געגן ענגלישער הערשאפט האט אויסגעבראכן אין אפריל 19, 1775.

## דריטער קאַפּיטל

# דער רעוואָלוציאָנערער קריג געגן ענגלאַנד

קריג געפירט פון דער בורזשואַזיע און געשטיצט פון פּראָסטן, אָרעמען פאָלק.—דראַנג נאָך פרייען לאַנד אין מערב טרייבט פאַרמער אין דער רעוואָלוציאָנערער אַרמיי.— די טיפע ווידערשפּרוכן צווישן ענגלישן הערשנדיקן קלאַס און דער בורזשואַזיע אין די קאָלאָניעס. — ענגלישע „וויגס" שטיצן רעוואָלוציאָנערן. — רעוואָלוציאָנערער קריג טראָגט כאַראַקטער פון בירגער-קריג. — פאַרמער און אַרבעטער ברייגנען די קרבנות און די בורזשואַזיע און די גוט-באַזיצער נעמען צו פּרוכט פון זיג. — מאַסן אַנטוישט און אָפּגענאַרט.

דער רעוואָלוציאָנערער קריג געגן ענגלאַנד (אַפּריל 1775 ביז מערץ 1783) איז אַרויסגערופן און אָנגעפירט געוואָרן פון דער אַמעריקאַנישער פּראָפיטן־זשעדנער בורזשואַזיע צוזאַמען מיט אַ טייל פון די גוט־באַזיצער. אַ באַדייטנדיקער טייל פון דער לאַנד־אַריסטאָקראַטיע האָט געהערט צו די ראָיאַליסטן (אָנהענגער פון דער ענגלישער הערשאַפט).

דער פאַקט וואָס די גאַנצע אָנפירונג פון דעם קריג איז געלעגן אין די הענט פון די קאַפּיטאַליסטן און סוחרים, צוזאַמען מיט דער שטיצע וואָס די אַמעריקאַנישע רעוואָלוציאָנערן האָבן געקראָגן פון די ענגלישע „וויגס" (די פּאַרטיי פון דער בורזשואַזיע וואָס האָט באַקעמפט די „טאָרים", די פּאַרטיי פון דער ענגלישער לאַנד־אַריסטאָקראַטיע), האָט ביי געוויסע היסטאָריקער פאַרטושט דעם טיפן אינטערעס וואָס די מאַסן האָבן אַרויסגעוויזן צו דער רעוואָלוציע געגן ענגלאַנד און די גרויסע האָפענונגען וואָס זיי האָבן געלייגט אויף איר זיג.*)

*) אין די קאָלאָניעס האָבן אויך עקזיסטירט צוויי פּאָליטישע פּאַרטייען, די טאָרים און די וויגס. די נעמען זיינען מעכאַניש אַריבערגעפלאַנצט געוואָרן פון דער „מוטער" ענגלאַנד, וואו די צוויי פּאַרטייען האָבן פאַרטראָטן געגנזעצלעכע אינ-טערעסן. אויך אין די קאָלאָניעס זיינען די טאָרים געווען די לאַנד-באַזיצער און די וויגס די האַנדל-קרייזן. אין די קאָלאָניעס, וואו דאָס פּאָליטישע לעבן איז געווען זייער אָרעם, האָבן די פּאַרטייען ניט פאַרנומען קיין וויכטיקן פּלאַץ. ערשט דער רעוואָלוציאָנערער קריג, וואָס האָט אַקטיוויזירט די באַפעלקערונג, האָט צעפלאַקערט

ערב דעם רעוואָלוציאָנערן קריג זיינען די קאָלאָניעס געווען אין זייער איבערוועגנדיקן כאַראַקטער אַגראַר־באַפעלקערונגען. דער ערשטער צענזוס נאָך דעם זיג איבער ענגלאַנד האָט געוויזן, אַז דאָס לאַנד פאַרמאָגט 3,929,214 איינוואוינער, דערפון געפינט זיך אין שטעט פון איבער 8 טויזנט מענטשן נאָר 3.3 פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג. דאָס שטעלט אַרויס די פאַראייניקטע שטאַטן ווי איינע פון די סאַמע אויסגעשפּראָכענע אַגראַר־לענדער אין יענער צייט. אין פראַנקרייך, ערב דער גרויסער רעוואָלוציע (1887), האָט די שטאָטישע באַפעלקערונג באַטראָפן 9 פּראָצענט. אין ענגלאַנד, האָט לאָנדאָן אַליין פאַרמאָגט צען פּראָצענט פון דער גאַנצער באַפעלקערונג. ווען דער קריג געגן ענגלאַנד איז אויסגעבראָכן, האָבן די קאָלאָניעס פאַרמאָגט קוים דריי פּראָצענט איינוואוינער אין שטעט. נאָר פינף שטעט האָבן געציילט אַכט טויזנט און מער איינוואוינער. פון די פינף, זיינען דריי געווען פאַררעכנט פאַר גרויסע שטעט, באָסטאָן און פילאַדעלפיע צו 25,000 און ניו יאָרק 15,000 איינוואוינער. די קלענערע שטעטלעך האָבן זיך ווייניק וואָס אונטערשיידט אין זייער ווירטשאַפט פון די דערפער. די איינוואוינער האָבן באַאַרבעט קליינע פעלדער און גערטנער און אַליין פּראָדוצירט די וויכטיקסטע לעבנס־מיטלען.

די שטאָטישע באַפעלקערונג האָט ניט געציילט מער ווי אַרום 100,000 מענטשן. דערצו דאַרף מען האָבן אין זינען, אַז די שטעט זיינען געווען אויסער האַנדל־פונקטן אויך אַדמיניסטראַטיווע צענטרען פון דער ענגלישער רעגירונג. אין די שטעט זיינען געווען קאָנצענטרירט אַלע ענגלישע באַאַמטע, פון גובערנאַטאָר ביז דעם קלענסטן שטייער־מאָנער. די ענגלישע גובערנאַטאָרן האָבן אָנגעהאַלטן ענגע באַציאונגען מיט דער גאָר גרויסער לאַנד־אַריסטאָקראַטיע און האָבן באַשיצט אירע אינטערעסן יעדעס מאָל, ווען זיי האָבן זיך צוזאַמענגעשטויסן מיט די אינטערעסן פון דער האַנדל־בורזשואַזיע. דער טייל פון דער באַפעלקערונג איז דעריבער געשטאַנען מיט ענגלאַנד.

### שטאָטישע אָרעמשאַפט צו קליין צו שפּילן אַ ראָל אין קריג

מיט אַ שטאָטישער באַפעלקערונג פון הונדערט טויזנט, וואָס האָט שוין אויך אַריינגענומען די ענגלישע באַאַמטע, האָט ניט געקאָנט זיין קיין רייד

דעם קאַמף צווישן די צוויי פּאַרטייען. דער זיג פון די רעוואָלוציאָנערן האָט פאַרניכטעט די טאָרי-פּאַרטיי. די שפּעטערדיקע פּאָליטישע צעטיילונג איז געווען די פעדעראַליסטן און די רעפּובליקאַנער.

אַז די שטאַטישע אָרעמשאַפט, בעל־מלאכות, אַרבעטער און קליינע סוחרים זאָלן אויסאיבן אַן איינפלוס אויף דער רעוואָלוציע געגן ענגלאַנד. זיי האָבן געליפערט דאָס קאַנאָנען־פליייש פאַר דעם קריג. די פּאָליטיק איז אויסגעשמידט געוואָרן פון דער בורזשואַזיע מיט דעם טייל גוט־באַזיצער, ווי וואַשינגטאָן, וואָס איז צוגעשטאַנען צו די רעוואָלוציאָנערן.

די ערשטע רעוואָלוציאָנערע אַרמיי איז געווען אַ פּריוויליקע. פון וואַנען איז זי געקומען, וועלכע טיילן פון דער באַפעלקערונג האָבן פּריוויליק גע־שטראָמט אין דער רעוואָלוציאָנערער אַרמיי צו נעמען וואָפן געגן דער ענג־לישער הערשאַפט?

דאָ דערנענטערן מיר זיך צו אַ פאַקטאָר, וואָס האָט געשפּילט אַ גרויסע כאָטש אַ פאַרבאָרגענע ראָל אין דער רעוואָלוציע. די פראַגע פון עפענען און באַזעצן דאָס פרייע לאַנד, צו מערב פון די אַלעגייני־בערג און פון קאָנפיסקירן די גרויסע שטרעקעס לאַנד פון די אַריסטאָקראַטן.

די פּאָליטיק פון דער ענגלישער רעגירונג אין די קאָלאָניעס איז באַ־שטאַנען אין שטיצן די פּוטער־סוחרים, וואָס זיינען פאַראינטערעסירט געווען אָנצוהאַלטן די געדיכטע וועלדער אין די ברייטע פּריירים (סטעפּעס) אין זייער פּרימיטיוון צושטאַנד. די ענגלישע גובערנאַטאָרן האָבן געשטערט די אויס־וואַנדערונג אין מערב. זיי האָבן אויך געהאַט אין זינען צו באַשיצן די וועלדער, פון וואַנען דער ענגלישער פלאָט האָט באַצויגן זיין בוי־מאַטעריאַל. זיי האָבן זיך אויך געשראָקן, אַז אַ קאָלאָניזאַציע צו מערב פון די אַלעגייני־בערג וועט מאַכן אוממעגלעך פאַר דעם קליינעם ענגלישן גאַרניזאָן אויפ־צוהאַלטן די ענגלישע קרוין־הערשאַפט איבער דעם גרויסן לאַנד. די באָדן־אויסגעהונגערטע פאַרמער, ערענדאַטאָרן און טאָג־אַרבעטער (באַט־ראַקעס) האָבן דעריבער באַטראַכט די רעוואָלוציע געגן דער ענגלישער קרוין ווי אַ קאַמף פאַר די ריזיקע שטח־עקעס פרייע לאַנד, צו וועלכע זיי האָבן זיך אומגעדולדיק אָבער אָן דערפאָלג געצויגן.

### אָרעמע פאַרמער אין ניו־ענגלאַנד רייסן זיך צו פרייע לאַנד

צוליב אַ ריי קלימאַטישע אורזאַכן, איז ניו־ענגלאַנד געוואָרן באַזעצט פון קליינע זעלבסטשטענדיקע פאַרמער אין אונטערשייד פון די אַנדערע קאָלאָניעס, וואו דער באָדן איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון די גרויסע באַזיצער. ניו־ענגלאַנד (ניי ענגלאַנד) פאַרמאָגט ניט קיין צו פרוכטבאַרע לאַנד. דער באָדן ביים ים גייט באַרג אַרונטער און איז האַרט און שטייניק. די פאַר־

בינדונגען זיינען שווערע צוליב דעם מאנגל אין טייכן. די באפעלקערונג האט זיך דעריבער געמוזט אפגעבן מיט האנטווערקעריי, פישעריי און האנדל. די גרויסע לאנד־קאמפאניעס האבן אויסגעלאזט די ניו־ענגלאנד קאלאניעס, ווייל עס האט זיך זיי ניט געלוינט צו קולטיווירן דעם שווערן באדן. דער האנדל מיט אייראפע האט ארויסגערוקט א מעכטיקן שיכט קאנטראבאנדיסטן וואס האבן אויסגעמיטן די שווערע טאריף־צאלונגען, וואס ענגלאנד האט ארויפגעלייגט אויף א ריי סחורות.

די ספעציעלע אייגנטימלעכקייטן האבן פארוואנדלט ניו־ענגלאנד, באזונדערס מאסאטשוזעטס, אין דעם וויגעלע פון דער טעקסטיל־אינדוסטריע, די ערשטע קאפיטאליסטישע אינדוסטריע אין אמעריקע. דאס האט אויך געבראכט דערצו אז די ארעמע פארמער אין ניו־ענגלאנד זיינען געווארן די טרעגער פון דעם רעוואלט געגן ענגלישער אונטערדריקונג. דאס האבן זיי מיט באגייסטערונג געענטפערט דעם רוף פון די קאנגרעס־פירער. בכלל איז וואשינגטאנס ארמיי געווען הויפטזאכלעך א פויערים־ארמיי, וואס איז געגאנגען זיך שלאגן מיט איין הויפט־ציל פאר די אויגן: פרייע לאנד אין מערב. נאר די אפיצערן זיינען געווען רייכע זין, די סאלדאטן זיינען באשטאנען פון הארעפשאנעם פאלק פון די פארמס און שטעט.

דער היסטאריקער דזש. דזשיימסאן, שרייבנדיק וועגן דעם סאציאלן באשטאנד פון דער רעוואלוציאנערער ארמיי, קומט צום פאלגנדיקן שלום:

> „ביי אן אלזייטיקער אויספארשונג ווערט קלאר, אז אין דער מערהייט פון די קאלאניעס איז דער כח פון דער רעוואלוציאנערער פארטיי געלעגן אין פראסטן פאלק, אין געגנזאץ צו דער אריסטאקראטיע. די כוחות זיינען געלעגן אין דעם ענערגישן ארעמען פויערטום, קליינע פארמער און גרענעץ־איינוואוינער.” (דזש. דזשיימסאן, די אמעריקאן רעוואלושאן קאנסידערד עז עי סאשעל מואוומענט, זייט 25.)

ביי די רייכע איז דער צענטער פון קאמף געלעגן אין די באזעצטע צפון־מזרח קאלאניעס. ביי די פאלק־מאסן איז דער צענטער געלעגן אין די אומבאזעצטע שטרעקעס לאנד אין מערב.

די פאלק־מאסן האבן געהאפט אויף דער עקספראפריאציע פון דעם לאנד וואס באלאנגט צו דער ענגלישער קרוין און צו די אריסטאקראטן־ראיאליסטן. צוליב דער האפענונג האבן זיי געליטן הונגער און קעלט, מארשירט לאנגע שטרעקעס אן שטיוול און אריבערגעטראגן די גרויזאמקייט פון די רייכע אפיצערן און די קרבנות פון קריג. אויסגעלאזט האט זיך, אז דאס קרוין־לאנד און דאס לאנד פון די ראיאליסטן האבן ארייגעקראגן די קאלאניעס, איצט שטאט־

רעגירונגען. אין שפּיץ פון די שטאַט־רעגירונגען זיינען געשטאַנען קאַפּי־טאַליסטן, האָבן זיי פאַרכאַפּט וואָס עס האָט זיך געלאָזט פאַרכאַפּן. פון־דעסטוועגן איז דאָס מערב־לאַנד געעפנט געוואָרן פאַר קאָלאָניזאַציע.

די געגנזאַצן אין ענגלאַנד העלפן די קאָלאָניעס

דער דירעקטער שטויס צו דער רעוואָלוציע איז געווען די דריקנדיקע שטייערן און די בלאָקאַדע וואָס די ענגלישע רעגירונג האָט אַרויפגעלייגט אויף געוויסע סחורות וואָס די קאָלאָניעס האָבן געמוזט אימפּאָרטירן פון ענגלאַנד, באַזונדערס אויף טיי, אַ פּאָפּולערער פּראָדוקט דעמאָלט אין אַמעריקע. דאָס האָט געטראָפן די סוחרים און קאָנטראַבאַנדיסטן. די גרעסטע און אַנטשיידנ־סטע אורזאַך איז געווען די טיפע ווידערשפּרוכן וואָס האָבן זיך אָנגעקליבן צווישן די הערשנדיקע קלאַסן אין די קאָלאָניעס און אין ענגלאַנד. די ווידער־שפּרוכן האָבן זיך געדרייט ווי אַ קנויל און דורכגעשניטן די אינטערעסן פון געוויסע גרופּעס אין זעלבן קלאַס. אַזוי, צום ביישפּיל, זיינען די פּוטער־סוחרים אין די קאָלאָניעס געווען מיט ענגלאַנד און די סימפּאַטיעס פון די ענגלישע קאַ־פּיטאַליסטן, וואָס באַציען רויכוואַרג, זיינען געווען מיט דער אַריסטאָקראַטיע און ניט מיט זייער בורזשואַזיע. אָבער אין גרונט גענומען איז די ליניע געווען אַ קלאָרע. די האַנדל־קרייזן און די בורזשואַזיע מיט אַ טייל גוט־באַזיצער, די גיט־גאָר־גרויסע, אין די קאָלאָניעס זיינען געווען פאַר זעלבסטשטענדיקייט. די הויכע אַריסטאָקראַטיע איז געווען פאַר ענגלאַנד. אין ענגלאַנד, ווידער, איז די צעטיילונג אויך געווען שאַרף. די לאַנד־אַריסטאָקראַטיע די טאָרים, האָבן געשטופּט דעם קריג איינצונעמען די רעבעלן. די בורזשואַזיע, די וויגס, האָבן סימפּאַטיזירט מיט די אַמעריקאַנישע רעוואָלוציאָנערן. די ענגלישע בורזשואַזיע האָט געזען אין די קאָלאָניעס אַן אויפגייענדיקן מאַרק פאַר איר אינדוסטריע. די ענגלישע בורזשואַזיע האָט געגלויבט אין פרייען האַנדל און האָט זיך פאַרלאָזט אויף איר העכערער טעכנישער אַנטוויקלונג צו באַזיגן אינדוסטריעל און פינאַנציעל די פרייע שטאַטן אין אַמעריקע. די טאָרים, ווידער, האָבן געזוכט אַ קאָלאָניע פון וואַנען צו רייסן שווערע שטייערן, שיקן זייערע זין פאַר הויכע באַאַמטע און הויפּטזאַכלעך אויפהאַלטן גרויסע גיטער, וואָס זיי האָבן באַקומען אומזיסט פון קעניג. דאָס אַליין האָט געפירט דערצו, אַז שטרעבנדיק אָפּצושוואַכן די לאַנד־אַריסטאָקראַטיע, האָבן די ענגלישע בורזשואַזע קרייזן געזוכט צו העלפן די רעבעלירנדיקע דרייצן קאָלאָניעס אויף יענער זייט אַטלאַנטישן אָקעאַן.

פיל היסטאריקער אויף בײדע זײטן ים זײנען גענויגט צו גלויבן, אז די ערשטע װיכטיקע זיגן װאס די רעװאלוציאנערע ארמײ האט אפגעהאלטן איבערן ענגלישן מיליטער, האבן ניט געשטאמט פון די העכערע מיליטערישע כוחות װאס די רעװאלוציאנערן האבן כלומרשט ארויסגעשטעלט. די היסטאריקער זאגן אפן, אז דער העכסטער ענגלישער קאמאנדיר, גענעראל האו, איז געװען א טרײער „װיג״ און ער האט אומיסטן און אויסגערעכנטערהײט געלאזט די קאלאניסטן אפהאלטן זיגן. האו האט דורכגעפירט דעם פארלאנג פון זײנע פאליטישע פרײנט אין לאנדאן. דער קאמף געגן דער ענגלישער הערשאפט װאס די קאלאניעס האבן געפירט איז ענג פארקניפט געװארן מיט דעם אינערלעכן קאמף אין דער „מוטער״ ענגלאנד צװישן דער לאנד־אריסטאקראטיע און דער בורזשואזיע. דער רעװאלוציאנערער קריג איז — לויט דער אנװײזונג פון אײניקע היסטאריקער — גלײכצײטיק געװען א פאליטישער בירגער־קריג אין ענגלאנד (װיליאם מײערס, די רעפאבליקען פארטי, זײט 11). אין דער זעלבער צײט איז דער רעװאלוציאנערער קריג געװען ניט בלויז א באפרײאונג־קאמף געגן ענגלאנד, נאר אויך א בירגער־קריג אין אמעריקע גופא. דער היסטאריקער א. מעקלאפלין דריקט זיך אויס:

„די רעװאלוציע, אויב מען װיל זי ריכטיק פארשטײן, איז פיל מער װי זיך אפרײסן פון ענגלאנד און פיל מער װי די ארגאניזירונג פון די אזוי־גערופענע פרײע אינסטיטוציעס אויפן פלאץ פון די מאנארכיסטישע. מיר דארפן געדענקען, אז די רעװאלוציע איז געװען א בירגער-קריג.״ (זאמלבוך: סאשעל ענד עקאנאמיק פארטים אין אמעריקאן היסטארי, זײט 139.)

לענין האט באטראכט דעם רעװאלוציאנערן קריג װי אײנער פון די סאמע גרעסטע געשעענישן אין דעם סוף פון דעם 18טן יארהונדערט.

„די געשיכטע פון דער נײסטער, ציװיליזירטער אמעריקע — זאגט לענין — הײבט זיך אן מיט אײנער פון יענע גרויסע, װירקלעך־באפרײענדיקע, װירקלעך־רעװאלוציאנערע מלחמות, װאס זײנען געװען אזוי װײניק צװישן דער קאלאסאלער צאל רויבערישע מלחמות, װעלכע זײנען ארויס־גערופן געװארן, פונקט װי די איצטיקע אימפעריאליסטישע מלחמות, דורך א געשלעג צװישן די קעניגן, גוט־באזיצער, קאפיטאליסטן איבער צעטײלן דאס פארכאפטע לאנד אדער די אנגערויבטע פראפיטן. דאס איז געװען די מלחמה פון אמעריקאנישן פאלק געגן די רויבער ענגלענדער, װאס האבן אונטערדריקט און געהאלטן אמעריקע אין קאלאניאלער שקלאפערײ, װי די דאזיקע ׳ציװיליזירטע׳ בלוט־זויגער אונטערדריקן נאך איצט, האלטן אין קאלאניאלער שקלאפערײ הונדערטער מיליאנען מענטשן אין אינדיע, עגיפטן און אין אלע עקן װעלט.״ (נ. לענין, בריװ צו אמעריקאנישע ארבעטער, 1918.)

## קריג־פירונג טרייבט צו נאַציאָנאַלער פאַראייניקונג פון קאָלאָניעס

דער קריג געגן ענגלאַנד האָט געטריבן די באַזונדערע קאָלאָניעס צו נאַציאָנאַלער פאַראייניקונג. אָפּגעזונדערטערהייט האָט ניט געקאָנט זיין די מינדעסטע אויסזיכט צו געווינען דעם קריג, דאָס איז געווען קלאָר פאַר יעדן טוער אין די קאָלאָניעס. אַ צווייטער פאַקטאָר, וואָס האָט געשטופּט צו נאַציאָנאַלער פאַראייניקונג, זיינען געווען די טעגלעכע נויטן פון דעם האַנדל צווישן די קאָלאָניעס. דער האַנדל האָט דורכאַוים געפאָדערט די אָפּשאַפונג פון די באַשרענקונגען און די גרענעצן צווישן די קאָלאָניעס. דעריבער, ווען מאַסאַטשוזעטס האָט אַרויסגעלאָזט דעם רוף פאַר אַ נאַציאָנאַלן קאָנגרעס, האָבן אַלע קאָלאָניעס, מיטן אויסנאַם פון דזשאָרדזשיע, געשיקט דעלעגאַטן. דער קאָנגרעס האָט זיך געעפנט דעם 1טן אויגוסט 1774 אין פילאַדעלפיע. דער קאָנגרעס האָט גלייך באַשלאָסן צו קומען צו הילף באָסטאָן, ווען ענגלאַנד איז געגאַנגען באַשטראָפן פאַר דעם ערשטן בונט אין באָנקער היל. אויף דעם קאָנגרעס איז אויך אָוועקגעלייגט געוואָרן דער פונדאַמענט פאַר דער פאַראייניקונג פון די קאָלאָניעס. די געמיינשאַפטלעכע דעקלאַראַציע געגן דער ענגלישער טיראַניי, פאַרעפנטלעכט פון דעם קאָנגרעס, איז געווען דער ערשטער דאָקומענט אויף וועלכן די קאָלאָניעס זיינען געווען אונטערגעשריבן. ווען דער צווייטער קאָנגרעס האָט זיך פאַרזאַמלט, מאַי 10, 1775, איז שוין דער באַוואָפנטער צוזאַמענשטויס מיט דעם ענגלישן מיליטער געווען אַ פאַקט. דער קאָנגרעס האָט אָפיציעל באַשטעטיקט די שלאַכטן ביי לעקסינגטאָן און קאָנקאָרד און זיך גענומען ענערגיש גרייטן צום קריג. וואַשינגטאָן איז גערופן געוואָרן צו ווערן דער הויפּט־קאָמאַנדיר פון דער רעוואָלוציאָנערער אַרמיי.

## גרופּעס אַרבעטער וואַרפן זיך מיט באַגייסטערונג אין קאַמף געגן ענגלאַנד

די מערהייט פון די אַרבעטער און אָרעמע פאַרמער, וועלכע האָבן טיף געהאַסט די ענגלישע אונטערדריקער, האָבן מיט לייב און לעבן זיך אַריינגעוואָרפן אין דער רעוואָלוציע. זייער אַנטוישונג איז געקומען שפּעטער. די שווערע עקאָנאָמישע צייט און די אַרבעטלאָזיקייט זיינען צוגעשריבן געוואָרן צו די ענגלישע רעגירער און צו זייער פּאָליטיק, וואָס איז באַשטאַנען אין באַשרענקען דעם האַנדל אין די קאָלאָניעס. אויסער דעם זיינען די אַרבעטער־גרופּעס און אָרעמע פאַרמער אויך אַרונטערגעפאַלן אונטער דעם איינפלוס

פון די שיינע רייד אין דער דעקלאַראַציע פון אומאָפּהענגיקייט, וואָס האָט שטאָלץ דערקלערט, אַז אַלע מענטשן זיינען געבוירן גלייך און זיינען באַ־רעכטיקט צו דער זעלבער געלעגנהייט צו קריגן גליק. נאָך איידער דער רעוואָלוציאָנערער קריג האָט זיך אָנגעהויבן האָבן אַרבעטער מוטיק אָנגעהויבן דעם קאַמף געגן ענגלאַנד און זיינען געגאַנגען פיל ווייטער ווי די בורזשואַזיע האָט געוואָלט זיי זאָלן גיין.

„בעל-מלאכות און אַרבעטער אין די הונדערטער, אַרויסגעוואָרפן פון באַ-שעפטיקונג צוליב דעם קריזיס, האָבן אָרגאַניזירט אַ געזעלשאַפט אונטערן נאָמען 'פרייהייט-זין'. די געזעלשאַפט האָט אַרויסגערופן אומרוען אין ניו יאָרק, באָסטאָן, פילאַדעלפיע און טשאַרלסטאָן. די מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט זיינען באַפאַלן די היימען פון די קעניגלעכע הויכע באַאַמטע. אין באָסטאָן האָבן זיי אויפגעריסן די וואוינונג פון דעם לייטענאַנט-גאָווערנאָר, פאַרטיליקט דאָס מעבל און אַרויסגעוואָרפן אַלצדינג אין דרויסן. זייער אַגיטאַציע האָט ווייט אַריבערגעטראָטן די ראַמען פון געזעץ און אָרדענונג, געגן דעם פאַרלאַנג פון די סוחרים און אַדוואָקאַטן. גאָווערנאָר מאָרים האָט באַמערקט: די קעפ פון דער מאַסע ווערן געפערלעך פאַר די איידל-געבוירענע און ווי צו האַלטן זייערע קעפ אַרונטער, איז אַ פראַגע.״
(טשאַרלס און מערי בירד, די רייז אָוו אַמעריקען סיווילייזיישאָן, ערשטער באַנד, זייטן 212, 213.)

ווען די נייעס, אַז די ענגלישע סאָלדאַטן האָבן אַרויסגעמאַרשירט דעם 19טן אַפּריל, 1775, אויף קאָנקאָרד, האָט זיך פאַרשפּרייט איבערן געגנט, האָבן טויזנטער רעוואָלוציאָנערע פאַרמער זיך געלאָזט צום שלאַכטפעלד, ניט געקוקט אויף דעם וואָס זיי זיינען געווען זייער שלעכט באַוואָפנט און נאָך ערגער אָרגאַניזירט.

## אַרבעטער דערזעען פאַר וועמען דער קריג ווערט געפירט

אין דער זעלבער צייט איז נויטיק אָנצואווייזן, אַז ניט אַלע אַרבעטער און האָרעפּאַשניקעס זיינען געווען באַגייסטערט פאַר דעם קריג. אַ קלענערער טייל האָט זיך באַצויגן גלייכגילטיק. דאָס איז קלאָר פון די גרויסע שוועריקייטן, וואָס די קאָנגרעס-פירער האָבן באַגעגנט אין זייערע פּלענער צו שאַפן די נויטיקע אַרמיי אין קאַמף געגן ענגלאַנד. ווען דער ערשטער פּאַטריאָטישער גערודער איז געווען פאַריבער, איז כמעט אוממעגלעך געווען צו קריגן פרייוויליקע רעקרוטן פאַר דער אַרמיי. די נויט וואָס האָט באַגלייט דעם רעוואָלוציאָנערן קריג האָט נאָך מער אָפּגעקילט דעם

פּאַטריאָטישן ברען פון די מאַסן. זיי האָבן געזען, אַז ניט אַלע ליידן נויט. ווי אין אַלע מלחמות, פילן די רייכע ניט קיין מאַנגל אין עסן און אין קליידער, אַ מאַנגל וואָס פאַרשפּרייט זיך ווען דער קריג ווערט פאַרצויגן. די אַרבעטער האָבן געזען ווי אַלערליי מלחמה־פּאַטריאָטן, אַמוניציע־מאַכער, אַרמיי־קאָנטראַקטאָרס א. ד. ג. שאַרן רייכטימער און קלעטערן אַרויף צו הויכע קאַריערעס.*)

די פּראָסטע סאָלדאַטן אין דער רעוואָלוציאָנערער אַרמיי זיינען באַהאַנדלט געוואָרן מיט גרויס ברוטאַליטעט פון די אַריסטאָקראַטישע אָפיצירן. עפנטלעכע שמיץ אויפן נאַקעטן לייב איז געווען אַ פאַרשפּרייטע שטראָף. וואַשינגטאָן און זיינע רייכע פריינט אין דער אַרמיי האָבן זיך באַצויגן מיט טיפער פאַראַכטונג צום פּראָסטן סאָלדאַט, כאָטש ער איז געקומען פרייוויליק צו געבן זיין בלוט פאַר דער פאַרטיידיקונג פון זיין לאַנד געגן די ענגלישע הערשער. עס זיינען געווען פאַלן, ווען די געשמיסענע סאָלדאַטן זיינען געשטאָרבן פון זייערע וואונדן.

גלייכצייטיק האָט די בורזשואַזיע זיך אָפּגערעכנט מיט אירע אייגענע גרופּעס, וועמעס עקאָנאָמישע אינטערעסן זיינען געווען פאַרבונדן מיט ענגלאַנד. די בורזשואַזיע, וואָס לאָזט ניט אַרויס פון אירע ליפּן די פראַזע פון „געזעץ און אָרדענונג”, איז אַלעמאָל די ערשטע צו באַנוצן גוואַלד־טאַט און טעראָר געגן אירע געגנער. די בורזשואַזע רעוואָלוציאָנערן האָבן פאַרברענט די היימען פון זייערע געגנער, באַשמירט זיי מיט סמאָלע און אָפּט דערשאָסן. דאָס אייגנטום פון די ראָיאַליסטן (אָנהייגער פון ענגלאַנד) איז צעטיילט געוואָרן צווישן אייגענע מענטשן. זייערע ריזיקע שטרעקעס לאַנד זיינען קאָנפיסקירט געוואָרן.

---

*) פּראָפעסאָר מעקלאַפלין, זיך שטיצנדיק אויף אַ בריוו וואָס וואַשינגטאָן האָט געשיקט צום קאָנגרעס אין 1777, שאַצט אָפּ די לאַגע אין וועלכער די רעוואָלוציאָנערע אַרמיי האָט זיך דעמאָלט געפונען אין פּענסילווייניע:

„וואַשינגטאָן האָט באַדאַרפט דורכמאַרשירן אַ ראַיאָן אין וועלכן די רעוואָלוציאָנערן האָבן ניט געקענט קריגן קיין אינפאָרמאַציע, ווייל די באַפעלקערונג איז געווען פיינטלעך געשטימט. זיך איילן האָט מען ניט געקענט, ווייל די מערסטע סאָלדאַטן זיינען געווען אָן שטיוול. ניט האָ, נאָר וואַשינגטאָן האָט זיך געפונען אין דעם פיינטס לאַנד.” (מעקלאַפלין, סאָשעל ענד עקאָנאָמיק פאָרסעס, א. אַז. וו., זייטן 140-141.)

פערטער קאַפּיטל

# די אַרבעטער נאָך דעם זיג איבער ענגלאַנד

הערשנדיקער קלאַס געניסט די גאַנצע פּרוכט פון גרויסן זיג. — אַרבעטער און שקלאַפן בלייבן אין זעלבן צושטאַנד. — ווייניק אַרבעט און ניט-גענוגנדיקער לוין. — טורמעס אָנגעפּילט מיט אָרעמע מענטשן וואָס קענען ניט באַצאָלן זייערע שולדן. — מאַסן זיינען אומרואיק, עס פעלט זיי אָבער אָרגאַניזאַציע. — די בונטן זיינען אַ וואָרנונג צו די הערשער. — די קלאַסן-טעאָריעס פון מעדיסאָן, עדעמס און העמילטאָן. — די קאָנסטיטוציע אַ וואָפן געגן די אָרעמע. — די באַוואָרענישן געגן די מאַסן.

די רעוואָלוציע האָט געזיגט. די ענגלישע הערשאַפט איז געווען אומ־געוואָרפן. די קאָלאָניעס זיינען געוואָרן די פרייע און זעלבסטשטענדיקע פאַראייניקטע שטאַטן. ווען עס יום־טוב איז דאָס געווען? פאַר וועמען האָט די נייע פרייהייט געלויכטן אַזוי העל?

דזשאָרדזש וואַשינגטאָן, בענדזשאַמין פרענקלין, אַלעקסאַנדער האַמיל־טאָן און זייער גלייכן האָבן געקראָגן זייער פולן חלק פון דער רעוואָלוציע. וואַשינגטאָנ׳ס גיטער האָבן באַטראָפן העכער 15 טויזנט אַקער לאַנד און זיינען ווערט געווען מיליאָנען דאָלאַרן. פרענקלין האָט אָנגעזאַמלט אַ פאַר־מעגן פון לאַנד־ספּעקולאַציעס און ניט פון זיינע דערפינדונגען, ווי מען רעדט איין די קינדער אין די שולן. אַ סך פון די פּראָמינענטע רעוואָלו־ציאָנערע פּאַטריאָטן זיינען אַרויסגעקומען פון קריג די רייכסטע מענטשן פון לאַנד. דער באַפרייאונג־קריג האָט זיי געבראַכט אַלץ וואָס זיי האָבן זיך געוואונטשן עקאָנאָמיש און פּאָליטיש. פאַר זיי איז די אומאָפּהענגיקייט געווען אַ גרויסער זיג. אַ גאַנצער קאָנטינענט איז געלעגן צו זייערע פיס.

ווי האָבן אויסגעמאַכט די, וועלכע זיינען אויסגעריסן געוואָרן אין די לאַנגע מאַרשן און די בלוטיקע שלאַכטן פון דעם רעוואָלוציאָנערן קריג, די וועלכע האָבן אוועקגעגעבן זייער בלוט און זייערע גלידער אין קאַמף פאַר דער באַפרייאונג פון די קאָלאָניעס?

וואָס האָבן געקראָגן די אָרעמע פאַרמער, אַרבעטער און בעל מלאכות

וואָס האָבן צונויפגעשטעלט די רעוואָלוציאָנערע אַרמיי, וואָס איז אויסגעפאַלן אויף זייער חלק פון דעם גרויסן זיג?

„דאָס רייכטום וואָס איז דעמאָלט געווען, איז געלעגן אין די הענט פון עטלעכע צענדליק מענטשן. דער אָפּגרונט צווישן דער לאַגע פון אַ דזשאָרדזש וואַשינגטאָן, טשאַרלס קאַראָל און אַן אַרבעטער, איז וואַרשיינלעך געווען טיפער ווי דער אונטערשייד וואָס עקזיסטירט היינט צווישן אַן אַרבעטער און ענדרו קאַרנעגי.

„אַרבעט איז געווען זייער ווייניק. דאָס געלט אין צירקולאַציע האָט נאָכאַנאַנד זיך געביטן אין ווערט. דער אַרבעטער איז ניט זיכער געווען מיט זיין לוין און איז אָפט באַשווינדלט געוואָרן. שכירות זיינען אויסגעצאָלט געוואָרן איין מאָל אין דריי מאָנאַטן, איין מאָל אין 6 מאָנאַטן און אַפילו איין מאָל אין יאָר. אויב דער אַרבעטער האָט געקויפט זאַכן אויף אויסצאָלן, און האָט ניט געקאָנט מאַכן קיין צאָלונגען, האָט אויף אים געוואַרט טורמע. אין טורמע, ווידער, איז ער אויך אָנגעוויזן געווען אויף פריוואַטער צדקה, וואָס זאָל אים שפּייזן.” (פּראָפעסאָר מעקלאַפּלין, די קאָנפעדערייישאָן ענד די קאָנסטיטושאָן, זייט 50.)

עס איז ניט נויטיק זיך אַריינצולאָזן מיט פּראָפעסאָר מעקלאַפּלין אין אַן אָפּשאַצונג, ווי גרויס איז דער אונטערשייד איצט צווישן אַ שטאָל־אַרבעטער און אַ שטאָל־מאַגנאַט. אָבער די ציטירטע שורות גיבן אַ קלאָר בילד פון די „געווינסן”, וואָס די אַרבעטער האָבן געקראָגן אין דער זיג־רייכער בורזשואַזער רעוואָלוציע. די פּריצים, די אַרבעטגעבער, די ספּעקולאַנטן און זייערע געזעצגעבער האָבן זיך אויסגעלאַכט פון די פאַרשפּרעכונגען וואָס זיי האָבן געמאַכט צו די מאַסן ווען זיי האָבן זיך גענויטיקט אין קאַנאָנען־פלייש געגן די ענגלענדער. דעם אַרבעטער'ס גורל איז פאַרבליבן: אַרבעט פון זון־אויפגאַנג ביז זון־אונטערגאַנג פאַר אַ קלעגלעכן לוין.

„מיט אַזאַ נישטיקן לוין — שרייבט פּראָפעסאָר מעקמאַסטער — האָט אַ קוואַליפיצירטער אַרבעטער נאָר מיט דער שטרענגסטער שפּאָרזאַמקייט פאַרהיט זיינע קינדער פון הונגער־טויט און זיך אַליין פון טורמע.” (מעקמאַסטער, היסטאָרי אָוו די פּיפּל אָוו די יונייטעד סטייטס, ערשטער באַנד, זייטן 96־98.)

### די גרויזאַמע באַהאַנדלונג פון אָרעמע בעל־חובות

אַזוי זיינען געווען די לעבנס־באַדינגונגען פון דעם פרייען אַרבעטער, דעם בעל־מלאכה. מען קען זיך גרינג פאָרשטעלן ווי עס האָט געלעבט דער קאָנטראַקטירטער אַרבעטער, דער ווייסער שקלאַף. די יעניקע וואָס זיינען

אריינגעפאלן אין חובות צו די סוחרים אדער הויז־אייגנטימער האבן זיך געזעגנט מיט זייער פרייהייט און אפט מיט זייער לעבן. פראפעסאר מעק־מאסטער מאלט א שארף בילד פון זייער לאגע.

„קיין סארט פארברעכן וואס דאס געזעץ ווייסט האט ניט געבראכט אזוי פיל קרבנות אין די טורמעס, ווי דאס פארברעכן פון ניט קענען באצאלן א חוב. דער קלאס וואס איז אריינגעפאלן אין דעם נעץ פון חובות איז געווען דער סאמע שוצלאזער, די גרויסע מאסע געזעלן, ארבעטער און הויז-דינער, אין קורצן, די וועלכע זיינען אנגעוויזן מיט זייער טעגלעכן שטיקל ברויט אויף זייערע טעגלעכע פארדינסטן. ווען אן ארבעטער איז ארונטער-געפאלן פון א רעשטאוואציע, אדער איז קראנק געווארן מיט פיבער, איז ער זיכער געווען, אז ווען ער וועט געזונט ווערן, ווארט אויף אים דער שעריף וואס וועט אים ארייננווארפן אין טורמע פאר די עטלעכע דאלאר וואס ער איז שולדיק געווארן ליגנדיק אין א פרעמד בעט קראנקערהייט.

„די דיסציפלין-געזעלשאפט פון מאסאטשוזעטס האט נאך אן אונטער-זוכונג אין 1829 באריכטעט, אז ארום 75 טויזנט מענטשן איבערן לאנד ווערן יערלעך אריינגעווארפן אין טורמע פאר חובות. פופצן יאר נאכדעם ווי דער פרידן מיט ענגלאנד איז אונטערגעשריבן געווארן האט זיך אין קאנעטיקוט געפונען אן אונטערערדישע טורמע, וואס שטייגט אריבער די שרעקלעכקייטן פון דעם 'שווארצן לאך' אין קאלקוטא, אינדיע. די טורמע, באקאנט אונטערן נאמען 'ניוגייט פריזאן', איז געווען א פארלאזטע קופער-מינע. א לייטער האט געפירט צו היילן אונטן. דארטן אין קליינע הילצערנע שטייגן זיינען פארשפארט געווען פון 30 ביז 100 ארעסטירטע. זייערע פיס צוגעשמידט צו אייזערנע גראטעס און זייערע קעפ צוגעשמידט צו די קלעצער אויבן אין סופיט פון שטייג. שטאק-פינצטערניש האט געהערשט. שמוץ און ווערים אומעטום. וואסער האט ארונטערגעקאפעט פון אויבן און שטיקער ערד זיינען ארונטערגעפאלן. די קליידער אויף די ארעסטאנטן האבן געפוילט אויפן לייב. זייערע גלידער זיינען פאראליזירט געווארן פון רומא-טיזם. זייערע קערפערס זיינען באדעקט געווען מיט וואנצן און לייז און האבן געשטונקען שרעקלעך. זיי זיינען צעפרעסן געווארן פון פארשיידענע קראנקהייטן.

„דער 'ניוגייט פריזאן' איז מעגלעך געווען דער ערגסטער אין לאנד. אבער אין אלע אנדערע געגנטן זיינען געווען טורמעס, וואס די וועלט איצט באטראכט ניט-פאסיק פאר די ערגסטע און אפשטויסנדיקסטע חיות." (מעק-מאסטער, זעלבער בוך, זייטן 98-102.)

רייכע גרעפטער, ספעקולאנטן און קאנטראבאנדיסטן האבן זיך ניט געמאטערט אין די שרעקלעכע טורמעס. נאר מענטשן וועמעס פארברעכן איז באשטאנען אין זייער ארעמקייט זיינען געווען די קרבנות פון די גיהנום־קאמערן. אזוי האט דער הערשנדיקער קלאס באלוינט די מאסן פאר זייערע לײדן און בלוט־פארגיסונג אין דעם באפרייאונג־קריג.





ווי אזוי ארימע „זינדיקע" זיינען באשטראפט געווארן אין די קאלאניעס

## נויט און הונגער פֿאַראורזאַכן אַ סך בונטן

אַזאַ אומדערטרעגלעכער צושטאַנד האָט געדאַרפט פירן צו גרויסע באַוואָפנטע קאַמפן געגן די רייכע אונטערדריקער. דער עלעמענט פון ברויזנדיקן, ביטערן צאָרן איז געווען. עס האָט אָבער געפעלט אָרגאַניזאַציע. די אַרבעטער־מאַסן זיינען נאָך ניט אויסגעשמידט געוואָרן אין איין קלאַס. זיי זיינען באַשטאַנען אין אַ געמיש פון עלעמענטן, וואָס האָבן נאָך ניט פאַרשטאַנען אַז זייערע אינטערעסן זיינען געמיינזאַם. נעגער־שקלאַפן, צייטווייליקע ווייסע שקלאַפן, ניט קיין גרויסע צאָל פּראָלעטאַריער, אַ גרויסע צאָל בעל־מלאכות, געזעלן, לערנער, די סתם שטאָטישע אָרעמקייט און אָרעמע פאַרמער — פון אַזאַ מאַסע, ווען זי איז ניט פאַראייניקט, איז שווער צו דערוואַרטן אָרגאַניזירטע רעוואָלטן.

אָבער די ביטערע נויט האָט זיי געטריבן זיך אויפצוהויבן געגן זייערע עקספּלואַטירער און אונטערדריקער. די רעוואָלטן זיינען געווען פּלאַנלאָזע, שוואַך־צוגעגרייטע און הויפּטזאַכלעך געצילט געגן די אוממיטלבאַרע שונאים, די געריכט־הייזער, רעגירונג־באַאַמטע, שטייער־מאָנער א. ד. ג. דער צוועק פון די אויפשטאַנדן איז געווען צו ראַטעווען זיך און די פאַמיליעס פון הונגער־טויט, וואָס האָט געלויערט פון די מערדערלעכע שטראָפן פאַר ניט קענען באַצאָלן די שולדן. די רעבעלן האָבן ניט באַגריפן, אַז הינטער די געריכט־הייזער און די באַאַמטע שטייען זייערע אמתע שונאים — די קאַפּיטאַליסטן.

„פון מאַסאַטשוזעטס, ראָוד איילאַנד, ניו העמפּשייר און אַנדערע שטאַטן איז אָנגעקומען אַלאַרמירנדיקע בייעס וועגן דער אומרואיקייט צווישן די אָרעמע. מאַסן-פאַרזאַמלונגען ווערן אָפּגעהאַלטן, פּעטיציעס ווערן פאַרשפּרייט און פאָדערונגען ווערן אַרויסגעשטעלט צו די געזעצגעבנדיקע אַנשטאַלטן צו קריגן פון זיי הילף. די אָרעמע מענטשן האָבן אָנגעמאַכט אַ סך שולדן אין געלטער וואָס זיינען געווען געזונקען אין ווערט, אָבער די רייכע קלאַסן פאָדערן, אַז די חובות זאָלן באַצאָלט ווערן אין גאָלד. נאַטירלעך, אַז די אָרעמע בעל-חובות פאָדערן מען זאָל אַרויסלאָזן מער פּאַפּיר-געלט און די רייכע קרעדיטאָרן ווילן פון דעם ניט הערן.

„אין אַנדערע שטאַטן זיינען פאָרגעקומען מאַרשן אויף די לעגיסלאַטורן. אַ סך פון די מאַרשירער זיינען געווען באַוואָפנט און אַנטשלאָסן אַז די הערלעכע פאַרשפּרעכונגען וואָס מען האָט זיי געמאַכט זאָלן כאָטש טיילווייז דורכגעפירט ווערן אין לעבן. אַדוואָקאַטן זיינען פאַרהאַסט פאַר זייער אָנטיילנעמען אין קאָנפיסקירן זאַכן פאַר חובות. די געריכט-הייזער זיינען פאַרפּלייצט מיט אַזעלכע קלאַגעס און קענען ניט אויפנעמען אַפילו אַ העלפט פון זיי.” (מעקמאַסטער, זעלבער בוך, זייט 343.)

דעניעל שעיס אויפשטאַנד אין מאַסאַטשוזעטס

אין ניו העמפּשייער און אין ווערמאָנט זיינען די רעוואָלטן אונטער־דריקט געוואָרן פון סאָלדאַטן. די מערהייט רעוואָלטן זיינען געווען פון פאַרמער. די אָרעמע פאַרמער האָבן זיך געווערט געגן אויספאַרקויפן זייער לאַנד פאַר די חובות. ביי זיי איז געשטאַנען אין קאָן פיל מער ווי ביי די שטאָטישע אַרבעטער. די פאַרמער זיינען אויך געווען פיל פעסטער. דער גרעסטער רעוואָלט אין יענער צייט איז געפירט געוואָרן פון דעניעל שעי אין מאַסאַטשוזעטס. דער רעוואָלט האָט אָנגעהאַלטן גאַנצע 6 מאָנאַטן און האָט געוואָרפן אַ שרעק אויף דעם הערשנדיקן קלאַס. דער רוקנביין פון רעוואָלט זיינען געווען די אָרעמע פאַרמער פון מאַסאַטשוזעטס, וואָס האָבן מיט וואפן אין זייערע הענט זיך געלאָזט אויף די געריכט־הייזער און געזעצ־געבנדע קערפּערשאַפטן.

דער רעוואָלט האָט זיך שנעל פאַרשפּרייט. דעניעל שעי האָט פאַר־נומען אַ סך שטעט, אויפגעלייזט די געריכט־הייזער און אָפּגעשאַפט זייערע אַנטשיידונגען. דער קאָנגרעס אין וואַשינגטאָן האָט זיך געשראָקן, אַז די רעבעלן וועלן פאַרכאַפּן דעם נאַציאָנאַלן ארסענאַל אין ספּרינגפילד און באַוואָפענען פיל טויזנטער דערצאָרנטע פאַרמער און אַרבעטער. דער קאָנ־גרעס האָט גלייך גענומען אויסשטאַטן אַן אַרמיי געגן די רעבעלן. די רעגירונג־קאַסע איז געווען אויסגעליידיקט, אָבער אַ סך רייכע זיינען געקומען צו הילף דער רעגירונג און בייגעשטייערט געלט צו אָרגאַניזירן אַן אַרמיי אונטערצודריקן דעם פאַרשפּרייטן אויפשטאַנד. דער קאָנגרעס האָט אויך אַרויסגעלאָזט אַ הלואה פון איבער אַ האַלבן מיליאָן דאָלאַר. מיט דעם געלט איז שנעל באַשאַפן געוואָרן אַן אַרמיי פון 2000 סאָלדאַטן. נאָך לאַנגע שלאַכטן, וואָס האָבן זיך געצויגן 6 מאָנאַטן, איז דער אויפשטאַנד דער־שטיקט געוואָרן. פון איין זייט איז געשטאַנען די פעדעראַלע רעגירונג, גע־שטיצט פון אַלע קאַפּיטאַליסטן, און פון דער צווייטער זייט נאָר שעי מיט זיינע רעבעלן אין איין שטאַט, שלעכט באַוואָפנט, אָן אַמוניציע, שפּייז און קליידער. אַ סך פון די רעבעלן זיינען פאַרפראָרן געוואָרן אין די קאַלטע נעכט. אַ סך זיינען געשטאָרבן פון הונגער און קראַנקהייטן. די רעגירונג האָט אַרויסגעלייגט אַ פּרייז אויף שעי׳ס קאָפּ. זעקס רעבעלן זיינען הינ־געריכטעט געוואָרן, צווישן זיי שעי; אַ סך זיינען פאַרשפּאַרט געוואָרן אין טורמע.

כאָטש דער רעוואָלט איז אונטערדריקט געוואָרן, האָט ער אָבער גע־

דינט ווי א ווארנונג פאר די הערשנדיקע קלאסן, אז עס מוז זיין א גרענעץ צו זייער רויבעריי און עקספּלואטאציע. ניט אומזיסט רופן די בורזשואזע היסטאריקער די צייט דער קריטישער פעריאד אין דער אמעריקאנישער געשיכטע, קריטיש פאר די אלטע און ניי־אויפגעקומענע הערשער, די גוט־באזיצער, די קאפּיטאליסטן און די ארבעטגעבער, וועלכע האבן פארכאפּט איינגאנצן די מלוכה־מאכט.

קאנסטיטוציע פארפאסט אונטער געשלאסענע טירן

זיי האבן זיך גוט באווארנט, די גוטבאזיצער און די קאפּיטאליסטן, אז די מאסע אייגנטומלאזע מענטשן זאל ניט קריגן קיין צוטריט צו דער אנ־פירונג פון דער נייער מלוכה. א וואנט מיט באווארענישן איז אויפגעשטעלט געווארן צו האלטן די ארבעטער און די ארעמשאפט אין א צושטאנד פון רעכטלאזיקייט ווי פריער אונטער דער הערשאפט פון דער ענגלישער קרוין. יעדער שטאט האט איינגעפירט זיין אייגענעם אייגנטום־צענזוס אלס א פאר־באדינגונג צו קענען וויילן און דערוויילט צו ווערן. אומעטום האט דער וויילער געמוזט פארמאגן א גרויסן אייגנטום, זיין א וויסער און באלאנגען צו דער פראטעסטאנטישער קירך. געוויינלעך האט דאס פארמעגן געמוזט זיין נאך גרעסער פאר איינעם, וואס וויל זיין א קאנדידאט פאר אן אמט. פאר דער אויבערשטער הויז אין דער שטאט־לעגיסלאטור האט זיך געפאדערט א גרעסערער אייגנטום־צענזוס ווי פאר דער אונטערשטער הויז, אויפן שטייגער פון ענגלאנד.

פּריוואט־אייגנטום איז געווארן דער פונדאמענט פון דער נייער רע־פּובליק. פון סאמע אנהויב זיינען אלע ארגאנען פון דער רעפּובליק פאר־וואנדלט געווארן אין די אינסטרומענטן פון די רייכע.

די קאנסטיטוציאנעלע קאנווענשאן (גרינדונג־פארזאמלונג), איינ־בארופן אין פילאדעלפיע, מאי 25, 1787, כדי אויסצוארבעטן די גרונט־געזעצן פון לאנד, איז געווען א פארזאמלונג וואס האט פארטראטן דעם קלאס פאבריקאנטן און סוחרים פון די צפון און מיטל־שטאטן און די רייכע פלאנטאטארן אין די דרום־שטאטן. קיין אנדערע זיינען דארטן ניט געווען.

דערמיט דערקלערט זיך ווארום די „פאטערס פון דער רעפּובליק" האבן פארהאנדלט די קאנסטיטוציע פון די פאראייניקטע שטאטן אונטער גע־שלאסענע טירן, אין גרויס געהיימניש. די פארשטייער פון די גוטבאזיצער און קאפּיטאליסטן האבן גוט געוואוסט, אז צווישן די מאסן הערשט גרויס

אומצופרידנקייט. פאַר אָט־דער אומצופרידנקייט האָבן זיי זיך געשראָקן. צו דיסקוטירן אָפן אַ פּלאַן פאַר אַ קאָנסטיטוציע וואָס באַרויבט די מערהייט פון פאָלק פון וואַל־רעכט, איז געווען זיך שפּילן מיט פייער.

די באַפעלקערונג האָט ניט געוואוסט וואָס עס טוט זיך הינטער די געשלאָסענע טירן פון דער גרינדונג־פאַרזאַמלונג. ערשט פופציק יאָר שפּעטער, ווען די מאַכט פון דער בורזשואַזיע איז באַפעסטיקט געוואָרן, האָט דזשעימס מעדיסאָן, וואָס האָט געמאַכט נאָטיצן פון די פאַרהאַנדלונגען אין פילאַדעלפיע, אויסגעזאָגט דעם סוד אין זיין טאָג־בוך פון דער קאָנסטיטוציאָנעלער קאָנווענשאָן. מעדיסאָן האָט דערציילט, אַז די לאָזונג פון די דעלעגאַטן צו דער גרינדונג־פאַרזאַמלונג איז געווען „אַ רעגירונג פון אייגנטום, פאַר אייגנטום און דורך אייגנטום”. מעדיסאָן אַליין האָט פאָרגעשלאָגן, אַז נאָר דריי שיכטן בירגער זיינען צוגעפּאַסט צו רעגירן: די גוטבאַזיצער, סוחרים־קאַפּיטאַליסטן, און אַרבעטגעבער־קאַפּיטאַליסטן. אַזוי איז טאַקע געבליבן. מעדיסאָן האָט דערקלערט די אָפּשטאַמונג פון פּאָליטישע שטרייטן מיט די ווערטער:

„דער פונדאַמענטאַלער קוואַל פון אַלע פּאָליטישע שטרייטן איז די ניט-גלייכע פאַרטיילונג פון אייגנטום. די וועלכע באַזיצן און די וועלכע באַזיצן גאָרניט, האָבן אַלעמאָל אַרויסגעשטעלט באַזונדערע אינטערעסן אין דער געזעלשאַפט. די אינטערעסן פון די אַגראַריער, אינדוסטריעלער, סוחרים, פּראָצענטניקעס און די איבעריקע נידעריקע סאָציאַלע גרופּעס וואַקסן אַרויס אומפאַרמיידלעך ביי די ציוויליזירטע פעלקער און צעטיילן זיי אויף באַ-זונדערע קלאַסן, וואָס ווערן געפירט פון באַזונדערע געדאַנקען און אָנשוי-אונגען. אומגלייכקייט פון אייגנטום איז אומפאַרמיידלעך. פון אירע געגנ-זאַצן וואַקסט אַרויס די מלוכה.” *)

מעדיסאָן און זיינע פריינט האָבן שוין אין סוף פון 18טן יאָרהונדערט פאַרשטאַנען די קלאַסן־באַזע פון דער מלוכה און זיי האָבן געהאַנדלט אין איינקלאַנג מיט זייערע קלאַסן־אינטערעסן.

עדעמס און האַמילטאָן האָבן זיך געהאַלטן ביי דער זעלבער טעאָריע, כאָטש עדעמס איז געווען געשיקט גענוג צו באַפּוצן עס מיט ליבעראַל־קלינגענ־דיקע פראַזן וועלכע זאָלן צופרידנשטעלן די דזשעפערסאָנס, אידעאָלאָגישע פאַרטרעטער פון קליינבירגערטום.

עדעמס האָט אַנטוויקלט דעם פאָלגנדיקן טעזיס:

---

*) טשאַרלס בירד, עקאָנאָמיק אָרידזשין אָוו דזשעפערסאָניען דעמאָקראַסי, זייטן 316-317.

„די געזעלשאַפט צעטיילט זיך אויף קאָנקורירנדיקע קלאַסן. די וויכ-טיקסטע פון זיי זיינען: די דזשענטלליוט און די פּראָסטע מענטשן, אָדער איינפאַכער — רייכע און אָרעמע. . . . די פריהייט, וואָס באַדייט באַשיצן דאָס רעכט פון די אָרעמע פון וווּטערדיקער באַרויבונג און די רייכע פון די אָנפאַלן פון די קאָמוניסטישע אויסגלייכער (אויסגלייכן דאָס אייגנטום — מ. ע.), איז אינגאַנצן אָפּהענגיק אָן דער אויפהאַלטונג פון אָרדענונג און פון סטאַטוס קוואָ (די לאַגע ווי זי איז איצט).״ *)

אַלעקסאַנדער העמילטאָן, אַ פאָרשטייער פון דער אויפגעקומענער מלחמה-בורזשואַזיע, האָט אַזוי פאָרמולירט זיין מיינונג וועגן דער קאָנסטי־טוציע:

„די גאַנצע געזעלשאַפט טיילט זיך אויף די געציילטע און די פילע. די ערשטע זיינען די רייכע און פון גוטער אָפּשטאַמונג, די צווייטע — די מאַסן פון פאָלק. מען זאָגט: די שטים פון פאָלק איז די שטים פון גאָט. כאָטש דאָס ווערטל ווערט אומעטום אַרויסגערעדט מיט זיכערקייט, איז עס ניט ריכטיק אין דער ווירקלעכקייט. דאָס פאָלק — אומרואיק און אומפאַרשטענד-לעך. זעלטן אַז ער טראַכט לאָגיש. דעריבער דאַרף מען געבן די ערשטע אַ באַשטימטן און אַ שטענדיקן אָנטייל אין דער רעגירונג. זיי וועלן אָפּהאַלטן די צווייטע פון וואַקלענישן. אַזוי ווי ענדערונגען וועלן ניט ברענגען די ערשטן קיין נוצן, וועלן זיי שטענדיק אויפהאַלטן אַ גוטע רעגירונג.״ **)

אָט־די באַגריפן זיינען אָוועקגעלייגט געוואָרן ווי דער פונדאַמענט פון דער קאָנסטיטוציע. באַשיצן די הייליקייט פון פריוואַט־אייגנטום איז געווען דער גייסט און דער ציל פון דער קאָנסטיטוציע. אפילו בורזשואַזע היסטאָריקער גיבן צו, אַז פון אַ באַפעלקערונג פון 4 מיליאָן איינוואוינער אין 1790, זיינען נאָר 120 טויזנט געווען באַרעכטיקט אָנטיילצונעמען אין וואַלן. די איבעריקע, די גרויסע מערהייט, זיינען אויסגעשלאָסן געוואָרן. ערשט שפּעטער האָבן די מאַסן אויסגעקעמפט פּאָליטישע רעכט.

דער גאַנצער געבוי פון מלוכה־אַפּאַראַט האָט געהאַט איין ציל, צו פאַר־זיכערן די הערשאַפט פון די קלאַסן וואָס באַזיצן פריוואַט־אייגנטום. די מלוכה־מאַכט איז צעטיילט געוואָרן אויף דריי זעלבסטשטענדיקע צווייגן: געזעצגעבונג, אויספיר־אָרגאַנען און געריכט. די דריי צווייגן דאַרפן קאָנטר־

---

*) טשאַרלס בירד, עקאָנאָמיק אינטערפּרעטיישאָן אָוו די קאָנסטיטושאָן אָוו די יו. עס., זייט 157.

**) טש. בירד, עקאָנאָמיק אינטערפּרעטיישאָן א. אַז. וו., זייט 199.

באַלאַנסירן איינע די אַנדערע און אויפהאַלטן די דאָמבע, דאָס ווילן פון פאָלק זאָל זיך ניט קאָנען דורכרייסן.

טאָמער וועט קאָנגרעס דורכפירן אַ געזעץ וואָס איז ניט גינסטיק פאַר די רייכע, וועט דער פּרעזידענט דעם געזעץ וועטאָאירן. דעמאָלט פאָדערט זיך שוין צוויי־דריטל שטימען אין קאָנגרעס דער געזעץ זאָל אריינגיין אין קראַפט איבער דעם פּרעזידענטס וועטאָ.

דער קאָנגרעס אַליין איז איינגעטיילט געוואָרן אין צוויי הייזער, דאָס אונטערשטע, דאָס רעפּרעזענטאַנטן־הויז, וועמענס מיטגלידער ווערן דערוויילט דירעקט פון די וועלכע מעגן שטימען, און דאָס אויבערשטע הויז, דער סענאַט, וועמענס מיטגלידער ווערן געשיקט פון די שטאַט־לעגיסלאַטורן. דער סענאַט קען צוריקוואַרפן געזעצן וואָס דאָס רעפּרעזענטאַנטן־הויז האָט אָנגענומען. דער סענאַט איז באַקאַנט געוואָרן ווי דער „קלוב פון די רייכע לייט”. ערשט אין 20סטן יאָרהונדערט איז איינגעפירט געוואָרן דירעקטע וואַלן צום סענאַט.

דערמיט זיינען די באַוואָרענישן ניט געענדיקט. אונטער דזשאָן מאַר־שאַל, האָט דער העכסטער געריכט פאַרכאַפּט, אָנהייב דעם 19טן יאָרהונדערט, די מאַכט אָפּצושאַפן געזעצן וואָס קאָנגרעס האָט אָנגענומען און דער פּרעזי־דענט האָט אונטערגעשריבן. די ניין מיטגלידער פון העכסטן פעדעראַלן געריכט ווערן באַשטימט פון פּרעזידענט אויף זייער גאַנצן לעבן. זיי זיינען דעריבער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דער פעסטונג פון די רייכע אונטערדריקער.

דאָס גרויסע פייער וואָס האָט געפלאַקערט פון דער ערשטער פראַנ־צויזישער רעוואָלוציע, 1789—1793, האָט אָן צווייפל פאַרשטאַרקט די אַנטשלאָסנקייט פון דער אַמעריקאַנער בורזשואַזיע צו פאַרכאַפּן פולשטענ־דיק די מאַכט אין אירע הענט. אַלע רעדנער שפּעטער אין קאָנגרעס האָבן זיך פאַררופן אויף די „צרות אין אייראָפּע”, האָבנדיק אין זינען דעם קאַמף געגן די פּריצים און די רייכע אין פראַנקרייך. אין שרעק פאַר אַ צווייטער, אמתער רעוואָלוציע, האָט די בורזשואַזיע דורך איר פּאַרטיי, די פעדע־ראַליסטן, דורכגעפירט אין 1798 דעם באַוואוסטן „איילייען ענד סעדישאָן” געזעץ (אויסלענדער און פאַרראַט געזעץ) וואָס האָט געגעבן דעם פּרעזידענט דאָס רעכט אַרויסצושיקן יעדן „אומגעווינשטן” אויסלענדער. די געריכט־הייזער האָבן געקראָגן דאָס רעכט צו באַשטראָפן די אַלע וועלכע טרעטן אַרויס געגן דער רעגירונג. די וואַשינגטאָנס, די פראַנקלינס, די מעדיסאָנס און די עדעמסעס איז גרינג געווען צו פּלאַפּלען וועגן פרייהייט, גלייכהייט און ברידערלעכקייט, ווען די פראַזן האָבן גאָרניט געמיינט. אַ גאַנץ אַנדער זאַך איז געווען זיך צו טיילן מיט די מאַסן מיט דער מאַכט פון דער

נייער מלוכה. אזא טיילן זיך וואלט אוממעגלעך געמאכט די אומגעשטערטע עקספלואטאציע פון די פרייע ארבעטער און פון די שקלאפן.

די אמעריקאנישע רעפובליק איז אנטשטאנען אונטער דעם פולן קאנטראל פון די קאפיטאליסטן. די אריסטאקראטישע אליגארכיע וואס האט רעגירט מיט דעם גנאד פון קעניג, איז פארביטן געווארן פון א קאפיטאליס־טישער פלוטאקראטיע.

פינפטער קאַפּיטל

# אינדוסטריעלע אַנטוויקלונג און דער אַרבעטער־קלאַס

מלוכה-אַפּאַראַט פולשטענדיק אין די הענט פון די קאַפּיטאַליסטן.— די גרויסע ראָל פון טעכנישע דערפינדונגען. — די אַנטוויקלונג פון אינדוסטריע אונטערן שוץ פון אַ הויכן טאַריף. — דער ערשטער קריזיס אין 1819 און די ליידן פון די אַרבעטער. — די שפּעטערדיקע קריזיסן. — די קאָלאָסאַלע ראָל וואָס די אימי-גראַציע האָט געשפּילט אין דעם עקאָנאָמישן וואוקס פון לאַנד. — די גרויסע פּראָפּאָרציע פון פרויען און קינדער אין די אינ-דוסטריעס. — שרעקלעך לאַנגע שטונדן און הונגער-לוין. — די ווירקונג פון טעכנישע דערפינדונגען. — די פּאָליטישע רעכט-לאָזיקייט פון די מאַסן.

דער זיג איבער ענגלאַנד האָט איבערגעלאָזט די קאַפּיטאַליסטן אין פולן און אַבסאָלוטן קאָנטראָל איבער דעם גרויסן אומאַנטוויקלטן לאַנד. ענגלאַנד איז אַרויסגעטריבן געוואָרן און די אייגענע מאַסן זיינען אויסגעמאַנעווּרירט געוואָרן. דאָס לאַנד קען איצט געבויט ווערן לויט דעם ווילן און באַגער פון די נייע הערשער.

די עקאָנאָמישע לאַגע איז ניט געווען גלענצנד. די יונגע בורזשואַזיע האָט ניט געקענט קאָנקורירן מיט דער איינגעפונדעוועטער בורזשואַזיע פון אייראָפּע, וואָס האָט פאַרפלייצט אַמעריקע מיט אירע פּראָדוקטן און סחורות. באַזונדערס האָבן אַמעריקאַנישע שיף־קאָמפּאַניעס ניט געקענט אויסהאַלטן די קאָנקורענץ פון די אייראָפּייאישע שיף־קאָמפּאַניעס. דער קאָנגרעס איז געקומען צו הילף די אייגענע קאַפּיטאַליסטן און אויפגעשטעלט אַ שוץ־וואַנט פון הויכע טאַריף־אָפּצאָלונגען אויף אויסלענדישע שיפן און סחורות. דער הויכער טאַריף, די אומגעהויערע נאַטירלעכע רייכטימער וואָס אַמעריקע האָט פאַרמאָגט, צוזאַמען מיט דער איינוואַנדערונג וואָס האָט געשטראָמט פון דער אַלטער היים, האָבן געגעבן אַ שטויס דער אינדוסטריעלער אַנט־וויקלונג. די טעכנישע דערפינדונגען וואָס זיינען איינגעפירט געוואָרן אין די ערשטע פינף צענדליק יאָרן פון דעם נייןצעטן יאָרהונדערט מיט דער

גרויסער איבערקערעניש וואָס זיי האָבן אַריינגעבראַכט אין דער פּראָדוקציע, האָבן געיאָגט די בויאונג פון וועגן, באַנען און קאַנאַלן און האָבן פאַראורזאַכט די אַנטשטייאונג פון נייע אינדוסטריעס.

## טעכנישע דערפינדונגען העוואָלוציאָניזירן פּראָדוקציע

צווישן די וויכטיקסטע טעכנישע דערפינדונגען וואָס האָבן רעוואָלוציאָניזירט די ווירטשאַפט, איז די בוימוואָל (קאַטן) דזשין-מאַשין פון עלי וויטני אין 1793. די מאַשין האָט אָפּגעריייניקט דעם בוימוואָל פון די זוימען 50 מאָל שנעלער ווי די מענטשלעכע האַנט האָט דאָס געטאָן. דאָס פלאַנצן בוימוואָל איז געוואָרן פיל מער פּראָפיטן-מעסיק און אַ סך לאַנד אין דרום איז אוועקגעגעבן געוואָרן צו בוימוואָל-פּלאַנטאַציעס.

אין 1814 האָט פרענסיס לאָועל פון מאַנטשעסטער, ענגלאַנד, דערפונדן די מעכאַנישע וועב-שטולן. דאָס האָט אַ יאָג געטאָן די טעקסטיל-פּראָדוקציע און גוואַלדיק פאַרגרעסערט דעם געברויך פון בוימוואָל, וואָל, רויע זייד און די איבעריקע טעקסטיל רוי-שטאָפן.

אין 1830 איז אין די פאַראייניקטע שטאַטן אויסגעבויט געוואָרן דער ערשטער דאַמף-לאָקאָמאָטיוו. אין זעלבן יאָר איז געלייגט געוואָרן די ערשטע באַן-ליניע.

אין די דרייסיקער יאָרן איז דערפונדן געוואָרן די מעכאַניזירטע שנייד-און דרעש-מאַשין, וואָס האָט געלייגט דעם פונדאַמענט פאַר דער ערד-אַרבעט מאַשינען אינדוסטריע. (דעם אָנהייב האָט געמאַכט מעקאָרמיק, דער ערשטער גרינדער פון דער אינטערנעשאָנאַל האַרוועסטער קאָמפּאַניע אין שיקאַגאָ.) די דערפינדונגען פון לאָקאָמאָטיוו און ערד-אַרבעט-מאַשינען האָבן אַרויסגערופן אַ נויטווענדיקייט אין אייזן. פון אָנהייב איז דאָס אייזן אימפּאָרטירט געוואָרן פון ענגלאַנד. אין צווייטן צענדליק פון 19טן יאָרהונדערט אַנטוויקלט זיך אין די פאַראייניקטע שטאַטן די אייזן-אינדוסטריע.

אין די זעלבע יאָרן איז פאַרשפּרייט געוואָרן גאַז פאַר באַלייכטונג. דאָס האָט פאַרגרעסערט דעם געברויך פון קוילן.

אין 1825 איז געעפנט געוואָרן דער ערשטער וואַסער-וועג, דער אירי-קאַנאַל, וואָס האָט פאַרבונדן דעם האָדסאָן-טייך מיט דעם אירי לייק (אָזערע). פינף יאָר שפּעטער איז אויפגעבויט געוואָרן די ערשטע באַן-ליניע, וואָס האָט זיך געצויגן 23 מייל. אין 1860 האָט דאָס לאַנד שוין געהאַט 30,626 מייל באַן-וועגן.

אין 1843 האָט מאָרס אויסגעבויט די ערשטע טעלעגראַף-ליניע צווישן באַלטימאָר און וואַשינגטאָן.

אין 1846 האָט האַו דערפונדן די ערשטע ניי־מאַשין וואָס איז געוואָרן דער פונדאַמענט פון דער מאָדערנער קליידער־אינדוסטריע.

דער רעזולטאַט פון די דערפינדונגען, די נאַטירלעכע רייכטימער פון לאַנד און דער שטראָם אימיגראַנטן האָבן זיך אויסגעדריקט אין דער פּראָלע־טאַריזירונג פון אַ מאַסע האַנטווערקער־ און פּויערים־אימיגראַנטן. אין 1860 האָט דער אַרבעטער־קלאַס געציילט אַ מיליאָן, דריי הונדערט טויזנט מענטשן באַשעפטיקט אין אינדוסטריע. אין דער זעלבער צייט איז די לאַנדווירטשאַפט נאָך אַלץ געווען די באַזע פון לאַנד.

### ציפערן וועגן עקאָנאָמישן וואוקס

די פּראָדוקציע פון אייזן איז געשטיגן אין דעם פּעריאָד פון 1810—1860 פון 53,908 טאָן אויף 821,200 טאָן.

די פּראָדוקציע פון דער בוימוואָל-אינדוסטריע איז געשטיגן אין פאַר־לויף פון 1830—1860 פון 155,000 פונט אויף 845,000 פונט. די צאָל שפּינדלען איז געוואַקסן פון 1,246,000 אויף 5,236,000.

די צאָל אַרבעטער באַשעפטיקט אין פאַבריקן וואָס פּראָדוצירן סחורות אויף ניט ווייניקער ווי 500 דאָלאַר אַ יאָר איז געווען 349,000 אין 1820. צוואַנציק יאָר שפּעטער האָט זייער צאָל דערגרייכט 791,000. אין 1860 איז די צאָל אויסגעוואַקסן אויף אַ מיליאָן מיט 311 טויזנט אַרבעטער.

די ראַשיקע פאַרמערונג פון דער באַפעלקערונג האָט זיך אויסגעדריקט אין די פאָלגנדיקע ציפערן:

| צענדליק יאָר | באַפעלקערונג |
|---|---|
| 1790 | 3,929,214 |
| 1800 | 5,308,483 |
| 1810 | 7,239,881 |
| 1820 | 9,638,547 |
| 1830 | 12,866,020 |
| 1840 | 17,069,453 |
| 1850 | 21,191,876 |
| 1860 | 31,443,321 |

די אַנטוויקלונג פון אינדוסטריע פירט צו דער פאַרגרעסערונג און אויס־שפּרייטונג פון די שטעט. אין 1790 האָט קיין איינציקע שטאָט ניט פאַר־

מאַגט איבער 50 טויזנט איינוואוינער. ניו יאָרק, די גרעסטע שטאָט, האָט דעמאָלט געציילט 49,400 נפשות. 70 יאָר שפּעטער, און דאָס בילד איז אינגאַנצן אַנדערש. ניו יאָרק פאַרמאָגט אין 1860 איבער אַ מיליאָן איינוואוינער, פילאַדעלפיע איבער אַ האַלבן מיליאָן. אַלע שטעט האָבן שנעל פאַרגרעסערט זייער באַפעלקערונג. אַ קלײנער ישוב ווי שיקאַגאָ איז געוואַקסן מיט אויסערגעוויינלעכער שנעלקייט.

די ערשטע קריזיסן פון קאַפּיטאַליסטישער איבער־פּראָדוקציע

דער ראַשיקער טעמפּ פון אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג איז רעגלמעסיק איבערגעריסן געוואָרן פון גרויסע און שווערע קריזיסן. אַזעלכע קריזיסן זיינען אויסגעבראָכן כמעט יעדע צוואַנציק יאָר און האָבן פאַראורזאַכט אומגעהויערע ליידן פאַר דער אַרבעטער־באַפעלקערונג. דער ערשטער קריזיס איז געקומען אין 1819 ווי אַ רעזולטאַט פון קאַפּיטאַליסטישער איבער־פּראָדוקציע. די כאַאָטישע בויאונג פון נייע פאַבריקן, קאַנאַלן, באַנען (דעמאָלט האָט זיך באַוויזן די ערשטע באַן) האָט זיך געענדיקט מיט אַ קראַך. הונדערטער פאַבריקן האָבן זיך מיט איין מאָל צוגעמאַכט און צענדליקער טויזנטער אַרבעטער זיינען אַרויסגעוואָרפן געוואָרן אויף דער גאַס. הונגער האָט געשפּרייזט מיט ברייטע טריט איבער די אינדוסטריעלע שטעט. דער קריזיס איז פאַריבער און די קאַפּיטאַליסטן האָבן זיך ווידער גענומען פיבעריש צו בויען און פאַרגרעסערן זייערע פאַבריקן און געשעפטן. אַ נייע כוואַליע פון ספּעקולאַציעס און „בומס" (אויפגעשרויפטע הויכע פּרייזן אויף לאַנד און סחורות). ווידער האָט פּראָספּעריטי געקלאַפּט אין פענצטער. לאַנג האָבן די נייע גוטע צייטן ניט אָנגעהאַלטן. אַ צווייטע איבער־פּראָדוקציע האָט זיך באַוויזן און געבראַכט מיט זיך אַ קראַך אין 1837. טויזנטער געשעפטן האָבן באַנקראָטירט, פאַבריקן האָבן זיך צוגעשלאָסן און הונגער־נויט האָט אַרומגעכאַפּט מאַסן מענטשן, כאָטש דאָס לאַנד האָט פאַרמאָגט „צופיל" ברויט, קליידער, שיך און הייזער. דער צווייטער קריזיס האָט אָנגעהאַלטן גאַנצע פינף יאָר, ביז 1842. אין 1857 איז געקומען דער דריטער קריזיס. דער אוממיטלבאַרער רעזולטאַט פון די קריזיסן איז געווען ניט בלויז הונגער פאַר די אַרבעטער און זייערע פאַמיליעס, נאָר זיי האָבן אויך אָפּגעווישט די יונגע אָרגאַניזאַציעס, וואָס דער אַרבעטער־קלאַס האָט שוין געשאַפן אין יענע צייטן זיך צו פאַרטיידיקן געגן די פּראָפיט־זשעדנע אַרבעטגעבער און צו קעמפן פאַר בעסערע אַרבעט־באַדינגונגען און פאַר מער רעכט. יעדער קריזיס

האָט אויך גערינט ווי אַ געלעגנהייט פאַר די אַרבעטגעבער צו שנײַדן דעם לוין און פאַרערגערן די באַדינגונגען. אין דעם הינזיכט האָט זיך קיין זאַך ניט געענדערט פאַר דער גאַנצער צייט פון דעם אָנהויב פון דער רעפּובליק ביז איר לעצטן אימפּעריאַליסטישן פּעריאָד. שנײַדן דעם לוין און אָפּווישן די אויסגעקעמפּטע אַרבעט־באַדינגונגען אין אַ קריזיס איז די בעסטע פּאָליטיק פון די קאַפּיטאַליסטן אויך הײַנט צו טאָג.

דער דראַנג צום מערב האָט אָפּגעצויגן אַ סך אַרבעטער

אַ סך היסטאָריקער שטרײַכן אונטער דעם פאַקט, אַז די בעסערע באַדינגונגען וואָס די געוויסע הויך־קוואַליפיצירטע גרופּעס האָבן זיך דערשלאָגן אין סוף פונעם 19טן יאָרהונדערט, זײַנען אַ רעזולטאַט פון דעם מאַנגל אין געשולטע אַרבעט־הענט.

אָן צווייפל איז דאָס געווען אַ פאַקטאָר, כאָטש ניט דער אויסשליסלעכער. דער מאַנגל אין הויך־געשולטע אַרבעטער האָט זיך ניט אַלע מאָל געפילט גלײַך. די הויפּט־אורזאַך פון דעם מאַנגל איז געווען דער אומאויפהערלעכער מאַרש נאָך מערב (וועסט), וואָס איז אָפּגעשטעלט געוואָרן ערשט אין די נײַנציקער יאָרן פון דעם פאָריקן יאָרהונדערט, ווען די ריזיקע שטרעקעס פרייע לאַנד, וואָס טויגן פאַר קאָלאָניזאַציע, זײַנען אויסגעגאַנגען. גלײַכצײַטיק מוז מען האָבן אין זינען, אַז אַפילו די גרופּעס אַרבעטער האָבן געפירט שווערע און בלוטיקע סטרײַקס ביז וואַנען זיי האָבן געקראָגן דעם העכערן לעבנס־סטאַנדאַרד, וואָס האָט זיי שאַרף אויסגעטיילט פון דער אומגעשולטער מאַיאָריטעט פון אַרבעטער־קלאַס.

אין די ערשטע צוויי־דריטל פון דעם 19טן יאָרהונדערט האָבן אײַנצלנע אַרבעטער־גרופּעס געהאַט אַן אויסוועג און אַן אויסלייז פון שאַפּ און פאַבריק — זיך לאָזן אין דעם ווײַטן מערב (וועסט).

יעדן יאָר האָבן צענדליקער טויזנטער אָרעמע פאַרמער, אַרבעטער און סתם האָרעפּאַשניקעס אויסגעוואַנדערט פון די שטאַטן בײַ דעם אַטלאַנטישן אָקעאַן, און זײַנען געגאַנגען טיפער אין לאַנד. די לאָזונג: „יונגערמאַן, גיי אין מערב!" האָט אַרומגעכאַפּט הונדערטער טויזנטער מענטשן, וועמען עס איז שווער געוואָרן דאָס לעבן אין די באַזעצטע צפון־שטאַטן. פאַרמער, וואָס האָבן ניט געקענט מאַכן קיין לעבן פון אַ קליין שטיקל לאַנד, אַרבעטער, וואָס האָבן פאַרלאָרן זייער אַרבעט אָדער וועלכע האָבן ניט געוואָלט פאַרבלײַבן אינדוסטריעלע שקלאַפן, האָבן זיך צוזאַמענ־

געגומען אין גרופּעס און אין לאַנגע קאַראַוואַנען זיך געצויגן „איבער דער גרענעץ״. דעמאָלט האָט דאָס געמיינט ווייטער פון די שטאַטן אָהײאָ, אילינאָי, נעבראַסקאַ און אַנדערע. דער קריזיס פון 1819 און דער צווייטער קריזיס פון 1837 האָבן געטריבן אַ סך אַרבעטלאָזע אין דעם פרייען מערב. דער דראַנג נאָך מערב, מיט דעם פרייען לאַנד און די נייע מעגלעכקייטן, האָט אָן צווייפל שטאַרק באַאיינפלוסט די ערשטע אַנטוויקלונג פון דער יונגער אַרבעטער־באַוועגונג.*) עס האָט געשטערט די אויסקריסטאַליזירונג פון אַן איינהייטלעכן קלאַס. פרידריך ענגעלס האָט וועגן דעם זיך אויסגעדריקט: „ביז די פּערציקער יאָרן האָט ניט געקענט זיין קיין רייד פון אַן אַרבעטער־קלאַס צוליב דער אויסוואַנדערונג אין מערב.״

אַזוי איז אויפגעקומען די נייע אַמעריקע, די אַמעריקע פון דער ווייטער וועסט, וואָס האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויף דעם פּאַסיפישן (שטילן) אָקעאַן־ברעג. באַלד נאָכן בירגער־קריג — 1861—1865 — ווען די ערשטע רעלסן זיינען געלייגט געוואָרן ביז קאַליפאָרניע און דער גאַנצער גרויסער קאָנטינענט איז פאַרבונדן געוואָרן מיט אַ באַן־ליניע, איז די איינוואַנדערונג אין דעם ווייטן מערב געוואָרן גרעסער. אָבער דער אָפּפלוס פון אַרבעטער, וואָס האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין דער באַזעצונג פון דער ווייטער וועסט, איז פאַרגיכטיקט געוואָרן פון אַנדערע צוויי אַרבעט־קוואַלן.

### מיליאָנען אימיגראַנטן האָבן געבויט די אַמעריקאַנישע אינדוסטריעס

די אַמעריקאַנישע קאַפּיטאַליסטן האָבן שנעל אויסגעפונען, אַז פרויען, קינדער און אימיגראַנטן זיינען שטענדיקע שטראָמען פון ביליקער אַרבעט־קראַפט פאַר זייערע פאַבריקן. דאָס איז אויך ניט געווען קיין דערפינדונג פון די אַמעריקאַנישע קאַפּיטאַליסטן. דער ענגלישער קאַפּיטאַליזם, דער עלטסטער אויף דער וועלט, האָט אויך געבויט זיין אינדוסטריעלע מלוכה מיט דער שווערער פּראַצע פון פרויען און קינדער. די ענגלישע טעקסטיל־אינדוסטריע אין סוף פון 16טן און אין 17טן און 18טן יאָרהונדערט, האָט באַשעפטיקט מערסטנטיילס פרויען און קינדער, וועלכע האָבן געפּראַצעוועט לאַנגע שטונדן פאַר אַ הונגער־לוין. דער צווייטער שטראָם אַרבעט־הענט, די אימיגראַנטן, איז שוין געווען אַ ריין־אַמעריקאַנישע דערשיינונג.

די „נייע וועלט״ האָט נאָך אַלץ געגילט אין די אָרעמע געסלעך און

*) קיין סך פרייע לאַנד איז אין מיטל־מערב ניט געווען. גרויסע באַן־קאָמפּאַניעס האָבן אַרויסגעקראָגן פון קאָנגרעס צענדליקער מיליאָנען אַקער אין דעם מיסיסיפּי־טאָל און ביי די אָהײאָ און מיזורי טייכן.

פאַרהונגערטע דערפער פון אייראָפּע ווי אַ גן־עדן. שיף־קאָמפּאַניעס און קאַפּיטאַליסטישע רעקרוטירונג־אַגענטן האָבן ענערגיש צוגעלייגט אַ האַנט אויפצוהאַלטן דעם גלאַנץ פון דער נייער וועלט פאַר די מיליאָנען האָרעפּאַש־ניקעס אין דער אַלטער וועלט. טריקעניש, קריזיסן, כראָנישע אַרבעטלאָזיקייט, מלחמות, פאַרפאָלגונגען און רעוואָלוציעס, האָבן פאַרשטאַרקט דעם אימי־גראַציע־שטראָם. פאַר מיליאָנען אָרעמע מענטשן איז געווען אַן אידעאַל זיך אַריבערקלייבן אין די פאַראייניקטע שטאַטן. פאַמיליעס האָבן געקליבן גראָשן צו גראָשן צו קענען אַריבערשיקן איין מיטגליד אין אַמעריקע און ער זאָל שפּעטער אַריבערנעמען די גאַנצע פאַמיליע.

די אימיגראַציע האָט דעריבער געשפּילט אַ קאָלאָסאַלע ראָל אין דעם וואוקס און אַנטוויקלונג פון די פאַראייניקטע שטאַטן. גאַנצע אינדוסטריעס זיינען געבויט געוואָרן פון אימיגראַנטן. אזא גרונט־אינדוסטריע, ווי שטאָל און אייזן, וואָס איז דער רוקנביין פון דער אינדוסטריעלער ווירטשאַפט, איז כמעט אויסשליסלעך אַנטשטאַנען פון דער שווערער האָרעוואַניע פון הונ־דערטער טויזנטער אימיגראַנטן.

די ערשטע און וויכטיקסטע מאַסן־אימיגראַציע איז געקומען פון דייטש־לאַנד. אין די 20 יאָר פון 1841 ביז 1861 האָבן געלאַנדעט אויף די ברעגן פון די פאַראייניקטע שטאַטן צוויי מיליאָן אימיגראַנטן פון דייטשלאַנד.

די צווייטע וויכטיקסטע מאַסן־אימיגראַציע ערב דעם בירגער־קריג פעריאָד איז געקומען פון אירלאַנד. דער גרויסער הונגער אין דעם קליינעם לאַנד און די גרויזאַמע פאַרפאָלגונגען פון די ענגלישע קאַפּיטאַליסטן געגן די אָרעמע אירלענדישע פאַרמער, האָבן כמעט אויסגעליידיקט אירלאַנד פון אירע איינוואוינער. אין די 10 יאָר צווישן 1850 און 1860 זיינען אָנגעקומען אַהער פון אירלאַנד 740,000 אימיגראַנטן.

| יאָרן | צאָל אימיגראַנטן |
|---|---|
| 1830—1821 | 151,824 |
| 1840—1831 | 599,125 |
| 1850—1841 | 1,173,251 |
| 1860—1851 | 2,598,214 |

„די אימיגראַנטן זיינען געווען אַ העכסט־וויכטיקער פאַקטאָר אין דעם אינדוסטריעלן אויפבוי פון לאַנד. אָנקומענדיק אין אַ צייט, ווען עס איז געווען אַ דרינגענדיקע פאָדערונג פאַר אַרבעטער, האָבן די אימיגראַנטן דורכ־געפירט אומפאַרמיידלעך־נויטווענדיקע אַרבעטן אין גראָבן קאַנאַלן, לייגן באַן־וועגן, עפענען נייע טיילן לאַנד און אין פאַרגרעסערן די אַרבעט־אַרמיי אין די נייע פאַבריקן. דער גרעסטער טייל פון די אימיגראַנטן איז אַן

צווייפל באשטאנען פון אומקוואליפיצירטע ארבעטער. אבער ארבעטער פון דעם סארט זיינען שטארק נויטיק געווען אין א ניי לאנד, וואס פאדערט א סך פראסטע און שווערע פראצע. טויזנטער פון די אימיגראנטן זיינען אויך געווען גוטע בעל-מלאכות פון אלערליי פאכן, ארויסרעכענענדיק געצייג-ארבעטער, אינזשענירן, מאלער, מוזיקער א. ד. ג. אט-די עלעמענטן האבן ביי-געטראגן זייער וויסן און געשולטקייט, וואס האט זיך אזוי שטארק גע-פאדערט צו אנטוויקלען די נייע אינדוסטריע." (ליפינקאט, עקאנאמישע אנטוויקלונג פון די פאראייניקטע שטאטן, זייטן 137-138.)

## פרויען און קינדער געטריבן אין די נייע פאבריקן

אין געיעג נאך ביליקער ארבעט־קראפט האבן די פאבריקאנטן געיאגט פרויען און קינדער אין די נייע פאבריקן, באזונדערס אין די טעקסטיל־פאבריקן. וואס מער נייע מאשינען עס זיינען איינגעפירט געווארן אלץ מער איז פאראיינפאכט געווארן דער ארבעט־פראצעס. די דערפינדונג פון דאמף האט מעגלעך געמאכט מאשינען, וואס האבן איינגעפירט א גוואלדיקע צע־טיילונג אין דער פראדוקציע. די צעטיילונג האט נאך שטארקער אפגעשוואכט די נויטווענדיקייט אין דער פריערדיקער געשולטקייט פון דעם ארבעטער. דאס, ווידער, האט פארגרינגערט דאס באשעפטיקן פון פרויען און קינדער אויפן פלאץ פון דערוואקסענע מענער.

אין ניו ענגלאנד, דאס וויגעלע פון דער טעקסטיל־אינדוסטריע, זיינען שפינדלען און וועב־שטולן צוגענומען געווארן פון די פריוואטע היימען און זיינען פארביטן געווארן מיט מאשינען געטריבן פון דאמף. טויזנטער פרויען און קינדער, וואס פלעגן אהיימנעמען ארבעט, זיינען געבליבן אן באַ־שעפטיקונג און אן מיטלען צום לעבן. דער איינציקער אויסוועג פאר זיי איז געווען גיין אין פאבריקן. ביז היינט נאך איז די טעקסטיל־אינדוסטריע די גרעסטע לויט דער פראפארציע פרויען און קינדער וואס זיינען אין איר באשעפטיקט. א צווייטע אינדוסטריע, וואס איז כמעט אויסשליסלעך אויס־געוואקסן אויף דער עקספלואטאציע פון פרויען און קינדער, איז די שפייז־פרעזערוון אינדוסטריע (קענערים), וואו עס הערשן נאך איצט מיזעראבעלע ארבעט־באדינגונגען. וועגן דעם וועט דער לייענער געפינען אין די ווייטער־דיקע קאפיטלעך.

פראפעסאר קאמאנס, אין זיין געשיכטע פון ארבעט אין די פאראייניקטע שטאטן, באשרייבט דעם וויכטיקן ארט וואס פרויען און קינדער האבן פאר־נומען אין דער אינדוסטריע אין די ערשטע צענדליק יאר פון דעם 18טן יארהונדערט.

„אין 1831 זיינען אין די זעקס ניו ענגלאַנדער שטאַטן און אין ניו יאָרק, ניו דזשוירזי, פּענסילוויניע, מערילאַנד און ווירדזשיניע (דאָס מיינט דעם גאַנצן אינדוסטריעלן טייל לאַנד — מ. ע.) איבער העלפט פון אַלע אַרבעטער געווען פרויען און קינדער. צו זיין גענוי, 58.1 פּראָצענט פון אַלע באַשעפטיקטע האַנט-וועבער זיינען געווען פרויען און 7 פּראָצענט קינדער אונטער 12 יאָר. אין לאָועל, מאַסאַטשוזעטס, האָבן די טעקסטיל-פאַבריקן אין 1833 באַשעפטיקט נאָר 1,200 מענער און 3,800 פרויען און אין 1834 — 4,500 פרויען פון דער אַלגעמיינער צאָל פון 6,000 אַרבעטער. אין פּעטערסאָן, ניו דזשוירזי, אין 1830, איז די פּראָפּאָרציע געווען צוויי טויזנט מענער צו דריי טויזנט פרויען. אין 1835 האָט מען אויסגערעכנט, אַז פון יעדע 1,900 ביז 2,000 טעקסטיל-אַרבעטער, זיינען אַרום 600 מינדעריעריקע (אונטער 16 יאָר). אין דעם צעטל גייען ניט אַריין די האַנט-וועבער. אין ניו ענגלאַנד האָט אַ קאָמיטעט פון דער ניו ענגלאַנדער אַסאָסיאיישאַן פון פאַרמער, מעקעניקס (קוואַליפיצירטע אַרבעטער) און אַנדערע אַרבעטער אויסגערעכנט, אַז פולע צוויי-דריטל פון די באַשעפטיקטע אין אַלע פאַבריקן זיינען קינדער אונטער 16 יאָר. אין אַנדערע שטאַטן, זאָגט מען, ווערן די לערנער, פּונקט ווי אין ניו ענגלאַנד, גענומען גלייך פון די יתומים-אַנשטאַלטן אין די פאַבריקן.” (קאָמאָנס, זעלבער בוך, זייטן 173-174.)

טעקסטיל איז ניט געווען די איינציקע אינדוסטריע וואו פרויען און קינדער האָבן געשאַפן רייכטימער פאַר די קאַפּיטאַליסטן. מערי בירד, אין איר קורצע געשיכטע פון דער אַמעריקאַנישער אַרבעטער־באַוועגונג שרייבט:

„אין 1837 זיינען געווען אַרום 100 באַשעפטיקונגען, אין וועלכע פרויען האָבן געאַרבעט פאַר נידעריקן לוין און לאַנגע שטונדן. עס איז באַוואוסט, אַז אין דער שיך-אינדוסטריע אין מאַסאַטשוזעטס זיינען געווען באַשעפטיקט 15,000 פרויען. הונדערטער פון זיי האָבן פאַרדינט פון אַכט ביז פערציק אָדער העכסטנס פופציק סענט אַ טאָג.” (מערי בירד, שאָרט היסטאָרי א. אַז. וו., זייטן 47-48.)

וואָס ווייטער דער קאַפּיטאַליזם האָט זיך אַנטוויקלט, אַלץ גרעסערע מאַסן פרויען און קינדער זיינען אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער אינדוסטריע. די פאַמיליע, וואָס דאַרף, לויט די פייערלעכע פאַרזיכערונגען פון אַלע בורזשואַזע שרייבער און פּאָליטיקער, זיין דער פונדאַמענט פון דער אַמעריקאַנישער ציוויליזאַציע, איז אומברחמנותדיק צעריסן געוואָרן פון קאַפּיטאַליסטישן „פּראָגרעס”. די פרויען און קינדער וועלכע זיינען געטריבן געוואָרן פון זייער היים־פּראָדוקציע צו די מאַשינען אין די פאַבריקן האָבן מיט דער נייער ענדערונג ניט פאַרבעסערט זייער לאַגע. פאַרלירנדיק די לעצטע שפּורן פון זעלבסטשטענדיקייט — די אייגענע געצייג מיט וועלכע זיי האָבן ביז

איצט געאַרבעט — זיינען זיי פאַרוואַנדלט געוואָרן אין „פרייע" אינדוסטריעלע שקלאַפן, פריי צו פאַרקויפן זייער אַרבעט־קראַפט אויף די באַדינגונגען פון דעם קאַפּיטאַליסט, פריי צו זאָרגן וואָס דער מאָרגן וועט זיי ברענגען, פריי צו הונגערן ווען ס'איז ניטאָ קיין אַרבעט. פריער די דאַמף־מאַשין, שפּעטער די מאַשין געטריבן פון גאַז און וואַסער־קראַפט מיט דער וואונדערבאַרער טעכניק וואָס זיי האָבן געבראַכט, האָבן אויסגעשפּרייט און פאַרשטאַרקט די הערשאַפט פון די קאַפּיטאַליסטן. האַנטוווערקעריי איז אינגאַנצן פאַרשוואונדן. קליין־פּראָדוקציע האָט געמוזט אָפּטרעטן דעם פּלאַץ דער מאָדערנער מאַסן־פּראָדוקציע מיט אירע סטאַנדאַרטיזירטע מעטאָדן. מיט דער הילף פון דער מאַשין איז דער מאָדערנער קאַפּיטאַליזם אריינגעדרונגען אין די סאַמע ווייטסטע ווינקעלעך פון לאַנד. און ווען דער מאָדערנער קאַפּיטאַליזם האָט זיך אָנגעשטויסן אין דער לעצטער און אַלטער פעסטונג פון פעאָדאַליזם — די דרום־שטאַטן מיט זייער בוימוואָל־פּראָדוקציע געבויט אויף נעגער־שקלאַפעריי — האָט ער די אַלטע און לעצטע פעסטונג צעשמעטערט אין דעם בירגער־קריג. דאָס גאַנצע לאַנד איז אַרונטערגעפאַלן אונטער דער מאַכט פון קאַפּיטאַליזם.

## גרויזאַמע עקספּלואַטאַציע, אָרעמקייט און רעכטלאָזיקייט

וואָס איז געווען די פּאָליטישע, עקאָנאָמישע און סאָציאַלע לאַגע פון אַרבעטער־קלאַס?

פּאָליטיש איז דער אַרבעטער־קלאַס געווען בארויבט פון זיינע רעכט. וואַל־רעכט האָבן פאַרמאָגט נאָר די רייכע. וואָס אָנבאַלאַנגט זיין עקאָנאָמישער און סאָציאַלער לאַגע איז פּראָפעסאָר מעקמאַסטער אַ גוטער אויטאָריטעט.

„די עקאָנאָמישע און סאָציאַלע לאַגע פון די אַרבעטער אין די שטעט האָט שטאַרק געפאָדערט רעפאָרמען. דער שטראָם אָרעמע לייט, דער איבער־געפילטער אַרבעט־מאַרק, די שטענדיקע, שטייגנדיקע צאָל אַרבעטלאָזע, די וואוינונג-באַדינגונגען פון די אָרעמע, די אַנטשטייאונג פון די טענעמענט-הייזער (געדיכטע, אומסאַניטאַרישע הייזער), די ענגשאַפט פון דער באַפעלקערונג און אירע באַגלייטער, קאָמערציעלע זינד און פאַרברעכן פאַר-אורזאַכט פון נידעריקן לוין און אַרבעטלאָזיקייט, זיינען אויסגעוואַקסן צו אַן ערנסטער פּראָבלעם.

„אַ ניט-קוואַליפיצירטער אַרבעטער האָט זיך באַטראַכט גליקלעך, אויב ער האָט פאַרדינט 75 סענט פאַר אַ צוועלף-שטונדיקן אַרבעט-טאָג. הונדערטער זיינען צופרידן געווען צו אַרבעטן פאַר 35 סענט און 25 סענט אַ טאָג אין

ווינטער. ארבעטער וואָס האָבן געאַרבעט ווינטער נאָר פּאָר זייער אויפ־האַלטונג, איינגאַנצן אָן לוין, זיינען ניט געווען קיין זעלטענע דערשיינונג. די פאַרדינסטן פון די פרויען זיינען געווען נאָך נידעריקער.״ (מעקמאַסטער, געשיכטע פון דער שקלאַפן־פראַגע, פערטער באַנד, זייט 121.)

פּראָפעסאָר קאָמאָנס דערציילט וועגן די אַרבעט־שטונדן אין דעם אינ־דוסטריעלן מאַסאַטשוזעטס. „די אַרבעט־שטונדן אין לאָועל, אַ טעקסטיל־צענטער פון מאַסאַטשוזעטס, האָבן באַטראָפן פון 11 שטונדן און 24 מינוט אין דעצעמבער און יאַנואַר, ביז 13 און אַ האַלב שטונדן אין אַפּריל. אין דער וואָך האָט עס אויסגעמאַכט איבער 73 אַרבעט־שטונדן. אין דער מערהייט מיטל־, מערב־ און דרום־שטאַטן איז די דורכשניטלעכע אַרבעט־וואָך געווען נאָך אַ גרעסערע. אַרום 82 און אַ האַלב שטונדן זומער און אַרום 75 און אַ האַלב שטונדן ווינטער.״ מיט אַזעלכע אוממענטשלעך לאַנגע אַרבעט־שטונדן האָבן די קאַפּיטאַליסטן פּאַרווירקלעכט אין לעבן אַן אַנדער פּרום אַמעריקאַנישן געבאָט: „קיפּ די האָום פּייערס בוירנינג״ (אויפהאַלטן דאָס פאַמיליע־לעבן).

אַ קורצע אָבער אַ בילדלעכע באַשרייבונג פון דער לאַגע פון די פאַבריק־אַרבעטער געפינען מיר אין דעם בוך פון פּראָפעסאָר א. שלעזינגער, פּאָליטיקעל ענד סאָשעל היסטאָרי אָוו די יונייטעד סטייטס, זייטן 6־7:

„די אַרבעט־באַדינגונגען אין די פאַבריקן, האָבן מיט קליינע אויסנאָמען מער אויסגעמאַטערט די אַרבעטער ווי אין די האַנטוועריקער־וואַרשטאַטן. די פאַבריקן, גרויסע, פינצטערע געביידעס אָן געהעריקער ווענטילאַציע, ליכט און סאַניטאַרישע באַדינגונגען. דער פאַרדינסט אַ קלענער. דער אַרבעט־טאָג אַזוי ווי אין די האַנטוועריקער־וואַרשטאַטן, פון פינצטער ביז פינצטער. 60 פּראָצענט פון די טעקסטיל־אַרבעטער אין דעם גאַנצן אַטלאַנטישן ים־ברעג זיינען געווען פרויען. 7 פּראָצענט — קינדער אונטער 12 יאָר, וועלכע האָבן געאַרבעט זייער לאַנגע שטונדן.״

דערצו האָבן אַ סך פאַבריקאַנטן אַכטונג געגעבן, אַז זייערע אַרבעטער זאָלן חלילה ניט ווערן גאָטלאָז, און פאַרפעלן צו גיין זונטיק אין קירך. די פאַבריקאַנטן פלעגן צווינגען די אַרבעטער צו גיין צום גאָטעסדינסט זונטיק. אַזוי אַרום האָט דער אַרבעטער ניט געהאַט קיין פרייע צייט פאַר זיך און זיין פאַמיליע אפילו אין דעם איינציקן רו־טאָג אין וואָך.

מיר האָבן געבראַכט ציפערן וועגן די פאַרדינסטן פון די פרויען. די פאַרדינסטן פון די מענער זיינען ניט געווען קיין סך אַנדערש. אין אַ ביכל איבער די צדקה־אַנשטאַלטן אין פילאַדעלפיע אין יאָר 1829 איז דערציילט,

אז טויזנטער ארבעטער זיינען גרייט צו גיין הונדערטער מיילן פון זייערע היימען, צו גראבן קאנאלן, אויסלייגן באן־וועגן, פאר א לוין פון 62 ביז 67 סענט א טאג. דערביי דארפן זיי צאלן נאענט צו צוויי דאלאר א וואך פאר זייער אויפהאלטונג און ארבעטן אונטער שרעקלעכע באדינגונגען, ווי אין קאנאוועס און בלאטעס. דער פארפאסער פון דעם ביכל רעכנט נאך אויס, אז א פרוי אן קינדער אין ניו ענגלאנד פארדינט אין דער קליידער־אינדוסטריע ניט מער ווי $58.50 א יאר. א פרוי מיט קינדער פארדינט נאר ארום $36.40 א יאר. (מערי בירד, שארט היסטארי א. אז. וו., זייט 48.)

צו בארעכטיקן די לאנגע שטונדן און דעם הונגער־לוין האבן די קאפי־טאליסטן געשאפן א טעאריע, אז פאר די ארבעטער אליין איז געזינטער אזוי. גרעסערע פארדינסטן און קירצערע ארבעט־שטונדן וועט פארדארבן די ארבעטער, פארוואנדלען זיי אין פוילענצער און אנטוויקלען אין זיי שלעכטע געוואוינהייטן. א לעבן פון לוקסוס איז גוט נאר פאר די רייכע. די ארבעטער טארן ניט קריגן דעם מינדעסטן באגריף וואס א גרינג לעבן מיינט, ווייל עס וועט זיי טרייבן אויף א שלעכטן וועג.

מיט פארטיקע פסוקים פון דעם נייעם טעסטאמענט האבן די גלחים געפריידיקט פון די אלטארן, אז „דער וואס ארבעט שווער און ליידט א סך, וועט זיכער ארייננקומען אין גן־עדן אויף יענער וועלט." און נאך פון דעם סארט פרומע זאגעכצן. די עפנטלעכע מיינונג, די פרעסע, און די געזעצ־געבונג־אנשטאלטן זיינען געשטאנען מיט די קאפיטאליסטן און האבן גע־שטיצט אט־די טעאריע, אז א בעסערער לעבן און מער פרייע צייט איז שעדלעך פאר די ארבעטער.

אין אזעלכע אומבאשרייבלעך דריקנדיקע און רעכטלאזע באדינגונגען האבן זיך באוויזן די ערשטע אויסדרוקן פון ארבעטער־קאמף און ארבעטער־באוועגונג.

## זעקסטער קאַפּיטל

# דער אָנהויב פון אָרגאַניזירטן אַרבעטער־קאַמף

יונגער אַרבעטער-קלאַס באַשטייט פון געמישטע עלעמענטן. — די ערשטע סטרייקס און ערשטע יוניאָנס. — קוואַליפיצירטע אַרבעטער קעמפן געגן סוועט-שאַפּ באַדינגונגען. — די מיליטאַנטישקייט פון די ערשטע סטרייקס. — פּיקעטס און סטרייק-שטיצע. — סטרייקס, אַ מיליטערישע שול פאַר די אַרבעטער.—קאַפּיטאַליסטן מאָביליזירן רעגירונג געגן סטרייקער. — דער אָנהייב פון דעם געריכטלעכן פאַרבאָט אויף סטרייקס און יוניאָנס.—קריזיסן צעשמעטערן ערשטע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס.

קאַפּיטאַליזם, צעשמעטערנדיק די פעאָדאַלע אָרדענונג, געבויט אויף לייב־קנעכט און קליין־ווירטשאַפט, האָט אַריינגעצויגן גרויסע מאַסן מענטשן פון דאָרף און פון שטאָט אין די פאַבריקן. באַרויבנדיק די הונדערטער טויזנטער אָרעמע אַרבעטער און האַנטווערקער פון די לעצטע שפּורן זעלבסט־שטענדיקייט, האָט ער זיי דערמיט פאַרוואַנדלט אין פּראָלעטאַריער, מענטשן וואָס מוזן פאַרקויפן זייער אַרבעט־קראַפט צו קענען לעבן.

דער וואוקס פון קאַפּיטאַליסטישער אינדוסטריע האָט באַשאַפן דעם אַרבעטער־קלאַס, וועמעס היסטאָרישע אויפגאַבע איז אָפּצושאַפן דעם קאַפּי־טאַליזם. אָבער דער אַרבעטער־קלאַס אַליין איז ניט באַשטאַנען פון איין אויסגעגאָסענעם שניט. אין די פאַבריקן און שעפּער איז אַריינגעוואָרפן געוואָרן אַ געמישטער עלעמענט; פאַרמער און געשולטע האַנטווערקער, אימיגראַנטן און געבוירענע אַמעריקאַנער, קוואַליפיצירטע און האַלב־קוואַלי־פיצירטע אַרבעטער. עס האָט געמוזט דויערן אַ לייענגערע צייט ביז די אַלע אומגלייכע עלעמענטן זיינען איבערגעשמאָלצן געוואָרן אין דעם פאַבריקס־קעסל אין אַן איינהייטלעכן קלאַס, וואָס איז באַוואוסטזיניק וועגן זיינע אינטערעסן ווי אַ קלאַס.

די בעל־מלאכות האָבן אויך געהאַט געוויסע טראַדיציעס פון אָרגאַני־זאַציע. זיי האָבן פריער באַלאַנגט צו פאַרשיידענע געזעלשאַפטן צוזאַמען מיט די מייסטער בעל־מלאכות. דער צוועק פון יענע געזעלשאַפטן איז געווען צו רעגולירן די אינערלעכע לאַגע אין די פאַכן, באַשריינקען די צאָל לערנער,

אויפהאַלטן די פּרייזן אויף סחורות און זיך באַוואָרענען מיט געגנזייטיקער הילף אין פאַל פון קראַנקהייט און טויט. די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציע האָט פאַרטיליקט אָט־די מייסטער־געזעלשאַפטן. דער מייסטער וואָס האָט זיך אַרויפגעאַרבעט צו דער מדרגה פון אַ קאַפּיטאַליסט האָט מער ניט געקאָנט נאַרן זיינע אַרבעטער מיט רייד פון געמיינשאַפטלעכע אינטערעסן. די אַר־בעטער האָבן קלאָר געזען, אַז זייערע אינטערעסן און די אינטערעסן פון באַלעבאָס אין שאַפּ זיינען געגנזעצלעכע.

ווי אין אַלע קאַפּיטאַליסטישע לענדער, זיינען די געשולטע בעל־מלאכות און די קוואַליפיצירטע אַרבעטער געווען די ערשטע אַרויסצוטרעטן אין אָרגאַניזירטן קאַמף קעגן די רויבערישע אַפּעטיטן פון די אַרבעטגעבער. די ניט־געלערנטע פאַבריק־הענט טרעטן אַריין אין קאַמף שפּעטער. די אורזאַך דערפון איז ניט שווער צו פאַרשטיין. די קוואַליפיצירטע אַרבעטער האָבן פאַרנומען די וויכטיקע פּאָזיציעס אין דער אינדוסטריע. זיי האָבן פאַרמאָגט דעם שטאָלץ, וואָס קומט פון געשולטקייט. זיי זיינען אויך געווען קלענער אין צאָל, איז זיי גרינגער געווען זיך צוזאַמענריידן פאַר געמיינזאַמער אַקציע. די פאַבריק־הענט זיינען געווען ניט געשולט, יונג ווי פּראָלעטאַריער און האָבן נאָך ניט פאַרמאָגט דעם באַוואוסטזיין פון זייער כח.

### שיך־אַרבעטער און דרוקער ערשטע צו סטרייקן

ווי ווייט עס איז באַוואוסט, איז דער ערשטער סטרייק אין אַמעריקע פאָרגעקומען אין פילאַדעלפיע אין 1786. די דרוק־אַרבעטער זיינען געווען די ערשטע אַרויסצוגיין אין סטרייק פאַר אַ מינימום־לוין פון $6 אַ וואָך, אונטער וועלכן קיינער זאָל ניט טאָרן אַרבעטן, ווי שוואַך ער זאָל ניט זיין אין זיין געשולטקייט. די בעסערע אַרבעטער האָבן באַדאַרפט קריגן איבער דעם מינימום־לוין. דער צווייטער סטרייק פון וועלכן מען ווייסט איז פאָרגע־קומען אין 1791, אויך אין פילאַדעלפיע, ווען די הויז־סטאָליאַרעס האָבן דער־קלערט אַ סטרייק פאַר אַ 10־שטונדיקן אַרבעט־טאָג. די מאַטראָסן אינם האַפן פון באַלטימאָר האָבן דורכגעפירט עטלעכע סטרייקס אין 1795, 1805 און 1807. אַ גרויסער סטרייק, באַגלייט מיט אומרוען און גוואַלדטאַטן מצד דער פּאָליציי, איז פאָרגעקומען אין באַלטימאָר אין 1817, ווען די שיף־בוי אַרבע־טער האָבן געוואָרפן די אַרבעט. אין מאַסאַטשוזעטס זיינען אין די ערשטע יאָרן פון דער רעפּובליק פאָרגעקומען אַ סך סטרייקס, אָבער קיינער פון די באַ־אַמטע האָט ניט געפונען פאַר נויטיק צו פאַרצייכענען אָט־די ערשטע אַרויס־

טרעטונגען פון דעם יונגן ארבעטער־קלאס. ערשט נאָך 1820 געפינען מיר דאָקומענטן וועגן די ארבעטער־קאמפן.

אין נאָרמאלע ציימן איז א סטרייק דער העכסטער אויסדרוק פון ארבעטער־אומצופרידנקייט מיט זייערע ארבעט־ און לעבנס־באַדינגונגען. דער סטרייק ברענגט ארויס דעם אָרגאַניזירטן ווילן פון די ארבעטער אויס־צוקעמפן בעסערע באַדינגונגען מיט דער הילף פון זייער איינציקן וואפן — סאָלידארישע אקציע צו פאראליזירן די פּראָדוקציע.

א סטרייק איז גלייכצייטיק אויך אן אויסגעצייכנטע שול פון קלאסנ־קאמף. די ארבעטער, ווי אָפּגעשטאנען זיי זאָלן ניט זיין, קומען אין דירעקטער באַרירונג און צוזאַמענשטויס, ניט נאָר מיט זייערע אייגענע ארבעטגעבער, נאָר אויך אָפט מיט אַלע ארבעטגעבער אין דער זעלבער אינ־דוסטריע, מיט זייער פּאָליציי, געריכט, רעגירונג, און זייער עפנטלעכער מיינונג. די דערפארונג, וואָס די סטרייקער מאַכן דורך, מוז באאיינפלוסן זייער געדאנק. עס פארשטייט זיך, עס ווענדט זיך אָן דער פירערשאפט פון סטרייק ווי וויים דערפארונג ווערט איבערגעזעצט אין קלאָרע באוואוסטזיניקע טערמינען פון קלאסנקאמף. א סטרייק מוז אָרגאניזירט ווערן. אפילו ווען דער סטרייק ברעכט אויס ספּאָנטאן, פאָדערט זיך א מינימום אָרגאניזאציע פאר זיין אָנפירונג, אונטערהאנדלונגען מיט די ארבעטגעבער, א. ד. גל. א ספּאָנטאנער סטרייק באשאפט אן אָרגאניזאציע, וואָס זאָל אכטונג געבן, אז די געוואונענע באַדינגונגען זאָלן אָנגעהאלטן ווערן אין די שפּעטער נאָך דעם סטרייק.

אין די פאראייניקטע שטאטן איז דער סטרייק און די אָרגאניזאציע (טרייד־יוניאָן) געקומען אין דער זעלבער צייט. אָבער ניט אַלע ארבעטער־אָרגאניזאציעס האָבן געהאט לאנגע יאָרן. גרעסטנטייל זיינען זיי שנעל אויפ־געקומען און פּונקט אזוי שנעל אומגעקומען. א פארלאָרענער סטרייק האָט געבראַכט א סוף צו דער יוניאָן. א קריזיס, מיט זיין ווייט־פארשפּרייטער ארבעטלאָזיקייט, האָט אָפּגעווישט די אויסגעקעמפטע געווינסן און די אָרגאניזאציע.

## ארבעטגעבער ווערן אויסגעשלאָסן פון די ארבעטער־אָרגאניזאציעס

די ערשטע אָרגאניזאציע פון לוין־ארבעטער איז געווען פון שוסטער אין פילאדעלפיע אין 1792. די אָרגאניזאציע האָט זיך געהאלטן איין יאָר. צוויי יאָר שפּעטער האָבן די זעלבע שוסטער זיך אָרגאניזירט א צווייטן מאָל.

די אָרגאַניזאַציע האָט עקזיסטירט ביז 1806. איר נאָמען איז געווען פעדעראַל סאָסייעטי אָװ דזשורנימען קאָרדוויינערס. אין 1799 האָט די אָרגאַניזאַציע געפירט אַ סטרייק, וואָס האָט אָנגעהאַלטן 10 וואָכן. דאָס איז געווען דער ערשטער אָרגאַניזירטער סטרייק אין דער שיך־אינדוסטריע. סטרייקס פון ניט־אָרגאַניזירטע ארבעטער זיינען אין יענעם פעריאָד פאָרגעקומען אַ סך. זייערע רעזולטאַטן זיינען אומבאַוואוסט.

דער צווייטער פאַך, וואָס האָט פרי אָנגעהויבן זיך צו אָרגאַניזירן, זיינען געווען די דרוקער. פריער האָבן די ארבעטגעבער און די ארבעטער אין דרוקער־פאַך באַלאַנגט צו די זעלבע אָרגאַניזאַציעס. די ארבעטגעבער האָבן אויסגענוצט די צעך־פּאָראורטיילן פון די הויך־קוואַליפיצירטע דרוק־ארבע־טער כדי אָפּצוהאַלטן זיי פון גרינדן אייגענע ארבעטער־אָרגאַניזאַציעס. אין 1809 גרינדן די דרוק־ארבעטער אין ניו יאָרק אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס דער־קלערט: „די אינטערעסן פון די ארבעטגעבער און פון די ארבעטער זיינען נעגנזייטיק.” אָבער אין 1817 האָט די זעלבע אָרגאַניזאַציע אויסגעשלאָסן אַן ארבעטגעבער פון אירע רייען און דערביי פּראָקלאַמירט דעם פאָלגענדן פּרינציפּ:

> „דערפאַרונג לערנט אונז, אַז די האַנדלונג פון מענטשן ווערט כמעט אינ־גאַנצן באַאיינפלוסט פון זייערע אינטערעסן. דעריבער איז פאַקטיש אומ־מעגלעך פאַר אַ געזעלשאַפט אָנצוגיין מיט אירע אויפגאַבן, ווען אירע מיט־גלידער זיינען באַזעלט פון געגנזעצלעכע מאָטיוון און באַזונדערע אינטערעסן. דאָס איז אַ געזעלשאַפט פון געזעלן-דרוקער. אַזוי ווי די אינטערעסן פון די געזעלן זיינען באַזונדער און אין אַ געוויסער הינזיכט געגנזעצלעך פון די אינטערעסן פון די ארבעטגעבער, האַלטן מיר פאַר ניט ראַטזאַם, אַז די ארבעטגעבער זאָלן האָבן אַ שטימע און איינפלוס אין די פאַרהאַנדלונגען פון אונזער געזעלשאַפט.”

דאָס איז דער ערשטער פּראָלעטאַרישער, כאָטש ניט פולער, צוגאַנג פון ארבעטער, וואָס זיינען פאַררעכנט געווען — און זיינען נאָך היינט אויך פאַררעכנט — צווישן דער ארבעטער־אַריסטאָקראַטיע. ניט דורך טעאָריע אָדער דרויסנדיקער אַגיטאַציע, נאָר דורך זייער אייגענער דערפאַרונג זיינען די דרוק־אַרבעטער מיט 117 יאָר צוריק געקומען צום שלוס, אַז זייערע אינ־טערעסן און די אינטערעסן פון זייערע ארבעטגעבער זיינען ניט די זעלבע, אַ פונדאַמענטאַלער אמת, וואָס דער גאָמפּערסיזם האָט געלייקנט און באַ־שטריטן אין דעם ערשטן פערטל פון 20סטן יאָרהונדערט. די שיך־ארבעטער אין ניו יאָרק זיינען געקומען צום זעלבן שלוס נאָך מיט 12 יאָר פריער,

כאַטש זיי האָבן עס ניט פאָרמולירט אַזוי קלאָר ווי די דרוק־אַרבעטער. אין 1805 האָבן די שיך־אַרבעטער באַשלאָסן זיך אָפּצוזייסן פון זייערע אַרבעט־געבער און שאַפן אַן אייגענע אָרגאַניזאַציע. די אורזאַך איז אָנגעגעבן געוואָרן:

„איבערצייגט אין דער גערעכטיקייט פון אונזערע רעכט און צו פאַר־היטן פון אינטריגעס און פון קונצן, וואָס אונזערע אַרבעטגעבער קענען אָנ־ווענדן צו שניידן אונזער לוין נידעריקער ווי מיר באַטראַכטן אַז אונז קומט פאַר אונזער פּראַצע, האָבן מיר איינשטימיק באַשלאָסן צו ענדערן דעם פאָלגנדיקן פּונקט אין דער קאָנסטיטוציע פון אונזער געזעלשאַפט (די ענדערונג פאַרווערט אַרבעטגעבער צו זיין מיטגלידער).“

די באַדייטונג פון די ערשטע סטרייקס

די ערשטע יוניאָנס און די ערשטע סטרייקס זיינען געווען קאַמף־אַרויסטרעטונגען געגן די אומדערטרעגלעכע סוועט־שאַפּ באַדינגונגען. די סטאָליאַרעס אין פילאַדעלפיע האָבן ערב זייער ערשטן סטרייק אין 1791 דערקלערט:

„מיר זיינען געצוואונגען צו פּראָצעווען דעם גאַנצן לאַנגן זומער־טאָג און דאָס אויך אין פיל פאַלן אַן דעם טרייסט אַז אונזער שווערע אַרבעט וועט פאַרזיסט ווערן פון באַלדיקער באַלוינונג (דאָס באַציט זיך צו דעם פאַקט, וואָס דער לוין איז ניט געווען געזיכערט. אַרבעטער האָבן געמוזט וואַרטן לאַנגע וואָכן און מאָנאַטן צו קריגן באַצאָלט). דעריבער באַשליסן מיר ביי דעם הייליקן בונד פון ערע אויסצופאָלגן דעם פאָלגענדן באַשלוס: אַז אין דער צוקונפט זאָל אונזער אַרבעט־טאָג זיך אָנהויבן 6 אינדערפרי און זיך ענדיקן 6 פאַרנאַכט.“ (קאָמאָנס, געשיכטע פון אַרבעט, ערשטער באַנד, זייטן 69-70.)

וויפיל סטרייקס זיינען געוואונען געוואָרן, וויפיל זיינען פאַרלאָרן גע־גאַנגען ווייסט מען ניט. דער ערשטער אינדוסטריעלער קריזיס אין 1819 האָט צעשמעטערט די יונגע אָרגאַניזאַציעס פון יונגן אַרבעטער־קלאַס. דאָס זעלבע האָט פּאַסירט אין דעם צווייטן קריזיס אין 1837. די יוניאָנס זיינען נאָך ניט געווען איינגעוואָרצלט צווישן די אַרבעטער. מאַסן־אַרבעטלאָזיקייט האָט זיי אָפּגעווישט. אָבער די ערשטע דערפאַרונג פון אָרגאַניזאַציעס און סטרייקס איז ניט פאַרלאָרן געגאַנגען פאַר די אַרבעטער. אַזוי שנעל ווי די רעדער פון אינדוסטריע האָבן זיך ווידער גענומען דרייען, זיינען אויס־געוואַקסן נייע שטאַרקערע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס. דער אַרבעטער־קלאַס

איז געקומען צום געדאַנק פון יוניאַנס און סטרייקס, געטריבן פון זיין ביטערער ווירקלעכקייט. פרידריך ענגעלס גיט אַ גלענצנדע אָפּשאַצונג פון דער דערפאַרונג וואָס די אַרבעטער האָבן געקראָגן פון זייערע ערשטע טריט אויפן געביט פון אָרגאַניזאַציעס און סטרייקס.

„וואָס איז די אמתע וויכטיקייט פון די יוניאָנס און די סטרייקס, וואָס וואַקסן אַרויס פון זיי? זיי זיינען די ערשטע פּאַרזוכן פון די אַרבעטער אָפּצושאַפן די קאָנקורענץ צווישן זיך. די יוניאָנס און די סטרייקס ווייזן, אַז די אַרבעטער אָנערקענען דעם פאַקט, אַז די איבערהאַנט פון דער בורזשואַזיע האַלט זיך אינגאַנצן אויף דער קאָנקורענץ צווישן די אַרבעטער, וואָס מיינט אויף דעם מאַנגל פון אייניקייט צווישן די אַרבעטער. און גראַדע דערפאַר וואָס די יוניאָנס צילן געגן דעם לעבנס-נערוו פון דער עקזיסטירנדיקער סאָציאַלער אָרדענונג, כאָטש איינזייטיק, כאָטש אויף אַ שמאָלן אופן, זיינען זיי געפערלעך פאַר דער אָרדענונג.

„דער אַרבעטער קען ניט געפינען אַ מער אָנגעווייטיקטן פּונקט צו אַטאַקירן די בורזשואַזיע און איר אָרדענונג ווי דורך דעם סטרייק און דורך דער יוניאָן. אויב די קאָנקורענץ צווישן די אַרבעטער וועט אָפּגעשאַפט ווערן און די אַרבעטער וועלן באַשליסן זיך ניט צו לאָזן ווייטער עקספּלואַטירן פון דער בורזשואַזיע, איז די הערשאַפט פון פּריוואַט-אייגנטום געענדיקט.”
(פרידריך ענגעלס, די באַדינגונגען פון ענגלישן אַרבעטער-קלאַס אין 1844, ענגלישע אויסגאַבע, זייטן 218-224.)

ענגעלס ברענגט אַרויס דעם ריכטיקן געדאַנק, אַז די אַרבעטער מוזן פּראָטעסטירן געגן פאַרערגערטע באַדינגונגען אַפילו אויב זיי ווערן דיקטירט פון דער נויטווענדיקייט. „ווייל די אַרבעטער מוזן פּראָקלאַמירן אַז זיי, ווי מענטשלעכע וועזנס, זאָלן ניט געצוואונגען ווערן זיך צו בויגן פאַר סאָציאַלע באַדינגונגען, נאָר די סאָציאַלע באַדינגונגען דאַרפן זיך אונטערגעבן צו זיי, ווי מענטשלעכע וועזנס; ווייל שווייגן וואָלט געווען צו אָנערקענען די סאָציאַלע באַדינגונגען, צוגעבן אַז די בורזשואַזיע באַזיצט דאָס רעכט צו עקספּלואַטירן די אַרבעטער אין גוטע צייטן און לאָזן זיי אויסשטאַרבן פון הונגער אין שלעכטע צייטן. געגן דעם מוזן די אַרבעטער רעבעלירן אַזוי לאַנג ווי זיי האָבן נאָך ניט פאַרלאָרן יעדן מענטשלעכן פונק.”

די ראָל פון דעם סטרייק ווי אַן עקאָנאָמישער וואָפן, איז כאַראַקטעריזירט פון ענגעלסן אין זעלבן בוך ווי אַן ערשטער צוזאַמענשטויס צווישן די אַרבעטער און דער בורזשואַזיע. סטרייקס, ווי ענגעלס זאָגט, זיינען די מיליטערישע שולן אין וועלכע דער אַרבעטער-קלאַס גרייט זיך פאַר די גרויסע שלאַכטן וואָס קענען ניט אויסגעמיטן ווערן. סטרייקס זיינען דערקלערונגען פון איינצלנע אינדוסטריעס, אַז אויך זיי האָבן זיך אָנגעשלאָסן אָן דער אַרבעטער-באַוועגונג.

## די ברוטאַליטעט פון די קאַפּיטאַליסטן און זייער רעגירונג

מיר האָבן פריער דערמאָנט, אז עס זיינען ניטאָ קיין דאָקומענטן וועגן די רעזולטאַטן פון די ערשטע סטרייקס. עס זיינען אָבער יאָ פאַראַן דאָקומענטן וועגן דער ברוטאַליטעט פון די ארבעטגעבער, די הילף וואָס דער אָרגאַניזירטער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס האָט געגעבן די איינצלנע ארבעטגעבער און וועגן די געריכט־הייזער, וואָס זיינען גלייך פון סאַמע אָנהייב ארויסגעטראָטן געגן די סטרייקער.

די באַלטימאָר פעדעראַל גאַזעט באַשרייבט אַ צוזאַמענשטויס צווישן סטרייקנדיקע מאַטראָסן און רעספּעקטאַבעלע בירגער פון שטאָט. די באַשרייבונג איז דערשינען דעם 11טן אַפּריל, 1800. דער טאָן איז ניט שטאַרק אַנדערש ווי דער טאָן פון די באַשרייבונגען אין די קאַפּיטאַליסטישע צייטונגען פון ארבעטלאָזע דעמאָנסטראַציעס אין 1931, 1932, 1933 און 1934.

„אַ גרויסער המון פון מאַטראָסן, וואָס סטרייקן פאַר העכערן לוין, האָט פּאַראַדירט די גאַסן פון פעלס האַפּן אין אומרואיקער צעמישונג. אין אָוונט האָבן זיי פּרובירט אַרויפצוגיין און פּלינדערן אַ שיף, וואָס באַלאַנגט צו די הערן דייוויד סטואַרט און זין, וואָס האָבן געדונגען מאַטראָסן פאַר 18$ אַ מאָנאַט. דער פּלאַן איז באַוואוסט געוואָרן און אַ ריי בירגער זיינען געקומען צו דער שיף זי צו פאַרטיידיקן געגן די אָנפאַלן פון המון, וואָס איז אָנגעקומען מיט טאַצן און פּויקן און פלאַטערנדע פאָנען. ווען דער המון האָט פאַרזוכט אַרויפצוגיין אויף דער שיף איז ער באַגעגנט געוואָרן מיט ווידערשטאַנד. אַן ערנסטער צוזאַמענשטויס איז אויסגעבראָכן. כאָטש די שיף איז געווען נאָענט צום דאַק, איז דער המון צוריקגעשטויסן געוואָרן דריי מאָל, מיט צעשפּאָלטענע קעפּ און צעבלוטיקטע נעזער. מר. דייוויד סטואַרט און מר. דזש. בימען, וואָס זיינען געווען אויף דער שיף, זיינען שטאַרק פאַרוואונדעט געוואָרן. צום גליק זיינען ניט געווען קיין פאַרלוסטן פון לעבנס.” (קאָמאָנס, געשיכטע פון אַרבעט, ערשטער באַנד, זייט 110.)

עס פאַרשטייט זיך, אַז קיין אמתן באַריכט פון צוזאַמענשטויס קען מען ניט דערוואַרטן פון דער קאַפּיטאַליסטישער צייטונג. פון דעם קאָלירטן פּראָפּאַגאַנדע־באַריכט וואַקסט אָבער אַרויס אַ בילד פון די פאַרשאַרפטע באַציאונגען צווישן ארבעטער און קאַפּיטאַליסטן נאָך אין אָנהייב פון דעם 19טן יאָרהונדערט און פון דער מיליטאַנטישקייט פון די סטרייקער.

אַרויסרופן די מיליציע (שטאַט־סאָלדאַטן) איז ניט קיין דערפינדונג פון די קאַפּיטאַליסטן אין די שפּעטערדיקע יאָרן. די מיליציע איז אַרויסגערופן געוואָרן געגן די סטרייקנדיקע מאַטראָסן אין ניו יאָרק נאָך אין 1802. די

**סטרייק־פירער זיינען אַרעסטירט געוואָרן און דער סטרייק איז פאַרלאָרן געגאַנגען.**

זיבן יאָר שפּעטער, 1809, זיינען די שיך־אַרבעטער אין ניו יאָרק אַרויס אין סטרייק געגן דער פירמע דאַרווין און עימאָס. די פירמע האָט אַרויס־געגעבן די אַרבעט צו אַנדערע שעפער. די שיך־אַרבעטער האָבן געענטפערט מיט אַ גענעראַל־סטרייק. דאָס איז געווען דער ערשטער סימפּאַטישער גענעראַל־סטרייק אין לאַנד. וואָס איז געוואָרן פון סטרייק איז אומבאַוואוסט.

די שיך־סטרייקער אין פילאַדעלפיע האָבן אין 1806 דורכגעפירט אַ גרויסע דעמאָנסטראַציע, צעשלאָגן סטרייק־ברעכער און אויסגעקלאַפּט די שויבן אין די פאַבריקן. אויך דאָרטן האָבן זיי זיך אָנגעשטויסן אָן דעם אָרגאַניזירטן כח פון דער קאַפּיטאַליסטישער רעגירונג.

די ערשטע יוניאָנס האָבן שנעל אויסגעפונען די מיליטאַנטישע מעטאָדן פון סטרייק־פירערשאַפט. יעדער סטרייק איז געפיקעט געוואָרן מיטן אָנטייל פון אַלע סטרייקער. פיקעטס האָבן געהייסן „טרעמפּינג קאָמיטעס" (דער אָריגינעלער באַדייט פון וואָרט „טרעמפּינג" איז לאַנגע מאַרשן). דער האַס צו די סטרייק־ברעכער האָט געפירט צו דעמאָנסטראַציעס און צו פיזישע מיטלען געגן זיי. די אַרבעטער האָבן אויך שנעל אויסגעפונען די נויט־ווענדיקייט פון סטרייק־שטיצע. שוין אין דעם ערשטן סטרייק פון וועלכן מיר ווייסן, דער סטרייק פון די שיך־אַרבעטער אין 1786 אין פילאַדעלפיע, האָבן די סטרייקער געקראָגן אויסגעצאָלט שטיצע. עטלעכע יאָר שפּעטער האָבן די יוניאָנס איינגעפירט אַ שטענדיקן סטרייק־פאָנד. ווען אַזאַ פאָנד געפינען מיר אין דער קאָנסטיטוציע פון די ניו יאָרקער שיך־אַרבעטער אין 1805. די שטענדיקע צאָלונגען צום סטרייק־פאָנד זיינען אַ צייכן פון דער מיליטאַנטישקייט פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין איר ערשטן פּעריאָד.

### קאַפּיטאַליסטן רופן צו־הילף זייער געריכט

די אַרבעטער וואָס שטייען אויס איצט שענדלעכע אינדזשאָנקשאָנס געגן סטרייקס און פּיקעטן מעגן וויסן, אַז די ערשטע סטרייקער האָבן געהאַט אויסצושטיין די זעלבע פאַרפאָלגונגען פון קאַפּיטאַליסטישן געריכט. די קאַפּיטאַליסטן האָבן פון סאַמע אָנהויב געהאַלטן דעם געריכט ווי אַ בייטש אין זייערע הענט געגן די ערשטע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס און געגן די ערשטע אַרבעטער־סטרייקס.

די אַרויסטרעטונגען פון די אַרבעטער געגען די שרעקלעכע אַרבעט־

באַדינגונגען, וואָס זיינען באַגלייט געוואָרן מיט סימפּאַטיע־סטרייקס און גענעראַל־סטרייקס אין גאַנצע פאַכן, זיינען באַגעגנט געוואָרן פון די אָר־גאַניזאַציעס פון די אַרבעטגעבער מיט קלאַגעס אין געריכט. סטרייקן פאַר העכערן לוין איז אַ פאַרברעכן, האָבן געטענהעט די אַרבעטגעבער דורך זייערע אַדוואָקאַטן. דער געריכט האָט איינגעשטימט מיט די אַרבעטגעבער.

קיין געזעצן געגן סטרייקס זיינען ניט געווען, האָבן די קאַפּיטאַליסטן אימפּאָרטירט פון דער „מוטער ענגלאַנד" די געריכטלעכע אַנטשיידונגען און פּרעצעדענטן געגן סטרייקס, וואָס די ענגלישע קאַפּיטאַליסטן האָבן אַריינגע־טייטשט אין דער סיסטעם אַלטע געזעצן, באַקאַנט אונטער דעם נאָמען קאָמאָן־לאָ. לויט דער אויסטייטשונג איז צוזאַמענרעדן זיך פאַר געמיינ־זאַמער האַנדלונג צו העכערן לוין אָדער פאַרקירצן דעם אַרבעט־טאָג אַ קרימינעלע פאַרשווערונג (קאָנספּיראַציע) געגן דער געזעלשאַפט, וואָס ווערט באַשטראָפט פון געזעץ. די אַרבעטגעבער מעגן זיך אָרגאַניזירן פאַר זייערע געמיינזאַמע אינטערעסן, אָבער די אַרבעטער טאָרן ניט. אַזוי האָט אַנטשיידעט די קאַפּיטאַליסטישע יוסטיץ.

געגן יעדן גרעסערן סטרייק זיינען די אַרבעטגעבער געגאַנגען אין געריכט. די שיך־אַרבעטער אַליין האָבן צווישן 1806 און 1815 געהאַט זעקס גרויסע אַנטי־סטרייק פּראָצעסן אין ניו יאָרק, פילאַדעלפיע, באַלטימאָר און פּיטסבורג. נאָר דער פּראָצעס אין באַלטימאָר איז געוואונען געוואָרן פון די אַרבעטער. די אַרבעטגעבער אין ניו יאָרק און פּיטסבורג האָבן פינאַנסירט די אָנקלעגער (די דיסטריקט אַטוירנים). דער ריכטער אין דעם פּראָצעס געגן די שיך־אַרבעטער אין פילאַדעלפיע האָט געגעבן די פאָלגנדיקע קלאַסישע אינסטרוקציעס צו די דזשורי־לייט:

„אַ פאַראייניקונג פון אַרבעטער צו העכערן זייערע פאַרדינסטן דאַרף באַטראַכט ווערן פון צוויי שטאַנדפּונקטן. איין שטאַנדפּונקט, צו פאַרבעסערן זייער אייגענע לאַגע. דער צווייטער שטאַנדפּונקט, צו טאָן שאָדן די וועלכע שטייען אין דרויסן פון זייער אָרגאַניזאַציע. דער געזעץ פאַרדאַמט ביידע זאַכן."

דער אורטייל פון דער דזשורי נאָך אַזעלכע אינסטרוקציעס, איז געווען: „מיר געפינען די אָנגעקלאָגטע שולדיק אין זיך פאַראייניקן צו העכערן זייער לוין."

אַזאַ מין אַנטשיידונג, וואָס דערקלערט אַ פאַראייניקונג פון אַרבעטער צו פאַרבעסערן זייער לאַגע ווי אַ קרימינעלע פאַרשווערונג, האָט, פאַרשטייט זיך, געמאַכט אומלעגאַל יעדע עקאָנאָמישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע.

## דער רוף פון די שיך־סטרייקער צו דעו „עפנטלעכער מיינונג"

די ארבעטער האבן, קענטיק, דעמאלט געגלויבט אין דער אזוי־גערופענער אומפארטייאישער עפנטלעכער מיינונג. נאך דער אויבנדערמאנטער אנט־שיידונג האבן די שיך־סטרייקער פארעפנטלעכט א נאאיוון, רירנדיקן רוף, אין נאוועמבער 1806. דער רוף לייענט זיך טיילווייז:

„אין דער קאנסטיטוציע פון דעם שטאט איז דערקלערט, אז 'די בירגער האבן דאס רעכט זיך צו פארזאמלען פרידלעך פאר דעם אלגעמיינעם וואויל-זיין'. די מייסטער, ווי זיי רופן זיך, וואס וואלטן גערן געוועזן הערשער און טיראנען, אויב זיי וואלטן דאס געקענט באווייזן, אדער דער געזעץ וואלט זיי דאס דערלויבט, האלטן אן זייערע ארגאניזאציעס, זייערע פאר-זאמלונגען און פירן דורך רעזאלוציעס. אבער אזוי ווי זיי זיינען רייך און מיר זיינען ארעם, דענקען זיי אז מיר זיינען ניט באשיצט פון דער קאנסטיטוציע אפצוהאלטן פרידלעכע פארזאמלונגען און זוכן אונזער וואויל-זיין.

„די מייסטערס האלטן, אז זיי פארמאגן דאס רעכט צו האלטן אונז אייביק אין צאם. וואס פאר אן אומגליק עס זאל ניט פאסירן אין דער געזעלשאפט, ענדערונגען אין פרייז פון לעבנס-מיטלען, ענדערונגען אין האנדל און פראדוקציע, זיינען די מייסטער די איינציקע צו באשטימען דעם פרייז פאר אונזער ארבעט. מיר טארן ניט באשטימען פאר אונז וואס מיר זאלן נעמען און וואס מיר זאלן ניט נעמען אלס אויסטויש פאר אונזער ארבעט.

„אויב א פאראייניקונג פון מענטשן צו רעגולירן דעם פרייז פון זייער אייגענער ארבעט איז פארעכנט ווי א פארברעכן און באצייכנט ווי אן ארויסטרעט געגן דער פרייהייט פון פאלק, זיינען די אויסזיכטן פאר פענ-סילווייניע זייער אומעטיקע. וואס מיר זאגן דא וועט אינפארמירן דעם פובליקום איבער אונזער אויפפירונג און וועט ווייזן, אז אן אורטייל געגן אונז, וואס דער אויסרייד זאל ניט זיין, וועט מיינען אז פרייהייט איז נאר א שאטן, אויב פאר טאן זאכן וואס זיינען דערלויבט פון אונזער לאנד ווערן מיר אפגעריסן פון אונזערע פאמיליעס, ווייל מיר זוכן צו קריגן א גערעכטן און יושרדיקן לעבן פאר זיי."

דער רוף פון די שיך־ארבעטער איז געווען א שטימע אין דער ווילדערניש פאר די רייכע, וואס קאנטראלירן די עפנטלעכע מיינונג. דער אורטייל פון געריכט איז געווען געגן די סטרייקער. דער אורטייל פון געריכט איז ביז איצט גרעסטנטיילס געגן סטרייקער. דער כאראקטער פון די פארבאטן געגן סטרייקס זיינען וואס ווייטער געווארן אלץ שענדלעכער. אין יענע צייטן האבן סטרייקער געקראגן א דזשורי־פראצעס. אין די אכציקער יארן פון

פאַריקן יאָרהונדערט איז געקומען די אינדזשאָנקשאַן. איין ריכטער האָט געקראָגן די מאַכט צו פאַרבאָטן און אָפּצושטעלן סטרייקס פון צענדליקער און הונדערטער טויזנטער ארבעטער.

גוסטאַוואוס מייערס כאַראַקטעריזירט די באַציאונג פון די קאַפּיטאַליסטן אין יענעם פּעריאָד מיט די ווערטער:

„מיט דעם פּרעצעדענט פון די ענגלישע געזעצן ווי אַ מוסטער, האָבן די קאַפּיטאַליסטן פאַרטראַכט, אַז די אויפגאַבע פון דער רעגירונג באַשטייט אין האַלטן די אַרבעטער שטרענג אין די גרענעצן באַשטימט פאַר זיי. אין פּשוטע ווערטער האָט דאָס געמיינט, אַז דער קאַפּיטאַליסט זאָל קענען פריי פירן זיינע געשעפטן ווי זיין האַרץ גלוסט. ער קען טרייבן זיינע אַרבעטער צו אַרבעטן לאַנגע שטונדן, צאָלן דעם נידעריקסטן לוין, דערמאָרדן זיי דורך שרעקלעכע אַרבעט-באַדינגונגען, אַלץ צו זאַמלען וואָס גרעסערע פּראָפיטן. דער געזעץ, וואָס איז דער קלאָרסטער אויסדרוק פון די קאַפּיטאַליסטישע אינטערעסן, גיט דעם קאַפּיטאַליסט די דערלויבעניש צו טאָן די אַלע זאַכן. אויב אָבער די אַרבעטער פּראָטעסטירן, זוכן צו פאַרבעסערן זייער לאַגע מיט אַ געמיינזאַמער אַקציע וואָס הייסט סטרייק, וואַרפט זיך אַרויף אויף זיי דער זעלבער געזעץ מיט זיינע ריכטער, פּאָליציי און מיליטער. **דער געזעץ טרייבט זיי צוריק צו זייערע פריערדיקע באַדינגונגען אָדער ער פאַרשפּאַרט זיי אין טורמע.**" (גוסטאַוואוס מייערס, זעלבער בוך, באַנד 2, זייטן 56-57.)

### זיבעטער קאַפּיטל

# די ערשטע שפּורן פֿון זעלבסטשטענדיקער אַרבעטער פּאָליטישער אַקציע

**אינדוסטריעלע אויפֿלעבונג ברענגט אַ באַנייאונג פֿון אַרבעטער-קאַמף. שטאָטישע און נאַציאָנאַלע טרייד-יוניאָנס. — דער קאַמף פֿאַר אַלגעמיינער וואַל-רעכט און פֿאַר גלייכע בירגערלעכע רעכט. — די פֿאָדערונג פֿאַר אַלגעמיינער בילדונג. — די ערשטע שריט געגן די אַרבעטער-פּאַרטייען. — אַרבעטער זוכן אַן אויסוועג פֿון קאַפּיטאַליסטישער אונטערדריקונג. — וואַרפֿן זיך פֿון פּאָליטישער אַקציע צו פּראָדוציר-קאָאָפּעראַטיוון.**

די אויפֿלעבונג פֿון דער אינדוסטריע נאָכן קריזיס פֿון 1819 האָט אַ שטויס געגעבן די טויזנטער אומקוואַליפֿיצירטע און האַלב־קוואַליפֿיצירטע אַרבעטער, די אַזוי־גערופֿענע פֿאַבריק־הענט, אָנצוהייבן פֿאָדערן בעסערע אַרבעט־באַדינגונגען. די פֿאַבריק־הענט זיינען געווען צווישן די שטאַרק עקספּלואַטירטסטע. ווידעראַמאָל, קיינער אין דער רעגירונג, אין די אוניווערזיטעטן, צווישן היסטאָריקער האָט זיך ניט באַמיט צו פֿאַרצייכענען די ערשטע סימנים פֿון אויפֿרודערונג און פֿון קאַמף צווישן די פֿאַבריק־אַרבעטער. מען ווייסט נאָר, אַז אין 1825 זיינען געווען יוניאָנס פֿון וועבער און אַנדערע האַלב־קוואַליפֿיצירטע אַרבעטער. אין אַן אָפֿיציעלן נאָטיץ איבער דער צאָל אָרגאַניזאַציעס וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דער פֿייערונג איבער דער דערעפֿענונג פֿון דעם אירי קאַנאַל אין ניו יאָרק, איז דערמאָנט די וועבער־יוניאָן און די ניילער (אַ שוסטער־פֿאַך) יוניאָן. שפּעטער הערט מען שוין פֿון גרויסע סטרייקס אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע אין ניו ענגלאַנד, סטרייקס אין וועלכע טויזנטער פֿרויען האָבן אָנטיילגענומען.

דער פּעריאָד נאָך דעם ערשטן אינדוסטריעלן קריזיס האָט אַרויסגערוקט פֿיר וויכטיקע דערשיינונגען:

1) די אַנטשטייאונג פֿון אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, אויסערהאַלב די גרענעצן פֿון פֿאַך;

2) די ערשטע פּראָבע פֿון די אַרבעטער און זייערע אָרגאַניזאַציעס

ארויפצוטרעטן אויף דעם וועג פון זעלבסטשטענדיקער פּאָליטישער אַקציע;

3) דער אָנהויב פון אַ נאַציאָנאַלער פאַראייניקונג פון די לאָקאַלע יוניאָנס אין יעדן פאַך, און

4) דער פּאַרזוך צו גרינדן אַ נאַציאָנאַלע פאַראייניקונג פון אַלע יוניאָנס אָן אונטערשייד פון פאַך (אַ פעדעראַציע).

ביז 1827 זיינען די אָרגאַניזאַציעס ניט געגאַנגען ווייטער פון פאַך און פון שטאָט. די לאָקאַלע שוסטער, סטאָליאַרעס, דרוקער א. אז. וו. האָבן אָרגאַניזירט יוניאָנס, ניט אַלעמאָל אונטער דעם נאָמען יוניאָן. איינע מיט די אַנדערע האָבן די לאָקאַלע אָרגאַניזאַציעס ניט געהאַט צו טאָן. איז אויסגעבראָכן אַ סטרייק אין איין פאַך, אָדער אַ לאָקאַוט, אָדער סטרייקער זיינען געשלעפּט געוואָרן אין געריכט, זיינען די אַנדערע אָרגאַניזאַציעס געקומען צו הילף. מיט דעם האָבן זיך די פאַרבינדונגען געענדיקט. צום ערשטן מאָל איז באַשאַפן געוואָרן אַ פאַראייניקונג פון אַלע יוניאָנס אין איין שטאָט אין 1827, ווען אין פילאַדעלפיע איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ צענטראַלע שטאָטישע אָרגאַניזאַציע מיטן נאָמען: „די מעקעניקס יוניאָן אָוו טרייד אַסאָסיאיישאָנס". אגב איז דאָס געווען די ערשטע קערפּערשאַפט פון דעם סאָרט ניט נאָר אין אַמעריקע, נאָר אויך צווישן די אַרבעטער אין אַנדערע לענדער.

### די ערשטע צענטראַלע שטאָטישע קערפּערשאַפטן

אַלע עקזיסטירנדיקע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס אין שטאָט זיינען איינגעלאַדן געוואָרן צו שיקן דעלעגאַטן צו דער מעכאַניקער־יוניאָן. אומאָרגאַנירטע אַרבעטער זיינען אויפגעפאָדערט געוואָרן צו אָרגאַניזירן יוניאָנס און צושטיין צו זייערע ברידער־אַרבעטער.

דעם אוממיטלבאַרן שטויס צו שאַפן אַ צענטראַלע שטאָטישע קערפּערשאַפט האָט געגעבן דער סטרייק פון די בוי־אַרבעטער פאַר אַ 10־שטונדיקן אַרבעט־טאָג. דער סטרייק האָט שאַרף אַרויסגעבראַכט די גרויסע נויטווענדיקייט פון אַ שטענדיקער אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל פאַראייניקן די אַרבעטער פון אַלע פאַכן אין שטאָט. אגב, אונטערשטרייכט עס די אומגעהויערע וויכטיקייט וואָס די אַרבעטער האָבן געלייגט אויף דעם קאַמף צו פאַרקירצן דעם אַרבעט־טאָג.

פון אָנהויב איז דער צוועק פון דער מעכאַניקער־יוניאָן געווען אַ ריין־עקאָנאָמישער, העלפן די סטרייקס פאַר בעסערע אַרבעט־באַדינגונגען. עס האָט אָבער לאַנג ניט געדויערט, אינגאַנצן איין יאָר, און די יוניאָן האָט זיך גענומען

צו פאליטישער טעטיקייט, אנטיילצונעמען אין די וואלן ווי די ארגאניזאציע פון ארבעטער.

מיט עטלעכע יאר פריער האבן א ריי אינדוסטריעלע שטאטן, ווי ניו יארק, מאסאטשוזעטס און אנדערע אויסגעשפרייט זייער וואל־רעכט סיסטעם. א סך ארבעטער, די הויך־קוואליפיצירטע, האבן צום ערשטן מאל געקראגן די מעגלעכקייט צו שטימען, אבער ניט דערוויילט צו ווערן. דער קאמף פאר גלייכע און פולע פאליטישע און בירגערלעכע רעכט איז דעריבער געווארן איינע פון די וויכטיקסטע אויפגאבן פאר די ארגאניזירטע ארבעטער.

די ערשטע וואלן, אין וועלכע די מעכאניקער־יוניאן האט אנטיילגענומען אין 1829, האבן פאראורזאכט איר אונטערגאנג. פון די 14 אנגעשלאסענע ארגאניזאציעס זיינען געבליבן פיר און די יוניאן האט זיך אויפגעלייזט. אבער אין נאוועמבער 1833 איז געשאפן געווארן א צווייטע צענטראלע קערפער־שאפט, די „דזשענעראל טרייד־יוניאן”, וואס האט איבערגענומען די עקא־נאמישע פונקציעס פון דער מעכאניקער־יוניאן.

### דער קאמף פאר און געגן פאליטישער אקציע

די נייע „דזשענעראל טרייד־יוניאן” האט באשלאסן זיך אפצוגעבן אויס־שליסלעך מיט עקאנאמישע פראגן. דער דורכפאל פון דער מעכאניקער־יוניאן איז פון איר ארויסגעשטעלט געווארן ווי א ווארנונג, „אז די אריינפירונג פון פאליטיק האט אומגעבראכט אלע באמיאונגען פון די ארבעטער צו לינדערן זייער לאגע”. די ווארנונג, וואס איז אריינגעשטעלט געווארן אין דער קאנסטיטוציע, האט ניט געווירקט. די ווייטערדיקע עטלעכע יארן זיינען פול געוועזן מיט די פאליטישע ארויסטרעטונגען פון די ארגאניזירטע אר־בעטער; ארויסטרעטונגען מיט א צעשוואומענער פאליטישער אריענטאציע, אבער פול מיט באדייטונג צוליב די מעגלעכקייטן וואס זיינען געלעגן אין זיי ווען אין שפיץ פון די ארויסטרעטונגען וואלט געשטאנען א פאליטיש־דורכגעטראכטע און ארנטלעכע פירערשאפט.

שוין אין יענע יארן האט זיך צעפלאקערט דער קאמף צווישן די „פיור ענד סימפל” טרייד־יוניאניסטן (טרייד־יוניאניסטן, וואס שטייען אויף א ריין־עקאנאמישן שטאנדפונקט), און די אנהענגער פון פאליטישער (פארלאמענ־טארישער) אקציע. דער קאמף, מיט פארשיידענע איבעררייסן, האט זיך געצויגן ביז צום סוף פון די ניינציקער יארן, ווען גאמפערסן איז געלונגען אנצובינדן די ארגאניזירטע ארבעטער אין די פאך־יוניאנס צום „פיור ענד

סימפל״ טרייד־יוניאַניזם. דעמאָלט זיינען די אָנהענגער פון פּאָליטישער אַקציע פאַרבליבן די אָרגאַניזירטע סאָציאַליסטן אין דער ס. ל. פּ. (סאָשעליסט לייבאָר פּאַרטי — סאָציאַליסטישע אַרבעטער־פּאַרטיי).

פילאַדעלפיע איז ניט געווען די איינציקע שטאָט, וואָס האָט פאַרמאָגט אַ צענטראַלע יוניאָן־קערפּערשאַפט. אין 1830 האָבן וויניקסטנס 13 שטעט געהאַט צענטראַלע קערפּערשאַפטן פון די אָרטיקע יוניאָנס.

בכלל זיינען די יאָרן נאָך דעם ערשטן ביז דעם צווייטן אינדוסטריעלן קריזיס (1821—1837) געווען יאָרן פון גרויסן שוואונג פאַר דער יונגער אַרבעטער־באַוועגונג. עס פעלן גענויע ציפערן וועגן דער צאָל פון די יוניאָנס און זייער מיטגלידערשאַפט. פּראָפעסאָר זעליג פּערלמאַן אין זיין געשיכטע פון טרייד־יוניאָניזם אין אַמעריקע גיט אָן, אַז אין 1833 האָבן עקזיסטירט 29 יוניאָנס אין ניו יאָרק, 21 אין פילאַדעלפיע, 17 אין באַלטימאָר, א. אז. וו. אין פילאַדעלפיע זיינען געווען אָרגאַניזירט די וויכטיקסטע פאַכן. צווישן די יוניאָנס איז געווען אַ יוניאָן פון נייטערינס.

### אַרבעטער־פרויען אָרגאַניזירן זיך

די באַוועגונג פאַר אָרגאַניזאַציע איז געשטיגן נאָך העכער אין די לעצטע צוויי יאָר ערב דעם צווייטן קריזיס. פּראָפעסאָר פּערלמאַן שרייבט:

„דער גרויסער יקרות איז געווען דער פאַקטאָר וואָס האָט געטריבן די אַרבעטער זיך צו אָרגאַניזירן אין אַזאַ גרויסער צאָל. לעבנס-קאָסטן זיינען פאַרדאָפּלט געוואָרן. העכערן דעם לוין איז געוואָרן אַ ברענענדיקע אויפגאַבע. אין 1836 האָט פילאַדעלפיע געציילט 58 יוניאָנס, ניו יאָרק 52, נוארק, ניו דזשוירזי, 16, פּיטסבורג 13, לואיסוויל, קענטאַקי, 7. אין באַפאַלאָ האָבן צו דער בוי-אַרבעטער יוניאָן באַלאַנגט אַלע בוי-אַרבעטער פון שטאָט.״

צום ערשטן מאָל האָט די אָרגאַניזאַציע־באַוועגונג ניט אויסגעלאָזט די פרויען. די ערשטע יוניאָן פון אַרבעטער־פרויען וואָס איז באַוואוסט, איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין לאָועל, מאַסאַטשוזעטס, אין 1832. צוויי און אַ האַלב טויזנט פאַבריק־מיידלעך האָבן באַלאַנגט צו דער יוניאָן, וואָס האָט געהייסן: פאַרבאַנד פון פאַבריק־מיידלעך.

אין ניו יאָרק איז אין 1835 אָרגאַניזירט געוואָרן די „פימייל יוניאָן אַסאָסיאיישאָן״ (אַ יוניאָן פון פרויען־אַרבעטער); אין באַלטימאָר איז אין זעלבן יאָר אָרגאַניזירט געוואָרן אַ יוניאָן פון נייטערינס. אין פילאַדעלפיע איז באַשאַפן געוואָרן די ערשטע פעדעראַציע פון פרויען־אַרבעטער אין דער

קליידער־אינדוסטריע. ענלעכע אָרגאַניזאַציעס זיינען אַנטשטאַנען אין אַנדערע שטעט. אומעטום האָבן זיך די פרויען אָרגאַניזירט באַזונדער. איינע פון די אורזאַכן איז געווען דער פאַקט, וואָס די ארבעט איז געווען אָפּגעטיילט צווישן די צוויי געשלעכטער. אין פאַכן וואו מענער האָבן געאַרבעט זיינען ניט געווען קיין פרויען, און דאָס זעלבע פאַרקערט.

עס איז אָפּגעשאַצט, אַז אין 1836 האָט די צאָל אָרגאַניזירטע ארבעטער אין די אינדוסטריעלע שטעט ביי דעם אַטלאַנטישן ברעג דערגרייכט דריי הונדערט טויזנט מיטגלידער, כמעט אַ העלפט פון דעם גאַנצן ארבעטער־קלאַס.

וואָס ווייטער די ארבעטער האָבן זיך געררוקט פאַראויס אויפן געביט פון אָרגאַניזאַציע, אַלץ דרינגלעכער איז געוואָרן פאַר זיי די נויטווענדיקייט פון אַ העכערער פאָרמע פון אָרגאַניזאַציע. קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציע האָט גענומען שפּרייזן איבער די גרענעצן פון שטעט און שטאַטן. מערק האָבן גענומען פאַרלירן זייער געאָגראַפישע באַשריינקטקייט. די אַלטע, היימישע האַנטווערקער־פּראָדוקציע, געבויט אויפן היימישן געברויך, האָט גענומען פאַרשווינדן. פּאַרטיקע סחורות און פּראָדוקטן זיינען געשיקט געוואָרן איבער גרויסע לאַנד־שטרעקעס. אַ סטרייק פון אַ פאַך אין איין שטאָט האָט שוין מער ניט געקענט אינגאַנצן פּאַראַליזירן די פּראָדוקציע פון דער געוויסער סחורה אויף דעם לאָקאַלן מאַרק. די קאַפּיטאַליסטן האָבן געקענט איבער־שיקן די ארבעט אין אַנדערע שטעט אָדער ברענגען די סחורה פון אַנדערע שטעט צו פאַרקויפן דאָרטן וואו דער סטרייק גייט אָן.

דער וועג צו נאַציאָנאַלע יוניאָנס

אַ צווייטער פאַקטאָר וואָס האָט געפירט צו אַ פאַרזוך צו שאַפן נאַציאָ־נאַלע יוניאָנס איז געווען דער פאַקט, וואָס די ארבעטגעבער, זייענדיק מער באַוואוסטזיניק איבער זייערע אינטערעסן ווי די ארבעטער, האָבן גענומען שאַפן נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס צו העלפן איינע די אַנדערע אין צייט פון סטרייק. די ארבעטער האָבן געמוזט טאָן דאָס זעלבע. ניט ווייניקער פון פינף פאַכן האָבן אין די יאָרן 1835־1836 אָפּגעהאַלטן נאַציאָנאַלע צוזאַמענ־פאָרן צו לייגן דעם פונדאַמענט פאַר אַ נאַציאָנאַלער פאַראייניקונג פון די אָרגאַניזירטע ארבעטער. צווישן זיי זיינען געווען די האַנטוועבער, דרוקער און סטאָליאַרעס. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז געווען ניט מער ווי אַן אָנהויב, און אַ שוואַכער דערצו. דער צושטאַנד פון דער פּראָדוקציע און די יונג־שאַפט פון דער ארבעטער־באַוועגונג האָבן נאָך ניט געשאַפן די נויטיקע

באדינגונגען פאר פעסטע אָרגאניזאציעס אויף א נאציאָנאַלן מאסשטאב. אָבער די פארזוכן פון די אָרגאניזירטע ארבעטער אריבערצוגיין פון לאָקאלע יוניאָנס צו נאציאָנאלע אָרגאניזאציעס איז א באווייז, אז די ארבעטער האָבן שוין געפילט דעם דרוק פון דער מאָדערנער אינדוסטריע און האָבן באגריפן אז זיי מוזן צופאסן די פאָרמען פון זייער אָרגאניזאציע צו דעם געענדערטן כאראקטער און מאסשטאב פון דער פּראָדוקציע. דאָס אליין איז א צייכן פון אנטוויקלונג און רייפקייט.

נאָך א וויטגייענדיקער טריט איז געווען דער ערשטער פארזוך צו שאפן א נאציאָנאלע פעדעראציע פון אלע פאך־יוניאָנס און פון אלע צענט־ראלע שטאָטישע קערפּערשאפטן. דאָ האָט דער ארבעטער־קלאס צום ערשטן מאָל, כאָטש ניט קלאָר, געזוכט צו האנדלען ווי א גאנצער אָרגאניזירטער קלאס. אָבער דער קריזיס אין 1837 האָט צעשמעטערט די נייע נאציאָנאלע אָרגאניזאציע, ווי ער האָט צעשמעטערט די לאָקאלע אָרגאניזאציעס. די וואָרצלען פון אָרגאניזאציע זיינען אָבער געבליבן טיף אין דער ארבעטער־שאפט און זיינען ארויסגעקומען אויף דער אויבערפלאך ביי דער ערשטער גינסטיקער געלעגנהייט.

די ערשטע נאציאָנאלע אָרגאניזאציע, די „נעשאָנאל טרייד־יוניאָן"

די איניציאטיווע צו שאפן אן אלגעמיינע נאציאָנאלע אָרגאניזאציע האָט געשטאמט פון דער ניו יאָרקער אלגעמיינער טרייד־יוניאָן. די איינלאדונג צום צוזאמענפאָר האָט אָנגעוויזן אויף די צילן פון דער געפּלאנטער אָרגאניזאציע.

„צו הויבן די מאָראלע און גייסטיקע באדינגונגען און די מאטעריעלע אינטערעסן פון די ארבעטער־קלאסן. צו העלפן די גרינדונג פון יוניאָנס אין אלע פאכן אין יעדן טייל פון לאנד, ווי אויך צו פארעפנטלעכן און פארשפרייטן אינפאָרמאציע וואָס קען זיין נוצלעך פאר דעם בעל־מלאכה און פאר די ארבעטלייט בכלל, און צו פאראייניקן און הארמאָניזירן אלע באַ־מיאונגען פון די פּראָדוקטיווע קלאסן אין לאנד."

כאָטש דער ציל איז צעשוואומען און צו אלגעמיין, האָט דער רוף א פאָרצוג איבער דער פּרינציפּן־דערקלערונג וואָס די אמעריקען פעדערישאָן אָוו לייבאָר האָט אָנגענומען ביי איר גרינדונג אין 1886. דער רוף פון דער ניו יאָרקער צענטראלער שטאָטישער קערפּערשאפט רעדט צו אלע און פאר אלע, אָן אונטערשייד צי זיי זיינען געשולטע בעלי־מלאכות אָדער „ארבעטלייט בכלל". די א. פ. אָוו ל. אין איר ערשטער דעקלאראציע האָט גערעדט הויפּט־זאכלעך צו די קוואליפיצירטע ארבעטער.

זעקס שטאָטישע צענטראַלע קערפּערשאַפטן זיינען געקומען צום ערשטן צוזאַמענפאָר: ניו יאָרק, ברוקלין, פילאַדעלפיע, באָסטאָן, נוארק און פּאָקיפּסי, נ. י. דער צוזאַמענפאָר האָט באַשאַפן די נאַציאָנאַלע טרייד־יוניאָן.

אויף דער קאָנווענשאָן איז אָנגעגאַנגען אַ היציקע דיסקוסיע וועגן די צילן און די מעטאָדן. אייניקע האָבן געוואָלט, אַז די נייע אָרגאַניזאַציע זאָל זיך אַריינוואַרפן אין פּאָליטישן קאַמף. די מאַיאָריטעט דעלעגאַטן האָט אָבער מורא געהאַט, אַז פּאָליטישע אַקציע וועט שטעלן דער נאַציאָנאַלער טרייד־יוניאָן אונטער דעם קאָנטראָל פון איינער פון די צוויי עקזיסטירנדיקע קאַפּי־טאַליסטישע פּאַרטייען. דאָס וואָרט „פּאָליטיש" איז דעריבער פאַרביטן געוואָרן מיטן וואָרט „גייסטיק". די נאַציאָנאַלע טרייד־יוניאָן דאַרף העלפן די גייסטיקע דערהויבונג פון די אַרבעטער. אַ דיסקוסיע איז אויך פאָרגעקומען צווישן די טרייד־יוניאָניסטן און די אָנהענגער פון דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג, וואָס האָט אָנגעהויבן אַריינדרינגען צווישן די אַרבעטער אין לאַנד.

דער צוזאַמענפאָר האָט אויסגעהערט אַ באַריכט וועגן דער שרעקלעכער עקספּלואַטאַציע פון די אַרבעטער־פרויען און קינדער. טשאַרלס דאָגלאַס, פאָרזיצער פון דעם ניו ענגלאַנדער פאַרבאַנד פון פּאַרמער, בעל־מלאכות און אַנדערע אַרבעטער, האָט געשילדערט די לאַגע פון די פרויען אין די טעקסטיל־פאַבריקן אין מאַסאַטשוזעטס:

„אַרום פיר טויזנט פרויען פון פאַרשיידענעם עלטער מאַטערן זיך אין אַ לעבן פון שקלאַפעריי און עלנט. עס כאַפּט אָן אַ שרעק ווען מען קוקט אויף די דעגראַדירטע פרויען, זייערע אויסגעצערטע געזיכטער, זייער שרעקלעכן אויסזען. די פאַבריקן זיינען געביידעס פון אומגליק, קראַנקהייט און נויט. די זין און טעכטער פון די פּאַרמער ווערן איינגערעדט אַזוי שנעל ווי זיי וואַקסן אונטער, אַריינצוטרעטן אין פאַבריקן און פאַר עטלעכע סענט וואָס זיי קענען ניט קריגן אינדערהיים, לערנט מען זיי צו ווערן פרייוויליקע שקלאַפן און געהאָרכזאַמע אינסטרומענטן אין די הענט פון די אַרבעטגעבער פאַר אונטערדריקונג און אויסזויגונג."

דאָגלאַס האָט פאָרגעשלאָגן צו פאָדערן פון דער שטאַט־געזעצגעבונג אַ געזעץ, וואָס זאָל צווינגען די פאַבריקאַנטן צו שליסן זייערע פאַבריקן אין אַ באַשטימטער שטונדע יעדן טאָג, „די אַרבעטער זאָלן קריגן די געלעגנהייט אויסצורוען זייערע מידע גלידער און געניסן פרישע און געזונטע לופט".

דער צוזאַמענפאָר האָט אָנגענומען אַ ריי רעזאָלוציעס, וועלכע פאָדערן אַז די יוניאָנס זאָלן ווערן געזעצלעך, אַז די בילדונג־סיסטעם זאָל אויס־געשפּרייט ווערן פאַר אַלע קינדער און אַז „די ליניע וואָס טיילט אָפּ די קינדער

פון די אָרעמע און די קינדער פון די רייכע אין די שולן זאָל אָפּגעווישט ווערן". אַ רעזאָלוציע האָט אויך געשטיצט די פאָדערונג פון די „אַגראַריער", געפירט פון דעם אַרבעטער טהאָמאַס סקידמאָר, וואָס האָבן געפאָדערט אַז דאָס לאַנד זאָל געהערן נאָר צו די וועלכע באַאַרבעטן עס מיט זייערע אייגענע הענט.

אויך די נאַציאָנאַלע טרייד־יוניאָן האָט ניט געהאַט קיין לאַנגן לעבן. די אַרבעטער זיינען דעמאָלט צעטיילט געווען אין עטלעכע ריכטונגען. אַ טייל האָט געוואָלט אַ פּאָליטישן אַרבעטער־קאַמף און אַ טייל האָט זיך געהאַלטן ביים ריינעם טרייד־יוניאָניזם. ראָבערט אָוענס אוטאָפּישער סאָציאַליזם האָט אויך מיטגעריסן אַ סך אַרבעטער. ראָבערט אָוען האָט געפּריידיקט, אַז מיט פּראָדוציר־קאָאָפּעראַטיוון קענען די אַרבעטער ניט נאָר אָפּשוואַכן די קאַפּי־טאַליסטישע עקספּלואַטאַציע, נאָר זיי קענען אָפּשאַפן אינגאַנצן עקספּלואַ־טאַציע פון מענטש איבער מענטש.

זוכנדיק וועגן ווי אַזוי אָפּצושוואַכן, פאַרקלענערן אָדער אינגאַנצן פּטור ווערן פון דער פאַרהאַסטער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם פון פּראָדוקציע, האָבן די אַרבעטער זיך געוואָרפן פון איין וועג צום צווייטן, פון איין מיטל צום אַנדערן. די וועלכע האָבן געפאָדערט אַ פּאָליטישן קאַמף האָבן געדענקט, אַז מיט דעם כּח פון דעם נאָר־וואָס געוואונענעם וואַל־רעכט קענען די אַר־בעטער געווינען די רעגירונג און זי פאַרוואַנדלען אין אַ געצייג געגן קאַפּי־טאַליזם. די אָנהענגער פון פּאָליטישן קאַמף האָבן ניט געקוקט אויף די וואַלן נאָר פון דעם שטאַנדפּונקט פון באַלדיקע רעפאָרמען. זיי האָבן געחלומט צו קריגן אינגאַנצן די מאַכט פון דער מלוכה מיטן כּח פון דעם וואַל־צעטל. די אָנהענגער פון די פּראָדוציר־קאָאָפּעראַטיוון האָבן זיך אויך ניט באַשרענקט מיט באַלדיקע אויסבעסערונגען פאַר קליינע אַרבעטער־גרופּעס. זייער פונדאַמענטאַלער ציל איז געווען איבערצובויען די גאַנצע אָרדענונג.

דער זיג־זאַג וועג פון די אָרגאַניזירטע אַרבעטער איז באַווירקט געוואָרן פון זייער אוממיטלבאַרער לאַגע. ווען עקאָנאָמישע קאַמפן זיינען פאַרלאָרן געגאַנגען אין די קריזיס־יאָרן, האָבן זיך גרעסערע טיילן פון די אָרגאַניזירטע אַרבעטער געוואָרפן צו פּאָליטישער אַקציע. ווען די נאַאיווע האָפענונגען אויף דעם וואַל־צעטל זיינען צעשטערט געוואָרן, האָט זיך ברייט פאַרשפּרייט די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג. אָט־די אַלע באַוועגונגען און ריכטונגען זיינען געווען אויסדרוקן פון דעם פלאַמענדיקן באַגער זיך צו באַפרייען פון שרעק־לעכן דרוק וואָס דער קאַפּיטאַליזם האָט אַרויפגעוואָרפן אויף די אַרבעטער־מאַסן.

## די ערשטע פּאָליטישע אַרבעטער־פּאַרטיי

די ערשטע פּאָליטישע ארבעטער־פּארטיי איז געווען די „וואוירקינגמענס פּארטי" אין פילאדעלפיע אין 1828. די פּארטיי האָט אויך אריינגענומען ניט־ארבעטער און א היפשע גרופּע קליינבירגער און מיטלקלאס־עלעמענטן האָבן טאקע צו איר באלאנגט. זיי האָבן שפּעטער געהאָלפן איר אונטערגאנג.

די אַרבעטער־פּאַרטיי האָט ארויסגעשטעלט אן אייגענעם צעטל קאנדי־דאטן אין די שטאַטישע און שטאַט־וואלן. דער פּארטיי איז געלונגען צו דערוויילן אייניקע קאנדידאטן צו דער שטאַט־געזעצגעבונג. די דערוויילטע קאנדידאטן האָבן גאָרניט געטאָן פאר די ארבעטער. א פּאָר פון זיי האָבן די ארבעטער ניט פארשאפט קיין כבוד. זיי האָבן זיך געלאָזט פאנגען אין דער קאפּיטאַליסטישער נעץ.

די בורזשואַזיע האָט דערשמעקט א געפאר אין אן ארבעטער־פּארטיי. א העצע־קאמפּאניע איז אָרגאניזירט געוואָרן, אז די נייע פּארטיי זוכט אומ־צוברענגען גאָט און זיין קירך און אז זי שטרעבט אז אַלע מענטשן זאָלן זיך טיילן מיט זייערע פארמעגנס.

די אַרבעטער וועלכע זיינען געווען רעליגיעז האָבן זיך דערשראָקן. פון דער צווייטער זייט איז דער בורזשואַזיע געלונגען צו דעמאָראליזירן די עטלעכע דערוויילטע קאנדידאטן, וועלכע זיינען אריבער אין קאפּיטאליסטישן לאַגער. 1831 איז געווען דאס לעצטע יאָר וואָס די ארבעטער־פּארטיי האָט אָנטיילגענומען אין וואלן.

אן ערנסטערער פארזוך צו שאפן א פּאָליטישע ארבעטער־פּארטיי איז געמאכט געוואָרן אין ניו יאָרק אין 1829. ראָבערט דעיל אָוען, דער זון פון דעם אוטאָפּיסט אָוען, און פרענצים רייטס זיינען געווען די פירער פון דער ניו יאָרקער ארבעטער־פּארטיי. ראָבערט דעיל אָוען איז געווען א שארפער געגנער פון קאפּיטאַליזם מיט אַלע זיינע אינסטיטוציעס, רעליגיע אריינגערעכנט. די ניו יאָרקער פּארטיי איז געווען פיל ראדי־קאַלער פון דער פילאדעלפיער און האָט דורכגעפירט א סך שטורמישע קאמפן. די פּארטיי האָט געוואונען א ברייטן איינפלוס אין ניו יאָרק. זי איז אומגעקומען הויפּטזאַכלעך צוליב דעם קאמף וואָס דער רעכטער פליגל האָט אויפגעהויבן געגן אָוען און רייטס. די רעכטע האָבן געזיגט. א פארדאכט איז אויך געווען, אז די בורזשואזיע האָט באַוויזן אָפּצוקויפן אייניקע פון די טוער, וועלכע האָבן געהאָלפן אויפרייסן די פּארטיי פון אינעווייניק.

א באַגריף פון דעם רעוואָלוציאָנערן גייסט וואָס האָט געהערשט אין

דער ארבעטער־פארטיי קען מען קריגן פון אן אויסצוג אין אן ארטיקל פון פרענצים רייטס, געשריבן אין 1830:

„וואס אונטערשיידט דעם איצטיקן קאמף פון אלע אנדערע קאמפן וועלכע די מענטשלעכע ראסע האט געפירט איז דער פאקט, וואס דער איצטיקער קאמף איז אפן א מלחמה פון קלאסן און א מלחמה וואס איז אוניווערסאל.״

די דעמאקלטיקע ארבעטער־צייטונג, די װארקינגמענס עדוואקייט, האט גערופן צו די ארבעטער:

„אייערע פאטערס פון דער רעוואלוציע האבן פארזיכערט פאר אייך אזא פארמע פון רעגירונג, וואס גאראנטירט אייך אלגעמיינע וואל־רעכט. * * * אויב איר פארמאגט דאס רעכט פון פרייע מענטשן האט איר אייער רעכט אויסגענוצט ווי די פריווילעגיעס פון שקלאפן.

„וואכט אויף פון אייער דרעמל און באליידיקט ניט דעם אנדענק פון די העלדן פון 1776, ווייזנדיק דער וועלט אז פאר דעם וואס זיי האבן ריזיקירט מיט זייער לעבן צו געווינען באטראכט איר ניט פאר וויכטיק אויפצוהאלטן.״

די העצע געגן דער ניו יארקער ארבעטער־פארטיי

די קאפיטאליסטישע פרעסע האט אויפגענומען די גרינדונג פון דער נייער פארטיי מיט ציין־קריצעניש. די רעוואלוציאנערע און אפיקורסישע געדאנקען פון אוען און רייטס זיינען געווארן דער ציל־ברעט פון א גיפטיקער פארלוימדערישער העצע. ביידע פירער זיינען געמאלן געווארן ערגער פון ווילדע חיות און שרעקלעכער פון עגיפטישן טייפון; בלוטיקע אפאסטאלן וואס שיקן זייערע נאכפאלגער צו באגיין די ערגסטע פארברעכנס געגן גאט און געגן ציוויליזאציע; פינצטערע, פארדאמטע, פארדארבענע הערצער, וואס אליין גלויבן זיי אין גאט, אבער העצן אומשולדיקע מענטשן געגן גאט. און נאך פון דעם סארט שמעקעדיקע בלומען זיינען געווארפן געווארן אויף די פירער פון דער ארבעטער־פארטיי.

גוסטאוואוס מייערס שרייבט וועגן דעם אונטערגאנג פון דער ערשטער ארבעטער־פארטיי אין ניו יארק:

„אין 1831 איז די ארבעטער־פארטיי אונטערגעגאנגען. די אורזאך איז באשטאנען אין דעם, וואס די פארטיי איז פארראטן געווארן פון א יונגער, אומפייאיקער און, ווי אנדערע זאגן, פארעטערישער פירערשאפט, וואס איז צופרידן געווען אנצונעמען פון דער לעגיסלאטור קאנטראלירט פון די קאפיטאליסטישע אינטערעסן א ריי צוקער־לעקעכלעך, וואס האבן עטוואס געענדערט

עטלעכע געזעצן, וואָס זיינען אָבער ניט געווען פון ברייטן נוצן פאַר דעם אַרבעטער-קלאַס. פאַר עטלעכע געפעלשטע מטבעות האָט מען דערלויבט אונטערצוגראָבן אָט-דעם גלענצענדן פּראָלעטאַרישן אויפשטאַנד וואָס האָט פאַרמאָגט אַזוי פיל ענערגיע, ענטוזיאַזם און האָפענונג." (ג. מייערס, געשיכטע פון די גרויסע אַמעריקאַנער פאַרטייען, ערשטער באַנד, זייטן 172-174.)

אייניקע היסטאָריקער ווילן האָבן, אַז דער דורכפאַל פון דער מעכאַניקער־יוניאָן און פון די ערשטע אַרבעטער־פּאַרטייען בכלל האָט זיך גענומען פון דער אַגיטאַציע וואָס ענדרו דזשעקסאָן, קאַנדידאַט פאַר פּרעזידענט, האָט אָנגעפירט. דזשעקסאָן האָט פאַרטראָטן דאָס בירגערטום און די פאַרמער. ער האָט געשטורעמט געגן די באַנקען, געגן די קאַפּיטאַליסטן און געקאַמפּיינעוועט פאַר די רעכט פון „פּשוטן פאָלק". די אַרבעטער זיינען אַריינגעצויגן געוואָרן אין דזשעקסאָנס קאַמפּאַניע און זיינען פון אים אויסגענוצט געוואָרן. ווי די זאַך זאָל ניט זיין, די אַרבעטער האָבן אָבער אַריינגעטראָגן זייערע אייגענע פּאָליטישע פאָדערונגען און זייער אייגענעם טאָן אין דער באַוועגונג פאַר פּאָליטישער דעמאָקראַטיע וואָס ענדרו דזשעקסאָן האָט דעמאָלט פּערזאָניפיצירט.*)

אָן צווייפל, ענדרו דזשעקסאָנען, וואָס איז דעמאָלט דערוויילט געוואָרן אין ווייסן הויז, איז געלונגען צו דעמאָראַליזירן געוויסע אַרבעטער־פירער. דער שנעלער אונטערגאַנג פון די ערשטע אַרבעטער־פּאַרטייען קאָן ניט צוגעשריבן ווערן אויסשליסלעך צו פאַרראַט. געווירקט האָט אויך דער עקאָנאָמישער אויפבלי וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין לאַנד און אויך דער פאַקט וואָס דזשעקסאָן האָט נאָכגעגעבן עטלעכע אַרבעטער־פאָדערונגען. די וויכטיקסטע פּונקטן זיינען טאַקע געבליבן ניט פאַרווירקלעכט, אָבער אַזעלכע וויכטיקע רעפאָרמעס ווי אָפּשטעלן אַרעסטן פאַר שולד און זיכערן דעם לוין, זיינען יאָ דורכגעפירט געוואָרן. דאָס זעלבע די פאָדערונג פאַר פרייער און אַלגעמיינער בילדונג. אַזוי אַז דער פּאָליטישער קאַמף איז ווייט ניט פאַרבליבן פרוכטלאָז, כאָטש די אַרבעטער־פּאַרטייען האָבן געהאַט אַ קורצן לעבן.

דער צייטווייליקער דערפאָלג, ענטוזיאַזם און ענערגיע פון דער ניו יאָרקער אַרבעטער־פּאַרטיי האָט אָנגעשטעקט די אַרבעטער פון אַנדערע שטעט. די לאָזונגען אָפּצוטיילן זיך פון דער בורזשואַזיע אויפן פּאָליטישן

---

*) דזשעקסאָן איז געווען צוויי טערמינען אין ווייסן הויז, פון 1829 ביז 1837. אַן אַדוואָקאַט פון טענעסי, אַ שטאַט וואָס איז דעמאָלט געלעגן „אויפן גרענעץ", האָט דזשעקסאָן מיטגעריסן מיט זיינע פאַרשפּרעכונגען די פאָלק-מאַסן און אַ סך אַרבעטער. שפּעטער האָט ער געהאָלפן אונטערדריקן די סטרייקס פון די באַן-אַרבעטער. דזשעקסאָן איז געווען אַ דעמאָקראַט.

פעלד האָבן ארומגעכאפּט גרויסע מאסן ארבעטער. א גרויסער שוואונג האָט אויפגעטרייסלט דעם ארבעטער־קלאַס. אין העכער 15 שטעט זיינען באשאפן געוואָרן ארבעטער־פּארטייען. ווייניקסטנס 50 ארבעטער־צייטונגען אויס־צודריקן די פאָדערונגען פון די ארבעטער זיינען געגרינדעט געוואָרן. פּאָ־ליטישע ארבעטער־אָרגאניזאציעס איינגעטיילט אויף דער זעלבער טעריטאָריע־סיסטעם ווי די אַלטע קאפּיטאַליסטישע פּארטייען מיט צוזאַמענפאָרן און פּלאַטפאָרמעס, זיינען געווען א מאסן־דערשיינונג. ראדיקאַלע טוער, וואָס האָבן געפאָדערט רעוואָלוציאָנערע ענדערונגען, זיינען געקומען צום פאָדער־גרונט פון דער באוועגונג.

א פּרינציפּן־דערקלערונג מיט אַ רעוואָלוציאָנערער אויפפאַסונג

א ביישפּיל פון א רעוואָלוציאָנערער אויפפאַסונג פון די עקזיסטירנדיקע קלאַסן־פארהעלטענישן צו וועלכער די ארבעטער האָבן זיך דערהויבן צו יענער צייט קען דינען די פּרינציפּן־דערקלערונג פון דער ארבעטער־פּארטיי אין פּענסילווייניע, אונטערן נאָמען „וואָירקינגמענס פּאָליטיקעל אַסאָסיאיישאָן אָוו פּענס־טאַונשיפּ, פּענסילווייניא", וואָס הויבט זיך אָן מיט די פאָלגנדיקע ווערטער:

„עס זעט אויס, אַז עס עקזיסטירן צוויי אָפּגעזונדערטע קלאַסן: די רייכע און די אָרעמע, די אונטערדריקער און די אונטערדריקטע, די וועלכע לעבן פון זייער אַרבעט און די וועלכע לעבן פון פרעמדער אַרבעט, די אַריסטאָ־קראַטישע און די דעמאָקראַטישע, די רעפּובליקאַנישע און די דעספּאָטישע."

די דערקלערונג איז געשריבן געוואָרן מיט באַק־ציינער. וואָס עס פעלט איז אַן אָנווייזונג ווי אַזוי דער ארבעטער־קלאַס וועט אומוואַרפן די הער־שאַפט פון די רייכע און פון די אונטערדריקער, און צווייטנס, וואָס פאַר אַן אָרדענונג דער ארבעטער־קלאַס וועט באַשאַפן אָנשטאָט דער קאַפּיטאַליסטי־שער. אין דעם איז באַשטאַנען די פונדאַמענטאַלע שוואַכקייט פון די אַלע פּלאַטפאָרמעס פון די ארבעטער־פּארטייען. זיי האָבן אויסגעדריקט די געפילן פון פּראָטעסט וואָס האָבן אָנגעפילט די ארבעטער, זיי האָבן אָבער ניט פאַרמאָגט קיין אויסוועג אויסער אַלגעמיינע ווערטער וועגן יושר, גערעכטיקייט און גלייכקייט, א. אַז. וו. זייערע באַלדיקע פאָדערונגען זיינען שוין געווען מער קאָנקרעט און געבויט אויף די אוממיטלבאַרע באַדערפעניש‍ן פון ארבעטער־קלאַס.

די וויכטיקסטע באַלדיקע פאָדערונגען זיינען געווען:

1. פרייע פּאַבליק־סקולס.
2. א צען־שטונדיקער אַרבעט־טאָג.
3. אָפּשאַפן דעם געזעץ וועגן חובות פון אַרבעטער.
4. באַנקען זאָלן ניט טאָרן אַרויסלאָזן פּאַפּיר־געלט.
5. אָפּשאַפן די מיליציע־סיסטעם.
6. אָפּשאַפן טורמע פאַר ניט צאָלן שולדן.
7. אָפּשאַפן די מאָנאָפּאָליעס.
8. באַשרענקען די אַרבעט־שטונדן פון פרויען און קינדער.
9. אַלגעמיינע וואַל־רעכט.

דער קאַמף פאַר פרייע שולן איז באַטראַכט געוואָרן פון גרויס באַדייטונג צווישן די אַרבעטער. פיל שטאַטן האָבן געהאַט „פרייע" שולן פאַר אָרעמע קינדער, אָבער די שולן זיינען אָנגעפירט געוואָרן ווי אינסטיטוציעס פאַר אָרעמע יתומים. די קינדער זיינען אויסגעוואַקסן בעטלער. די רייכע האָבן געהאַט זייערע אייגענע שולן. די צאָל אַרבעטער־קינדער אַנאַלפאַבעטן איז געוואַקסן אין אַלע אינדוסטריעלע צענטרען. נאָך אין 1837 האָבן פון 400,000 קינדער אין פּענסילוועניע, 250,000 ניט באַזוכט קיין שולן. אין 1820 האָט ניו יאָרק געציילט 24,000 קינדער אַנאַלפאַבעטן. אין 1833 זיינען אין לאַנד געווען אַרום א מיליאָן קינדער אַנאַלפאַבעטן. א יאָר שפּעטער האָט זייער צאָל דערגרייכט א מיליאָן און א פערטל. (קאָמאָנס, זעלבער בוך, זייט 182.)

רייכע באַקעמפן פאָדערונגען פאַר פרייע קינדער־שולן

די בורזשואַזיע איז געווען שאַרף געגן אַלגעמיינער עלעמענטאַרער בילדונג: „ווער וועט באַאַרבעטן דאָס לאַנד, גראָבן קאַנאַלן, בויען וועגן, אַרבעטן אין פאַבריקן?" האָבן געשריען די בורזשואַזע צייטונגען און בורזשואַזע פּאָליטיקער.

„דער פּויער — האָט געטענהעט די נעשאַנאַל גאַזעט פון פילאַדעלפיע — מוז אַרבעטן לאַנגע שטונדן אין דער צייט ווען זיין רייכער שכן גיט זיך אָפּ מיט אַבסטראַקטער קולטור פון זיין מאָרך, אַנדערש וועט דער באָדן ניט געבן גענוג שפּייז פאַר אַלעמען. דער אַרבעטער קען ניט פאַרלאָזן זיין פאַך פאַר אַלגעמיינער שטודירונג. אויב ער זאָל עס טאָן וועלן אויספעלן אַלע באַקוועמלעכקייטן פון לעבן און א מאַנגל אין סחורות וועט מוזן קומען. פוילקייט, דעמאָראַליזאַציע, אָרעמקייט, אומצופרידנקייט וועלן זיך שנעל פאַרשפּרייטן צווישן אַלע קלאַסן. קיין רעגירונג, קיין שטאַטסמאַן, קיין

פילאַנטראָפּ קען ניט באַווייזן צו טאָן דאָס וואָס איז געגן דער סאַמע אָרגאַני-
זאַציע פון דער בירגערלעכער געזעלשאַפט." (דאָקומענטערי היסטאָרי א. אַז.
וו., באַנד 1, זייטן 108-110.)

אָט־די פילאַנטראָפּיע פון דעם רייכן פּאַראַזיט איז באַגלייט געוואָרן מיט סטראַשונקעס, אַז אַלגעמיינע עלעמענטאַרע בילדונג שמעקט מיט צעטיילונג פון אייגנטום, און דאָס גלייכן. עס האָט אָבער ניט געהאָלפן. „אַ זאַך וואָס קיינער קען ניט באַווייזן" איז דאָך איינגעפירט געוואָרן, גרעסטנטיילס אונטער דעם דרוק פון אַרבעטער־קאַמף; טיילווייז אויך צוליב דעם, וואָס די אינ־דוסטריעלע בורזשואַזיע האָט איינגעזען, אַז קינדער־שולן זיינען ניט געגן אירע אינטערעסן אויב די שולן ווערן געפירט אין איר גייסט. מיט די נייע מאַשינען האָט די אינדוסטריעלע בורזשואַזיע גענייטיקט אַרבעטער וואָס קענען לייענען און שרייבן. די שולן זיינען געוואָרן גייסטיקע פאַבריקן, וואָס פּראָדוצירן מאַסן ראָבאָטס פאַר די ריזיקע אונטערנעמונגען פון די קאַפּיטאַליסטן. די בילדונג־סיסטעם האָט פאַר איר הויפּט־צוועק איינ־צופלאַנצן צווישן די קינדער געהאָרכזאַמקייט און לאָיאַליטעט צו די עקזיס־טירנדיקע געזעצן און צו דער אָרדענונג וואָס זיי האַלטן אויף און גלייכצייטיק צו אַנטוויקלען אינדיווידואַליסטישע נייגונגען צווישן די קינדער, נייגונגען צו פּערזענלעכער קאַריערע און וואוילזיין.

## אַכטער קאַפּיטל

# דער קאַמף פאַר אַ קירצערן אַרבעט־טאָג

די באַדייטונג פון שניידן די אַרבעט־שטונדן. — 1825—1835 זיינען געווען יאָרן פון גרויסע סטרייקס פאַר דעם צען־שטונדיקן אַרבעט־טאָג. — די גיפטיקע העצע פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּרעסע. — דער זיג פון ערשטן גענעראַל־סטרייק אין פילאַדעלפיע. —מיליציע און סאָלדאַטן אונטערדריקן סטרייקס פון אַרבעטער וואָס בויען באַן־וועגן. — דער רוף פון די שניידער אין ניו יאָרק. — די סטרייקס פון די אַרבעטערינס אין ניו ענגלאַנד. — דער צווייטער קריזיס פון 1837. — די פרוכט פון קאַמף.

וויכטיקער פון דער פאָדערונג פון אַלגעמיינער פרייער בילדונג, וואַלרעכט א. אַז. וו. איז געווען דער קאַמף צו פאַרקירצן די אַרבעט־שטונדן. אין דער געשיכטע פון אַמעריקאַנישן אַרבעטער־קלאַס פאַרנעמט דער קאַמף פאַר אַ קירצערן אַרבעט־טאָג איינעם פון די גרעסטע און בלוטיקסטע קאַפּיטלען — אָנהויבנדיק פון דער באַוועגונג פאַר אַ צען־שטונדיקן אַרבעט־טאָג אין די דרייסיקער יאָרן פון 19טן יאָרהונדערט, דער העלדישער און בלוטיקער קאַמף פאַר דעם אַכט־שטונדיקן אַרבעט־טאָג, ביז דעם קאַמף פאַר דער 35־ און 30־שטונדיקער אַרבעט־וואָך אין 1933 און 1934.

דער אַרבעטער־קלאַס האָט געזען אין דער פאָדערונג פון ווינציקער אַרבעט־שטונדן ניט נאָר אַ פראַגע פון מאַכן אַ סוף צו אוממענטשלעכער האָרעוואַניע וואָס האָט פריצייטיק אַלט געמאַכט דעם אַרבעטער. דאָס אַליין איז גענוג וויכטיק און וואָגיק צו טרייבן די אַרבעטער־מאַסן צו סטרייקס און צו אַנדערע אַרויסטרעטונגען צו געווינען די פאָדערונג פון ווייניקער אַרבעט־שטונדן. אָבער אין דער פאָדערונג זיינען אויך פאַרוויקלט אַנדערע פונדאַמענטאַלע פּראָבלעמען.

אַ קירצערער אַרבעט־טאָג מיינט אַ פאַרלענגערונג פון באַשעפטיקונג אין די פאַכן און אינדוסטריעס וואו די באַשעפטיקונג איז אַ סעזאָניקע. אַ קירצערער אַרבעט־טאָג איז אויך אַ הילף פאַר דער שטענדיקער רעזערוו־אַרמיי אַרבעטלאָזע, וואָס כמעט יעדע אינדוסטריע פאַרמאָגט. אַ קורצער אַרבעט־טאָג מיינט אויך אַן אָפּשוואַכונג פון קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַ־

טאַציע. די פֿאָדערונג פֿאַר אַ צען־שטונדיקן אַרבעט־טאָג אַמאָל און פֿאַר 35 און 30 שטונדן שפּעטער, שטאַמט פֿונדאַמענטאַל פֿון די זעלבע אורזאַכן. דאָ ווערט קלאָר אַרויסגעבראַכט די אָרגאַנישע פּראָצעדור און אַנטוויקלונג פֿון דער אַרבעטער־באַוועגונג.

די ערשטע אָנצוהויבן די באַוועגונג פֿאַר דעם צען־שטונדיקן אַרבעט־טאָג זיינען געווען די סטאָליאַרעס אין באָסטאָן, וואָס האָבן דערקלערט אַ סטרייק נאָך אין 1825. געגן זיי זיינען געשטאַנען די פּאַראייניקטע אַרבעט־געבער. זיי האָבן דעם סטרייק פֿאַרלאָרן. אין 1831 פֿאַראייניקן זיי זיך מיט די מוליערס און סטרייקן צוזאַמען פֿאַר די צען שטונדן. ווידער איז דער סטרייק פֿאַרלאָרן. פֿון זון־אויפֿגאַנג ביז זון־אונטערגאַנג זומער און 14 ביז 15 שטונדן ווינטער איז דער „נאָרמאַלער" אַרבעט־טאָג.

די פֿאַרלוסטן פֿון די צוויי סטרייקס האָבן אָבער ניט אָפּגעשטעלט די באַוועגונג פֿאַר די 10 אַרבעט־שטונדן אַ טאָג. אין נאָוועמבער 1831 האָבן די קוואַליפֿיצירטע אַרבעטער און די מאַשיניסטן אין פּראָווידענס באַשלאָסן, אַז פֿון מערץ 1832 וועלן זיי ניט אַרבעטן מער ווי 10 שטונדן אַ טאָג. אין זעלבן יאָר האָט אַ קאָנווענשאַן פֿון פֿאַרמער, בעל־מלאכות און אַנדערע אַרבעטער פֿון ניו ענגלאַנד אָנגענומען אַ רעזאָלוציע „צו קירצן דעם אַרבעט־טאָג ביז 10 שטונדן, אָנהויבנדיק דעם 20סטן פֿון קומענדיקן מערץ".

פּראָפֿעסאָר קאָמאָנס באַצייכנט דעם יאָר 1835 ווי דאָס הויפּט־יאָר פֿון דער באַוועגונג פֿאַר דעם צען־שטונדיקן אַרבעט־טאָג. באָסטאָן האָט אָנגעהויבן, און פֿון דאָרטן האָט זיך עס פֿאַרשפּרייט איבער גאַנץ ניו ענגלאַנד און ניו דזשוירזי. צענדליקער סטרייקס האָבן געפֿלאַקערט אין די וויכטיקסטע פּאַכן. אומעטום האָבן די סטרייקס באַגעגנט דעם פֿאַראייניקטן כח פֿון די קאַפּיטאַליסטן, וואָס האָבן אימפּאָרטירט סטרייק־ברעכער פֿון אַנדערע שטעט, געשלעפּט די סטרייקער אין געריכט פֿאַר „פֿאַרברעכערישער קאָנספּיראַציע". ביז 1835 זיינען אַלע סטרייקס פֿאַר קירצערע שטונדן פֿאַרשפּילט געוואָרן. אין יענעם יאָר ברעכט אויס אַ נייע כוואַליע סטרייקס. די אַרבעטער האָבן עטוואָס געלערנט פֿון דער טאַקטיק פֿון די באַלעבאַטים. די סטאָליאַרעס, שטיינהאַקער און ציגל־לייגער אין באָסטאָן, גייען ווידער אַרויס אין אַ סטרייק פֿאַר די צען שטונדן. די סטרייקער שיקן דעלעגאַציעס אין אַלע נאָענטע שטעט. די דעלעגאַטן זיינען אומעטום אויפֿגענומען געוואָרן מיט גרויס באַגייסטערונג פֿון די אַרבעטער, וועלכע האָבן דערמוטיקט די סטרייקער אָנצוגיין מיט זייער גערעכטן קאַמף. פֿאַרזיכערונגען פֿון פֿינאַנציעלער הילף זיינען געגעבן געוואָרן. זיבן מאָנאַטן האָט דער סטרייק געדויערט, לענגער

האָבן די אַרבעטער ניט געקענט שטיין אין סטרייק. דער קאַמף איז פאַר־שפּילט געוואָרן.

## ערשטער גענעראַל־סטרייק אין פילאַדעלפיע

דערפאַר זיינען געווען זיגרייכער די אַרבעטער אין פילאַדעלפיע אין זעלבן יאָר. דאָרטן האָט די באַוועגונג פאַר דעם צען־שטונדיקן אַרבעט־טאָג געפונען אויסדרוק אין אַ גענעראַל־סטרייק פון אַלע אַרבעטער אין שטאָט. מען קאָן זאָגן, אַז דאָס איז געווען דער ערשטער גענעראַל־סטרייק אין די פאַראייניקטע שטאַטן. די ערשטע זיינען געווען די קוילן־אַנלאָדער פון שיילקיל דאָק (פּיער). די באַלעבאַטים האָבן געבראַכט סטרייק־ברעכער. די סטרייקער זיינען באַפאַלן די סטרייק־ברעכער און די פּאָליציי וואָס האָט זיי באַשיצט. די בורזשואַזיע האָט פאַרדאַמט די סטרייקער, אָבער די אַרבעטער פון שטאָט האָבן זיי געשטיצט. פּראָפעסאָר קאָמאָנס באַשרייבט ווי אַזוי דער סטרייק פון די קוילן־אַנלאָדער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גענעראַל־סטרייק.

די אַרבעטער האָבן זיך ניט באַנוגנט מיט אַ פּאַסיוון גענעראַל־סטרייק. זיי האָבן איבערגענומען די גאַסן פון שטאָט און דורכגעפירט דעמאָנסטראַ־ציעס, וואָס פילאַדעלפיע האָט נאָך ניט געזען. טויזנטער אַרבעטער האָבן מאַרשירט מיט טרומפּייטן און פּויקן און פאָנען, אויף וועלכע עס האָט געפלאַטערט די לאָזונג: „פון 6 ביז 6" (אַרבעטן פון זעקס אינדערפרי ביז זעקס פאַרנאַכט).

„אין פאַרלויף פון עטלעכע טעג האָבן די מערסטע אַרבעטער אין די בוי-פאַכן, סטאָליאַרעס, מוליערס, פלאַסטערערס (שטוקאַטור-אַרבעטער), פונדאַ-מענט-אַרבעטער א. אַז. וו., דערקלערט אַז זיי וועלן אַרבעטן ניט מער ווי 10 שטונדן אַ טאָג. נאָכדעם זיינען געקומען די שמידן, פלאָמבערס, לעדער-אַרבעטער מיט דער זעלבער דערקלערונג. די שטריק-אַרבעטער, וועלכע האָבן געסטרייקט פאַר העכערן לוין, האָבן איצט אָנגעגעבן אַז זיי פאָדערן העכערן לוין כדי צו אַרבעטן וויניקער שטונדן. די ציגאַרמאַכער, זאָטלמאַכער און דרוקער, וואָס אַרבעטן פון שטיק, האָבן אַרויסגעשטעלט די זעלבע טענה און דערקלערט זייער גרייטקייט צו סטרייקן. די בעקער-אַרבעטער זיינען צו-געשטאַנען צום גענעראַל-סטרייק און געפאָדערט, אַז שבת און זונטיק זאָל מען אויפהערן באַקן. די קלוירקס (פאַרקויפער) אין די געשעפטן האָבן געפאָדערט, אַז די געשעפטן זאָלן געשלאָסן ווערן ביים ערשטן אָנצינדן פון ליכט." (קאָמאָנס, היסטאָרי אָוו לייבאָר, ערשטער באַנד, זייט 370.)

פראָפעסאָר קאָמאָנס ברענגט אין זיין אויבן־דערמאָנטן בוך די באַ־גייסטערטע דערינערונגען פון אַ סטרייקער, דזשאָן פעראַל:

„אַרבעטער שילדערט ערשטן גענעראַל-סטרייק

„מיר האָבן מאַרשירט צו די עפנטלעכע אונטערנעמונגען (פּאָבליק וואָירקס) און די אַרבעטער זיינען גלייך צוגעשטאַנען צו אונז. באַשעפטיקונג איז אָפּגעשטעלט געוואָרן. האַנדל האָט זיך ניט גערירט פון אָרט. פאַר־קאַטשעטע אַרבל, דעם פאַרטוך אָנגעטאָן, די אַרבעט-געצייג אין די הענט, אַזוי האָט מען מאַרשירט. ווען האַרמאַטן פון אַ פּיינטלעכער אַרמיי וואָס קומט פאַרכאַפּן די שטאָט וואָלטן אויסגעשאָסן זייער אַרויספאָדערונג וואָלט ביי די פרייע איינוואוינער פון פילאַדעלפיע ניט געווען קיין גרעסערער חשק פאַר דעם קאַמף, ווי זיי האָבן איצט אַרויסגעוויזן. נאָר די בלוט-זויגנדיקע אַריסטאָקראַטיע איז געשטאַנען צעטומלט און דערשראָקן. זיי האָבן געטראַכט, אַז דער טאָג פון דער גרויסער רעכענונג איז געקומען. אָבער די אַרבעטער האָבן ניט געטראַכט און ניט גענומען נקמה פאַר דעם שלעכטס וואָס זיי האָבן געליטן פון זייערע שונאים.״ (קאָמאָנס, היסטאָרי א. אַז. וו., ערשטער באַנד, זייט 391.)

די פילאַדעלפיער גאַזעט, אַ קאַפּיטאַליסטישע צייטונג, האָט געזאָגט: „משוגענע צייטן... אונזערע גאַסן אָנגעפילט מיט אַ באַפעלקערונג פון לײדיק־גייער. אויסדרוקן פון גוואַלדטאַט זיינען שוין פאָרגעקומען און אויב די אונטערשיידן וועלן ניט געשליכטעט ווערן, וועט די אויפרעגונג וואַרשיינלעך גרעסער ווערן. אונזערע געביידעס זיינען אין אַ שטילשטאַנד און געשעפט בכלל איז אין היפּשער סכנה.״

די קאַפּיטאַליסטישע צייטונגען האָבן מיט דער גרעסטער היפּאָקריט־סטווע געטענהעט: „מיר זעצן ניט אויס געגן די פאָדערונגען וואָס די אַר־בעטער שטעלן אַרויס, נאָר געגן די מיטלען מיט וועלכע זיי זוכן די פאָדערונגען צו געווינען.״ אָט די כלומרשטע אומפּאַרטייאישקייט צו די פאָדערונגען פון די אַרבעטער ווען די אַרבעטער זיינען אין גענעראַל־סטרייק, פּראַקטיצירט די קאַפּיטאַליסטישע פּרעסע אויך היינט צו טאָג. מיט דעם זעלבן נוסח האָבן די קאַפּיטאַליסטישע צייטונגען באַקעמפט גלענצנדיק דעם גענעראַל־סטרייק אין סעאַטל אין 1919 און דעם מעכטיקן גענעראַל־סטרייק אין סאַן פראַנציסקאָ אין יולי 1934. ווען די אַרבעטער ליגן איינגעלייגט אין גרויזאַמער נויט און הונגער, שטומען די קאַפּיטאַליסטישע צייטונגען, אָדער לויבן די „צופרידנשטעלנדיקע באַציאונגען צווישן אַרבעטער און קאַפּיטאַל״. ווען אַרבעטער פון איין אינדוסטריע הייבן אָן אַ קאַמף פאַר זייער רעכט צו זיין אָרגאַניזירט און פאַר בעסערע אַרבעט־באַדינגונגען, איז

די פרעסע געגן זיי חוצפהדיק־אפן אדער גיפטיק־באהאלטן. ערשט ווען די ארבעטער פון די איבעריקע אינדוסטריעס, אין א פרעכטיקן שריט פון פראָ־לעטארישער סאָלידאריטעט, ווארפן די ארבעט צו העלפן די סטרייקער, דער־מאָנט זיך די קאפיטאליסטישע פרעסע צו זאגן, אז זי האט גארניט אייגנטלעך געגן דעם רעכט פון די ארבעטער ארויסצושטעלן קריוודעס, נאר זי ווארנט געגן די מעטאָדן ווי אזוי די קריוודעס צו באזייטיקן. אויך אין דעם הינזיכט האט זיך ווענטלעך קיין זאך ניט געביטן פון דעם ערשטן פעריאָד פון קאפיטאליסטישער אנטוויקלונג ביז דעם לעצטן פעריאָד פון קאפיטאליסטי־שער צעפוילונג.

די סטרייקער אין פילאדעלפיע האבן געזיגט. לויט די ווערטער פון דזשאן פעראל: „מיר האבן געוואונען, ווייל מיר זיינען געווען פאראייניקט און האבן געהאנדלט מיליטאנטיש." אט די ווערטער פון דעם סטרייקער פאסן זיך פונקט אזוי גוט צו דער שפעטערדיקער צייט. זיין פאראייניקט און האנדלען מיליטאנטיש איז דער רוקנביין פאר יעדן זיגרייכן ארבעטער־קאמף.

די באוועגונג פאר דעם 10־שטונדיקן ארבעט־טאג האט זיך אנגעשטויסן אויף דער ביטערער געגנערשאפט פון דער גאנצער „בעסערער געזעלשאפט", ניט נאר די ארבעטגעבער אליין.

גוסטאוואוס מייערס דריקט זיך אויס מיט די פאלגנדיקע ווערטער:

„די פאליטישענס האבן פארדאמט די באוועגונג. די אויפגעקלערטע קלאסן האבן זיך געקרימט. די צייטונגען האבן עס אויסגעלאכט און פארלוימדעט. די באאמטע זיינען גרייט געווען אנצוואווענדן מאכט צו אונטערדריקן די באוועגונג. וואס אנבאלאנגט די קאפיטאליסטן, די שיף-אייגנטימער, די שיף-פאבריקאנטן, אייזן-פאבריקאנטן און די אנדערע, זיי האבן ניט נאר געלייקנט דאס רעכט פון די ארבעטער צו זיין ארגאניזירט, ווען זיי אליין זיינען יא געווען ארגאניזירט, נאר זיי האבן געשטורעמט געגן די 10 ארבעט-שטונדן ווי 'אן אומגערעכטע פאדערונג וואס נאר די נארישקייט און דער קאפריז פון עטלעכע ארבעטער קענען דיקטירן'. א זייער גרויסע סומע געלט איז געזאמלט געווארן פון די סוחרים — שרייבט מעקניעל — צו צעשמעטערן די באוועגונג פאר דעם 10-שטונדיקן ארבעט-טאג.

„ווי א ביישפיל פון דער גוואלדיקער געגנערשאפט צו דער פאדערונג פון די ארבעטער ציטירט מעקניעל פון א באסטאנער צייטונג פון 1832, וועלכע האט געשריבן: 'ווען די אומגעזעצלעכע קאמבינאציע וואלט געהאט פאר איר צוועק די העכערונג פון לוין, וואלטן מיר עס געקענט איבערלאזן צו איר אייגענעם שיקזאל. אבער איצט שלאגט עס אין דעם סאמע נערוו פון דער אינדוסטריע און גוטן מאראל, ווען די באוועגונג זוכט צו דיקטירן די ארבעט-שטונדן, דערמיט אפשאפנדיק דעם אלטן גוטן מנהג פון אונזערע

טאַטעס און פירנדיק צו נויט און אָרעמקייט, ווייל פּוסט-און-פּאַסטעווען עטלעכע שטונדן אינדערפרי און אין אָוונט, וועט זיכער ברענגען צו שיכרות און רואינע.' ״ (מייערס, היסטאָרי א. אַז. וו., צווייטער באַנד, זייטן 59-61.)

קאָנגרעס פאַרוואַרפט פּעטיציע פון 10־שטונדיקן אַרבעט־טאָג

די טרייד־יוניאָנס אין באַלטימאָר האָבן זיך געווענדט מיט אַ פּעטיציע צום קאָנגרעס אין וואַשינגטאָן איינצופירן דעם 10־שטונדיקן אַרבעט־טאָג. נאָך אַ קורצער דיסקוסיע איז די פּעטיציע געטויטעט געוואָרן (געטייבלט). אַזוי פיל האָבן די געזעצגעבער געהאַט אינזינען די נויטן פון די אַרבעטער. דער געשריי, אַז ווייניקער אַרבעט־שטונדן וועט פאַראורזאַכן שיכרות, זינד א. ד. ג., איז געווען אַ ליגנערישער אויסרייד. די אַנטשיידענע געגנערשאַפט פון די קאַפּיטאַליסטן האָט געשטאַמט דערפון, וואָס אַ קירצערער אַרבעט־טאָג מיינט אַז דער אַרבעטער שאַפט אַ קלענערן סורפּלוס ווערט, וואָס דער אַרבעטגעבער פאַרוואַנדלט אין פּראָפיטן. ווייניקער אַרבעט־שטונדן האָט געמיינט ווייניקער פּראָפיטן. שפּעטער האָבן די קאַפּיטאַליסטן אויסגעפונען אַן אויסגעצייכנטן מיטל צו פאַרגיטיקן פאַר זיך דעם פאַרלוסט פון עטלעכע אַרבעט־שטונדן. די אַזוי־גערופענע „עפישענסי״־מעטאָדן (טיכטיקייט־מעטאָדן) האָבן געבראַכט אין שאַפּ און אין פאַבריק אַ סיסטעם פון יאָגעניש ביי דער אַרבעט און פון „סטרעטש־אויט״ (ווען איין אַרבעטער דאַרף אַכטונג געבן אויף אַ גרעסערער צאָל מאַשינען, ווי אַ טעקסטיל־אַרבעטער, צום ביישפּיל, אויף 24 מאַשינען), וואָס ציט אַרויס דעם זאַפט פון די ביינער און מאַכט אַ מיטליאָריקן אַרבעטער אַלט און נוצלאָז פאַר פּראָדוקציע. דאָס פאַרמינערט אָבער ניט די באַדייטונג פון אַ קירצערן אַרבעט־טאָג.

אַ נאַאיווער מענטש וואָלט געקענט מיינען, אַז די קאַפּיטאַליסטן און זייער רעגירונג זיינען געוואָרן בעסער אויפגעלייגט צו דער באַוועגונג פאַרן העכערן לוין. עס הויבט זיך ניט אָן. די זעלבע ביטערע געגנערשאַפט, די זעלבע גוואַלד־מיטלען און טעראָר זיינען אָנגעווענדט געוואָרן געגן די אַרבעטער וואָס זיינען אַרויס סטרייקן פאַר העכער שכירות, ווי מיר וועלן באַלד זען.

דער סטרייק פון די שניידער אין ניו יאָרק געגן אַ לוין־שניט

אין 1836 האָט זיך פאַרשפּרייט אַ סטרייק־כוואַליע פאַר העכערן לוין אין דער קליידער־אינדוסטריע. פון 69 סטרייקס וואָס זיינען פאַרצייכנט געוואָרן אין יענעם יאָר זיינען 68 געווען פאַר אַ העכערן לוין. די אַרבעט־געבער האָבן אָנגעווענדט זייערע צוויי גוט־באַקאַנטע מיטלען: סטרייק־

ברעכער און געריכט־פארפאלגונגען. ווידעראמאל איז יקרות אויף לעבנס־מיטלען געווען די דירעקטע אורזאך פאר די סטרייקס. אויף א מאסן־פארזאמלונג דעם 25סטן נאוועמבער, 1836, אין ניו יארק איז אנגענומען געווארן א רעזאלוציע, וואס זאגט:

„פאר יעדן דענקענדיקן מענטשן איז קלאר, אז פאר די לעצטע עטלעכע יאר איז פארגעקומען א ריזיקע פארטייערונג פון דירה-געלט און פון פרייזן אויף לעבנס-מיטלען, אז עס איז מאראליש אוממעגלעך פאר יעדן בעל-מלאכה און ארבעטער אויפצוהאלטן זיין פאמיליע אויף א וועלכן עס איז אנשטענדיקן אופן."

צו דער פראפיטן־זשעדנעקייט פון די ארבעטגעבער איז ניטא קיין גרענעץ. אין א סך פלעצער האבן זיי גענומען שניידן דעם לוין, און דערמיט ארויסגערופן ביטערע קאמפן פון די ארבעטער. די באסעס אסאסיאיישאן (ארגאניזאציע פון די ארבעטגעבער) אין דער קליידער־אינדוסטריע אין ניו יארק האט באשלאסן צו שניידן דעם לוין. די שניידער האבן געענטפערט מיט א סטרייק. די באלעבאטים האבן געבראכט סטרייק־ברעכער און די ארבעטער האבן ארגאניזירט מאסן־פיקעטן. אלע ארגאניזירטע ארבעטער פון שטאט האבן געהאלפן די סטרייקנדע שניידער. די ארבעטגעבער זיינען געגאנגען אין געריכט. צוואנציק פיקעטס זיינען ארעסטירט געווארן און די יוניאן איז דערקלערט געווארן אומגעזעצלעך. דער אורטייל אויף די ארעסטירטע איז אפגעלייגט געווארן אויף א וואך. די ארבעטער זיינען געווען גוואלדיק אויפגעבראכט געגן דער אפענער און ברוטאלער אריינמישונג פון געריכט אויף דער זייט פון די באסעס. איידער דער אורטייל איז ארויסגעטראגן געווארן האבן די סטרייקער ארויסגעלאזט דעם פאלגנדיקן ביטער־סארקאסטישן רוף:

„מאנטיק, דעם 6טן יוני, 1836, וועלן פרייע מענטשן באקומען זייער שטראף צו באפרידיקן די טייוולשע אפעטיטן פון דער אריסטאקראטיע. די פרייהייט פון די ארבעטער וועט פארשוועכט ווערן מאנטיק. ריכטער עדווארדס וועט זינגען דעם רעקוויאום (טויטן-תפילה). גייט אהין, גייט אהין, גייט אהין! יעדער פרייער מענטש, יעדער ארבעטנדיקער מענטש, גייט און הערט דעם מעלאנכאלישן קלאנג פון ערד ארויפגעשאטן אויף דער טרונע פון גלייכהייט. זאל דער געריכט-זאל, די שטאט-רעגירונג, יא, דער גאנצער פארק ארום אנגעפילט זיין מיט טרויערנדיקע מענטשן. אבער געדענקט, גיט ניט קיין ווידערשטאנד דעם ריכטער עדווארדס. בויגט זיך איין אונטערטעניק און נעמט צו די קייטן מיט וועלכע מען וועט אייך שמידן. האלט אויף דעם פרידן. איבער אלצדינג, האלט אויף דעם פרידן." (קאמאנס, היסטארי א. אז. וו., ערשטער באנד, זייט 409.)

אין דעם קאמף פאר לוין זיינען אויך אריינגעצויגן געוואָרן די פאבריק־הענט. טעקסטיל־ארבעטער אין ניו ענגלאַנד האָבן געפירט גרויסע און ערנסטע קאמפן פאר העכערן לוין אָדער געגן די פארזוכן פון די קאפיטאליסטן צו שניידן דעם לוין. פרויען טעקסטיל־ארבעטער אין דאָווער, ניו העמפשייר און אין לאָועל, מאסאטשוזעטס האָבן עטלעכע מאָל געסטרייקט פאר לוין. אין לאָוועל האָבן צוויי טויזנט סטרייקערינס פאראדירט איבער די גאסן אין 1834. זיי האָבן געגרינדעט א יוניאָן, אין וועלכער 2,500 ארבעטערינס האָבן זיך גלייך אָנגעשלאָסן. די יוניאָן האָט ארויסגעלאָזט א רוף צו די ארבעטער פון די איבעריקע אינדוסטריעס זיי זאָלן צושטיין צום קאמף. די סטרייקס זיינען ניט געוואונען געוואָרן. די ארבעטערינס האָבן ניט געקענט אויס־האלטן א לאנגן סטרייק. די פאבריקאנטן האָבן דעמאָלט צום ערשטן מאָל איינגעפירט דעם טרויעריק־באוואוסטן „יעלאָ־דאָג אגרימענט" (אן אָפּמאך, וואָס מאכט דעם ארבעטער אויסזען ווי א געלער הונט), וואו די ארבעטערינס האָבן געמוזט אונטערשרייבן אז זיי וועלן מער ניט סטרייקן און וועלן ניט באלאנגען צו קיין יוניאָן.

ניט־קוואַליפיצירטע אַרבעטער טרעטן אַריין אין קאַמף

צום ערשטן מאָל אז די ניט־קוואליפיצירטע ארבעטער, די וועלכע גראָבן קאנאלן און לייגן אויס באן־וועגן, זיינען ארויס אין קאמף פאר בעסערע ארבעט־באדינגונגען, באזונדערס פאר העכערן לוין. זיי זיינען געווען די סאמע עקספּלואטירטסטע ארבעטער און זיינען באשטאנען כמעט אינגאנצן פון אימיגראנטן, הויפטזאכלעך אירלענדישע (איירישע). די אירלענדער זיינען דעמאָלט געווען פאררעכנט פאר די גרעסטע אינדוסטריעלע שקלאפן. זייערע פארדינסטן זיינען געווען צען און צוועלף דאָלאר א מאָנאט אין די זומער־מאָנאטן און ארום פינף דאָלאר א מאָנאט ווינטער־צייט. אנדערע האָבן געארבעט נאָר פאר זייער אויפהאלטונג.

די קאפיטאליסטן האָבן אָנגערופן זייערע סטרייקס „רעוואָלטן און אויפ־שטאנדן" צו באַרעכטיקן דאָס באנוצן טעראָר געגן די סטרייקער. עס האָט געהייסן, אז „דער אָפּפאל און די אויסגעשפּיגענע פון דער אלטער וועלט" מאכן אויפשטאנדן אין דער נייער וועלט, וואָס האָט זיי באפריינדעט און זיי געראטעוועט פון הונגער־טויט.

צווישן 1829 און 1835 זיינען פאָרגעקומען צענדליקער סטרייקס פון די ארבעטער ביים בויען באנען. אלע סטרייקס זיינען אונטערדריקט געוואָרן פון דער פאָליציי און שטאָט־טרופּן, מיט בלוט־פארגיסונגען. די ארבעטער

ביים פענסילווייניע-קאנאל האבן געפאדערט א דאלאר א טאג. די פאליציי איז באפאלן די סטרייקער און דערשטיקט דעם סטרייק. אין אויגוסט 1829 האבן ארבעטער אויף דער באלטימאר און אהייא באן-ליניע רעוואלטירט געגן זייערע שרעקלעכע ארבעט-באדינגונגען. סטייט-טרופערס זיינען גע־בראכט געווארן. איין סטרייקער איז דערשאסן געווארן צום טויט און עטלעכע זיינען פארוואונדעט געווארן. איין געביידע איז פארברענט געווארן. די באן-ארבעטער פון באסטאן און פראווידענס זיינען ארויס אין סטרייק פאר העכערע וויידזשעס אין 1834. טרופן פון דער רעגולערער ארמיי זיינען געשיקט געווארן געגן די ארבעטער. די סאלדאטן האבן דורכגעפירט מאסן־ארעסטן און דער סטרייק איז געבראכן געווארן.

אין הארבסט פון זעלבן יאר זיינען 300 אירלענדישע באן-ארבעטער אין וואשינגטאן ארויס אין סטרייק. אין די צוזאמענשטויסן זיינען עטלעכע קאנטראקטארס דערהרגעט געווארן פון די דערצארנטע סטרייקער. די ארמיי איז אויך באנוצט געווארן געגן טויזנט סטרייקער אויף דער טשעסאפיק און אהייא באן-ליניע. די סאלדאטן האבן דעם סטרייק אונטערדריקט. דאס זיינען אלע געווען קאמפן פון די ארבעטער, וואס טוען שווערע ארבעט ביים לייגן די באן-ליניעס.

### קריזיס צעקלאפט ארבעטער־באוועגונג

אין 1837 איז אויסגעבראכן דער צווייטער עקאנאמישער קריזיס, א סך א גרעסערער און לענגערער ווי דער ערשטער קריזיס אין 1819. פראספעריטי איז פארשוואונדן איבערנאכט. א פאניק האט ארומגעכאפט דאס לאנד. קאפיטאליזם האט ווידער געבראכט אן „איבערפראדוקציע”, פאר וועלכער די ארבעטער דארפן צאלן מיט לאנגער ארבעטלאזיקייט און הונגער.

מיט דעם ערשטן קראך פון אינדוסטריעלן צוזאמענברוך איז צע־שמעטערט געווארן די ארבעטער־באוועגונג. די ארטיקע יוניאנס, די צענט־ראלע שטאטישע קערפערשאפטן, די נאציאנאלע פעדעראציעס, זיינען פאר־שוואונדן. מיט זיי זיינען אונטערגעגאנגען די ארבעטער־צייטונגען. עס האט אויסגעזען ווי אלע ארבעטער־ארגאניזאציעס זיינען איינגעשלונגען געווארן ווי פון זאמד, ניט איבערלאזנדיק קיין שפור נאך זיך אין דעם אויפגע־טרייסלטן און רואינירטן לעבן. דאס איז אבער ניט ריכטיק. כאטש עס איז שווער צו באשטימען גענוי די אויפטואונגען און די ווירקונג פון די מיליטאנטישע ארבעטער־קאמפן אין יענער צייט — 1821—1837 — זיינען

אבער פאראן א סך סימנים אז די באוועגונג האט יא געשלאגן ווארצלען אין די טיפענישן פון ארבעטער־קלאס. די ארבעטער־באוועגונג איז ניט פאר־ניכטעט געווארן. זי איז צייטווייליק איבערגעריסן געווארן פון קריזיס. ווען די שווערע הונגער־יארן זיינען פאריבער האט דאס סאציאלע פנים פון לאנד זיך היפשלעך געענדערט, א דאנק די פריערדיקע ארבעטער־קאמפן. ארייג־ווארפן אין טורמע פאר א חוב איז אפגעשאפט געווארן. דער ארבעטער האט געקראגן דעם פארצוג איינצומאנען זיין געהאלט איבער אלע אנדערע קרעדי־טארן. די פארהאסטע סיסטעם פון מעלדן זיך צו דינען אין דער מיליציע א קורצע צייט איז אפגעווישט געווארן. כמעט יעדער שטאט האט איינגעפירט א פרייע עלעמענטארע קינדער־שול. דער אייגנטום־צענזוס אלס באדינגונג פאר דעם רעכט צו שטימען און צו דערוויילט ווערן צו אן עפנטלעכן אמט איז אפגעשאפט געווארן. דער פרינציפ פון דעם 10־שטונדיקן ארבעט־טאג איז אנערקענט געווארן.

די ארבעטער אין אונטערנעמונגען פון דער פעדעראלער רעגירונג, ווי אין די שיף־בוי האפנס, האבן דורך א סטרייק געוואונען די צען שטונדן נאך אין 1836. דער פרעזידענט איז דעמאלט געווען ענדרו דזשעקסאן, וועלכער האט זיך באטראכט פאר א פריינט פונם „פשוטן פאלק". די ארבעטער האבן אים געשטיצט אין די וואלן און אים געהאלפן פירן זיין קאמף געגן די גרויסע באנקען. פונדעסטוועגן האבן די שיף־בוי ארבעטער אין ברוקלינער רעגירונג־האפן געמוזט סטרייקן איידער דזשעקסאן האט איינגעזען, אז צען שטונדן פראצע איז א יושרדיקער ארבעט־טאג פאר מלוכה־ארבעטן. דערביי איז נויטיק צו דערמאנען, אז פרעזידענט דזשעקסאן האט איינגעפירט די 10 ארבעט־שטונדן נאר דארטן, וואו די ארבעטער זיינען געווען ארגאניזירט. אין די שטעט וואו קיין ארבעטער־ארגאניזאציעס האבן ניט עקזיסטירט, ווי אין וואשינגטאן גופא, איז דער ארבעט־טאג פארבליבן פון 12 ביז 14 שטונדן. אויף אזוי ווייט האבן ארגאניזאציע און סטרייקס געבראכט רעזולטאטן. ערשט דעם 31סטן מערץ, 1840, האט פרעזידענט וואן ביורען דערקלערט דעם 10־שטונדיקן ארבעט־טאג אויף אלע רעגירונג־ארבעטן.

אט די רעפארמען און געווינסן זיינען איינגעפירט געווארן הויפטזאכלעך אונטער דעם דרוק פון די קאמפן, וואס די ארבעטער־ארגאניזאציעס האבן געפירט.

מען קען מיט זיכערקייט זאגן, אז דער פעריאד איז א וויכטיקער אין דער געשיכטע פון אמעריקאנישן ארבעטער־קלאס.

## ניינטער קאַפּיטל

# דער אוטאָפּיסטישער סאָציאַליזם און די קאָאָפּעראַטיוון

אַמעריקע אַ פּרובטבאַרער באָדן פאַר קאָלאָניעס און געזעלשאַפטן פאַר די אוטאָפּישע סאָציאַליסטן. — סען סימאָן, פוריע און אָועגס מוסטער-פאַבריק אין ענגלאַנד און זייערע קאָלאָניעס אין אַמעריקע. —אינטעלעקטואַלן די טרעגער פון אוטאָפּישן סאָציאַליזם.—מאַרקס און ענגעלס וועגן די אוטאָפּיסטן. — די גרויסע האָפענונגען פון די אַרבעטער אויף די פּראָדוציר-קאָאָפּעראַטיוון. — דער וואוקס פון די קאָנסומער-קאָאָפּעראַטיוון און דער קלאַפּ וואָס זיי קריגן פון דעם בירגער-קריג.

די פינאַנציעלע פּאַניק און דער אינדוסטריעלער קריזיס פון 1837 האָבן געבראַכט לאַנגע שווערע צייטן פאַר די אַרבעטער־מאַסן. דער גאַנצער פּעריאָד ביז דעם אויסברוך פון בירגער־קריג — 1861 — איז דורכגעגאַנגען אין אַ לאַנגער דעפּרעסיע (אַ געדריקטע עקאָנאָמישע לאַגע) מיט דער אויסנאַם פון די דריי יאָר ווען גאָלד איז אַנטדעקט געוואָרן אין קאַליפאָרניע און עס האָט זיך אָנגעהויבן דער באַוואוסטער גאָלד־געלאַף (1850—1853).

די שלעכטע עקאָנאָמישע לאַגע האָט געטריבן די אַרבעטער זיך צו פאַר־טראַכטן אַ ביסל טיפער ווי וועגן באַלדיקע פאָדערונגען, וועלכע האָבן סיי ווי סיי ניט געקענט פאַרווירקלעכט ווערן אָן דער עקזיסטענץ פון גרויסע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס. אינטערעס אין פּאָליטישע פראַגן איז שטאַרק געשטיגן. די אַרבעטער האָבן באַטראַכט די גרויסע באַנקען מיט זייער פּאַפּיר־געלט (דעמאָלט האָבן די באַנקען אַרויסגעלאָזט אייגענע געלט), און די גרויסע קאָרפּאָריישאָנס וואָס זיינען אויסגעוואַקסן, ווי זייערע בלוטיקע שונאים. אויף דעם פּאָליטישן פעלד האָבן די אַרבעטער געשטיצט די „בונטאַרן” פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, וועלכע האָבן פאַרטראָטן דעם מיטל־קלאַס און דאָס קליינבירגערטום געגן דער גרויסער בורזשואַזיע. אין ניו יאָרק, צום ביישפּיל, האָט טעמעני האָל אַרויסגעשטעלט פאַר אַ קאַנדידאַט צום קאָנגרעס, דעם פּאָרזיצער פון דער דזשענעראַל טרייד־יוניאָן, איליַי מור,

וועלכער האָט זיך אין קאָנגרעס מיט קיין זאַך ניט אויסגעצייכנט פאַר די אַרבעטער.

די דיסאָרגאַניזאַציע פון אינדוסטריע און האַנדל און די לײדן וואָס זיי האָבן געבראַכט די אַרבעטער־מאַסן, צוזאַמען מיט די דורכגעפאַלענע סטרייקס, האָט באַשאַפן אַ גרויסן נייגער צווישן די אַרבעטער צו די פאַרשיידענע קאָאָפּעראַטיווע פּלענער און טעאָריעס וואָס האָבן געזוכט אויסצומיידן אָדער אומצוברענגען קאַפּיטאַליזם דורך פאַרצווייגטע קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען.

די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג האָט זיך אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן אין די פערציקער יאָרן פון 19טן יאָרהונדערט. כאָטש דעם העכסטן פּונקט האָט די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג דערגרייכט אין די אַכציקער יאָרן, איז דער רעזולטאַט פון קריזיס אין 1837 געווען אַ וואוקס פון די פּראָדוציר־קאָאָפּעראַטיוון, אויף וועלכע באַדייטנדיקע טיילן פון אַרבעטער־קלאַס האָבן געלייגט גרויסע האָפענונגען.

אָבער נאָך פאַר דעם צווייטן קריזיס, גלייך נאָך דעם ערשטן קריזיס אין 1819, האָבן זיך אין אַמעריקע אַריבערגעטראָגן פון אייראָפּע די טעאָריעס פון דעם אוטאָפּישן סאָציאַליזם. (אוטאָפּיע איז אַ טעאָריע אָדער אַ סיסטעם, וואָס איז געגנזועצלעך צו די געזעצן פון דער סאָציאַל־עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט און קען דעריבער ניט פאַרווירקלעכט ווערן אין לעבן.) די גרויסע שטרעקעס ניט־באַארבעט לאַנד, די נייקייט און די יונגשאַפט פון דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט מיט אירע סיסטעמאַטישע צוזאַמענברוכן, אָרעמקייט און הונגער פאַר די מאַסן, האָבן נעליפערט אַ גינסטיקן באָדן פאַר אַלע אוטאָפּישע חלומות. אויב די אַרבעטער זיינען באַאיינפלוסט געוואָרן פון די אוטאָפּישע סאָציאַליסטן, איז עס נאָר דערפאַר, ווייל די אוטאָפּיסטן האָבן זיי אונטערגעטראָגן אַן אויסגאַנג — אַ נאַאיוון, פאַלשן און אוממעגלעכן אויסגאַנג — פון קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע. די שנאה צו דער אָרדענונג, וואָס האָט זיי געבראַכט אַזוי פיל לײדן, האָט פאַראורזאַכט אַז אַרבעטער זאָלן זיך צוהערן צו די זיסע האָפענונגען פון עקאָנאָמישער גלייכהייט און פרייהייט, וואָס די אוטאָפּישע סאָציאַליסטן און די קאָאָפּעראַטאָרן האָבן זיי צוגעזאָגט.*)

---

*) פאַר דער אַנטשטייאונג פון אוטאָפּישן סאָציאַליזם, האָבן אין די פאַר-אייניקטע שטאַטן עקזיסטירט רעליגיעזע קאָמונעס, וואָס האָבן זיך געהאַלטן אויף געוויסע קאָמוניסטישע יסודות. די וויכטיקסטע זיינען געווען די שייקערס און די

די טרעגער פון אוטאָפּישן סאָצאַליזם אין די פאַראייניקטע שטאַטן זיינען געווען יונגע אינטעלעקטואַלן, צווישן זיי זין פון רייכע מענטשן, אַלבערט בריסביין, האָרעס גרילי, שפּעטער דער רעדאַקטאָר פון טריביון און, פאַרשטייט זיך, ראָבערט אָוען אַליין, דער פאָטער פון דער פּאָפּולערסטער ריכטונג פון אוטאָפּישן סאָציאַליזם.

די מערסטע אינטעלעקטואַלן, טרעגער פון אוטאָפּישן סאָציאַליזם, זיינען געווען מענטשן מיט הומאַניטאַרישע הערצער און געפילן פון יושר, אָבער מיט מוחות אָנגעזאַפּט מיט דער פילאָזאָפיע פון די הערשנדיקע קלאַסן.

## די טעאָריעס פון אוטאָפּישן סאָציאַליזם

די וויכטיקסטע טעאָרעטיקער פון אוטאָפּישן סאָצאַליזם זיינען געווען די פראַנצויזן סען־סימאָן, שאַרל פוריע און דער ענגלענדער ראָבערט אָוען. די ערשטע צוויי זיינען געווען אינטעלעקטואַלן. אָוען איז געווען זייער אַ פּיאַיקער מענטש, וואָס האָט צו דרייסיק יאָר באַוויזן צו ווערן אַ גרויסער טעקסטיל־פאַבריקאַנט. אַלע דריי האָבן געווירקט אין אָנהויב פון 19טן יאָרהונדערט. פוריע איז געבאָרן געוואָרן אין 1772 און אָוען אין 1771.

עס איז אויסער די ראַמען פון אונזער געשיכטע צו געבן אַ ברייטע אָפּשאַצונג פון אוטאָפּישן סאָציאַליזם אין אַלע זיינע שאַטירונגען. אין אַמעריקע האָבן געווירקט באַזונדערס די אָנהענגער פון פוריע און פון אָוען. אָוען אַליין האָט אַוועקגעגעבן אַ סך צייט און ענערגיע איינצופלאַנצן זיין טעאָריע אין דער ווירקלעכקייט אין די פאַראייניקטע שטאַטן. אָוען האָט מער באַאיינפלוסט דעם אַמעריקאַנישן אַרבעטער־קלאַס ווי די איבעריקע אוטאָפּיסטישע ריכטונגען.

צווישן די אינטעלעקטואַלן איז דער פוריעאיזם געווען דער פאַרשפּרייטסטער. אין אַמעריקע זיינען געווען מער פוריע-קאָלאָניעס ווי אָוענס. דער

---

אַמאַניטן. די שייקערס האָבן געציילט אַרום 5,000 מיטגלידער און האָבן אָנגעהאַלטן קאָלאָניעס אין עטלעכע מיטל-מערב שטאַטן. די אַמאַנאַ איז געגרינדעט געוואָרן פון דייטשע רעליגיעזע אַריבערוואַנדערער. זיי האָבן אויסגעבויט אַרום 15 דערפער אין איִאָוואַ. די מערסטע סעקטאַנטישע קאָמונעס זיינען פאַרשוואונדן אין דעם ערשטן פערטל פון 20סטן יאָרהונדערט. די אַמאַניטן האָבן אויפגעגעבן די לעצטע שפּורן פון קאָאָפּעראַציע אין 1932. אַ סך רעליגיעזע קאָלאָניעס זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין געשעפט-אונטערנעמונגען ביי די עלטסטע פון דער סעקטע, ווי דאָס „הויז פון דוד" א. אַ.

פראַנצויזישער אוטאָפּיסט, קאַבע, האָט אין 1848 געגרינדעט זיין אוטאָפּישע קאָלאָניע „איסקאַריאַ" וואָס האָט געדינט ווי אַ מוסטער פאַר צען אַנדערע קאָלאָניעס פון דעם טיפּ.

אין גרונט גענומען האָבן די אוטאָפּישע סאָציאַליסטן געהאָפט אָפּצושאַפן די איבלען פון קאַפּיטאַליזם מיט דעם גוטן ווילן פון די קאַפּיטאַליסטן גופא. סען־סימאָן, וועלכער האָט געהאַסט די פעאָדאַלע אַריסטאָקראַטן, די פּריצים, פּראָצענטניקעס און אַנדערע פּאַראַזיטן, האָט אָבער פאַררעכנט אַרבעטגעבער און קאַפּיטאַליסטן, וואָס זיינען טעטיק אין זייערע געשעפטן, פאַר אַרבעטער. זיין סיסטעם האָט איבערגעלאָזט די איצטיקע אָרדענונג ווי זי איז, נאָר באַזעלט מיט אַ נייעם גייסט פון ברידערלעכקייט און ליבע צווישן מענטשן.

סען־סימאָן, געבוירן 1760, געשטאָרבן 1825 — איינער פון דער פראַנצויזישער אַריסטאָקראַטיע (ער האָט געהאַט דעם טיטול גראַף), האָט באַשריבן זיין לערע אין די פאָלגנדיקע ווערטער:

„פאַרבעסערן דורך דער וויסנשאַפט דעם שיקזאַל פון דער מענטשהייט, באַזונדער פון דעם אַרבעטער־קלאַס; רעאָרגאַניזירן די געזעלשאַפט, אָננעמענדיק אַרבעט פאַר דעם פונדאַמענט פון דער גאַנצער אָרדענונג. פאַרבאָטן פויל־קייט און ליידיק־גיין און אויפנעמען נאָר פּראָדוצירער אין דער נייער געזעלשאַפט פון וועלכע די געלערנטע, אַרטיסטן און אינדוסטריעלע פירער בילדן די איינציקע אַריסטאָקראַטיע. אָרגאַניזירן די פאַמיליע, רעליגיע און אייגנטום אויף נייע יסודות."

פוריע איז געגאַנגען פיל ווייטער פון סען־סימאָן. זיין טעאָריע האָט גענומען ציען אויפמערקזאַמקייט אין 1806. פוריע איז געווען אַ שאַרפער קריטיקער פון קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע. אָבער פון קלאַסן־געגנזאַצן און קלאַסן־קאַמף האָט ער ניט אָנגעהויבן צו וויסן. פוריע האָט זיך פאָרגעשטעלט אַ סיסטעם פון אָרגאַניזירטער און פּלאַנירטערווירטשאַפט, טאָקע געבויט אויף קלאַסן, אָבער די קלאַסן קאָאָפּערירן צווישן זיך לויט אַ באַשטימטן פּלאַן, טיילן זיך מיט די רייכטימער לויט דעם פּלאַן. די רייכע קריגן מער און די אַרבעטער ווייניקער, אָבער קיינער ווייסט ניט פון נויט און הונגער. פאַראַן גענוג פאַר אַלעמען.

פוריע האָט איינגעטיילט די מענטשן אין געזעלשאַפטן, אָדער ווי ער האָט עס גערופן „פאַלאַנקסן". יעדע געזעלשאַפט מוז באַשטיין פון אַזוי פיל פּויערים, פון אַזוי פיל האַנטווערקער און אַרבעטער און פון אַזוי פיל קאַפּיטאַליסטן, אַרטיסטן און מענטשן פון וויסן. יעדע גרופּע מיטגלידער

קריגט אַ באַשטימטע סומע פאַר איר ארבעט, לויט ווי דער ראַט פון דער געזעלשאַפט באַשטימט. קלאַסן פאַרבלייבן, נאָר די אינדוסטריע און די ווירטשאַפט זיינען אָנגעפירט אָרגאַניזירטערהייט און דער כאַאָס פון קאָנ־קורענץ, ניוועץ און נויט, וואָס הערשט אין דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג, ווערט אָפּגעשאַפט. גלייכצייטיק ווערט אָפּגעשאַפט די קליינע ווירטשאַפט, וואָס איז אַ שטערונג צו דער אַנטוויקלונג פון די פּראָדוציר־כוחות און פאַר־אורזאַכט אַ סך אומזיסטע ענערגיע. פוריעס לאָזונגען זיינען געווען: אַסאָ־סיאַציע, קאָאָפּעראַציע און האַרמאָניע. פוריע, אויך אַ רייכער מענטש, איז געשטאָרבן אין 1837.

## ראָבערט אָוענס עקספּערימענט אין סקאָטלאַנד

ראָבערט אָוען איז נעענטער צוגעקומען צום וואָרצל פון קאַפּיטאַליזם ווי סען־סימאָן און פוריע. אַליין אַ פאַבריקאַנט, האָט ער זיך גענוג אָנגעזען די פרוכט פון עקספּלואַטאַציע. ענגעלס זאָגט וועגן אים: „ראָבערט אָוען האָט אָנגענומען די לערע פון די מאַטעריאַליסטישע פילאָזאָפן; דעם מענטשנס כאַראַקטער איז דער פּראָדוקט פון ירושה פון איין זייט און פון זיין סביבה פון דער צווייטער זייט.״ דעריבער האָט אָוען געזוכט צו ענדערן די סביבה פון דעם מענטשן.

אָוען האָט געגלויבט, אַז ווען אַלע, קאַפּיטאַליסטן אריינגערעכנט, זאָלן פאַרשטיין די וויכטיקייט איינצופירן ברידערלעכקייט צווישן מענטשן, וועט זיין גרינג צו שאַפן אַ קאָמוניסטישע געזעלשאַפט אָן דער קללה פון פּריוואַט־אייגנטום. קאַמף צווישן די קלאַסן וועט במילא פאַרשווינדן. ווי אַזוי מאַכט מען, אַז די מענטשהייט זאָל עס איינזען? דורך ביישפּילן, פאַרשטייט זיך. ווען די מענטשן וועלן האָבן פאַר זיך קאָנקרעטע ביישפּילן פון גרופּעס וואָס לעבן קאָמוניסטיש און האָבן אָפּגעשאַפט אַלע אומגערעכטיקייטן, וועלן זיך די איבעריקע מענטשן פאַרקוקן אויף זיי און נאָכטאָן דעם נאָבעלן ביישפּיל. קאַפּיטאַליזם וועט אַזוי אַרום לאַנגזאַם אָבער זיכער פאַרשווינדן.

אָוען האָט גענומען אויף זיך צו ווייזן דעם ערשטן מוסטער. מיט נאָך עטלעכע מענטשן האָט ער אין 1800 אָפּגעקויפט אַ קאַטן (בוימוואָל) פאַבריק אין ניו־לאַנאַרק, סקאָטלאַנד, וואו עס האָבן געוואוינט אַרום 2,500 ארבעטער און זייערע פאַמיליעס.

די פאַבריק איז געווען באַוואוסט מיט אירע שלעכטע ארבעט־באַדינגונ־גען. נאָך דער סאַמע אָרעמסטער שיכט פון ארבעטער־קלאַס האָט געקענט

זיין דאָרט באַשעפטיקט. אָרעמקייט, שמוץ, שיכרות, גנבה און געשלעכטלעכע לויזקייט האָט געהערשט אין דאָרף. אָוען האָט אָנגעהויבן דורכפירן זיינע פּלענער. עס האָט לאַנג ניט געדויערט און פון דעם שמוציקן, אָרעמען, אָפּגעלאָזטן דאָרף איז אויסגעוואַקסן אַ מוסטערהאַפטע קאָלאָניע. ענגעלס באַשרייבט עס אַזוי:

„אַ באַפעלקערונג וואָס איז באַשטאַנען פון די סאַמע פאַרשיידנאַרטיקסטע עלעמענטן, גרעסטנטיילס דעמאָראַליזירטע עלעמענטן, האָט ער פאַרוואַנדלט אין אַ מוסטער-ישוב, וואו שיכרות, פּאָליציי, ריכטער, משפּטים און שטראָפן, אָרעמקייט און צדקה זיינען געווען אומבאַוואוסט. דאָס האָט ער דערגרייכט אַוועקשטעלנדיק די אַרבעטער אין מענטשלעכע באַדינגונגען און זאָרפעליק דערציענדיק דעם יונגן דור.” (ענגעלס, סאָשעליזם—יוטאָפּיען ענד סייענטיפיק, זייטן 68-69.)

אָוען איז אָבער ניט געבליבן צופרידן. ער האָט אויסגעפונען, אַז די אַרבעטער זיינען נאָך אַלץ זיינע אינדוסטריעלע שקלאַפן, און זיי קריגן ניט די פולע פרוכט פון זייער אַרבעט. אָוען האָט אויסגערעכנט, אַז מיט די איצטיקע מאַשינען און מעטאָדן פון פּראָדוקציע האָט זיין קליינע אַרבעטער־באַפעלקערונג פון 2,500 אַרבעטער פּראָדוצירט אַזוי פיל רייכטום ווי עס וואָלט גענומען 600,000 אַרבעטער אַ דור צוריק. אָוען האָט זיך ווייטער געפרעגט: וואו גייען אַוועק די רייכטימער וואָס די אַרבעטער באַשאַפן? ער האָט שנעל אויסגעפונען דעם ענטפער. די איבעריקע אייגנטימער פון דער פאַבריק האָבן געקראָגן פינף פּראָצענט אויף זייער קאַפּיטאַל וואָס זיי האָבן אַריינגעלייגט, מיט דעם צוגאָב פון 300,000 פונט שטערלינג ריינעם פּראָפיט. אָבער די פּראָפיטן האָבן דאָך באַשאַפן די אַרבעטער, דאַרף עס דעריבער באַלאַנגען צו זיי, האָט אָוען באַשלאָסן.

אָוען איז באַרימט געוואָרן איבער גאַנץ אייראָפּע. מענטשן זיינען געפאָרן אָנצוקוקן זיין מוסטער־דאָרף. אָבער זיינע קאָמוניסטישע געדאַנקען האָבן געשטעלט געגן אים די גאַנצע קאַפּיטאַליסטישע ענגלאַנד. מען האָט אים אָנגעהויבן צו דריקן פינאַנציעל און פאַרפאָלגן, ביז וואַנען זיין גאַנצע אונטערנעמונג האָט געפּלאַצט.

## אָוענס קאָמונעס אין אַמעריקע האַלטן זיך ניט

אָוען האָט דעמאָלט באַשלאָסן, אַז אַמעריקע, מיט אירע ריזיקע שטרעקעס פרייע לאַנד, איז אַ גוטער פּלאַץ צו גרינדן קאָמונעס וואָס זאָלן זיין אומ־

אַפּהענגיק פון די באַזונדערע שטעט אין צפון און אין מזרח, וואו די קאַפּי־טאַליסטן באַהערשן אַלצדינג. זיין פּלאַן איז געווען צו גרינדן קאָמונעס אין דער מיטל־וועסט (מערב). אין 1824 קומט ער קיין אַמעריקע. אָוען האָט נאָך געהאַט מיט זיך אַ ביסל געלט, האָט ער געקויפט אַ שטח פון 30,000 אַקער לאַנד אין אינדיאַנאַ מיט די נויטיקע געביידעס און געצייג. ער האָט אַרויסגעלאָזט אַ רוף פאַר קאָלאָניסטן און האָט איינגעלאַדן אַ זייער רייכן מענטשן, וויליאַם מעקליור צו זיין געהילף. מעקליור איז געווען פאַר־רעכנט פאַר אַ ספּעציאַליסט אין לאַנדווירטשאַפט.

אָוען האָט געזוכט קאָלאָניסטן צווישן אַלע קלאַסן. אַרום 800 מענטשן האָבן זיך אָנגעשלאָסן, צווישן זיי אַ סך אַרבעטער. אָבער די אָנפירונג איז געלעגן אין די הענט פון די אינטעלעקטואַלן. די קאָלאָניע האָט געהייסן נייע האַרמאָניע.

איידער אָוען האָט אַליין אָנגעהויבן זיינע קאָלאָניזאַטאָרישע פּלענער, איז ער דערשינען פאַרן קאָנגרעס אין וואַשינגטאָן. אין דער אָנוועזנהייט פון פּרעזידענט האָט אָוען אַנטוויקלט זיינע פּלענער אָפּצושאַפן אָרעמקייט און קאַפּיטאַליזם. ער איז אויסגעהערט געוואָרן איידל, אָבער ניט דער קאָנגרעס און ניט די רעגירונג האָבן געהאַט אין זינען צו העלפן דורכצופירן אָוענס פּלענער.

אין זעלבן יאָר האָט אָוען איינגערעדט די אָנהענגער פון אַ קליינער רעליגיעזער סעקטע, און זיי, מיט זייער גייסטיקן פירער דעניעל ראָ, האָבן געגרינדעט אַ צווייטע „קאָמוניסטישע" קאָלאָניע אין אָהייאָ. די מערסטע קאָלאָניסטן זיינען געווען פאַרמעגלעכע מענטשן.

אַ דריטע קאָלאָניע האָט אָוען געגרינדעט לעבן מעמפיס, טענעסי. פראַנצים רייט, וואָס האָט שפּעטער געשפּילט אַ ראָל אין דער אַרבעטער־פּאַרטיי אין ניו יאָרק, האָט אויפגעקויפט אַ געוויסע צאָל נעגער־שקלאַפן און מיט זיי געגרינדעט די קאָלאָניע. דאָרטן זיינען אויך געווען אַ ביסל ווייסע. רייט האָט געהאַפט צו גרינדן אַ שול, אין וועלכער די קינדער פון די ווייסע און שוואַרצע וועלן זיך לערנען צוזאַמען — פאַר יענע צייטן, און נאָך אין דער סאַוט (דרום), אַ העלדישער אויפטו. רייט האָט אָבער געמוזט אָנקומען צו רייכע פילאַנטראָפּיסטן פאַר שטיצע. דאָס האָט אונטערגעגראָבן די קאָלאָניע גלייך אין דעם ערשטן יאָר.

אַרום 20 קאָלאָניעס פון אָוענס טיפּ זיינען געגרינדעט געוואָרן צווישן 1824 און 1830. מער ווי דריי יאָר האָט אַ קאָלאָניע ניט אויסגעהאַלטן. אַרומגערינגלט פון אַ קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט, צו וועלכער די קאָמונעס

האָבן געמוזט אָנקומען נאָך סחורות, קרעדיט א. ד. ג., און צעריסן פון א פאַרשיידנאַרטיקן עלעמענט, רייכע הומאַניטאַריסטן און אַרבעטער, זיינען די אוטאָפּישע פאַרזוכן איינצופירן קאָמוניזם אויפן לאַנד, אָן קלאַסן־קאַמף, אָן פאַרכאַפּן די מאַכט, געווען פאַראורטיילט צום אונטערגאַנג.

אָוען האָט שפּעטער דערזען דעם ביטערן אמת. קלאַסן־קאַמף איז ניט פאַרשוואונדן און זיינע חלומות פון א גליקלעכער מענטשהייט זיינען צעד רונען. אין די ווערטער פון ענגעלס:

„פאַרטריבן פון דער אָפיציעלער געזעלשאַפט, מיט אַ קאָנספּיראַציע אין דער פּרעסע אים צו פאַרשווייגן, רואינירט פון אומגעלונגענע קאָמוניסטישע עקספּערימענטן אין אַמעריקע, אין וועלכע ער האָט מקריב געווען זיין גאַנץ פאַרמעגן, האָט אָוען זיך אינגאַנצן אָפּגעגעבן צו אַרבעטער-קלאַס טעטיקייט און האָט געאַרבעט צווישן דעם אַרבעטער-קלאַס דרייסיק יאָר נאָכאַנאַנד. יעדע סאָציאַלע באַוועגונג, יעדער אמתער פאָרשריט צוגונסטן די אַרבעטער אין ענגלאַנד איז פאַרבונדן מיט דעם נאָמען פון ראָבערט אָוען.״ (ענגעלס, סאָשעליזם—יוטאָפּיען ענד סייענטיפיק, זייטן 72-23.)

די אינדוסטריעלע אוטאָפּיעס פון שאַרל פוריע זיינען דורכגעפירט געד וואָרן אין אַמעריקע פון בריסביין, גרילי, עמערסאָן א. אַ.*). א ריי פוריעד קאָלאָניעס זיינען געגרינדעט געוואָרן אין ניו יאָרק, מאַסאַטשוזעטס, ניו דזשוירזי, פּענסילווייניע, אָהייאָ, אילינאָי, אינדיאַנאַ, וויסקאָנסין און מישיגען. א פאַרצווייגטע און ענטוזיאַסטישע באַוועגונג האָט זיך צעוואַקסן אַרום דער אוטאָפּישער באַוועגונג פון פּלאַנירטע, סאָציאַל־עקאָנאָמישע קאָלאָניעס, אָדער ווי זיי האָבן געהייסן, „פאַלאַנקסן״. זייער עקזיסטענץ איז ניט געווען לענגער ווי די אָוועניסטישע קאָלאָניעס. איינפירן האַרמאָניע צווישן די קלאַסן דורך געזעלשאַפטן וואָס שטעלן מיט זיך פאָר שטרענג־פּלאַנירטע פּראָדוציר־קערפּערשאַפטן, איז געווען טראַגיש־לעכערלעך. די קאַפּיטאַליסטן טרעטן אַריין אין האַלז־שניידנדיקער קאָנקורענץ צוליב דעם געזעץ פון פּראָפיטן און ניט צוליב פּערזענלעכער שלעכטקייט אָדער מאַנגל פון העכערע אידעאַלן. צוליב די פּראָפיטן זוכן זיי אַרויסצוקוועטשן פון די אַרבעטער וואָס מער

---

*) די פוריע-באַוועגונג האָט ווייניק וואָס באַרירט די אַרבעטער. באַדייטנדיקע טיילן פון דער אינטעליגענץ זיינען אַרומגעכאַפּט געוואָרן פון איר. עמערסאָן האָט געשריבן צום ענגלישן היסטאָריקער קאַרלייל:

„מיר זיינען דאָ אַלע אַ ביסל צעטומלט מיט אומציילינקע פּראָיעקטן פון סאָציאַלע רעפאָרמען. ווער האָט עס ניט עפּעס אַ פּלאַן פון אַ נייער קאָמונע אין זיין קעשענע?״

פּראַצע. די קאַפּיטאַליסטן האָבן זיך אַנטזאָגט פּריוויליקערהייט אויפצוגעבן זייערע פּריווילעגיעס און מאַכט און נאָכטאָן דעםביישפּיל פון די פּוריט־אַנהענגער. די געשאַפענע געזעלשאַפטן זיינען צעריבן געוואָרן פון אויסער־לעכן עקאָנאָמישן דרוק און פון אינערלעכע רייסערייען פון זייערע אַנטייל־נעמער.

מאַרקס שרייבט וועגן די אוטאָפּיסטן און זייערע טעאָריעס:

„אַלע אוטאָפּיסטן, די גרינדער פון סעקטעס, געהערן צו יענעם פּעריאָד ווען ניט דער אַרבעטער-קלאַס האָט זיך נאָך גענוג אויסגעבילדעט און אָרגאַני־זירט אין לויף פון דער אַנטוויקלונג אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט אַליין, כדי אַרויסצוטרעטן אַלס היסטאָריש-ווירקנדיקע פּערזאָן אויף דער וועלט-אַרענע, און ווען די מאַטעריעלע באַדינגונגען פאַר זיין באַפרייאונג זיינען נאָך ניט גענוג צייטיק געווען אין די וואָרצלען פון דער אַלטער וועלט אַליין. די אָרעמקייט פון דעם אַרבעטער-קלאַס האָט שוין עקזיסטירט, אָבער די באַדינגונגען פאַר זיין אייגענער באַוועגונג האָבן נאָך ניט עקזיסטירט. די אוטאָפּיסטן, סעקטע-גרינדער, כאָטש זיי האָבן קלאָר אָנגעצייכנט אין זייער קריטיק איבער דער איצטיקער געזעלשאַפט דעם ציל פון דער סאָציאַלער באַ־וועגונג — דאָס פאַרבייטן די סיסטעם פון געדונגענער אַרבעט מיט אַלע אירע עקאָנאָמישע באַדינגונגען פון קלאַסן-הערשאַפט — האָבן אָבער ניט געפונען אין דער געזעלשאַפט אַליין די מאַטעריעלע באַדינגונגען פאַר איר איבער־בויאונג און אין דעם אַרבעטער-קלאַס האָבן זיי ניט געפונען די אָרגאַני־זאַציאָנעלע מאַכט און די פאַרשטענדעניש פאַר דער באַוועגונג. די אָפּוואַזנדיקע היסטאָרישע באַדינגונגען פון דער באַוועגונג האָבן זיי געפּרואווט פאַרבייטן מיט פאַנטאַסטישע בילדער און פּלענער פון דער נייער געזעלשאַפט, און אין פּראָפּאַגאַנדירן זיי האָבן זיי געזען דעם אמתן מיטל פאַר דער ישועה. פון דעם מאָמענט אָן, וואָס די באַוועגונג פון דעם אַרבעטער-קלאַס איז געוואָרן אַ ווירקלעכקייט, זיינען די פאַנטאַסטישע אוטאָפּיעס פאַרשוואונדן, ניט דער־פאַר ווייל דער אַרבעטער-קלאַס האָט זיך אָפּגעזאָגט פון דעם ציל צו וועלכן עס האָבן געשטרעבט אַט-די אוטאָפּיסטן, נאָר דערפאַר ווייל ער האָט געפונען ווירקלעכע מיטלען צו פאַרווירקלעכן אים, דערפאַר ווייל דעם פּלאַץ פון פאַנטאַזיע האָט פאַרנומען די ווירקלעכע פאַרשטענדעניש פאַר די היסטאָרישע באַדינגונגען פון דער באַוועגונג און די אַלץ גרעסערע אָנזאַמלונג פון כוחות אין דער קעמפנדיקער אָרגאַניזאַציע פונם אַרבעטער-קלאַס.” (אַרכיוו פון מאַרקס און ענגעלס, באַנד 3, אָפּטיילונג 8, זייטן 351-394, ציטירט לויט אַדאָראַטסקי, האָמער, דעצעמבער 1934.)

## די באַוועגונג פאַר פּראָדוציר־קאָאָפּעראַטיוון און די דייטשע אימיגראַנטן

ערנסטער פון די צוויי אוטאָפּישע ריכטונגען איז געווען די באַוועגונג פאַר פּראָדוציר־קאָאָפּעראַטיוון (קאָאָפּעראַטיוון צו פּראָדוצירן סחורות). אין

1836 האָבן פּיל יוניאָנס זיך גענומען צו קאָאָפּעראַציע נאָכדעם ווי זיי האָבן פאַרלאָרן זייערע סטרייקס. די לאַסטערער, וואָס אַרבעטן ביי פּרויען־שיך, האָבן דערקלערט אַ סטרייק אין מערץ 1836. דריי מאָנאַטן שפּעטער האָבן זיי געעפנט אַן אייגענע וואַרע־הויז. אין דער זעלבער צייט האָבן די האַנט־שפּינער אין צוויי פאָרשטעט פון פילאַדעלפיע געגרינדעט אַ קאָאָפּעראַטיווע אָרגאַניזאַציע. סוף יאָר האָבן זיי שוין געהאַט צוויי קאָאָפּעראַטיווע וואַר־שטאַטן (שעפּער) און זיך געקליבן עפענען אַ דריטן. שיך־אַרבעטער אין ניו בראָנזוויק, ניו דזשוירזי, האָבן אין זעלבן יאָר געעפנט אַ קאָאָפּעראַטיוון שאַפּ נאָך אַ פאַרשפּילטן סטרייק. דאָס זעלבע האָבן געטאָן די שניידער אין סינסינעטי, סט. לואיס, און לואיסוויל, קענטאָקי. אין ניו יאָרק האָבן די סטאָליאַרעס געהאַט אַ קאָאָפּעראַטיוון שאַפּ נאָך אין 1833. די פיינטער (פאַרבער) האָבן אין 1837 געעפנט שעפּער אין ניו יאָרק און ברוקלין.

די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג צווישן די אַרבעטער האָט זיך שנעל צעוואַקסן און די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס האָבן געמוזט נעמען אַ שטעלונג. ערב דעם קריזיס האָט אַ קאָנפערענץ פון 200 יוניאָן־פאַרטרעטער אין פילאַדעלפיע באַשלאָסן אויפצופאָדערן אַלע אָנגעשלאָסענע אָרגאַניזאַציעס צוצושטעלן פּלענער וועגן עפענען אַ קאָאָפּעראַטיוון שאַפּ פון יעדער יוניאָן, וואָס זאָל באַשעפטיקן צען מיטגלידער. דער אויסברוך פון קריזיס האָט אָפּגעשטעלט די פּלענער. עטלעכע יאָר שפּעטער איז די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג ווידער באַנייט געוואָרן. נאָך יעדן דורכגעפאַלענעם סטרייק האָבן די אַרבעטער זיך געוואָרפן צו אָרגאַניזירן קאָאָפּעראַטיווע פּראָדוציר־אונטער־נעמונגען. נאָך אַ פאַרשפּילטן סטרייק פון די אייזן־אַרבעטער אין סינסינעטי אין 1847, האָבן עטלעכע סטרייקער צונויפגעקליבן וויפיל געלט זיי האָבן געקענט קריגן און אָרגאַניזירט אַן אַקציע־קאָמפּאַניע (סטאַק־קאָמפּאַניע). זיי האָבן עס אַ נאָמען געגעבן: דער שמעלץ־שאַפּ פון דער דזשוירנימען מאָולדערס יוניאָן.

אין 1850 און 1851 האָבן די קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען זיך שטאַרק פאַרמערט. די דירעקטע אורזאַך איז ווידער געווען פאַרשפּילטע סטרייקס. די דייטשע אימיגראַנטן וואָס זיינען געקומען אַהער נאָך דעם דורכפאַל פון דער רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד אין 1848 זיינען געווען דורכגעדרונגען מיט רעוואָלוציאָנערע און סאָציאַליסטישע אידייען. פריש פון די רעוואָלוציאָנערע שלאַכטן אין דער אַלטער היים, האָבן זיי אין דער נייער היים געזוכט וועגן ווי אַזוי איבערצובויען די קאַפּיטאַליסטישע אַמעריקע אויף יסודות פון עקאָנאָמישער גלייכהייט און פרייהייט. די דייטשע אַר־

בעטער זיינען געפירט געווארן פון ווילהעלם וויטלינג, א באוואוסטער דייטשער קאמוניסט, וועלכער האט זיך באזעצט אין אמעריקע אין 1850.

וויטלינג האט זיך ארומגעטראגן מיט „גראנדיעזע" קאאפעראטיווע פלענער, ווי גרינדן אן ארבעטער־באנק וואס וועט ארויסלאזן אייגענע געלט צו פינאנסירן די קאאפעראטיוון. די באנק האט באדארפט פארזיכערן די ארבעטער מיט באפעסטיקן און גאראנטירן זיי דעם „פולן פראדוקט פון זייער ארבעט". וויטלינג האט אויך פארגעשלאגן אויסצובויען מיט ארבעטער־כוחות א באן־ליניע פון אטלאנטישן ביזן פאסיפישן אקעאן. ער האט אויך געגרינדעט א לאנדווירטשאפטלעכע קאמונע. וויטלינג איז געשטארבן אין 1871.

די קאאפעראטיווע באוועגונג פון די דייטשן איז געווען הויפטזאכלעך אין און ארום ניו יארק. צווישן די ענגליש־שפרעכנדיקע ארבעטער האט די קאאפעראטיווע באוועגונג געהאט דערפאלג אין די מיטעלע און קלענערע שטעט, וואו די אויסגאבן צו גרינדן א קאאפעראטיוו זיינען געווען קלענער און דער דרוק פון די קאפיטאליסטן אויף די קאאפעראטיווע אונטערנעמונגען איז געווען ניט אזוי שטארק ווי אין די גרויסע שטעט.

די פראדוציר־קאאפעראטיוון האבן געפלאצט אדער זיינען פארוואנדלט געווארן אין געווינטלעכע קאפיטאליסטישע אונטערנעמונגען. דער זעלבער פונדאמענטאלער פאקטאר, וואס האט צעשמעטערט די קאלאניעס פון די אוטאפישע סאציאליסטן, האט אונטערגעגראבן די פראדוציר־קאאפעראטיוון. וועגן זיי וועט אונז נאך אויסקומען צו רעדן שפעטער.

## קאנסום־קאאפעראטיוון האלטן זיך לענגער

אין דער זעלבער צייט זיינען געמאכט געווארן פארזוכן צו גרינדן קאנסום־קאאפעראטיוון. די דעפרעסיע פון 1848־1849 און די נויטווענדיקייט צו קריגן פראדוקטן אויף ביליקערע פרייזן האט געטריבן דערצו. אין ניו ענגלאנד איז באשאפן געווארן א צענטראלע קערפערשאפט פון די נייע קאנסום־קאאפעראטיוון די „וואירקינגמענס פראטעקטיוו יוניאן" (די ארבעטער־שוץ יוניאן). שפעטער, אין 1853, איז פארגעקומען א שפאלטונג און אנשטאט איינער, האבן געארבעט צוויי קאאפעראטיווע קערפערשאפטן.

אויך אויף די קאנסום־קאאפעראטיוון האבן די ארבעטער געלייגט גרויס האפענונג. זייער באדייטונג איז געלעגן ניט בלויז אין די אפגעשפארטע עטלעכע דאלאר א יאר אויף די איינקויפונגען, נאר הויפטזאכלעך אין דעם,

וואָס עס באַפרייט די אַרבעטער פון דעם קאָנטראָל פון קאַפּיטאַליסטישע געשעפטן. אַרבעטער האָבן געגלויבט, אַז פון די קאָאָפּעראַטיוון וועט אויס־וואַקסן אַ גרויסע זאַך געגן קאַפּיטאַליזם.

אין 1853 האָט די „וואָירקינגמענס פּראָטעקטיוו יוניאָן" פאַרמאָגט 403 אָפּטיילונגען אין ניו ענגלאַנד. 165 אָפּטיילונגען האָבן געמאָלדן אַ געשעפט־אומזאַץ פון 1,696,825 דאָלאַר, זייער אַ גרויסע סומע אין יענער צייט.

די ערשטע אַמעריקאַנישע קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג איז געגאַנגען אין די וועגן פון דער ענגלישער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג, וואָס עקזיסטירט היינט צו טאָג. עס איז שווער צו זאָגן, וואָס עס וואָלט געוואָרן פון דער וואַקלענדיקער קאָנסום־קאָאָפּעראַטיווער אָרגאַניזאַציע, אָדער אין וועלכער ריכ־טונג זי וואָלט געגאַנגען. דער בירגער־קריג האָט איבערגעהאַקט די וואָרצלען פון די יונגע קאָאָפּעראַטיוון און אומגעבראַכט די מערסטע פון זיי.

צענדליקער טויזנטער אַרבעטער, מיטגלידער פון די קאָאָפּעראַטיוון, זיינען אַוועק אין דער אַרמיי. די עקאָנאָמישע אומזיכערקייט האָט געצוואונ־גען אַנדערע אַרבעטער, אַקציאָנערן פון די קאָאָפּעראַטיוון, אויפצוגעבן אָדער צו פאַרקויפן זייערע אַקציעס. די קאָאָפּעראַטיווע געשעפטן זיינען אַריינ־געפאַלן צו פּריוואַטע געשעפטלייט.

צענטער קאַפּיטל

# די אַגראַר־באַוועגונג און די געגנערשאַפט צו אימיגראַציע

מאַסן-באַוועגונג פאַר פריי לאַנד ווי אַ מיטל צו לייזן די אַרבעטער-פראַגע. — די געגנערשאַפט צו אימיגראַנטן און אירע אורזאַכן. — די עקאָנאָמישע פאַקטאָרן פון דער אימיגראַציע. — אַ נייער פאַרזוך צו פאַראייניקן אַלע עקזיסטירנדיקע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס. — די אינדוסטריעלע קאָנגרעסן און זייערע רעזאָ-לוציעס. — יקרות רופט אַרויס אַ סטרייק-כוואַליע. — דער זיג-זאַג פון דער אַרבעטער-באַוועגונג. — דער קריזיס פון 1857.

די פאַרערגערטע עקאָנאָמישע לאַגע, וואָס האָט געהערשט כמעט אָן אויפהער פון דעם קריזיס אין 1837 ביז דעם בירגער־קריג אין 1861, האָט אויסער די באַוועגונגען פון אוטאָפּישן סאָציאַליזם און קאָאָפּעראַטיוון אויך באַנייט צווישן דעם אַרבעטער־קלאַס די באַוועגונג פון אַגראַריער, וועלכע האָבן געבויט זייער פּלאַן פון אַ נייער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג אויף דער צעטיילונג פון לאַנד צווישן אַלע נויטבאַדערפטיקע. גלייכצייטיק איז אויך פאַרשטאַרקט געוואָרן די געגנערשאַפט צו די אימיגראַנטן, וואָס האָבן געשטאַמט אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

אַ גרופּע אַרבעטער־פירער, מיט טאָמאַס סקידמאָר און דזשאָרדזש הענרי איוועגס אָן דער שפּיץ, זיינען ווידער אַרויסגעקומען מיט דער טעאָריע פון אַגראַריזם. סקידמאָר האָט געדענקט, אַז אַ גלייכע צעטיילונג פון דעם באָדן (לאַנד) וועט במילא פירן צו אַ גלייכער צעטיילונג פון די רייכטימער. דאָס האָט נאַטירלעך שטאַרק אַפּעלירט צו די אַרבעטער. איוועגס האָט אַנטוויקלט די טעאָריע, אַז יעדן מענטשנס רעכט צו לעבן מיינט דאָס רעכט צו קריגן אַ טייל פון דער ערדס רייכטימער אָן וועלכע לעבן איז אוממעגלעך. צוליב פּראַקטישע צוועקן האָט איוועגס ניט געוואָלט זיך אָנהויבן מיט די קאַפּיטאַ־ליסטן. ער האָט דעריבער אויסגעלאָזט פון זיין פּלאַן די רייכטימער וואָס געפינען זיך שוין אין פּריוואַטן באַזיץ. זיין פּלאַן איז געבויט געווען אויף די קאָלאָסאַלע שטרעקעס נאָך ניט קולטיווירטן באָדן און די ריזיקע זאַפּאַסן

נאָך ניט באַארבעטע נאַטירלעכע רייכטימער וואָס געפינען זיך אין דער מוטער ערד. דעריבער זאָל קאָנגרעס געבן פרייען באָדן יעדן איינעם, וואָס וויל זיך באַזעצן אויף לאַנד.

זיין רעכענונג איז געווען אַזאַ: לאַנד איז פאַראַן איבערגענוג פאַר אַלע ארבעטלאָזע און נויטליידענדע בכלל. לאַנד וועט געבן די רעגירונג. די שטעט און אָרגאַניזאַציעס זאָלן באַזאָרגן די איבערוואַנדערער מיט טראַנס־פּאָרטאַציע און מיט נויטיק געצייג. די שטעט און די געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס לוינט זיך אויסגעבן געלט צו העלפן קאָלאָניזירן די ארבעט־לאָזע. דערמיט וועלן זיי זיך באַפרייען פון ארבעטלאָזער שטיצע, הילף פאַר אָרעמע און דאָס גלייכן. די נייע קאָלאָניעס וועלן אויסוואַקסן אין שטעט, נייע מערק פאַר סחורות און רויע מאַטעריאַלן וועלן צוקומען. האַנטווערקער און געזעלן וואָס מאַטערן זיך איצט אין די אינדוסטריעלע שטעט אין מזרח וועלן קענען עפענען שעפּער אין די נייע ישובים צו באַפרידיקן דעם געברויך אין סחורות. דאָס איז נאָך ניט אַלץ. דער גראַנדיעזער פּלאַן פון קאָלאָני־זאַציע וועט זיין אַ געווינס ניט נאָר פאַר די איבערוואַנדערער, נאָר אויך פאַר די וועלכע פאַרבלייבן אין די אַלטע שטעט. פאַבריקאַנטן וועלן גע־צוואונגען זיין צוליב מאַנגל אין ארבעטער, אָן סטרייקס, צו העכערן דעם לוין און צו קירצן די ארבעט־שטונדן. אַזוי אַרום וועט מען ראַטעווען סיי די פּיאָנערן וואָס לאָזן זיך באַארבעטן נייע געגנטן און סיי די ארבעטער וואָס קענען ניט פאָרן און מוזן פאַרבלייבן אין די שטעט.

איוועגסי פּלענער און באָוואָרעניש

איוועגס האָט אויסגעארבעט אַ ריי באַוואָרענישן וואָס זאָלן גאַראַנטירן דעם נייעם קאָלאָניסט אומגעשטערטע מעגלעכקייט צו בויען זיין לעבן און ניט אַריינצופאַלן אין די לאַפּעס פון קרעדיטאָרן, לאַנד־ספּעקולאַנטן, באַנקען, און זייער גלייכן. די אַלע באַוואָרענישן דאַרפן גאַראַנטירט ווערן פון קאָנגרעס דורך אַ געזעץ. איוועגס האָט געוואָלט אַ געזעץ צו פאַרבאָטן דער רעגירונג צו פאַרקויפן גרויסע שטרעקעס לאַנד צו קאַפּיטאַליסטן, ווי זי האָט עס געטאָן די גאַנצע צייט. דאָס אומבאַזעצטע לאַנד דאַרף געהערן צום גאַנצן פאָלק.

ווי אַזוי קען דער אַגראַר־פּלאַן דורכגעפירט ווערן? צוליב דער אומ־גינסטיקער דערפאַרונג וואָס איוועגס האָט געהאַט מיט דער ערשטער אַר־בעטער־פּאַרטיי אין ניו יאָרק, האָט ער פּרובירט אַן אַנדער מעטאָדע, וואָס

איז שפעטער געווארן דער זייל אין גאמפערס'עס פאליטישער טעטיקייט: „באלוינען דעם פריינט און באשטראפן דעם פיינט.” זיך צוזאמענרעדן מיט איינצלנע בורזשואזע קאנדידאטן, צוזאגן זיי די ארבעטער־שטימען אויב זיי וועלן שטיצן אין קאנגרעס דעם פלאן פון די אגראריסטן. דארטן וואו די קאנדידאטן וועלן זיך אנטזאגן, זאל ארויסגעשטעלט ווערן אן אינ־דעפענדענט (אומאפהענגיקער) קאנדידאט, ווי א ווארנונג פון ארבעטער־אנטשלאסנקייט.

אויב די ערשטע ארבעטער־פארטיי (די וואירקינגמענס פארטי) האט גע־ליטן שיפסברוך טיילווייז צוליב דעם, וואס די קאפיטאליסטן האבן דעמאראלי־זירט א טייל פון די פירער און אפגעקויפט די דערוויילטע ארבעטער־קאנדידאטן, האבן זיי עס געמאכט שנעלער מיט איוועגס' אגראר־באוועגונג. טעמעני האל אין ניו יארק האט דערשמעקט די שטימונג פון די מאסן און האט זיך געשטעלט אין שפיץ פון דער אגראר־באוועגונג. א פארזאמלונג אין טעמעני האל אין 1851 האט געווארפן די לאזונג פון פרייען באדן (האומ־סטעדס) און עס פראקלאמירט פאר דעם צוועק פון דער דעמאקראטישער פארטיי אין די פרעזידענט־וואלן. פארשטייט זיך, אז טעמעני האל האט ניט געהאט די מינדסטע כונה צו קעמפן פאר איוועגס' פלענער. עס האט געדינט פאר איר ווי א וועדטקע צו פאנגען ארבעטער־שטימען.

בכלל איז איוועגס' אגראר־טעאריע געבויט געווארן אויפן זעלבן זאמד ווי די טעאריעס פון די אוטאפישע סאציאליסטן און פון די פראדוציר־קאאפעראטיוון. זיין אויסרעכענונג, אז די רעגירונג האט סיי ווי סיי ניט וואו אהינצוטאן אין דער נאענטער צוקונפט די 1,400,000 אקער פרייע לאנד, איז געווען א קינדערשער. מיט דער בויאונג פון די ערשטע טראנס־קאנטינענטאלע באן־ליניעס, וואס האבן פאראייניקט דעם אטלאנטישן און דעם פאסיפישן (שטילן אקעאן) ים־ברעג, האבן די באן־קאמפאניעס צעכאפט מיליאנען אקער לאנד פון ביידע זייטן באן־רעלסן. דורך גרעפט (כאבאר) האבן די באן־קאמפאניעס ארויסגעקראגן פון קאנגרעס מתנות ריזיקע שטיקער לאנד. דארטן וואו דער קאנגרעס האט זיי ניט געגעבן, האבן זיי דאס לאנד פארכאפט.

די פוסטע פלענער, אין 1934, פון עטלעכע מאדך־טראסט ראטגעבער פון פרעזידענט רוזוועלט אריבערצורוקן א טייל פון דער באפעלקערונג פון די געדיכטע צענטרען צו ניט־אנטוויקלטע געגנטן, דערמאנט א ביסל אין איוועגס' גרויסע און אויך פוסטע פלענער. פראפעסאר טאגוועל גייט ניט אזוי ווייט ווי איוועגס. טאגוועל טראכט גארניט צו הויבן א האנט געגן דעם

פאַרהיילִיקטן פּריוואַט־אייגנטום. פונדעסטוועגן איז זיין פּלאַן אַרויסצונעמען פון די שטעט עטלעכע מיליאָן „איבעריקע״ אַרבעטער, ד. ה. אַרבעטלאָזע, און זיי באַזעצן אויף לאַנד אויפן חשבון פון דער רעגירונג, אַן ערשט־קלאַסיקע אוטאָפּיע פון אַ בורזשואַזן פּראָפעסאָר, וואָס חלומט צו פאַר־שטאַרקן די קאַפּיטאַליסטישע סיסטעם מיט אַ פּלאַנמעסיקער אָרגאַניזאַציע פון פּראָדוקציע אין שטאָט און לאַנדווירטשאַפט אין דאָרף.

### אַרבעטער וואַרפן די שולד פון נידעריקן לוין אויף די אימיגראַנטן

צווישן די האַנטווערקער און פאַבריק־אַרבעטער איז קיינמאָל ניט געווען קיין ליבע צו אימיגראַנטן. די געגנערשאַפט צו דער אימיגראַציע, וואָס האָט זיך גענומען מערקן אין די פריעריקער יאָרן, איז געוואָרן קענטיקער און שטאַרקער ערב דעם בירגער־קריג. דער אָנהייב פון דער שטימונג געגן אימי־גראַנטן שטאַמט פון דעם קריזיס אין 1837.

די מערסטע אַרבעטער האָבן ניט פאַרשטאַנען, אַז די אינדוסטריעלע אַנטוויקלונג פאָדערט דורכאויס די אַרבעט־קראַפט וואָס די אימיגראַנטן ברענגען מיט זיך. זיי האָט ווייניק וואָס געאַרט וואָס אַ דאַנק די אָנקומענדיקע גראָבט מען קאַנאַלן, לייגט מען אויס באַן־וועגן, בויט מען מער הייזער א. ד. ג. די אַרבעטער האָבן געזען ווי די קאַפּיטאַליסטן, זייערע שונאים, דערמוטיקן מיט אַלערליי מיטלען די איינוואַנדערונג פון יענער זייט ים. דאָס אַליין איז גענוג געווען, אַז צו די אימיגראַנטן זאָל מען זיך באַציען פיינטלעך. דער קריזיס און די אַרבעטלאָזיקייט האָבן פאַנאַנדערגעבלאָזן דעם פיינטלעכן געפיל.

ניט פאַרשטייענדיק ווי אַזוי דער מעכאַניזם פון דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם אַרבעט, האָבן די אַרבעטער געוואָרפן די שולד פון זייער שלעכטער לאַגע אויף די אימיגראַנטן, וועלכע האָבן אַ נידעריקערן לעבנס־סטאַנדאַרד און וואַרפן אַרונטער די פּרייזן. אָט די טענה ציט זיך ווי אַ שוואַרצער פאָדעם אין דער געשיכטע פון דער טרייד־יוניאָן באַוועגונג. די טענה, פונדאַמענטאַל־פאַלש און שעדלעך, איז אַלעמאָל אַרויסגערוקט געוואָרן צום פאָדערגרונט פון די יוניאָן־פירער, וועלכע האָבן געשפּייזט די שמאָלע, ענגהאַרציקע פאַך־אינטערעסן פון זייערע מיטגלידער. פאַר די פירער זיינען די אימיגראַנטן אויך געווען אַ באַקוועמער אויסרייד פאַר די דורכפאַלן צו קריגן בעסערע באַדינגונגען: „די אימיגראַנטן זיינען שולדיק אין דער אַרבעטלאָזיקייט און פאַר דעם נידעריקן לוין.״ אָט דער געשריי, פון אָנהייב שוואַך און נאָכדעם

שטארקער, האט זיך געטראגן אין די רייען פון די ארגאניזירטע ארבעטער פון די פערציקער יארן פון נײַנצנטן יארהונדערט ביז צום סוף פון די צוואנציקער יארן פון צוואנציקסטן יארהונדערט, ווען די רעגירונג האט דורך א סיסטעם פון קוואטאס שטארק באשרענקט און שפעטער אינגאנצן אפגעשטעלט די אימיגראציע. די פארשלאסענע טויערן האבן דאך ניט אפּגעהאלטן דעם קאלאסאלן עקאנאמישן קראך, די גרעסטע און ערגסטע ארבעטלאזיקייט און דעם ביטערסטן אנגריף אויף די ארבעט־באדינגונגען אין דער געשיכטע פון די פאראייניקטע שטאטן.

שפעטער, אונטער גאמפּערסעס פירערשאפט, האט די א. פ. או ל. קולטיווירט די אנטי־אימיגראציע שטימונג צווישן די ארבעטער ווי א גערטנער קולטיווירט א טייערע פלאנצונג. יעדער צוזאמענפאר פון דער אמעריקען פעדערײשאן או לייבאר האט אנגענומען א רעזאלוציע צו פארבאטן די איינוואנדערונג ווי א געפאר פאר דעם לעבנס־סטאנדארד פון די אמעריקאנער ארבעטער. די א. פ. או ל. האט געפירט אן ארגאניזירטן קאמף נעגן דער אימיגראציע.

אין די פערציקער און פופציקער יארן איז די געגנערשאפט אויך געשפייזט געווארן פון דעם פאקט, וואס די קאפיטאליסטן האבן געשיקט אגענטן צו ברענגען אהער ארבעטער. די אגענטן האבן ניט געפוילט זיך צוזאגן די אימיגראנטן גאלדענע בערג. צו מאכן זיכער, אז די אימיגראנטן וועלן ניט קענען רעוואלטירן, האבן די אגענטן געשלאסן קאנטראקטן מיט די ארבעטער נאך אויף יענער זייט אקעאן. געגן די קאנטראקטן האבן די ארבעטער מיט רעכט געפירט א קאמף, ביז וואנען דער קאנגרעס האט געמוזט פארבאטן צו אימפּארטירן קאנטראקטירטע ארבעטער. דער קאנגרעס האט זיך אבער קאטעגאריש אפגעזאגט אפצושטעלן די אימיגראציע. כאטש עס איז ריכטיק, אז געוויסע אימיגראנטן־גרופּעס האבן פארגעשטעלט מיט זיך אן עלעמענט וואס האט געארבעט פאר א קלענערן לוין ווי דער געבארענער אמעריקאנער, איז אבער אויך ריכטיק, אז גרויסע אימיגראנטן־גרופּעס, צווישן די דייטשן, די סקאנדינאוויער און די ענגלענדער האבן פארגעשטעלט מיט זיך הויך־קוואליפיצירטע ארבעטער, וואס האבן געבויט גאנצע אינדוסטריעס. די גרופּעס ארבעטער האבן באוויזן דורך ארגאניזאציע און קאמף זיך צו דערשלאגן די העכסטע ארבעט־באדינגונגען ווי אלע הויך־געשולטע ארבעטער. א בײַשפּיל זײַנען די דייטשע ביר־ארבעטער און די בעקער. וועגן זיי און וועגן דער שפּעטערדיקער אימיגראציע וועט דער לייענער געפינען אין די שפּעטערדיקע קאפּיטלען.

## אימיגראַציע רעגולירט פון עקאָנאָמישע געזעצן

אמת איז אויך, אַז אין גרונט גענומען — און דאָס איז זייער וויכטיק צו געדענקען — איז די אימיגראַציע רעגולירט געוואָרן דורך די געזעצן פון עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג. דאָ האָבן ניט געהערשט קיין צופאַלן. דער שטראָם אויסלענדער האָט זיך געהויבן און איז געפאַלן אין איינקלאַנג מיט דעם עקאָנאָמישן צושטאַנד אין לאַנד. אין קריזיס־יאָרן איז די אימיגראַציע פּאַקטיש אָפּגעשטעלט געוואָרן און אין יאָרן פון אַזוי־גערופענער פּראָספּעריטי (גוטע צייטן) איז די אימיגראַציע געשטיגן. דעמאָלט איז דער לוין אויך געשטיגן, ניט געקוקט אויף דער צאָל אימיגראַנטן. דאָס איז ריכטיק פאַר דער גאַנצער צייט ביז דער קוואָטאַ־סיסטעם. אין 1932 און 1933, אין הויך פון קריזיס, איז די צאָל פון די וועלכע האָבן פאַרלאָזן אַמעריקע איבערגעשטיגן די צאָל איינגעוואַנדערטע.

די ערשטע אימיגראַציע האָט געבראַכט צו די ברעגן פון די פאַראייניקטע שטאַטן הויפּטזאַכלעך מענטשן וואָס האָבן געזוכט זיך צו באַזעצן אויף לאַנד. ערשט נאָך דעם קריזיס פון 1837 בייט זיך שאַרף דאָס עקאָנאָמישע פּנים פון דער איינוואַנדערונג. עס קומען אַהער מענטשן וואָס זוכן אַרבעט אין די פאַבריקן און מילן, ביי די קאַנאַלן און באַן־וועגן. אין די צען יאָר צווישן 1845 און 1855 האָבן דריי מיליאָן אויסלענדער געלאַנדעט אין די פאַראייניקטע שטאַטן. זייער גרעסטער טייל איז פאַרבליבן אין די רייען פון אַרבעטער־קלאַס. זיי זיינען געווען די אורזאַך פון דעם ראַשיקן וואוקס פון די שטעט.

די אימיגראַציע איז אויך שטאַרק באַאיינפלוסט געוואָרן פון דער לאַגע אין אייראָפּע. נאָך די נאַפּאָלעאָנישע מלחמות, וואָס האָבן זיך געענדיקט אין 1812, האָט געשטראָמט אין די פאַראייניקטע שטאַטן אַ מאַסע רואינירטע פּויערים און ניט־געשולטע האַרעפּאַשניקעס. אין 1846 האָט דער הונגער אין אירלאַנד געבראַכט אַהער אַ גרויסע פּויערשע איינוואַנדערונג. דער דורכפאַל פון דער רעוואָלוציע אין די מערב־אייראָפּייאישע לענדער אין 1848 האָט געענדערט דעם כאַראַקטער פון דער אויסוואַנדערונג. אויף די ברעגן פון אַמעריקע האָבן געלאַנדעט געשולטע אַרבעטער, בעל־מלאכות און אינטעליגענטן, וואָס זיינען אַנטלאָפן פון די פאַרפאָלגונגען. פון דייטשלאַנד אַליין זיינען אָנגעקומען צוויי מיליאָן אימיגראַנטן אין די יאָרן צווישן 1820—1841.

די אָרגאַניזירטע אַרבעטער, דעמאָלט כמעט אויסשליסלעך הויך־קוואַליפיצירטע אַרבעטער, האָבן גאָרניט גערן אַריינגענומען די אימיגראַנטן אין

זייערע אָרגאַניזאַציעס. ניט נאָר אויסלענדער, בכלל איז שווער געווען פאַר נייע אַרבעטער אַריינצוטרעטן אין אַ יוניאָן פון הויך־קוואַליפיצירטע אַר־בעטער. זיי האָבן אַרומגעצאַמט די גרענעצן פון זייער פאַך. אין אַנדערע יו־ניאָנס איז געווען אַ פּונקט אין דער קאָנסטיטוציע, אַז נאָר דער וואָס האָט געאַרבעט אין פאַך דריי יאָר קען ווערן אַ מיטגליד. אָט־די באַגרענעצטקייט און דאָס אָפּזונדערן זיך איז געבליבן אַ קראַנקער שטריך ביי די מערסטע פאַך־יוניאָנס פון דער אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר ביז היינט צו טאָג. נייע באַשרענקונגען אין דער פאָרמע פון שרעקלעך־הויכע איינטריט־געלט, עקזאַמען א. ד. ג., זיינען אויפגעשטעלט געוואָרן זיך צו באַוואָרענען געגן נייע אַרבעטער, באַזונדערס געגן די האַלב־קוואַליפיצירטע.

אומקלאָרע פּראָגראַמען און פאַלשע האָפענונגען

אין די יאָרן פון ערב דעם בירגער־קריג איז אויך געמאַכט געוואָרן נאָך אַ פאַרזוך זיך צו אָרגאַניזירן אויף אַן אַלגעמיינעם מאַסשטאַב, אויסערהאַלב די ראַמען פון פאַך. די טענדענץ האָט זיך אויסגעדריקט אין פאַררופן אינ־דוסטריעלע קאָנגרעסן, פריער אין די גרענעצן פון יעדן שטאַט און נאָכדעם פון גאַנצן לאַנד. אין ניו יאָרק האָט זיך דער אינדוסטריעלער קאָנגרעס געעפנט יוני 6, 1850, אין דער אָנוועזנהייט פון 110 דעלעגאַטן פון 55 אָרטיקע טרייד־יוניאָנס. די דעקלאַראַציע פון קאָנגרעס שפּיגלט אָפּ די צעטומלטקייט וואָס האָט געהערשט אין די מוחות פון די אַרבעטער. פון איין זייט פאַרדאַמט די דעקלאַראַציע די הערשאַפט פון די באַנקירן און קאַפּיטאַליסטן, וואָס האָט געבראַכט נויט און ליידן די אַרבעטער־מאַסן און פון דער צווייטער זייט רופט זי אויפצושטעלן האַרמאָנישע באַציאונגען צווישן אַרבעט און קאַפּיטאַל מיט גערעכטיקייט פאַר די אַרבעטער. דער קאָנ־גרעס האָט אויך אָנגענומען אַ רעזאָלוציע צו פּראָטעסטירן געגן דער מעגלעכ־קייט פון אַ קריג מיט ענגלאַנד צוליב אָרעגאָן און געגן דעם איבערפאַל אויף מעקסיקאָ.

אַ ווירקטיקערע דערשיינונג איז געווען, וואָס די פאַבריק־אַרבעטער אין ניו ענגלאַנד האָבן זיך ווידעראַמאָל גענומען צו אָרגאַניזאַציע, נאָך זייערע דורכפאַלן אין די דרייסיקער יאָרן. אַ נייע אָרגאַניזאַציע איז געשאַפן געוואָרן וואָס איז באַשטאַנען גרעסטנטיילס פון ניט־קוואַליפיצירטע אַרבעטער און פון אַרבעטערינס, אונטערן נאָמען: די ניו ענגלאַנד וואָרקינגמענס אַסאָסי־איישאָן (אַרבעטער־אַסאָסיאַציע פון ניו ענגלאַנד). דער ערשטער צוזאַמענ־

פאַר איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין מאַי 1845. אין דער פאָררעדע צו דער קאָנסטיטוציע איז געזאָגט, אַז אין דער איצטיקער געזעלשאַפטלעכער סיסטעם איז דער אַרבעטער אַ שקלאַף פון קאַפּיטאַל. נאָר דער אַרבעטער אַליין קען אָפּשאַפן אָט די אומגליייכהייט. די מאַכט פון די אַרבעטער ליגט נאָר אין אָרגאַניזאַציע, דעריבער איז דער צוועק פון דער נייער אָרגאַניזאַציע „מאַכט, מאַכט, מאַכט צו גונסטן פון דער גאַנצער מענטשהייט".

די האָפענונגען, וואָס די פאַבריק־אַרבעטער האָבן געלייגט אויף דער נייער אָרגאַניזאַציע, זיינען ניט פאַרווירקלעכט געוואָרן. די פירער האָבן אויסגעמיטן אַ קאַמף צו פאַרבעסערן די לאַגע פון די אַרבעטער אין ניו ענגלאַנד. אָנשטאָט דעם האָבן זיי זיך פאַרלאָזט אויסשליסלעך אויפן וואַל־צעטל. דער סוף איז געווען, אַז די אַרבעטער האָבן זיך אָפּגעקערט פון דער וואָירקינגמענס אַסאָסיאיישאָן און זי איז פאַרשוואונדן.

נאַציאָנאַלע פאַך־יוניאָנס באַווייזן זיך ווידער

אין די פופציקער יאָרן איז אויך באַנייט געוואָרן דער פאַרזוך צו שאַפן נאַציאָנאַלע פאַך־יוניאָנס, וואָס דער קריזיס פון 1837 האָט איבערגעריסן. אַזוי איז די טייפּאָגראַפיקעל יוניאָן (שריפטזעצער) אָרגאַניזירט געוואָרן אין 1850. די ציגאַר־מאַכער, בוי־אַרבעטער, מאַשיניסטן, אייזן־גיסער, הוט־מאַכער, טאַפּעצירער, שיף־אַרבעטער און אַנדערע פאַכן האָבן אָרגאַניזירט נאַציאָנאַלע יוניאָנס. זייערע פונקציעס זיינען באַשטאַנען הויפּטזאַכלעך פון געבן אינפאָרמאַציע און זאַמלען הילף אין צייט פון סטרייק. יעדע אָרטיקע יוניאָן איז געווען פולשטענדיק זעלבסטשטענדיק אין אַלע אָנגעלעגנהייטן, סטרייק־פירונג אַריינגערעכנט. בכלל זיינען די נאַציאָנאַלע יוניאָנס געווען פון אָנהויב אַ לויזע פאָרם פון פאַראייניקונג.

די אָרטיקע אינדוסטריעלע קאָנגרעסן האָבן פאַררופן אַ נאַציאָנאַלן אינ־דוסטריעלן קאָנגרעס. דאָרט האָט זיך גלייך צעפלאַקערט אַ היציקער קאַמף צווישן די אָנהענגער פון איוועגס און אַנדערע אַגראַריסטן און אָוען, בריסביין און גרילי, וועלכע האָבן געקעמפט פאַר זייערע אוטאָפּישע פּלענער. די מערהייט דעלעגאַטן האָבן צוריקגעוויזן די אַגראַר־פּלענער און די חלומות פון די אוטאָפּיסטן איינצושטעלן אַן אָרדענונג פון מענטשן־ליבע און גע־רעכטיקייט צוזאַמען מיט די קאַפּיטאַליסטן. דער קאָנגרעס האָט אָנגענומען אַ שאַרפע רעזאָלוציע געגן די „רייכע קאַפּיטאַליסטן און ניט־פּראָדוצירער", וואָס באַרויבן די אַרבעטער פון די פּרוכט פון זייער אַרבעט. אין דער זעלבער צייט האָט דעם קאָנגרעס געפעלט די קלאָרקייט פון אַ ליניע פון

אַקציע. דאָס האָט דעם אינדוסטריעלן קאָנגרעס אונטערגעגראָבן. אין 1851 האָט דער קאָנגרעס נאָמינירט אַ פּרעזידענט-קאַנדידאַט, וועלכער האָט ניט געצויגן קיין סך שטימען צוליב דער אָפּוועזנהייט פון וועלכער עס איז קאָנקרעטער אָרגאַניזאַציע. פינף יאָר שפּעטער איז דער קאָנגרעס אויפגעלייזט געוואָרן.

עס איז וויכטיק צו פאַרצייכענען, אַז די אַרבעטער, כאָטש פיל פון זיי זיינען געווען רעליגיעז, האָבן פונדעסטוועגן אָפּגעשאַצט די פינצטערע ראָל וואָס גאָטס דינער שפּילן צו העלפן די קאַפּיטאַליסטן. דער צווייטער אינ־דוסטריעלער קאָנגרעס אין ניו יאָרק האָט אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, וואָס פאַרדאַמט די קריסטלעכע גלחים „פאַר שטיצן די בלוט־איינגעטונקטע פאָן פון קאַפּיטאַל און פאַר אַ נייעם קרייץ־צוג געגן די אַרבעטער".

אין אַזעלכע זיג־זאַג טריט איז דורכגעגאַנגען דער פּעריאָד ערב דעם בירגער־קריג.

דער גרויסער יקרות, וואָס דער גאָלד־געלאַף אין קאַליפאָרניע האָט פאַראורזאַכט, האָט פאַרשטאַרקט די סטרייק-באַוועגונג פאַר העכערן לוין און פאַר דעם צען־שטונדיקן אַרבעט־טאָג. ווידער האָבן די קאַפּיטאַליסטן געשלעפּט די סטרייקער אין געריכט און דער געריכט האָט זיי באַשטראָפט פאַר „פאַרברעכערישע קאָמבינאַציעס". פונדעסטוועגן איז דער צען־שטונדיקער אַרבעט־טאָג געוואונען געוואָרן אין אַ סך פאַכן און אינדוסטריעס.

אין 1857 איז אויסגעבראָכן דער דריטער עקאָנאָמישער קריזיס. פון אַ העלפט ביז צוויי־דריטל אַרבעטער זיינען אַרויסגעוואָרפן געוואָרן אויף דער גאַס. די יוניאָנס זיינען ווידער שטאַרק אָפּגעשוואַכט געוואָרן, נאָר די באַוועגונג פון די אַרבעטלאָזע איז געוואַקסן. אין אַלע שטעט זיינען אָפּ־געהאַלטן געוואָרן דעמאָנסטראַציעס פון אַרבעטלאָזע צו פאָדערן אַרבעט און ברויט. די דעמאָנסטראַנטן האָבן געטראָגן פּלאַקאַטן מיט אויפרופן: „מיר ווילן ניט דעם זופּ, וואָס איר גיט אונז! פּאָליטישע זשוליקעס און ספּעקו־לאַנטן האָבן אונז באַרויבט פון אונזער ברויט, איצט וואַרפן זיי אונז צו אַ ביסל זופּ. מיר האָבן געטראָגן די שטרייפן פון מענער אויף אונזערע אַקסלען, איצט ווילן מיר די שטערן", אַן אָנצוהערעניש אויף די שטרייפן און שטערן פון דער אַמעריקאַנישער פאָן.

דער דריטער קריזיס האָט ניט אָנגעהאַלטן לאַנג. אָבער איידער די אַרבעטער האָבן באַוויזן זיך צוצופּאַסן צו די בעסערע צייטן, איז אויס־געבראָכן דער לאַנגער, בלוטיקער בירגער־קריג, וואָס האָט געשלאָסן דעם פּעריאָד אין דער געשיכטע פון אַרבעטער־קלאַס.

## עלפטער קאַפּיטל

# דער בירגער־קריג און די אַרבעטער

אַרבעטער זיינען ניט פאַרן קריג, אָבער וואַרפן זיך אַריין אין שלאַכטן נאָכדעם ווי בירגער-קריג ברעכט אויס. — צוזאַמענשטויס צווישן אינדוסטריעלער בורזשואַזיע און פעאָדאַלע אַריסטאָקראַטן אמתע אורזאַך פון קריג. — קאַרל מאַרקס שטיצט לינקאָלן, כאָטש ער ווייסט גוט בורזשואַזן קלאַסן-כאַראַקטער פון בירגער-קריג. — ענגלישע אַרבעטער דעמאָנסטרירן פּראָלעטאַרישע סאָלידאַריטעט. — קריג ברענגט צו פאַראָרעמונג פון מאַסן. — די מאָרגאַנס מאַכן פאַרמעגנס פון שווינדל-קאָנטראַקטן.

די אָרגאַניזירטע אַרבעטער זיינען ערב דעם בירגער־קריג ניט געווען באַגייסטערט פאַר אַ מלחמה צווישן די צפון־שטאַטן און די דרום־שטאַטן. פּונקט ווי די גאַנצע שטאָטישע אָרעמשאַפט, האָבן די אַרבעטער געפילט, אַז די מלחמה איז ניט זייערע, אָבער זיי וועט אויסקומען צו טראָגן איר לאַסט אויף זייערע פּלייצעס און ליפערן דאָס קאַנאָנען־פלייש אויף די שלאַכט־פעלדער. פּראָפעסאָר פּערלמאַן אין זיין געשיכטע פון טרייד־יוניאָניזם אין די פאַראייניקטע שטאַטן פאַרזיכערט, אַז די שטימונג פון די מאַסן בירגער אין די צפון־שטאַטן איז געווען פאַר אַ קאָמפּראָמיס מיט די דרום־שטאַטן אויסצומיידן די מלחמה, כאָטש זיי זיינען געווען אויסגעשפּראָכן פאַר דער אָפּשאַפונג פון שקלאַפעריי אין די דרום־שטאַטן.

די אָרגאַניזירטע אַרבעטער האָבן אָפּגעהאַלטן אַ צוזאַמענפאָר אין פעברואַר 1861, אין פילאַדעלפיע. דאָרטן האָט איינער פון די פּראָמינענטסטע אַרבעטער־פירער, וויליאַם ה. סילוויס, פּרעזידענט פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אייזן־גוס אַרבעטער יוניאָן, געשטיצט דעם קאָמפּראָמיס־פאָרשלאַג וואָס אַ קאָנגרעסמאַן פון קענטאָקי האָט אַרויסגערוקט. אָבער אַזוי שנעל ווי דער ערשטער שאָס איז געפייערט געוואָרן פון די דרומדיקע רעבעלן אויף פאָרט סאָמנער, האָבן זיך די אָרגאַניזירטע אַרבעטער אַריינגעוואָרפן מיט לייב און לעבן אין דעם בירגער־קריג. גאַנצע יוניאָנס האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דער פעדעראַלער אַרמיי אויפן רוף פון פּרעזידענט לינקאָלן. סילוויס אַליין האָט געשאַפן אַ קאָמפּאַניע סאָלדאַטן פון די אייזן־גיסער. דאָס האָט

ניט געשטערט דעם אומפארמיידלעכן רעזולטאט פון יעדן בורזשואזן קריג: די פאראָרעמונג פון די מאסן און ריזיקע רייכטימער פאר די קאפיטאליסטן און ספעקולאנטן.

קלאסנבאוואוסטזיניקע ארבעטער ווייסן היינט אויסגעצייכנט, וואָס עס זיינען געווען דיווירקלעכע פאקטאָרן וועלכע האָבן געטריבן צום בירגער־קריג. די געדיכטע רויך־וואנט, וואָס די בורזשואזע פּאָליטיקער שטעלן אויף יעדן טאָג אויף די פייערונגען פון לינקאָלן־טאָג, קען ניט פארדעקן און פאר־שטעלן די אמתע אורזאכן און פאקטן. ערנסטע בורזשואזע היסטאָריקער מוזן אויך צוגעבן, אז ניט די באפרייאונג פון די נעגער־שקלאפן האָט באוועגט די בורזשואזיע פון די צפון־ און מערב־שטאטן זיך צו שלאָגן מיט די דרום־שטאטן. פון די בריוו און דערקלערונגען וואָס לינקאָלן האָט געמאכט אין די ערשטע צוויי יאָר איז קלאָר, אז אויך ער האָט זיך ניט געשלאָגן צו באפרייען די נעגער־שקלאפן. דאָס איז צו אים געקומען שפּעטער, ווען קיין אנדער אויסוועג איז ניט פארבליבן.

### דער קאמף־פּאָרמעסט צווישן אינדוסטריעלער בורזשואזיע און שקלאפן־באראָנען

דער פיר־יאָריקער בירגער־קריג איז געווען דער רעזולטאט פון א טיפן צוזאמענשטויס צווישן די אינטערעסן פון דער אינדוסטריעלער בורזשואזיע אין צפון און די גוט־באזיצער אין דרום. דאָס איז געווען א צוזאמענשטויס צווישן צוויי פּאָליטיש־עקאָנאָמישע סיסטעמען, איינע געבויט אויף גע־דונגענער ארבעט־קראפט פון פרייע ארבעטער און די צווייטע באזירט אויף דער פּראצע פון שקלאפן. די ערשטע אן אינדוסטריעלע און די צווייטע א לאנדווירטשאפטלעכע.

מיר האָבן שוין דערמאָנט, אז שקלאפעריי איז אָפּגעשאפט געוואָרן אין די צפון־שטאטן, ווייל עס איז געשטאנען אין וועג פון דער אומגעשטערטער אנטוויקלונג פון קאפיטאליסטישער אינדוסטריע. א מארק פון „פרייע" אר־בעטער פון וואנען צו שעפּן ארבעט־קראפט, איז פון לעבנס־וויכטיקייט פאר די ארבעטגעבער. שקלאפן וואָס זיינען צוגעשמידט צו זייערע אייגנטימער און פארמאָגן ניט די מעגלעכקייט זיך צו באוועגן, זיינען ניט קיין קוואל פון ארבעט־קראפט פאר די פאבריקן און מילן. זיי זיינען אויך ניט קיין באזונדער פלייסיקע ארבעטער.

אזוי לאנג ווי די אינדוסטריע איז געווען יונג, קליין און שוואך, זיינען

די גרענעצן פון די צפון־ און מערב־שטאַטן געווען ברייט גענוג פאַר די קאַפּיטאַליסטן. זיי איז דעריבער גאָרניט אָנגעגאַנגען דער פּיין פון די נעגער־שקלאַפן אין דרום. פאַרקערט, די קאַפּיטאַליסטישע פּרעסע האָט גע־זידלט די אַבאָליציאָניסטן. אין מיטן פון 19טן יאָרהונדערט זיינען די צפון און מיטל־מערב שטאַטן פולשטענדיק ארייננעצויגן געוואָרן אין דער קאַפּי־טאַליסטישער ווירטשאַפט. קאַפּיטאַליזם האָט גענומען זוכן אַ ברייטערן פעלד פאַר עקספּלואַטאַציע. נאָענט צום האַנט זיינען געלעגן די דרום־שטאַטן מיט זייערע גרויסע בוימוואָל־פעלדער. די דערפינדונג פון מאַשינען צו פלעכטן דעם באַוול האָט געגעבן אַ געלעגנהייט איבערצובויען די באַוול־ווירטשאַפט אויף מאָדערנע קאַפּיטאַליסטישע מעטאָדן. דאָס האָט געמאַכט אַ צוזאַמענ־שטויס צווישן דער בורזשואַזיע און דער פעאָדאַלער אַריסטאָקראַטיע אומ־פאַרמיידלעך. דאָס האָט באַוואויגן דער בורזשואַזיע צו זיין געגן דער שקלאַפעריי אין דרום.

דער קאַמף האָט זיך געדרייט אַרום דער פראַגע פון טאַריפן, אָפּצאָלונגען אויף אויסלענדישע סחורות. די בורזשואַזיע פון צפון האָט געוואָלט הויכע טאַריף־אָפּצאָלונגען צו צווינגען דער באַפעלקערונג אין דרום צו קויפן סחרות פון דער היימישער (צפונדיקער) פּראָדוקציע אַנשטאָט סחורות פון ענגלאַנד. די בורזשואַזיע האָט אויך געוואָלט צווינגען די באַוול־פּלאַנטאַטאָרן צו פאַרקויפן דעם באַוול די היימישע קאַפּיטאַליסטן אָנשטאָט די ענגלישע. די אינטערעסן פון די באַוול־פּלאַנטאַטאָרן זיינען געלעגן אין אַ פרייען אימ־פּאָרט פון אויסלענדישע סחורות און אַ פרייען עקספּאָרט פון זייער רויען באַוול קיין אויסלאַנד. די אינטערעסן פון דער בורזשואַזיע זיינען געלעגן אין אַ פאַרקערטער ריכטונג.

ביידע צדדים האָבן מיט אַלע מיטלען געקעמפט צו פאַרכאַפּן די מאַכט פון דער רעגירונג, וואָס קען דיקטירן געזעצן און טאַריפן. דער סענאַט איז געווען איינגעטיילט אויף צוויי גלייכע טיילן — דרייצן שקלאַפן־שטאַטן און דרייצן פרייע שטאַטן. די בורזשואַזיע פון צפון האָט גענומען אויסשניידן ריזיקע טעריטאָריעס פון די נייע שטאַטן אין מערב, כדי אריבערצוגעווינען דעם באַלאַנס פון שטימען אין סענאַט אויף איר זייט. דאָס האָט געפירט צו בלוטיקע צוזאַמענשטויסן אין די נייע שטאַטן. דער הערשנדיקער קלאַס אין דרום האָט זיך דערשראָקן. די דרום־טעריטאָריע איז געווען באַשרענקט. דאָס האָט געמיינט אַז אין דער נאָענטער צוקונפט וועט די צפון־בורזשואַזיע פאַרכאַפּן די מלוכה־מאַכט און טאָן מיט דעם דרום וואָס זי וויל.

פירנדיק אַן אַגריקולטורעלע ווירטשאַפט, איינגעטונקט אין פעאָדאַלע

באַציאונגען, זיינען די דרום־שטאַטן ניט געוואַקסן. פאַרקערט, די ווייסע באַפעלקערונג האָט נאָכאַנאַנד אויסגעוואַנדערט צו דער אינדוסטריע אין די צפון־שטאַטן. אין דער זעלבער צייט האָט זיך ראַשיק פאַרגרעסערט די באַפעלקערונג אין די צפון־שטאַטן. גלייכצייטיק איז געוואַקסן די אינדוסטריע און די טראַנספּאָרטאַציע. די טעקסטיל־אינדוסטריע האָט ערב דעם בירגער־קריג פאַרטאָפּלט איר פּראָדוקציע. די נעץ באַן־ליניעס איז פאַרדרייפאַכט געוואָרן. די נומערישע און עקאָנאָמישע ראָל פון דער אינדוסטריעלער באַפעלקערונג איז געוואָרן אַלץ גרעסער, אָבער די פּאָליטישע מאַכט איז געלעגן אין די הענט פון די רייכע פּלאַנטאַטאָרן אין דרום, וועלכע זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן אין דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי.*)

דער קאַמף פאַר מאַכט איז אָנגעגאַנגען עטלעכע צענדליק יאָר. די פּלאַנטאַטאָרן פון דרום האָבן געטריבן אַ פאַרכאַפּונג־פּאָליטיק אויפן חשבון פון מעקסיקאָ. אונטער זייער דרוק האָט די רעגירונג פאַרנומען טעקסאַס און ניו מעקסיקאָ, ווייל דער קלימאַט איז צוגעפּאַסט פאַר באַוול־פּלאַנטאַציעס. דערצו אַרבעטן די נעגערס בעסער אין וואַרימען דרום ווי אין קאַלטן צפון. די אינדוסטריעלע אינטערעסן האָבן אויך געקעמפט מיט אָרגאַניזירן נייע שטאַטן אין מערב, צו געווינען נייע פּלעצער אין ביידע הייזער פון קאָנגרעס און באַזונדערס אין סענאַט. אַזוי גלייך נאָך דער שפּאַלטונג זיינען אָרגאַניזירט אין מערב, צו געווינען נייע פּלעצער אין ביידע הייזער פון קאָנגרעס און באַזונדערס אין סענאַט. אַזוי גלייך נאָך דער שפּאַלטונג זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן די שטאַטן נעוואַדאַ, קאָלאָראַדאָ און דאַקאָטאַ. קיין פּונקט וועגן דער אָפּשאַפונג פון נעגער־שקלאַפעריי איז ניט אַריינגעשטעלט געוואָרן אין דער קאָנסטיטוציע פון די נייע שטאַטן.

נאָך אַ פאַקטאָר וואָס האָט פאַרנומען פּלאַץ אין די רעכענונגען פון די דרומדיקע פּלאַנטאַטאָרן, איז געווען זייער שווערע פאַרשולדיקטקייט צו די קאַפּיטאַליסטן אין צפון. זיך אָפּרייסן פון דער פעדעראַלער יוניאָן אָדער זי צו באַהערשן האָט געמיינט פטור ווערן פון צאָלן די חובות. אין די חשבונות פון די וועלכע האָבן אָרגאַניזירט די קאָנפעדעראַציע, האָט דאָס אויך געווירקט.

*) די דעמאָקראַטישע פּאַרטיי האָט זיך צעשפּאָלטן אויף דעם צוזאַמענפאָר אין טשאַרלסטאָן, אַפּריל 1860. די דרומדיקע פּלאַנטאַטאָרן זיינען באַשטאַנען אויף אַ פּונקט אין דער פּלאַטפאָרמע, וואָס גאַראַנטירט די נעגער-שקלאַפעריי. די דעלעגאַטן פון די צפון-שטאַטן האָבן אויף דעם ניט געוואָלט איינגיין. די שפּאַלטונג האָט געהאָלפן די רעפּובליקאַנער צו דערוויילן לינקאָלן פאַר פּרעזידענט. די דעמאָקראַטן פון דרום האָבן אַרויסגעשטעלט דזשעפערסאָן דייוויס פאַר זייער קאַנדידאַט.

אין 1856 איז אָרגאַניזירט געוואָרן די רעפּובליקאַנישע פּאַרטיי, ארום וועלכער עס האָבן זיך גרופּירט אַלע בורזשואַזע אינטערעסן. אין די וואַלן פון 1860 האָט די רעפּובליקאַנישע פּאַרטיי נאָך א שטורמישער וואַל־קאַמפּאַניע דערוויילט אייבערהעם לינקאָלן פאַר פּרעזידענט. די פעאָדאַלע אריסטאָקראַטיע האָט געזען, אַז איר לעצטע שטונדע האָט געשלאָגן. ניטאָ מער קיין האָפענונג אויף א פרידלעכן אויסגאַנג אָדער א קאָמפּראָמיס.

## דרום־שטאַטן רייסן זיך אָפּ און בירגער־קריג ברעכט אויס

דעם 4טן פעברואַר, 1861, האָבן די דרום־שטאַטן אָפּגעהאַלטן א צוזאַמענפאָר אין מאָנטגאָמערי, אַלאַבאַמאַ, און באַשלאָסן זיך אָפּצורייסן פון דער פעדעראַלער יוניאָן. דער צוזאַמענפאָר האָט אויסגעאַרבעט א קאָנסטיטוציע, אין וועלכער נעגער־שקלאַפעריי איז א פונדאַמענטאַלער פונקט. די איינצלנע שטאַטן ווערט פאַרבאָטן אָפּצושאַפן שקלאַפעריי. די אָפּשפּאַלטונג איז אויפגענומען געוואָרן אין צפון ווי א דירעקטע ארויספאָדערונג צו א פאַרמעסטונג פון כחות. דער בירגער־קריג איז געוואָרן אומפאַרמיידלעך.*)

קאַרל מאַרקס, אין זיין דער בירגער־קריג אין די פאַראייניקטע שטאַטן, אנאַליזירנדיק די צילן און די סטראַטעגיע פון דער קאָנפעדעראַציע (אַזוי האָט געהייסן די פאַראייניקונג פון די דרום־שטאַטן), קומט צום שלוס, אַז די שקלאַפן־שטאַטן האָבן אין דער ווירקלעכקייט ניט געפּלאַנט זיך אָפּצורייסן פון דער יוניאָן. זייער צוועק איז געווען צו געווינען די שלאַכטן און ביסלעכווייז צו באַהערשן די צפון־ און מערב־שטאַטן און איינפירן שקלאַפעריי אומעטום.

מאַרקס ווייזט אָן, אַז די פירער פון דער קאָנפעדעראַציע האָבן געטענהעט, אַז קאָליר און ראַסע שפּילט דאָ ניט קיין ראָל און אַז די ווייסע ארבעטער אין צפון ווערן אויך באַהאַנדלט ווי שקלאַפן און אַזוי דאַרף עס טאַקע זיין. א זיג פון דער קאָנפעדעראַציע וואָלט לעגאַליזירט שקלאַפעריי אין אַלע שטאַטן. ניט קיין שפּאַלטונג פון די פאַראייניקטע שטאַטן וואָלט פאָרגעקומען, זאָגט מאַרקס, נאָר א רעאָרגאַניזאַציע אויף א נייעם באַזיס, אויפן באַזיס פון שקלאַפן־ארבעט פון געוויסע נידעריקערע ראַסן.

---

*) אין צוזאַמענפאָר האָבן אָנטיילגענומען : מיסיסיפּי, פלאָרידאַ, אַלאַבאַמאַ, דזשאָרדזשיאַ, לואיזיאַנאַ, דרום-קאַראָליינאַ, טעקסאַס. טענעסי איז נאָכדעם צוגעשטאַנען.

## לינקאָלן האָט ניט געפּלאַנט באַפרייאונג פון שקלאַפן

אָבער די רעפּובליקאַנער האָבן ניט געקעמפט פאַר דער אָפּשאַפונג פון שקלאַפעריי. זיי האָבן דערקלערט, אַז זיי ווילן זיך ניט מישן אין די „אינער־לעכע אַנגעלעגנהייטן" פון דרום. אַזוי האָט אויך לינקאָלן דערקלערט ניט איין מאָל. ער איז געווען געגן דער אויסשפּרייטונג פון שקלאַפעריי, אָבער ניט פאַר דעם, אַז די שקלאַפן זאָלן באַפרייט ווערן דאָרטן וואו שקלאַפעריי עקזיסטירט. נאָר די ראַדיקאַלע אין דער רעפּובליקאַנער פּאַרטיי און די אַר־בעטער זיינען געווען פאַר דער אָפּשאַפונג פון שקלאַפעריי.

אין זיין רעדע אין ניו יאָרק ערב דעם בירגער־קריג, אין פעברואַר 1860, האָט לינקאָלן, ענטפערנדיק די טענות פון די דרום־פּאָליטיקער, געזאָגט:

„איר באַשולדיקט אונז, אַז מיר העצן אייערע שקלאַפן. מיר לייקענען עס. וואו זיינען אייערע באַווייזן? האַרפּערס פערי, דזשאָן בראַון? דזשאָן בראַון איז ניט געווען קיין רעפּובליקאַנער און איר האָט ניט באַוויזן אַריינ־צושלעפּן אַן איינציקן רעפּובליקאַנער אין דער האַרפּערס פערי אונטערנעמונג. די טעאָריעס און דעקלאַראַציעס פון די רעפּובליקאַנער זיינען באַגלייט מיט אומאויפהערלעכן פּראָטעסט געגן יעדער סאָרט אַריינמישונג מיט אייערע שקלאַפן, אָדער מיט אייך איבער אייערע שקלאַפן." (לינקאָלן, רעדעס און בריוו, זייטן 127-128.)

לינקאָלן האָט אין דעם צווייטן יאָר בירגער־קריג אָפּגעשטעלט גענעראַל פרימאָנט, וואָס האָט באַפרייט די נעגער־שקלאַפן אין די געגנטן וואו די פעדעראַלע אַרמיי איז אַריין, כדי זיי אָנצושליסן אין דער אַרמיי. לינקאָלן האָט פאָרגעשלאָגן באַפרייאונג מיט געלט־פאַרגיטיקונג צו די שקלאַפן־אייגנטימער. די מיליטערישע נויטווענדיקייט אין נייע סאָלדאַטן און דער ברייט־פאַרצווייגטער סענטימענט צווישן די מאַסן אין צפון פאַר דער אָפּ־שאַפונג פון שקלאַפעריי האָט אים געשטופּט צו פּראָקלאַמירן, סעפּטעמבער 1862, אַז דעם ערשטן פעברואַר 1863 וועט ער באַפרייען די שקלאַפן אין די שטאַטן וואָס וועלן זיך ניט אונטערגעבן צו דער פעדעראַלער רעגירונג. לינקאָלן האָט שפּעטער באַריכטעט, אַז נאָענט צו 130,000 נעגערס האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דער פעדעראַלער אַרמיי נאָך זיין פּראָקלאַמאַציע.

לינקאָלנס פּראָקלאַמאַציע האָט גוואַלדיק פאַרשטאַרקט די פּאָזיציע פון דער יוניאָן־רעגירונג. די אַנטשלאָסנקייט פון די מאַסן צו געווינען דעם קריג איז געוואַקסן. די יונגע סאָציאַליסטישע באַוועגונג, וואָס איז דעמאָלט אַנט־שטאַנען אין לאַנד, האָט פולשטענדיק געשטיצט די אַבאָלישאָן־באַוועגונג

(אָפּשאַפונג פון שקלאַפעריי). אין זיין געשיכטע פון סאָציאַליזם אין די פאַראייניקטע שטאַטן, שרייבט הילקוויט: „אַלע עקזיסטירנדיקע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס האָבן געליפערט זייערע פולע קוואָטאַס. די מלחמה האָט אַזוי שיטער געמאַכט די רייען פון די סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס, אַז זייער טעטיקייט איז פּאַראַליזירט געוואָרן. ערשט אין 1867 האָט די באַוועגונג גענומען קומען צו זיך." (מאָריס הילקוויט, געשיכטע פון סאָציאַליזם, זייטן 171-172.)

מאַרקס, ענגעלס און דער גאַנצער ערשטער סאָציאַליסטישער אינטערנאַציאָנאַל האָבן געשטיצט די צפון־שטאַטן, כאָטש מאַרקס האָט גוט געוואוסט דעם בורזשואַזן קלאַסן־כאַראַקטער פון בירגער־קריג. די עקזעקוטיוו־קאָמיטע פון ערשטן סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל האָט געשריבן אַ גראַטולירונג־בריוו צו לינקאָלן נאָך זיין צווייטער דערוויילונג אין 1864.

אין דעם בריוו האָט דער אינטערנאַציאָנאַל אויסגעדריקט זיין האָפענונג, אַז לינקאָלן וועט גיין פיל ווייטער ווי די באַפרייאונג פון די נעגער־שקלאַפן אין דרום. איין פאַראַגראַף פון בריוו רעדט וועגן דעם:

> „די אייראָפּייאישע אַרבעטער זיינען זיכער, אַז אַזוי ווי דער אַמעריקאַנישער קריג פאַר אומאָפּהענגיקייט האָט באַדייט אַ נייע עפּאָכע פאַר דער הערשאַפט פון דער בורזשואַזיע, אַזוי באַדייט דער אַנטי־שקלאַפעריי קריג אַ נייע עפּאָכע פאַר דעם אַרבעטער־קלאַס. זיי האַלטן עס פאַר אַ גוטן צייכן פון דער קומענדיקער עפּאָכע, וואָס אייברעהעם לינקאָלן, דער אַויפריכטיקער זון פון אַרבעטנדיקן קלאַס, האָט עס דעם מזל צו פירן זיין לאַנד אינם אומפאַרגלייכלעכן קאַמף פאַר דער רעטונג פון דער פאַרשקלאַפטער ראַסע און פאַר דער ווידעראויפבויאונג פון אַ נייער סאָציאַלער וועלט." (ציטירט פון ה. שליטערס אינטערנאַציאָנאַל אין אַמעריקע. שליטער, רעדאַקטאָר פון דער דייטשער פאָלקס־צייטונג, האָט דערביי צוגעגעבן, אַז מאַרקס האָט אַנטייל־גענומען אין צונויפשטעלן דעם בריוו צו לינקאָלן. שליטער, זייט 41.)

### ענגלישע קאַפּיטאַליסטן ווילן העלפן שקלאַפן־שטאַטן

די ענגלישע בורזשואַזיע האָט געשטיצט די באַוול־פּלאַנטאַטאָרן צוליב גאַנץ פאַרשטענדלעכע אורזאַכן. די ענגלישע קאַפּיטאַליסטן זיינען געווען פאַראינטערעסירט, אַז דער פעאָדאַלער דרום זאָל זיגן איבער דעם אינדוסטריעלן צפון. זיי וואָלטן פאַרזיכערט זייערע אינוועסטירונגען אין די אַמעריקאַנישע באַוול־פּלאַנטאַציעס. ביי זיי האָט זיך נאָך אויך געהאַנדלט וועגן אַ מאָנאָפּאָל אויף דעם באַוול פון דרום. דער בירגער־קריג האָט אָפּגעשטעלט

די ליפערונג פון באַוול און פיל ענגלישע טעקסטיל־פאַבריקן האָבן זיך געמוזט צושליסן.

ווען דער בירגער־קריג האָט זיך פאַרצויגן און די אויסזיכטן פון דער פעדעראַלער רעגירונג זיינען ניט געווען אַזוי גלענצנדיק, איז די ענגלישע בורזשואַזיע גרייט געווען אַריינצואוואַרפן איר פלאַט צו העלפן דער קאָנ־פעדעראַציע. מאַרקס און ענגעלס און דער סאָציאַליסטישער אינטערנאַציאָ־נאַל האָבן אויפגעהויבן אַ מעכטיקע אַגיטאַציע געגן ענגלישער אַריינמישונג אויף דער זייט פון די דרומדיקע שקלאַפן־טרייבער. די ענגלישע אַרבעטער און זייערע יוניאָנס האָבן דורכגעפירט פאַרזאַמלונגען און דעמאָנסטראַציעס פאַר די אַבאַליציאָניסטן פון צפון. דער ענגלישער הערשנדיקער קלאַס האָט געמוזט צוריקטרעטן פאַר דעם מעכטיקן פראָטעסט פון דעם אַרבעטער־קלאַס. נאָר די הערלעכע אַקציע פון די ענגלישע אַרבעטער האָט ניט דערלאָזט, אַז די בריטישע רעגירונג זאָל אָנערקענען די קאָנפעדעראַציע און איר קומען צו הילף. די ענגלישע אַרבעטער האָבן דעמאָלט דעמאָנסטרירט אַ הויכן גראַד באַוואוסטזיין און פראָלעטאַרישע סאָלידאַריטעט. די ענגלישע וועבער האָבן געליטן אַרבעטלאָזיקייט און נויט און געשיקט סאָלידאַרישע דערקלערונגען די קעמפער געגן נעגער־שקלאַפעריי.

מאַרקס האָט שפּעטער געזען, אַז די רעזולטאַטן פון דעם בירגער־קריג זיינען געווען אַנדערש פון די האָפענונגען וואָס דער ערשטער סאָציאַליסטי־שער אינטערנאַציאָנאַל האָט אויף אים געלייגט. מאַרקס שרייבט:

„דער אַמעריקאַנישער בירגער-קריג האָט געבראַכט מיט זיך אַ קאָלאָסאַלן נאַציאָנאַלן חוב און דערמיט דעם דרוק פון שטייערן, די אַנטשטייאונג פון דער פאַרברעכערישסטער פינאַנציעלער אַריסטאָקראַטיע, דאָס פאַרטאַכלעוועז פון ריזיקע שטרעקעס לאַנד פאַר ספעקולאַנטן-קאָמפּאַניעס, פאַר דער עקס-פּלואַטאַציע פון באַנען און מינען; אין קורצן, אַ שנעלע קאָנצענטראַציע פון קאַפּיטאַל. די גרויסע רעפּובליק הערט דעריבער אויף צו זיין די צו-געזאָגטע אויסלייזונג פאַר די אַרבעטער-אימיגראַנטן.״ (קאַרל מאַרקס, קאַפּיטאַל, ערשטער באַנד, זייט 847.)

## די אַרבעטער ברענגען גרויסע קרבנות און די ספעקולאַנטן זאַמלען פאַרמעגנס

מאַרקס האָט געטראָפן אין פּונקט. אין דעם בירגער־קריג זיינען גלייכ־צייטיק אָנגעגאַנגען צוויי דערשיינונגען: די העלדישע זעלבסט־אָפּפערונג פון די מאַסן און די פאַרברעכערישע ספעקולאַציעס, שווינדל און כאַבאַר פון די קאַפּיטאַליסטן. דער בירגער־קריג איז געווען אַ שמאַלץ־גרוב פאַר אַלערליי

רייכע צושטעלער פון אמוניציע, עסן און קליידער. א סך ריזיקע פארמעגנס ציען זייער אורשפרונג פון בירגער־קריג. דזש. פּ. מאָרגאַן, דער גרינדער פון דער מעכטיקער אינטערנאַציאָנאַלער באַנקען־הויז, האָט אָנגעהויבן זאַמלען זיין פאַרמעגן פאַרקויפנדיק דער רעגירונג ביקסן, וועלכע די רעגירונג אליין האָט פריער פאַרבראַקירט אַלס נוצלאָזע... דעם „פּאַטריאָט" מאָרגאַן האָט ניט געאַרט, וואָס ער שיקט סאָלדאַטן אויף אַ זיכערן טויט.

גלייך אין אָנהויב פון בירגער־קריג האָט די רעגירונג אַרויסגעלאָזט אַ סך פּאַפּיר־געלט. קרעדיט איז געוואָרן גרינגער, אָבער פּרייזן זיינען שרעקלעך אַרויפגעשרויפט געוואָרן. אין 1863 זיינען ריטייל־פּרייזן (איינצל־פּרייזן) געשטאַנען מיט 43 פּונקטן העכער ווי אין 1860, אָבער דער לוין איז געשטיגן נאָר אויף 12 פּראָצענט אין פאַרגלייך מיט 1860. כאָטש אַרבעט איז געווען גענוג צוליב די מלחמה־באַשטעלונגען, איז אָבער די נויט פון די מאַסן געווען אומגעהויער גרויס. פּראָפעסאָר אילײ שרייבט: „קיינמאָל איז אינם לאַנד ניט געווען אַזאַ שאַרפער קאָנטראַסט צווישן רייכקייט און אָרעמקייט, ווי אין די יאָרן פון בירגער־קריג."

דער פאַרצווייגענער קריג און די אַרגיעס פון ספּעקולאַציע און גרעפט האָבן אויפגעבראַכט די אויסגעמאַטערטע מאַסן. גרויסע דעמאָנסטראַציעס זיינען פאָרגעקומען און אומרוען זיינען אויסגעבראָכן געגן דעם יקרות און געגן דעם דרעפט־געזעץ (צוואַנג־דינסט אין דער אַרמיי). אין ניו יאָרק האָבן די אומרוען אָנגעהאַלטן עטלעכע טעג. די רעגירונג האָט מיט סאָלדאַטן אונטערדריקט סטרייקס. עס האָט געהאַלטן דערביי, אַז די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס זאָלן אין אַ סך שטעט אינגאַנצן אונטערדריקט ווערן, נאָר אַ שטאַרקער פּראָטעסט פון די אַרבעטער האָט אָפּגעהאַלטן דעם פאַרבאָט.

דאָס זיינען געווען די דירעקטע פּרוכט, וואָס דער אַרבעטער־קלאַס האָט געקראָגן פאַר די קרבנות וואָס ער האָט געבראַכט אין בירגער־קריג.

צוועלפטער קאַפּיטל

# די לאַגע פון די אַרבעטער נאָך דעם בירגער־קריג

דער שטויס צו דער ראַשיקער אינדוסטריאַליזאַציע.—קאַפּיטאַליסטן קריגן געבוג ביליקע אַרבעט און רויע מאַטעריאַלן. — מאַשינען ענדערן כאַראַקטער פון לאַנדווירטשאַפט. — גרויסע פאַבריקן, נייע אינדוסטריעלע צענטרען און זייער ווירקונג אויף די אַרבעטער.— לינקאָלנס פאַרלאַנג פאַר קאָנטראַקטירטער אַרבעט פון אייראָפּע. — די ראָל פון דער אימיגראַציע נאָך דעם בירגער־קריג. — די געגנער־שאַפט פון די יוניאָן־פירער צו די אימיגראַנטן. — אימיגראַנטן, די ערשטער טרעגער פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

דער בירגער־קריג האָט זיך אָפיציעל געענדיקט אין אויגוסט 1866. די דרום־שטאַטן האָבן זיך אונטערגעגעבן. די בורזשואַזיע פון די צפון־שטאַטן האָט אָפּגעהאַלטן א פולשטענדיקן זיג. דאָס גאַנצע לאַנד איז געלעגן אונטער אירע פיס.

אין דרום האָט דער בירגער־קריג געבראַכט גרויס חורבן. די אַרמייען וואָס האָבן מאַרשירט אַהין און צוריק אין די אומצאָליקע שלאַכטן האָבן רואינירט די ווירטשאַפט. די זיגרייכע בורזשואַזיע איז באַפאַלן די באַזיגטע דרום־טעריטאָריע און אָנגערויבט וויפיל עס האָט זיך נאָר געלאָזט. די אָרעמ־שאַפט, שווארצע און ווייסע, האָט שטאַרק געליטן. די באַוול־פּלאַנטאַציעס, געבויט אויף שקלאַפעריי, האָבן געדאַרפט אינגאַנצן איבערגעבויט ווערן עקאָ־נאָמיש. פאַרן איבערבויען האָבן געצאָלט די שווארצע האַרעפּשאַניקעס, די געוועזענע שקלאַפן, וועלכע זיינען טאַקע באַפרייט געוואָרן פון לייב־אייגנטום, אָבער זיינען געבליבן פּאָליטיש און נאַציאָנאַל אונטערדריקט און עקאָנאָמיש שרעקלעך עקספּלואַטירט.

אַנדערש איז געווען די לאַגע אין צפון און אין מיטל־מערב. די בור־זשואַזיע איז פּטור געוואָרן פון די לעצטע שטערונגען פון דער פעאָדאַלער אָרדענונג. דער וועג איז געווען פריי פאַר אַן אימפּעטיקער אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג.

אינדוסטריעלער וואוקס גלייך נאָכן בירגער־קריג

| | 1860 | 1870 | צואוואוקס אין פּראָצענטן |
|---|---|---|---|
| צאָל אונטערנעמונגען — — | 140,933 | 252,648 | 79.6 |
| צאָל אַרבעטער — — — — | 1,311,296 | 2,053,996 | 56 6 |
| אַריינגעלייגטער קאַפּיטאַל — | $1,009,855,715 | $1,694,567,015 | 67.8 |
| אַרבעטער-לוין — — — — | 378,878,966 | 620,467,974 | 63.8 |
| ווערט פון רויע מאַטעריאַלן | 1,031,605,092 | 1,790,791,794 | 93.0 |
| ווערט פון פּראָדוקציע — — | 1,885,861,676 | 3,385,860,354 | 79.5 |

די אַמעריקאַנישע בורזשואזיע האָט פאַרמאָגט די צוויי הויפּט־פאַקטאָרן, וועלכע באַשטימען דעם עקאָנאָמישן צושטאַנד פון אַ לאַנד: אַ גרויסער קוואַל פון ביליגע אַרבעט־הענט און גרויסע רעזערוון נאַטירלעכע רייכטימער. ביליקע אַרבעט־קראַפט האָבן געליפערט די פרויען, קינדער און אימיגראַנטן; נאַטירלעכע רייכטימער איז געווען איבערגענוג אין אַמעריקע — געדיכטע וועלדער, אומגעהויערע רעזערוון פון רויען אייזן, קוילן, קופּער, אָיל, וואַסער־קראַפט, א. אַז. וו.

דער פּעריאָד פון דעם בירגער־קריג ביזן אָנהויב פון 20סטן יאָרהונדערט איז דורכגעגאַנגען אונטער דעם צייכן פון דער ריזיקער אינדוסטריאַליזאַציע פון דעם גרויסן און ברייטן לאַנד. די קאַפּיטאַליסטן האָבן זיך געוואָרפן צו באַאַרבעטן די נאַטירלעכע רייכטימער פון לאַנד, וואָס זיינען דער פונדאַמענט פאַר דער גרונט־אינדוסטריע. ווי די שאַקאַלן זיינען זיי באַפאַלן די ריזיקע וועלדער און זיי פאַרטיליקט און דערביי געשטעלט אין ערנסטער געפאַר צענדליקער מיליאָנען אַקער לאַנד, וואָס האָבן ביסלעכווייז אָבער סיסטעמאַטיש געטריקנט צוליב מאַנגל אין פייכטקייט. (וועלדער האַלטן אויף די פייכטקייט פון באָדן). מיט זייערע גרויס־רויבערישע אַפּעטיטן האָבן זיי געגראָבן קוילן, אייזן און אָיל, זיך ניט באַמיענדיק צו קאָנסערווירן די נאַטירלעכע רייכטימער אַז זיי זאָלן ניט אינגאַנצן פאַרטאַכלעוועט ווערן. מיט אַ ספּעציעלער דערלויבעניש פון קאָנגרעס זיינען פיל טויזנטער בינעזישע קולים אימפּאָרטירט געוואָרן צו גראָבן וועגן און לייגן רעלסן דורך די ווילדערנישן פון ווייטן מערב און דעם מדבר פון אַריזאָנאַ. קיינער ווייסט ניט וויפיל בינעזער זיינען געפאַלן ביי דער שווערער אַרבעט אין דער ווילדער טעריטאָריע.

נייע מאַשינען זיינען דערפונדן געוואָרן פאַר אַקערן, זייען, שניידן די תבואה און זי דרעשן. די מאַשינען האָבן געגעבן אַ ריזיקן שטויס דער פאַרגרעסערונג פון דער לאַנדווירטשאַפט און האָבן געבראַכט אַן איבערקערעניש אין איר כאַראַקטער. די פאַרמער זיינען אַלץ מער און טיפער אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע, אין פּראָדוצירן פאַרשיידענע תבואות און פּי־צוכט פאַרן מאַרק אין שטאָט. עס זיינען אויך אויפגעקומען פאַרמער־קאַפּיטאַליסטן, וואָס באַשעפטיקן אַ סך אַרבעטער אין סעזאָן־צייט. שטעט זיינען געוואַקסן מיטן שנעלן וואוקס פון אינדוסטריע און האַנדל. אין אָנהויב פון 20סטן יאָרהונדערט זיינען שוין פאַראַן פיר שטעט מיט איבער אַ מיליאָן איינוואוינער: ניו יאָרק, ברוקלין (דעמאָלט נאָך אַ באַזונדערע שטאָט), פילאַדעלפיע און שיקאַגאָ. ניו יאָרק אַליין האָט אין 1900 געציילט נאָענט צו דריי און אַ האַלב מיליאָן איינוואוינער.

נייע שטעט זיינען אויפגעקומען, געבויט אַרום פאַבריקן. די נייע שטעט האָבן גענומען שפּילן אַ גרויסע ראָל אין דער אינדוסטריע פון לאַנד. דאָס זיינען געווען שטעט וואו די פאַבריקאַנטן זיינען געווען די פולשטענדיקע באַלעבאַטים. די מערסטע פון די שטעט ליגן אין מיטל־מערב, ווי טאָלידאָ, גערי, שפּעטער דעטראָיט א. אַז. וו. פון אַ לאַנדווירטשאַפטלעכן לאַנד זיינען די פאַראייניקטע שטאַטן שנעל פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ לאַנדווירטשאַפט־לעך־אינדוסטריעלן לאַנד.

## אינדוסטריעלע אַנטוויקלונג איבערגעריסן פון קריזיסן

ווען מיר זאָגן, אַז די יאָרן 1866—1900 זיינען געווען יאָרן פון קאָלאָסאַלער אינדוסטריעלער בויאונג, מיינט עס ניט אַז די קאַפּיטאַליסטישע אַנטוויקלונג איז געגאַנגען אויף אַ גראַדן וועג. אין סוף פון די זעכציקער יאָרן האָט געהערשט אַ דעפּרעסיע און אין 1873 איז אויסגעבראָכן אַ גרויסער און שווערער קריזיס, דער פערטער אין דער קאַפּיטאַליסטישער געשיכטע פון לאַנד. די אַרבעטער, וואָס האָבן דורכגעמאַכט די קריזיס יאָרן 1929—1934 דאַרף מען קיין סך ניט דערציילן וועגן דעם הונגער, ליידן און קראַנקהייטן, וואָס אַ קריזיס ברענגט די מאַסן פון דער האָרעפּאַשנער באַפעלקערונג.

אַ באַגריף פון דער אינדוסטריאַליזאַציע פון לאַנד גיבן אונז די פאָלגנדיקע ציפערן:

| יאָר | | | צאָל פון אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען | צאָל באַשעפטיקטע אַרבעטער (אין טויזנטער) | ווערט פון פּראָדוצירטע סחורות (אין טויזנטער דאָלאַרן) |
|---|---|---|---|---|---|
| 1860 | — | — | 140,433 | 1,311 | 1,885,862 |
| 1900 | — | — | 207,514 | 4,252 | 9,327,379 |

אין 1860 זיינען געווען 30,826 מייל באַן־רעלסן. אין 1910 — 292,107 מייל.

עס איז אויך וויכטיק צו דערמאָנען, אַז צום סוף פון דעם 19טן יאָר־הונדערט האָט זיך אָנגעהויבן אַ מעכטיקע קאָנצענטראַציע פון אינדוסטריע און פינאַנץ. גרויסע פאַבריקן האָבן פאַרנומען דעם פּלאַץ פון די וואַר־שטאַטן. פאַבריקן זיינען פאַראייניקט געוואָרן אונטער איין האַנט אין קאָרפּאָראַציעס. די קאָרפּאָראַציעס זיינען שפּעטער צונויפגעשמאָלצן געוואָרן אין אַ טראָסט און נאָך שפּעטער אין אַ סופּער־טראָסט.

די קאָנצענטראַציע פון אינדוסטריע האָט גוואַלדיק באַווירקט די גאַנצע לאַגע פון די אַרבעטער. אנשטאָט די פריערדיקע צענדליקער און הונדערטער אַרבעטער אין איין פּלאַץ פון אַרבעט, זיינען איצט טויזנטער און טויזנטער אַרבעטער געבראַכט געוואָרן אונטער איין דאַך און עקספּלואַטירט געוואָרן פון איין קאָמפּאַניע. די האָפענונג ביי געוויסע אַרבעטער זיך ארויסצורייסן פון אינדוסטריעלער שקלאַפעריי און ווערן אַ זעלבסטשטענדיקער אונטער־נעמער, איז פאַרשוואונדן. די קאָנצענטראַציע פון טויזנטער אַרבעטער אין די נייע גרויסע פאַבריקן האָט געהאָלפן אויפצואוועקן ביי זיי אַ געפיל פון קלאַסן־באַוואוסטזיין און קלאַסן־סאָלידאַריטעט.

## די נייע אימיגראַציע־פּראָבלעם

דער בירגער־קריג האָט אויך ווידער אַרויסגערוקט צום פאָדערגרונט די אימיגראַציע־פּראָבלעם. אַרום אַ מיליאָן אַרבעטער האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דער פעדעראַלער אַרמיי. אינדוסטריע האָט זיך אויסגעשפּרייט און געפאָדערט נאָך אַרבעט־קראַפט. דער יקרות אויף לעבנס־מיטלען האָט אַרויסגערופן אַ כוואַליע סטרייקס פאַר העכערן לוין. די פאַבריקאַנטן האָבן דעריבער גע־נומען זוכן אַרבעטער אין די אייראָפּייאישע לענדער, ערשטנס אויסצופילן דעם מאַנגל אין אַרבעט־הענט און צווייטנס צו צאַמען די באַוועגונג פאַר העכערן לוין. די רעגירונג האָט זיך גענומען באַפרידיקן דעם פאַרלאַנג פון די פאַבריקאַנטן.

אין זיין רעדע צום קאָנגרעס דעם 8טן דעצעמבער, 1863, האָט פּרעזי־דענט לינקאָלן זיך באַקלאָגט אויף דעם מאַנגל פון אַרבעטער אין לאַנד, אין דער צייט ווען די אַמעריקאַנישע קאָנסולאַטן אין אייראָפּע זיינען באַ־לאַגערט פון מענטשן וואָס ווילן אויסוואַנדערן אין די פאַראייניקטע שטאַטן. לינקאָלן האָט דעריבער אויפגעפאָדערט דעם קאָנגרעס, ער זאָל אויפליזן דעם געזעץ געגן קאָנטראַקטירטע אימיגראַנטן און דערלויבן די קאַפּיטאַליסטן צו שיקן אַגענטן אין אייראָפּע צו ברענגען אַהער אַרבעטער, וועלכע וועלן דאַרפן אָפּאַרבעטן פאַר זייערע רייזע־אויסגאַבן.

אין 1864 האָט דער קאָנגרעס נאָכגעגעבן לינקאָלנס פאַרלאַנג. דאָס האָט געמיינט פּאַקטיש באַנייען די ווייסע שקלאַפעריי וואָס האָט געהערשט אין די קאָלאָניעס. די קאָנגרעסלייט האָבן זיך דערשראָקן פאַר דעם גרויסן פּראָטעסט וואָס האָט זיך געטראָגן געגן זייער נייעם געזעץ, האָבן זיי באַ־שרענקט דעם טערמין פון קאָנטראַקט צו אַ יאָר צייט. אין פאַרלויף פון דעם ערשטן יאָר איז דער קאָנטראַקטירטער אימיגראַנט פאַרפליכטעט צו פּראַצעווען פאַר זיין באַלעבאָס. די קאָנטראַקטן זיינען באַפעסטיקט פון געזעץ. דער באַלעבאָס האָט געקענט גיין אין געריכט און צווינגען, אַז דער קאָנטראַקט זאָל דורכגעפירט ווערן אין לעבן.

די אַרבעטער האָבן שטאַרק פּראָטעסטירט געגן דעם קאָנטראַקט־אַרבעטער געזעץ. קאָנגרעס און די רעגירונג זיינען אָבער געשטאַנען מיט די קאַפּיטאַליסטן, וועלכע האָבן געשריען אַז זיי פעלט אַרבעטער. דאָס געזעץ איז שפּעטער אָפּגעשאַפט געוואָרן אונטערן דרוק פון די אַרבעטער. אַריינצו־ברענגען קאָנטראַקטירטע אַרבעטער איז פאַרבאָטן געוואָרן.

די אינדוסטריאַליזאַציע פון דעם לאַנד נאָכן בירגער־קריג האָט באַנייט דעם גרויסן אימיגראַציע־שטראָם. די פאָלגנדיקע ציפערן גיבן אַ פאָרשטעלונג וועגן דער גרויס פון דער אימיגראַציע.

אייַנוואַנדערונג צווישן 1861 און 1900

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| אין | 1861—1870 | זיינען | אָנגעקומען | 2,314,824 | אימיגראַנטן |
| אין | 1871—1880 | " | " | 2,812,191 | " |
| אין | 1881—1890 | " | " | 5,246,613 | " |
| אין | 1891—1900 | " | " | 3,874,420 | " |

אימיגראַנטן פאַרנעמען נידעריקערע פּלעצער אין אינדוסטריע

די אימיגראַנטן פון דעם פּעריאָד זיינען פאַרבליבן אין די גרויסע און מיטעלע שטעט און זיינען געווען באַשעפטיקט אין די ערגסטע און שווערסטע

ארבעטן פאַר דעם קלענסטן לוין. די אימיגראַנטן פון דעם פעריאָד האָבן אויפגעבויט מיט זייער פראַצע די גרויסע שטאָל־ און אייזן־אינדוסטריע, וואָס האָט אָנגעהויבן בליען אין די אכציקער יאָרן. די הויך־קוואַליפיצירטע ארבעטער אין די שטאָל־פאַבריקן, די שמידן, מאַשיניסטן, בלעכער, עלעקטרי־קער זיינען געווען אַמעריקאַנער אָבער ניט־קוואַליפיצירטע און האַלב־קוואַליפיצירטע אַרבעטער, וואָס בילדן די גרויסע מערהייט פון דער שטאָל־אינדוסטריע, זיינען געווען אויסלענדישע ארבעטער. דאָס זעלבע איז ריכטיק וועגן נאָך אַ גרויסער אינדוסטריע, באַן־פּאַרקער. די אַרבעטער וועלכע האָבן געגראָבן די וועגן, געלייגט די רעלסן און שפּעטער אַכטונג געגעבן אויף די וועגן, זיינען געווען אויסלענדער; די אַרבעטער וועלכע זיינען באַשעפטיקט דירעקט אין דעם באַן־פּאַרקער, די לאָקאָמאָטיוו־אינזשינערן און הייצער, קאָנדוקטאָרן און געהילפן א. אז. וו., וואָס שטעלן פאַר די בעסער־באַצאָלטע באַשעפטיקונגען, זיינען אַמעריקאַנישע ארבעטער. דאָס האָט אָבער ניט געשטערט די קאָנסערוואַטיווע פירער פון די יוניאָנס אויפצוהויבן אַ ביטערן קאַמף געגן דער אימיגראַציע און געגן די אימיגראַנטן. מיר האָבן שוין דערמאָנט, אַז יעדער צוזאַמענפאָר פון דער אַמעריקאַן פעדערײשאָן אָוו לייבאָר האָט ניט פאַרפעלט אָנצונעמען אַ רעזאָלוציע, אויפפאָדערנדיק די רעגירונג אינגאַנצן אָפּצושטעלן די אימיגראַציע. די פירער פון דער אַמערי־קאַן פעדערײשאָן אָוו לייבאָר זיינען אין זייער האַס צו אימיגראַנטן גע־גאַנגען האַנט אין האַנט מיט די פּראָפעסיאָנעלע מאַרד־פּאַטריאָטן פון די זין פון דער אַמעריקאַנישער רעוואָלוציע, טעכטער פון דער אַמעריקאַנישער רעוואָלוציע און ענלעכע ארבעטער־פּרעסערישע אָרגאַניזאַציעס.

## אימיגראַציע האָט באַפרוכפּערט די אַרבעטער־באַוועגונג

די אימיגראַציע האָט ניט נאָר מעגלעך געמאַכט די ראַשיקע אינ־דוסטריאַליזאַציע פון די פאַראייניקטע שטאַטן, נאָר זי האָט אויך אַריינ־געגאָסן אַ שטראָם פריש בלוט אין דעם אַמעריקאַנישן אַרבעטער־קלאַס. די ערשטע צו ברענגען אַהער די אידייען פון קלאַסנקאַמף און סאָציאַליזם זיינען געווען די דייטשע אימיגראַנטן, וועלכע האָבן געלייגט דעם פונדאַמענט פאַר דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, פון וועלכער עס איז שפּעטער אַרויס־געוואַקסן די קאָמוניסטישע באַוועגונג. די אימיגראַנטן האָבן געבראַכט אַהער די טיפע אומצופרידנקייט און אויפרודערונג וואָס האָט זיך געטראָגן צווישן די מאַסן אין אייראָפּע נאָך דער פּרייסיש־פראַנצויזישער מלחמה, ווען

העכסטער און שעפערישסטער אויסדרוק איז געווען די פּאַריזער קאָמונע אין 1871. די אימיגראַנטן זיינען געקומען פון אַ וועלט־טייל, וואו די געניאַלע לערע פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, אויסגעאַרבעט פון מאַרקס און ענגעלס, האָט גענומען אַריינדרינגען אין דעם אַרבעטער־קלאַס און וועקן אים צו אָרגאַניזאַציע און צום קאַמף. די אימיגראַנטן האָבן גוואַלדיק באַרייכערט דעם פּאָליטישן און גייסטיקן לעבן פון אַמעריקאַנישן אַרבעטער־קלאַס. זיי האָבן אָנטייל־גענומען אין זיינע גרעסטע און שווערסטע קאַמפן אין דער קוילן־אינדוסטריע, שטאָל־אינדוסטריע און בוי־אינדוסטריע.

נאָך שפּעטער, אין דעם ערשטן צענדליק פון 20סטן יאָרהונדערט, האָבן די אימיגראַנטן, באַזונדערס די נאָדל־אַרבעטער, געגעבן אַ ביישפּיל פון מיליטאַנטישע קאַמפן געגן באַלעבאָס, פּאָליציי און געזעץ אין אַ צייט ווען די אָפיציעלע אַרבעטער־באַוועגונג איז געווען האַלב־פּאַרגליווערט אונטער דער רעאַקציאָנערער פירערשאַפט פון גאָמפּערס און זיינע לייטענאַנטן. די נאָדל־אַרבעטער האָבן אַלס רעזולטאַט פון זייערע גרויסע קאַמפן באַשאַפן יוניאָנס, וואָס האָבן געדינט פאַר אַ מוסטער פאַר דער אַרבעטער־באַוועגונג. אין דעם שפּעטערדיקן באַרג־אַרונטער פּראָצעס פון די נאָדל־פאַך יוניאָנס זיינען ניט שולדיק די אַרבעטער, נאָר זייערע „סאָציאַליסטישע" פירער.

דרייצנטער קאַפּיטל

# דער וואוקס פֿון דער אַרבעטער־באַוועגונג נאָכן בירגער־קריג

די ליניע פֿון אָרגאַניזאַציאָנעלער אַנטוויקלונג פֿון די יוניאָנס. — דער איינפֿלוס פֿון ערשטן סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל. — די „נעשאָנאַל לייבאָר יוניאָן" און די אורזאַכן פֿון איר אונטערגאַנג. וויליאַם ה. סילוויס און זיין ווירקונג. — די שטעלונג צו די נעגער־אַרבעטער. — דער קאַמף פֿאַר און געגן אַרבעטער פּאָליטישער אַקציע. — דער באַנייטער קאַמף פֿאַר דעם 8־שטונדיקן אַרבעט־טאָג. — דאָס געזעץ אין קאָנגרעס פֿאַר די אַכט שטונדן. — מאַרקס וועגן דער באַדייטונג פֿון קאַמף פֿאַר די אַכט שטונדן. — אַ כוואַליע סטרייקס. — די פֿאַרשפּרייטונג פֿון פּראָדוציר־קאָאָפּעראַטיוון.

נאָך אינמיטן די שלאַכטן פֿון בירגער־קריג האָבן די אַרבעטער אָנגעהויבן צו פֿאַרריכטן און צו פֿאַרשטאַרקן זייערע אָרגאַניזאַציעס, וואָס זיינען האַלב־צעפֿאַלן געוואָרן ביים אויסברוך פֿון קריג. די ליניע פֿון דער אָרגאַניזאַציאָנעלער אַנטוויקלונג איז געווען די זעלבע ווי פֿריער. דער ערשטער שריט — די לאָקאַלע פֿאַך־יוניאָן, דער צווייטער שריט — די פֿאַראייניקונג פֿון די לאָקאַלע פֿאַך־יוניאָנס אין אַ שטאָטישער צענטראַלער קערפּערשאַפֿט, דער דריטער שריט — די פֿאַראייניקונג פֿון אַלע שטאָטישע צענטראַלע קערפּערשאַפֿטן אין אַ נאַציאָנאַלער פֿעדעראַציע. די פֿאַרזוכן צו שאַפֿן נאַציאָנאַלע פֿאַך־יוניאָנס זיינען נאָך געווען שוואַכע. בכלל איז וויכטיק צו באַמערקן דעם פֿאַקט, וואָס די אַלגעמיינע נאַציאָנאַלע פֿעדעראַציע איז געקומען פֿאַר דער נאַציאָנאַלער פֿאַך־יוניאָן. היינט זיינען די נאַציאָנאַלע פֿאַך־יוניאָנס דער רוקנביין פֿון דער אַלגעמיינער פֿעדעראַציע. היינט קען מען זיך ניט פֿאָרשטעלן אַ נאַציאָנאַלן טרייד־יוניאָן צענטער אָן שטאַרקע נאַציאָנאַלע יוניאָנס אין יעדן פֿאַך און אינדוסטריע.

דער אונטערשייד צווישן דער אָרגאַניזאַציאָנעלער ליניע אין יענע יאָרן און איצט ליגט אין דעם צושטאַנד פֿון דער אינדוסטריע. איידער די מאַשין האָט זיך אַריינגעריסן אין דער אינדוסטריע און פֿולשטענדיק באַהערשט

אירע ארבעט־מעטאדן, זיינען די ארבעטער פון איין פאך אין באזונדערע שטעט ניט געווען אזוי שטארק אפהענגיק איינע פון די אנדערע. די ארבעט־באדינגונגען אין יעדער שטאט זיינען אנגעוויזן געווען אויף דער לאקאלער לאגע. ווען שניידער, צום ביישפיל, אין ניו יארק זיינען ארוים אין סטרייק, האבן זיי זיך פיל מער געגוויטיקט אין שטיצע פון די איבעריקע ארבעטער אין ניו יארק, ווי אין שטיצע פון די ברידער־שניידער אין שיקאגא. דער שניידער־מארק אין ניו יארק איז ניט באאיינפלוסט געווארן פון שיקאגא, און דאס זעלבע פארקערט. די ליניע פון ארגאניזאציע איז דעריבער געגאנגען לויט די באדערפענישן פון די ארבעטער: פריער ארגאניזירן דעם פאך, נאכדעם זיך אנשליסן צוזאמען מיט די ארבעטער פון די איבעריקע פאכן אין איין שטאטישער צענטראלער קערפערשאפט, וואס זאל קאארדינירן די אלגעמיינע טעטיקייט פון די יוניאנס, קומען צו הילף אין צייט פון א סטרייק, און דאס גלייכן. אזוי ווי די קאפיטאליסטן האבן קאנטראלירט די נאציאנאלע רעגירונג און זיינען אליין אויך געווען ארגאניזירט אויף א נאציאנאלן מאסשטאב, האבן די ארבעטער געמוזט אנווענדן אלע באמיאונגען צו שאפן א נאציאנאלע ארגאניזאציע פון אלע פאך־יוניאנס איידער זיי האבן באשאפן נאציאנאלע פאך־יוניאנס.

שפעטער, ווען מיט דער הילף פון די מאשינען און באן־פארקער איז די אינדוסטריע אריבער צו מאסן־פראדוקציע, איז באשאפן געווארן אן ענגע עקאנאמישע באציאונג צווישן די פארשיידענע שטעט. די ארבעטער האבן וואס ווייטער אלץ שטארקער דערפילט, אז צו באזיגן זייערע ארבעט־געבער ביי זיך אין שטאט מוזן זיי האבן די מיטארבעטערשאפט פון די ארבעטער פון זעלבן פאך אין די אנדערע שטעט. די שניידער־פראדוקציע אין ניו יארק, שיקאגא, באלטימאר און ראטשעסטער, צום ביישפיל, איז ענג פארקניפט צווישן זיך. אויב די שניידער אין ניו יארק זאלן געווינען א סטרייק, איז נויטיק אז די אנדערע קליידער־צענטרען זאלן ניט טאן קיין סקעב־ארבעט אדער ניט פארפלייצן דעם ניו יארקער מארק מיט זייערע קליידער. א נאציאנאלע יוניאן איז געווארן א נויטווענדיקייט.

די נאציאנאלע פאך־יוניאן הייבט זיך אן צו באווייזן אין 1863 און צען יאר שפעטער זיינען שוין פאראן 16 נאציאנאלע יוניאנס. א סך נייע לאקאלע יוניאנס זיינען אויך ארגאניזירט געווארן. אן ארטיקע ארבעטער־צייטונג האט אנגערעכנט 270 יוניאנס אין 1864, ווען מיט א יאר צוריק איז זייער צאל געווען 72.

עס איז שווער געגוי אפצושאצן ווי גרויס ס'איז געווען די צאל ארגאני־

זירטע ארבעטער. די טריביון האט אין 1869 אנגעגעבן 190,000 מיטגלידער אין יוניאנס. אן ארבעטער־פירער האט געהייבן די צאל ביז 600,000. א פארצווייגטע ארבעטער־פרעסע איז אנטשטאנען אין אלע אינדוסטריעלע שטעט.

די ערשטע פארבינדונג מיטן סאציאליסטישן אינטערנאציאנאל

די אמעריקאנישע ארבעטער־באוועגונג האט שוין דעמאלט געהערט פון דעם ערשטן סאציאליסטישן אינטערנאציאנאל. די אינטערנאציאנאלע יוניאן פון אייזן־גיסער, די שטארקסטע ארבעטער־ארגאניזאציע אין יענער צייט, איז געשטאנען אין רעגולערע פארבינדונגען מיטן אינטערנאציאנאל, דורך איר ענערגישן פרעזידענט וויליאם ה. סילוויס. די אייזן־גיסער יוניאן האט געפירט א סך מיליטאנטישע סטרייקס. אונטער סילוויס איינפלוס האט די נעשאנאל לייבאר יוניאן געשיקט שפעטער א דעלעגאט צום סאציאליסטישן קאנגרעס אין באזעל.

וויליאם ה. סילוויס האט נאך אויף דעם צוזאמענפאר פון זיין יוניאן אין פילאדעלפיע, אין 1859, געזאגט:

„רייכטום איז מאכט און די פראקטישע דערפארונג לערנט אונז, אז דאס איז א מאכט וואס ווערט צו אפט באנוצט צו אונטערדריקן און צו דערנידעריקן די ארבעטער. דאס קאפיטאל פון לאנד קאנצענטרירט זיך אלץ מער און מער אין די הענט פון איינצלנע פערזאנען. דורך דעם וואקסט אויך זיין מאכט אין דער צייט ווען די ארבעטנדיקע קלאסן ווערן אלץ מער פארארעמט. וואס פאר א פאזיציע פארנעמען מיר, די ארבעטער פון אמעריקע, אין דער געזעלשאפט? באקומען מיר פאר אונזער ארבעט גענוג צום לעבן, צו דערציען אונזערע קינדער? זיינען מיר דען ניט געצוואונגען צו בויגן זיך אויף די קני פאר די רייכע און שלעפן די קייטן אין וועלכע מען האט אונז איינגעשמידט?" (שליטער, דער אינטערנאציאנאל אין אמעריקע, זייט 5.)

סילוויס האט פארגעשלאגן א זעלבסטשטענדיקע ארבעטער פאליטישע (פארלאמענטארישע) אקציע.

ווען סילוויס איז געשטארבן יונגערהייט אין אויגוסט 1869, האט דער אויספיר־קאמיטעט פון סאציאליסטישן אינטערנאציאנאל אין לאנדאן געשריבן קיין אמעריקע:

„די אמעריקאנישע ארבעטער־באוועגונג איז ניט אפהענגיק פון קיין איינצלנעם מענטשן. פונדעסטוועגן איז אויך זיכער, אז דער פארלוסט אין דעם טויט פון סילוויס קען ניט פארגיטיקט ווערן. אלעמענס אויגן זיינען

אנגעשטעלט געווען אויף סילוויס, וועלכער, ווי א גענעראל פון דער פראלע-
טארישער ארמיי, האט פארמאגט צען יאר דערפארונג, אויסער זיין אייגענע
פיואיקייט.״

דער פארשלאג זיך אנצושליסן אין דעם אינטערנאציאנאל איז געמאכט געווארן אויף דעם צוזאמענפאר פון דער נעשאנאל לייבאר יוניאן אין 1867 פון דזשעסאפ, סעקרעטאר פון דער סטאליארעס יוניאן. דער צוזאמענפאר האט אבער ניט געוואלט קיין דירעקטע אנשליסונג. די געגנער האבן עס שטארק באקעמפט, דעריבער איז אנשטאט אנשליסונג אנגענומען געווארן א רעזאלוציע וואס דריקט אויס סימפאטיע מיט די ארבעטער אין אייראפע וואס קעמפן געגן שקלאפעריי און אונטערדריקונג. די רעזאלוציע פארשפרעכט מיטארבעטערשאפט און הילף.

„אזוי ווי די פארזוכן פון די ארבעטער-קלאסן אין אייראפע צו גע-
ווינען פאליטישע מאכט, צו פארבעסערן זייערע סאציאלע באדינגונגען און
צו באפרייען זיך פון דעם שקלאפעריי-יאך אונטער וועלכן זיי געפינען זיך,
איז א צופרידנשטעלנדיקער באווייז פון דעם פראגרעס פון גערעכטיקייט,
אויפקלערונג און ציוויליזאציע;

„דעריבער איז באשלאסן, אז דער צוזאמענפאר פון דער 'נעשאנאל
לייבאר יוניאן' דריקט אויס זיין סימפאטיע און זאגט צו זיין מיט-
ארבעטערשאפט מיט די ארבעטסלייט אין אייראפע אין זייער קאמף געגן
פאליטישער און סאציאלער אומגערעכטיקייט.״ (מ. הילקוויט, געשיכטע פון
סאציאליזם אין אמעריקע, זייט 188.)

צוויי יאר שפעטער, אין 1869, האט דער צוזאמענפאר באשלאסן צו שיקן א דעלעגאט צום קאנגרעס פון סאציאליסטישן אינטערנאציאנאל אין באזעל. א. ס. קאמעראן איז געווען דער ערשטער דעלעגאט. ער איז געווען רעדאקטאר פון א שיקאגער ארבעטער־זשורנאל.

א העכערן גראד פון קלאסנקאמף און אינטערנאציאנאלער פראלע־טארישער סאלידאריטעט האט די נעשאנאל לייבאר יוניאן געוויזן אין 1869, ווען מלחמה־וואלקנס זיינען געהאנגען געדיכט צווישן ענגלאנד און די פאר־אייניקטע שטאטן. דער אויספיר־קאמיטעט פון סאציאליסטישן אינטער־נאציאנאל האט זיך געווענדט מיט א בריוו צו דער יוניאן צו העלפן פארמיידן א קריג צווישן די צוויי לענדער. דעמאלט האט נאך געלעבט סילוויס. אין זיין ענטפער צום אינטערנאציאנאל אין לאנדאן שרייבט ער:

„אונזער זאך איז געמיינזאם פאר אונז אלעמען. דאס איז א מלחמה
צווישן ארעמקייט און רייכקייט. די מאכט פון געלט פרעסט אויף שנעל דאס
אינגעווייד פון פאלק. מיר האבן דערקלערט קריג געגן דעם און מיר זיינען

אנטשלאָסן צו געווינען. אויב עס איז מעגלעך, וועלן מיר געווינען מיט דעם וואַל-צעטל; אויב נים, וועלן מיר אָנווענדן שטרענגערע מיטלען. אַ קליינע בלוט-פאַרגיסונג איז אַמאָל נויטיק אין אַזעלכע פאַלן.״ (קאָמאָנס, געשיכטע פון אַרבעט, א. אַז. וו., צווייטער באַנד, זייט 132.)

סילוויסעס פריצייטיקער טויט (ער איז געשטאָרבן צו 41 יאָר) האָט געשטאַרקט די הענט פון די געגנער פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

צוליב דעם וואָס די רעגירונג האָט ארויסגעלאָזט אַ סך פאַפיר־געלט און האָט עס דערנאָכדעם געגומען פאַרבייטן מיט גאָלד, זיינען פרייזן ניט געווען שטאַנדהאַפטיק. דער יקרות אויף לעבנס־מיטלען איז אין 1866 געשטאַנען 70 פראָצענט העכער ווי אין 1860, אַרבעטער־פאַרדינסטן האָבן זיך געהויבן נאָר אויף 30 פראָצענט. די אַרבעטער האָבן זיך געפילט שטאַרק געקריוודעט. אין לאַנד איז אָנגעגאַנגען אַ שאַרפע דיסקוסיע פאַר פאַפיר־געלט און געגן. דער געדאַנק פון אַ נאַציאָנאַלער פאַראייניקונג פון אַלע יוניאָנס — נאַציאָנאַלע, שטאָטישע קערפּערשאַפטן און לאָקאַלע אָרגאַניזאַציעס — איז ווידער רייף געוואָרן. אַזאַ צוזאַמענפאָר איז פאָרגעקומען דעם 20סטן אויגוסט, 1866, אין באַלטימאָר, מערילאַנד. 77 דעלעגאַטן פון 50 יוניאָנס און 13 צענטראַלע קערפּערשאַפטן זיינען געווען פאַרטראָטן. עס זיינען אויך געווען פאַרטראָטן פאַרשיידענע גרופּעס פון ראַדיקאַלע אינטעלעקטואַלן און סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס. דער צוזאַמענפאָר האָט געגרינדעט די „נעשאָנאַל לייבאָר יוניאָן״ (נאַציאָנאַלע אַרבעטער־יוניאָן), אַ לויזע פעדעראַציע פון עקזיסטירנדיקע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס פון אַלע ריכטונגען און מיינונגען.

די נעשאָנאַל לייבאָר יוניאָן איז געווען אַ טרייער שפּיגל פון דעם גייסטיקן צושטאַנד פון אַרבעטער־קלאַס אין יענער צייט. די באַגערן און שטימונגען צווישן די אַרבעטער האָבן געפונען אויסדרוק אין די רעזאָלוציעס, וואָס האָבן אַרומגעכאַפּט די וויכטיקסטע פּראָבלעמען וועלכע זיינען געשטאַנען פאַר דעם אַרבעטער־קלאַס. גלייכצייטיק האָבן די רעזאָלוציעס אויסגעדריקט די שוואַכקייטן פון דער אַרבעטער־באַוועגונג און איר אומפייאיקייט אַרומצופאַסן אַלזייטיק די פונדאַמענטאַלע פונקטן פון קלאַסנקאַמף.

אַ רעזאָלוציע צו העלפן אָרגאַניזירן ניט־קוואַליפיצירטע אַרבעטער

די נעשאָנאַל לייבאָר יוניאָן האָט אויף איר ערשטן צוזאַמענפאָר געמאַכט אַ טריט צו פאַרבינדן די ניט־קוואַליפיצירטע אַרבעטער מיט די קוואַליפיצירטע. די רעזאָלוציע פון דעם צוזאַמענפאָר, וואָס פאָדערט אויף די ניט־

קוואליפיצירטע ארבעטער זיך צו ארגאניזירן און זיך אנצושליסן אין דער נעשאנאל לייבאר יוניאן האט געמיינט אנצוהייבן לייגן א בריק איבער א טיפן אפגרונט וואס האט אפגעטיילט ביידע שיכטן ארבעטער. דער אומגליק איז אבער געווען, וואס די פירער פון דער נעשאנאל לייבאר יוניאן האבן ניט פארשטאנען די לעבנס-נויטווענדיקייט פון א שטענדיקער ארגאניזאציע. זיי האבן זיך באנוגנט מיט א לויזער ארגאניזאציע, וועמענס איינציקע פארבינדונג מיט אירע אנגעשלאסענע יוניאנס איז איין מאל א יאר א צוזאמענפאר. צווישן די צוזאמענפארן עקזיסטירט ניט קיין ארגאניזאציע. אזא פאטאלער טעות האט געקאסט די עקזיסטענץ פון דער נעשאנאל לייבאר יוניאן אליין און האט צונישט געמאכט די רעזאלוציע צו ארגאניזירן די ניט־ארגאניזירטע, ניט־קוואליפיצירטע ארבעטער.

אויפן ערשטן צוזאמענפאר איז פארגעקומען א קאמף צווישן די אנהענגער פון זעלבסטשטענדיקער פאליטישער ארבעטער־אקציע און די וועלכע האבן איינגעהאלטן די ארבעטער ביים וואגן פון די קאפיטאליסטישע פארטייען. נאך א שטורמישער דיסקוסיע האבן געזיגט די ערשטע. די רעזאלוציע אנגענומען אויפן צוזאמענפאר לייענט זיך:

„די געשיכטע און די געזעצגעבונג פון דער פארגאנגענהייט דעמאנסטרירן, אז פאר קיין פאל קען מען ניט טרויען די פארשפרעכונגען, וואס די עקזיסטירנדיקע פאליטישע פארטייען מאכן די אינדוסטריעלע קלאסן. די צייט איז געקומען, ווען די ארבעטסלייט פון די פאראייניקטע שטאטן דארפן זיך אפרייסן פון די פארטיי-פארבינדונגען און אנגעהעריקייטן און זיך ארגאניזירן אין א נאציאנאלער ארבעטער-פארטיי, וועמענס צוועק זאל זיין דורכצופירן א געזעץ פאר דעם אכט-שטונדיקן ארבעט-טאג און די דערוויילונג פון מענטשן וועלכע וועלן פארטרעטן די אינטערעסן פון די ארבעטנדיקע קלאסן."

כאטש די רעזאלוציע איז ווייט פון א ראדיקאלן כאראקטער, דינט זי אבער ווי א באראמעטער, וואס גיט א באגריף פון דער ביטערער אנטוישונג וואס די ארגאניזירטע ארבעטער האבן געפילט אין די צוויי קאפיטאליסטישע פארטייען.

די געגנער פון פאליטישער אקציע האבן געשראקן מיט א שפאלטונג. נאך לענגערע אונטערהאנדלונגען איז די רעזאלוציע אפגעשוואכט געווארן. דער פרינציפ פון א פאליטישער ארבעטער־פארטיי איז געבליבן. אזוי ווי די נאציאנאלע ארבעטער־יוניאן האט ניט פארמאגט קיין שטענדיקע ארגאניזאציע, איז די רעזאלוציע צו גרינדן אן ארבעטער־פארטיי געבליבן אויף פאפיר, ווי די איבעריקע רעזאלוציעס.

## נעגער־פּראָבלעם צום ערשטן מאָל פאַרהאַנדלט

אויף דעם צוזאַמענפאָר פון דער נעשאָנאַל ליבאָר יוניאָן אין 1869 איז דיסקוטירט געוואָרן די נעגער־פראַגע. א נעגער־דעלעגאַט האָט זיך באַטייליקט אין די זיצונגען. דער צוזאַמענפאָר האָט אָנגענומען א גע־זונטע פּראָלעטאַרישע שטעלונג. א קאָמיטעט איז אויסגעקליבן געוואָרן צו טאָן אָרגאַניזאַציע־אַרבעט צווישן נעגער־אַרבעטער. עס איז אויך באַ־שלאָסן געוואָרן איינצולאַדן די עקזיסטירנדיקע נעגער־אָרגאַניזאַציעס זיך אָנ־צושליסן אין דער יוניאָן. אָבער אויך פון דער גוטער רעזאָלוציע האָט זיך גאָרניט אויסגעלאָזט. די קאַמפּאַניע פון ראַסן־פּאַראורטייל און נאַציאָנאַלער העצע, וואָס די בורזשואַזיע האָט נאָכאַנאַנד געטריבן, האָט געלאָזט וואָרצלען צווישן טיילן פון אַרבעטער־קלאַס. די בורזשואַזיע האָט אויך געשפּילט אויף די ענגהאַרציקע געפילן פון די ווייסע קוואַליפיצירטע אַרבעטער, וועלכע האָבן זיך געשראָקן פאַר דער מעגלעכער קאָנקורענץ פון די ניט־קוואַליפיצירטע שוואַרצע אַרבעטער. די אויסוואַנדערונג פון די דרום־שטאַטן צו די אינ־דוסטריעלע צענטרען האָט זיך אָנגעהייבן. גרעסערע צאָלן נעגערשע האַרע־פּאַשניקעס האָבן זיך באַוויזן אין די שטעט און אויסגעבילדט שוואַרצע געטאָס, פון וואַנען די קאַפּיטאַליסטן האָבן רעקרוטירט אַרבעט־הענט פאַר די שווערסטע באַשעפטיקונגען און פאַר מיזעראַבעלע שכירות. דאָס האָט פאַרשטאַרקט דעם אַנטאַגאָניזם פון די ווייסע אַרבעטער געגן די אַריבער־געקומענע שוואַרצע.

די לאַגע פון די שוואַרצע אין דרום־לאַנד איז געווען א שרעקלעכע. זיי זיינען באַפרייט געוואָרן פון ווייסן האַר, אָבער גלייכצייטיק זיינען זיי אויך „באַפרייט" געוואָרן פון אַרבעט און אַזעלכע קליינינקייטן ווי א דאַך איבערן קאָפּ און שפּייז פאַרן מאָגן. פריער פון אַלעמען און מער פון אַלעמען האָבן די שוואַרצע באַצאָלט פאַר דער באַרימטער „איבערבויאונג" פון דעם אינדוסטריעל־אָפּגעשטאַנענעם דרום.

די געוועזענע שקלאַפן האָבן זיך געמוזט פאַרדינגען צום פריערדיקן האַר פאַר וויפיל לוין דער האַר האָט געוואָלט זיי צאָלן. אַרבעטן פאַר א הונגער־לוין אויף די פּלאַנטאַציעס אָדער דינגען פון ווייסן א קליין שטיקל לאַנד און זיך טיילן מיט אים העלפט אויף העלפט מיט דער באַוול־גערעטע־ניש — דאָס איז געוואָרן די עקאָנאָמישע פּאָזיציע פון די נעגער־מאַסן נאָך זייער באַפרייאונג. פּאָליטיש זיינען זיי פאַרבליבן רעכטלאָז און אונטערדריקט. די גלייכע רעכט זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א לײדיק שטיקל פּאַפּיר.

די נעגערס וואָס האָבן פּרובירט זיך ראַטעווען פון הונגער און אונטערדריקונג אין דעם דיקסי־לאַנד זיינען אריינגעפאַלן אין אַ שרעקלעכער עקאָנאָמישער עקספּלואַטאַציע אין די צפון־ און מערב־שטאַטן. זייער מאַטעריעלע שטופע איז געווען אַ סך נידעריקער פון דער שטופע פון די אָרעמסטע אימיגראַנטן. נאָר די מעקסיקאַנער ארבעטער, וואָס זיינען שפּעטער אימפּאָרטירט געוואָרן אין די שטאַטן פון וויטן מערב (קאַליפאָרניע, ניו מעקסיקאָ, אריזאָנא, א. אז. וו.), האָבן זיך געקענט פאַרגלייכן אין עלנט און אָרעמקייט מיט די געבוירענע שווארצע איינוואוינער פון די פאַראייניקטע שטאַטן.

די זעלבע רעאַקציאָנערע ארבעטער־פירער וואָס האָבן געהעצט די געבוירענע אַמעריקאַנישע ארבעטער געגן די פרעמד־געבוירענע ארבעטער, האָבן געהאָלפן זייען די פּלאַנצונגען פון נאַציאָנאַלן און ראַסן־שאָוויניזם געגן די שווארצע ארבעטער. די פירער פון די פאַך־יוניאָנס און שפּעטער די פירערשאַפט פון דער גאַנצער א. פ. אָוו ל. האָט געשטערט די נעגער־ארבעטער זיך צו אָרגאַניזירן. דאָרטן וואו די נעגער־ארבעטער האָבן זיך דאָך אָרגאַניזירט ניט קוקנדיק אויף די שטערונגען, זיינען זיי געהאַלטן געוואָרן באַזונדער פון די אָרגאַניזירטע ווייסע ארבעטער.

די שוואַכקייטן פון דער נעשאָנאַל לייבאָר יוניאָן האָבן געפירט צו איר אונטערגאַנג. די אָפּוועזנהייט פון אַ שטענדיקער אָרגאַניזאַציע, די ניט־ריכטיקע שטעלונג צו דער פאַרשפּרייטער סטרייק־כוואַליע וואָס האָט ארומגעכאַפּט אַ סך אינדוסטריעס, האָבן געפירט דערצו, אַז די גרויסע יוניאָנס האָבן גענומען ארויסטרעטן פון דער יוניאָן. אַ נאַציאָנאַלע קערפּערשאַפט וואָס האָט ניט קיין דירעקטע און פּאָזיטיוו־גינסטיקע באַציאונג צו די סטרייקס איז געווען נוצלאָז. און סטרייקס זיינען דעמאָלט געווען גרויסע און ביטערע.

### דער געבורט פון דער באַוועגונג פאַרן 8־שטונדיקן ארבעט־טאָג

זייער ווייניק ארבעטער ווייסן, אַז די באַוועגונג פאַר דעם 8־שטונדיקן ארבעט־טאָג, וואָס האָט איבערגעלאָזט אַזויפיל טיפע שפּורן אין דעם ארבעטער־קלאַס, ציט איר אָנהייב נאָך פון דעם סוף פון בירגער־קריג. אַ מיליאָן סאָלדאַטן זיינען דעמאָביליזירט געוואָרן, די מלחמה־אינדוסטריעס האָבן זיך צוגעשלאָסן. דאָס האָט געשאַפן אַן ערנסטע און אָנגעווייטיקטע ארבעטלאָזיקייט־פּראָבלעם. די אַנטוויקלונג פון אינדוסטריע האָט פון אָנהייב ניט

באוויזן אריינציען די דעמאָביליזירטע סאָלדאַטן אין די נייע פאַבריקן. דער געדאַנק פון דעם אַכט־שטונדיקן אַרבעט־טאָג איז דעריבער באַטראַכט געוואָרן הויפּטזאַכלעך ווי אַ מיטל צו שאַפן אַרבעט פאַר די אַרבעטלאָזע. דער ערשטער צוזאַמענפאָר פון דער נעשאָנאַל לייבאָר יוניאָן האָט אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, וואָס פאָדערט די איינפירונג פון דעם אַכט־שטונדיקן אַרבעט־טאָג. אויסער דעם זיינען ספּעציעלע אָרגאַניזאַציעס פאַר די אַכט שטונדן געגרינדעט געוואָרן פון איירא סטוארט, אַ מאַשיניסט פון באָסטאָן. סטוארט האָט באַשאַפן אַן אייגענע טעאָריע וועגן די פאַקטאָרן וואָס באַשטימען לוין און אַרבעט־באַדינגונגען. פון זיין טעאָריע האָט ער געדרונגען, אַז די איינפירונג פון דעם אַכט־שטונדיקן אַרבעט־טאָג וועט זיין מער ווי אַ שטאַרקע פאַרקירצונג פון דעם אַרבעט־טאָג, נאָר עס וועט גלייכצייטיק צווינגען די אַרבעטגעבער צו העכערן דעם לוין.

סטוארטן איז געלונגען צו שאַפן אַ היפּשע באַוועגונג אַרום זיין קאַמפּאַניע. אַרום 80 ליגעס פאַר דעם אַכט־שטונדיקן אַרבעט־טאָג זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן. די ליגעס זיינען געווען געהיימע אָרגאַניזאַציעס אויפן שטייגער פון די בירגערלעכע פּראָטערנאַלע אָרגאַניזאַציעס. די ליגעס צוזאַמען מיט דער נעשאָנאַל לייבאָר יוניאָן האָבן קאָנצענטרירט זייער קאַמפּאַניע אויף דער איינפירונג פון דעם אַכט־שטונדיקן אַרבעט־טאָג פאַר מלוכה־אַרבעטער און אָנגעשטעלטע. זיי האָבן געהאָפט, ערשטנס, אַז דאָס וועט זיך זיי שנעלער איינגעבן דורך אַ פּאָליטישן דרוק אויפן קאָנגרעס אין וואַשינגטאָן, און צווייטנס, אַז די קאַפּיטאַליסטן וועלן מוזן נאָכטאָן דעם ביישפּיל פון דער פעדעראַלער רעגירונג. נאָכדעם ווי די מלוכה־אַרבעטער און אָנגעשטעלטע וועלן אַרבעטן נאָר אַכט שטונדן, וועט שוין גרינגער זיין פאַר די אַרבעטער אין די פּריוואַטע אינדוסטריעס זיך צו דערשלאָגן די זעלבע שטונדן.

די אָנטווישונג פון די אַרבעטער אין דער ווירקונג פון געזעץ

אין מערץ 1866 איז דער ערשטער געזעץ־פּראָיעקט פאַר אַכט אַרבעט־שטונדן אַ טאָג אין מלוכה־אונטערנעמונגען אַריינגעטראָגן געוואָרן אין קאָנגרעס. זומער איז אַ דעלעגאַציע פון דער נעשאָנאַל לייבאָר יוניאָן געקומען אין ווייסן הויז און געפאָדערט פון פּרעזידענט ענדריו דזשאָנסאָן, אַז ער זאָל שטיצן דעם געזעץ־פּראָיעקט. דזשאָנסאָן האָט זיך באַנוגנט מיט אַרבעטער־פריינטלעכע פראַזן. ענדלעך איז דער געזעץ־פּראָיעקט אָנגענומען געוואָרן, יוני 1868, און איז באַלד אַריין אין קראַפט.

דער יובל פון די ארבעטער איז אבער געווען פריציייטיק. דאס געזעץ איז פארמולירט געווען אין א לויזער פארמע און די הויכע באאמטע האבן געקראגן די מעגלעכקייט צו געבן אים זייערע אייגענע אויסטייטשונגען. אויס־געלאזט האט זיך, אז מען האט די מלוכה־ארבעטער געשניטן דעם לוין אין איינקלאנג מיט די געשניטענע שטונדן. דער שניט אין לוין פאר די שיף־בוי ארבעטער האט באטראפן 20 פראצענט. עס האט גענומען פיר יאר פון פראטעסטן ביז וואנען דער קאנגרעס האט אין מאי 1872 באשלאסן, אז דער שניט אין שטונדן ווערט ניט באגלייט פון א שניט אין לוין.

דאס איז נאך ניט אלץ. די רעגירונג האט אויסגעטייטשט, אז דאס געזעץ איז גילטיק נאר אין די אונטערנעמונגען וואס זי באטרייבט דירעקט. דארטן וואו די רעגירונג גיט ארויס די ארבעט צו קאנטראקטארס פארבלייבט דער אלטער, לאנגער ארבעט־טאג. דער רעזולטאט איז געווען, אז דער פלאטן־מיניסטעריום און אנדערע רעגירונג־אינסטיטוציעס האבן אלץ מער גענומען ארויסגעבן זייערע ארבעטן צו פריוואטע אונטערנעמער און אזוי ארום אויסגעמיטן דעם אכט־שטונדן געזעץ. ערשט אין פערציק יאר ארום האט דער קאנגרעס אויסגעשפרייט דעם געזעץ אויף פריוואטע אונטערנעמער וואס טוען רעגירונג־ארבעט.

נאך א גרעסערע אנטוישונג איז געווען די דערוואַרטונג, אז די איינ־פירונג פון די אכט ארבעט־שטונדן וועט דינען פאר א מעכטיקן אימפולס פאר אלע ארבעטער און וועט אפשוואכן דעם ווידערשטאנד פון די קאפיטא־ליסטן. סטוארט און די פירער פון דער נעשאנאל לייבאר יוניאן האבן גע־מאכט א חשבון אן דעם באלעבאס. פאר די ארבעטער איז דאס טאקע געווען אן אימפולס. א סך סטרייקס זיינען אנגעפירט געווארן פאר דער איינ־פירונג פון די אכט שטונדן, צווישן זיי סטרייקס אין סאן־פראנציסקא, פילא־דעלפיע, וואוסטער (מאסאטשוזעטס), און אנדערע. די מערסטע סטרייקס זיינען פארלארן געגאנגען. די קאפיטאליסטן האבן זיך ניט געוואלט פארקוקן אויף דער פעדעראלער רעגירונג. אנשטאט דעם האבן זיי ארגאניזירט מעכטיקע פארבאנדן איבערן לאנד, וואס האבן ביטער באקעמפט די סטרייקס. נאר די בוי־ארבעטער אין ניו יארק, הונדערט טויזנט אין צאל, האבן גע־וואונען זייער קאמף פאר אכט שטונדן. דער סטרייק האט אנגעהאלטן דריי מאנאטן, איז גוט צוגעגרייט און גוט אנגעפירט געווארן. אלע פאכן פון דער בוי־אינדוסטריע — מוליערס, סטאליארעס, וואסער־לייטער, פלאסטערער און אנדערע ארבעטער האבן געוואונען די אכט שטונדן. דער גרויסער און וויכטיקער געווינס האט אבער לאנג ניט אנגעהאלטן. א יאר נאכדעם ווי

קאָנגרעס האָט קלאָר געמאַכט דעם אַכט־שטונדן געזעץ איז אויסגעבראָכן דער פערטער און דער שווערסטער קריזיס פון אַמעריקאַנישן קאַפּיטאַליזם (דער שווערסטער אין 19טן יאָרהונדערט). ניט נאָר איז געטויטעט געוואָרן די יונגע באַוועגונג פאַר די אַכט שטונדן, נאָר אַלע בליענדיקע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס האָבן געמוזט שווער זיך ראַנגלען פאַר זייער עקזיסטענץ. די קאַפּיטאַליסטן, ווי אַלע מאָל, האָבן זיך באַנוצט מיט דער גרויסער אַרבעט־לאָזיקייט און דעם פאַרשפּרייטן הונגער צו אַטאַקירן די אַרבעט־באַדינגונגען פון דעם אַרבעטער־קלאַס און באַרויבן אים פון זיינע געווינסן.

אָבער די באַוועגונג פאַר דעם אַכט־שטונדיקן אַרבעט־טאָג איז לאַנג ניט געווען טויט. זי שטייט אויף אין מיטן פון די אַכציקער יאָרן און שטורעמט אויף דעם גאַנצן אַרבעטער־קלאַס און דאָס גאַנצע לאַנד. איר העכסטער אויסדרוק איז געווען דער גענעראַל־סטרייק, אין מאַי 1886, וואָס האָט זיך געענדיקט מיט די העימאַרקעט־מאַרטירער.

### מאַרקס וועגן דער פאָדערונג פון אַכט־שטונדיקן אַרבעט־טאָג

די באַוועגונג פאַר דער איינפירונג פון דעם אַכט־שטונדיקן אַרבעט־טאָג אין די זיבעציקער יאָרן איז געווען פון גרויס באַדייטונג פאַר דער ווייטער־דיקער אויפוואַכונג פון אַרבעטער־קלאַס. די באַוועגונג אין די פאַראייניקטע שטאַטן איז צונויפגעפאַלן — ניט דורך קיין צופאַל — מיט דער זעלבער באַוועגונג וואָס דער ערשטער אינטערנאַציאָנאַל האָט אָנגעהויבן אין אייראָפּע.

אויף דעם ערשטן קאָנגרעס פון אינטערנאַציאָנאַל, 1866, אין זשענעווע האָבן די פּרודאָניסטן (אָנהענגער פון פראַנצויזישן אַנאַרכיסט פּרודאָן) באַ־קעמפט די רעקאָמענדאַציע פון גענעראַל קאָונסיל אָנצוהויבן אַ קאַמף פאַר דעם אַכט־שטונדיקן אַרבעט־טאָג. די פּרודאָניסטן זיינען דורכגעפאַלן.

מאַרקס האָט באַטראַכט די פאָדערונג אַזוי וויכטיק אַז ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף איר אין דעם ערשטן באַנד קאַפּיטאַל, וואָס איז אַרויס פון דרוק אַ יאָר שפּעטער. מאַרקס שרייבט וועגן דער רעזאָלוציע וואָס די נעשאַ־נאַל לייבאָר יוניאָן האָט אָנגענומען פאַר די אַכט אַרבעט־שטונדן:

„אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע איז יעדע אומאָפּהענגיקע אַקציע פון די אַרבעטער פּאַראַליזירט געוואָרן אַזוי לאַנג ווי שקלאַפערייַ האָט פאַרקריפּלט אַ טייל פון לאַנד. די אַרבעטער אין ווייסער הויט קענען זיך ניט באַפרייען אַזוי לאַנג ווי די אַרבעטער אין שוואַרצער הויט זיינען געשטעמפּלט. אָבער פון טויט פון שקלאַפערייַ איז אַ נייַ לעבן באַלד געבוירן געוואָרן. די ערשטע פרוכט פון בירגער־קריג איז די אַגיטאַציע

פאַר דעם אַכט-שטונדיקן אַרבעט-טאָג וואָס פאַרשפּרייט זיך מיט די שועלע טריט פון אַ לאָקאָמאָטיוו פון אַטלאַנטישן ביז דעם פּאַסיפישן אָקעאַן, פון ניו ענגלאַנד ביז קאַליפאָרניע.

„דער צוזאַמענפאָר פון דער נעשאָנאַל לייבאָר יוניאָן אין באַלטימאָר, אויגוסט 16, 1866, האָט דערקלערט: ’די ערשטע און גרעסטע נויטווענדיקייט אין איצטיקן מאָמענט צו באַפרייען די אַרבעטער אין דעם לאַנד פון קאַפּיטאַליסטישער שקלאַפעריי, איז דורכצופירן אַ געזעץ אַז אַכט שטונדן איז דער נאָרמאַלער אַרבעט-טאָג אין אַלע שטאַטן פון דער יוניאָן. מיר זיינען אַנטשלאָסן אָנצושטרענגען אַלע כוחות ביז וואַנען דער גלאָררייכער ציל איז דערגרייכט.’

„אין דער זעלבער צייט האָט דער קאָנגרעס פון דער אינטערנעשאָנאַל וואָרקינגמענס אַסאָסיאיישאָן אין זשענעווע, אויף דעם פאָרשלאָג פון לאָנדאָנער גענעראַל קאונסיל, באַשלאָסן אַז ’די באַשרענקונג פון דעם אַרבעט-טאָג איז אַ פאָרבאַדינג אָן וועלכער אַלע ווייטערע פּרוּווכן פון פאַרבעסערונגען און באַפרייאונג מוזן זיין פאַראורטיילט.’ . . . דער קאָנגרעס שלאָגט פאָר אַכט שטונדן ווי די געזעצלעכע באַשרענקונג פון אַרבעט-טאָג.” (מאַרקס, קאַפּיטאַל, באַנד 1, קאַפּיטל 10, אָפּטיילונג 7.)

מאַרקסעס אָפּשאַצונג איז פולשטענדיק באַרעכטיקט געוואָרן אין דעם גרויסן אויפברויז וואָס האָט אַרומגענומען די גרעסטע טיילן פון אַמעריקאַנישן אַרבעטער־קלאַס 20 יאָר שפּעטער.

## די „גרינבעקס"־באַוועגונג און די אַרבעטער

נאָך סילוויסעס טויט און אונטער אַ פירערשאַפט פון רעפאָרמיסטן האָט די נעשאָנאַל לייבאָר יוניאָן זיך אַריינגעלאָזט אין דעם באַוואוסטן „גרינבעקס”־קאַמף, וואָס האָט דעמאָלט געפלאַקערט צווישן די פאַרשיידענע בירגערלעכע גרופּעס. דאָס האָט פאַרשנעלערט איר אונטערגאַנג. די טעאָריע פון די „גרינבעקס” (פּאַפּיר־געלט)־אָנהענגער דערמאָנט עטוואָס אָן דער טעאָריע פון געוויסע מיטגלידער פון רוזוועלטס „מאַרך־טראַסט”, וועלכע האָבן אין 1933 און 1934 געפּרייזט רעגירונג־הלוואות צו פּריוואַטע אינדוסטריעס ווי אַ שטאַרק מיטל „אויסצושפּרייטן קרעדיט”. לויט זייער טעאָריע איז אויסגעקומען, אַז דער גאַנצער אומגליק מיטן קריזיס איז וואָס קרעדיט איז „פאַרפרוירן”, ניטאָ קיין פרייער קאַפּיטאַל פאַר אומזאָץ אָדער די באַנקען ווילן דעם קאַפּיטאַל ניט אַרויסלאָזן פון זייערע שטאָלענע קאַסעס. דאַרף די רעגירונג דעריבער אַליין פּאָמפּען געלט די קאַפּיטאַליסטן, וועלן זיי לאָזן אין גאַנג די רעדער פון די אינדוסטריעס. קאָנגרעס האָט טאַקע אָנ־

גענומען די טעאָריע און פּריוואַטע אינדוסטריאַליסטן האָבן געליען שווערע מיליאָנען דאָלאַר פאַר אַ ריי אונטערנעמונגען, אָבער די הלוואות האָבן ניט געקענט פאַרגרעסערן די פּראָדוקציע, ווייל די קויף־קראַפט פון דער אַרבעטער־באַפעלקערונג איז ניט געהויבן געוואָרן און פאַר געוויסע גרופּעס אַפילו פאַרקלענערט געוואָרן.

דער „גרינבעקיזם" איז געגאַנגען אַ שריט ווייטער פון רוזוועלטס פּראָפעסאָרישע פינאַנץ־עקספּערטן אין 1934. די „גרינבעקס" האָבן געזען אַן אויסגאַנג פון די שווערע צייטן, אַרבעטלאָזיקייט אין שטאָט, חובות־פאַרזינקעניש אין דאָרף, אין אַ פאַרוויקלטן פּלאַן, אַז די רעגירונג זאָל שניידן די הויכע פּראָצענטן וואָס זי צאָלט אויף די הלוואות געבאָרגט אין די בירגער־קריג יאָרן און מיט דער הילף פון אינפלאַציע זען אַז די באָנדס זאָלן באַנוצט ווערן צו שאַפן אַרבעט. צוליב דעם נידעריקן פּראָצענט וועלן די רייכע באָנד־האַלטער אויספאַרקויפן זייערע באָנדס פאַרן נייעם פּאַפּיר־געלט. די פּראָפיטן וואָס די רעגירונג וועט דורכדעם מאַכן וועט זי אַוועקגעבן צו אַרבעטער־ און פאַרמער־קאָאָפּעראַטיוון און אָרגאַניזאַציעס פאַר זייערע אונטערנעמונגען און געשעפטן.

דער „גרינבעקיזם" האָט אַריינגעצויגן אין זיינע רייען אַ סך אַרבעטער־פירער, וועלכע זיינען געגאַנגען אויף דער ליניע פון קלענסטן ווידערשטאַנד און האָבן געזוכט דורך פּאָליטישע רעפאָרמעס אין קאָמבינאַציעס מיט אַנדערע טיילן פון דער באַפעלקערונג אָפּצושוואַכן די קאַפּיטאַליסטישע הערשאַפט. די רעפאָרמיסטן האָבן ניט געהאַלטן פון סטרייקס ווי אַ וואָפן אין די הענט פון די אַרבעטער. עס האָט גענומען צייט ביז וואַנען די אַרבעטער האָבן דערזען דעם אומזין פון דעם גאַנצן פּלאַן. דער קריזיס פון 1873 האָט געהאָלפן זייער אויסניכטערונג פון די פאַרשיידענע פינאַנץ־רפואות.

### דער צווייטער פּעריאָד פון דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג

פאַרלאָרענע סטרייקס האָבן אַלעמאָל געטריבן די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס צו זוכן אַנדערע מיטלען אויסער סטרייקס אָפּצושוואַכן דעם דרוק פון קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע אָדער זי אויסצומיידן אינגאַנצן. דער דירעקטער שטופּ צו פּראָדוציר־קאָאָפּעראַטיוון איז געווען די ציטווייליקע אוממעגלעכקייט צו געווינען די עקאָנאָמישע פאָדערונגען אויפן דירעקטן וועג פון עקאָנאָמישן קאַמף. אין אַזעלכע פאַלן האָבן זיך די אַרבעטער געוואָרפן צו פּאָליטישער אַקציע און צו קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען. דער

שטייגנדיקער יקרות, ווידער, האט געשטויסן די ארבעטער זיך צו ארגאניזירן אויסצומיידן דעם מיטל־מאן, דעם פארקויפער און פארטיילער. די גוואלדיק־הויכע פרייזן אין מיטן בירגער־קריג האבן ווידער ארויסגערוקט די נויט־ווענדיקייט פון קאנסום־קאאפעראטיוון, וואס זיינען אומגעקומען ביים אויס־ברוך פון בירגער־קריג.

טאמאס פיליפס, א שוסטער פון ענגלאנד און אן ענטוזיאסטישער אנ־הענגער פון די ענגלישע ראשדייל קאנסום־קאאפעראטיוון, האט זיין באַ־גייסטערונג פארקערפערט אין דער „יוניאן קאאפעריייטיוו אסאסיאיישאן" אין פילאדעלפיע, אין 1862. דער פרינציפ און די מעטאדן פון די ענגלישע קאאפעראטיוון זיינען אנגענומען געווארן. פיר יאר שפעטער האט די באַ־וועגונג זיך שטארק צעוואקסן. יעדע גרעסערע שטאט פון באסטאן ביז סאן־פראנציסקא האט געהאט אן ארבעטער־קאאפעראטיוו. די עקאנאמישע לאגע אין לאנד איז אבער ניט געווען גינסטיק פאר די קאאפעראטיוון. 1866 איז געווען אינמיטן פון א ביזנעס־דעפרעסיע און די קאנסום־קאאפעראטיוון זיינען ארייינגעפאלן אין נעץ פון די אלגעמיינע באנקראטן.

דעם זעלבן שיקזאל, כאטש אין אן אנדער פארמע, האבן געליטן די פראדוציר־קאאפעראטיוון, וועלכע האבן זיך צעוואקסן צווישן 1866 און 1869. די וויכטיקסטע יוניאנס מיט קאאפעראטיווע געשעפטן זיינען געווען די בעקער־ארבעטער, קוילן־גרעבער, מאשיניסטן און שמידן, אייזן־גיסער, שיף־בוי סטאליארעס, גלאז־ארבעטער, אייזן־ארבעטער, הוט־ארבע־טער, נייטארינס, שמעלץ־אויוון ארבעטער און נאך. דער גרעסטער פרא־דוציר־קאאפעראטיוו איז געווען פון אייזן־גיסער. סוף 1869 האט די אינטער־נאציאנאלע אייזן־גיסער יוניאן געהאט א סך שמעלץ־קאאפעראטיוון, הויפט־זאכלעך אין ניו יארק און פילאדעלפיע. די יוניאן האט אויך געהאט קאַ־אפעראטיווע ווארשטאטן אין שיקאגא, ראטשעסטער, טראי, אלבאני, סאמער־סעט, פיטסבורג, קליוולאנד, קווינסי און אפילו אין לואיסוויל, קענטאקי.

## קאאפעראטיוו א פינאנציעלער דורכפאל און א פאליטישער דורכפאל

דער ערשטער קאאפעראטיוו, געגרינדעט אין טראי, נ. י., איז געווען א פינאנציעלער דורכפאל און די אנהענגער פון קאאפעראטיוו זיינען געווען באגייסטערט און פול מיט האפענונג, אז זיי האבן געפונען דעם וועג אויף וועלכן דער ארבעטער־קלאס וועט פטור ווערן פון די קייטן פון קאפיטאליזם. די סאן, דעמאלט א ליבעראלע צייטונג, האט באגריסט די אייזן־גיסער פון

טראַי און דערקלערט, אַז סילוויסן איז געלונגען צו צעקלאַפּן די פּלענער פון די אויוון־פאַבריקאַנטן מיט זיין ערשטן קאָאָפּעראַטיוון שאַפּ.

נאָך די אייזן־גיסער זיינען געקומען די מאַשיניסטן. ניט פון דער יוניאָן, נאָר פון איינצלנע גרופּעס אַרבעטער איז געקומען די איניציאַטיווע. אַ סך מאַשין־שעפּער זיינען געעפנט געוואָרן. איניקע האָבן פון אָנהייב געהאַט אַ פינאַנציעלן דערפאָלג און דער דערפאָלג טאַקע האָט געהאָלפן אָפּצואווישן זיי ווי קאָאָפּעראַטיווע אינסטיטוציעס.

ווי ברייט די נעץ פון קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען זאָל ניט זיין, איז אָבער איר איינפלוס אויף אַרבעטלאָזיקייט נאָענט צו אַ נול. די פּראָדוציר־קאָאָפּעראַטיוון האָבן ניט באַוויזן — ווייל זיי האָבן ניט געקענט — צו באַשעפטיקן אַלע אַרבעטלאָזע אָדער אַלע די וועלכע זיינען אַרויסגעפאַלן פון פּראָדוקציע צוליב פאַרלוירענע סטרייקס. זיי זיינען געווען צו־קליינע אונטערנעמונגען. יעדער מיטגליד האָט באַדאַרפט אַריינלייגן וויניקסטנס הונדערט דאָלאַר אין אַן אַקציע. די קאָאָפּעראַטיוון האָבן אפילו ניט באַוויזן צו ווירקן אויף דעם אַרבעט־מאַרק. פון דער אַנדערער זייט, דאָרטן וואו זיי זיינען געווען פינאַנציעל דערפאָלגרייך, האָט זיך צעוואַקסן די קאַפּיטאַליסטישע זשעדנעקייט ביי זייערע מיטגלידער. זיי האָבן גענומען דורשטן נאָך אַלץ גרעסערע פּראָפיטן. די שעפּער האָט מען באַדאַרפט פאַר־גרעסערן, דאָס מיינט אַריינלייגן נייע קאַפּיטאַלן. די וועלכע האָבן געהאַט געלט־מיטלען האָבן אַרויסגעשטויסן די וועלכע האָבן די געלט־מיטלען ניט געהאַט. אויף הלוואות פון באַנקען האָט מען געמוזט צאָלן פּראָצענטן. אַרבעטער זיינען אַריינגענומען געוואָרן שוין ניט ווי קאָאָפּעראַטאָרן נאָר ווי געדונגענע. אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן דער פאַנאַנדערפאַלונג־פּראָצעס פון די קאָאָפּעראַטיוון.

### געיעג נאָך פּראָפיטן פרעסט אויף די קאָאָפּעראַטיוון

אַ ביישפּיל האָט געגעבן די קאָאָפּעראַטיווע אייזן־גיסעריי אין ראָטשעס־טער, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין 1867. פון אָנהייב זיינען אַלע אַרבעטער געוואָרן אַקציאָנערן און די פּראָפיטן זיינען צעטיילט געוואָרן; אַרבעטער לויט דער פּראָפּאָרציע פון זייער לוין. ביסלעכווייז האָבן די פּריוואַט־אייגנטימערישע אַפּעטיטן געזיגט און די פּראָפּאָרציע פון דיווידענטן אויפן אַריינגעלייגטן קאַפּיטאַל איז געהעכערט געוואָרן אויפן חשבון פון דעם

צעטיילטן איינקונפט צווישן די ארבעטער, ביז וואנען דער גאנצער פראפיט איז צעטיילט געווארן לויט די אקציעס וואס די מיטגלידער האבן געהאט און ניט לויט דער ארבעט וואס זיי האבן אריינגעלייגט. אין 1884 איז פון שאפ אויסגעוואקסן א פאבריק, וואס האט געגעבן 40 פראצענט דיווידענטן אויפן קאפיטאל. נאר צוויי-פינפטל פון דער צאל באשעפטיקטע ארבעטער זיינען געווען אקציאנערן־מיטגלידער, די מערהייט איז שוין באשטאנען פון גע־דונגענע ארבעטער, וועלכע זיינען עקספלואטירט געווארן ווי אין ניט־קאאפעראטיווע אונטערנעמונגען.

די גרעסטע איינצלנע קאאפעראטיווע ארגאניזאציע איז באשאפן גע־ווארן פון די קופער־שמידן אין מינעאפאליס. זיי האבן פארמאגט אכט שעפער און האבן אנגענומען א ריי באווארעניש אויפצוהאלטן דעם קא־אפעראטיוון כאראקטער פון די אונטערנעמונגען, ווי באשרענקען די צאל שטימען און די סומע דיווידענטן פאר יעדן אקציאנער. די מיטלען האבן אבער ניט געהאלפן. די קופער־שעפער זיינען געוואקסן, נאר צען יאר שפעטער זיינען זיי אריינגעפאלן אין פריוואטע הענט.

די טרייד־יוניאן באוועגונג האט געמאכט נאך א פארזוך צו פאראייניקן אירע רייען אין א נאציאנאלער ארגאניזאציע, וועמענס צוועק זאל זיין צו ארגאניזירן און העלפן די אנפירונג מיט די עקאנאמישע קאמפן. אבער דער אויסברוך פון קריזיס אין 1873 האט אומגעבראכט דעם „נעשאנאל אינ־דאסטריעל קאנגרעס", ווי די נייע קערפערשאפט האט געהייסן. שוין אין יענער צייט האט דער קאמף צווישן די ריינע טרייד־יוניאניסטן און די אנהענגער פון ארבעטער פאליטישן קאמף צעטיילט די רייען פון די ארגאני־זירטע ארבעטער. די יוניאן־פירער זיינען גרעסטנטייל געווען פאר „ריינעם" טרייד־יוניאניזם, וואס האט געמיינט מאכן שלום מיטן קאפיטאליזם און זיך צופאסן צו זיינע עקאנאמיש־פאליטישע באדינגונגען, דערביי זיך דערשלאגן קליינע עקאנאמישע פארבעסערונגען פאר די מיטגלידער.

די אנהענגער פון פאליטישן (פארלאמענטאריזשן) קאמף זיינען אויך געווען צעטיילט צווישן די רעפארמיסטן און די וועלכע האבן געזוכט — כאטש ניט קלאר פאר זיך אליין — אומצוּוואַרפן די קאפיטאליסטישע ארדענונג. די גאנצע געשיכטע פון דער ארבעטער־באוועגונג אין דעם 19טן יארהונדערט גייט דורך אונטער דעם צייכן פון דעם שארפן קאמף צווישן די דריי ריכטונגען אין דער ארבעטער־באוועגונג.

נאך א דערשיינונג וואס דארף פארצייכנט ווערן, איז דער געבורט פון אן ארגאניזאציע וואס האט שפעטער געשפילט — פאר א קורצער צייט —

א קאָלאָסאַלע ראָל אין באַוועגן גרויסע אַרבעטער־מאַסן צום קאַמף פאַר בעסערע לעבנס־באַדינגונגען, די „נייטס אָוו לייבאָר" (ריטער פון אַרבעט). געבוירן שטיל און אומבאַמערקט, אין 1869 אין פילאַדעלפיע, איז די „נייטס אָוו לייבאָר" שפּעטער אַריבערגעוואַקסן אירע גרינדער און איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מעכטיקן אינסטרומענט אין די הענט פון מיליאָנען ניט־אָרגאַניזירטע אַרבעטער אויפצושטיין אין קאַמף געגן דעם הפקרדיקן צו־שטאַנד, אין וועלכן די מאַגנאַטן פון אינדוסטריע האָבן זיי געהאַלטן.

מען קען דעריבער זאָגן, אַז אין דעם פּעריאָד פון די זיבעציקער יאָרן זיינען פאַרזייט געוואָרן די קערנדלעך, פון וועלכע עס זיינען עטלעכע יאָר שפּעטער אויסגעוואַקסן די גרויסע קאַמפן וואָס האָבן אויפגעטרייסלט דאָס גאַנצע לאַנד און געוואָרפן אַ שרעק אויף דער בורזשואַזיע.

## פערצנטער קאַפּיטל

# די קריזיס־יאָרן און די גרויסע סטרייקס

קאַמפּן פון די אַרבעטלאָזע און די ברוטאַלע אַטאַקעס פון דער פּאָליציי. — אַרבעטער-ווידערשטאַנד געגן לוין-שניטן אין קריזיס. —די „מאַלי מעגווייערס", די פאַרשווערונג און די הינריכטונג פון די פירער. — סטרייקס פון די פרויען אין דער טעקסטיל-אינדוסטריע. — דער אָפּקלאַנג פון דער פּאַריזער קאָמונע. — שרעקלעכע נויט אין די גרויסע שטעט. — די סטרייקס פון די באַן-אַרבעטער וואַקסן אויס אין באַוואָפנטע קאַמפּן מיט די פעדעראַלע סאָלדאַטן. — פיל אַרבעטער געטויטעט, אָבער מיליטאַנטישקייט שטייגט. — הערשנדיקער קלאַס רעאָרגאַניזירט מיליציע און בויט אַרמאָרים. — ווידער „גרינבעקיזם" און וואַל-קאַמפּאַניעס.

דער קריזיס פון 1873 האָט אַריינגעוואָרפן דעם אַרבעטער־קלאַס אין אַ לאַנגער אַרבעטלאָזיקייט און אומבאַשרייבלעכער נויט. וואָס מער און וואָס ברייטער די אינדוסטריאַליזאַציע האָט ארומגעכאַפּט דאָס לאַנד, אַלץ גרעסער איז געוואקסן די צאָל מענטשן וואָס זיינען געוואָרן אָנגעוויזן מיט זייער לעבן אויף זייערע צען פינגער, אַלץ מער איז געשטיגן די צאָל אַרבעטלאָזע ווען די קאַפּיטאַליסטישע „איבער־פּראָדוקציע" האָט אַרויסגעוואָרפן אויף דער גאַס, צומאַכנדיק די פאַבריקן.

פאַר די אַרבעטער וואָס האָבן דורכגעמאַכט די קריזיס־יאָרן 1934-1930 וועט די באַשרייבונג פון אַ בורזשואַזן היסטאָריקער, וואָס מיר ברענגען אונטן, ניט זיין קיין אומבאַקאַנטע זאַך.

„די פּאַניק פון 1873 האָט אַרומגעכאַפּט דאָס לאַנד און אָנגעהויבן אַ זעקס-יאָריקן פּעריאָד פון אינדוסטריעלער נויט, סטרייקס, אַרבעטער-אומרוען און אומקום פון די יוניאָנס. ווען די אינדוסטריע איז פּאַראַליזירט געוואָרן האָבן די אַרבעטגעבער גענומען שניידן דעם לוין. די לוין-שניטן זיינען געענטפערט געוואָרן מיט לאַנגע און פאַרצווייפלטע סטרייקס. אין פאַרלויף פון די זיבן יאָר, צווישן 1873 און 1880, איז דער לוין פון די טעקסטיל-אַרבעטער געשניטן געוואָרן אויף פופציק פּראָצענט. ענלעכע לוין-שניטן זיינען געמאַכט געוואָרן אין די איבעריקע אינדוסטריעס. אַרבעטלאָזיקייט איז געוואָרן אַזוי ווייט-פאַרשפּרייט, אַז אָנגיין מיט סטרייקס איז געוואָרן

> א געפאר; דארטן וואו די ארבעטער האבן דערקלערט סטרייקס האבן די ארבעטגעבער דערקלערט לאקאוטס. בלעקליסטס (שווארצע ליסטן) און פארפאלגונגען האבן טעראריזירט די ארבעטער-פירער. אויפצוהאלטן א דערפאלגרייכע נאציאנאלע ארגאניזאציע איז געווען אוממעגלעך. די צאל פונקציאנירנדיקע נאציאנאלע פאך-יוניאנס איז געפאלן פון 30 אויף 8 און אויך זיי האבן זיך געפונען אין א זייער שווערער פינאנציעלער לאגע. דארטן וואו די נאציאנאלע יוניאנס זיינען נים אומגעקומען איז זייער מיטגלידערשאפט געפאלן. די מאשיניסטן האבן פארלארן צוויי-דריטל פון זייערע מיטגלידער, די ציגאר-מאכער — פיר-פינפטל און די קופער-שמידן — נאענט צו זיבן-אכטל. מען שאצט אפ, אז די צאל ארגאניזירטע ארבעטער אין ניו יארק איז געפאלן פון 44,000 אויף 5,000.״ (מערי בירד, קורצע געשיכטע א. אז. וו., זייטן 21-82.)

אין יענעם קריזיס איז נים געווען קיין וויליאם גרין, וואס זאל אין נאמען פון דער אמעריקען פעדעריישאן אוו לייבאר צוזאגן פרעזידענט הואווער אין אנהייב פון וועלט־קריזיס, אז די ארבעטער וועלן נים סטרייקן. די ארבעטער האבן אויך נים אנגענומען דעם שטאנדפונקט פון מערי בירד, אז אין א קריזיס איז געפערלעך צו סטרייקן. אין די קריזיס־יארן פון 1873—1880 האבן די ארבעטער יא געסטרייקט און נים צוגענומען אן א ווידער־שטאנד די לוין־שניטן וואס די קאפיטאליסטן האבן אויף זיי געהאגלט, כאטש זיי זיינען געווען פיל שוואכער ארגאניזירט ווי די ארבעטער נאך דער וועלט־מלחמה.

## דער בלוטיקער פאליציי־אנפאל אויף ארבעטלאזע אין ניו יארק

די ארבעטער וועלכע דענקען אז די גרויסע און בלוטיקע קאמפן פון די ארבעטלאזע אין די יארן 1930—1934 פאר באלדיקער און גענוגנדיקער שטיצע זיינען געווען די ערשטע קאמפן פון דעם סארט, וועלן עטוואס לערנען פון דער צווייטער באשרייבונג, אויך פון א בורזשואזן היסטאריקער, מעקנעיל.

> „דער ווינטער 1873-1874 האט געבראכט אויסערגעוויינלעכע ליידן, באזונדערס אין די גרויסע שטעט. אינמיטן ווינטער זיינען צענדליקער טויזנטער מענטשן געווען אויפן שוועל פון הונגער-טויט, אן שפייז, אן א דאך איבערן קאפ, אן ווארעמע קליידער, אן מעדיצינישער הילף. די ארבעטלאזע האבן אפגעהאלטן א ריי מיטינגען אין פארשיידענע טיילן פון שטאט, זיי האבן געצויגן די אויפמערקזאמקייט פון דעם פובליקום צו זייערע נויטן. מענער האבן געזוכט ארבעט און נים געקענט געפינען. קינדער האבן געוויינט פון הונגער.

„ווען די אַרבעטלאָזע האָבן געלאָזט וויסן, אַז זיי רופן אַ גרויסע פאַר-זאַמלונג, האָבן די שטעט וועמענס געוויסן איז געווען אַ ביסל איינגעשלאָפן (דער פראָפעסאָר איז זייער מילד צו דער בורזשואַזיע, וואָס קאָנטראָלירט די שטאָט-רעגירונגען. — מ. ע.), זיך דערשראָקן אַז דאָס צוזאַמענקומען זיך פון אַזוי פיל ביז-איצט געדולדיקע, לײַדנדיקע וועט שטעלן אין געפאַר זייער לעבן און זייער אייגנטום. * * *

„די אַרבעטלאָזע אין ניו יאָרק האָבן באַשלאָסן אָפּצוהאַלטן אַ מאַסן-דעמאָנסטראַציע אויף טאָמפּקינס סקווער. זיי האָבן זיך דערשלאָגן אַ דער-לויבעניש פון דער פּאָליציי צו מאַרשירן איבער די גאַסן און נאָכדעם אָפּ-צוהאַלטן אַ פאַרזאַמלונג אויף טאָמפּקינס סקווער. דעם 13טן יאַנואַר, 1874, אַ טאָג פאַר דער דעמאָנסטראַציע, האָט די פּאָליציי צוריקגעצויגן די דער-לויבעניש. עס איז געווען צו שפּעט צו לאָזן וויסן דער צעוואָרפענער אַרמיי אַרבעטלאָזע פון דעם פאַרבאָט און די מאַסע האָט מאַרשירט צום סקווער. ווען דער סקווער איז אָנגעפילט געוואָרן מיט מענער, פרויען און קינדער, האָט די פּאָליציי אָן דער מינדעסטער וואָרנונג זיך אַ לאָז געטאָן פון אַלע זייטן.

„איינע פון די טעגלעכע (קאַפּיטאַליסטישע. — מ. ע.) צייטונגען האָט געמוזט אויף מאָרגן מודה זיין, אַז די סצענע לאָזט זיך ניט באַשרייבן. רייטער-פּאָליציי האָט זיך געיאָגט נאָך אַנטלויפנדיקע מענטשן און קינדער, אַטאַקירנדיק זיי אָן וועלכער עס איז אורזאַך. די געשרייען פון די פרויען און קינדער האָבן געריסן די לופט. בלוט האָט פאַרפלעקט אַ סך גאַסן, און צו מאַכן די שאַנד פון דעם פאַרברעכן גרעסער דאַרף צוגעגעבן ווערן, אַז ווען די שטאַט-געזעצגעבער אין אָלבאַני האָבן געקראָגן צו וויסן פון דעם, האָבן זיי אויסגעהערט די עדות און זיך ניט גערירט פון אָרט.”

דער הערשנדיקער קלאַס האָט געגעבן די הונגעריקע אַרבעטלאָזע פּאָליציי־קלאָבס אָנשטאָט ברויט. די רעגירונג האָט נאָכדעם באַשיצט די מערדערלעכע פּאָליציי.

עטלעכע אַרבעטלאָזע דעמאָנסטראַציעס זיינען פאָרגעקומען אין די אַנדערע גרויסע שטעט און אומעטום איז די פּאָליציי באַפאַלן די הונגעריקע מענער און פרויען, וואָס האָבן געפאָדערט ברויט. אין שיקאַגאָ האָבן 20,000 אַרבעטלאָזע מאַרשירט צום סיטי האָל.

מיר האָבן שוין דערמאָנט, אַז דער קריזיס האָט גוואַלדיק איינגעשרומפּן די צאָל אָרגאַניזירטע אַרבעטער. די ביטערע לוין־רעדוצירונגען און די פאַר־ערגערטע אַרבעט־באַדינגונגען זיינען אָבער געווען מעכטיקע פאַקטאָרן, וואָס האָבן געצוואונגען די אַרבעטער צו בויען זייערע שוץ־ און קאַמף־אָרגאַני־זאַציעס, די יוניאָנס.

## אַרבעטער־פירער שאַרף צעטיילט איבער פונדאַמענטאַלע פראַגן

אין דער אַרבעטער־באַוועגונג האָט דעמאָלט געהערשט אַ גייסטיקער כאַאָס. די פירער זיינען געווען שאַרף צעטיילט איבער וויכטיקע פונדאַמענטאַלע פראַגן. אייניקע האָט געצויגן צו דעם וואָס מיר באַצייכענען היינט אונטערן נאָמען קלאַסן־מיטאַרבעטערשאַפט, דאָס הייסט מיטאַרבעטן און העלפן דער בורזשואַזיע אויפצוהאַלטן איר מאַכט און הערשאַפט און פּרובירן מיט גוטן אַרויסצוקריגן פון איר קליינע קאָנצעסיעס פאַר דער גרופּע אַרבעטער, וואָס דער באַטרעפנדער יוניאָן־פירער פאַרטרעט. ווען די קאַפּיטאַליסטן ווילן די קליינע קאָנצעסיעס אויך ניט נאָכגעבן, דאַרף מען זיצן מיט פאַרלייגטע הענט און וואַרטן אויף בעסערע צייטן און בעסערע געפילן ביי די קאַפּיטאַליסטן צו זייערע אַרבעטער. קלאַסן־מיטאַרבעטערשאַפט מיינט אויך, ניט צו דערלאָזן און אָפּצוהאַלטן די אַרבעטער פון קעמפן פאַר זייערע אינטערעסן. אַזוי, צום ביישפּיל, האָבן די פירער פון דער אַמאַלגאַמייטעד אַסאָסיאיישאָן אָוו אייראָן ענד סטיל וואָירקערס (די יוניאָן פון אייזן־ און שטאָל־אַרבעטער, וואָס איז אַנטשטאַנען נאָך דער צונויפשמעלצונג פון צוויי פאַך־יוניאָנס, אונטערגעשריבן אין 1882 אַן אָפּמאַך מיט געוויסע שטאָל־פירמעס, וואָס האָט געשמידט די אַרבעטער אויף 25 יאָר. די אַמאַלגאַמייטעד איז באַשטאַנען פון העכסט־קוואַליפיצירטע אַרבעטער אין דער שטאָל־אינדוסטריע. איר קאָלעקטיווער אָפּמאַך מיט די אַרבעטגעבער איז געווען דער ערשטער אין לאַנד. אַ שפּעטערדיקע רעאַקציאָנערע פירערשאַפט פון דער זעלבער אַמאַלגאַמייטעד אַסאָסיאיישאָן האָט שענדלעך פאַרשאַכערט דעם גענעראַל־סטרייק אין דער שטאָל־אינדוסטריע אין יוני 1934.

די וואַקלעניש און קאָמפּראָמיסן פון די פירער האָבן אומגעבראַכט די "אינדאָסטריעל בראָדערהוד", אַ נייע נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציע פון אַלע יוניאָנס און אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, וואָס איז באַשאַפן געוואָרן אין 1873. די „אינדאָסטריעל בראָדערהוד", אָן אַ באַשטימטער פּראָגראַם און מיט אַ צעשוואומענעם פּאָליטישן פּנים, איז אויפגעלייזט געוואָרן אין 1876. די אַרבעטער־באַוועגונג איז פאַרבליבן אָן אַ נאַציאָנאַלן צענטער.

אויב צווישן די פירער האָט געהערשט אָפּאָרטוניזם, איז צווישן דער רענק און פייל געשטיגן די גרייטקייט אַרויסצואווייזן אַ ווידערשטאַנד די קאַפּיטאַליסטן. ניט קוקנדיק אויף דעם שווערן קריזיס מיט זיין פאַרשפּרייטער אַרבעטלאָזיקייט, האָבן די מאַסן אַרבעטער פון די צוויי סאַמע וויכטיקסטע (צו יענער צייט) אינדוסטריעס — קוילן־גרעבער און באַן־אַרבעטער —

דורכגעמאכט העלדישע און בלוטיקע סטרייקס, און זיי זיינען ניט געווען די איינציקע.

שפיאָנען־פּראָוואָקאַטאָרן באַזעצט אין די „מאָלי מאַגווייערס"

די האַרטע־קוילן גרעבער אין פּענסילוויינע האָבן געפירט אַ ביטערן סטרייק אין 1873־1874, וואָס האָט געדויערט 3 מאָנאַטן. דער סטרייק איז פאַרלאָרן געגאַנגען און די קוילן־קאָמפּאַניעס האָב גענומען רייסן פון די אַר־בעטער שטיקער. אויפהאַלטן אָפענע יוניאָנס איז געווען אוממעגלעך אין די קוילן־גרובן־שטעטלעך, האָבן די מיינערס באַשאַפן אַ געהיימע קאַמף־אָרגאַני־זאַציע, וואָס איז באַקאַנט געוואָרן אונטערן נאָמען „מאָלי מאַגווייערס". באַ־שיצט פון אָנהייב פון איר אונטערערדישער אַרבעט, האָט די „מאָלי מאַג־ווייערס" אַרומגעכאַפּט די קוילן־אינדוסטריע ווי אַ פלאַם פייער, און אין אַ געוויסער צייט האָבן עקזיסטירט 6,000 אָפּטיילונגען אין אַלע קוילן־צענטרען. (די גרעסטע אַרבעטער־גרופּע איז באַשטאַנען פון אירלענדער, דערפון שטאַמט דער אירלענדישער נאָמען.)

די „מאָלי מאַגווייערס" האָבן געזאַמלט זייערע כוחות פאַר אַן אַנט־שיידענעם קאַמף געגן די קוילן־קאָמפּאַניעס. יענע האָבן זיך דערוואוסט פון דער עקזיסטענץ פון דער געהיימער קאַמף־אָרגאַניזאַציע און האָבן באַשלאָסן זי צו פאַרניכטן. דאָס ערשטע מיטל איז געווען דער אויסגעפּרוואוטער וועג פון דעם שפּיאָן־פּראָוואָקאַטאָר. די קוילן־באַראָנען האָבן געדונגען די פּינקערטאָן דעטעקטיוו־אַגענטור, וואָס האָט זיך שפּעטער אויסגעצייכנט מיט אירע בלוטיקע אָנפאַלן אויף סטרייקער. די דעטעקטיוו־אַגענטור האָט אַריינ־געשיקט אירע שפּיאָנען אין די „מאָלי מאַגווייערס". צוליב זייער אומ־דערפאַרנקייט האָבן די אַרבעטער ניט געקענט און ניט געוואוסט ווי אויס־צוהיטן זיך פאַר פּראָוואָקאַטאָרן.

די פּראָוואָקאַטאָרן האָבן געוואוסט ווי צו שפּילן זייער ראָל. טעראָריס־טישע אַקטן האָבן אויסגעבראָכן אין פאַרשיידענע געגנטן פון האַרטע־קוילן צענטער אין פּענסילוויינע. באָמבעס זיינען אוועקגעלייגט געוואָרן אונטער די שטיגן פון די הייזער וואו פאַרוואַלטער פון קוילן־גרובן האָבן געוואוינט. געהיימניספולע מאָרדן האָבן אָנגענומען אַ פאַרשפּרייטן כאַראַקטער. די קוילן־באַראָנען האָבן אויף דעם טאַקע געוואַרט. זייער פּרעסע האָט אָנ־געהויבן אַ גיפטיקע העצע געגן די קוילן־גרעבער, וואַרפנדיק די שולד פאַר די מאָרדן און באָמבע־אויפרייסן אויף די „מאָלי מאַגווייערס". פון דעם

אַלטאַר, פון דער פּאָליטישער פּלאַטפאָרמע האָט זיך געגאָסן אַ שטראָם פון העצע און פּאַרלױמדונג. די גאַנצע בורזשואַזיע האָט געשריען אין איין קול, אַז די „מאָלי מאַגווייערס" איז אַ געהיימע אָרגאַניזאַציע, געגרינדעט פאַר מאָרד און ענלעכע קרימינעלע צוועקן.

ווען די נויטיקע שטימונג איז באַשאַפן געוואָרן האָט די רעגירונג אין האַרבסט 1875 זיך אָראָפּגעלאָזט אויף די קוילן־גרעבער און דורכגעפירט מאַסן־אַרעסטן פון די טוער פון די „מאָלי מאַגווייערס". די שפּיאָנען, וואָס די פּינקערטאָן דעטעקטיוו־אַגענטור האָט „אַריינגעפּלאַנצט" אין די „מאָלי מאַגווייערס", האָבן געהאַט אַלע פאַרבינדונגען און געוואוסט ווער עס זיינען די פאַראַנטוואָרטלעכע פירער פון דער געהיימער אָרגאַניזאַציע.

פירער הינגעריכטעט אויף עדות־זאָגן פון פּראָוואָקאַטאָרן

די אַרעסטירטע זיינען געבראַכט געוואָרן צום געריכט. די רעגירונג האָט ניט געקענט אַרויסשטעלן די מינדעסטע באַווייזן אַז די אָנגעקלאָגטע האָבן דורכגעפירט אָדער אָנטיילגענומען אין מאָרדן, באָמבע־אויפרייסונגען און דאָס גלייכן. די איינציקע עדות זיינען געווען די פּינקערטאָן שפּיאָנען־פּראָוואָקאַטאָרן, וועלכע קיין געריכט, וואָס פּרעטענדירט אויף אַ טראָפּן אומ־פּאַרטייאישקייט, קען ניט אָננעמען פאַר באַגלויבנסווערטע עדות. די קאַפּיטאַ־ליסטישע געריכטן האָבן אָבער אַרויסגעוויזן זייער טיפּן קלאַסן־כאַראַקטער. אַלצדינג איז פון פריער געווען צוגעגרייט אָפּצואַווישן די געפערלעכע קאַמף־אָרגאַניזאַציע פון די קוילן־גרעבער. די אָנגעקלאָגטע פירער זיינען געפונען געוואָרן שולדיק. צען זיינען הינגעריכטעט געוואָרן און פערצן זיינען פאַר־שיקט געוואָרן אויף טערמינען פון צוויי ביז זיבן יאָר טורמע. די קוילן־קאָמפּאַניעס האָבן אָפּגעאָטעמט מיט גרויס צופרידנהייט. זיי זיינען פּטור געוואָרן פון אַ מעכטיקער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע און האָבן איצט געהאַט אַ פרייע האַנט צו האַלטן די קוילן־גרעבער אונטערדריקט.

יודזשין וו. דעבס, וואָס האָט שפּעטער געמאַכט אַן אונטערזוכונג פון דער „מאָלי מאַגווייערס" באַוועגונג, האָט מיט די פאָלגנדיקע רירנדיקע ווער־טער באַשריבן דעם טראַגישן סוף פון די „מאָלי מאַגווייערס":

„אַלע פאַראורטיילטע האָבן פּראָטעסטירט געגן פאַבריצירטע קלאַגעס און אַלע זיינען געשטאָרבן מוטיק. קיין איינציקער האָט ניט אַרויסגעוויזן דעם מינדעסטן שפּור פון שרעק און שוואַכקייט. קיין איינציקער פון זיי האָט ניט פאַרמאָגט דאָס האַרץ פון אַ מערדער. זיי זיינען געווען אומגעהובלטע,

רויע און ניט-געלערנטע, געבוירן אין אָרעמקייט און אַרומגעשליידערט פון די ביטערע כוואַליעס פון שיקזאַל און שאַנס.

„דער הויפּט-צוועק פון זייער 'מאָלי מאַגווייערס' איז געוועזן אַ ווידער-שטאַנד געגן די עוולות, וואָס זיי און זייערע ברידער-אַרבעטער זיינען אויס-געשטאַנען פון די ברוטאַלע אַרבעטגעבער. מאָרד און פאַרברעכן איז געווען ווייט פון זייער געדאַנק. אמת, זייערע מעטאָדן זיינען געווען שאַרף-אַנטשלאָסן, אָבער מען מוז געדענקען אַז זייער לעבן איז געווען שווער און ברוטאַליזירט, אַז זיי זיינען געווען די פאַרנאַכלעסיקטע קינדער פון אָרעמ-קייט, פּראָדוקטן פון אַ רואינירטער אומגעבונג.

„יוני 21, 1877, איז דער פאָרהאַנג געפאַלן אויף דעם לעצטן טרויעריקן אַקט פון דער טראַגעדיע פון שווערער פּראַצע. דער הענקער האָט דורכגעפירט זיין אויפגאַבע און די תליה האָט צוגענומען אירע קרבנות. דעם טאָג איז די געשיכטע פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פאַרקויפטער פרוי און דאָס ליכטיקע פּנים פון אמת איז באַדעקט געוואָרן מיט דער עקלהאַפטער מאַסקע פון פאַלש-קייט. די מענער וואָס זיינען אומגעקומען פון דעם שטריק אַרום זייער האַלז זיינען געווען אַרבעטער-פירער, די ערשטע מאַרטירער פון קלאַסנקאַמף אין אַמעריקע." (יודזשין וו. דעבס, אַפּיל טו ריזאָן, נאָוועמבער 23, 1907. ציטירט פון אַנטאָני בימבאַס היסטאָרי אָוו די וואָירקינג קלעס.)

### מאַסן־סטרייקס אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע

גרויסע סטרייקס זיינען אויך פאָרגעקומען אין דער טעקסטיל־אינ־דוסטריע. דער וויכטיקסטער סטרייק איז פאָרגעקומען אין פאָל ריווער, וואָס איז אין יענע יאָרן געווען דער גרעסטער טעקסטיל־צענטער אין די פאַר־איייניקטע שטאַטן. אין 1874 האָבן אין פאָל ריווער געאַרבעט העכער אַ מיליאָן און אַ פערטל שפּינדלען. די באַפעלקערונג איז באַשטאַנען פון אַרום 94,000 מענטשן, די דערוואַקסענע כמעט אַלע טעקסטיל־אַרבעטער.

ווען דער קריזיס איז אויסגעבראָכן, האָט זיך גענומען וויקלען אַ בילד, וואָס איז די אַרבעטער גוט באַקאַנט פון זייער ביטערער דערפאַרונג. פריער האָבן די פאַבריקאַנטן געשניטן 10 פּראָצענט פון לוין. עטוואָס שפּעטער איז געקומען אַ צווייטער לוין־שניט. די אַטאַקעס אויפן לוין האָבן געבראַכט צו אַ פאַראייניקונג פוןביידע טעקסטיל־פאַכן, די שפּינער און וועבער, וועלכע האָבן געגרינדעט די „וויווערס פּראָטעקטיוו אַסאָסיאיישאָן" (די וועבערס שוץ־אַסאָסיאַציע), וואָס איז באַשטאַנען אין דער גרויסער מערהייט פון פרויען. אין 1875 האָט די אָרגאַניזאַציע געציילט 5,000 מיטגלידער.

אין פעברואַר פון זעלבן יאָר זיינען צווישן 3,000 און 4,000 אַרבעטער אַרויס אין סטרייק. די פאַבריקאַנטן האָבן צוגעזאָגט צוריק אויפשטעלן דעם

אלטן לוין, אָבער אין אויגוסט האָבן זיי ווידער איינגעפירט א לוין־שניט. דער ענטפער איז געווען א גענעראַל־סטרייק פון אַלע טעקסטיל־אַרבעטער, פופצן טויזנט אין צאָל. נאָך דריי וואָכן, אָן סטרייק־שטיצע, האָבן די רייען פון די סטרייקער זיך גענומען וואַקלען. די פאַבריקאַנטן זיינען געוואָרן חוצפּהדיקער און האָבן ארויסגעשטעלט אַלס א באַדינגונג פאַר צונעמען צוריק אַלע סטרייקער דעם „יעלאָו דאָג אַגרימענט". די סטרייקער האָבן אַנט־שיידן עם צוריקגעוויזן. דער סטרייק האָט זיך געצויגן נאָך פינף וואָכן, אָבער די סטרייקער זיינען געטריבן געוואָרן פון הונגער אָנצונעמען די באַדינגונגען פון די פאַבריקאַנטן. דער „יעלאָו דאָג אַגרימענט", וואָס פאַרבאָט די אַר־בעטער צו סטרייקן און צו באַלאַנגען צו א יוניאָן, איז אונטערגעשריבן געוואָרן. די „פּראָטעקטיוו אַסאָסיאיישאָן" איז אונטערגעגאַנגען.

דערמיט האָט זיך דער קאַמף ניט געענדיקט. ביי די פאַבריקאַנטן איז געוואַקסן דער אַפּעטיט. אין 1876 האָבן זיי ווידער געשניטן דעם לוין אויף 10 פּראָצענט און אין 1878 ווידעראַמאָל. דער לוין איז שוין געשטאַנען מיט 30 פּראָצענט נידעריקער ווי אין 1873. פאַר די טעקסטיל־קאָמפּאַניעס איז דאָס נאָך אַלץ ניט געווען גענוג. אין מערץ האָבן זיי דערקלערט א נייעם לוין־שניט פון 15 פּראָצענט. דער געדולד פון די אַרבעטער האָט געפּלאַצט. דעם 20סטן מאַי איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן א דעמאָנסטראַציע פון 20,000 אַרבעטער. די פאַבריקאַנטן זיינען געבליבן מיט זייער רויבערישן שניט.

א יאָר שפּעטער, יוני 26, 1879, איז אויסגעבראָכן א ספּאָנטאַנער סטרייק. טויזנט שפּינער און הונדערט קינדער וואָס האָבן געאַרבעט אין זעלבן דעפּאַרטמענט זיינען אַרויס אין סטרייק. קיין אָרגאַניזאַציע האָבן די סטרייקער ניט געהאַט. די פאַבריקאַנטן האָבן מורא געהאַט, אַז דער סטרייק וועט זיך פאַרשפּרייטן איבער דער גאַנצער טעקסטיל־אינדוסטריע, האָבן זיי מאָביליזירט זייערע כוחות צו פאַרניכטן דעם סטרייק. זיי האָבן דורכגעפירט א מאַסן־רעקרוטירונג פון סטרייק־ברעכער און אימפּאָרטירט זיי פון אַזוי ווייט ווי קאַנאַדע.*) די שפּינער האָבן זיך געהאַלטן מוטיק. די אַרבעטער אין ניו ענגלאַנד האָבן דורכגעפירט געלט־זאַמלונגען פאַר די סטרייקער, אָבער

*) די אימפּאָרטירטע סטרייקברעכער, קאַנאַדער פראַנצויזן, האָבן שפּעטער אָרונ־טערגעבראַכט זייערע פרייזנס. זיי זיינען געוואָרן די גרעסטע גרופּע אין דער טעקסטיל-אינדוסטריע אין פאָל ריווער און אין פּאַטאָקעט וואַלי (טאָל). די קינדער פון די פריערדיקע סטרייקברעכער האָבן דורכגעמאַכט גרויסע און שווערע סטרייקס אין 1928, 1931 און 1934.

ווייט ניט גענוג אויפצוהאלטן די בראווע קעמפער. די פאליציי האט זיך אריינגעמישט און געמאכט מאסן־ארעסטן פון סטרייק־טוער. די ארעסטן און דער הונגער האבן געבראכן דעם ווידערשטאנד, נאכדעם ווי די שפינער האבן אויסגעהאלטן 16 וואכן.

גאנצע ארבעטער־פאמיליעס שטארבן פון הונגער

אין 1877 האט די נויט דערגרייכט איר העכסטן גראד. די ארמיי ארבעטלאזע האט געציילט דריי מיליאן מענטשן. פיל טויזנטער פאמיליעס האבן זיך געצאפלט אין הונגער־טויט. אין די גרויסע אינדוסטריעלע שטעט האט די פאליציי באריכטעט פון גאנצע פאמיליעס, וואס זיינען געשטארבן פון הונגער. די באריכטן זיינען געמאכט געווארן וועכנטלעך. ווינטער־צייט זיינען די פאליציי־באצירקן איבערפולט געווען פון מאסן ארבעטלאזע און זייערע פאמיליעס, וועלכע האבן געזוכט שוץ פון קעלט. די פאליציי־געריכטן זיינען באלאגערט געווען פון מענער, פרויען און קינדער, וועלכע האבן זיך געבעטן ביי די ריכטער מען זאל זיי פארשיקן אין טורמע.

די פארדינסטן פון די וועלכע האבן געהאט דאס גליק צו ארבעטן, זיינען נאכאנאנד געשניטן געווארן. די קאפיטאליסטן האבן אונטערן אויסרייד פון דער נויטווענדיקייט ביליקער צו מאכן די פראדוקציע־קאסטן געטריבן די ארבעטער אלץ נידעריקער צום שוועל פון הונגער. זיי האבן געצאלט די ארבעטער וויפיל זיי האבן געוואלט און ווען זיי האבן געוואלט. די אפוועזנהייט פון שטארקע ארבעטער־ארגאניזאציעס האט זיי געגעבן מוט און חוצפה. די פינצטערע רעאקציע וואס האט זיך ארפגעלאזט אין אייראפע נאך דער גרויזאמער בלוטיקער אונטערדריקונג פון דער פאריזער קאמונע (אנהייב 1871), האט געשטארקט די ברוטאליטעט פון די אמעריקאנישע קאפיטאליסטן. זיי האבן געדענקט, אז זיי קענען ברעכן אויף אייביק דעם ווידערשטאנד פון די ארבעטער און האלטן זיי אין א שטענדיקן צאם. אבער זיי האבן געמאכט א טעות. צארנדיקע אויסברוכן פון ווידערשטאנד האבן אויפגעפלאקערט אין א ריי אינדוסטריעס. א פאר פון זיי האבן מיר אין קורצן איבערגעגעבן. דער גרעסטער אין פארנעם און דער וויכטיקסטער אין זיינע רעוואלוציאנערע מעגלעכקייטן איז געווען דער סטרייק — ריכטיקער, א סעריע פון סטרייקס — פון די באן־ארבעטער, וואס האט זיך פארוואנדלט, אין פיטסבורג און אין אנדערע שטעט, אין א רעגולערער מלחמה צווישן די ארבעטער און די סאלדאטן פון דער מיליציע און פון דער פעדעראלער רעגירונג.

## דער גענעראַל־סטרייק אויף די באַנען

אין דעם לעצטן פערטל יאָרהונדערט פאַר דעם קריזיס פון 1929 זיינען די באַן־אַרבעטער, די וועלכע זיינען באַשעפטיקט ביי די באַן־אָפּעראַציעס (צו אונטערשיידן פון די איבעריקע באַן־פאַכן, ווי די וועג־רייניקער, אַר־בעטער אין די באַן־וואַרשטאַטן א. ד. ג.) געווען פאַררעכנט — און מיט רעכט — צווישן דער אַרבעטער־אַריסטאָקראַטיע. זייערע פיר יוניאָנס (בראָדערהודס) באַלאַנגען צום סאַמע קאָנסערוואַטיוון פליגל פון דער אַר־בעטער־באַוועגונג. די באַן־אַרבעטער זיינען ניט געווען אַלעמאָל קאָנסערוואַ־טיוו. פאַרקערט, זיי האָבן געפירט לאַנגע, שווערע און בלוטיקע סטרייקס ביז וואַנען זיי האָבן אויסגעקעמפט בעסערע באַדינגונגען און דאָס רעכט צו זיין אָרגאַניזירט. די באַן־אַרבעטער האָבן גרעסערע קאַמף־טראַדיציעס ווי וועלכע עס איז אַנדער אַרבעטער־גרופּע, מיטן אויסנאַם פון די קוילן־גרעבער.

די לאָקאָמאָטיוו־טרייבער, די הייצער, די קאָנדוקטאָרן און זייערע גע־הילפן, באַן־אַרויסשיקער, באַן־טעלעגראַפיסטן האָבן זיך דערשלאָגן זייערע פאַרהעלטניסמעסיק־בעסערע אַרבעט־באַדינגונגען דורך שווערע קאַמפן, וואָס האָבן אָפּגעקלונגען איבערן לאַנד. אָבער שפּעטער, ווען די באַדינגונגען זיינען אויסגעקעמפט געוואָרן, איז געלונגען אַ רעאַקציאָנערע יוניאָן־פירערשאַפט צוזאַמען מיט די באַן־קאָמפּאַניעס אָפּצוזונדערן די אויבן־אויסגערעכנטע אויבערשטע גרופּע באַן־אַרבעטער פון דער גרויסער מערהייט באַן־אַרבעטער. די פיר בראָדערהודס זיינען געוואָרן האַלבע פראַטערנאַלע אָרגאַניזאַציעס מיט טויטן־בענעפיטן, קראַנקן־צאָלונגען און דאָס גלייכן. די באַן־קאָמפּאַניעס האָבן אויך איינגעפירט אַ סיסטעם פון סיניאָריטעט־רעכט: וואָס לענגער אַ לאָקאָמאָטיוו־טרייבער און אַ קאָנדוקטאָר איז ביי דער אַרבעט, אַלץ העכער איז זיין געהאַלט. זיי האָבן אויך איינגעפירט אַ פּענסיע פאַר די אַלטע אַרבעטער.

מיט די „אַריסטאָקראַטישע" באַן־אַרבעטער איז געשען דאָס זעלבע וואָס מיט די הויך־קוואַליפיצירטע אַרבעטער אין דער שטאָל־אינדוסטריע, וועלכע האָבן נאָך אַ ריי סטרייקס זיך געלאָזט איינרעדן פון זייערע רע־אַקציאָנערע פירער און אויסגעדונגען בעסערע באַדינגונגען ביי די שטאָל־מאַגנאַטן אויפן חשבון פון דער גרויסער מאַסע ניט־קוואַליפיצירטע און האַלב־קוואַליפיצירטע אַרבעטער אין דער שטאָל־אינדוסטריע. אין לעצטן קריזיס האָבן זיי באַצאָלט פאַר זייער אָפּגעזונדערטקייט. באַצאָלט האָבן אויך די מיטגלידער פון די פיר באַן־בראָדערהודס. פון די פריווילעגירטע

פּאָזיציעס איז אַ שפּור ניט געבליבן. נאָר ווען מען באַגרייפט די אורזאַכן וועלכע האָבן געפירט צו דער דערשיינונג קריגט מען אַ באַגריף וועגן די פאַקטאָרן וואָס האָבן געבראַכט צו דער פאַרגליווערטקייט פון די ארבעטער־גרופּעס וואָס האָבן פריער דורכגעמאַכט העלדישע קאַמפן. אָבער וועגן דעם וועט אונז אויסקומען צו באַרירן געגויער שפּעטער.

אינמיטן פון די זיבעציקער יאָרן זיינען די באַן־ארבעטער געווען ווייט פון וועלכער עס איז פּריווילעגירטער פּאָזיציע. פאַרקערט, די ארבעטער פון דעם יונגן און וואַקסנדיקן באַן־פאַרקער האָבן באַלאַנגט צו די סאַמע אונטערדריקטסטע לוין־שקלאַפן. זייער לוין איז געווען זייער נידעריק און זייערע ארבעט־שטונדן אומבאַשרענקט. די באַן־ארבעטער האָבן זיך אָפּט געמוזט וואַלגערן גאַנצע טעג אויף פּאַרוואָרפענע סטאַנציעס, וואַרטנדיק ביז וואַנען מען וועט זיי געבן ארבעט. פאַר דער „אויפהאַלטונג" וואַרטנדיק האָבן זיי געמוזט באַצאָלן. פאַר די פאַמיליעס איז ווייניק וואָס געבליבן. דערצו האָבן די באַן־קאָמפּאַניעס איינגעפירט, אַז פאַר שכירות מוזן די ארבעטער אויך וואַרטן און טאַקע גאַנץ לאַנג, אַמאָל אַ פּאָר מאָנאַטן. די פאַרביטערונג צווישן די ארבעטער איז געוואַקסן. אַ פונק איז געווען גענוג, אַז אַ פייער זאָל אויפפלאַקערן.

די פּענסילווייניע באַן־קאָמפּאַניע איז געווען די ערשטע צוצולייגן דעם פונק. ניט גענוג וואָס אין די ערשטע קריזיס־יאָרן האָט די קאָמפּאַניע געשניטן די שכירות אויף 25 פּראָצענט, האָט זי אין 1877 אונטערגעטראָגן די ארבעטער אַ פרישן שניט פון צען פּראָצענט. די ניו יאָרק סענטראַל באַן־קאָמפּאַניע האָט באַלד נאָכגעטאָן דעם ביישפּיל און דערלאַנגט דעם זעלבן לוין־שניט דעם 1טן יולי. באַלד איז אונטערגעקומען די באַלטימאָר און אָהייאָ באַן־קאָמפּאַניע מיט אַ 10־פּראָצענטיקן לוין־שניט, וואָס האָט באַדאַרפט אַריינגיין אין קראַפט דעם 17טן יולי. די אָנגרייפנדיקע חוצפּה פון די באַן־קאָמפּאַניעס איז געבויט געווען אויף דעם, וואָס מיט אַ פּאָר מאָנאַטן פריער איז זיי געלונגען צו צעשמעטערן די יוניאָנס פון די באַן־ארבעטער נאָך אַ פאַרלוירענעם סטרייק. עטלעכע פאַרזוכן פון די באַן־ארבעטער, געפירט פון דעם יונגן קאָנדוקטאָר ראָבערט ה. אַמאָן, צו אָרגאַניזירן און צוגרייטן דעם באָדן פאַר אַ גרויסן, געפלאַנטן באַן־סטרייק, זיינען דורכגעפאַלן צוליב די מיינונג־פאַרשיידנהייטן צווישן די פירער.

אַ טאָג נאָכדעם ווי דער לוין־שניט איז אַריין אין קראַפט זיינען די באַן־ארבעטער אין מאַרטינסבורג, וועסט ווירדזשיניע, אַרויס אין סטרייק קעגן דער באַלטימאָר און אָהייאָ באַן־ליניע. דער סטרייק איז געווען אַ

ספאָנטאַנער, אָבער אַ ווירקזאַמער. קיין איין פּראַכט־צוג האָט זיך ניט גערירט אויף די רעלסן. די קאָמפּאַניע האָט זיך גענומען צום אַלטן אונטער־דריקונג־מיטל, סטייט־טרופּן. אָבער דאָס מאָל האָט דאָס מיטל ניט געאַרבעט. די סטייט־טרופּן האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו באַשיצן די סטרייק־ברעכער. אין די רייען פון דער מיליציע זיינען געווען אַ סך, וואָס האָבן סימפּאַטיזירט מיט די סטרייקער.

דער גאָווערנאָר פון מערילאַנד האָט דאַן געשיקט צוויי רעגימענטן סטייט־טרופּן פון באַלטימאָר קיין קאָמבערלאַנד ארויסצוטרייבן די סטרייקער פון דעם באַן־דעפּאָ וואָס איז געלעגן אין זייערע הענט. דער גאָווערנאָר האָט גערעכנט אויף דעם וואָס די סטייט־טרופּער זיינען פון אַן אַנדער געגנט, וועלן זיי זיך ניט אָפּהאַלטן פון שיסן אויף די סטרייקער. דעם גאָווערנאָר איז אָבער ניט איינגעפאַלן, אַז די סטרייקער פון קאָמבערלאַנד האָבן פריינט אין באַלטימאָר. אַזוי שנעל ווי די אַרבעטער אין באַלטימאָר האָבן זיך דער־וואוסט פון גאָווערנאָרס באַפעל, האָבן זיי ספּאָנטאַן באַשלאָסן ניט צו לאָזן דעם רעגימענט פאַרלאָזן די שטאָט. איין רעגימענט איז געלונגען שטילערהייט ארויסצוגיין פון שטאָט. דער צווייטער רעגימענט איז ארומגערינגלט געוואָרן פון אַ צאָרנדיקער מאַסע אַרבעטער, ארום אַ טויזנט אין צאָל, וואָס האָט באַלאַגערט די קאַזאַרמע. די טרופּן האָבן פּרובירט זיך דורכצורייסן דורך דער אַרבעטער־קייט און זיינען אויפגענומען געוואָרן מיט שטיינער. די סאָל־דאַטן האָבן אויסגעשאָסן און מיט אַ שיסעריי פריי געמאַכט דעם וועג צו דער באַן־סאַטנציע. אָבער די אַרבעטער, אויפגערייצט פון דער שיסעריי, האָבן אונטערגעצונדן די סטאַנציע. דער רעגימענט וואָלט געהאַט אַ ביטערן סוף ווען ניט די פּאָליציי, וואָס איז אָנגעלאָפן און פון דרויסן מיט רעוואָל־ווערן געצוואונגען די מאַסע אַרבעטער צוצולאָזן די פייערלעשער. די פּאָליציי און די צייטונגען האָבן באַהאַלטן די צאָל פאַרלוסטן. מען ווייסט אָבער, אַז 10 אַרבעטער זיינען געטויטעט געוואָרן און אַ סך זיינען פאַרוואונדעט געוואָרן.

דער גאָווערנאָר פון מערילאַנד האָט טעלעגראַפירט צום פּרעזידענט העיז פאַר פעדעראַלע טרופּן. העיז האָט באַלד אויסגעפירט דעם פאַרלאַנג. 200 פעדעראַלע סאָלדאַטן, באַוואָפנט ווי צו אַ שלאַכט, זיינען ארונטערגעקומען אין קאָמבערלאַנד. אונטער זייערע באַיאָנעטן האָבן די באַנען גענומען זיך רירן צוויי טעג שפּעטער. פון קאָמבערלאַנד זיינען די פעדעראַלע סאָלדאַטן אריבערגעקומען אין באַליטמאָר און מיט וואָפן אונטערדריקט דעם ווידער־שטאַנד פון די אַרבעטער אויף דער באַלטימאָר־אָהייאָ באַן־ליניע.

אָבער דער פּאַס פּולווער איז שוין געווען אָנגעצונדן. צוויי טעג שפּעטער האָט זיך אָנגעהויבן אַ סטרייק אויף דער פּענסילווייניע באַן־ליניע אין פּיטס־בורג. די דירעקטע אורזאַך איז געווען אַ באַפעל פון דער קאָמפּאַניע צו פאַרגרעסערן די צאָל וואַגאָנעס פון אַ פראַכט־צוג פון 17 אויף 34 מיט דער זעלבער צאָל מאַנשאַפט.

אַרבעטער באַזיגן די פעדעראַלע סאָלדאַטן אין פּיטסבורג; פאַרנעמען סט. לואיס

אינדערפרי איז אַרויס אַ באַפעל און אין אָוונט האָט זיך דער סטרייק פאַרשפּרייט ווי אַ פייער, געבלאָזן פון אַ שטאַרקן ווינט. דער צענטער פון סטרייק איז געווען די געגנט אַרום פּיטסבורג. די באַן־קאָמפּאַניע איז פאַר־האַסט געווען אין פּיטסבורג און די גאַנצע באַפעלקערונג מיטן אויסנאַם פון די רייכע האָט סימפּאַטיזירט מיט די סטרייקער. דער גאָווערנאָר האָט מאָביליזירט די מיליציע, אָבער די רייכע האָבן מורא געהאַט צופיל צו פאַר־לאָזן זיך אויף איר. האָט דער גאָווערנאָר געבראַכט 800 פעדעראַלע סאָלדאַטן פון פילאַדעלפיע. פּאַסירט האָט עס שבת נאָכמיטאָג. אַ סך אַרבעטער האָבן דעמאָלט אָנטייל גענומען אין דעמאָנסטראַציעס פאַר דעם סטרייק.

די מיליציאָנערן פון פּיטסבורג האָבן זיך געברידערט מיט די סטרייקער, אָבער די פעדעראַלע סאָלדאַטן האָבן אַטאַקירט די דעמאָנסטראַציע אומ־ברחמנותדיק. 26 אַרבעטער זיינען דערשאָסן געוואָרן אויף טויט. דאָס האָט גוואַלדיק אויפגעבראַכט די אַרבעטער און זיי האָבן זיך מאַסנווייז געלאָזט צו די סאָלדאַטן. די סאָלדאַטן האָבן דערזען אַז די אַרבעטער האָבן ניט קיין מורא פאַר קוילן, זיינען זיי צוריקגעטראָטן און זיך באַהאַלטן אין די באַן־שעפּער. די מיליציע האָבן זיי געשיקט אַהיים. די אַרבעטער האָבן צונויפ־געזאַמלט וואָפן און האָבן אינדערפרי באַלאַגערט די שעפּער. דאָס האָט פּאַסירט דעם 21סטן יולי. די אָפיצירן האָבן זיך אונטערגעגעבן און די סאָלדאַטן האָבן געמוזט פאַרלאָזן די שטאָט באַגלייט פון אַ האָגל שטיינער און ציגל. די באַן־שעפּער זיינען אונטערגעצונדן געוואָרן. דער שאָדן האָט באַטראָפן פינף מיליאָן דאָלאַר.

די שלאַכטן האָבן געוואָרפן אַ טויט־שרעק אויף דער בורזשואַזיע אין פּיטסבורג. באַוואָפנטע אַרבעטער באַזיגן פעדעראַלע טרופּן. די רייכע האָבן אָר־גאַניזירט אַ זיכערקייט (סייפטי) קאָמיטע, געזאַמלט געלט און געזען אַז די פעדעראַלע רעגירונג זאָל שיקן צוויי רעגימענטן סאָלדאַטן.

באַן־קאַמפן האָבן געפלאַקערט אין אַלע וויכטיקע באַן־צענטרען:

רעדינג, אלטונא, סקרענטאן, טאָלידאָ, לואיסוויל, שיקאגאָ, סט. לואיס און סאן־פראַנציסקאָ. אין רעדינג, פענסילווייניע, האָט די מיליציע געשאָסן און געטויטעט 13 סטרייקער און פארוואונדעט 22 אין איין שלאַכט. די ארבעטער פון שטאָט, אין גרוים אויפרעגונג, האָבן פארכאַפּט די ביקסן פון ארסענאל און אזוי ביטער זיך געשלאָגן מיט דער מיליציע, אז די מיליציאַ־נערן האָבן געמוזט אנטלויפן פון שטאָט איבערגעטאָן אין ציווילע קליידער.

אין סט. לואיס זיינען אלע ארבעטער פון שטאָט געקומען צו הילף די באן־סטרייקער. זיי האָבן פארנומען די שטאָט. די סטרייק־קאָמיטע האָט פארוואלטעט מיט דער שטאָט א גאַנצע וואָך, ביז וואַנען סאָלדאַטן האָבן איר ארויסגעזעצט און אונטערדריקט דעם ארבעטער־אויפשטאַנד.

ווי ווייט די קאַמף־גרייטקייט פון די ארבעטער איז דערגאַנגען אין אקטועלע שלאַכטן קען מען זען פון דעם באַריכט אין דער ניו יאָרקער איווענינג פּאָוסט פון יולי דעם 24סטן, איבער דעם קאַמף אין העריסבורג, הויפּט־שטאָט פון פענסילווייניע.

„נעכטן נאָכמיטאָג האָט דער המון זיך דערוואוסט, אז אַן אָפּטיילונג פון דעם פילאַדעלפיער רעגימענט אויף דעם מערב-ברעג פון טייך איז גרייט זיך אונטערצוגעבן, אויב מען וועט איר גאַראַנטירן, אַז זי וועט באַשיצט ווערן.

„ארום 4 אַזייגער האָט אַן עולם זיך אָנגעהויבן צו פאַרזאַמלען אויף דער בריק, כדי בייצוואוווינען די סצענע, ווי אַזוי דאָס מיליטער וועט זיך אונטערגעבן. ווען די סאָלדאַטן האָבן דערזען דעם עולם זיינען זיי אריינ-געפאַלן אין אַ פּאַניק, דענקענדיק אַז דער עולם וועט זיי אַטאַקירן; זיי האָבן אָנגעהויבן אָפּצוטרעטן אין דער ריכטונג פון סאַסקוועהאַנאַ טייך.

„אין אַ שעה אָדער צוויי זיינען איינגעשטעלט געוואָרן פאַרבינדונגען צווישן די סאָלדאַטן און דעם עולם און די סאָלדאַטן האָבן געקראָגן די פאַר-זיכערונג, אַז מען וועט זיי לאָזן אָפּטרעטן בשלום. עס האָט זיך באַלד פאָרמירט אַ פּראָצעסיע פון דעם המון, וואָס האָט אונטער יובל-געשרייען אריינגעמאַרשירט מיט די סאָלדאַטן אין שטאָט און מאַרשירט מיט זיי איבער דער הויפּט-גאַס, צו אַ האָטעל, וואו מען האָט די געפאַנגענע סאָלדאַטן מכבד געווען מיט עסן און מיט טרינקען. די סאָלדאַטן האָבן אָפּגעגעבן דעם המון זייער געווער.

„האַלב צוועלף ביינאַכט האָט דער באַוואָפנטער המון פאַרנומען דעם אָפּיס פון דער וועסטערן יוניאָן קאָמפּאַניע.״

קאַמפן וואָס האָבן באַקומען דעם כאַראַקטער פון אויפשטאַנדן זיינען אויך פאָרגעקומען אין ניו יאָרק, ניו דזשוירזי, אָהייאָ, אינדיאַנאַ, אילינאָי און אַנדערע שטאַטן. אַ סטרייק פון אַ קליינער גרופּע באַן־ארבעטער אין מאַרטינסבורג איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גענעראַל־סטרייק אויף אַלע

באַן־וועגן — דער ערשטער גענעראַל־סטרייק אין דער געשיכטע פון לאַנד — און אין בלוטיקע שלאַכטן צווישן מאַסן אַרבעטער און די באַוואָפנטע כחות פון דער קאַפּיטאַליסטישער מלוכה. אַזוי טיף אויפגערודערט זיינען די אַרבעטער געווען.

## אויפשטאַנד אונטערדריקט פון פעדעראַלן מיליטער

דער הערשנדיקער קלאַס און זיין פעדעראַלע רעגירונג האָבן געוואָרפן אַלע זייערע כחות. די אַרבעטער האָבן זיך געשלאָגן העלדיש מיט אַ זעלטענעם מוט. לאַנג אויסהאַלטן געגן דער פעדעראַלער אַרמיי און געגן דער פאַר־אייניקטער בורזשואַזיע האָבן זיי אָבער ניט געקענט. דער באַן־סטרייק איז אונטערדריקט געוואָרן מיט ביקסן און קאַנאָנען, אָבער די אַרבעטער האָבן זיך ניט געפילט אַנטמוטיקט. פאַרקערט, אַלע בורזשואַזע היסטאָריקער גיבן צו, אַז די פּאָליטישע און מאָראַלישע ווירקונג פון די שלאַכטן זיינען געווען ריזיקע. דער הערשנדיקער קלאַס האָט נאָך געהאַט פריש אין זכרון די פּאַריזער קאָמונע און האָט געקוקט אויף די קאַמפן ווי אויף אַ פאַרמעסטונג געגן דער סאַמער אָרדענונג. די אַרבעטער, ווידער, האָבן געבראַכן די קייטן פון אונטערטעניקייט און האָבן דעמאָנסטרירט זייער אַנטשלאָסנקייט צו קעמפן מיט געווער — אויב נויטיק — צוריקצושלאָגן די אַטאַקעס פון די קאַפּיטאַליסטן און זייער רעגירונג.

ווי אַ באַראָמעטער פאַר דער שטימונג פון דעם הערשנדיקן קלאַס קענען דינען די ווערטער פון פּרעזידענט העיז, וועלכער האָט נאָכדעם געשריבן:

„קיינמאָל איז די פאַראייניקטע שטאַטן ניט געשטאַנען אַזוי נאָענט צו אַ בירגער-קריג ווי אין די טעג פון די באַן-סטרייקס."

## דעמאַגאָגישע העצעריי געגן כינעזער אין סאַן־פראַנציסקאָ

אין סאַן־פראַנציסקאָ איז אַ דעמאַגאָג, דעניס קערני, געלונגען אָפּצוציען דעם צאָרן פון די אַרבעטער אויף די כינעזער, וואָס זיינען אָנגעקומען אין גרויסע צאָלן אין קאַליפאָרניע. אַרום 150,000 אימיגראַנטן זיינען אין דריי יאָר צייט אַריינגעקומען אין קאַליפאָרניע פון אַזיע, הויפּטזאַכלעך פון כינע. אין צייט פון פאַרשפּרייטער אַרבעטלאָזיקייט איז ניט שווער געווען דע קערני און אַנדערע אַגענטן פון די קאַפּיטאַליסטן אויפצושטעלן די כינעזער ווי די איינציקע שולדיקע אין זייער נויט און הונגער.

דעם 23סטן יולי, 1877, זיינען אַרבעטער באַפאַלן דעם כינעזישן קוואַר־

טאַל. דער קאַמף מיט די כינעזער האָט אָנגעהאַלטן צוויי טעג. פיר זיינען דערהרגעט געוואָרן. די מיטגלידער פון דער „וואָירקינגמענס פּארטי", וואָס איז אָנגעהויבט געווען מיט סאָציאַליסטישע געדאַנקען, האָבן אין דער אַטאַקע אויף די כינעזער זיך ניט באַטייליקט.

קערני האָט געוואונען איינפלוס אויף אַ סך אַרבעטער. ער האָט באַשאַפן זיין אייגענע „וואָירקינגמענס פּארטי" פון קאַליפאָרניע מיט אַ פּלאַטפאָרמע נעגן כינעזער, געמישט מיט פראַזן געגן די קאַפּיטאַליסטן אין אַלגעמיין. קערנים פּארטיי איז געוואַקסן און איז געוואָרן אַ וויכטיקער פאַקטאָר אין דעם פּאָליטישן לעבן פון קאַליפאָרניע. יאַנואַר דעם דריטן, 1878, האָט קערני געפירט אַ דעמאָנסטראַציע פון 800 אַרבעטלאָזע צו דער שטאָטרעגירונג און געפאָדערט ברויט. ער און נאָך פיר זיינען אַרעסטירט געוואָרן און זיין פּארטיי איז פאַרבאָטן געוואָרן. די פאַרפאָלגונגען האָבן נאָך מער געהייבן קערנים פּרעסטיזש צווישן די מאַסן. די פאַרבאָטענע פּארטיי האָט אָפּגעהאַלטן אַ געהיימען צוזאַמענפאָר און אָנגענומען אַן אַנטי־כינעזישע פּראָגראַם מיט נאָך מער פונקטן געגן די קאַפּיטאַליסטן. אין דער פּראָגראַם איז געווען אַ פאָדערונג פאַר דעם אַכט־שטונדיקן אַרבעט־טאָג און פאַר שווערע שטייערן אָפּצושטעלן די אָנזאַמלונג פון גרויסע רייכטימער אין איינצלנע הענט.

אַ קורצע צייט איז די פּארטיי געוואַקסן און האָט אַפילו דערוויילט אירע קאַנדידאַטן אין סאַקראַמענטאָ און אָוקלאַנד געגן די פאַראייניקטע כחות פון די רעפּובליקאַנער און דעמאָקראַטן. אָבער דער אינערלעכער מיש־מאַש און צעמישונג וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר אַזעלכע באַוועגונגען, צוזאַמען מיט די געמישטע עלעמענטן וואָס זיינען אַהין אַריין, קליינע קאַפּיטאַליסטן, פאַרמער און אַרבעטער, האָט געבראַכט דערצו, אַז קערנים פּארטיי זאָל זיך פאַנאַנדערפאַלן פון אינעווייניק.

## בורזשואַזיע בויט גרויסע אַרמאָריס, אַרבעטער לערנען קלאַסן־אייניקייט

דער היסטאָריקער דזשאָן ב. ענדריוס גיט די פאָלגנדיקע אָפּשאַצונג פון די אַרבעטער־קאַמפן אין מיטן פון די זיבעציקער יאָרן:

„די סטרייקס זיינען דורכגעפאַלן, אָבער זייער מאָראַלע ווירקונג איז געווען ריזיק. צום ערשטן מאָל אַז אַ גענעראַל־סטרייק האָט אַרומגעכאַפּט דאָס לאַנד. ביז דעמאָלט זיינען די סטרייקס פאַר דעם אַכט־שטונדיקן אַרבעט-

טאג אין פרילינג פון 1872 אין ניו יארק געווען די איינציקע גרויסע סטרייקס. אבער איצט איז די ארבעטערשאפט געווארן אן ערנסטע נאציאנאלע זאך פאר דער אלגעמיינער באפעלקערונג. פונדאמענטאלע ענדערונגען זיינען ארויסגעקומען. די אומטיכטיקע האנדלונג פון דער מיליציע האט געוויזן די נויטווענדיקייט פון א שטאנדהאפטיקער באזע פאר מיליטערישע אפע-ראציעס און די בויאונג פון א גרויסער צאל שטארקע ארמארים (באוואפנטע באראקן) אין די גרויסע שטעט. די געריכט-הייזער האבן ווידער אפגעפרישט די אלטע געזעצן פון פארברעכערישער קאנספיראציע געגן ארבעטער-ארגאני-זאציעס. אין א סך שטאטן זיינען דורכגעפירט געווארן געזעצן וואס דער-קלערן ארבעטער-ארגאניזאציעס אומגעזעצלעך.

„אבער די מאראלישע ווירקונג אויף דעם ארבעטער-קלאס איז געווען אומגעהויער. דער גייסט פון ארבעטער-סאלידאריטעט איז פארשטארקט גע-ווארן און איז געווארן נאציאנאל אין פארנעם. צום ערשטן מאל אין דער געשיכטע פון דער ארבעטער-באוועגונג זיינען פעדעראלע סאלדאטן באנוצט געווארן אין פרידלעכע צייטן צו אונטערדריקן סטרייקס. די שטאט-מיליציע איז פריער אויך ניט באנוצט געווארן געגן סטרייקס אין אזא גרויסער מאס. דער צארנדיקער געפיל פון די ארבעטער האט אנגענומען א פאליטישן כאראק-טער. אין פארלויף פון די ווייטערע צוויי יאר זיינען די געגנטן וואו די גרויסע סטרייקס זיינען פארגעקומען, געווארן א גינסטיקער באדן פאר ארבעטער-פארטייען פון אלע סארטן. אויפן געביט פון טרייד-יוניאן ארגאני-זאציע איז די ווירקונג ניט געווען אזוי שטארק. מען קען אבער מיט זיכערקייט זאגן, אז עס איז געווען א דירעקטע שייכות צווישן די אנקומענ-דיקע ארויסטרעטונגען פון די ניט-קוואליפיצירטע ארבעטער און די פארזוכן וואס זיינען געמאכט געווארן זיי צו ארגאניזירן אין פארלויף פון די גרויסע סטרייקס."

די סטרייקס און די רעוואלטן אין 1877 האבן געלערנט דער בורזשואזיע, אז זי מוז זיך אנשפארן אויף א בעסער־צוגעגרייטן באוואפנטן מלוכה־כח. אין יעדן אינדוסטריעלן צענטער זיינען אויפגעבויט געווארן ריזיקע ארמארים, וואס פארנעמען סטראטעגישע פאזיציעס. די ארמארים זיינען ספעציעל גע־בויט געגן דעם „אינערלעכן שונא", דעם ארבעטער־קלאס.

פון דער צווייטער זייט, האבן די סטרייקס און רעוואלטן אין 1877 דעמאנסטרירט די מעכטיקע סאלידאריטעט פון דעם ארבעטער־קלאס און זיין קאמף־לוסטיקייט. די ארבעטער האבן געלערנט, אז די מלוכה איז אן איינ־פאכער וואפן אין די הענט פון זייערע קאפיטאליסטישע אונטערדריקער. די שרייענדיקע נויטווענדיקייט פון איינקייט צווישן די קוואליפיצירטע און ניט־קוואליפיצירטע ארבעטער איז ארייננעקריצט געווארן אין די מוחות פון פיל ארבעטער.

## פאָליטישע טעטיקייט אויף א פאַלשן וועג

ווי אין די פריערדיקע פעריאָדן האָבן די פאַרלאָרענע סטרייקס א שטויס געטאָן די ארבעטער צו פּאָליטישער טעטיקייט. די פאַרניכטונג פון א סך יוניאָנס, די ברוטאַלע אריינמישונג פון דער מלוכה־מאַכט אין די ארבעטער־קאַמפן אויף דער זייט פון די קאַפּיטאַליסטן, האָבן געטריבן א סך פירער צו א ליניע פון קלענערן ווידערשטאַנד, צום שטים־צעטל. זיי האָבן געוואָרפן די לאָזונג, אז דער איינציקער וועג וואָס ליגט איצט פאר די ארבעטער איז זיך צו באַנוצן מיט זייער רעכט פון שטים־צעטל. אזוי ווי די קאַפּיטאַליסטן פאַראורזאַכן קריזיסן און ארבעטלאָזיקייט און די באַאַמטע און די געזעצ־געבער ברענגען סאָלדאַטן געגן די ארבעטער, איז דער לאָגישער אויסגאַנג — ארונטערצוזעצן די באַאַמטע און די געזעצגעבער. מיט קיין סטרייקס און מיט קיין רעוואָלטן קען מען דאָס ניט דורכפירן, אָבער מיט דעם שטים־צעטל, יאָ. דאַרף מען דעריבער גרינדן א פּאַרטיי, וועמענס דערוויילטע קאַנדידאַטן וועלן דינען די ארבעטער־אינטערעסן און ניט די קאַפּיטאַליסטישע אינטערעסן.

אזוי האָט די ארבעטער־באַוועגונג זיך א וואָרף געטאָן פון איין עקסטרעם צום אַנדערן: אָדער דירעקטע עקאָנאָמישע אַקציע אינגאַנצן אָן א פּאָליטישן קאַמף, אָדער א פּאָליטישער קאַמף אינגאַנצן אָן עקאָנאָמישע ארויסטרעטונגען. די פירער האָבן ניט געקענט איינזען די לעבנס־וויכטיקייט צו פאַרבינדן און פאַראייניקן ביידע סאָרטן טעטיקייט אין איין גרויסער און גאַנצער מיליטאַנטישער באַוועגונג.

אין א געוויסער מאָס פאַלט די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאר דעם שמאָלן אומפּרוכטבאַרן אויסגאַנג פון א מעכטיקער קאַמף־כוואַליע אויף די סאָציאַ־ליסטישע אָרגאַניזאַציעס. צו יענער צייט האָט שוין עקזיסטירט א סאָציאַ־ליסטישע באַוועגונג וואָס האָט נאָך דער אויפלייזונג פון ערשטן סאָציאַליס־טישן אינטערנאַציאָנאַל, יולי 1876, געזוכט צו שאַפן א פּאָליטישע ארבעטער־פּאַרטיי. צוויי אַזעלכע פּאַרטייען זיינען געגרינדעט געוואָרן — איינע אין שיקאַגאָ און די צווייטע אין ניו יאָרק. די סאָציאַליסטישע באַוועגונג איז געווען צעטיילט איבער א ריי פונדאַמענטאַלע פראַגן, באַזונדערס די שטעלונג צו די טרייד־יוניאָנס און צו באַלדיקע פאָדערונגען אין אַלגעמיין.

צווישן די דייטשע גרופּעס איז שטאַרק געווען דער איינפלוס פון די לאַסאַליאַנער, וועלכע האָבן ניט געהאַלטן פון יוניאָנס און פון סטרייקס. די אייזענאַכער (מאַרקסיסטן) האָבן געפאָדערט און איינגעשטעלט פריינטלעכע באַציאונגען מיט די יוניאָנס. אָבער אין די גרויסע און בלוטיקע ארויס־

טרעטונגען ארום די באן־סטרייקס האבן זיך די סאציאליסטן ניט באטייליקט. מאריס הילקוויט, אין זיין געשיכטע פון סאציאליזם אין די פאראייניקטע שטאטן, באמערקט מיט גרויס צופרידנהייט אז די ערשטע סאציאליסטן זיינען געשטאנען פון דער ווייטן פון די גאסן־קאמפן און האבן אפילו געראטן די ארבעטער אויפצוגעבן דעם ווידערשטאנד צו דער מיליציע און צו די פעדע־ראלע סאלדאטן. די מערהייט סאציאליסטן זיינען געשטאנען דורכאויס אויפן שטאנדפונקט פון געזעצלעכקייט און זיך פארנומען מיט אגיטירן פאר סאַ־ציאליזם. אין די ארבעטלאזע דעמאנסטראציעס אין 1873-1874 האבן די סאציאליסטן יא אנטיילגענומען און אפילו פארנומען אן אנפירנדיקע פאזיציע.*)

כמעט אין אלע שטעט זיינען אויפגעשפרונגען ארבעטער־פארטייען. קיין קלארע פראגראם האבן זיי ניט פארמאגט. די ארבעטער האבן געוואוסט, אז עטוואס דארף באלד געטאן ווערן ארויסצורייסן די אבסאלוטע פאליטישע מאכט פון די קאפיטאליסטישע הענט, ווי אזוי דאס צו פארווירקלעכן האבן זיי ניט געהאט קיין אנונג. די אבסטראקטע פראפאגאנדע פון די סאציא־ליסטן האט ניט געקענט אריינפירן די פאליטישע אנרעגונג פון די מאסן אין א ריכטיקן, צוועקמעסיקן קאנאל, האבן די ארבעטער זיך אריינגעווארפן אין דער „גרינבעק“־באוועגונג, וואס האט אויסגעדריקט דעם פארלאנג פון די קליינבירגערלעכע עלעמענטן פאר פינאנציעלע רעפארמען. באזונדערס זיינען די פארמער טעטיק געווען אין דער „גרינבעק“־באוועגונג.

## ווידעראמאל די „גרינבעק“־באוועגונג און קאאפעראטיוון

די „גרינבעקס“ האבן פארגעזעצט דעם אלטן קאמף געגן די גרויסע באנקען וואס האבן פארמאגט דאס רעכט ארויסצולאזן זייער אייגן געלט. די פינאנציעלע פאניק האט ארויסגערוקט דעם באנקיר ווי דעם הויפט־פיינט. די ברייטע שיכטן פון דער באפעלקערונג האבן געזען אין דעם באנקיר דעם קוואל פון אלע זייערע ליידן. ווען די פאניק איז פאריבער האט דער קאמף פאר פינאנציעלע רעפארמען אנגענומען ברייטערע פארמען. יעדער עקאנאמישער שיכט האט אריינגעלייגט אין דער „גרינבעק“־באוועגונג זיינע אייגענע נויטן. די פארמער האבן געזוכט רעגולאציעס צו צאמען די אפעטיטן פון די באן־קאמפאניעס, וואס האבן ארויפגעשרויפט די פרייזן פאר פראכט.

*) מער וועגן דעם אין קאפיטל: די סאציאליסטישע באוועגונג.

קליינע סוחרים און פאבריקאנטן האבן געזוכט ביליקערן קרעדיט און געזעצן נעגן די גרויסע קאפיטאליסטישע העכט. איצט זיינען צוגעקומען די ארבעטער מיט זייערע פאדערונגען. „גרינבעקיזם" איז געווארן אויף א קורצער צייט גרעסטנטייל א באוועגונג פון די קוואליפיצירטע ארבעטער.

דער גרונט־געדאנק פון דעם ארבעטער־„גרינבעקיזם" האט געשטעקט אין דער אוטאפישער האפענונג, אז מיט דער הילף פון דער רעגירונג קענען זיי אויפלעבן די פראדוציר־קאאפעראטיווע באוועגונג, וואס וועט דערפאלגרייך ארויסטרייבן די קאפיטאליסטן פון דער פראדוקציע. דער פלאן איז באשטאנען אין צווינגען דער רעגירונג דורך פאליטישער אקציע, אז זי זאל ארויסלאזן ניי געלט און פינאנסירן די ארבעטער־קאאפעראטיוון. דער חשבון איז געווען א פשוטער. דער פריוואטער קאפיטאליסט בארגט געלט אין באנק און צאלט 12 פראצענט. דער ארבעטער־קאאפעראטיוו וועט קריגן געבארגט פון דער רעגירונג אויף דריי פראצענט. דער אונטערשייד אין די פראצענטן וועט ליפערן דעם קאאפעראטיוו א פארצוג איבער דעם פריוואטן ארבעטנעבער. אזוי ארום וועט מען זיך דערשלאגן דעם גליקלעכן רעזולטאט: ברעכן די קאפיטאליסטישע פראדוקציע.

די „גרינבעק"־באוועגונג און די ארבעטער־פארטייען, וואס זיינען געגרינדעט געווארן ארום איר, זיינען געשטיצט געווארן הויפטזאכלעך פון בעלמלאכות וואס האבן געזען אין איר א האפענונג זיך ארויסצורייסן פון די נעגל פון קאפיטאליסט און ווערן זעלבסטשטענדיקע פראדוצירער. די מאדערנע גרויס־קאפיטאליסטישע פראדוקציע האט נאך ניט אזוי ענג ארומגעכאפט אלע ווינקעלעך פון ווירטשאפטלעכן לעבן. די האפענונג צו ווערן זעלבסטשטענדיק האט נאך געשלאגן אין די הערצער פון פיל קוואליפיצירטע ארבעטער.

די „גרינבעק"־באוועגונג האט זיך שנעל פארשפרייט און זי האט געהאלטן ביים שאפן א נאציאנאלע ארבעטער־פארטיי. דער ערשטער פארזוך איז געווען דער נאציאנאלער צוזאמענפאר אין טאלידא, אהייא, אין 1878. דארטן זיינען אנוועזנד געווען אלע יוניאן־פירער און פארשטייער פון די וויכטיקע ארבעטער־פארטייען. דער צוזאמענפאר האט באשלאסן צו געבן א נאמען דער פארטיי „גרינבעק לייבאר פארטי", ווי א סימבאל וואס פאראייניקט די ארבעטער, פארמער און קליינבירגער. צוויי יאר שפעטער האט די „גרינבעק לייבאר פארטי" ארויסגעשטעלט א פרעזידענט־קאנדידאט, דזשיימס וויווער, וועלכער האט באקומען אינגאנצן 300,000 שטימען. די עקאנאמישע לאגע אין לאנד האט זיך דערווייל פארבעסערט און די פארשיידענע

עלעמענטן וואָס האָבן זיך פאַראייניקט אין דער נייער פּאַרטיי זיינען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען. די רעגירונג האָט אַרויסגעלאָזט געגוג פּאַפּיר־געלט און די קליינבירגערלעכע קלאַסן האָבן אַ ביסל פרייער אָפּגעאָטעמט.

פאַר די פּרעזידענט־וואַלן האָט די „גרינבעק לייבאָר פּאַרטי" געהאַט גרויס דערפאָלג אין לאָקאַלע וואַלן. אירע קאַנדידאַטן האָבן געצויגן אַ מיליאָן שטימען. די פירער פון די „נייטס" האָבן זיך באַטייליקט אין דער „גרינבעק"־לייבאָר פּאַרטיי. באַטייליקט האָט זיך אויך אַלבערט פּאַרסאָנס, שפּעטער פירער פון די אַנאַרכיסטן אין שיקאַגאָ און איינער פון די העימאַרקעט־מאַרטירער. (פּראָפעסאָר וועיר, היסטאָרי אָוו די לייבאָר מואוומענט, זייט 51). דזשיימס פּאודערלי, גרענדמייסטער (הויפּט) פון די „נייטס אָוו לייבאָר", איז דערוויילט געוואָרן מעיאָר פון סקרענטאָן, אַ האַרטער קוילן־צענטער אין פּענסילווייניע. 14 קאָנגרעסלייט זיינען דערוויילט געוואָרן אין פאַרשיידענע שטאַטן און צענדליקער סענאַטאָרן און הונדערטער מיטגלידער אין די שטאַט־געזעצגעבערישע אַנשטאַלטן. די שטימען זיינען געקומען פון פּאַרמער, אַרבעטער און קליינבירגער. דער סוף פון קריזיס האָט געמאַכט אַ סוף צו די אוטאָפּישע פּלענער אין דעם געמיש פון אינטערעסן.

דער סוף פון די זיבעציקער יאָרן האָט אויך געבראַכט אַ פאַרזוך אויפצולעבן די קאָנסום־קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג. אַ געהיימע אָרגאַניזאַציע, די „סאָווערעינס אָוו אינדאָסטרי" (הערשער פון אינדוסטריע), איז געגרינדעט געוואָרן פון איינעם וויליאַם ה. אוירל אין 1874, אין וואוסטער, מאַסאַטשוזעטס. די אָרגאַניזאַציע האָט אַ פּאָר יאָר שפּעטער געציילט 40,000 מיטגלידער און מיט גרויס באַגייסטערונג און טומל זיך גענומען בויען קאָאָפּעראַטיווע געשעפטן. זייער עקזיסטענץ איז געווען זייער קורץ און זייער אונטערגאַנג גאַנץ שנעל. אין 1880 איז פון די קאָאָפּעראַטיוון גאָרניט פאַרבליבן. קאָנקורענץ פון די פּריוואַטע געשעפטן, אומפּייאיקע פאַרוואַלטונג, דער אונטערשייד אין דעם לעבנס־סטאַנדאַרד און פון די שפּייז־געוואוינהייטן פון די פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן וואָס באַוואוינען די אַרבעטער־קוואַרטאַלן אין ניו ענגלאַנד, האָבן פאַרשנעלערט זייער באַנקראָט.

פופצנטער קאַפּיטל

# די „נייטס אָוו לייבאָר" און דער גרויסער אויפברויז

אינדוסטריעלער אויפבלי אין לעצטן פערטל פון 19טן יאָרהונדערט. — די אַנטוויקלונג פון דער מעטאַל-אינדוסטריע און פון באַן-ליניעס. — די איבערוואַנדערונג אין וויטן מערב. — די צעטיילונגען אין אַרבעטער-קלאַס.—די פאַרשפּרייטונג פון אינדוסטריעס.— אַרבעטער בויען ווידער זייערע אָרגאַניזאַציעס. — דער גרויסער מיליטאַנטישער שוואונג פון די ניט-קוואַליפיצירטע אַרבעטער.— די אַנטשטייאונג פון די „נייטס אָוו לייבאָר". — די „נייטס" ווערן דער קאַנאַל וואוהין די אומאָרגאַניזירטע אַרבעטער שטראָמען. — די גרויסע באַן-סטרייקס און זייער באַדייטונג. — דער ראַשיקער וואוקס פון די „נייטס". — אַרבעטער גיבן ביישפּיל פון פּראָלעטאַרישער סאָלידאַריטעט. — די סטרייקס פון די פלייש-אַרבעטער און פון די דאָק-אַרבעטער. — דער קאַמף פאַר די אַכט שטונדן און דער סאַבאָטאַזש פון די „נייטס"-פירער. — די פאַנאַנדערפאַלונג פון די „נייטס אָוו לייבאָר".

### דער ראַשיקער וואוקס פון אינדוסטריע און באַן־ליניעס

דער לעצטער פערטל פון דעם 19טן יאָרהונדערט איז געווען אַ פּעריאָד פון עקאָנאָמישן אויפבלי. דער אַגראַר־כאַראַקטער פון די פאַראייניקטע שטאַטן פון 1850 איז אַריבערגעוואַקסן אין אַן אינדוסטריעלן אין 1890 און 1900. אינדוסטריע פאַרנעמט דעם אויבן־אָן אין דערווירטשאַפט פון לאַנד. אַ גרויסער פּראָלעטאַריאַט איז אויפגעזאַמלט אין נייע אינדוסטריעלע צענטרען.

אַ נעץ באַן־ליניעס האָט פאַראייניקט צום ערשטן מאָל ביידע אָקעאַנישע ברעגן, דעם אַטלאַנטיק און דעם פּאַסיפיק. דער בירגער־קריג האָט געבראַכן דעם ווידערשטאַנד פון די פעאָדאַלע באַראָנען אין דרום צו די טראַנס־קאָנטינענטאַלע באַן־ליניעס. אין יוני 1862 האָט דער קאָנגרעס באַשטעטיקט די בויאונג פון דער „יוניאָן פּאַסיפיק" באַן־ליניע פון מיטל־מערב — אָמאַהאַ צום וויטן מערב — סאַקראַמענטאָ, קאַליפאָרניע. אין 1864 איז באַשלאָסן

געוואָרן צו בויען די „נאָרטערן פאַסיפיק״, וועמענס רעלסן האָבן פאַרבונדן דעם מיטל־מערב מיט דעם ווייטן צפון־פאַסיפישן ים־ברעג. צוויי יאָר שפּע־טער איז מען צונעטראָטן צו לייגן דעם באַן־וועג פאַר דער „סאַוטערן פאַ־סיפיק״, די ערשטע ליניע פון שיקאַגאָ צו קאַליפאָרניע. אין 1884 האָבן שוין פונקציאָנירט פיר טראַנסקאָנטינענטאַלע באַן־ליניעס, מיט אַ צוגאָב פון אַ פינפטער, וואָס האָט דורכגעשניטן אַ וועג פון צפון דורך קאַנאַדע.

די באַן־ליניעס צום ווייטן פאַסיפישן ים־ברעג האָבן גוואַלדיק אַ שטויס געגעבן די אינדוסטריע און האַנדל. זיי האָבן שטאַרק פאַרגרעסערט די איבערוואַנדערונג פון מזרח צו מערב און ראַדיקאַל געענדערט איר כאַראַקטער. געפאָרן זיינען שוין ניט בלויז מענטשן וואָס האָבן געזוכט שנעל רייך צו ווערן אין דעם ווייטן מערב און נאָכדעם זיך צוריקקערן אין דער אַלטער היים אָדער לאַנד־הונגעריקע פאַרמער. איצט זיינען שוין געפאָרן אַ סך אָרעמע מענטשן צו זוכן אַרבעט אין די נייע ישובים, אַ סך ארבעטער האָבן אויס־געוואַנדערט אַנטלויפנדיק פון אַרבעטלאָזיקייט, קליינע פאַרדינסטן א. ד. ג. די באַפעלקערונג אין דעם פריער־אומבאַזעצטן טייל לאַנד צו מערב און צפון־מערב פון פאַסיפישן אָקעאַן — קאַליפאָרניע, אָרעגאָן און וואַשינגטאָן שטאַטן — איז ראַשיק געוואַקסן.

דאָס איבערוואַנדערן פון מזרח צו מערב האָט אָן צוויפל געלייגט אַ שטעמפּל אויף דער אַנטוויקלונג פון דער אַרבעטער־באַוועגונג. עס האָט געליפערט פאַר געוויסע גרופּעס אַרבעטער אַן אויסגאַנג פון זייערע אוממיטל־באַרע ליידן. גלייכצייטיק איז אַ גרויסער טעות — ווי אייניקע היסטאָריקער טוען — צו באַטראַכטן די אויסוואַנדערונג ווי דעם אויסשליסלעכן אָדער הויפּט־פאַקטאָר.

## די צעטיילונג אין דעם אַרבעטער־קלאַס

מען קען ניט באַגרייפן די זיגזאַג־אַנטוויקלונג און שפּעטער די פאַר־גליווערטקייט פון דער אָפיציעלער אַרבעטער־באַוועגונג סיידן מען אַנאַליזירט דעם איינערלעכן צוזאַמענשטעל פון דעם אַרבעטער־קלאַס אין די יאָרן פון אינ־דוסטריעלער אויסשפּרייטונג. דער אימפּעטיקער וואוקס פון די פּראָדוקטיווע כוחות, דער אוימאויפהערלעכער שטראָם אימיגראַנטן האָט באַשאַפן אַ שאַרפע צעטיילונג אין דעם אַרבעטער־קלאַס צווישן די הויך־קוואַליפיצירטע גע־שולטע אַרבעטער און די האַלב־ און גאָרניט־קוואַליפיצירטע. אין דעם גרויסן היסטאָרישן מאָמענט, אין די אַכציקער יאָרן, נאָך דעם קריזיס פון

1873—1879 איז געווען אַ גלענצנדיקע מעגלעכקייט צו פאַראייניקן ביידע אַרבעטער־טיילן אין איין אָרגאַניזירטער, געשלאָסענער אַרמיי. אַזאַ פאַראייניקונג וואָלט אָן צווייפל שאַרף געענדערט דעם גאַנצן אויסזען פון דעם אַרבעטער־קלאַס. אָבער צו אַזאַ פאַראייניקונג איז ניט געקומען. דער קאַפּיטל און דער קומענדיקער זיינען אָפּגעגעבן צו אַן אָפּהאַנדלונג פאַרוואָס די פאַראייניקונג איז ניט דורכגעפירט געוואָרן, וואָס זיינען געווען די אָביעקטיווע שטערונגען און ווער האָט פאַרגעשטעלט מיט זיך די סוביעקטיווע שטערונגען. ביי דער געלעגנהייט איז נויטיק צו אונטערשטרייכן, אַז די קאַפּיטאַליסטן האָבן אַלס רעזולטאַט פון די שטורמישע סטרייקס אין די אַכציקער און נײַנציקער יאָרן, אָנגעווענדט דעם אַלטן כּלל: צעטייל און הערש. די קאַפּיטאַליסטן האָבן אויסגעקליבן נאָכצוגעבן די קלענערע גרופּעס געשולטע אַרבעטער און ניט די גרויסע מאַסע האַלב־ און גאָרניט־געשולטע. דערמיט האָבן די קאַפּיטאַליסטן אַקטיוו געהאָלפן די פירער פון די געשולטע אַרבעטער אָפּצוזונדערן זייערע מיטגלידער פון דעם גרויסן שטראָם פון דעם אַרבעטער־קלאַס.

דער גרויסער אויפבלויז אין יענעם פעריאָד דערקלערט זיך ערשטנס דערמיט, וואָס די ניט־געשולטע אַרבעטער־מאַסע איז צום ערשטן מאָל ארויס ווי אַן אָרגאַניזירטער כּח. קאַפּיטאַליזם אין די פאַראייניקטע שטאַטן האָט דורכגעמאַכט זיין שוואונג אין דער זעלבער צייט ווי דער קאַפּיטאַליזם אין ענגלאַנד און מערב־אייראָפּע. אויך דאָרטן האָט די ברייטע אינדוסטריאַליזירונג אויפגערודערט די מאַסן אַרבעטער און זיי אַריינגעצויגן אין גרויסע קאַמפן פאַר זייערע רעכט און פאַר זייער לעבן. דער גרויסער אויפבלויז אין די אַכציקער יאָרן איז דעריבער ניט קיין ספּעציעל־אַמעריקאַנישע דערשיינונג. אין גרונט גענומען איז עס אַ פּראָדוקט פון דער אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם אין אַלע לענדער.

דער אָנהייב פון קאָנצענטראַציע פון רייכטימער

ווי אַלעמאָל איז די אינדוסטריעלע אויסשפּרייטונג ניט געגאַנגען אויף אַ גראַדער ליניע. אויסער דעם שווערן קריזיס וואָס איז אויסגעבראָכן אין 1873, איז געווען אַ דעפּרעסיע (אַן עקאָנאָמישע געדריקטקייט) אין 1894. די אַרבעטער האָבן שטאַרק געליטן פון דער דעפּרעסיע. אין אַלגעמיין אָבער איז עס געווען אַ פעריאָד פון עקאָנאָמישער שטייגונג.

אין די אַכציקער יאָרן איז געלייגט געוואָרן דער פונדאַמענט פון די ריזיקע אינדוסטריעלע און פינאַנציעלע דינאַסטיעס. די באַן־ליניעס זיינען

פאַרכאַפּט געוואָרן פון עטלעכע פאַמיליעס, די גולדס, הילס און וואַנדערבילטס. דזשאָן ד. ראַקעפעלער האָט אויפגעשטעלט זיין קעניגרייך פון אָיל, די סטאַנ־דאַרד אויל קאָמפּאַניע. דזש. פּ. מאָרגאַן האָט אויסגעלייגט פּלענער צו צונויפשמעלצן און טראַסטיפיצירן אַ ריי גרונט־אינדוסטריעס. ענדרו קאַר־נעגיע האָט געבויט זיין קאָלאָסאַלן פאַרמעגן איינשליסנדיק איין שטאָל־פאַבריק נאָך דער צווייטער.

ציפערן וועגן וואוקס פון אינדוסטריע

אין 1850 איז דער באַוועגלעכער און אומבאַוועגלעכער אינוועגטאַר פון די פאַרמער (הייזער, שטאַלן, פערד און פי, געצייג א. ד. ג.) ווערט געוואָרן אַרום 700 מיליאָן דאָלאַר. דאָס האָט באַטראָפן מיט 30 פּראָצענט מער ווי די סומע געלט וואָס איז אַריינגעלייגט געוואָרן אין דער אינדוסטריע.

אין 1900 איז דער באַוועגלעכער און אומבאַוועגלעכער אינוועגטאַר פון די פאַרמער אויסגעוואַקסן צו דריי ביליאָן מיט 825,252 דאָלאַר. אָבער די סומע האָט באַטראָפן נאָר פערציק פּראָצענט פון די קאַפּיטאַלן וואָס זיינען צו יענער צייט אַריינגעלייגט געוואָרן אין דער אינדוסטריע.

אין 1880 איז דער טאָטאַל ווערט פון דער אינדוסטריעלער פּראָדוקציע אַריבערגעשטיגן צוויי און אַ האַלב מאָל די פאַרם־פּראָדוקציע.

אין 1890 האָט די אינדוסטריעלע פּראָדוקציע אַריבערגשטיגן פיר מאָל די פאַרם־פּראָדוקציע. (א. שלעזינגער, פּאָליטיקעל ענד סאָשעל היסטאָרי אָוו די יונייטעד סטייטס, זייט 276.)

אַנטוויקלונג פון אינדוסטריעלער פּראָדוקציע (פאַרענדיקטע אַרטיקלען אינדוסטריע)

| יאָר | צאָל אונטערנעמונגען (אין טויזנטער) | צאָל אַרבעטער (אין טויזנטער) | יערלעכע שכירות (אין טויזנטער דאָל.) | ווערט פון רויע מאַטעריאַלן (אין טויזנטער דאָלאַרן) | ווערט פון אויסגעאַרבעטע סחורות (אין טויזנטער דאָלאַרן) |
|---|---|---|---|---|---|
| 1850 | 123 | 957 | 236,755 | 355,123 | 1,019,106 |
| 1860 | 140 | 1,311 | 378,878 | 1,091,605 | 1,885,861 |
| 1870 | 252 | 2,053 | 620,467 | 1,990,741 | 3,385,860 |
| 1880 | 253 | 2,732 | 947,953 | 3,396,823 | 5,369,579 |
| 1890 | 355 | 4,251 | 1,891,219 | 5,126,013 | 9,372,378 |
| 1900 | 512 | 6,305 | 2,320,938 | 7,343,627 | 13,000,149 |

פראָדוקציע פון רויע מאַטעריאַלן
(אין טויזנטער טאָנען)

| יאָר | אייזן | קוילן |
|---|---|---|
| 1860 — — — — — — | 2,873 | 18,513 |
| 1870 — — — — — — | 3,031 | 32,863 |
| 1880 — — — — — — | 7,120 | 63,823 |
| 1890 — — — — — — | 16,036 | 140,867 |
| 1900 — — — — — — | 27,553 | 240,966 |

די טעקסטיל־אינדוסטריע, די ערשטע אין לאַנד, איז אויך געוואקסן, אָבער ניט אין אַזאַ שנעלער פּראָפּאָרציע ווי קוילן, שטאָל און אייזן. דער ווערט פון דער טעקסטיל־פּראָדוקציע איז אויסגעוואקסן פון 115½ מיליאָן דאָלאַר אין 1860 צו העכער 339 מיליאָן דאָלאַר אין 1900. דער סוף פון דעם 19טן יאָרהונדערט איז געווען דער אויפבלי פון דער מעטאַל־אינדוסטריע אין די פאַראייניקטע שטאַטן און איר קאָנצענטראַציע אין איינצלנע הענט דורך גרויסע קאָרפּאָראַציעס און טראַסטן.

די צען יאָר צווישן 1880—1890 זיינען געווען די העכסטע אין דער צאָל אימיגראַנטן וואָס האָבן געלאַנדעט אין די פאַראייניקטע שטאַטן אין דעם 19טן יאָרהונדערט.

אין דעם צענדליק יאָר זיינען אריינגעקומען אין לאַנד פינף און אַ פערטל מיליאָן אימיגראַנטן, אין פאַרגלייך מיט צוויי מיליאָן אַכט הונדערט טויזנט אין דעם פאַריקן צענדליק יאָר און דריי מיליאָן, זעקס הונדערט אַכט און אַכציק טויזנט אין דעם לעצטן צענדליק פון 19טן יאָרהונדערט. ארום דריי־פערטל פון די אימיגראַנטן האָבן זיך איינגעאָרדנט אין די אינדוסטריעלע שטעט פון צפון־מזרח. דער שטראָם אויסוואַנדערער פון צפון־מזרח צום ווייטן מערב איז באַשטאַנען גרעסטנטיילס פון געבוירענע אַמעריקאַנער.

מיליטאַנטישער שוואונג פון ניט־קוואַליפיצירטע אַרבעטער

נאָך דעם קריזיס פון 1873—1879 האָבן די אַרבעטער באַנייט זייערע פאַרזוכן אויפצושטעלן די האַלב־צעבראָכענע יוניאָנס. די קאַפּיטאַליסטן האָבן זיך ניט געאיילט אָפּצוגעבן די פיל לוין־שניטן וואָס זיי האָבן דורכגעפירט אין פאַרלויף פון די קריזיס־יאָרן. קאַפּיטאַליסטן העכערן קיינמאָל ניט די אַרבעטער־שכירות מיט זייער גוטן ווילן. די אַרבעטער האָבן עס גוט געוואוסט.

א נייער דראנג צו ארגאניזאציע האט ארומגעכאפט גרויסע טיילן פון דעם ארבעטער־קלאס. דאס מאל איז דער דראנג געקומען פון צוויי זייטן, פון די קוואליפיצירטע ארבעטער וועלכע האבן שוין פריער געהאט ארגאני־זאציעס און פון די האלב־ און גארניט־קוואליפיצירטע ארבעטער וואס זיינען פריער — מיט ספאנטאנע אויסנאמען אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע — געווען אינגאנצן אומארגאניזירט און פאקטיש אויסער דער ארבעטער־באוועגונג. די מעכטיקע סטרייק־כוואליע וואס האט זיך שפעטער צעגאסן איבערן לאנד איז שוין באשטאנען פון צוויי שטראמען. איין שטראם פון די קוואליפיצירטע ארבעטער וועלכע האבן געהאט א ברייטע דערפארונג אין ווידערשטאנד געגן די קאפיטאליסטן און א צווייטער שטראם פון פאבריק־הענט וואס זיינען צום ערשטן מאל ארויסגעטראטן ווי אן ארגאניזירטער כח.

די הויפט־וויכטיקייט פון דעם פעריאד אין די אכציקער יארן איז דער גרויסער מיליטאנטישער שוואונג פון די ניט־קוואליפיצירטע ארבעטער. זייער אריינטרעטן אין קאמף האט אינגאנצן געענדערט דעם אויסזען פון דער ארבעטער־באוועגונג. דער פאקט וואס צום סוף זיינען אט־די ארבעטער־מאסן באזיגט געווארן אין די שלאכטן מיט די קאפיטאליסטן איז ניט זייער שולד. די גאנצע פאראנטווארטלעכקייט פאלט אויף דער פירערשאפט פון די הויך־קוואליפיצירטע ארבעטער, וואס האט אין אט־דעם היסטארישן פעריאד דער־לאנגט די אומארגאניזירטע, ניט־קוואליפיצירטע ארבעטער מיט א מעסער אין רוקן און זיי איבערגעלאזט אויף הפקר, צום ווילן פון די קאפיטאליסטן. שולדיק איז אויך געווען די צעטומלטע, צעשוואומענע פירערשאפט וואס די ניט־קוואליפיצירטע ארבעטער האבן פארמאגט. שולדיק איז אויך דער צו־שטאנד וואס האט געהערשט אין דער סאציאליסטישער באוועגונג, וואו גרינגשעצונג צו די טעגלעכע נויטן פון די ארבעטער איז געגאנגען האנט אין האנט מיט אומצוטרוי צו דער קאמף־גרייטקייט פון די מאסן.

## דער פראלעטאריאט פון די שווערע אינדוסטריעס זוכט ארגאניזאציע

די אכציקער יארן האבן פארפונדעוועט די נייע שווערע אינדוסטריעס, ווי די שטאל און אייזן אינדוסטריע, די מאשין־בוי אינדוסטריע, ערד־ארבעט מאשינען אינדוסטריע, די קוילן־אינדוסטריע און דאס גלייכן. א גרויסער פראלעטאריאט האט זיך אנגעזאמלט אין יענע אינדוסטריעס, האלב אדער גארניט געשולט און גרעסטנטיילס אריבערגעקומענע פון יענער זייט אקעאן. אט־דער פראלעטאריאט האט געזוכט ארגאניזאציע ארויסצוטרעטן אין קאמף

געגן דער שרעקלעכער עקספּלואַטאַציע. די אָרגאַניזאַציע האָט ער געפונען אין די „נייטס אָוו לייבאָר" (ריטער פון אַרבעט). דער שפּעטערדיקער אונטערגאַנג פון די „נייטס אָוו לייבאָר" אונטער די קלעפּ פון די פאַראייניקטע קאַפּיטאַליסטן און זייער רעגירונג, אונטער די אַטאַקעס פון די פאַך־יוניאָנס און פון דער צעקראָכנקייט און הילפלאָזיקייט פון די אייגענע פירער, האָט אָפּגעשטעלט די ווייטערדיקע אָרגאַניזאַציע און די ווייטערדיקע גרעסערע קאַמפן פון די מיליאָנען האַלב־ און גאָרניט־קוואַליפיצירטע אַרבעטער. פאַרבליבן זיינען נאָר די פאַך־יוניאָנס פון קוואַליפיצירטע אַרבעטער, פאַראייניקט אין דער „אַמעריקאַן פעדערייישאָן אָוו לייבאָר" און אָנגעפירט פון אַ שמאָל־סעפּיקער, ענג־האַרציקער, רעאַקציאָנערער פירערשאַפט מיט סעמועל גאָמפּערסן אין דער שפּיץ. די אויבערהאַנט וואָס דער גאָמפּערסיזם האָט געקראָגן אין דער אַרבעטער־באַוועגונג איז געווען אַ גרויסער אומגליק פאַרן אַרבעטער־קלאַס.

דעם דראַנג צו אָרגאַניזאַציע קען מען זען פון די פאָלגנדיקע ציפערן אין די דריי יאָר גלייך נאָך דעם קריזיס:

די מיטגלידערשאַפט אין די יוניאָנס אין 1880—1883

| יאָר — — | 1880 | 1881 | 1882 | 1883 |
|---|---|---|---|---|
| נייטס אָוו לייבאָר— | 28,136 | 19,422 | 42,517 | 51,914 |
| מוליאַרעס — — — | 303 | 1,558 | 6,848 | 9,139 |
| דרוקער — — — | 6,520 | 7,931 | 10,439 | 12,273 |
| ציגאַרמאַכער — — | 4,409 | 12,000 | 11,430 | 13,314 |
| סטאָליאַרעס — — | 2,042 | 3,760 | 3,870 | 3,293 |

די צאָל אָרגאַניזירטע אַרבעטער, אַריינרעכענענדיק די באַן־יוניאָנס, האָט אין 1883 באַטראָפן צווישן 200,000 און 225,000 און אין 1885 ניט ווייניקער פון 300,000. אין 1886 איז שוין געווען אַרום אַ מיליאָן אָרגאַניזירטע אַרבעטער איןביידע אָרגאַניזאַציעס.

מיט דער אויפלעבונג פון די טרייד־יוניאָנס, האָבן אויך אויפגעלעבט די שטאָטישע צענטראַלע קערפּערשאַפטן. ס'איז ניט געווען קיין גרעסערע שטאָט, וואָס זאָל ניט האָבן געהאַט אַ צענטראַלע קערפּערשאַפט פון אַלע אָרטיקע יוניאָנס. עס זיינען אויך ווידער אַנטשטאַנען נאַציאָנאַלע יוניאָנס אין אַ ריי פאַכן.

די גייסטיקע טרעגער פון דעם פאַך־יוניאָניזם זיינען געווען אַדאָלף שטראַסער און סעמועל גאָמפּערס פון דער ציגאַרמאַכער יוניאָן און מעקווייר

פון דער סטאָליאַרעס יוניאָן. שטראַסער און מעקווייר האָבן זיך פריער געהאַלטן פאַר אָנהענגער פון סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל. גאָמפּערס האָט זיי שפּעטער אַריבערגעוואונען אויף דער זייט פון קאָנסערוואַטיוון טרייד-יוניאָניזם.

די ניט-קוואַליפיצירטע אַרבעטער האָבן ניט געהאַט קיין פירער וואָס זאָלן וויסן וואָס זיי ווילן און קענען אויסהאַמערן אַן איינהייטלעכע באַוועגונג. די „נייטס אָוו לייבאָר" איז צופעליק געוואָרן דער קאַנאַל, דורך וועלכן דער גרויסער שטראָם אַרבעטער האָט זיך געצויגן.

### „נייטס אָוו לייבאָר" געבוירן ווי אַ געהיימער אָרדן

די „נייטס אָוו לייבאָר", וואָס האָט געשפּילט אַזאַ אָנפירנדיקע ראָל אין דעם אַרבעטער-קלאַס, איז אַנטשטאַנען נאָך אין 1869 ווי אַ געהיימער אָרדן — געגרינדעט פון איינעם סטעפענס אין פילאַדעלפיע. סטעפענס איז געווען אַ שניידער וואָס האָט זיך געגרייט צו ווערן אַ גלח. ביי אים אין קאָפּ האָט זיך געפּלאָנטערט אַ מיש-מאַש פון פּלענער ווי אַזוי צו פאַרגרינגערן די לאַגע פון די אַרבעטער און שאַפן האַרמאָניע צווישן „אַרבעט און לעגיטימען קאַפּיטאַל". די געהיימניספולקייט פון דעם אָרדן איז געווען אַ באַוואָרעניש געגן די שפּיאָנען, וואָס די קאַפּיטאַליסטן פלעגן אַריינשיקן אין די אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס. די ריטואַלן ביים אַריינגעמען מיטגלידער זיינען צוגעטראַכט געוואָרן ווי אַ מיטל צו האַלטן זיי פעסטער אין דער אָרגאַניזאַציע.

ניין יאָר איז דער אָרדן פאַרבליבן אַ געהיימע אָרגאַניזאַציע מיט אַ זייער באַשרענקטער מיטגלידערשאַפט. אין 1878 האָט דער אָרדן געמוזט אויפגעבן זיין געהיימען כאַראַקטער. נאָך דער פאַריזער קאָמונע, די בלוטיקע רעוואָלטן פון די באַן-אַרבעטער אין 1877 און די „מאָלי מאַגווייערס" אין די האַרטע-קוילן געגנטן, האָט די בורזשואַזיע געציטערט פאַר געהיימע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס. די פּרעסע און די קירך האָבן געטריבן אַ גיפטיקע קאַמפּאַניע געגן דעם אָרדן. דאָס האָט געצוואונגען דעם צוזאַמענפאָר פון די „נייטס אָוו לייבאָר" אין רעדינג, פּענסילווייניע, אין 1878, צו באַשליסן אַרויסצוקומען אין דער עפנטלעכקייט. אַ נייע פּרינציפּן-דעקלאַראַציע איז אָנגענומען געוואָרן, וואָס שטרייכט אונטער עטוואָס שאַרפער דעם אַרבעטער-כאַראַקטער פון די „נייטס אָוו לייבאָר". אין דער דעקלאַראַציע איז גאָרניט געווען אַזוינס, וואָס זאָל דערמאָנען קלאַסנקאַמף און מיליטאַנטישע מעטאָדן. די „נייטס אָוו לייבאָר" האָבן נאָך אַלץ אַרויסגערוקט פּראָדוציר-קאָאָפּעראַ-

טיוון פאר דעם רעטונג־מיטל וואס וועט באפרייען די ארבעטער פון דעם קאפיטאליסטישן יאך. „הארמאניע צווישן ארבעט און נויטוועגדיקן קאפי־טאל" איז נאך אלץ פארבליבן די שטרעבונג פון דעם אָרדן. פון סטרייקס און ארבעטער־קאמף בכלל איז דער אָרדן געווען גאנץ ווייט. די איינציקע דירעקטע שייכות מיט סטרייקס איז געווען דער פונקט אין דער קאָנסטיטוציע, וואס דערלויבט טרייד־יוניאָנס זיך אָנצושליסן אלס גאנצע אָרגאניזאציעס אין דעם אָרדן.

דער נייער גרענדמייסטער, טערענס פאודערלי, א מאשיניסט פון פאך, איז אויך ניט געווען געקנאָטן פון דעם טייג פון אן ארבעטער־פירער און קעמפער. פאודערלי איז געווען אן אָרנטלעכער אָבער שוואכער מענטש, וואס האט געקוקט אויף די „נייטס" טאקע נאר לויט דער קאָנסטיטוציע. זיין גרויסע מעלה, אויב מען קען עס אזוי באצייכענען, איז באשטאנען אין זיין שוואכקייט. פאודערלי האט ניט פארמאָגט קיין כח איינצוהאלטן די „נייטס" ביי דער אָריגינעלער פראָגראם. ער איז געגאנגען מיטן שטראָם און איז פארבליבן גרענדמייסטער ווען די „נייטס אָוו לייבאָר" זיינען פארוואנדלט געוואָרן אין דער מיליטאנטישסטער ארבעטער־אָרגאניזאציע פון 19טן יאָר־הונדערט. שפעטער האט ער זיך קענטיק דערשראָקן פאר דעם אלארם אין דער קאפיטאליסטישער פרעסע און גענומען שטערן און ברעכן סטרייקס.

„נייטס" וואקסן שנעל צוליב סטרייק־טעטיקייט

די „נייטס אָוו לייבאָר" האָבן גענומען שנעל וואקסן נאָר אויף דער סטרייק־כוואליע וואס האט זיך פארשפרייט איבערן לאנד. וואס מער סטרייקס די „נייטס" האָבן געפירט אלץ גרעסערע שטראָמען ארבעטער האָבן זיך געצויגן צו זיי. דערביי האָבן זיי אָפגעווישט די גרענעצן צווישן געשולטקייט און אומגעשולטקייט, פאך און אינדוסטריע, נאציאָנאליטעט, ראסע און גע־שלעכט. ארבעטער־סאָלידאריטעט איז געווען די גרונט־ליניע פון דער „נייטס" פראַקטיק. אין דעם הינזיכט זיינען די „נייטס" א קרעפטיקער ביישפיל וואס מיליטאנטישקייט אין דער ארבעטער־באוועגונג קען אויפטאָן ווען אפילו עס איז שלעכט אָרגאניזירט און נאך ערגער געפירט.

קליינע און נייע יוניאָנס האָבן אויסגענוצט דעם פונקט אין דער קאָנ־סטיטוציע פון די „נייטס" און זיך אָנגעשלאָסן אין אָרדן. פאר זיי איז געווען נויטיק צו זיין פאראייניקט מיט א צענטראלער און נאציאָנאלער אָרגאניזאציע וואס האט מענטשן איבערן לאנד און קען דעריבער זיין זיי

באהילפיק אין ארגאניזאציע־קאמפאניעס. קיין אנדערע נאציאנאלע קערפּער־שאפט פון דעם סארט איז ניט געווען. די פאך־יוניאנס, וועלכע האבן זיך פאראייניקט אין 1881 אין דער „פעדערישאן אוו ארגאנייזד טרייד" (פעדע־ראציע פון ארגאניזירטע פאכן), האבן ניט געוואלט זיך פארנעמען צו אר־גאניזירן די ארבעטער אין אנדערע אינדוסטריעס. „די נייטס", וועלכע זיינען געווען ארגאניזירט אויף דער באזע פון געגנטן און אסעמבלים אנשטאט פאכן, זיינען געווען אין א לאגע צו העלפן די נייע יוניאנס אין די שטעט וואו זיי האבן געהאט זייערע אסעמבלים (אפּטיילונגען).

דער וואוקס פון די „נייטס אוו לייבאר" איז געווען אויסערגעוויינלעך. פון אנהייב א קליינער אומבאמערקבארער ארדן, האט די ארגאניזאציע א שפּרונג געגעבן צו זיבן הונדערט טויזנט מיטגלידער אין 1886. דאס איז געווען דער העכסטער שפּיץ וואס די „נייטס" האבן דערגרייכט. נאך 1886 הייבט זיך אן דער לאנגזאמער בארג־ארונטער פּראצעס וואס האט געפירט שפּעטער צו פולשטענדיקער אויפלייזונג.

וואוקס פון דער מיטגלידערשאפט פון די נייטס אוו לייבאר

| 1886 | 1885 | 1883 | 1880 | 1879 |
|---|---|---|---|---|
| 700,000 | 104,066 | 51,914 | 28,136 | 20,151 |

די ערשטע סטרייקס אין וועלכע די „נייטס" האבן אנטיילגענומען זיינען געווען פון באן־פּראכט אנלאדער אין 1882 אין ניו יארק. די סטרייקס זיינען ניט געווען צוגעגרייט און די באן־קאמפּאניעס האבן זיי גרינג געבראכן.

א יאר שפּעטער זיינען ארויס אין א גענעראל־סטרייק די באן־טעלעגרא־פיסטן, וועמענס יוניאן האט זיך אנגעשלאסן אין די „נייטס אוו לייבאר". די טעלעגראפיסטן האבן פארלאנגט איין רו־טאג אין זיבן, אכט שטונדן ארבעט א טאג און 15 פּראצענט העכערונג אין לוין. דער גענעראל־סטרייק האט זיך אנגעהויבן דעם 18טן יוני. די סטרייקער האבן אבער ניט געקראגן קיין שטיצע פון די איבעריקע באן־ארבעטער. די „נייטס אוו לייבאר" האבן אויך גארניט געקענט טאן, איז דער גענעראל־סטרייק פארשפּילט געווארן. פיל אקטיווע סטרייקער זיינען געבליבן אן ארבעט און די טעלעגראפיסטן־יוניאן מיט א מיטגלידערשאפט פון דריי און א האלב טויזנט מיטגלידער האט זיך צוריקגעצויגן פון ארדן. אבער דער פאל איז געווען אן אויסנאם.

א ריי פאקטארן האבן באשאפן א באזונדערס גינסטיקע לאגע פאר אזא

אָרגאַניזאַציע ווי די „נייטס אָוו לייבאָר", וואָס האָט אַריבערגעשפּאַנט די גרענעצן פון פאַך, ראַסע און געשלעכט. די צוויי דעפּרעסיע־יאָרן 1884־1886 אין מיטן פון דער „טעכנישער רעוואָלוציע" אין דער אינדוסטריע האָבן זיך שווער אָפּגערופן אויף דער לאַגע פון די אַרבעטער.

די טעאָריע פון די קאַפּיטאַליסטישע עקאָנאָמיסטן, אַז מאַסן־פּראָדוקציע און ראַציאָנאַליזאַציע העלפן דעם אַרבעטער־קלאַס ווייל זיי פאַרגרעסערן דעם געברויך פון סחורות און שאַפן דערמיט מער באַשעפטיקונג און אַ העכערן לעבנס־סטאַנדאַרד, האָט געקראָגן אַ קלאַפּ גלייך אין סאַמע אָנהייב פון קאַפּי־טאַליסטישער פאַנאַנדערבליאונג. ניט בלויז זיינען אַ סך אַרבעטער צייט־ווייליק אַרויסגעוואָרפן געוואָרן פון באַשעפטיקונג, נאָר די לאַגע פון די וועלכע זיינען פאַרבליבן אַרבעטן איז געוואָרן ערגער, ווייל דער לוין איז אָפּגעשטאַנען פון די עקזיסטירנדיקע פּרייזן. אין אַ סך פאַלן איז דער לוין געשניטן געוואָרן פון 15 ביז 40 פּראָצענט. דערצו זיינען די אַרבעט־באַדינגונגען שווערער געוואָרן צוליב דער איינפירונג פון נייע מאַשינען, אַנשטאָט צו ווערן גרינגער.

„אין די נייע פאַבריקן האָבן געהערשט אומגעזונטע, געפערלעכע און דערנידעריקנדיקע אַרבעט-באַדינגונגען. די אַרבעטגעבער, פיל פון זיי אויפ-געקומענע, זיינען דורכגעדרונגען געווען מיט אַ שווערער און פאַרהאַרטע-וועטער פּראַקטישקייט. זיי האָבן ניט פאַרמאָגט קיין געדולד און ניט קיין פאַרשטענדיקונג פאַר די פאָדערונגען פון די אַרבעטער. אין זייערע אויגן איז דאָס געווען נאָר אַ ניוועץ פון צייט און געלט. האָבנדיק פאַר זיך פאַלנ-דיקע פּרייזן און שאַרפע קאָנקורענץ, האָבן די אַרבעטגעבער געזוכט פריער פון אַלץ אַ גרויסן זאַפּאַס פון ביליקער און געהאָרכזאַמער אַרבעט-קראַפט. אַרבעט-שטונדן זיינען געווען לאַנג און די דיסציפּלין שטייף און ווילקיר-לעך." (לאָרווין, די אַ. פ. אָוו ל., זייט 15.)

וואָס איז דער וואונדער, וואָס נייע פּראָלעטאַריער, זוכנדיק אַן אויס-גאַנג, האָבן זיך אָנגעכאַפּט אָן דער איינציקער אָרגאַניזאַציע וואָס האָט גע־האַלטן אירע טירן אָפן פאַר זיי? מיט דער הילף פון די „נייטס" האָבן די אַרבעטער אַרויסגעוויזן אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד געגן די לוין־רעדוצירונגען און פאַרערגערטע באַדינגונגען און ווען די דעפּרעסיע איז פאַריבער איז אויס־געבראָכן אַ שטורעם פון סטרייקס, וואָס האָט דערגרייכט דעם העכסטן פּונקט מיט דעם גענעראַל־סטרייק פאַר דעם אַכט־שטונדיקן אַרבעט־טאָג און מיט דער העימאַרקעט־טראַגעדיע אין 1886.

א מאַסן־ווידערשטאַנד קעגן לוין־שניטן אין דעפּרעסיע־יאָרן

אין צייט פון דער דעפּרעסיע האָבן געסטרייקט די טעקסטיל־אַרבעטער אין פאָל־ריווער. זייער סטרייק האָט געדויערט אַכצן וואָכן און איז פאַר־שפּילט געוואָרן מיט דער הילף פון סטרייק־ברעכער, וועלכע זיינען אימפּאָר־טירט געוואָרן פון אַ סך שטעט.

אין טראָי, נ. י., האָבן געסטרייקט פיר הונדערט אויוון־מאַכער געגן דעם באַפעל פון די אַרבעטגעבער, אַז זיי מוזן אויפגעבן די יוניאָן. דער סטרייק האָט געדויערט פון מאַי ביז סעפּטעמבער און איז פאַרשפּילט געוואָרן. אין סינסינעטי האָבן די פאַבריקאַנטן געמאַכט אַ לאָקאַוט געגן די ציגאַר־מאַכער. די נאַציאָנאַלע יוניאָן איז געקומען צו הילף די סטרייקער. דער קאַמף האָט אָנגעהאַלטן העכער אַ יאָר, פון מערץ 1884 ביז אַפּריל 1885, און איז פאַרשפּילט געוואָרן.

דער גרעסטער און ביטערסטער סטרייק אין דער דעפּרעסיע איז געווען דער קאַמף פון די קוילן־גרעבער אין האָקינג וואַלי, אָהייאָ. די קוילן־גרעבער זיינען אַרויס אין קאַמף געגן אַ לוין־רעדוצירונג פון צען פּראָצענט. די קוילן־קאָמפּאַניעס האָבן באַשלאָסן צו צעברעכן די יוניאָן. זיי האָבן געדונגען די באַרימטע פּינקערטאָן דעטעקטיוו־אַגענטור, וואָס האָט פאַרפלייצט דעם סטרייק־געגנט מיט שפּיאָנען און געגנסטער. פיר טויזנט קוילן־גרעבער זיינען געווען פאַרוויקלט אין סטרייק. זייער קאַמף האָט אַרויסגערופן די וואַרעמע שטיצע פון אַלע קוילן־גרעבער איבערן לאַנד, וואָס זיינען גרעסטנטיילס נאָך ניט געווען אָרגאַניזירט.

> „דער סטרייק איז געווען איינער פון די לענגסטע אין דער קוילן-אינדוסטריע. אויסדרוקן פון סימפּאַטיע און מאַטעריעלע הילף זיינען גע-קומען פון קוילן-גרעבער וואָס זיינען אַליין געווען פאַרהונגערט. איבער הונדערט טויזנט דאָלאַר איז פאַרטיילט געוואָרן אין שטיצע. נאָך זעקס מאָנאַטן האָט די יוניאָן געהייסן די אַרבעטער צוריקגיין צו דער אַרבעט.”
> (קאָמאָנס, געשיכטע פון אַרבעט, זייט 364.)

אַ צווייטער וויכטיקער קאַמף איז געווען דער סטרייק פון די אומ־אָרגאַניזירטע האָלץ־אַרבעטער אין סאַגינאַ וואַלי, מישיגען. דעם 6טן יולי 1885 האָבן די אַרבעטער פון די זעג־מילן און פון די וועלדער געוואָרפן די אַרבעט און געפאָדערט אַ צען־שטונדיקן אַרבעט־טאָג אָן אַ לוין־רעדוצירונג. דער סטרייק האָט זיך שנעל פאַרשפּרייט און פאַראַליזירט די גאַנצע האָלץ־אינדוסטריע מיט נאָענט צו זעקס טויזנט אַרבעטער. דער גאָווערנאָר האָט

געשיקט די מיליציע און אלס צוגאב האבן די קאמפאניעס אימפארטירט 150 גענגסטער פון דער פינקערטאן־אגענטור. די סטרייקער, ווידער, האבן דערזען אז זיי מוזן זיך ארגאניזירן, האבן זיי איינגעלאדן די „נייטס אוו לייבאר״. דער סטרייק האט געדויערט צוויי מאנאטן, יולי און אויגוסט. די שטאלענע פעסטקייט פון די ארבעטער אין דעם פארוואָרפענעם אינדוסטריעלן ווינקל האט געצוואונגען די האלץ־קאמפאניעס נאכצוגעבן די פאדערונגען פון די ארבעטער, וועלכע זיינען געווען מערסטנס פאליאקן. דער פרעסטיזש פון די „נייטס אוו לייבאר״ איז געשטיגן.

אין דער זעלבער צייט איז נאך א גרופע פרעמד־געבוירענע ארבעטער, די שטיין־האקער אין לעמאן און דזשאליעט, אילינאי, ארוים אין א סטרייק פאר א לוין־העכערונג פון פופציק פראצענט. די קאמפאניעס האבן אימפארטירט סטרייק־ברעכער און דער גאווערנאר האט געשיקט די מיליציע. א בלוטיקער צוזאמענשטויס איז אויסגעבראכן. פיר סטרייקער און א פרוי זיינען געטויט געווארן. די ארבעטער זיינען געצוואונגען געווען צוריקטרעטן פון זייער פאדערונג.

דער דורכפאל פון די סטרייקס אין דער דעפרעסיע האט ארויסגערוקט א נייעם וואפן אין די הענט פון די ארבעטער — דער באיקאט. די „נייטס אוו לייבאר״, צוליב דעם נאציאנאלן כאראקטער פון זייער ארגאניזאציע, איז געווארן דער צענטער פון דער באיקאט־באוועגונג, וואס האט זיך פארשפרייט מיט עפידעמישער שנעלקייט. מען שאצט אפ, אז אין פארלויף פון איין יאר, 1885, זיינען פארגעקומען 169 באיקאטן. ארבעטער האבן באיקאטירט די פלעצער, וואס האבן פארקויפט אדער געקויפט פראדוקטן און סחורות פון קאפיטאליסטן וועלכע האבן געשניטן דעם לוין און געבראכן סטרייקס.

## באיקאט ווערט א טיכטיקער וואפן

די נאציאנאלע פירערשאפט מיט פאודערלי אין דער שפיץ וואס איז געווען דורכאוים געגן סטרייקס, האט פון אנהייב ניט געקוקט זייער גינסטיק אויף דעם באיקאט ווי א וואפן פון ארבעטער־קאמף. אזוי ווי דער באיקאט פאדערט ניט אזויפיל אנשטרענגונג, צייט און געלט און איז ניט אזא „ריזיקע״ ווי דער סטרייק, האט די „נייטס״־פירערשאפט זיך ניט געווערט געגן דעם באיקאט. שפעטער איז דער ארדן אריינגעצויגן געווארן סיי אין דער סטרייק־באוועגונג און סיי אין די באיקאט־קאמפאניעס.

די ערשטע באָיקאָטן האָבן זיך באַוויזן אין 1880 און 1882. די באָיקאָטן זיינען געקומען לויט דער איניציאַטיווע פון אָרטיקע יוניאָנס און „נייטס" אַסעמבלים. דער צוועק איז געווען צו ברעכן דעם ווידערשטאַנד פון אַן איינגעשפּאַרטן אַרבעטגעבער דורך אָרגאַניזירן אַ באָיקאָט אויף זיינע סחורות און אַרטיקלען. דער באָיקאָט האָט זיך פאַרשפּרייט ווי אַ פייער מיט דער פאַרשפּרייטונג פון דער סטרייק־כוואַליע. אין אַ פּעריאָד פון שטייגנדיקער אַרבעטער־סאָלידאַריטעט און מיליטאַנטישקייט, איז ניט שווער געווען צו אָרגאַניזירן די ברייטע אַרבעטער־שיכטן אויסצונוצן זייער כח ווי קאָנסומער.

די עקאָנאָמישע לאַגע אין די אַכציקער יאָרן האָט אויך מעגלעך געמאַכט די פאַרווירקלעכונג פון די באָיקאָטן. די ריזיקע, מאָדערנע געשעפטן (דעפּאַרטמענט סטאָרס), וואָס פאַרמאָגן אַ סך אָפּטיילונגען און פאַרקויפן פון אַ נאָדל ביז שווערע מעבל, זיינען נאָך ניט געווען. געשעפטן האָבן זיך ספּעציאַליזירט אין זייערע סאָרטן סחורות, איז דעריבער גרינגער געווען אויפצושטעלן אַ באָיקאָט. מען האָט געוואוסט גענוי, ווער פאַרקויפט וואָס. איידער די גרויסע, מאָדערנע געשעפטן זיינען אויפגעקומען, האָט די אַרבעטער־באַפעלקערונג געקויפט אַלע נויטיקע זאַכן אין די געשעפטן וואָס האָבן זיך געפונען אין די אַרבעטער־קוואַרטאַלן. דער אַרבעטער־קאָנסומער איז נאָך דעמאָלט געווען אָפּגעזונדערט פון די בירגערלעכע קאָנסומער. אַ באָיקאָט אין דעם אַרבעטער־קוואַרטאַל האָט דעריבער גלייך געטראָפן אין ציל. אַ סך באַוואוסטע פירמעס האָבן זיך געמוזט בויגן צוליב דעם באָיקאָט. אַנדערע פירמעס זיינען אַרויסגעטריבן געוואָרן פון געשעפט צוליב דעם באָיקאָט.

דער באָיקאָט איז אַריבערגעוואַקסן זיינע ערשטע גרענעצן. אַ ריי אַסעמבלים (אָפּטיילונגען) האָבן גענומען אָנווענדן דעם באָיקאָט געגן צייטונגען וואָס זיינען אַרויסגעטראָטן געגן דעם אָרדן. אין פּיטסבורג האָבן די אַסעמבלים דערקלערט אַ באָיקאָט געגן צוויי צייטונגען פאַר זייערע שאַרפע אַרטיקלען געגן די „נייטס". דאָס איז געווען אין 1883. אין 1884 האָבן די דרוק־יוניאָנס און די „נייטס" זיך פאַראייניקט אין אַ באָיקאָט געגן דער ניו יאָרקער טריביון. די זעצער און דרוק־אַרבעטער האָבן ניט באַלאַנגט צו די „נייטס". זייערע קריוודעס זיינען געווען עקאָנאָמישע. די „נייטס" ווידער האָבן אויסגעזעצט געגן די לייט־אַרטיקלען וואָס די טריביון האָט געדרוקט געגן אָרדן. דאָס האָט געפירט צו אַ רייסעריי און די זעצער האָבן דעמאָלט זיך אָנגעשלאָסן אין דער אַמעריקאַן פעדערייִשאָן אָוו לייבאָר, דעמאָלט די „פעדערייִשאָן אָוו אָרגאַנייזד טריידס ענד לייבאָר יוניאָנס".

## געריכט ארויסגערוקט צו צאַמען באָיקאָט

די באָיקאָט־באַוועגונג איז אריבערגעוואַקסן די „נייטס"־פירער. די ספּעציעלע זיצונג פון דער גענעראַל־אַסעמבלי אין קליוולאַנד, מאַי 1886, האָט געזוכט צו צאַמען דעם באָיקאָט. אַ ספּעציעלע קאָמיסיע איז דערוויילט געוואָרן צו רעגולירן די באָיקאָטן. די קאָמיסיע האָט ניט געהאַט קיין גרויסן דערפאָלג אין אירע באַמיאונגען.

די אַטאַקע געגן באָיקאָט ווי אַן אַרבעטער־קאַמף איז געקומען פון געריכט און פון דער רעגירונג. דער ערשטער קלאַפּ איז דערלאַנגט געוואָרן אין דער באַוואוסטער טהעיס־קלאַגע. אין מערץ 1886 האָט אַן אָרטיקע „נייטס" אַסעמבלי דערקלערט אַ באָיקאָט געגן דעם טהעיס ביר גאַרדן אין ניו יאָרק, נאָך אַ פאַרלאָרענעם סטרייק. די קעלנערס און ביר־דערלאַנגער זיינען צוגעשטאַנען צום באָיקאָט. דער סענטראַל לייבאָר קאַונסיל, די שטאָטישע צענטראַלע קערפּערשאַפט פון די א. פ. אָוו ל. יוניאָנס, האָט אויך געשטיצט דעם באָיקאָט. דיסטריקט אַסעמבלי 49, די ניו יאָרקער אָרגאַניזאַציע פון די „נייטס", איז, פאַרשטייט זיך, געשטאַנען הינטער דעם באָקאָט.

דער ביר־גאַרדן איז געפּיקעט געוואָרן. דזשאָרדזש ערעט, דער באַוואוסטער ביר־ברויער און אַ פאַראינטערעסירטער בעקער־באַלעבאָס האָבן געשליכטעט דעם באָיקאָט מיט טויזנט דאָלאַר שטראָף פאַר די אויסגאַבן פון באָיקאָט. טהעיס האָט באַצאָלט די געלט־שטראָף און פאַרקלאָגט די „נייטס" אין געריכט פאַר צווינגען אים צו געבן געלט און פאַר אָנשרעקן זיינע קליענטן. ריכטער באַרעט האָט אינסטרואירט די דזשורי צו געפינען די אָנגעקלאָגטע שולדיק. די פינף אָנגעקלאָגטע זיינען פאַראורטיילט געוואָרן צו טורמע פון אַ יאָר און אַ האַלב ביז 4 יאָר. די שטראָף איז נאָכדעם פון זיי ארונטערגענומען געוואָרן.

די טהעיס־קלאַגע איז געווען דער סיגנאַל פאַר אַ כוואַליע קלאַגעס און שטראָפן פאַר באָיקאָטן. כאַראַקטעריסטיש, אַז שפּעטער, ווען דער קאַמף צווישן די א. פ. אָוו ל. יוניאָנס און די „נייטס" האָט זיך צעפלאַקערט, האָבן אַ ריי א. פ. אָוו ל. יוניאָנס, ווי די גאַרמענט וואָירקערס און די ביר־אַרבעטער, אָנגעהויבן אַ באָיקאָט געגן די אַרבעט־פּלעצער וואָס האָבן באַשעפטיקט מיטגלידער פון די „נייטס". דער באָיקאָט איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ וואָפן פון אַ ברודער־קאַמף אין דער אַרבעטער־באַוועגונג.

## סטרייקס אויף גולדס באַנען

די אַלע אויבן־אויסגערעכנטע סטרייקס זיינען אין פּאָליטישן זינען געווען אַ פאָרשפּיל צו די גרויסע סטרייקס אויף די באַנען, סטרייקס וואָס האָבן געשטעלט די „נייטס אָוו לייבאָר" אין צענטער פון דער ארבעטער־באַוועגונג, האָבן ארויסגערופן שרעק און צאָרן צווישן די קאַפּיטאַליסטן און האָפענונג און קוראַזש צווישן די ארבעטער, הויפּטזאַכלעך די אומ־אָרגאַניזירטע.

די גרויסע וויכטיקייט פון די סטרייקס אויף די באַנען איז אויך באַ־שטאַנען אין דעם, וואָס צום ערשטן מאָל זיינען זיי געפירט געוואָרן פון די וועג־אויפּפּאַסער און די ארבעטער אין די באַן־שעפּער, וועלכע שטייען עקאָ־נאָמיש אויף אַ נידעריקערער שטופע ווי די ארבעטער וואָס זיינען באַ־שעפטיקט ביים פירן די באַנען.

דער ערשטער סטרייק איז אויסגעבראָכן נאָך אין 1884 אין די באַן־שעפּער פון דער יוניאָן־פּאַסיפיק אין דענווער, קאָלאָראַדאָ. די סטרייקער האָבן איינגעלאַדן אַ טוער פון די „נייטס אָוו לייבאָר", בוקמאַן, אָנצופירן מיט זייער קאַמף. אין צוויי טעג איז יעדער באַן־שאַפּ פון אָמאַהאַ ביז אָגדען אָרגאַניזירט געוואָרן און דער סטרייק האָט זיך אויסגעשפּרייט אויף אַלע צווייגן פון באַן־פּאַרקער. די באַן־קאָמפּאַניע האָט נאָכגעגעבן און צוריקגערופן דעם לוין־שניט. ווידער איז דער פּרעסטיזש פון די „נייטס" געשטיגן, באַזונדערס צווישן די באַן־ארבעטער. דער אָרדן האָט גענומען שנעל וואַקסן אויף די באַן־וועגן.

אָבער די יוניאָן־פּאַסיפיק איז צוריקגעטראָטן נאָר ציטווייליק. די באַן־מאַגנאַטן האָבן געזען אין די „נייטס אָוו לייבאָר" אַ וואַקסנדיקן כח. די יוניאָן־פּאַסיפיק האָט פּראָוואָצירט אַן אַנדער סטרייק, דערקלערנדיק אַ לוין־שניט פאַר די באַן־שעפּער אין עליס, קענזעס. אין דער זעלבער צייט זיינען 20 מיטגלידער פון אָרדן ארויסגעוואָרפן געוואָרן פון דער ארבעט אין דענווער. ווידער האָבן געוואונען די ארבעטער.

אין אָקטאָבער 1884 האָבן די באַן־שאַפּ ארבעטער פון דער מיזורי־קענזעס באַן־ליניע געקראָגן אַ לוין־שניט פון צען פּראָצענט. אין פעברואַר 1885 האָבן די שאַפּ־ארבעטער פון דער וואַבאַש באַן־ליניע געקראָגן דעם זעלבן לוין־שניט. עטוואָס שפּעטער איז געקומען די מיזורי־פּאַסיפיק באַן־ליניע. די ארבעטער פון די דריי באַן־ליניעס זיינען ארויס אין סטרייק אין באַזונדערע צייטן. די דריי סטרייקס האָבן זיך שפּעטער צונויפגעגאָסן און

ארום 4,500 אַרבעטער האָבן אָנטײלגענומען. דער סטרײק איז געשטיצט געוואָרן פון די אַרבעטער וועלכע באַטרײבן די באַנען. די „נייטס אָוו לייבאָר" פון דענווער האָט געשיקט בוקמאַנען ארויסצוהעלפן די סטרײקער. זי האָט אויך געשיקט אַ ביישטייערונג פון דרייסיק טויזנט דאָלאַר צו די סטרײקער.

די אַלע דריי קאָמפּאַניעס האָבן געהערט צום באַוואוסטן דזשיי גולד, גרעסטער באַן־מאַגנאַט אין יענער צייט. גולד האָט דערשמעקט די גרויסע געפאַר וואָס ליגט אין דער אָרגאַניזירונג פון די אומאָרגאַניזירטע און האַלב־קוואַליפיצירטע באַן־אַרבעטער, האָט ער באַשלאָסן צו געבן די „נייטס אָוו לייבאָר" אַן אַנטשיידענע שלאַכט, וואָס זאָל זי צעשמעטערן איידער עס ווערט צו שפּעט. אונטער זיין אָנפירונג האָט די וואַבאַש באַן־קאָמפּאַניע פּלוצלונג באַשלאָסן, אַז זי דאַרף ניט אַזוי פיל אַרבעטער אין אירע שעפּער אין מאָ־בערלי, מיזורי. דאָס האָט געמיינט, אַז אַ סך מיטגלידער פון די „נייטס אָוו לייבאָר" וועלן ארויסגעוואָרפן ווערן פון דער אַרבעט. די „נייטס אָוו לייבאָר", דורך איר גענעראַל־אַסעמבלי (אויספיר־קאָמיטעט), האָט געענטפערט מיט אַ באַשלוס, אַז אַלע אַרבעטער פון דער יוניאָן־פּאַסיפיק און פון גולדס באַנען אין דרום־מערב זאָלן זיך אָנטזאָגן צו פירן פראַכט וואָס קומט אָדער וואָס גייט צו דער וואַבאַש באַן־ליניע. דאָס הייסט געמיינט פּאַראַליזירן כמעט דעם גאַנצן באַן־פאַרקער נאָך דעם וויַיטן מערב.

גולד דערשרעקט זיך און גיט נאָך פאָדערונגען

גולד האָט זיך דערשראָקן. פאַר זיינע אויגן האָבן געשוועבט די בילדער פון דעם גענעראַל באַן־סטרײק מיט די שלאַכטן פון 1877. ער האָט זיך אַריינגעמישט און די וואַבאַש האָט צוריקגעצויגן איר באַפעל. די „נייטס" האָבן דעמאָלט געפאָדערט, אַז אַלע אַרבעטער וואָס זיינען אָנטזאָגט געוואָרן זינט דעם לאָקאַוט זאָלן צוריק אָנגעשטעלט ווערן און די פאַרפאָלגונג פון זייערע מיטגלידער זאָל אויפהערן. גולד, וועמענס באַנען האָבן זיך געפונען אין אַ רעסיווערשיפּ (אין באַנקראָט), האָט אַלצדינג נאָכגעגעבן אויף אַ קאָנ־פערענץ מיט די פאָרשטייער פון די „נייטס אָוו לייבאָר".

אָט־דער גרויסער אַנטשיידענער זיג האָט אָנגעצונדן די מוחות פון די אַרבעטער־מאַסן. צום ערשטן מאָל אין זייער געשיכטע, אַז איינער פון די גרעסטע, אויב ניט דער גרעסטער מאַגנאַט אין לאַנד, האָט געמוזט זיצן ביי אַ טיש און פאַרהאַנדלען מיט אַרבעטער־פאָרשטייער ווי אַ גלייכער מיט גלייכע. צום ערשטן מאָל אַז אַזאַ קאַפּיטאַליסט מוז אָננעמען אַלע פאָדערונגען

פון די סטרייקער. די רעפּוטאַציע פון די „נייטס אָוו לייבאָר" האָט זיך נעהייבן הימל־הויך.

„די אונטערדריקטע אַרבעטער-קלאַסן האָבן ענדלעך אַנטדעקט אַ מעכטיקן קעמפער פאַר זייערע אינטערעסן. די דערשטיקטע געפילן פון ביטערקייט און צאָרן וואָס האָבן זיך אָנגעזאַמלט אין פאַרלויף פון די צוויי דעפּרעסיע-יאָרן מיט לוין-שניטן און פאַרשטאַרקטער אונטערדריקונג מצד די אַרבעט-געבער, האָט געפונען אַן אויסגאַנג אין אַ געלאַף זיך צו אָרגאַניזירן אונטער דער פאָן פון די מעכטיקע 'נייטס אָוו לייבאָר'. צו דער נאַטירלעכער טענדענץ פון די אונטערדריקטע איבערצושטרייבן די מאַכט פון אַ געהיימניספולן באַ-פרייער וועמען זיי האָבן פּלוצלונג געפונען אויף זייער זייט, איז צוגעקומען דער איינפלוס פון די סענסאַציאָנעלע באַריכטן אין דער פרעסע. די צייטונגען האָבן מיט אַ באַזונדערן פאַרגעניגן איבערגעטריבן די מאַכט און די כחות פון דעם אָרדן. (פּערלמאַן, געשיכטע פון טרייד-יוניאָניזם, זייט 88.)

דער בורזשואַזער פּראָפעסאָר גיט ניט אָן פון וואַנען עס האָט זיך גענומען דער באַזונדערער פאַרגעניגן „איבערצוטרייבן די מאַכט פון די 'נייטס אָוו לייבאָר'". די קאַפּיטאַליסטישע פרעסע האָט געטאָן דאָס, וואָס דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס האָט פון איר געפאָדערט. די בורזשואַזיע האָט זיך אָנגעהייבן שרעקן אויף אַן אמת. ניט קוקנדיק אויף דער צעטומלעניש און פּאַסיוויטעט פון די הויפּט־פירער, מיט פּואָדערלי אין דער שפּיץ, איז דער אָרדן אָבער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דער אָרגאַניזאַציע פון די אומאָרגאַניזירטע און ניט־קוואַליפיצירטע אַרבעטער, וועלכע זיינען באַשטאַנען אין זייער מערהייט פון פרעמד־געבוירענע. די בורזשואַזיע האָט געזען אין דער עקזיסטענץ און אין וואוקס פון די „נייטס" אַן ערנסטע געפאַר פאַר איר הערשאַפט און מאַכט.

## די סענסאַציאָנעלע אַנטדעקונג פון דער „ניו יאָרק סאַן"

די ניו יאָרקער סאַן האָט אין 1885 באַשטימט אַ רעפּאָרטער צו מאַכן אַן אונטערזוכונג פון די „נייטס אָוו לייבאָר". דער רעפּאָרטער איז אַרויס־געקומען מיט אַ סענסאַציאָנעלער געשיכטע, וואָס האָט באַדאַרפט אַ שטויס טאָן די פעדעראַלע רעגירונג און געבן איר די געלעגנהייט צו אונטערדריקן דעם אָרדן. זיין געשיכטע האָט ער אָנגעהייבן מיט די ווערטער:

„פינף מענטשן אין דעם לאַנד קאָנטראָלירן דעם הויפּט-אינטערעס פון אַ האַלב מיליאָן אַרבעטלייט און קענען צו יעדער מינוט באַרויבן צוויי און אַ האַלב מיליאָן נפשות פון מאַכן אַ לעבן. די פינף מענטשן זיינען די

עקזעקוטיוו-באָרד פון דעם נאָבעלן אָרדן פון די 'נייטס אָוו לייבאָר' פון אַמעריקע. די מעגלעכקייטן וואָס דער פּרעזידענט און דער קאַבינעט אין וואַשינגטאָן פאַרמאָגן איבערצופירן די רעגירונג-אָנגעשטעלטע און די אָפּיצירן פון דעם פלאָט און פון דער אַרמיי פון איין אָרט צום צווייטן זיינען אַ קלייניקייט אין פאַרגלייך מיט דער מעגלעכקייט וואָס די פינף מענטשן פאַרמאָגן. די אויטאָריטעט פון דעם פאַרשטאָרבענעם קאַרדינאַל און די אויטאָריטעט פון די בישאָפן פון דער מעטאָדישער קירך זיינען באַשרענקט און געצאַמט אויף וויפיל עס האַנדלט זיך וועגן מאַטעריעלע זאַכן אין פאַרגלייך מיט דער אויטאָריטעט פון די פינף הערשער.

„זיי קענען אָפּשטעלן דעם טעלעגראַפיסט פון באַרירן זיין אינסטרומענט. זיי קענען פאַראַליזירן די מערסטע פאַבריקן און מילן און קענען פאַרקריפּלען די אייזנבאַנען. זיי קענען אַרויסגעבן אַ פאַרבאָט געגן סחורות און זייערע אונטערטאַנען וועלן זיי אויפהערן קויפן און די געשעפטלייט וועלן זיי אויפהערן פאַרקויפן.

„זיי קענען אָנשיקן אַרבעט געגן קאַפּיטאַל, האַלטנדיק די אַרבעטער אויף דער דעפענסיווע און אָט ווידער אויף דער אָפענסיווע, אין אַ שטילער און איינגעשפּאַרטער זעלבסט-שוץ אָדער אין אַ צאָרנדיקן אָרגאַניזירטן אָנגריף, ווי זיי ווילן.” (פּאָודערלי, דרייסיק יאָר פון אַרבעט, זייט 494.)

דער רושם פון דער סאָן־סענסאַציע איז געווען אומגעהויער. צווישן די מאַסן האָט זיך נאָך העכער געהויבן דער פּרעסטיזש פון די „נייטס”. אין קאָנגרעס האָט מען גענומען שענקען אויפמערקזאַמקייט צו די „נייטס אָוו לייבאָר”. גראָד האָט זיך געמאַכט, אַז אַ דעלעגאַציע פון די „נייטס” איז אויפגעטראָטן פאַר אַ קאָנגרעס־קאָמיטע צו פאָדערן אַ פאַרבאָט פון קאָנטראַקטירטע אַרבעטער פון אייראָפּע. די גרויסע קאָמפּאַניעס, באַזונדערס די שטאָל־קאָמפּאַניעס, האָבן געשיקט אַגענטן אין די דרום־אייראָפּייאישע לענדער און דאָרטן קאָנטראַקטירט „הענט” פאַר זייערע פאַבריקן. די פירער פון דער „אַמעריקאַן פעדערײשאָן אָוו לייבאָר”, אויך שאַרפע געגנער פון דער אימיגראַציע, איז שטאַרק ניט אָנגעגאַנגען צו באַקעמפן די קאָנטראַקט־אַרבעטער, וועלכע זיינען געווען אונגאַרישע, איטאַליענישע, רומענישע אָדער רוטענישע פּויערים און האָבן ניט געקענט קאָנקורירן מיט דעם הויך־קוואַליפיצירטן אַמעריקאַנישן אַרבעטער. די „נייטס אָוו לייבאָר”, וואָס האָט געציילט הונדערט טויזנט ניט־קוואַליפיצירטע אַרבעטער אין אירע רייען, איז געווען פאַראינטערעסירט אָפּצושטעלן דעם קוואַל פון קאָנקורענץ. דער קאָנגרעס האָט דעם 2טן פעברואַר 1885 אָנגענומען דעם געזעץ געגן קאָנטראַקט־אַרבעט פון אויסלאַנד, הויפּטזאַכלעך אונטער דער ווירקונג פון דער קאָמפּאַניע געפירט פון די „נייטס אָוו לייבאָר”.

## „נייטס" אָרגאַנזירן אַרבעטער־פרויען

א כאַראַקטעריסטישער שטריך איז די באַציאונג צו אַרבעטער־פרויען. ניט געקוקט וואָס די קאָנסטיטוציע פון אָרדן האָט ניט דערמאָנט די מעגלעכ־קייט אַריינצונעמען אַרבעטער־פרויען אין דער אָרגאַניזאַציע, זיינען די „נייטס" געווען די ערשטע גרויסע אַלגעמיינע אַרבעטער־קערפּערשאַפט וואָס האָט דערמוטיקט אַרבעטער־פרויען זיך צו אָרגאַניזירן. די איניציאַטיווע איז געקומען ניט פון די נאַציאָנאַלע פירער, נאָר פון די אָרטיקע אַסעמבלים. די ערשטע איז געווען די אַסעמבלי פון אָסעאָלאַ, פּענסילווייניע, אין 1880. דער פאָרשלאַג האָט געזאָגט:

„פאַר דער פאַרטיידיקונג פון די אַרבעטער אין די אינדוסטריעלע געגנטן... דאַרפן פרויען אַריינגענומען ווערן אין דעם נאָבעלן און הייליקן אָרדן... מיט אייגענע אַסעמבלים פאַר זיך אַליין, אָנגעפירט פון מענער-באַאמטע, דערביי זאָלן די פרויען ניט זיין באַרעכטיקט צו די פולע פריווילעגיעס אין דעם נאָבעלן און הייליקן אָרדן..."

די נאַציאָנאַלע באַאמטע האָבן זיך ניט געאיילט אויפצונעמען דעם „וואונדערבאַרן" פאָרשלאַג. דערווייל האָט איינער הערי סקעפינגטאָן געלייזט די אָנגעוויטיקטע פּראָבלעם מיט א טאַט. אין 1881 האָט ער אָרגאַניזירט די גאַרפילד אַסעמבלי נומער 1684, וואָס איז באַשטאַנען פון פרויען וואָס אַרבעטן אין דער שיך־אינדוסטריע אין פילאַדעלפיע. פּאַודערלי איז געשטעלט געוואָרן פאַר א געשעענעם פאַקט. שפּעטער האָט דער אָרדן גענומען אָרגאַני־זירן די אַרבעטער-פרויען. אויף דעם צוזאַמענפאָר אין ריטשמאָנד, אין 1886, זיינען געווען 192 פרויען־אָפּטיילונגען, דערפון 19 פון פרויען שיך־אַרבעטער. דער אָרדן האָט דעמאָלט געהאַט א ספּעציעלע קאָמיטע, וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן מיט אָרגאַניזירן אַרבעטער־פרויען.

## פּאַודערלי ברעכט גרויסע סטרייקס פון פלייש־אַרבעטער און האָפּן־אַרבעטער

די „נייטס אָוו לייבאָר" האָבן געפירט נאָך עטלעכע גרויסע און וויכטיקע קאַמפן פון אומאָרגאַניזירטע אַרבעטער אין 1886 און אין 1887. אָבער דאָ זיינען שוין די אַרבעטער ניט געווען דערפאָלגרייך, טיילווייז צוליב דער אָפּאָזיציע פון די קוואַליפיצירטע אַרבעטער, וואָס האָבן ניט אַרויסגעוויזן די געהעריקע סאָלידאַריטעט, אָבער הויפּטזאַכלעך צוליב דער טעמפּקייט

און צעטומלטקייט פון פאודערלי, וואָס האָט זיך געגרענעצט אויפן שוועל פון אָפענעם פאַרראַט.

גולדס באַן־קאָמפּאַניעס, וואָס האָבן אין 1885 געמוזט אָנערקענען די „נייטס" און נאָכגעבן אַלע פאָדערונגען, האָבן אַ יאָר שפּעטער פאַרפירט אַ קאַמף מיט דעם אָרדן. אַן אַרבעטער איז אָנטזאָגט געוואָרן און די „נייטס" האָבן געפאָדערט זיין באַלדיקע אָנשטעלונג און אַ מינימום־לוין פאַר אַלע ניט־קוואַליפיצירטע אַרבעטער. די מיטגלידער פון די „נייטס" זיינען אַרויס אין סטרייק, אָבער די לאָקאָמאָטיוו־טרייבער, הייצער, קאָנדוקטאָרן און זייער גלייכן זיינען געבליבן אַרבעטן. די סטרייקער האָבן אָנגעווענדעט סאַבאָטאַזש, אַרויסגענומען שרייפלעך פון די לאָקאָמאָטיוון און קאַליע געמאַכט די וואַגאָנעס. די הויפּט־פירערשאַפט פון דעם אָרדן, אָנשטאָט צו העלפן די סטרייקער, איז נעגאַנגען פאַרהאַנדלען מיט גולדן וועגן אַרביטראַזש. ווען די סטרייקער האָבן אויסגעפונען פון פאודערלים פאַרהאַנדלונגען האָבן זיי אַנטשלאָסן צוריקגעוויזן דעם פּלאַן פון אַרביטראַזש, אָבער זייער מאָראַל איז שוין געווען געבראָכן. נאָך אַ סטרייק פון צוויי מאָנאַטן האָבן זיך די סטרייקער געמוזט צוריקקערן צו דער אַרבעט אָן יוניאָן־אָנערקענונג און אָן דעם מינימום־לוין פאַר די ניט־קוואַליפיצירטע אַרבעטער.

נאָך אַ וויכטיקער קאַמף איז געווען דער גענעראַל־סטרייק פון די פליישׂ־אַרבעטער אין די שלאַכט־הייזער פון שיקאַגאָ, אין אָקטאָבער 1886. צוואַנציק טויזנט פליישׂ־אַרבעטער, אָרגאַניזירט אין די „נייטס אָוו לייבאָר", זיינען אַרויס אין קאַמף פאַר דער ווידער־עטאַבלירונג פון דעם אַכט־שטונדיקן אַרבעט־טאָג וואָס זיי האָבן געוואונען אין דעם סטרייק פון דעם ערשטן מאַי און וואָס איז פון די קאָמפּאַניעס שפּעטער אָפּגעשאַפט געוואָרן.

די פליישׂ־קאָמפּאַניעס האָבן פאַרפלייצט דעם געגנט מיט הונדערטער שפּיאָנען און שלעגער פון דער פינקערטאָן דעטעקטיוו־אַגענטור. דער גאָווער־נאָר האָט געשיקט צוויי רעגימענטן מיליציע. די סטרייקער זיינען געשטאַנען פעסט און אַנטשלאָסן. די קאָמפּאַניעס האָבן שוין געהאַלטן ביים אונטערגעבן זיך, פּלוצלונג איז אָנגעקומען אַ טעלעגראַמע פון פאודערלין מיט אינ־סטרוקציעס צו די סטרייקער זיי זאָלן באַלד צוריקגיין צו דער אַרבעט אויף די באַדינגונגען פון די קאָמפּאַניעס. דאָס האָט געטראָפן די סטרייקער ווי אַ דונער אין מיטן העלן טאָג. דער סטרייק איז געבראָכן געוואָרן. די יוניאָן איז אונטערגעגאַנגען.

שפּעטער האָט אַ מיטגליד פון דער גענעראַל־באָרד פון די „נייטס" באַ־שולדיקט פאודערלין, אַז ער האָט זיך אָנטזאָגט צוהערן זיך צו די באַריכטן

פון די סטרייק-פירער, נאָר ער האָט אָנגענומען די „דרינגלעכע עצה" פון א באַקאַנטן קאַטוילישן גלח, וואָס האָט צו אים אַפּעלירט אַז ער זאָל צוריק־שיקן די סטרייקער און דערמיט מאַכן אַ סוף צו די לײַדן פון די סטרייקער און זייערע פאַמיליעס. דאָס געפיל פון „רחמנות" צו די לײַדן פון די סטרייקער, וואָס האָט פּלוצלונג אויפגעפלאַקערט ביים הויפּט פון די „נייטס", כאַראַקטעריזירט דעם גייסטיקן צושטאַנד פון די וועלכע זיינען געשטאַנען אין שפּיץ פון דער ברייטער מאַסן־אָרגאַניזאַציע. פּאַודערלי איז געווען דער יעניקער וואָס האָט באַרויבט די פלייש־אַרבעטער פון די פּרוכט פון זייער אומפאַרמיידלעכן זיג. בכלל האָט די קאַטוילישע קירך אויסגעאיבט אַ שטאַרקן איינפלוס אויפן הויפּט פון די „נייטס".

### דער גענעראַל האַפן־סטרייק אין ניו יאָרק

אַ סטרייק וואָס איז זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר דער מיליטאַנטישקייט און סאָלידאַריטעט פון די אַרבעטער איז פאָרגעקומען, אויך אונטער די „נייטס אָוו לייבאָר", אין ניו יאָרק, אין 1887. אין איין טאָג, דעם ערשטן יאַנואַר, זיינען אין ניו יאָרקער האַפן אויסגעבראָכן צוויי קליינע און באַזונדערע סטרייקס, איינער פון 87 קוילן־אָנלאָדער וואָס אַרבעטן פאַר די דאָקס פון דער פּענסילווייניע און רעדינג באַן־קאָמפּאַניע און דער צווייטער פון 200 האַפן־אַרבעטער געגן דער „אָלד דאָמיניאָן" שיף־קאָמפּאַניע. די קוילן־אָנלאָדער האָבן באַלאַנגט צו די „נייטס אָוו לייבאָר", די דאָק־אַרבעטער זיינען געווען אומאָרגאַניזירט און איינע פון די אָרגאַניזאַציעס וואָס זיינען געווען אָנגעשלאָסן אין די „נייטס" האָט די סטרייקער גענומען אונטער אירע פליגלען. די קוילן־אָנלאָדער האָבן פאַרלאַנגט אַ קליינע לוין־העכערונג.

עס האָט לאַנג ניט געדויערט און ביידע מינדערוויכטיקע סטרייקס זיינען זיך פאַנאַנדערגעוואַקסן אין איין גרויסן קאַמף. אַ ריי סימפּאַטישע סטרייקס פון אַרבעטער וואָס זיינען פאַרבונדן מיט שיפן און דאָק־אַרבעט האָבן אַריינגעשטראָמט אין די צוויי קליינע סטרייקס און האָבן זיי אויסגעברייטערט ווי שטראָמען וואַסער וואָס פאַלן אַריין אין איין טייך.

אַלע דאָק־אַרבעטער יוניאָנס האָבן דערקלערט אַ באָיקאָט אויף פראַכט געפירט פון די שיפן פון דער „אָלד דאָמיניאָן" ליניע. די אינטערנאַציאָנאַלע מאַטראָסן־יוניאָן, ווידער, האָט דערקלערט אַ באָיקאָט אויף די שיפן וואָס באַנוצן אָדער פירן קוילן פון דער פּענסילווייניע און רעדינג קאָמפּאַניע. נאָכדעם האָבן אַרבעטער אויף תבואה־עלעוויטאָרס זיך אָנטזאָגט אָנצולאָדן מיט

תבואה די שיפן וואָס באַנוצן די פאַרבאַטענע קוילן. די האַפן־אַרבעטער האָבן געמאַכט אַ שריט ווייטער און אָפּגעשטעלט די אַרבעט אין גאַנצן פּאָרט ביז וואַנען די סטרייקער וועלן געווינען זייערע פאָדערונגען. סוף יאַנואַר איז דער גאַנצער האַפן אין ניו יאָרק, ברוקלין און ניו דזשוירזי געווען אָפּ־געשטעלט. 28 טויזנט האַפן־אַרבעטער, צווישן זיי די וועלכע לאָדן די באַנען ביים האַפן, האָבן אָנטיילגענומען אין דעם סימפּאַטיע־סטרייק.

דעם 11טן פעברואַר האָט דער פּרעזידענט פון דער פּענסילווייניע און רעדינג, וועלכע באַטרייבט אַ סך קוילן־גרובן, אין שרעק אַז דער סטרייק וועט זיך אויסשפּרייטן אויף די קוילן־גרובן, נאָכגעגעבן די קליינע לוין־העכערונג פון די 87 קוילן־אָנלאָדער. די פירער פון די „נייטס" האָבן זיך באַנוצט מיט דער דערקלערונג און באַלד צוריקגערופן דעם גאַנצן גענעראַל־סטרייק, ניט נעמענדיק אין אָנבאַטראַכט די פאָדערונגען פון די איבעריקע פאַכן, באַ־זונדערס פון די טויזנטער האַפן־אַרבעטער.

עס זעט אויס, אַז די פירערשאַפט פון די „נייטס" האָט זיך אַליין דער־שראָקן פאַר דעם גרויסן פאַרנעם פון דעם גענעראַל־סטרייק. אייניקע בור־זשואַזע היסטאָריקער דערקלערן עס מיט דעם, וואָס דער סטרייק איז ניט געווען „פּאָפּולער" צווישן די אַרבעטער. דאָס זעט ניט אויס צו זיין ריכטיק. די גרייטקייט מיט וועלכער די אַרבעטער האָבן זיך אַריינגעוואָרפן אין די סימ־פּאַטיע־אַקציעס ווייזט, אַז דער סטרייק איז יאָ געווען פּאָפּולער. אַזוי צי אַזוי, די „נייטס" האָבן פאַרשאַכערט אַ זעלטענע געלעגנהייט צו אָרגאַניזירן דעם גרעסטן האַפן אין לאַנד. נאָכדעם ווי דער סטרייק איז אָפיציעל צוריקגעצויגן געוואָרן זיינען די באַזונדערע פאַכן איינציקווייז און מיט דעם נאָך־טעם פון דעמאָראַליזאַציע צוריקגעגאַנגען צו דער אַרבעט.

### „נייטס"־פירערשאַפט סאַבאָטאַזשעוועט דעם סטרייק פאַר דעם אַכט־שטונדיקן אַרבעט־טאָג

דעם גרעסטן פעלער — ריכטיקער, פאַרברעכן — וואָס די „נייטס"־פירערשאַפט איז באַגאַנגען, איז געווען איר געגנערשאַפט און אַפילו שטילער סאַבאָטאַזש געגן דער באַוועגונג פאַר די אַכט שטונדן, וואָס האָט אַרומ־געכאַפּט די אָרגאַניזירטע אַרבעטער אין גאַנצן לאַנד. די איניציאַטיווע פאַר אַ גענעראַל־סטרייק אויסצוקעמפן די אַכט שטונדן איז געקומען פון די פאַך־יוניאָנס, דעמאָלט פאַראייניקט אין דער „פעדעריישאָן אָוו אָרגאַנייזד טריידס" — די פאָרגענגערין פון דער „אַמעריקאַן פעדעריישאָן אָוו לייבאָר". דער

באַשלוס פאַר אַן אַלגעמיינער באַוועגונג, וואָס האָט געמיינט אַ סטרייק, פאַר די אַכט שטונדן איז אָנגענומען געוואָרן אויף דעם צוזאַמענפאָר פון די „אָרגאַנייזד טריידס" נאָך אין 1884 אין סינסינעטי. פּאַודערלי און די איבעריקע פירער פון די „נייטס" האָבן געלייגט שטיינער אין וועג פון דעם גענעראַל־סטרייק. פּאַודערלי האָט אַפילו באַשאַפן אַ טעאָריע, אַז דער גאַנצער קאַמף איז סיי־ווי־סיי אומזיסט. אַכט שטונדן אַרבעט איז נוצלאָז, סיידן די אַרבעטער קענען אין דער זעלבער צייט צאַמען די פּראָדוציר־פיאַיקייט פון די מאַשינען. אויב דאָס איז אוממעגלעך וועלן די אַרבעטער גאָרניט געווינען פון דעם פאַרקירצטן אַרבעט־טאָג, ווייל מיט דער הילף פון די מאַשינען וועלן די קאַפּיטאַליסטן קענען אַרויסקריגן פון די אַרבעטער דעם זעלבן מינימום פון פּראָדוקציע ווי פריער אין דעם לענגערן אַרבעט־טאָג. אויבנאויף האָט די טעאָריע געקענט אויסזען רעוואָלוציאָנעריש, אין דער ווירקלעכקייט איז דאָס אַ רעאַקציאָנערער און פאַלשער צוגאַנג. קאַמף פאַר אַ קירצערן אַרבעט־טאָג קען און מוז גיין האַנט אין האַנט מיט דעם קאַמף געגן יאָגעניש און אויפגעשרויפּטן פּראָדוקציע־סטאַנדאַרד. דערצו איז די פאָדערונג פאַר דעם אַכט־שטונדיקן אַרבעט־טאָג געווען פון גרויסער פּאָליטישער וויכטיקייט פאַר אַלע אַרבעטער אין יענער צייט.

פּאַודערליס טענות זיינען געווען געזויגן פון פינגער. דער אמת איז, אַז נאָך אין דער קאָנסטיטוציע פון די „נייטס" איז שוין געווען אַ פּונקט וועגן דעם אַכט־שטונדיקן אַרבעט־טאָג. שפּעטער, אין 1883, האָט דער צוזאַמענפאָר פון די „נייטס" אָנגענומען אַ רעזאָלוציע אָנצוהייבן אַ באַוועגונג פאַר די אַכט שטונדן דורך אַ סטרייק. ווען די א. פ. אָוו ל. — דעמאָלט אַ קליינע אָרגאַניזאַציע — האָט באַשלאָסן אַרויסצורופן אַ סטרייק פאַר די אַכט שטונדן, האָבן פּאַודערלי, סווינטאָן און אַנדערע „נייטס"־פירער זיך דערשראָקן. זיי האָבן געטראַכט, אַז די „נייטס" וועט אויסקומען צו טראָגן דעם גאַנצן לאַסט פון קאַמף. פּאַודערלי האָט אויך מורא געהאַט פאַר דער אַנאַרכיסטישער גרופּע אין ווייטן מערב, געפירט פון האַסקעל און בוקענען, וועלכע זיינען געווען אין די „נייטס" אַסעמבלים. די אַנאַרכיסטן, אַ קליינע אָבער ענערגישע גרופּע אין ווייטן מערב און די אַנאַרכיסטן אין שיקאַגאָ האָבן שוין אין 1883 שטאַרק באַאומרואיקט דעם הויפּט פון אָרדן. פּאַודערלי האָט געציטערט אַז די אַנאַרכיסטן וועלן זיך באַנוצן מיט דעם געפּלאַנטן סטרייק צו פאַראורזאַכן „טראָבל" (שוועריקייטן, צרות). פּאַודערלי האָט דעריבער געאַרבעט צו טויטן די באַוועגונג פאַר אַ גענעראַל־סטרייק איינצופירן די אַכט שטונדן.

שפעטער, אין דער העימארקעט־טראגעדיע, האָבן די „נייטס"־פירער גע־האנדלט זייער עקלהאפט, פארדאמענדיק די אומשולדיק־פאראורטיילטע אנארכיסטן.

די געגנערשאפט פון די פירער האָט ניט געשטערט דער רענק און פייל פון די „נייטס אָוו לייבאָר" זיך אריינצוואוארפן מיט גרויסן ענטוזיאזם אין דעם קאמף פאר די אכט שטונדן. די פלייש־ארבעטער, ווענמענס סטרייק מיר האָבן אויבן באשריבן, האָבן טאקע אָריגינעל געוואונען דעם אכט־שטונדיקן ארבעט־טאָג אין דעם אלגעמיינעם גענעראל־סטרייק דעם 1טן מאי אין שיקאגאָ.

### דער קאַמף צווישן די „נייטס" און די יוניאָנס פון דער א. פ. אָוו ל.

נאָך דער העימארקעט־טראגעדיע האָט צווישן דער „אמעריקאן פעדע־ריישאָן אָוו לייבאָר" און די „נייטס אָוו לייבאָר" זיך צעפלאקערט א ביטערער קאמף. די „נייטס" האָבן פּרובירט אריינצורייסן זיך אין די פאכן וואו די א. פ. אָוו ל. האָט געהאט יוניאָנס. איין צד האָט גערופן סטרייקס און דער צווייטער צד האָט געשיקט ארבעטער דעם סטרייק צו ברעכן. באזונדערס איז דער קאמף געווען אָנגעגליט אין די בוי־אינדוסטריעס אין דער מיטל־וועסט. די ארבעט־געבער זיינען אומעטום געשטאנען מיט דער א. פ. אָוו ל. צווישן די מיטגלידער פון ביידע יוניאָנס האָט געהערשט גרויס פיינטשאפט. דאָרטן וואו די אלטע פאך־יוניאָנס האָבן געוואונען, זיינען די מיטגלידער פון די „נייטס" איינפאך באָיקאָטירט געוואָרן און אין אנדערע ערטער אפילו ארויס־געטריבן געוואָרן פון שטאָט. עס איז אָבער ניט קיין צווייפל, אז די הויפט־אורזאך פון דעם ברודער־קאמף האָט געשטאמט פון דער געגנערשאפט פון די א. פ. אָוו ל. פירער צו העלפן אָרגאניזירן די אומאָרגאניזירטע, ניט־קוואליפיצירטע ארבעטער.*)

אין 1887 הייבט זיך אָן די דעמאָראליזאציע אין די רייען פון די „נייטס". פאודערלי איז אוועק נאָך ווייטער רעכטס. די קאפיטאליסטן דורך זייער געריכט האָבן זיך גענומען שווער באשטראָפן די „נייטס" פאר באָיקאָטירן ארבעטגעבער. די פאבריקאנטן האָבן זיך פאראייניקט אין א נאציאָנאלער אָרגאניזאציע און מיט אלע מיטלען געארבעט אונטערצוברעכן די „נייטס אָוו לייבאָר". די פאך־יוניאָנס האָבן צוגעלייגט א האנט צו די

*) ברייטער וועגן דעם קאמף צווישן די א. פ. אָוו ל. יוניאָנס און די „נייטס" וועט דער לייענער געפינען אין קאפיטל: די אמעריקאן פעדעריישאָן אָוו לייבאָר.

פאַרפאָלגונגען. די „נייטס", וועלכע איז כאַראַקטעריזירט געוואָרן פון פרידריך ענגעלס „אַז אירע פאַרפלאָנטערטע פּרינציפּן און לעבערלעבע אָר־גאַניזאַציע־פאָרמען אַנטשפּרעכן קענטיק די פאַרפלאָנטערטקייט פון די אַמע־ריקאַנישע אַרבעטער", האָט אָנגעהייבן גיין צוריק, ביז פולשטענדיקער פאַנאַנדערפאַלונג אין סוף פון די נײַנציקער יאָרן. אין 1894 איז שוין קלאָר געוואָרן, אַז די „נייטס" גייען אונטער.

ניט קוקנדיק אויף אַלע גרויסע פעלערן און אויף דעם פאַקט וואָס צו איר האָבן באַלאַנגט אויך קליינבירגער, וואָס האָבן געשטערט די סטרייקס, איז די „נייטס" געווען די איינציקע אָרגאַניזאַציע וואָס האָט ניט געמאַכט קיין אונטערשייד צווישן אַרבעטער, לויט זייער געשולטקייט און עקאָנאָמישער פּאָזיציע, לויט זייער געשלעכט, ראַסע און נאַציאָנאַליטעט. אירע טירן זיינען געווען ברייט אָפן פאַר אַלע אַרבעטער. דאָס אַליין האָט צעמענטירט פּראָלע־טאַרישע סאָלידאַריטעט און פאַרוואַנדלט די „נייטס" אין אַ קאַמף־אָרגאַני־זאַציע פון די ברייטע מאַסן. אַרבעטער־סאָלידאַריטעט איז געווען דער ריכט־שנור אין דער טעטיקייט פון די „נייטס". דערפון שטאַמען די אומצייליקע סימפּאַטיע־סטרייקס וואָס די „נייטס" האָבן געפירט.

דער פּעריאָד אין וועלכן די „נייטס אָוו לייבאָר" איז געווען טעטיק פאַרצייכנט אַ באַזונדער וויכטיקן קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון אַרבעטער־קלאַס. די אַלטע פאַך־יוניאָנס זיינען אויך געווען מיליטאַנטיש דעמאָלט. זיי האָבן זיך נאָך ניט דערשלאָגן די פּיל־גינסטיקערע אַרבעט־באַדינגונגען וואָס האָט זיי געשטעלט אַזוי הויך איבער דער גרויסער מערהייט פון אַרבעטער־קלאַס. אָבער די באַדייטונג פון יענעם העראָאישן פּעריאָד פון גרויסע איבער־קערענישן ליגט הויפּטזאַכלעך אין די אַרויסטרעטונגען פון די מאַסן ניט־קוואַליפיצירטע אַרבעטער.

„דער אויפברויז (די גרויסע סטרייקס אין 1886) האָט געמיינט מער ווי די פאַרשנעלערונג פון אַ באַוועגונג וואָס האָט זיך נאָך אָנגעהייבן מיט יאָרן און צענדליקער יאָרן פריער. עס האָט אָנגעזאָגט דעם אויפטרעט אויף דער סצענע פון אַ נייעם קלאַס וואָס האָט ביז איצט נאָך ניט געפונען קיין פּלאַץ אין דער אַרבעטער-באַוועגונג, דער קלאַס פון די ניט-קוואַליפיצירטע אַרבעטער. אַלע אייגנטימלעכע כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון די דראַמאַטישע פּאַסירונגען אין 1886 און אין 1887, די הויך-פיבערישע שנעלקייט מיט וועלכער די אָרגאַניזאַציעס זיינען געוואַקסן, די נאַציאָנאַל-ברייטע כוואַליע פון סטרייקס, באַזונדערס פון סימפּאַטיע-סטרייקס, די ברייטע אָנווענדונג פון באָיקאָט, די כמעט-גרינגשעלעכע אַפּווישונג פון די ליניעס וואָס האָבן צעטיילט דעם אַרבעטער-קלאַס, ליניעס געאָגראַפישע און עקאָנאָמישע, די גוואַלד-טאָטן

און דער גרויסער טומל וואָס האָבן באַגלייט די באַוועגונג — די אַלע אייגנ-שאַפטן זיינען געווען די סימנים פון אַ גרויסער באַוועגונג פון די אומ-געשולטע אַרבעטער, וועלכע האָבן ענדלעך זיך אויפגעהייבן אין אַ רעוואָלט.

„די באַוועגונג וואָס איז אויפגעשטאַנען ווי אַן עלעמענטאַרער פּראָטעסט געגן אונטערדריקונג און דערנידעריקונג, האָט ניט געקענט צוריקגעהאַלטן ווערן מיט דערפאָלג פון וועלכע עס איז מאָטיוון פון צוועקמעסיקייט אָדער פאַרנונפט." (פּערלמאַן, געשיכטע פון טרייד-יוניאָנזם, זייט 90.)

מיר ווייסן ניט וואָס ביי פּראָפעסאָר פּערלמאַן איז צוועקמעסיקייט און פאַרנונפט און צוליב וואָס און צוליב וועמען מען האָט באַדאַרפט צוריק־האַלטן די גרויסע רעוואָלט־באַוועגונג פון די אונטערדריקטע און דער־נידעריקטע אומקוואַליפיצירטע מאַסן. נאָר די קאַפּיטאַליסטן זיינען געווען פאַראינטערעסירט אין דעם. זיין אָפּשאַצונג פון דעם פּעריאָד ווי אַ רעוואָלט פון אָט־די ניט־קוואַליפיצירטע מאַסן איז אַן צווייפל ריכטיק.

מיט אַ גוטער, ציל־באַוואוסטער, פייאיקער פירערשאַפט, וואָלט די גרויסע באַוועגונג וועמען די „נייטס" האָבן געגעבן אויסדרוק, זיך געענדיקט גאַנץ אַנדערש. אין דער אָפּוועזנהייט פון אַזאַ פירערשאַפט און דעם פאַקט, וואָס אין דער שפּיץ פון די פאַך־יוניאָנס זיינען געשטאַנען די גאָמפּערסעס, ליגט דער טראַגיזם פון אַרבעטער־קלאַס אין יענעם פּעריאָד פון גרויסן אויפברויז.

גאַנצע 32 יאָר זיינען פאַריבער ביז וואַנען אַ גרויסע גרופּע ניט־קוואַליפיצירטע אַרבעטער איז ווידער אַרויס אין קאַמף געגן עקספּלואַטאַציע און אונטערדריקונג. מיר מיינען דעם גרויסן שטאָל־סטרייק אין 1919, גע־פירט פון חבר וויליאַם ז. פאָסטער, וואָס איז אויך געבראָכן געוואָרן אין אַ גרויסער מאָס צוליב דעם פאַרראַט פון די פירער פון די פאַך־יוניאָנס. ערשט דאָס יאָר 1933 האָט בייגעוואוינט גרויסע סטרייק־אַרויסטרעטונגען פון מאַסן האַלב־ און גאָרניט־קוואַליפיצירטע אַרבעטער.

## זעכצנטער קאַפּיטל

# דער קאַמף פאַר די אַכט שטונדן און די העי־מאַרקעט־פאַרשווערונג (1885—1887)

אַרבעט פאַר אַרבעטלאָזע, הויפּט טרייב-קראַפט פאַר אַכט-שטונדן-באַוועגונג. — א. פ. אָוו ל. רעזאָלוציע פאַר אַ גענעראַל-סטרייק דעם ערשטן מאַי (1885). — די שפּאַלטונג אין דער ס. ל. פּ. און די גרינדונג פון דעם שוואַרצן אינטערנאַציאָנאַל. — דער איינפלוס פון די אַנאַרכיסטן אין שיקאַגאָ. — אַרבעטער נעמען אויף מיט באַגייסטערונג לאָזונג פון סטרייק פאַר אַכט שטונדן. — דער סטרייק אין שיקאַגאָ און דער באָמבע-אויפרייס. — דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס נעמט נקמה פון מיליטאַנטישע אַרבעטער. — העימאַרקעט-מאַרטירער גייען צום טויט פעסט און מוטיק. — די אויפלעבונג פון פּאָליטישער אַקציע. — די שטורמישע הענרי דזשאָרדזש מעיאָר-קאַמפּאַניע אין ניו יאָרק אין 1886. — הענרי דזשאָרדזש האָט ניט פאַרטראָטן די אַרבעטער-אינטערעסן. — יוניאָן-פירער רייסן אויף באַוועגונג פאַר זעלבסטשטענדיקער פּאָליטישער אַקציע.

דער פּעריאָד פון דעם גרויסן אויפברויז אין די אַכציקער יאָרן איז ניט פולשטענדיק אָן אַ באַשרייבונג און אַן אָפּשאַצונג פון דעם גרויסן קאַמף פאַר דעם אַכט־שטונדיקן אַרבעט־טאָג. ניט געקוקט אויף דעם, וואָס די באַוועגונג פאַר די אַכט שטונדן האָט געשטאַמט פון די אָרגאַניזירטע אַרבעטער אין די פאַך־יוניאָנס, איז זי געווען אַן אָרגאַנישער טייל פון דער מיליטאַנטישקייט וואָס האָט זיך געטראָגן פון דעם גאַנצן אַרבעטער־קלאַס אָן אונטערשייד פון זיין עקאָנאָמישן צושטאַנד.*)

די טרייב־קראַפט פאַר דער אַכט־שטונדן־באַוועגונג איז געווען די לאָזונג: שאַפן אַרבעט פאַר די אַרבעטלאָזע. אין דער זעלבער צייט איז דאָס פאַר אַ סך אַרבעטער, באַזונדערס די באַוואוסטזיניקע, געווען אַ געלעגנהייט אויפ־

*) וועגן דער פּאָליטישער באַדייטונג פון דעם קאַמף פאַר דעם אַכט-שטונדיקן אַרבעט-טאָג וואָס די נעשאַנאַל לייבאָר יוניאָן האָט אויפגעהויבן אין 1866, האָט געשריבן מאַרקס. זע זייטן 142-143. דעמאָלט האָט זיך געהאַנדלט וועגן דורכפירן די אַכט שטונדן ווי אַ געזעץ פון לאַנד.

צונעמען אַן ערשט־קלאַסיקע שלאַכט מיט דעם אָרגאַניזירטן קלאַס קאַפּי־טאַליסטן.

ביידע באַזונדערע אַרבעטער־שטראָמען, די אָרגאַניזירטע און קוואַלי־פיצירטע מיטגלידער פון די פאַך־יוניאָנס און די גרויסע מאַסע ניט־קוואַלי־פיצירטע און לויז־אָרגאַניזירטע מיטגלידער פון די „נייטס", האָבן זיך צונויפגעגאָסן אין איין מעכטיקן שטראָם ווען די אַכט־שטונדן־באַוועגונג האָט דערגרייכט איר העכסטן פּונקט, ערב מאַי 1886. אַלע אידעאָלאָגישע ריכטונגען אין דער אַרבעטער־באַוועגונג האָבן זיך אַריינגעוואָרפן אין דעם קאַמף. אין שיקאַגאָ, וואָס איז געוואָרן דער צענטער פון דער באַוועגונג, האָבן די אַנאַרכיסטן, אָרגאַניזירט אין דעם אַזוי־גערופענעם שוואַרצן אינ־טערנאַציאָנאַל, געשפּילט אַן אָנפירנדיקע ראָל.

אין די אַכציקער יאָרן האָבן די פאַך־יוניאָנס געמאַכט אַ גרויסן און ניט אינגאַנצן געלונגענעם פאַרזוך צו שאַפן אַ נאַציאָנאַלן צענטער. דער אָנ־הייב, די „פעדערײשאָן אָוו אָרגאַנייזד טרייד ענד לייבאָר יוניאָנס", איז באַ־שאַפן געוואָרן אויף דעם צוזאַמענפאָר אין פּיטסבורג, נאָוועמבער, 1881. דריי יאָר שפּעטער האָט די פעדעראַציע אָנגענומען די רעזאָלוציע פאַר דעם אַכט־שטונדיקן אַרבעט־טאָג.*)

די נאַציאָנאַלע יוניאָנס, אָנגעשלאָסן אין דער פעדעראַציע, האָבן פון אָנהייב זיך באַצויגן צו דער רעזאָלוציע מיט גרינגשעצונג. נאָר די צוויי שטאַרקערע נאַציאָנאַלע יוניאָנס, די ציגאַרמאַכער און די סטאָליאַרעס, האָבן באַשלאָסן צו שטיצן די באַוועגונג פינאַנציעל. דאָס האָט ניט געשטערט דעם צוזאַמענפאָר אין 1885 נאָכאַמאָל צו באַשטעטיקן די רעזאָלוציע און אויפ־פאָדערן אַלע יוניאָנס צו דערקלערן אַ סטרייק דעם ערשטן מאַי 1886 פאַר דער פאָדערונג פון דעם אַכט־שטונדיקן אַרבעט־טאָג. דערמיט האָט די אָר־גאַניזירטע אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע אַוועקגעלייגט דעם פונדאַמענט

---

*) פּראָפעסאָר נאָרמאַן וועיר, אין זיין בוך וועגן די „נייטס", וויל האָבן אַז גאָמפּערס האָט ניט געמיינט ערנסט מיט דער גענעראַל-סטרייק רעזאָלוציע. וועיר זעט אין דער רעזאָלוציע נאָר אַ שאַך-צוג געגן די „נייטס אָוו לייבאָר". די „אָר-גאַנייזד טריידס", שרייבט דער פּראָפעסאָר, האָבן גוט געוואוסט אַז זיי זיינען צו קליין דורכצופירן אַ קאַמפּאַניע פאַר אַ גענעראַל-סטרייק. פּראָפעסאָר וועיר דערזעט אָבער ניט אַ וויכטיקן פאַקטאָר, די שטימונג פון די מיטגלידער פון די פאַך-יוניאָנס. דער הייסער אָפּרוף מיט וועלכן זיי האָבן אויפגענומען דעם גענעראַל-סטרייק, רעדט פאַר זיך. גאָמפּערס האָט זיכער געהאַט אין זינען די שטימונג פון די מיטגלידער אין די פאַך-יוניאָנס, ספּעציעל ווען ער האָט אויסגעלייגט פּלענער צו פאַרניכטן די „נייטס".

פאר דעם טאג וואס איז שפעטער געווארן דער קאמף־רוף פון אלוועלטלעכן ארבעטער־קלאס.

אין מערץ האבן זיך אנגעהייבן די פארברייטונגען צום גענעראל־סטרייק. די „נייטס און לייבאר" זיינען איינגעלאדן געווארן, אבער זיי זיינען ניט געקומען. די „נייטס" האבן דעמאלט פארמאגט זיבן הונדערט טויזנט מיט־גלידער און די יוניאנס פון דער „אמעריקאן פעדערייישאן און לייבאר" — ארגאניזירט אין זעלבן יאר — האבן געציילט א פערטל מיליאן מיטגלידער. אן דעם אנטייל פון די „נייטס" האט ניט געקענט זיין קיין רייד פון א מאסן־סטרייק, אבער די מיטגלידער פון די „נייטס" האבן געגן דעם ווילן פון זייערע הויפט־פירער אנטיילגענומען אין סטרייק און אין זיינע פארברייטונגען. די אנטזאגונג פון די „נייטס"־פירער האט אבער באשאפן א דעמאראליזאציע און א צעמישונג.

### די ראל פון די אנארכיסטן אין שיקאגא

א צווייטער פאקטאר וואס מוז גענומען ווערן אין אכט איז געווען דער אינערלעכער קאמף אין דער דעמאלטיקער סאציאליסטישער באוועגונג, וואס האט געבראכט צו דער אפשפאלטונג פון א גרופע מיליטאנטישע ארבעטער — שפעטערדיקע אנארכיסטן — אויף דעם צוזאמענפאר פון דער סאשעליסט לייבאר פארטיי אין 1879. די הויפט־אורזאך פון דער שפאלטונג איז געווען דער פאקט, וואס די ס. ל. פ. איז געווען א ריין־פארלאמענטארישע ארגאני־זאציע און האט ניט געוואלט דולדן אין אירע רייען מיטגלידער וועלכע האבן געפאדערט אקטיווע ארויסטרעטונגען אויף דעם עקאנאמישן געביט. דער ליידנשאפטלעכער קאמף וואס איז דעמאלט אנגעגאנגען אין אייראפע צווישן קארל מארקס און ענגעלס מיטן רוסישן אנארכיסט באקונין, זיינען ניט געווען פון אן אנטשיידנעם כאראקטער אין דער שפאלטונג. דער קאמף צווישן די מארקסיסטן און די באקוניניסטן האט ערשט גענומען קריגן אן אפקלאנג אין די פאראייניקטע שטאטן. די אפיציעלע פירערשאפט פון דער ס. ל. פ. האט יעדנפאלס ניט פארטראטן די מארקסיסטישע ריכטונג, גיכער איז זי געווען אונטער דעם איינפלוס פון די לאסאליאנער, וואס האבן געלייקנט דעם סטרייק און די יוניאן.*)

---

*) מער וועגן דעם וועט דער לייענער געפינען אין דעם קאפיטל: די סאציא־ליסטישע באוועגונג.

די טרעגער פון אַנאַרכיזם אין די פאַראייניקטע שטאַטן זיינען אויך געווען הויפטזאַכלעך דייטשע אַרבעטער, אַנטלאָפענע פון פאַרפאָלגונגען אין זייער אַלטער היים. זייער אומצופרידנקייט מיט דער פירערשאַפט פון דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פאַרטיי איז געוואַקסן. פריער האָבן זיי זיך באַנוגנט מיט גרינדן אייגענע אָרגאַניזאַציעס אין דער פאַרטיי, אָרגאַניזאַציעס וואָס האָבן געטראָגן אַ מיליטערישן כאַראַקטער און האָבן געהייסן „עדיוקיישאָנעל און דעפענסיוו סאָסייעטיס" („ווער און לער פאַראיינען"). שפּעטער זיינען זיי אַרויסגעטראָטן פון דער פאַרטיי. אין 1883 האָבן זיי געגרינדעט דעם אַנאַרכיסטישן אינטערנאַציאָנאַל אונטער דעם אָפיציעלן נאָמען „אינטערנעשאָנאַל וואָירקינג קלעס אַסאָסיאיישאָן" (אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטער־אַסאָסיאַציע). די לאָזונג פון אינטערנאַציאָנאַל האָט זיך געלייענט: „די פאַרניכטונג פון דער עקזיסטירנדיקער קלאַסן־הערשאַפט דורך אַלע מיטלען, וואָס מיינט דורך ענערגישער עקשנותדיקער רעוואָלוציאָנערער און אינטערנאַציאָנאַלער אַקציע." יאָהאַן מאָסט איז מיט אַ יאָר פריער געקומען אין אַמעריקע. ער האָט שטאַרק באַאיינפלוסט די אַנאַרכיסטן אין ניו יאָרק, אָבער ניט די אַנאַרכיסטן אין שיקאַגאָ, וועלכע זיינען געווען מער איינגעוואָרצלט צווישן די אַרבעטער און האָבן געבויט אויף מאַסן־אַקציע אָנשטאָט דעם העראָאיזם פון די איינצלנע אויסדערווילטע.*)

די שפּאַלטונג אין דער ס. ל. פּ.

די פירער פון אָט־דער באַוועגונג, שפּיז, פאַרסאָנס און גראַטקאָו, זיינען פון אָנהייב ניט געווען קיין אויסגעשפּראָכענע אָנהענגער פון באַקונינען. זייער געגנערשאַפט צו דער מעסיקער און ריין־פּאַרלאַמענטאַרי־

*) יאָהאַן מאָסט (1846—1909), אַ דייטשער אַנאַרכיסט, אַ דרוק-אַרבעטער, פריער אַ סאָציאַל-דעמאָקראַט. געווען אַ סאָציאַל-דעמאָקראַטישער דעפּוטאַט אין רייכסטאַג. נאָך די אַנטי-סאָציאַליסטישע געזעצן (1878) האָט ער עמיגרירט נאָך לאָנדאָן און דאָרטן אַרויסגעגעבן אַ זשורנאַל „די פרייהייט", וואָס האָט ביסלעכווייז אָנגענומען אַן אַנאַרכיסטישן כאַראַקטער. אין 1882 איז ער אַרויסגעשיקט געוואָרן פון ענגלאַנד און איז געקומען אין אַמעריקע, וואו ער האָט אַרויסגעגעבן דעם זעלבן זשורנאַל. מאַרקס האָט געשריבן אין אַ בריוו צו זאָרגע, אַז די „פרייהייט" פאַרמאָגט ניט קיין רעוואָלוציאָנערן אינהאַלט, נאָר אַ רעוואָלוציאָנערע פראַזעאָלאָגיע. מאַרקס האָט כאַראַקטעריזירט מאָסטן „ווי אַ מענטש ניט אָן טאַלאַנט, אָבער אויך אָן אינטעלעקטועלער שטאַנדהאַפטיקייט. יעדע ענדערונג פון ווינט טרייבט אים אין איין ריכטונג און נאָכדעם אין אַ צווייטער ריכטונג ווי אַ וועטער-האָן." (קאָרעספּאָנדענס אָוו מאַרקס ענד ענגעלס, זייט 345.)

שער פאליטיק פון דער פירערשאפט פון דער ס. ל. פ. האט געשטאמט פון זייער רעוואלוציאנערער ענערגיע, וואס האט געשמארצט אונטער דער טאקטיק פון דער ס. ל. פ. זיי האבן אויך ניט געקענט פארטראגן די צענטראליזאציע און דיסציפלין פון דער פארטיי. מיט דער אנטוויקלונג פון די סטרייקס אין אין דעם גרויסן אויפברויז זיינען זיי געווארן אלץ נאענטער צו באקונינס אנארכיזם. שיקאגא און סינסינעטי, צוליב זייער גרויסער דייטשער באפעלקערונג, זיינען געווען די צוויי שטארקסטע שטעט פון דעם אנארכיסטישן אינטערנאציאנאל.

אמעריקע אין יענעם פעריאד און אויך שפעטער האט מיט זיך פארגעשטעלט א גינסטיקן באדן פאר די אנארכיסטישע אידייען. דער איבערגאנג צו גרויס־קאפיטאליסטישער פראדוקציע האט ארויסגעריסן דעם באדן פון א סך זעלבסטשטענדיקע און האלב־זעלבסטשטענדיקע האנטווערקער. פון דער צווייטער זייט זיינען נאך אין אמעריקע פארבליבן שפארונעם דורך וועלכע איינצלנע מענטשן מיט איניציאטיווע און אונטערנעמונג האבן געקענט זיך ארויסרייסן פון דעם ארבעטער־קלאס און זיך ארויפארבעטן. די יונגשאפט פון קאפיטאליסטישן קלאס און זיין גוואלדיקע ברוטאליטעט געגן דעם ארבעטער־קלאס האבן אויך ארויסגערופן טענדענצן פון דירעקטער אקציע, סאבאטאזש און גוואלדטאט ווי א קאמף־מיטל. דער פאקט, וואס דער ארבעטער־קלאס איז געווען צוזאמענגעשטעלט פון אזויפיל פארשיידנארטיקע עלעמענטן און נאציאנאליטעטן, האט אויך געהאלפן דער פארשפרייטונג פון דעם אנארכיזם צווישן ספעציעלע גרופעס. די אנארכיסטן האבן אין די אכציקער יארן אויפגעבויט אן ענערגישע באוועגונג, וואס האט באאיינפלוסט געוויסע טיילן פון די ארבעטער וועלכע זיינען מיטגעריסן געווארן פון דער מיליטאנטישקייט וואס די אנארכיסטן האבן פארמאגט און פון זייערע אויסזיכטן אויף א גאר נאענטער אומשטירצונג פון דער פארהאסטער קאפיטאליסטישער ארדענונג. גלייכצייטיק איז נויטיק צו אונטערשטרייכן, אז די פילאזאפיע פון אנארכיזם איז א רעאקציאנערע. דאס איז די פילאזאפיע פון קליינבירגערטום וואס וויל שטופן די מענטשהייט צו די אמאליקע פרימיטיווע פארמען פון פראדוקציע. דאס איז דער פונדאמענט פון באקונינס אנארכיזם.

מען דארף צוגעבן, אז די אמעריקאנישע אנארכיסטן האבן זיך אונטערשיידט פון זייערע אייראפייאישע פריינט דערמיט, וואס זיי האבן געזוכט א מאסן־באזע, האבן געגלויבט אין טרייד־יוניאנס און געזוכט צו באאיינפלוסן די יוניאנס. אלבערט פארסאנס איז געווען אן אנגעזעענער טוער אין די

„נייטס". אין יולי 1884 האָבן שפּיז און גראטקאוו דורכגעפירט אויף דער פאַרזאַמלונג פון דער ציגאַרמאַכער־יוניאָן אין שיקאַגאָ א רעזאָלוציע, וואָס האָט זיך געלייענט:

„דער איינציקער וועג אויף וועלכן די באַפרייאונג פון דער מענטשהייט קען דורכגעפירט ווערן איז דורך אָפענעם רעוואָלט פון דעם באַרויבטן קלאַס אין אַלע טיילן פון לאַנד געגן די עקזיסטירנדיקע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע אינסטיטוציעס."

דאָס האָט שוין געמיינט מאַסן־אַקציע. אָבער עס האָט ניט געענדערט דעם פאַקט, אַז די אַנאַרכיסטן האָבן ניט פאַרשטאַנען די אייזערנע געזעצן פון דער אַנטוויקלונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט און האָבן ניט געקענט ברענגען קיין נוצן דעם אַרבעטער־קלאַס.

## אַנאַרכיסטן באַפעסטיקן זיך אין די יוניאָנס

אין 1884 האָבן די אַנאַרכיסטן אין שיקאַגאָ געשאַפן די צענטראַלע שטאָטישע קערפּערשאַפט, די קאָנסערוואַטיווע אַמאַלגאַמייטעד טריידס און לייבאָר אַסעמבלי, און האָבן אָרגאַניזירט די צענטראַל לייבאָר־יוניאָן, וואָס האָט געהאַט מער יוניאָנס — 22 אין צאָל — ווי די אַמאַלגאַמייטעד. א יאָר שפּעטער האָט די צענטראַלע אַרבעטער־יוניאָן פאַרעפנטלעכט א דעקלאַראַציע, וואָס האָט שוין אָפּגעשפּיגלט די אַנאַרכאָ־סינדיקאַליסטישע נויגונגען, א דעקלאַראַציע וואָס איז באַזירט אויף קלאַסן־קאַמף, אָבער פון א סאָרט וואָס לייקנט אינגאַנצן דעם פּאָליטישן קאַמף און די נויטווענדיקייט פון א פּאָליטי־שער אַרבעטער־פּאַרטיי און פאַרלאָזט זיך אינגאַנצן אַז די טרייד־יוניאָנס וועלן ברענגען די אומשטירצונג פון קאַפּיטאַליזם.

די אַנאַרכאָ־סינדיקאַליסטן האָבן געהאַט אין שיקאַגאָ צוויי צייטונגען, דער אַלאַרם אין ענגליש און די אַרבעטער־צייטונג אין דייטש. די בעסטע שריפטשטעלערישע כוחות אין דער אַרבעטער־באַוועגונג האָבן זיך געזאַמלט אַרום די צוויי צייטונגען. דער רעדאַקטאָר פון דעם אַלאַרם איז געווען אַלבערט פּאַרסאָנס, א מיטגליד פון די „נייטס אָוו לייבאָר" און איינער פון די בעסטע רעדנער אין דער אַרבעטער־באַוועגונג. דער רעדאַקטאָר פון דער דייטשער צייטונג איז געווען אויגוסט שפּיז, א דייטשער אימיגראַנט און שפּעטער א פילאָזאָפישער אַנאַרכיסט. ביידע זיינען אויפגעהאַנגען געוואָרן אין דער העימאַרקעט־פאַרשווערונג.

טהענקסגיווינג דעי האָבן פּאַרסאָנס און שפּיז געפירט א דעמאָנסטראַציע

פון דריי טויזנט אַרבעטלאָזע אין שיקאַגאָ. די אַנאַרכיסטישע פּרעסע האָט מיט גרויס באַגייסטערונג געשריבן, אַז די דעמאָנסטראַציע פאַרצייכנט אַ ניי קאַפּיטל אין דער אַרבעטער־באַוועגונג פון שיקאַגאָ:

„נעכטן — האָט די אַרבעטער-צייטונג געשריבן — איז געבוירן געוואָרן אַ נייער פּעריאָד אין סאָציאַלן קאַמף. ביז איצט איז די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג באַשרענקט געווען נאָר צו די בעסער-באַצאָלטע און די מער-פאַרשטענדיקע דייטשע, באָהעמישע און סקאַנדינאַווישע אַרבעטער. די לאַגע איז איצט אַנדערש. דער טיפּיש-אַמעריקאַנישער אַרבעטער האָט נעכטן גע-טראָגן די רויטע פאָן אויף די גאַסן און דערמיט פּראָקלאַמירט זיין סאָלידאַרי-טעט מיט דעם אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט.“

ווען די אַגיטאַציע פאַר דעם גענעראַל־סטרייק פאַר דעם אַכט־שטונדיקן אַרבעט־טאָג האָט זיך אָנגעהויבן, זיינען די אַנאַרכיסטן געוואָרן זייער טעטיק. אַ דאַנק זייער ענערגישער אַרבעט איז שיקאַגאָ געוואָרן דער צענטער פון דער באַוועגונג וואו די גרעסטע צאָל אַרבעטער האָבן אָנטיילגענומען אין גענעראַל־סטרייק. פאַר פּאַרסאָנס און זיינע חברים איז דער קאַמף פאַר די אַכט שטונדן ניט געווען אַ ציל פאַר זיך נאָר ווי אַ מיטל אויפצוהויבן די אַרבעטער אין קאַמף געגן די קאַפּיטאַליסטן און זייער הערשאַפט. די רעזאָ־לוציע וואָס די צענטראַלע אַרבעטער־יוניאָן האָט אָנגענומען אין אָקטאָבער 1885 זאָגט אויסדריקלעך, אַז די אַרבעטער האָבן ווייניק וואָס צו דערוואַרטן פון דעם אַכט־שטונדיקן אַרבעט־טאָג, פונדעסטוועגן „זיינען מיר אַנטשלאָסן צו העלפן אונזערע אָפּגעשטאַנענע ברידער מיט אַלע אונזערע כוחות אַזוי לאַנג ווי זיי וועלן אַרויסווייזן אַן אָפענעם און אַנטשלאָסענעם פראָנט געגן אונזערע אַלגעמיינע אונטערדריקער, די אַריסטאָקראַטישע טרעמפּס און די עקספּלואַטאַטאָרן“.

די רעזאָלוציע רופט אויף דעם אַרבעטער־קלאַס זיך צו באַוואָפענען „צו קענען אַרויסשטעלן געגן זייערע עקספּלואַטאַטאָרן דעם איינציקן אַרגומענט וואָס זיי פאַרשטייען“.

## 200,000 אַרבעטער געווינען אין סטרייק די אַכט שטונדן

דער ערשטער מאַי 1886 איז באַגעגנט געוואָרן מיט די גרעסטע האָפּע־נונגען פון די אַרבעטער־מאַסן. עס זיינען ניטאָ קיין זיכערע ציפערן וויפיל אַרבעטער עס האָבן זיך באַטייליקט אין סטרייק. אַ וואָל־סטריט סטאַטיס־טישע אַגענטור, די „ברעדסטריט“, האָט אָפּגעשאַצט אַז ניט ווייניקער פון

340,000 אַרבעטער האָבן געסטרייקט דעם ערשטן מאַי און אַז ניט ווייניקער פון 200,000 אַרבעטער האָבן דורך סטרייק געוואונען דעם אַכט־שטונדיקן אַרבעט־טאָג. אין שיקאַגאָ אַליין האָבן 80,000 אַרבעטער געוואָרפן די אַרבעט דעם ערשטן מאַי.

די קאַפּיטאַליסטן האָבן געקריצט מיט די ציין, אָבער די אַרבעטער האָבן אומעטום אויפגעהאַלטן אָרדענונג און דער טאָג איז פאַריבער רואיק. די סאָלידאַריטעט פון די אַרבעטער איז געווען אויסערגעוויינלעך.

פאַר דעם ערשטן מאַי איז אויסגעבראָכן אַ סטרייק אין דער מעקאָרמיק לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַשינען־פאַבריק אין שיקאַגאָ (איצט די אינטער־נעשאָנאַל האַרוועסטער קאָמפּאַניע, דער טראַסט וואָס קאָנטראָלירט די פּראָ־דוקציע פון לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַשינען). פּאַרסאָנס, שפּיז, פילדן און שוואַב זיינען געווען שטאַרק טעטיק אין דעם סטרייק. די קאָמפּאַניע האָט אימפּאָרטירט סטרייק־ברעכער. דעם דריטן מאַי האָבן די סטרייקער אָפּ־געהאַלטן אַ פאַרזאַמלונג לעבן דער פאַבריק. שפּיז האָט גערעדט. אין פאַר־לויף פון דעם מיטינג האָבן די סטרייק־ברעכער געענדיקט אַרויסגיין פון פאַבריק נאָך דער אַרבעט. אַ טייל סטרייקער האָט זיך געלאָזט צו זיי. די פּאָליציי, וואָס איז געווען אָנגעגרייט, איז מיט רציחה באַפאַלן די סטרייקער און גע־שאָסן אָן דער מינדעסטער וואָרנונג. זעקס זיינען געפאַלן טויט אויפן פּלאַץ און פיל זיינען פאַרוואונדעט געוואָרן. אַ פלאַמיקער צאָרן איז אויסגעבראָכן צווישן די אַרבעטער אין שטאָט. די מיטגלידער פון אַנאַרכיסטישן אינטער־נאַציאָנאַל האָבן באַשלאָסן אָפּצוהאַלטן אַ פּראָטעסט־דעמאָנסטראַציע קעגן דער שחיטה. שפּיז האָט אָנגעשריבן אַ פייערדיקן רוף אין דער אַרבעטער־צייטונג. אין דעם רוף איז געווען דער אויסדרוק: „אַרבעטער, באַוואָפנט זיך!” אויף אָט־דער פראַזע האָט די אָנקלאַגע שפּעטער געבויט איר גאַנצע באַשולדיקונג קעגן די אָנגעקלאָגטע אַנאַרכיסטן.

### די דעמאָנסטראַציע און דער באָמבע־אויפרייס

די דעמאָנסטראַציע איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן דעם פערטן מאַי, האַלב נאָך זיבן פאַרנאַכט, אויף דעם העימאַרקעט־פּלאַץ. דער מעיאָר פון שטאָט, העריסאָן, איז געקומען און האָט שפּעטער געמוזט עדות זאָגן אַז די פאַר־זאַמלונג איז אָנגעגאַנגען פולשטענדיק רואיק. די רעדנער האָבן ניט אויפ־געפאָדערט די פאַרזאַמלטע אַרבעטער, אַרום דריי טויזנט אין צאָל, צו גוואַלד־טאַטן. גערעדט האָבן שפּיז, פּאַרסאָנס און שוואַב. צען אין אָוונט איז דער־

מעיאָר אוועק. געבליבן זיינען עטלעכע הונדערט אַרבעטער. אָבער גלייך ווי דער מעיאָר האָט פאַרלאָזן דעם פּלאַץ האָט אַן אָפּטיילונג פון 180 פּאָליציי־לייט פּלוצלונג ארומגערינגלט די פאַרזאַמלונג. פילדן, וועלכער האָט געהאַלטן אין פאַרענדיקן זיין רעדע, האָט געבעטן דעם קאַפּיטאַן פון דער פּאָליציי ניט אָפּצוברעכן די פאַרזאַמלונג, וואָס גייט אָן אין פולער אָרדענונג. דער פּאָליציי־קאַפּיטאַן האָט געהאַט אינסטרוקציעס פון דעם פּאָליציי־הויפּט, קאַפּיטאַן באָנפילד, באַוואוסט מיט זיין ברוטאַליטעט צו אַרבעטער, אָפּצוברעכן די פאַרזאַמלונג. אַזוי שנעל ווי די פּאָליציי האָט גענומען טרייבן די פאַרזאַמלטע, האָט אויפגעריסן אַ באָמבע געוואָרפן אין דער פּאָליציי. אַ סאַרדזשענט איז דערהרגעט געוואָרן. די פּאָליציי האָט אָנגעהייבן שיסן און קוילן זיינען געפלויגן פון ביידע זייטן. ווען די שיסעריי איז פאַריבער, זיינען זיבן פּאָליציי־לייט און פיר אַרבעטער געלעגן טויט. אַ סך זיינען פאַרוואונדעט געווען. אויף מאָרגן זיינען שפּיז, שוואַב, פאַרסאָנס, פישער, ענגעל, לינג, ניבע, שניבעלס און זעליגער אַרעסטירט געוואָרן אויף קלאַגעס פון מאָרד ערשטן גראַד. שנייבעלסן איז געלונגען צו אַנטלויפן אין אויסלאַנד, זעליגער האָט פאַרראַטן זיינע חברים און איז געוואָרן אַן עדות פאַר דער אָנקלאַגע.

דער באָמבע־אויפרייס איז אויסגענוצט געוואָרן פון דער בורזשואַזיע אָנצוהייבן אַ טעראָר־קאַמפּאַניע געגן די מיליטאַנטישע אַרבעטער אין שטאָט. אַרבעטער־פאַרזאַמלונגען זיינען ברוטאַל אָפּגעבראָכן געוואָרן. די אַרבעטער־צייטונג איז געשטעלט געוואָרן אונטער דער צענזור פון דער פּאָליציי.

### פּראָצעס איז אַ פאַרס פון קאַפּיטאַליסטישער גערעכטיקייט

דעם 17טן מאַי האָט די גרענד־דזשורי אַרויסגעטראָגן די באַשולדיקונג געגן די אָנגעקלאָגטע און דעם 21סטן יוני האָט זיך אָנגעהויבן דער פּראָצעס, וואָס איז געווען איין שטיק היפּאָקריטסטווע. די מיטגלידער פון דער דזשורי זיינען געקליבן געוואָרן פון איינעם רייס, און ער האָט געוואוסט ווי אַזוי צו קלייבן. גאָווערנאָר אַלטגעלד פון אילינאָי האָט נאָכדעם אין זיינע דערינערונגען דערקלערט, אַז רייס האָט זיך באַרימט: „איך פיר מיט דעם פּראָצעס און איך ווייס וואָס איך טו. די יונגען וועלן הענגען אַזוי זיכער ווי דער טויט. איך רוף צו דער דזשורי אַזעלכע מענטשן, וואָס זיי (די פאַרטיידיקונג) וועלן זיין געצוואונגען אויסצוזעצן און ווען זיי וועלן אויסנוצן די פולע צאָל אויסזעצונגען צו וועלכע זיי זיינען באַרעכטיקט, וועלן דעמאָלט אַריינקומען אין דער דזשורי די מענטשן וואָס זיינען צופרידנשטעלנדיק פאַר אונז."

דער פּראָצעס האָט אָנגעהאַלטן 49 טעג. רייסעס פּלאַן ווי אָנצופּילן די דזשורי מיט אַרבעטער־פיינטלעכע עלעמענטן האָט געאַרבעט אויסגע־צייכנט. די קאַפּיטאַליסטישע פּרעסע האָט צוגעהאָלפן מיט אַ העצע־קאַמפּאַניע געגן די אַנאַרכיסטן. יעדן טאָג האָבן די צייטונגען צוגעטראַכט אַנדערע גרויסע און שרייענדיקע „קעפּ" וועגן דעם אַנאַרכיסטישן טעראָר. די צייטונ־גען האָבן געפאָדערט די קעפּ פון די אָנגעקלאָגטע. ריכטער געערי, וואָס האָט געפירט דעם פּראָצעס, האָט אויך צוגעלייגט אַ האַנט. עס איז קלאָר געווען, אַז די בורזשואַזיע האָט פריער באַשלאָסן אַז די אַנאַרכיסטישע פירער דאַרפן הינגעריכטעט ווערן. דער שיקזאַל פון די אַרבעטער־קעמפער איז געווען פאַרזיגלט, כאָטש די אָנקלאַגע האָט ניט באַוויזן צו ברענגען קיין איין איינציקן באַווייז אַז די אָנגעקלאָגטע זיינען אויף וועלכן עס איז אופן פאַרמישט אין דעם באָמבע־אויפרייס. די אָנקלאַגע האָט אויך ניט געקענט ברענגען קיין איין איינציקן פאַקט אַז פּאַרסאָנס, שפּיז און שוואַב האָבן גערופן אין זייערע רעדעס אויפן סקווער צו גוואַלדטאַטן. פאַרקערט, אַלע באַווייזן זיינען געווען, אַז די פּאָליציי האָט די ערשטע אַטאַקירט און אַרויסגערופן דעם בלוטיקן צוזאַמענשטויס.

די דזשורי האָט, פאַרשטייט זיך, געפונען אַלעמען שולדיק. שפּיז, שוואַב, פילדן, פּאַרסאָנס, פישער און ענגעל זיינען פאַראורטיילט געוואָרן צו טויט־שטראָף. ניבע האָט געקראָגן פופצן יאָר טורמע.

די פאַרטיידיקונג האָט אַפּעלירט צום העכסטן פעדעראַלן געריכט און די העכסטע אינסטיטוציע פון קאַפּיטאַליסטישער גערעכטיקייט האָט דעם אַפּיל צוריקגעוויזן.

דער איינציקער וועג צו ראַטעווען זייערע לעבנס איז געווען אַן אַפּיל צום גאָווערנאָר פאַר באַגנאַדיקונג. אין איין וואָך זיינען געזאַמלט געוואָרן העכער 51,000 אונטערשריפטן אויף אַ פּעטיציע צום גאָווערנאָר ער זאָל באַ־גנאַדיקן די פאַראורטיילטע.

פון די זיבן פאַראורטיילטע האָבן נאָר דריי אונטערגעשריבן די פּעטיציע. פילדן, שוואַב און שפּיז. שפּיז האָט זיך גלייך געכאַפּט, אַז די פּעטיציע איז אַן אויסדרוק פון שוואַכקייט. ער האָט זי צוריקגעצויגן אין אַ בריוו צום גאָווערנאָר.

### פאַראורטיילטע גייען צום טויט מוטיק און בראַוו

די איבעריקע פיר האָבן צוגעשיקט אַ דערקלערונג צום גאָווערנאָר, אין וועלכער זיי האָבן קלאָר געמאַכט אַז זיי האָבן ניט פאַרלאַנגט די פּעטיציע און



די העימאַרקעט-מאַרטירער

ערשטע שורה פון רעכטס צו לינקס: לינג, פישער און פּאַרסאָנס.
צווייטע שורה פון רעכטס צו לינקס: ענגעל און שפּיז.
דריטע שורה פון רעכטס צו לינקס: שוואַב, פילדן און ניב.

זיי ווילן ניט קיין באגנאדיקונג. „איך בין שולדיק אָדער אומשולדיק אין דעם פאַברעכן — האָט געשריבן פאַרסאָנס. — אויב איך בין שולדיק, וויל איך בעסער דעם טויט איידער א לעבן פון א שקלאַף. אויב איך בין אומשולדיק, פאָדער איך מיין פרייהייט.״ איינער פון די פיר, לינג, איז באַגאַנגען זעלבסט־מאָרד אין טורמע איידער די צייט פון דער הינריכטונג האָט זיך אָנגערוקט.

דער גאָווערנאָר פון אילינאָי, אונטער דעם גרויסן דרוק פון די פאַר־איייניקטע קאַפּיטאַליסטן און זייער פּרעסע, האָט ניט אָפּגעשאַפט דעם טויט־אורטייל איבער די פיר פאַראורטיילטע. פילדען און שוואַבן האָט ער געגעבן לעבנסלענגלעכע טורמע. זיי און ניבע זיינען אין 1893 באַפרייט געוואָרן פון גאָווערנאָר.

פרייטיק, דעם 11טן נאָוועמבער 1887, זיינען פאַרסאָנס, שפּיז, ענגעל און פישער געבראַכט געוואָרן צו דער תליה. די פּאָליציי האָט געמאַכט די גרעסטע פאָרברייטונגען. די גאַסן ארום דער טורמע זיינען אָפּגעשניטן גע־וואָרן. די טראָטואַרן זיינען פול געווען מיט פּאָליציי באַוואָפנט מיט ראַיאָט־ביקסן. די טורמע האָט אויסגעזען ווי א באַלאַגערטע פעסטונג. פון יעדן פענצטער האָט געשטעקט א פּאָליסמאַן מיט א ביקס. אויפן דאַך זיינען ווידער געווען פּאָליסלייט.

אַלע פיר זיינען געגאַנגען צו דער תליה מוטיק און טראָציק. שפּיז האָט באַוויזן צו זאָגן איידער די שטריק זיינען אָנגעטאָן געוואָרן אויף זיין האַלז: „עס וועט קומען א צייט, ווען אונזער שווייגן וועט זיין א סך מעכטיקער ווי די שטימע וואָס איר דערשטיקט היינט.״

פישערס לעצטע ווערטער, ווען ער איז ארויף מיט א געהייבענעם קאָפּ אויף די טרעפּ וואָס פירן צו דער תליה: „דאָס איז דער גליקלעכסטער טאָג אין מיין לעבן.״

פאַרסאָנס האָט געזאָגט: „זאָל די שטימע פון פאָלק געהערט ווערן.״

אין דער געשיכטע פון ארבעטער־קלאַס איז דער טאָג ארונטער ווי דער שוואַרצער פרייטיק.

די ארבעטער איבערן גאַנצן לאַנד האָבן אויסגעדריקט זייערע וואַרעמ־סטע סימפּאַטיעס צו די מאַרטירער. אפילו די „אַמעריקאַן פעדערײשאָן אָוו לייבאָר״ האָט אָנגענומען א רעזאָלוציע, וואָס האָט געפאָדערט א באַגנאַדיקונג פאַר די פאַראורטיילטע אַנאַרכיסטן. אַלע ארבעטער האָבן געפילט, אַז די מאַרטירער פון העימאַרקעט באַצאָלן מיט זייער לעבן פאַר דעם מיליטאַנטישן קאַמף וואָס איז געפירט געוואָרן פאַר דעם אַכט־שטונדיקן ארבעט־טאָג.

די העסלעכע ראָל פון די „נייטס"־פירער; אַרבעטער ניט צעקלאַפּט.

מיט אייביקער שאַנד האָבן זיך באַדעקט די פירער פון די „נייטס". אַלבערט פּאַרסאָנס איז געווען אַ מיטגליד פון אָרדן זינט 1877. די פירער־שאַפט איז אָבער אַריינגעפאַלן אין אַ ווילדער פּאַניק און האָט זיך אויפגעפירט פיל ערגער ווי גאָמפּערס, שטראַסער און מעקוויר, וואָס זיינען געשטאַנען אין שפּיץ פון דער יונגער א. פ. אָוו ל.

די שיקאַגער „נייטס אָוו ליבאָר" איז אַרוים מיט אַ העסלעכן, היסטערישן אויסגעשריי געגן די אָנגעקלאָגטע, שענדלעכער פון די פאַרביסנסטע קאַפּיטאַ־ליסטישע צייטונגען. די אָנגעקלאָגטע אַנאַרכיסטן זיינען אָנגערופן געוואָרן באַנדיטן, רויבער, חיות, מענטשלעכע קריפּלס און נאָך פון דעם סאָרט. די צייטונג האָט פאַרענדיקט מיט די ווערטער:

„מיר זיינען זיכער, אַז מיר דריקן אויס די שטימונג פון דער גאַנצער אָרגאַניזאַציע, ווען מיר זאָגן אַז מיר האָפן אַז פּאַרסאָנס, שפּיז, מאָסט, פילדען און די גאַנצע באַנדע פאַרברעכער וועלן אָפּגעווישט ווערן פון דער ערד."

פּינק מאָנאַטן נאָך דעם אורטייל האָט פּאַודערלי ניט דערלאָזט אָנ־צונעמען אַ רעזאָלוציע אויף דעם „נייטס"־צוזאַמענפאָר צו פאָדערן די באַ־גנאַדיקונג פון די פאַראורטיילטע. ערשט אונטער דעם שטאַרקן דרוק פון די מיטגלידער פון די „נייטס" וואָס האָבן אין די אָרטיקע אַסעמבלים דורכ־געפירט רעזאָלוציעס פאַר די העימאַרקעט פאַראורטיילטע, האָט פּאַודערלי געמוזט אָפּשטעלן זיינע סקאַנדאַליעזע אָנפאַלן אויף פּאַרסאָנס און זיינע חברים. קיין רעזאָלוציע צו זייער גונסטן האָט ער ניט דערלאָזט אָנצונעמען אַפילו אויפן צוזאַמענפאָר אין מינעאַפּאָליס, אין 1887, אַ יאָר און אַ האַלב נאָך דעם אורטייל און אַ מאָנאַט פאַר דער הינריכטונג. זיין אויסרייד איז געווען, אַז דאָס וועט שעדיקן דעם אָרדן. נאָך דער הינריכטונג האָט פּאַודערלי געשריבן אין אַ פּריוואַטן בריוו צו העיז, אַז די הינגעריכטעטע זיינען אַרבעטער־מאַרטירער.

די קאַפּיטאַליסטן אין שיקאַגאָ האָבן געזאַמלט אַ גרויסן פאָנד צו פאַר־ניכטן דעם אַנאַרכיסטישן אינטערנאַציאָנאַל און די גאַנצע קעמפנדיקע אַר־בעטער־באַוועגונג. אַ שווערע רעאַקציע האָט זיך פאַרשפּרייט איבערן לאַנד. אַרבעטער־פאַרזאַמלונגען זיינען פאַרבאָטן געוואָרן. אַ סך אַרבעטער־קעמפער זיינען געוואָרפן געוואָרן אין די טורמעס. באַזונדערס שווער האָט זיך די קאַפּיטאַליסטישע לאַפּע אַראָפּגעלאָזט אויף דער רענק און פיל פון די „נייטס

אָוו לייבאָר" און אויף די רעשטן פון די אַנאַרכיסטישע גרופּעס. די מילי־טאַנטישע ארבעטער־באַוועגונג פון די אַכציקער יאָרן האָט צייטווייליק גע־קראָגן א קלאַפּ, וואָס האָט זי אָפּגעשוואַכט אויף א לענגערער צייט.

די באַוועגונג פאַר דעם אַכט־שטונדיקן ארבעט־טאָג איז אָבער ניט געווען טויט. אין 1890 האָט זיך דער קאַמף ווידער צעפלאַקערט. נאָך די פירער־שאַפט פון דער „אַמעריקאַן פעדערײשאַן אָוו לייבאָר" מיט גאָמפּערסן אין דער שפּיץ איז שוין דעמאָלט געווען קאָנסערוואַטיוו און האָט געבראָכן דעם באַשלוס פון איר אייגענעם צוזאַמענפאָר אין 1888 פאַר א גענעראַל־סטרייק דעם ערשטן מאַי 1890. אנשטאָט א גענעראַל־סטרייק האָט די א. פ. אָוו ל. אויסגעקליבן אײנצלנע יוניאָנס, זיי זאָלן זיין די ערשטע איינציקווייז אָנ־צוהייבן דעם סטרייק פאַר די אַכט שטונדן.

די יוניאָן פון די סטאָליאַרעס, וואָס איז געווען די סאַמע ערשטע, איז אַרויס פון סטרייק מיט א גרויסן געווינס. אין די מערסטע שטעט האָבן די סטאָליאַרעס אויסגעקעמפּט דעם אַכט־שטונדיקן ארבעט־טאָג. די קוילן־גרעבער, וואָס זיינען געווען די צווייטע יוניאָן, האָבן דעם סטרייק פאַרשפּילט.

די ארבעטער אין שיקאַגאָ זיינען ניט צעקלאַפּט געוואָרן פון דעם טעראָר. די באַריכטן אין דער קאַפּיטאַליסטישער פּרעסע האָבן ניט אָפּ־געשפּיגלט די ריכטיקע לאַגע. די דעמאָנסטראַציע לייבאָר־דעי, סעפּ־טעמבער, אין שיקאַגאָ איז געווען די גרעסטע אין לאַנד. א פאַראייניקונג פון אַלע מיליטאַנטישע ארבעטער, אריינרעכענענדיק די ס. ל. פּ., האָט באַ־שאַפן די שיקאַגאָ לייבאָר פּאַרטיי, וואָס האָט געצויגן אין די קאַונטי־וואַלן נאָענט פון 25,000 שטימען פון דער אַלגעמיינער צאָל פון 94,500. די פּאַרטיי האָט אויסגעקליבן איין סטייט־סענאַטאָר און זעקס מיטגלידער צו דעם אונטערשטן לעגיסלאַטיוון הויז. דעם קאָנגרעס־קאַנדידאַט האָט גע־פעלט 64 שטימען דערווײלט צו ווערן. די קאַפּיטאַליסטן האָבן אָנגעהייבן א גרויסע העצע געגן די „רויט־פּנימדיקע קאָמוניסטן". איינער פון זייערע מיטלען אויפצורייסן די נייע פּאַרטיי, איז געווען אָפּצוקויפן א לייבאָר־פּאָליטישן, גליסאָן. ער האָט אָרגאַניזירט אַן אָפּאָזיציע־פּאַרטיי, וואָס האָט געהאָלפן צו דעזאָרגאַניזירן און דעמאָראַליזירן די ארבעטער.

### ארבעטער וואַרפן זיך אַריין אין פּאָליטישער טעטיקייט

דער פּעריאָד פון שטורמישן אויפברויז האָט אויך געפונען א פּאָליטישן אָפּקלאַנג. די ארבעטער האָבן זיך ווידער געוואָרפן צו פּאָליטישער אַקציע. אין ניו יאָרק איז עס אויסגעדריקט געוואָרן אין דער ענטוזיאַסטישער וואַל־

קאַמפּאַניע, וואָס די אַרבעטער־מאַסן האָבן געפירט פאַר זייער מעיאָר־קאַנדי־דאַט, דער באַוואוסטער פּריידיקער פון דער סינגל־טעקס טעאָריע, הענרי דזשאָרדזש. הענרי דזשאָרדזש האָט באַשאַפן די טעאָריע, אַז ווען די רע־גירונג וועט אַרויפלייגן שווערע שטייערן אויף אומבאַזעצטן, אומקולטיווירטן באָדן וועט עס צווינגען די רייכע אייגנטימער זיך אָפּצוזאָגן פון זייער אייגנ־טום. דאָס, ווידער, וועט פירן צו דער אָפּבּרעכונג פון די גרויסע רייכטימער, וואָס האָבן זיך דעמאָלט גענומען אָנזאַמלען אין איינצלנע הענט. דעם גאַנצן אומגליק פון דער עקזיסטירנדיקער אָרדענונג האָט דזשאָרדזש געזען אין דעם, וואָס די רייכע האָבן אַרויפגעלייגט זייערע לאַפּעס אויף די נאַטיר־לעכע רייכטימער וואָס ליגן אין דעם באָדן און אויף דעם באָדן. זיין לערע האָט אַ לענגערע צייט געהאַט באַאיינפלוסט אַ סך פּאָרשטייער פון דער ליבעראַלער אינטעליגענץ און מיטלקלאַס־עלעמענטן, וואָס האָבן אַפילו באַ־שאַפן אַ פּאַרטיי פון סינגל־טעקסער. (דער נאָמען שטאַמט פון דעם באַגריף פון אַן איינציקן שטייער, וואָס דזשאָרדזש האָט געפּאָדערט.)

די אינדזשאַנקשאָנס וואָס די געריכטן האָבן צום ערשטן מאָל גענומען שיטן געגן סטרייקער, באַזונדערס די טהעיס־קלאַגע, האָט טיף אויפגערעגט אַלע אַרבעטער. טהעיס איז געווען אַן אַרבעטגעבער וואָס האָט אָנגעקלאָגט די „נייטס אָוו לייבאָר" פאַר אַרויפלייגן אויף אים אַ באָיקאָט און אַ געלט־שטראָף פון טויזנט דאָלאַר וואָס ער האָט באַצאָלט. דער געריכט האָט פאַראורטיילט פינף רענק און פייל אַרבעטער צו טורמע-טערמינען. דאָס, צוזאַמען מיט דער רעאַקציע וואָס די קאַפּיטאַליסטן האָבן איינגעפירט נאָך דער העימאַרקעט־פאַרשווערונג אין שיקאַגאָ, האָט געגעבן אַ נייעם שטויס צו דער גרינדונג פון אַן אַרבעטער־פּאַרטיי אין ניו יאָרק און אין אַ ריי אַנדערע שטעט.

אין ניו יאָרק זיינען אַ סך יוניאָן־פירער פון דער א. פ. אָוו ל. און פון די „נייטס אָוו לייבאָר" פאַרמישט געווען אין טעמעני האָל פּאָליטיק. זיי זיינען געווען געגן אַן אַרבעטער־פּאַרטיי, אָבער די געזונטע און מילי־טאַנטישע עלעמענטן אין די א. פ. אָוו ל. יוניאָנס און אין די דיסטריקט אַסעמבלים פון די „נייטס" האָבן אַרויפגעצוואונגען אַן אַרבעטער־פּאַרטיי, אַרום וועלכער אַלע טיילן פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, אַריינרעכענענדיק די ס. ל. פּ. האָבן זיך גרופּירט.

די נייע אַרבעטער־פּאַרטיי האָט אָבער געזוכט אַ באַוואוסטע פּערזאָן פאַר דעם מעיאָר־קאַנדידאַט. באַוואוסטע פּערזאָנען זיינען געווען אַ שוואַכ־קייט אין אַלע אַרבעטער־פּאַרטייען פון יענע צייטן. אַזוי ווי קיין אייגענער מענטש מיט גרויס פּאָפּולאַריטעט איז ניט געווען אין די אַרבעטער־רייען,

איז די קאַנדידאַטור געפאַלן אויף הענרי דזשאָרדזש. דער פריידיקער פון לאַנד־רעפאָרמען איז געוואָרן דער פאָנען־טרעגער פון אַ שטורמישער אַר־בעטער וואַל־קאַמפּאַניע אין דער גרעסטער שטאָט פון לאַנד, געשטיצט פון די גרעסטע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס פון לאַנד, דער סענטראַל לייבאָר קאונסיל, די שטאָטישע קערפּערשאַפט פון יוניאָנס און פון דיסטריקט אַסעמבלי 49, די גרעסטע אָרגאַניזאַציע פון די „נייטס אָוו לייבאָר". (די קאָנסטיטוציע פון די „נייטס" פאַרבאָט אָנטיילנעמען אין די וואַלן, אָבער דער סענטימענט איז געווען אַזוי גרויס, אַז די אָרטיקע טוער פון די „נייטס" האָבן פאַר־בראָכן געגן דער קאָנסטיטוציע.)

כאָטש די ס. ל. פּ. האָט שאַרף קריטיקירט די נאָמינאַציע און די פּראָגראַם פון הענרי דזשאָרדזש, האָט זי שפּעטער אָנטיילגענומען אין זיין קאַמפּאַניע פאַר מעיאָר. אַפילו גאָמפּערס האָט פון וואַשינגטאָן אַריינ־געשיקט זיין באַגריסונג, אַז אויך ער „קוקט צוזאַמען מיט די פאָרגעשריטענע דענקער אויף אַ נייער אָרדענונג". שפּעטער האָט די מערבטיקע כוואַליע פון דער קאַמפּאַניע פאַרכאַפּט אויך אים. ער איז געוואָרן דער סעקרעטאַר פון איינער פון די וואַל־קאַמפּאַניע קאָמיטעס און האָט אָנטיילגענומען אין דעם פאַקל־צוג דעם לעצטן שבת ערב די וואַלן.

די אַרבעטער, אָן אונטערשייד פון ריכטונג, האָבן זיך אַריינגעוואָרפן אין די מעיאָר־וואַלן מיט אויסערגעוויינלעכער באַגייסטערונג. שלעכט איז נאָר געווען, וואָס די וואַלן זיינען פּאָליטיש פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ הענרי דזשאָרדזש - סינגל־טעקס אידייע. פּראָפעסאָר פערלמאַן גיט די פאָלגנדיקע כאַראַקטעריסטיק פון דער פייערדיקער שטימונג פון די מאַסן און פון די קאָלאָסאַלע האָפענונגען וואָס זיי האָבן געלייגט אויף זייער זעלבסטשטענדיקער פּאָליטישער (פּאַרלאַמענטאַרישער) אַקציע.

„דער דזשאָרדזש-קאַמפּעין איז געווען אין כאַראַקטער מער ענלעך צו אַ רעליגיעזן רעוויוועל ווי צו אַ פּאָליטישער וואַל-קאַמפּאַניע. גלייכצייטיק איז דאָס געווען דער העכסטער פּונקט אין דעם גרויסן אַרבעטער-אויפברויז. דער ענטוזיאַזם פון די אַרבעטער-מאַסן האָט דערגרייכט די העכסטע נאָטע. זיי האָבן געפילט, אַז כאָטש זיי זיינען צעשלאָגן און צוריקגעשטויסן אין די עקאָנאָמישע קאַמפן, שטייען זיי ערב אַ זיג אין דעם קאַמף פאַר דעם קאָנטראָל פון דער רעגירונג. מאַסן-פאַרזאַמלונגען זיינען געווען אַ סך אין צאָל און גרויס אין באַזוך. די גרעסטע צאָל פאַרזאַמלונגען זיינען אָפּ-געהאַלטן געוואָרן אונטער דעם פרייען הימל, געוויינלעך אויף אַ גאַסן-ווינקל.

„די פּשוטע מענטשן, מענער און פרויען, האָבן זיך צונויפגעקליבן אין הונדערטער און אָפט אין טויזנטער אַרום די וואָגנס פון וואַנען די רעדנער

> האָבן געהאַלטן זייערע רעדעס. די רעדנער זיינען געווען וואָלונטירן, צווישן זיי פאָרשטייער פון די „ווייסע קאָלנער" שיכטן, אַדוואָקאַטן, דאָקטוירים, גלחים, לערער און אַרבעטער-פירער. דזשאָרדזש אַליין האָט גערעדט עטלעכע מאָל אַ נאַכט. דער סינגל-טעקס און די הערשנדיקע פּאָליטישע קאָרופּציע זיינען געווען זיינע הויפּט-טעמעס. געגן דזשאָרדזשן איז געווען מאָביליזירט די פּאָליטישע מאַכט פון די צוויי אַלטע פּאַרטייען, די גאַנצע פּרעסע און דער איינפלוס פון די קאַפּיטאַליסטן. געגן דזשאָרדזשן איז געלאָפן אַבראַם הואיט, וועמען טעמעני האָט אַרויסגעשטעלט צו שלאָגן דעם אַרבעטער-קאַנדידאַט און טעאָדאָר רוזוועלט, דעמאָלט נאָך אַן אומבאַקאַנטער יונגער פּאָליטישן."

די צענטראַלע אַרבעטער־יוניאָן האָט איבערגעלאָזט דזשאָרדזשן און זיינע פריינט אָנצושרייבן די וואַל־פּלאַטפאָרמע, איז ביי זיי אַרויסגעקומען ניט קיין אַרבעטער־פּלאַטפאָרמע נאָר אַ ריינער סינגל־טעקס דאָקומענט. אָבער די אַרבעטער, אין זייער באַגייסטערונג, האָבן זיך אויף דעם ניט אומגעקוקט.

## אַרבעטער־פּאַרטיי האָט אַ קורצן לעבן

די אָפּשטימונג איז, ווי געוויינלעך, קאָנטראָלירט געוואָרן פון דער טעמעני האָל מאַשין. אירע מענטשן האָבן געציילט די שטימען און זיי האָבן אָנגעציילט פאַר הואיטן 90,000 שטימען, פאַר דזשאָרדזשן 68,000 שטימען און פאַר רוזוועלטן 60,000 שטימען. אינפאָרמירטע מענטשן זיינען זיכער געווען, אַז דזשאָרדזש האָט געקראָגן אַ מאַיאָריטעט שטימען, נאָר טעמעני האָל האָט אים באַשווינדלט.

כאָטש די גרויסע צאָל שטימען איז באַטראַכט געוואָרן פון הענרי דזשאָרדזשס און פריינד ווי אַ זייער גוטן צייכן, איז די פּאַרטיי שנעל צעפאַלן געוואָרן. געווירקט האָבן עטלעכע פאַקטאָרן. הענרי דזשאָרדזש און זיינע פריינט זיינען געווען איינגעטונקט אין זייערע אוטאָפּישע פּלענער און האָבן ניט געהאַט קיין פאַרשטענדיקונג פאַר די באַלדיקע נויטן און פאָדערונגען פון די אַרבעטער. דערצו איז אויסגעבראָכן אַן אינערלעכער קאַמף צווישן די סאָציאַליסטן און סינגל־טעקסער, וועלכע האָבן די סאָציאַליסטן אויסגעשלאָסן פון דער פּאַרטיי. די אַרבעטער־פּאַרטיי האָט פאַרלאָרן איר אַקטיווסטע גרופּע. די יוניאָן־פירער האָבן זיך גענומען ווידער שאַרן צו טעמעני האָל, וואָס האָט זיי געמאַכט אַלערליי פאַרשפּרעכונגען. העני דזשאָרדזש איז נאָך געלאָפן פאַר סטייט־סעקרעטאַר, אַן אומוויכטיקער אַמט אין אָלבאַני. די צאָל שטימען אין ניו יאָרק איז געפאַלן צו 37,000. אין דעם גאַנצן שטאַט

האָט ער געצויגן 72,000 שטימען. דאָס איז געווען דער סוף פון דער ארבעטער־פּאַרטיי. דאָס איז אויך געווען דאָס לעצטע מאָל וואָס די יוניאָנס אין ניו יאָרק האָבן אָפיציעל אָנטיילגענומען אין אַ זעלבסטשטענדיקער ארבעטער וואַל־קאַמפּאַניע.

ארבעטער־פּאַרטייען זיינען אויך געגרינדעט געוואָרן אין אַנדערע שטעט, אָבער אָן באַזונדערן דערפאָלג. נאָר אין מילוואָקי איז געלונגען צו דערוויילן דעם מעיאָר. פון זיין רעזשים איז ניט פאַרבליבן קיין צייכנס פון ארבעטער־פּאָליטיק וואָס דער מעיאָר זאָל האָבן געפירט. די ספּאָנטאַנע אויסברוכן פון פּאָליטישער טעטיקייט זיינען פאַרשוואונדן מיט דער זעלבער שנעלקייט ווי זיי זיינען פריער אויפגעקומען. די אויסגערעכנטע פּאָליטיק פון גאָמפּערסן ניט צו דערלאָזן קיין ארבעטער־פּאַרטיי איז געשטיצט געוואָרן פון די מערסטע יוניאָן־פירער, וואָס האָבן זיך פאַרבונדן מיט דער הערשנדיקער פּאָליטישער מאַשין אין זייער שטאָט. גאָמפּערס האָט לאַנגזאַם געקראָגן די אויבערהאַנט. די אָרגאַניזירטע ארבעטער זיינען איינגעשפּאַנט געוואָרן צום וואָגן פון די צוויי קאַפּיטאַליסטישע פּאַרטייען.

זיבצנטער קאַפּיטל

# די „אַמעריקאַן פעדערייששאַן אָוו לייבאָר"

נייע אינדוסטריעלע באַדינגונגען שאַפן באַזע פאַר אַ נאַציאָנאַלער פעדעראַציע פון יוניאָנס. — אַדאָלף שטראַסער און סעמיועל גאָמ־פּערס. — מאַרקסיזם באַאיינפלוסט ערשטע פּרינציפּן־דעקלאַראַציע. — קאַמף צווישן די ריכטונגען אויף דעם ערשטן צוזאַמענפאָר פון דער „פעדערייששאַן אָוו אָרגאַנייזד טריידס". — פירער שטעלן די קוואַליפיצירטע אַרבעטער געגן די ניט־קוואַליפיצירטע. — די „נייטס אָוו לייבאָר" זוכן זיך אַריינצורייסן אין די אָרגאַני־זירטע פאַכן. — דער געבורט פון דער „אַמעריקאַן פעדערייששאַן אָוו לייבאָר" אין 1886 און דער קריג מיט די „נייטס אָוו לייבאָר". — פאַרוואָס די „נייטס" האָבן פאַרלאָרן. — די צאָל מיטגלידער אין די א. פ. אָוו ל. יוניאָנס אין אָנהייב פון 20סטן יאָרהונדערט.

אַלע פריערדיקע פאַרזוכן פון די פאַך־יוניאָנס צו שאַפן אַ נאַציאָנאַלן צענטער זיינען דורכגעפאַלן, ווייל עס האָט געפעלט די מאַטעריעלע באַזע פאַר אַזאַ צענטער. די נעץ באַנען וואָס איז אויסגעבויט געוואָרן אין די פופציקער און זעכציקער יאָרן האָט געבראַכן די אָפּגעזונדערטקייט פון די אָרטיקע יוניאָנס. מערק האָבן פאַרלאָרן די פריערדיקע לאָקאַלע גרענעצן. זיי זיינען געוואָרן נאַציאָנאַל אין מאַסשטאַב. אויוונס פון טראָי, נ. י., האָבן קאָנקורירט אין דעטרויט מיט אויוונס פּראָדוצירט אין סט. לואיס. די אויוון־אַרבעטער אין טראָי זיינען שוין דעריבער געווען פאַראינטערעסירט אין די אויוון־מאַכער אין סט. לואיס. די לאַגע פון די אַרבעטער אין איין אינ־דוסטריעלן צענטער האָט באַאיינפלוסט די אַרבעטער פון זעלבן פאַך אין אַנדערע צענטערן.

דער באַן־פאַרקער, די נייע מאַרק־באַדינגונגען און די פאַראייניקונג פון די פאַבריקאַנטן האָבן געטריבן די לאָקאַלע פאַך־יוניאָנס צו שאַפן נאַציאָנאַלע יוניאָנס פון אַ מער צענטראַליזירטן כאַראַקטער. פון אָנהויב נאָך זיינען די לאָקאַלע יוניאָנס געווען אויטאָנאָמיש און האָבן אַליין אָנגעפירט מיט זייערע אָנגעלעגנהייטן. ביסלעכווייז איז די מאַכט אַריינגעצויגן געוואָרן אין די הענט פון די הויפּט־באַאַמטע אין דער נאַציאָנאַלער פאַרוואַלטונג פון די יוניאָנס.

היינט צו טאָג קען אַ לאָקאַלע יוניאָן ניט דערקלערן קיין סטרייק אָדער שליסן אָן אָפּמאַך מיט אַרבעטגעבער אָן דער צושטימונג פון די הויפּט־באַאמטע פון דער נאַציאָנאַלער אָדער אינטערנאַציאָנאַלער יוניאָן.*) די נאַציאָנאַלע יוניאָן האָט פאַרנומען דעם פּלאַץ וואָס די שטאָטישע צענטראַלע קערפּערשאַפט האָט געשפּילט אין דעם לעבן פון די אָרטיקע פאַך־יוניאָנס.

אָבער אין אַ נאַציאָנאַלן צענטער פון אַלע פאַך־יוניאָנס—אַ פעדעראַציע—איז נאָך אַלץ ניט געווען קיין שטאַרקע נויטווענדיקייט. צו זיין פּינקטלעך, דער אַרבעטער־קלאַס האָט זיך זייער שטאַרק געגויטיקט אין אַזאַ צענטער, שוין צוליב דער קלאַסאַלער אויפגאַבע פון אָרגאַניזירן די אומאָרגאַניזירטע. אָבער אָט־די קלאַסאַלע אויפגאַבע האָט ניט באַאומרואיקט די פירער פון די פאַך־יוניאָנס. דער געדאַנק צו אָרגאַניזירן די מאַסן אומאָרגאַניזירטע, וואָס האָט דעמאָלט געמיינט די האַלב־ און ניט־קוואַליפיצירטע אַרבעטער, איז געווען ווייט פון זיי. די פירער פון די פאַך־יוניאָנס האָבן אין די אַכציקער יאָרן אייפערזיכטיק אָפּגעהיט אַז די וואַנט וואָס טיילט אָפּ זייערע פאַכן זאָל חלילה ניט אומפאַלן.

דער הויך־קוואַליפיצירטער אַרבעטער האָט געציטערט איבער זיין געשולטקייט און שטאָלצירט מיט איר. די בעסער אַרבעט־באַדינגונגען וואָס זיין געשולטקייט און זיין אָרגאַניזאַציע האָבן אים געגעבן, האָט ער אָנגענומען פאַר נאַטירלעך. פאַרקערט, ער האָט אין געוויסע פאַכן שוין אָנגעהויבן קוקן אויף דעם ניט־קוואַליפיצירטן אַרבעטער ווי אויף אַ מעגלעכן קאָנקורענט, כאָטש די מאַשין האָט נאָך דעמאָלט פולשטענדיק ניט פאַראייגפאַכט די אַרבעט און ווייט ניט אָפּגעווישט די ברייטע גרענעצן וואָס טיילן אָפּ קוואַליפיצירטע און ניט־קוואַליפיצירטע אַרבעט אין דער פּראָדוקציע. דאָס האָט אויך געמיינט, אַז די אַרבעטער־באַוועגונג האָט נאָך ניט געוואוסט פון דער פּלאָג וואָס הייסט יורידיקציע, דער קאַמף צווישן יוניאָנס פאַר דעם אויסשליסלעכן רעכט איבער אַ געוויסן סאָרט אַרבעט. דאָס איז געקומען עטוואָס שפּעטער, מיט דער איינפירונג פון נייע אַרבעט־מעטאָדן און נייע אַרבעט־מאַטעריאַלן.

גלייכצייטיק דאַרף באַטאָנט ווערן, אַז די קוואַליפיצירטע אַרבעטער זיינען אין יענעם פּעריאָד נאָך ווייט געווען פון די אַרבעט־באַדינגונגען, וואָס

*) אָן אינטערנאַציאָנאַלע יוניאָן איז די, וואָס האָט אויך אָפּטיילונגען אין קאַנאַדע. פון אָנהייב זיינען די מערסטע קאַנאַדישע אָרגאַניזירטע אַרבעטער געווען אָנגעשלאָסן אין אַמעריקאַנישע יוניאָנס. נאָך דער וועלט־מלחמה האָט זיך אין קאַנאַדע אַנטוויקלט אַ באַוועגונג פאַר אַן אייגענער עקאָנאָמישער אַרבעטער־באַוועגונג.

זיי האָבן זיך דערשלאָגן אין אָנהייב פון 20סטן יאָרהונדערט. זיי האָבן פאַרמאָגט אַ גרויסע מאָס מיליטאַנטישקייט, אַ סאָלידאַריטעט־געפיל און ענטוזיאַזם, וואָס איז געקומען צום אויסדרוק אין די גרויסע קאַמפן אין די אַכציקער יאָרן.

דעריבער זיינען די באַמיאונגען פון אַזוינע יוניאָן־טוער ווי גאָמפּערס, שטראַסער, מעקווייר א. אַ. צו שאַפן אַ נאַציאָנאַלן צענטער פון אַלע יוניאָנס, אויפן ענגלישן מוסטער, ניט געווען דערפאָלגרייך. אַדאָלף שטראַסער און סעמיועל גאָמפּערס, ביידע אימיגראַנטן און ביידע ציגאַר־מאַכער, האָבן גענומען די איניציאַטיווע און צונויפגערופן אַ צוזאַמענפאָר אין פּיטסבורג אין 1881.

אויפן ערשטן צוזאַמענפאָר זיינען אָנוועזנד געווען 107 דעלעגאַטן, צווישן זיי 60 פאַרטרעטער פון די אַסעמבלים פון די נייטס אָוו לייבאָר און אַרום פערציק פאַרטרעטער פון זעקס נאַציאָנאַלע יוניאָנס — די שריפט־זעצער, די אַמאַלגאַמייטעד אַסאָסיאיישאָן פון אייזן און שטאָל־אַרבעטער, די אייזן־גיסער, די ציגאַרמאַכער, די סטאָליאַרעס און די גלאָז־אַרבעטער.

פּרינציפּן־דערקלערונג אָנגעהויבט פון מאַרקסיזם

אַז די פירער פון די פאַך־יוניאָנס, גאָמפּערס, שטראַסער און מעקווייר צווישן זיי, האָבן געפילט אַ שטאַרקן דרוק פון די מיטגלידער אין זייערע יוניאָנס, וועלכע זיינען געווען אַנטי־קאַפּיטאַליסטיש געשטימט, ווייזט קלאָר די פּרינציפּן־דעקלאַראַציע וואָס דער צוזאַמענפאָר האָט אָנגענומען. דער ערשטער פּאַראַגראַף פון דער דעקלאַראַציע איז אָנגעהויבן מיט דעם מאַרק־סיסטישן באַגריף פון קלאַסנקאַמף, כאָטש עס פעלט דער מאַרקסיסטישער ענד־ציל, די אָפּשאַפונג פון קאַפּיטאַליזם.

„אַזוי ווי אַ קאַמף גייט אָן אין די ציוויליזירטע פעלקער פון דער וועלט, צווישן די אונטערדריקער און אונטערדריקטע אין אַלע לענדער, אַ קאַמף צווישן קאַפּיטאַל און אַרבעט, וואָס מוז זיך אַנטוויקלען אינטענסיווער פון יאָר צו יאָר און מוז ברענגען פאַרניכטנדיקע רעזולטאַטן צו די אַרבעטנדיקע מיליאָנען פון אַלע פעלקער, אויב זיי וועלן זיך ניט פאַראייניקן פאַר גענג־זייטיקער שוץ און פאַרבעסערונג . . .“

די פאָדערונגען, וואָס דער צוזאַמענפאָר האָט אַרויסגעשטעלט, זיינען הויפּטזאַכלעך אַרויסגעדרונגען פון די באַדערפענישן פון די געשולטע אַר־בעטער. אַלע פּונקטן האָבן באַרירט אויסשליסלעך די אַרבעטער. די דעקלאַראַציע האָט ניט פאַרמאָגט קיין פאָדערונגען פאַר די פאַרמער, געלט־

רעפֿאָרמעס א. אַ., וואָס זיינען ניט אין דירעקטער באַרירונג מיט די באַלדיקע אינטערעסן פֿון די אָרגאַניזירטע אַרבעטער, ווי די יוניאָן־פֿירער האָבן עס באַגריפֿן.

אויפֿן ערשטן צוזאַמענפֿאָר האָבן זיך אויסגעטיילט אַ ראַדיקאַלער און אַ קאָנסערוואַטיווער פֿליגל. סיי די פּרינציפּן־דעקלאַראַציע און סיי די פֿאָדערונגען זיינען פּראָדוקטן פֿון אַ קאָמפּראָמיס.

אין אַ ריי וויכטיקע פֿראַגן האָבן געזיגט די קאָנסערוואַטיוון. זיי האָבן אַריינגעשטעלט אַ פּונקט, אַז די אָרגאַניזירטע אַרבעטערשאַפֿט שטיצט די פֿאָדערונג פֿון אַ שוץ־טאַריף אויף אויסלענדישע פּראָדוקטן, אַ זאַך וואָס ברענגט נוצן די קאַפּיטאַליסטן און שאָדן די אַרבעטער, ווי עס איז דעמאָנסטרירט געוואָרן אין דער שטאָל־ און אייזן־אינדוסטריע, וואָס איז באַשיצט געוואָרן פֿון אויסלענדישע קאָנקורענטן דורך אַ הויכער וואַנט פֿון טאַריף־שטייערן. דאָס זעלבע די טעקסטיל־אינדוסטריע. די פּראָפֿיטן פֿון די קאַפּיטאַליסטן זיינען געשטיגן, אָבער די לאַגע פֿון די אַרבעטער איז ניט בעסער געוואָרן.

צווישן די פֿאָדערונגען זיינען געווען: אָפּשאַפֿן אַרעסטאַנטן־אַרבעט, געזעצלעכע אינקאָרפּאָראַציע פֿון די טרייד־יוניאָנס דורך די געריכטן, אָפּשאַפֿן די „קאָנספּיראַציע"־געזעצן געגן אַרבעטער, אַ נאַציאָנאַלע אַרבעטער סטאַטיסטישע ביוראָ, אַ נאַציאָנאַלער געזעץ פֿאַר דעם אַכט־שטונדיקן אַרבעטטאָג א. אַ. די פּלאַטפֿאָרמע האָט אויך רעקאָמענדירט, „אַז אַלע יוניאָן־און אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס זאָלן זוכן געהעריקע פֿאַרטרעטערשאַפֿט אין אַלע געזעצגעבנדיקע אינסטיטוציעס דורך דעם וואַל־צעטל און צו באַנוצן אַלע ערנהאַפֿטע מיטלען צו דערגרייכן די רעזולטאַטן".

קאַמף אַרום געבוי פֿון נייער אָרגאַניזאַציע

דער קאַמף צווישן די צוויי פֿליגלען איז אויך אָנגעגאַנגען אַרום אַ פֿונדאַמענטאַלער אָרגאַניזאַציע־פֿראַגע: ווער זאָל צוזאַמענשטעלן די קינפֿטיקע צוזאַמענפֿאָרן? די ראַדיקאַלן האָבן געפֿאָדערט אַ דירעקטע פֿאַרטרעטערשאַפֿט פֿון די אָרטיקע יוניאָנס. די קאָנסערוואַטיוון זיינען געשטאַנען פֿאַר אַ פֿאַרטרעטערשאַפֿט פֿון די נאַציאָנאַלע יוניאָנס, ד. ה. פֿון די הויכע באַאַמטע. געזיגט האָבן די קאָנסערוואַטיוון. נאָר די נאַציאָנאַלע יוניאָנס האָבן געקראָגן דאָס אויסשליסלעכע רעכט צו שיקן דעלעגאַטן אויפֿן באַזיס פֿון איין שטימע פֿאַר טויזנט מיטגלידער. אַ קלענערע פֿאַרטרעטערשאַפֿט

האָבן באַקומען די שטאַטישע צענטראַלע קערפּערשאַפטן. די אַרטיקע יוניאָנס (לאָקאַלן) זיינען איינגאַנצן אויסגעשלאָסן געוואָרן פון פאַרטרעטערשאַפט. די סיסטעם איז שפּעטער אַריבערגעגאַנגען צו דער א. פ. אָוו ל. און האָט מיט־געהאָלפן דעם שפּעטערדיקן פּראָצעס פון פאַרגליווערונג, אין וועלכער די א. פ. אָוו ל. איז אַריינגעטראָטן.

א קאַמף איז אויך אָנגעגאַנגען אַרום די באַאמטע פון דער נייער אָר־גאַניזאַציע. גאָמפּערס איז דעמאָלט באַטראַכט געוואָרן ווי א פּראָגרעסיווער און אפילו ווי א פריינט פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. ער איז אַרויס־געשטעלט געוואָרן פאַר פּרעזידענט נעגן ריטשאַרד פּאַוערס, וואָס האָט פאַר־טראָטן דעם קאָנסערוואַטיוון פליגל. דורך א קאָמפּראָמיס האָבןביידע קאַנדידאַטן זיך צוריקגעצויגן און דזשאָרעט, פּרעזידענט פון דער אַמאָל־גאַמייטעד אייזן און שטאָל אַרבעטער יוניאָן, איז דערוויילט געוואָרן פּרעזידענט.

אויפן צוזאַמענפאָר איז באַשאַפן געוואָרן די פעדערייישאָן אָוו אָרגאַנייזד טרייד ענד לייבאָר יוניאָנס אָוו אַמעריקאַ ענד קענעדע". דער נאָמען איז געווען א קאָמפּראָמיס מיט די פירער פון די „נייטס אָוו לייבאָר", וועלכע האָבן געוואָלט זיך באַוואָרענען אז די נייע אָרגאַניזאַציע וועט זיי ניט באַ־קעמפן שפּעטער. גאָמפּערס האָט געוואָלט אז די אָרגאַניזאַציע זאָל הייסן „אָרגאַנייזד טריידס", וואָס מיינט נאָר פון די פאַך־יוניאָנס. גאָמפּערס האָט אָבער געמוזט נאָכגעבן, פילנדיק אז ער איז צו שוואַך זיך צו שטעלן געגן די „נייטס אָוו לייבאָר". די ווערטער: לייבאָר־יוניאָנס, האָבן פאַרזיכערט אז אויך די יוניאָנס וואָס זיינען געבויט אויף א ברייטערן פּרינציפּ פון פאַך, וועלן קענען זיין אָנגעשלאָסן.

צוליב די אויבן־אויסגערעכנטע אורזאַכן האָט די פעדעראַציע געפירט א מאָגערע עקזיסטענץ. גאָמפּערס האָט זי געוואָלט פאַרוואַנדלען — אויך אויפן ענגלישן מוסטער — אין א געזעצגעבונג־אַגענטור פון די יוניאָנס, צו פאַרהיטן זיי פון שלעכטע געזעצן און אַרבעטן פאַר גינסטיקע געזעצן פאַר די אַרבעטער. אין די פאַראייניקטע שטאַטן איז ניט געווען קיין פּלאַץ פאַר אַזאַ אַגענטור. דער הערשנדיקער קלאַס איז ניט געווען צעטיילט ווי אין ענג־לאַנד צווישן דער לאַנד־אַריסטאָקראַטיע און דער בורזשואַזיע און האָט אויפגעהאַלטן א שטאַרקן קאָנטראָל איבער אַלע געזעצגעבנדיקע אַנשטאַלטן. די פאַך־יוניאָנס, ווידער, זיינען געווען שוואַך און ניט גרויס אין צאָל. די שתדלנות־טעטיקייט פון דער פעדעראַציע איז געווען איינגאַנצן פּרוכטלאָז.

פון אויפהויבן א קאַמף געגן די „נייטס" האָט ניט געקענט זיין קיין רייד.

דער שטורמישער אויפברויז צווישן די אומאָרגאַניזירטע אַרבעטער וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין יענער צייט, האָט געגעבן אַ מעכטיקן שטויס פּאָראויס די „נייטס אָוו לייבאָר", וועלכע האָבן ניט געמאַכט קיין אונטערשייד צווישן פאַך, געשולטקייט, ראַסע, נאַציאָנאַליטעט און געשלעכט.

אין 1883 האָט די פעדעראַציע צוגעשטעלט אַ מעמאָראַנדום צו דער דעמאָקראַטישער און רעפּובליקאַנישער פּאַרטיי מיט אַ פאָדערונג זיך אַרומ־צוזאָגן וועגן דעם אַכט־שטונדיקן אַרבעט־טאָג. די ביידע פּאַרטייען האָבן אַפילו איר ניט געענטפערט.

די נאַציאָנאַלע יוניאָנס האָבן זיך גענומען צוריקציען פון דער פעדע־ראַציע, וואָס האָט אַפילו אין בעסטן יאָר, דעם ערשטן, ניט געהאַט מער ווי אַ פערטל פון די פאַך־יוניאָנס. די „נייטס" האָבן זיך נאָך פריער צוריק־געצויגן. אויף דער פינפטער קאָנווענשאָן, דעצעמבער 1885, אין וואַשינגטאָן, זיינען געווען אָנוועזנד נאָר 18 דעלעגאַטן פון עטלעכע יוניאָנס וואָס זיינען פאַראינטערעסירט אין אַ יוניאָן־אויפשריפט, דאָס זיינען: די ציגאַרמאַכער, סטאָליאַרעס און שריפטזעצער. עס האָט אויסגעזען, אַז גאָמפּערסעס הויכע האָפענונגען זיינען פאַראורטיילט צום טויט.

קאַמף פון פאַך־יוניאָנס געגן די „נייטס" העלפט גאָמפּערסן

דאָ האָבן גאָמפּערסן אונטערגעשפּילט די „נייטס אָוו לייבאָר". דער שטראָם פון מאַסן פּשוטע אַרבעטער אין די „נייטס" און די גרויסע סטרייקס וואָס די „נייטס" האָבן געפירט האָבן געגעבן די פירער פון דער אָרגאַניזאַציע אַן איבערוועגנדיקן כח אין דער אַרבעטער־באַוועגונג. די „נייטס" האָבן אויפגעגעבן זייערע חלומות פון פּראָדוציר־קאָאָפּעראַטיוון, האָבן זיך רע־אָרגאַניזירט, איינגעפירט אַ צענטראַליזירטע פאָרמע פון אָרגאַניזאַציע און גענומען אַריינדרינגען אין די פאַכן וואו די אַלטע יוניאָנס האָבן געהאַט זייערע אָרגאַניזאַציעס. די פירערשאַפט פון די פאַך־יוניאָנס האָט דערזען די געפאַר וואָס רוקט זיך פון דעם נייעם גרויסן סאָציאַלן כח, וואָס טרעט אַרויס אויף דער אַרענע פון קאַמף. זיי האָבן זיך געשראָקן, אַז דער נייער קלאַס פּשוטע אַרבעטער וועט חרוב מאַכן די אָרגאַניזאַציעס וואָס די פאַך־אַרבעטער האָבן אויפגעבויט און אָפּווישן זייער פּריווילעגירטע לאַגע.

די עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג האָט געפירט דערצו, אַז די ראָל פון דעם ווייניק־קוואַליפיצירטן אַרבעטער זאָל ווערן גרעסער און וואָגיקער. נאָך די צוויי יאָרן דעפּרעסיע האָט זיך ווידער אָנגעהויבן אַ שוואונג אין דער אינ־

דוסטריע. די צאָל פאַבריקן און פאַבריק־אַרבעטער זיינען שטאַרק געשטיגן. אין דעם צענדליק יאָר, צווישן 1880—1890, האָט זיך עס אויסגעדריקט אין די פאָלגנדיקע ציפערן:

| | 1880 | 1890 |
|---|---|---|
| צאָל פון אונטערנעמונגען — — | 253,852 | 355,405 |
| צאָל פון פאַבריק-אַרבעטער — — | 2,732,595 | 4,251,613 |
| דאָס ווערט פון דער פּראָדוקציע — | $5,369,579,000 | $9,372,437,000 |

אין געוויסע פאַכן איז געוואָרן אַ מאַנגל אין געשולטע אַרבעטער. די פאַבריקאַנטן האָבן דעריבער מיט אַלע מיטלען געזוכט צו פאַראיינפאַכן די אַרבעט מיט דער הילף פון מאַשינען און נייע פּראָצעסן פון פּראָדוקציע. אַ גרעסערער פאַקטאָר איז געוואָרן די קאָנצענטראַציע פון דער אינדוסטריע און דער וואוקס פון דער מעטאַל־ און מאַשינען־בוי אינדוסטריע. טויזנטער אַרבעטער זיינען געבראַכט געוואָרן אונטער איין דאַך. פיל טויזנטער אַר־בעטער זיינען עקספּלואַטירט געוואָרן פון דער זעלבער קאָמפּאַניע אָדער קאָרפּאָראַציע. הויך־געלערנטע מאַשיניסטן זיינען צונויפגעפירט געוואָרן מיט פּראָסטע אַרבעטער. אייזן־גיסער מיט פאַבריק־הענט, וואָס טוען די סאַמע פּשוטסטע טיילן פון דער אַרבעט. דער אָנהויב פון געענדערטע מעטאָדן פון אַרבעט האָט אַריינגעטראָגן אַ ראַדיקאַלע איבערקערעניש אין די באַ־ציאונגען צווישן די פאַרשיידענע פאַכן. קורץ, די קליינע פעסטונגען וואָס די קוואַליפיצירטע פאַך־אַרבעטער האָבן מיט אַזוי פיל מי אויפגעשטעלט צו באַשיצן זייערע שמאָלע גרופּן־אינטערעסן, האָבן געהאַלטן ביים אָפּגע־שווענקט ווערן פון אַ גרויסער כוואַליע אומגעלערנטע אַרבעטער. אַזוי האָט די לאַגע אויסגעזען אין די אויגן פון די פירער פון די פאַך־יוניאָנס.

אַ גרופּע פירער פון נאַציאָנאַלע יוניאָנס, וואָס זיינען געווען אויסער־האַלב דער פעדעראַציע, זיינען דעריבער זיך צונויפגעקומען דעם אַכטן דעצעמבער אין קאָלאָמבוס, אָהייאָ, צו באַטראַכטן וואָס צו טאָן אין דעם קאַמף וואָס האָט שוין אויסגעבראָכן צווישן די פאַך־יוניאָנס און די „נייטס אָוו לייבאָר". דאָ האָט גאָמפּערס דערזען זיין געלעגנהייט. ער האָט פאַררופן אויף שנעל אַ צוזאַמענפאָר פון דער פעדעראַציע אין דער זעלבער שטאָט אויף דער זעלבער צייט. גאָמפּערס האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די מאַסקע, אַז ער זוכט צו פאַראייניקן אַלע אַרבעטער. ער איז אָפן אַרויסגעקומען מיט אַ פּלאַן צו שאַפן אַ נאַציאָנאַלן צענטער בלויז פאַר די פאַך־יוניאָנס, און טאַקע מיטן צוועק צו צאַמען די „נייטס אָוו לייבאָר". גאָמפּערס האָט אַריבערגעוואונען אויף זיין זייט די אָנוועזנדע נאַציאָנאַלע פאָרשטייער פון

די פאַך־יוניאָנס און אויפן פּלאַץ פון די „אָרגאַנייזד טרייד ענד לייבאָר יוניאָנס" איז אויפגעקומען די „אַמעריקאַן פעדערײשאַן אָוו לייבאָר" ווי אַ קלאָר־אויסגערעכנטער וואפן פון די אָרגאַניזירטע און קוואַליפיצירטע אַרבעטער.

13 נאַציאָנאַלע יוניאָנס און 12 אָרטיקע יוניאָנס זיינען געווען פאַר־טראָטן אויפן גרינדונג־צוזאַמענפאָר אין קאָלאָמבוס, אָהייאָ. די פּראָגראַם וואָס דער גרינדונג־צוזאַמענפאָר האָט אָנגענומען איז געווען ברייטער ווי די איצטיקע פּראָגראַם. דאָרטן האָט זיך גערעדט וועגן פאַראייניקן אַלע אַר־בעטער־אָרגאַניזאַציעס, געבן פינאַנציעלע הילף און שטיצע אין סטרייקס און לאָקאַוטס. די פּראָגראַם האָט פאַרשפּראָכן „שטרענג אָפּצוהיטן די אויטאָ־נאָמיע פון יעדן פאַך", וואָס האָט געמיינט לאָזן די פאַך־יוניאָנס אומגע־שטערט פּראַקטיצירן זייער שמאָלע און שעדלעכע פּאָליטיק זיך אָפּצוזונדערן פון דער ברייטער מאַסע אַרבעטער אין די נייע אינדוסטריעס.

ערשטער צוזאַמענפאָר פאַר זעלבסטשטענדיקער פּאָליטישער אַקציע

דער מאַרקסיסטישער איינפלוס אין דער פּרינציפּן־דערקלערונג פון דער „פעדערײשאַן אָוו אָרגאַנייזד טריידס" איז ניט אויסגעלאָזט געוואָרן. נאָך מער, די אָנגענליטע שטימונג פון דעם גרויסן אויפברויז צווישן די מאַסן האָט זיך אריינגעריסן אויף דעם צוזאַמענפאָר, כאָטש דורך אַ שפּאַרונע.

אַזוי איז אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָלוציע, וואָס רופט די יוניאָנס צו שטיצן די נייע פּאָליטישע אַרבעטער־פּאַרטייען. די רעזאָלוציע לייענט זיך טיילווייז:

„אַזוי ווי דער געגנשטאַנד וואָס איז אין דער פאַרגאַנגענהייט געווען אַ פּליסיקער קוואַל פון רייבונגען אין די רייען פון די אַרבעטלייט; אָבער, גליקלעכערהייט, די רעוואָלוציע וואָס מיר האָבן לעצטנס בייגעוואוינט אין די וואַלן אין עטלעכע שטאַטן, באַזונדערס די מערקווירדיקע און אויסער־געוויינלעכע דעמאָנסטראַציע וואָס די אַרבעטלייט אין ניו יאָרק, שיקאַגאָ, מילוואָקי און אַנדערע פּלעצער, ווייזט אונז אַז די צייט איז אָנגעקומען ווען דאָס אַרבעטער־פאָלק דאַרף אַנטשיידן איבער דער נויטווענדיקייט פון פאַר־אייניקטער אַקציע, ווי בירגער ביים וואַל־פּלאַץ;

„אַזוי ווי די נויטווענדיקייט דערפון איז קלאָר פון דעם, וואָס די פּאָליציי־מאַכט איז אונטערוואָרפן געוואָרן די אינטערעסן פון אינדוסטריעלן קאַפּיטאַל, אַרויפצוצווינגען אויף די אַרבעטער באַדינגונגען וואָס זיינען אָפּ־שטויסלעך צו פרייער אַרבעט און צו פרייהייט; און אויב די שענדלעכע פינקערטאָן דעטעקטיוו־אַגענטור זאָל אָפּגעשטעלט ווערן, מוזן די אַרבעטער

זיך דערשלאָגן אַ גרעסערן חלק אין דער פּאָליטישער מאַכט; איז דעריבער באַשלאָסן:

„אַז דער צוזאַמענפאָר פאָדערט אויף אַ העכסט-האַרציקע שטיצע צו דער זעלבסטשטענדיקער פּאָליטישער באַוועגונג פון די אַרבעטלייט.” (נ. פיין, פאַרמער, לייבאָר פּאַרטיס, זייט 135.)

די פּאָליטישע אויפרודערונג צווישן די אַרבעטער האָט געקלאַפּט אין די פענצטער פון די יוניאָן־באַאמטע. אָבער אַ יאָר שפּעטער — 1887 — גלייך נאָך דער ערשטער אויסשעפּונג פון די לייבאָר־פּאַרטייען, האָט גאָמ־פּערס אַריינגעבראַכט אַ רעקאָמענדאַציע געגן אַ זעלבסטשטענדיקער פּאָליטי־שער פּאַרטיי, „צוליב די לעצטע דערפאַרונגען”. אַרונטער דער דרוק פון די אַרבעטער, און גאָמפּערס האָט זיך דערפילט פרייער צו האַנדלען אין דער ריכטונג פון די צוויי קאַפּיטאַליסטישע פּאַרטייען.

גאָמפּערס און די איבעריקע הויכע באַאמטע זיינען שפּעטער אינגאַנצן אַוועק צו די קאַפּיטאַליסטישע פּאַרטייען און האָבן אויסגענוצט די פּאַר־העלטנישמעסיק גינסטיקערע לאַגע פון דעם געשולטן אַרבעטער צו שפּרייטן צווישן די אַרבעטער די אילוזיעס פון דעמאָקראַטיע אונטער דער עקזיסטירנ־דיקער אָרדענונג.

נאָך איידער די א. פ. אָוו ל. איז באַשאַפן געוואָרן, איז אין פילאַדעלפיע דעם 18טן מאַי 1886 אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ קאָנפערענץ פון די וויכטיקסטע פירער פון די פאַך־יוניאָנס. פאַרטראָטן זיינען געווען: די שריפטזעצער, בעקער, ציגאַר־מאַכער, מעבל־אַרבעטער, ציגל־לייגער, אייזן־גיסער, שטיין־האַקער, סטאָליאַרעס, שניידער, קעסל־מאַכער, קוילן־גרעבער, שוסטער, מעטאַל־אַרבעטער א. אַ.

דער צוועק פון דער קאָנפערענץ איז געווען צו באַטראַכטן מיטלען אָפּצושטעלן די אַריינדרינגונגען פון די „נייטס” אין דער טעריטאָריע פון די פאַך־יוניאָנס.

### שטערונגען איןביידע לאַגערן דערלאָזן ניט פרידן צווישן א. פ. אָוו ל. און „נייטס"

צווישן די יוניאָן־פירער זיינען געווען אַזעלכע ווי מעקווייר, פּרעזידענט פון די סטאָליאַרעס (בראָדערהוד אָוו קאַרפּענטערס), וואָס איז גענויגט געווען דורכצוקומען מיט די „נייטס” אויפן באַזיס פון אַ געגנזייטיקער אָנערקענונג פון די אַרבעט־קאַרטן. מעקווייר איז געווען פון די פּראָגרעסיווע יוניאָן־פירער און האָט באַלאַנגט צו אַ סאָציאַליסטישער אָרגאַניזאַציע פון לאַסאַליאַנער

(אָנהענגער פון פערדינאַנד לאַסאַל). דער צווייטער עקסטרעם איז געווען סעמיועל גאָמפּערס, וואָס האָט געוואַרט אויף אַ געלעגנהייט צו פאַרניכטן די „נייטס". גאָמפּערס האָט געזוכט אויפצובויען אַ „ריינע" טרייד־יוניאָן־באַוועגונג פון די פאַך־יוניאָנס. אָפן אַרויסקומען מיט זיין פּלאַן, האָט גאָמ־פּערס דאָס מאָל ניט געוואַגט. די „נייטס" זיינען געווען צו שטאַרק. זיי האָבן אָבער שוין דעמאָלט געליטן די ערשטן מפּלה אין דעם דרום־מערב באַן־סטרייק און דער ביטערער גאָמפּערס האָט אויסגערעכנט אַז אַ צענטער פון די פאַך־יוניאָנס וועט צעשמעטערן די „נייטס".

די קאָנפערענץ האָט אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן פאַר פרידן מיט די „נייטס". דער פּלאַן האָט אַריינגענומען אַלע פאָדערונגען פון די פאַך־יוניאָנס. אַזאַ פּלאַן האָבן די „נייטס" ניט געקענט אָננעמען. אָבער סווינטאָן, גענעראַל־סעקרעטאַר פון די „נייטס", האָט שפּעטער צוגעגעבן אַז דער פּלאַן איז געווען אַ פּלאַטפאָרמע פאַר פאַרהאַנדלונגען און דינגעניש. די פירערשאַפט פון אָרדן האָט עס גוט געוואוסט. די פירערשאַפט פון אָרדן איז אָבער אויך געווען צעטיילט. די טרייד־יוניאָן עלעמענטן צווישן די „נייטס" האָבן געוואָלט און געאַרבעט פאַר שלום מיט די אַלטע פאַך־יוניאָנס. די מערהייט פירער, אָרגאַניזירט אין דעם „האָום קלוב", האָבן פּונקט ווי גאָמפּערס, געוואָלט אַ קאַמף ביז אַרונטער. זיי האָבן געגלויבט אַז דער אָרדן דאַרף ווערן די אַלגעמיינע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע, די פאַך־יוניאָנס דאַרפן זיך אָנשליסן אין די „נייטס". די פירער האָבן געזיגט. זיי, צוזאַמען מיט פּאַודערלי, האָבן פאַרצויגן די פאַרהאַנדלונגען מיט די פירער פון די פאַך־יוניאָנס. זייער טאַקטיק האָט געצילט צו שפּאַלטן די רייען פון די פאַראייניקטע פאַך־יוניאָנס, דורכקומענדיק מיט איינציקע יוניאָנס. די טאַקטיק האָט זיך ניט איינגעגעבן.

די „נייטס" האָבן געמאַכט אַן ענערגישן פאַרזוך אַריינצוקריגן די אַמאַל־גאַמייטעד אַסאָסיאיישאָן אָוו אייראָן ענד סטיל וואָירקערס (אייזן־ און שטאָל־אַרבעטער). דאָ זיינען די „נייטס" געווען פולשטענדיק גערעכט און אויס־געהאַלטן. זיי האָבן פאָרגעשלאָגן דער אַמאַלגאַמייטעד, די יוניאָן פון די קוואַליפיצירטע אַרבעטער אין די שטאָל־ און אייזן־פאַבריקן, זיך אָנצושליסן ווי אַ גאַנצע אָרגאַניזאַציע אין דעם אָרדן און מיטאַרבעטן צוזאַמען מיט די ניט־קוואַליפיצירטע שטאָל־ און אייזן־אַרבעטער וואָס באַלאַנגען צו די „נייטס". דאָס וואָלט געווען דער ערשטער, געזונטער שריט צו פאַראייניקן אַלע אַרבעטער אין דער אינדוסטריע און אויסשמידן פון זיי איין קאָמפּנדיקע אַרמיי. אַזאַ פאַראייניקונג וואָלט פונדאַמענטאַל געענדערט די גאַנצע לאַגע אין דער שטאָל־ און אייזן־אינדוסטריע. אָבער די אַמאַלגאַמייטעד־פירער

האָבן מיט זיסע רייד זיך אויסגעדרייט פון דעם פאָרשלאַג. זיי זיינען אַריינ־געטראָטן אין דער א. פ. אָוו ל. און אָנטיילגענומען אין קאַמף געגן די „נייטס". דערמיט האָבן זיי געשפּאָלטן די אַרבעטער אין דער שטאָל־ און אייזן־אינדוסטריע.*)

גאָמפּערס נעמט פּאַר אַ מוסטער דעם ענגלישן טרייד־יוניאָן קאָנגרעס.

סעמיועל גאָמפּערס, אַ האָלענדישער איד, איז געקומען אַהער אין 1862 פון לאָנדאָן, אין דעם עלטער פון 12 יאָר. שפּעטער האָט ער טאַקע קאָפּירט דעם כאַראַקטער פון די ענגלישע יוניאָנס, וואָס זיינען דעמאָלט אויך געבויט געוואָרן אויסשליסלעך אויפן פּרינציפּ פון פאַך און צעך. אַ מענטש מיט אַ שטאַרקן, ענערגישן כאַראַקטער, אַ גוטער רעדנער און נאָך אַ בעסערער מאַשין־מענטש, איז גאָמפּערסעס איינפלוס אויף דער אַרבעטער־באַוועגונג געוואָרן אומגעהויער גרויס. דאָס האָט גאָמפּערס קלאָר פאָרמולירט די שטרעבונגען פון די הויך־קוואַליפיצירטע אַרבעטער צו אַ גרעסערן חלק פון רייכן, קאַפּיטאַליסטישן טיש. גאָמפּערס איז געוואָרן דער טעאָרעטיקער פון דער אַרבעטער־אַריסטאָקראַטיע, איר אידעאָלאָג און איר טריבון. זיינע פאַר־דינסטן פאַר דעם קאַפּיטאַליסטישן קלאַס זיינען ניט אָפּצושאַצן. ער איז געווען דער ערשטער יוניאָן־פירער אָפּן צו שליסן פרידן מיט דער קאַפּי־טאַליסטישער סיסטעם.

אַ ציגאַר־מאַכער פון פאַך, אַ באַשעפטיקונג וואָס האָט געפאָדערט דעמאָלט אַ הויכע געשולטקייט, האָט גאָמפּערס און זיין פריינט, אַדאָלף שטראַסער, דורכגעמאַכט אַ סך שווערע קאַמפּן איידער די ציגאַרן־מאַכער האָבן באַוויזן צו צעברעכן די קייט פון דער סוועט־שאַפּ סיסטעם אין וועלכער זיי האָבן זיך געפונען. ציגאַרן פלעגט מען מאַכן אין די אַרבעטער־היימען אונטער די ערגסטע אומסאַניטאַרישע באַדינגונגען. עטלעכע גרויסע סטרייקס געגן היים־אַרבעט זיינען פאַרלאָרן געגאַנגען. דערווייל איז אויפגעקומען אַ טאַבאַק־אינדוסטריע. ציגאַרן האָט מען גענומען פּראָדוצירן אין פאַבריקן, מיט נייע מעטאָדן און מיט ווייניקער־געשולטע אַרבעטער. דער אַלטער הויך־געניטער ציגאַר־מאַכער איז געשטעלט געוואָרן צווישן צוויי פייערן: סוועט־

*) די פאַקטן פון די פאַרהאַנדלונגען צווישן די פאַך־יוניאָנס און די „נייטס" זיינען אַרויסגענומען, גרעסטנטיילס, פון פּראָפעסאָר נאָרמאַן וועירס בוך: די לייבאָר מואווועמענט אין די יונייטעד סטייטס, וואָס איז אַן אָפּהאַנדלונג וועגן די „נייטס אָוו לייבאָר".

שאַפּ פון איין זייט און אונטערגאַנג פון דער צווייטער. די ציגאַר־מאַכער יוניאָן איז דעריבער געווען צווישן די ערשטע צו שאַפן אַ נאַציאָנאַלע יוניאָן, צו קענען פירן דעם קאַמף אין דער גאַנצער אינדוסטריע. גאָמפּערס איז געווען דער פּרעזידענט פון דער ניו יאָרקער יוניאָן און שטראַסער פון דער נאַציאָנאַלער יוניאָן. די שווערע סטרייקס וואָס די ציגאַר־מאַכער האָבן גע־פירט האָבן אויסגעשמידט אין גאָמפּערסן אַ געוויסע אַגרעסיווקייט, וואָס ער האָט שפּעטער אָנגעווענדט, אין גרעסטן טייל, צו צאַמען די ווידער־שטאַנדן פון די אַרבעטער געגן דער קאַפּיטאַליסטישער אונטערדריקונג. די סטרייקס אין זיין פאַד האָבן אים געשאַפן אַ נאָמען צווישן די אָרגאַניזירטע אַרבעטער.

גאָמפּערס האָט אויסגענוצט דעם טיפן אונטערשייד וואָס איז געלעגן אין דער מאַטעריעלער לאַגע פון די קוואַליפיצירטע און אומקוואַליפיצירטע אַרבעטער צו פאַרשטאַרקן די א. פ. אָוו ל. אונטער זיין פירערשאַפט איז דער טיפער אונטערשייד געוואָרן נאָך טיפער. מיט אַ פּאָר געציילטע אויס־נאָמען, האָט די א. פ. אָוו ל. שטענדיק איבערגעלאָזט די גרויסע מאַסן אומגעשולטע אַרבעטער אויף הפקר און זיך געזאָרגט נאָר פאַר די ברויט־און פּוטער־אינטערעסן פון אירע אייגענע מיטגלידער, וואָס האָבן אויס־געמאַכט אַ קליינע מינדערהייט פון דעם גאַנצן אַרבעטער־קלאַס. שפּעטער זיינען די אינטערעסן פון די מיטגלידער אויך פאַרשאַכערט געוואָרן.

## פרידריך ענגעלס וועגן דעם מאַטעריעלן אונטערשייד אין אַרבעטער־קלאַס

וועגן דעם עקאָנאָמישן אונטערשייד אין די רייען פון אַרבעטער־קלאַס אין אַמעריקע, שרייבט פרידריך ענגעלס אין אַ בריוו צו שלייטער, רעדאַקטאָר פון דער סאָציאַליסטישער פאָלק־צייטונג:

„מיר שיינט, אַז אייער גרויסע שטערונג אין אַמעריקע איז די פּריווי־לעגירטע לאַגע פון די איינגעבאָרענע אַרבעטער. ביז 1848 איז אַ פּער־מאַנענטער אַרבעטער-קלאַס געווען גיכער אַן אויסנאַם, ווי אַ כלל. די קליינע צאָל איינגעבאָרענע אַרבעטער אין די שטעט פון די מזרח-שטאַטן האָבן נאָך אַלץ געקענט האָפן צו ווערן פאַרמערס אָדער מיטגלידער פון דער בורזשואַזיע. אַן אַרבעטער-קלאַס האָט זיך איצט אַנטוויקלט און איז אין אַ גרויסער מאָס אָרגאַניזירט אין טרייד-יוניאָנס. אָבער ער פאַרנעמט נאָך אַלץ אַן אַריסטאָ-קראַטישע פּאָזיציע און לאָזט איבער די שלעכט-באַצאָלטע פאַכן צו די אימי-גראַנטן, פון וועלכע בלויז אַ קליינער פּראָצענט טרעט אַריין אין די אַריסטאָ-קראַטישע יוניאָנס. די דאָזיקע אימיגראַנטן זיינען אָבער צעטיילט אין נאַ-

ציאָנאַליטעטן, וואָס פאַרשטייען ניט איינע דער אַנדערער און פאַרשטייען ניט אין די מערסטע פאַלן די שפּראַך פון לאַנד. אייער בורזשואַזיע פאַרשטייט אַפילו בעסער ווי די עסטרייכישע רעגירונג, ווי אַזוי אויפצושפּילן איין נאַציאָנאַליטעט געגן דער צווייטער. . . . אין ניו יאָרק עקזיסטירן פאַרשיידנקייטן אין דעם לעבנס-סטאַנדאַרד פון די אַרבעטער, וועגן וועלכע עס קען אַפילו ניט זיין קיין פראַגע ערגעץ אַנדערשוואו. . . . אין אַזאַ לאַנד זיינען אומאויפהערלעכע כוואַליעס פון אַ מאַרש פאָראויס, נאָכגעפאָלגט פון געוויסע צוריקטרעטן, אומפאַרמיידלעך. נאָר די אָנקומענדיקע כוואַליעס ווערן נאָכאַנאַנד מעכטיקער, די צוריקטרעטן פון אַ ווייניקער פּאַראַליזירנדיקן כאַראַקטער, אַזוי אַז די זאַך גייט פאָראויס די גאַנצע צייט. איינס בין איך זיכער: די רייכע בורזשואַזע באַזע, די אָפּוועזנהייט פון דעם ערב-בורזשואַזן שווינדל, די קאָלאָסאַלע ענערגיע פון דער אַנטוויקלונג — — — וועט אין אַ געוויסן טאָג ברענגען אַן ענדערונג וואָס וועט איבערראַשן די וועלט. אייןמאָל וועלן די אַמעריקאַנער אָנהויבן, וועט עס גיין מיט אַזאַ ענערגיע און גוואַלדזאַמקייט, אַנטקעגן וועמען מיר אין אייראָפּע וועלן אויסזען ווי קינדער.” (ענגעלס בריוו פון 30סטן מערץ, 1890, קאָרעספּאָנדענס אָוו מאַרקס ענד ענגעלס, זייטן 496-497.)

ענגעלס האָט שאַרף באַמערקט די צעטיילונג אין דעם אַרבעטער־קלאַס, וואָס איז דעמאָלט געגאַנגען אויף דער ליניע — אַמעריקאַניש־געבוירענע און פרעמד־געבוירענע אַרבעטער. שפּעטער איז אַריינגעקומען אַן ענדערונג. עס איז אויסגעוואַקסן אַ גרויסער שיכט האַלב־קוואַליפיצירטע און גאָרניט־קוואַליפיצירטע אַרבעטער אַמעריקאַניש־געבוירענע. זיי זיינען פּונקט אַזוי פאַרנאַכלעסיקט געוואָרן פון די א. פ. אָוו ל. פירער ווי די אימיגראַנטישע אַרבעטער. אָט־די אומקוואַליפיצירטע אַרבעט־קראַפט איז געקומען הויפּטזאַכלעך פון די פאַרמס.

ענגעלס האָט אויך ריכטיק פאָראויסגעזען דעם פאַרנעם און דעם גוואַלדזאַמען כאַראַקטער פון די שפּעטערדיקע אַרבעטער־קאַמפן, באַזונדער אין די יאָרן פון וועלט־קריזיס, ווען די הויך־געשולטע אַרבעטער האָבן פאַרלאָרן דעם גרעסטן טייל פון זייערע פּריווילעגירטע פּאָזיציעס.

ווען די „אַמעריקאַן פעדעריישאָן אָוו לייבאָר” איז באַשאַפן געוואָרן אין 1886 האָט די צאָל מיטגלידער פון די פאַך־יוניאָנס באַטראָפן אַ פערטל מיליאָן. ניט אַלע פון זיי זיינען געווען אָנגעשלאָסן אין דער א. פ. אָוו ל. דאָס איז געווען אַ היפּשער וואוקס אין פאַרגלייך מיט די דעפּרעסיע־יאָרן. עס איז אָבער געווען ווייניקער פון אַ העלפט פון דער מיטגלידערשאַפט פון די „נייטס אָוו לייבאָר”, וואָס האָבן געציילט אין סוף פון זעלבן יאָר 700,000 מיטגלידער. די לאַגע האָט זיך באַלד געביטן. אַ קאַמף האָט אויס-

געבראָכן צווישן די „נייטס" און די א. פּ. אָוו ל. יוניאָנס, פריער אין ניו יאָרק, טאַקע צווישן די ציגאַר־מאַכער, וואו די „נייטס" האָבן געשטיצט אַן אָפּאָזיציע־יוניאָן, די פּראָגרעסיווע ציגאַר־מאַכער יוניאָן, געגן גאָמפּערסעס אינטערנאַציאָנאַלער ציגאַר־מאַכער יוניאָן. די פּראָגרעסיווע יוניאָן איז באַשטאַנען פון סאָציאַליסטישע עלעמענטן ניט־לאַנג פון דער אַלטער היים און ניט אַזעלכע הויך־קוואַליפיצירטע בעל־מלאכות ווי די מיטגלידער פון דער אינטערנאַציאָנאַלער יוניאָן. די פּראָגרעסיווע זיינען שפּעטער אַריינגעטראָטן אין די „נייטס". דאָס האָט געדינט פאַר אַ סיגנאַל, אַז די גרויסע מלחמה אין דעם אַרבעטער־קלאַס הויבט זיך אָן; אַ מלחמה, אין וועלכער די „נייטס", דאָס הייסט די וויניקער־קוואַליפיצירטע, האָבן פאַרלאָרן.

פאַך־יוניאָנס האָבן געציטערט איבער זייער בעסערער לאַגע

עס וואָלט פאַרנומען צופיל פּלאַץ צו באַשרייבן די אַלע יורידיקציע־קאַמפן וואָס זיינען אויסגעבראָכן צווישן די „נייטס" און די א. פּ. אָוו ל. יוניאָנס. עס איז אויך איבעריק זיך אַריינצולאָזן אין אַ דעטאַליזירטער אָפּשאַצונג ווער פון די צדדים טראָגט אַ גרעסערן טייל פון דער שולד. זיכער איז די אורזאַך פון דעם קאַמף ניט געווען די פערזענלעכע קאַפּריזן פון גאָמפּערס און פּאַודערלי אָדער די אָנגעשטרענגטע באַציאונגען און איפערזוכט וואָס האָט געהערשט צווישן זיי. די סאָציאַל־עקאָנאָמישע אורזאַכן, וואָס האָבן געבראַכט, אין גרונט גענומען, צו דעם אינערלעכן קאַמף אין אַרבעטער־קלאַס, איז געווען די אַנטשלאָסנקייט פון די קוואַליפיצירטע אַרבעטער אָפּצוהיטן זייערע ספּעציעלע גרופּן־אינטערעסן. די קאָנוועגשאָן פון דער א. פּ. אָוו ל. האָט עס פאָרמולירט מיט די ווערטער „אָפּצוהיטן די קוואַליפיצירטע פאַכן און פאַרהיטן זיי זאָלן ניט רעדוצירט ווערן צו בעטלערייי". אין דער פראַזע איז רעזומירט דער גאַנצער אינהאַלט פון דער אידעאָלאָגיע — אויב דאָס וואָרט קען דאָ באַנוצט ווערן — פון דעם גאָמפּערסיזם אויף דעם עקאָנאָמישן געביט. דאָס איז פאַרבונדן געווען און האָט געשטאַמט פון גאָמפּערסעס אַלגעמיינער אידעאָלאָגיע, אַז די אָרדענונג פון פּריוואַט־אייגנטום, קאָנקורענץ און עקספּלואַטאַציע איז אַ גערעכטע און אַן אייביקע.

אויך אין דעם זיינען הויפּטזאַכלעך שולדיק די פירער, וועלכע האָבן נאָכאַנאַנד געשראָקן זייערע מיטגלידער, אַז אַ פאַראייניקונג מיט די איבעריקע טיילן פון אַרבעטער־קלאַס — די ניט־קוואַליפיצירטע — וועט זיי אַרונטערשלעפּן צום צושטאַנד פון בעטלעריי.

די „נייטס אָוו לייבאָר“, דאָס הייסט, די האַלב־ און גאַנץ־אומקוואַליפיצירטע אַרבעטער, זיינען געווען אין די מערסטע פאַלן די אָנגרייפער אין דעם אינערלעכן קאַמף. פון דעם דרינגען אַ סך היסטאָריקער פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, אַז שולדיק אין דעם קריג זיינען די פירער פון די „נייטס אָוו לייבאָר“. זיי בויען זייער מיינונג אויף דער באַוואוסטער טעאָריע, אַז דער אָנגרייפער איז דער שולדיקער. די מאָס קען אָבער דאָ ניט אָנגעווענדעט ווערן. זיכער, אַז פּאַודערלי און זיינע מענטשן אין דער פירערשאַפט פון די „נייטס“ האָבן ניט אַלעמאָל געהאַט ריינע אַרבעטער־מאָטיוון ווען זיי האָבן זיך אַריינגעריסן אין די קוואַליפיצירטע פאַכן. דאָס ענדערט אָבער ניט די עצם זאַך. דער קאַמף איז געווען אומפאַרמיידלעך אין דער געשאַפענער לאַגע. די אומקוואַליפיצירטע אַרבעטער האָבן זיך געמוזט אַריינרייסן אין די אַנדערע פאַכן, ווייל די פירערשאַפט פון די פאַך־יוניאָנס האָט ניט געוואָלט הערן פון געמיינזאַמער אַרבעט און קאָאָפּעראַציע. די פירערשאַפט פון די אַלטע פאַך־יוניאָנס האָט געציטערט אַז מיטאַרבעטערשאַפט מיט די אומקוואַליפיצירטע אַרבעטער, וואָס מיינט העלפן זיי אין סטרייקס פאַר בעסערע אַרבעט־באַדינגונגען, וועט אַרונטערשלעפן זייערע מיטגלידער צום נידעריקן סטאַנדאַרד פון די אומקוואַליפיצירטע. דעריבער האָט זי זיך געווערט מיט אַלע כחות געגן באַציאונגען און קאָאָפּעראַציע מיט דער מאַסע פון די „נייטס אָוו לייבאָר“.

## „נייטס“ האָבן געמוזט זוכן אַ פּאָזיציע אין די קוואַליפיצירטע פאַכן

פאַרוואָס האָבן די „נייטס“ געמוזט זיך אַריינרייסן אין די קוואַליפיצירטע פאַכן, ניט קוקנדיק אויף דעם גוואַלדיקן געשריי פון די פאַך־יוניאָנס אַז זייערע הייליקע יוריסדיקציע־רעכט ווערן פאַרגוואַלדיקט?

דערפאַר ווייל אין די קאַמפן געגן קאַפּיטאַליסטן האָבן די אומקוואַליפיצירטע אַרבעטער דערפילט זייער שוואַכע פּאָזיציע אָן דער מיטהילף פון די אַרבעטער וואָס האַלטן דעם שליסל פון דער פּראָדוקציע אין זייערע הענט. אין אַנדערע ווערטער, אַ סטרייק פון די פּראָסטע אַרבעטער אין אַ שטאָל־פאַבריק האָט פיל ווייניקער שאַנסן געוואונען צו ווערן אויב די קוואַליפיצירטע גיסער און שמעלצער שטייען ניט צו צום סטרייק. די שטאָל־קאָמפּאַניע קען פיל גרינגער פאַרבייטן די פּראָסטע אַרבעטער מיט סטרייק־ברעכער, ווי זי קען עס טאָן מיט די געשולטע אַרבעטער. דאָס איז אַן אלף־בית אין סטרייק־פירערשאַפט.

דער דראַנג צו שטעלן אַ פּוס אין די אַלטע פּאַכן, וואָס ניט געקוקט אויף זייער קליינער צאָל אַרבעטער, שפּילן זיי אָבער אַ דאָמינירנדיקע ראָל, איז געווען אַ נאַטירלעכער. פאַרשטייט זיך, אַז ווען אָן דער שפּיץ פון די פאַך־יוניאָנס וואָלטן געשטאַנען מענטשן מיט אַ קלאַסן־אידעאָלאָגיע, אַר־בעטער־פירער מיט אַ ברייטן בליק און אַ ווייטן קוק, וואָלטן זיי אין סאַמע אָנהויב אָנגעווענדט אַלע כחות אַז די אומקוואַליפיצירטע אַרבעטער זאָלן אַרויסקומען פון זייער אומגעהויער־נידעריקן לעבנס־סטאַנדאַרד, ווייל אין לעצטן סך־הכל האָט דער נידעריקער לעבנס־סטאַנדאַרד פון די גרויסע מאַסן אַרבעטער אין דער שטאָל־אינדוסטריע, אין דער מאַשין־אינדוסטריע א. אַז. וו. שווער געטראָפן די אַרבעטער־אַריסטאָקראַטן. די גאָמפּערסעס און זייער גלייכן האָבן ניט פאַרשטאַנען דעם עלעמענטאַרן אמת. פאַרקערט, זייער אָפּט האָבן זיי געקויפט ביי די קאַפּיטאַליסטן גרעסערע ברעקלעך אויפן חשבון פון דער מערהייט אומקוואַליפיצירטע אַרבעטער. זיי האָבן פאַרבראָכן דעם גרויסן און פונדאַמענטאַלן אמת: דער כח פון אַרבעטער־קלאַס ליגט אין זיין אייניקייט, ווייל פאַר זיי האָט ניט עקזיסטירט קיין גאַנצער אַרבעטער־קלאַס. אַזוי איז געווען אַ לאַנגע צייט די לאַגע אין דער שטאָל־אינדוסטריע, וואו די הויך־קוואַליפיצירטע אַרבעטער זיינען געווען אָרגאַניזירט אין פאַך־יוניאָנס און האָבן געהאַט בעסערע באַדינגונגען.

צווישן די וועלכע האָבן געגלויבט אין אַרבעטער־סאָלידאַריטעט און זיינען געווען אָרגאַניזירט אויף אַ ברייטער באַזע, אומאָפּהענגיק פון פאַך, און די פירער פון די פאַך־יוניאָנס פון גאָמפּערסעס שניט, וואָס האָבן גע־זאָרגט נאָר פאַר די אינטערעסן פון זייער שמאָלער גרופּע, זיינען צוזאַמענ־שטויסן געווען אומפאַרמיידלעך.

די ווענדונג פאַר אַרבעטער־אייניקייט פאַלט אויף טויבע אויערן

עס איז נויטיק צו פאַרצייכענען, אַז איידער דער קריג איז אויסגעבראָכן האָבן די „נייטס" פאַנאַנדערגעשיקט דעם פאָלגענדן זייער מילדן בריוו צו די נאַציאָנאַלע פאַך־יוניאָנס. דער בריוו איז געווען אָן איידעלער פאַרזוך צו דערמאָנען דער אַרבעטער־אַריסטאָקראַטיע, אַז זי האָט אַ פאַרפליכטונג צו די איבעריקע אַרבעטער. דער בריוו האָט זיך טיילווייז געלייענט:

„אין דער אָנווענדונג פון די וואונדערבאַרע דערפינדונגען שפּילט אייער אָרגאַניזאַציע אַ זייער וויכטיקע ראָל. נאַטירלעך נעמט אייער אָרגאַניזאַציע אַריין אַ גרויסע פּראָפּאָרציע אַרבעטער, וואָס פאַרמאָגן אַ הויכע געשולטקייט

> און וויסן. מיט דער געשולטקייט פון די הענט און מיט דעם וויסן קומט דאָס רעכט צו פאָדערן אַז קוואַליפיצירטע אַרבעט זאָל קריגן העכער באַצאָלט פון אומקוואַליפיצירטער. אָבער אויך אומקוואַליפיצירטע אַרבעטער מוזן קריגן אויפמערקזאַמקייט. ווען ניט, וועט דער אַרבעטגעבער אין דער שטונדע פון נויט זיך ניט אָפּהאַלטן אויסצונוצן זיי אַרונטערצוקוועטשן די באַלוינונג וואָס איר קריגט איצט. כדי קוואַליפיצירטע אַרבעטער און ניט־קוואַליפיצירטע אַרבעטער זאָלן ווייטער ניט בלייבן אומאָרגאַניזירט בעטן מיר אייך איר זאָלט פאַראייניקן אייער גראַנדיעזן און מעכטיקן קאָרפּוס מיט דער הויפּט-אַרמיי, מיר זאָלן קענען קעמפן אונטער איין פאָן.״

די פירער פון די נאַציאָנאַלע פאַך־יוניאָנס האָבן ניט געהאַט דעם מינדסטן חשק צו פאַראייניקן זייערע „קאָרפּוסן״ מיט דער „הויפּט־אַרמיי״. די „נייטס״ האָבן דעמאָלט דערקלערט קריג די פאַך־יוניאָנס פון דער „אַמעריקאַן פעדעריישאָן אָוו לייבאָר״.

פריער נאָך זיינען פאָרגעקומען פאַרהאַנדלונגען צווישן ביידע צדדים — די א. פ. אָוו ל. יוניאָנס האָבן אַרויסגעשטעלט אַ צעטל מיט פאָדערונגען וואָס זיינען געווען פּאַקטיש אוממעגלעך אָנצונעמען. דאָס האָט געשטאַרקט די הענט פון די „נייטס״-פירער, וועלכע האָבן זיך געריסן צום קאַמף מיט די אַלטע פאַך־יוניאָנס. זיי האָבן געוואונען אויף דער קאָנווענשאָן פון די „נייטס״ אין ריטשמאָנד, ווירדזשיניע, אין אָקטאָבער 1886. דאָרט איז דער קאַמף אָפיציעל פּראָקלאַמירט געוואָרן.*)

אַ יאָר שפּעטער זיינען די פאַרהאַנדלונגען באַנייט געוואָרן שוין מיט דער א. פ. אָוו ל., אָבער גאָמפּערס האָט ניט געוואָלט קיין פרידן מיט די „נייטס״. גאָמפּערס האָט שוין געזען פאַר די אויגן דעם אונטערגאַנג פון אָרדן און ער האָט צוגעלייגט זיין האַנט דעם אונטערגאַנג צו פאַרשנעלערן.

אין דעם קאַמף איז די פּאָזיציע פון די פאַך־יוניאָנס געווען פיל גינסטיקער ווי די פּאָזיציע פון די „נייטס״. ערשטנס, זייער געשולטקייט, וואָס

*) כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם געזונטן פּראָלעטאַרישן כאַראַקטער וואָס די „נייטס״ האָבן פאַרמאָגט אין אַ סך אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס, איז די פאָלגנדיקע פּאַסירונג. דער גאָווערנאָר פון ווירדזשיניע, לי, איז געקומען באַגריסן דעם צוזאַמענפאָר. די דעלעגאַציע פון דיסטריקט אַסעמבלי 49 (ניו יאָרק) האָט געפאָדערט אַז אַ נעגערישער דעלעגאַט זאָל ענטפערן דעם דרומדיקן גאָווערנאָר. פאַודערלי איז געווען אָנגעשראָקן, האָט ער אַרויסגעריסן אַ קאָמפּראָמיס. דער נעגערישער דעלעגאַט, פרענק דזש. פערעל פון ניו יאָרק, האָט פאָרגעשטעלט פאַודערלין צו ענטפערן דעם גאָווערנאָר. פאַר יענע יאָרן איז דאָס זיכער געווען אַ זשעסט פון פּראָלעטאַרישער סאָלידאַריטעט צווישן די ווייסע און שוואַרצע אַרבעטער אין אַ דרומדיקן שטאַט.

האָט זיי געשטעלט אין אַ זייער וויכטיקער לאַגע. צווייטנס, זיינען די קאַפּי־טאַליסטן אין דעם קאַמף געווען דורכאויס אויף דער זייט פון די פּאַך־יוניאָנס. די קאַפּיטאַליסטן האָבן שאַרף און ביטער באַקעמפט די פּאַך־יוניאָנס אויך. אָבער ווען עס האָט זיך געהאַנדלט צווישן דער א. פּ. אָוו ל. און די „נייטס", האָבן זיי געהאַנדלט ווי שפּעטער, ווען זיי האָבן געמוזט אויסקלייבן צווישן אַן א. פּ. אָוו ל. יוניאָן און אַ לינקער אָדער אומאָפּהענגיקער יוניאָן. די רעגירונג, דער געריכט און די פּאָליציי, אַלע זיינען געווען געגן די „נייטס". דריטנס, איז די „נייטס"־פירערשאַפט באַשטאַנען פון מענטשן וואָס זיינען צופעליק גע־שטעלט געוואָרן אין דער שפּיץ פון אַזאַ מאַסן־אָרגאַניזאַציע. די פּאַודערלים*) זיינען ניט געווען קיין קלאַסנקעמפער. זיי האָבן בכלל ניט געוואוסט וואָס זיי ווילן און פּאָליטיש האָבן זיי זיך ניט אונטערשיידט פון גאָמפּערסן. דערצו איז די אָרגאַניזאַציע־פאָרמע פון די „נייטס" געווען צופיל פאַרוויקלט און ניט בויגזאַם גענוג. דער סוף איז געווען, אַז די „נייטס" זיינען אומגעקומען אונטער אַ האָגל פון אַטאַקעס און פאַרפאָלגונגען. די אָרגאַניזירונג פון די ניט־קוואַליפיצירטע אַרבעטער איז פּאַקטיש אָפּגעשטעלט געוואָרן.

„נייטס" פאַרלירן — לאַנגזאַמער וואוקס פון די א. פּ. אָוו ל. יוניאָנס

די יוניאָנס פון דער א. פּ. אָוו ל. זיינען געוואַקסן, כאָטש לאַנגזאַם. איינציקע יוניאָנס וואָס זיינען באַשאַפן געוואָרן פון די „נייטס", ווי די גרויסע „יונייטעד מיין וואָירקערס יוניאָן", זיינען אַריינגעטראָטן אין דער א. פּ. אָוו ל. דאָס איז געווען די איינציקע אינדוסטריעלע יוניאָן אין דער א. פּ. אָוו ל., אַ יוניאָן געבויט אויף דעם קוילן־גרוב און ניט אויפן פאַך.

די מיטגלידערשאַפט פון די א. פּ. אָוו ל. יוניאָנס צווישן 1882—1900

| יאָר | מיטגלידערשאַפט |
| --- | --- |
| 1882 | 50,000 |
| 1884 | 100,000 |
| 1887 | 150,000 |
| 1889 | 200,000 |
| 1892 | 250,000 |
| 1898 | 300,000 |
| 1900 | 775,000 |

*) אין 1896, אין דער שטורמישער פּרעזידענט וואַל־קאַמפּאַניע, האָט פּאַודערלי אַגיטירט פאַר דעם גרויס־קאַפּיטאַליסטישן קאַנדידאַט מעקינלי. דער באַוואוסטער רעפּובליקאַנישער „באָס" מאַרק האַנאַ האָט פּאַודערלין אָפּגעקויפט.

ווען מען זאָל צורעכענען די מיטגלידער פון די פיר באַן־בראָדערהודס, וואָס שטייען אויסער דער א. פ. אָוו ל., איז די צאָל אָרגאַניזירטע אַרבעטער אין דעם ערשטן יאָר פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט געווען אומגעפער אַרום אַ מיליאָן, אַ קליינע מינדערהייט פון גאַנצן אַרבעטער־קלאַס פון לאַנד, וואָס האָט אויסגעמאַכט איבער 50 פּראָצענט פון דער גאַנצער דערוואַקסענער באַפעלקערונג און האָט געציילט אַרום 15 מיליאָן מענטשן.

די מיטגלידערשאַפט אין די א. פ. אָוו ל. יוניאָנס 1901—1920

| יאָר | מיטגלידערשאַפט |
|---|---|
| 1901 | 787,537 |
| 1902 | 1,094,399 |
| 1903 | 1,465,800 |
| 1904 | 1,676,200 |
| 1905 | 1,494,300 |
| 1906 | 1,454,000 |
| 1907 | 1,538,970 |
| 1908 | 1,586,885 |
| 1909 | 1,482,872 |
| 1910 | 1,562,112 |
| 1911 | 1,761,835 |
| 1912 | 1,770,145 |
| 1913 | 1,996,004 |
| 1914 | 2,020,671 |
| 1915 | 1,996,347 |
| 1916 | 2,072,702 |
| 1917 | 2,371,439 |
| 1918 | 2,726,978 |
| 1919 | 3.260,068 |
| 1920 | 4,078,740 |

אין אירע בעסטע צייטן, גלייך נאָך דער מלחמה, האָט די א. פ. אָוו ל. דערגרייכט די צאָל פון 4,078,000. דאָס איז אין פאַרגלייך מיט אַכט מיליאָן אָרגאַניזירטע אַרבעטער אין ענגלאַנד און צוועלף מיליאָן אין דייטשלאַנד אין זעלבן יאָר 1920. ניט נויטיק צו דערמאָנען, אַז דער אַרבעטער־קלאַס אין די פאַראייניקטע שטאַטן איז גרעסער ווי אין די צוויי אויבנדערמאָנטע לענדער. אין 1920 זיינען לויט דעם פעדעראַלן צענזוס געווען עטוואָס איבער 31 מיליאָן מענטשן וועלכע האָבן געאַרבעט פאַר לוין. אין דעם גייען אַריין די פּראָפעסיאָנעלע גרופּן, ווי דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן, דענטיסטן, אינ־

זשענערן, און אנדערע. נאָך 1920 האָבן די א. פּ. אָוו ל. יוניאָנס נאָכאנאנד פארלאָרן מיטגלידער.

אין 1933 איז די צאָל גוט־שטייענדיקע מיטגלידער געווען 2,126,796. אין 1934 האָט די צאָל מיטגלידער זיך א הויב־געטאָן, אויך לויט דעם אָפיציעלן באריכט, ביז 2,824,698.

כאָטש די א. פּ. אָוו ל. איז געוואקסן ביז 1920, איז זי קיינמאָל ניט דערגאנגען צום צושטאנד פון פאראייניקן און אָרגאניזירן א דריטל פון דעם ארבעטער־קלאס, שוין ניט רעדנדיק פון זיין מערהייט.

אכצנטער קאַפּיטל

# דער אינדזשאַנקשאַן און דער באַניטער קאַמף פאַר די אַכט שטונדן

דער גרויסער פּראָצענט פּרעמד-געבוירענע אין די יוניאָנס. — אימיגראַנטן זיינען קוואַליפיצירטע אַרבעטער. — גרויסער איינפלוס פון דייטשע אַרבעטער. — דער אינדזשאַנקשאַן באַווייזט זיך ווי אַ וואָפן אין די הענט פון די קאַפּיטאַליסטן. — קוילן-גרעבער יוניאָן אָרגאַניזירט אין סטרייק פון די „נייטס אָוו לייבאָר". — גרויסע באַגייסטערונג פאַר גענעראַל-סטרייק פאַר די אַכט שטונדן אין 1890. — א. פ. אָוו ל. ברעכט סטרייק-באַוועגונג. — סטאַליאַרעס געווינען צווישן 1890 און 1894. — די „פּיפּלס פּאַרטיי". — דער גרויסער קאַמף מיט די סאָציאַליסטן.

די רעאַקציע וואָס האָט זיך פאַרשפּרייט נאָך דעם באָמבע־אויפרייס אין שיקאַגאָ, מאַי 1886, האָט ניט אָפּגעשטעלט דעם קאַמף פון די אַרבעטער פאַר דעם רעכט צו זיין אָרגאַניזירט און פאַר בעסערע אַרבעט־באַדינגונגען. גרויסע סטרייקס זיינען פאָרגעקומען אין דער אייזן־ און שטאָל־אינדוסטריע, אין דער קוילן־אינדוסטריע, אין באַנען. די באַנייטע אַרויסטרעטונג פאַר דעם אַכט־שטונדיקן אַרבעט־טאָג אין 1890 האָט געוויזן, אַז די אַרבעטער האָבן פאַר־מאָגט אַ סך קוראַזש און קאַמף־גרייטקייט. שפּעטער איז די טרייד־יוניאָן באַ־וועגונג אַריינגעטראָטן אין אַ מין שטילשטאַנד־צושטאַנד. די פירערשאַפט פון דער א. פ. אָוו ל. האָט ניט געוואָלט „ריזיקירן" מיט קיין גרויסע סטרייקס. זי האָט בכלל ניט געהאַט קיין חשק צו אונטערנעמען גרויסע קאַמפן פאַר די אומאָרגאַניזירטע אַרבעטער. איר איינציקער באַגער איז געווען אָפּצוהיטן די געווינסן און זיך דערשלאָגן ווייטערע געווינסן פאַר די פאַכן וואָס זיינען אָרגאַניזירט אונטער איר פאָן.

די איינציקער יאָרן פאַרצייכענען דעם אָנהויב פון דער געפערלעכער פאַר־גליווערטקייט אין וועלכער די א. פ. אָוו ל. איז אַריינגעקראָכן און וואָס האָט

איר פארוואנדלט מער אין א פּראַקטישער, געשעפטלעכער באַוועגונג ווי אין אַן אַרבעטער־באַוועגונג. דער וואוקס, כאָטש ניט קיין ראשיקער, פון די א. פ. אָוו ל. יוניאָנס אין אָנהייב פון דעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט האָט געשטאַמט ניט פון די געפלאַנטע, קאָנצענטרירטע אָרגאַניזאַציע־קאַמפּאַניעס פון דער א. פ. אָוו ל., נאָר פון די שטרעבונגען פון די אַרבעטער אין נייע פאַכן און אינדוסטריעס זיך צו אָרגאַניזירן. נאָכדעם ווי די נייע אַרבעטער־גרופּעס האָבן דורכגעמאַכט די אַלע שוועריקייטן פון סטרייקס און ווידערשטאַנד געגן די באַלעבאַטים און האָבן באַוויזן אויפצובויען אַן אָרגאַניזאַציע, האָט די א. פ. אָוו ל. פּירערשאַפט געטאָן די גרויסע געפעליקייט און זיי דערלויבט זיך אָנצושליסן אין אירע רייען. אַזוי, צום ביישפּיל, זיינען א סך יוניאָנס פון פרעמד־געבוירענע אַרבעטער, באַזונדערס אין דער קליידער־אינדוסטריע, געוואָרן טיילן פון דער א. פ. אָוו ל. פריער האָבן זיי געמוזט אַליין אויסקעמפן זייער יוניאָן און זייערע באַדינגונגען און ערשט נאָכדעם ווי זיי האָבן אויפגעהערט צו זיין א „ריזיקע” פאַר דער א. פ. אָוו ל. און פאַר די אייגענע נאַציאָנאַלע יוניאָנס — דאָס באַציט זיך צו קליינע פאַכן פון אימיגראַנטן־אַרבעטער, ווי מאַטראַצן־מאַכער, בלעכער און דאָס גלייכן — האָבן זיי געקענט ווערן טיילן פון דער אָפיציעלער אַרבעטער־באַוועגונג.

דער פּעריאָד פון די מיטל־ניינציקער יאָרן פאַרמאָגט נאָך דריי וויכטיקע דערשיינונגען: די גרויסע ראָל וואָס אימיגראַנטן האָבן געשפּילט אין די יוניאָנס, דער וואוקס פון אינדזשאַנקשאָנס וואָס די קאַפּיטאַליסטן און זייער געריכט האָבן גענומען אַזוי אָפט אָנווענדן געגן די קעמפנדיקע אַרבעטער און דער אָנהייב פון דעם קאַמף צווישן די גאָמפּערסיסטן און די סאָציאַליסטן פאַר איינפלוס אין די יוניאָנס.

קיין גענויע ציפערן וועגן דעם באַשטאַנד פון דער טרייד־יוניאָן באַוועגונג לויט נאַציאָנאַליטעטן זיינען ניטאָ, אָבער די סטאַטיסטיק פון איין שטאַט, אילינאָי, גיט א בילד פון דעם אַלגעמיינעם צושטאַנד אין לאַנד. די אילינאָי אַרבעטער־ביוראָ האָט אין 1886 דורכגעפירט אַן אונטערזוכונג פון דעם נאַציאָנאַלן צוזאַמענשטעל פון די יוניאָנס. דער רעזולטאַט האָט געוויזן, אַז נאָר 21 פּראָצענט יוניאָן־מיטגלידער זיינען אַמעריקאַנער געבוירענע. 79 פּראָצענט זיינען פרעמד־געבוירענע. פון זיי זיינען 33 פּראָצענט דייטשן, 19 פּראָצענט אירלענדער, 10 פּראָצענט ענגלענדער און 12 פּראָצענט סקאַנדינאַוויער. די איבעריקע נאַציאָנאַליטעטן האָבן אויסגעמאַכט קליינע גרופּעס.

צאל אימיגראנטן און פרעמד־געבוירענע

| יארן | | (אין 10-יאר פעריאדן צאל איינגעוואנדערטע אין טויזנטער) | (אין 10-יאר פעריאדן צאל פרעמד-געבוירענע אין טויזנטער) |
|---|---|---|---|
| 1860—1850 | — — — | 2,511 | 4,138 |
| 1870—1860 | — — — | 2,377 | 5,567 |
| 1880—1870 | — — — | 2,818 | 6,679 |
| 1890—1880 | — — — | 5,297 | 9,247 |
| 1900—1890 | — — — | 3,688 | 10,931 |

ארום דריי־פערטל פון די אימיגראנטן ביז 1900 האבן זיך באזעצט אין די שטעט פון **דרום־מזרח.**

דער גרויסער איינפלוס פון די דייטשע ארבעטער

די גרויסע מערהייט פון פרעמד־געבוירענע ארבעטער אין די יוניאנס דערקלערט זיך דערמיט, וואס די אימיגראציע נאך דעם בירגער־קריג האט גע־בראכט אין די פאראייניקטע שטאטן ניט בלויז געוועזענע פויערים וואס האבן דא געטאן אלערליי שווארצע ארבעט, נאר אויך קוואליפיצירטע ארבעטער און בעלי־מלאכות. די אימיגראנטן זיינען געקומען אהער פון אזוינע לענדער ווי ענגלאנד, דייטשלאנד און סקאנדינאוויע. אין זייער היימאט האבן די אימי־גראנטן שוין געהאט דעם אנהייב פון א פאליטישער ארבעטער־באוועגונג. א טייל פון זיי זיינען געווען סאציאליסטן. א סך פון די אימיגראנטן וואס זיינען געקומען אהער אין די אכציקער יארן האבן פארלאזן דייטשלאנד צוליב די ביסמארק אנטי־סאציאליסטישע געזעצן. א סך האבן געמוזט אויסוואנדערן פון דער היים צוליב פאליטישע פארפאלגונגען. ניט בלויז די דייטשע איינ־וואנדערונג, אויך די אידישע האט צום ערשטן מאל געבראכט אהער יונגע מענטשן, אידעאליסטן און רעוואלוציאנערן, וואס זיינען אנטלאפן פון די צארישע פארפאלגונגען און פאגראמען אין 1881. דער העכערער פאליטישער צושטאנד אין וועלכן די אימיגראנטן האבן זיך געפונען האט זיי געשטעלט אין דעם פאדערגרונט פון די קאמפן אין די פאראייניקטע שטאטן.

א צווייטער פאקטאר איז געווען די מאשין, וואס האט אונטערגעגראבן די אמאליקע לאנגע לערנערשאפט וואס האט זיך געפאדערט ביז וואנען מען איז געווארן א געשולטער ארבעטער. די מאשין האט געשאפן א מעגלעכקייט זיך אויסצולערנען א געוויסן פאך אין א פיל קירצערער צייט. די מאשין האט

אויך איינגעפירט אן ארבעט־צעטיילונג, וואָס האָט פארגרינגערט דאָס לערנען זיך א פאך. די אימיגראנטן אין די אכציקער יאָרן האָבן דעריבער געהאט א גרינגערן צוטריט צו געלערנטע פאכן ווי די אימיגראנטן פון דעם פריערדיקן פעריאָד.

די דייטשע ארבעטער זיינען געווען ניט בלויז די גרעסטע נאציאָנאלע גרופע, נאָר מען קען זאָגן די איינפלוסרייכסטע גרופע אין דער ארבעטער־באוועגונג. גענוג צו זאָגן, אז די ערשטע טעגלעכע סאָציאליסטישע פרעסע איז געווען אין דייטש. די סאָציאליסטישע פאָלקס־צייטונג אין ניו יאָרק האָט זייער שטארק באאיינפלוסט די גאנצע ארבעטער־באוועגונג אין ניו יאָרק. אזעלכע פראָפאגאנדיסטן און טוער ווי אלעקסאנדער יאָנאס, סערגיי שעוויטש, פאכט ביי די סאָציאליסטן און מאָסט ביי די אנארכיסטן האָבן דערצויגן א דור מיט מענטשן באזונדערס צווישן די פרעמד־געבוירענע.

די דייטשע ארבעטער האָבן אויך באשאפן גרויסע יוניאָנס אין די אינ־דוסטריעס וואו זיי זיינען געווען א מערהייט אָדער א באדייטנדיקער טייל, ווי אין דער ביר־ברויעריי אינדוסטריע, בעקעריי און נאָך. די גרויסע פראָ־פאָרציע פון דייטשע אימיגראנטן אין דער אלגעמיינער אימיגראציע ווערט קלאָר פון דעם פאָלגנדיקן סך־הכל: פון 1831 ביז 1900 האָבן נאָענט צו פינף מיליאָן דייטשן געלאנדעט אין די פאראייניקטע שטאטן.

אינדזשאָנקשאָן מאכט דעם ריכטער פאר דעם דיקטאטאָר איבער סטרייקס

אריינמישונג פון געריכטן און פארבאָטן אויף סטרייקס און פיקעטן איז ניט געווען קיין נייעס אין אמעריקע. מיר האָבן עס באגעגנט נאָך אזוי פרי ווי אין אָנהייב פון דעם אכצענטן יאָרהונדערט אין די ערשטע סטרייקס פון די שוסטער און סטאָליארעס אין פילאדעלפיע. די קאפיטאליסטן האָבן גלייך פון סאמע אָנהייב פון דעם ארבעטער־קאמף געלאָפן זוכן הילף אין דער אינ־סטיטוציע וואָס דארף מיט פארמאכטע אויגן האלטן גלייך און אומפארטייאיש די וואָגשאָל פון גערעכטיקייט אין אירע הענט. די מאדאם יוסטיץ איז אָבער ניט בלינד און ניט אומפארטייאיש. סטרייקער זיינען פאראורטיילט געוואָרן נאָך אין 1806. אָבער דער אינדזשאָנקשאָן ווי א שנעלער און אנטשיידענער וואפן אין די הענט פון די ארבעטגעבער איז געווען א נייעס, וואָס איז איינ־געפירט געוואָרן אין מיטן פון די אכציקער יאָרן.

פריער זיינען סטרייקער געמשפט געוואָרן אין דעם רעגולערן וועג, ווי יעדער אָנגעקלאָגטער אין א קרימינעלער קאָנספיראציע. ווען די ארבעטער־

באַוועגונג איז געוואַקסן און איז געוואָרן מיליטאַנטישער, האָבן אַ ריי שטאַטן איינגעפירט נייע קרימינעלע געזעצן. די אַרבעטער זיינען באַגעגנט געוואָרן מיט אַזעלכע קלאַגעס ווי „העצן צו אומרוען", „שטערן די באַוועגונג אויף די גאַסן" און „סטראַשען אַנדערע אַרבעטער" („אינטימידיישאַן"). אין די אַלע פּראָצעסן האָבן די אַרבעטער געקענט פאָדערן אַ דזשורי־פּראָצעס און אַפּעלירן צו אַ העכערן געריכט.

שפּעטער, אין די אַכציקער יאָרן, אין דעם גרויסן אויפבּרויז, זיינען די קרימינעלע געזעצן געוואָרן שטייפער און ברייטער. ריכטער האָבן גענומען אָנווענדן די געזעצן געגן אַרבעטער וואָס האָבן געפאָדערט אַ יוניאָן־שאַפּ און געגן יוניאָנס וואָס האָבן גערופן די באַפעלקערונג ניט צו קויפן אין אַ סטרייק־פּלאַץ און דאָס גלייכן. אָבער קיין אינדזשאַנקשאָן אין דער איצטיקער פאָרמע איז דאָס נאָך אַלץ ניט געווען. ערשט סוף פון די אַכציקער יאָרן האָבן די געריכטן אָנגענומען דאָס רעכט אַרויסצוגעבן אַן אינדזשאַנקשאָן אויף זייער פּערזענלעכער איינזעעניש. דאָס ערשטע מאָל איז דער אינדזשאַנקשאָן אָנגעווענדט געוואָרן אין אַ סטרייק אין אייאָוואַ אין 1884. צוויי יאָר שפּעטער, אין דעם סטרייק אויף די דרום־מערב באַנען, איז דער אינדזשאַנקשאָן שוין אָנגעווענדט געוואָרן מיט אַ ברייטער האַנט. זינט יענער צייט איז עס געוואָרן איינער פון די גרעסטע אומגליקן פאַר די אָרגאַניזירטע אַרבעטער.

דער אינדזשאַנקשאָן — דאָס רעכט פון דעם ריכטער אַרויסצוגעבן אַ פאַרבאָט געגן אַ סטרייק, געגן פּיקעטן, באַנוצן יוניאָן־פאָנדן און דאָס גלייכן, לויט זיין אייגענעם ווילן — איז איבערגענומען געוואָרן פון ענגלאַנד. דאָרטן איז עס פּראַקטיצירט געוואָרן ביז וואַנען די אָרגאַניזירטע אַרבעטער האָבן דורכגעשטופּט אין פּאַרלאַמענט אַ געזעץ וואָס נעמט צו פון די ריכטער דאָס רעכט אַרויסצוגעבן אינדזשאַנקשאָנס געגן סטרייקס. אין די פאַראייניקטע שטאַטן, צוליב דער רעאַקציאָנערער פּאָליטיק פון דער א. פ. אָוו ל., האָבן די ריכטער נאָך אויך איצט די אומבאַשרענקטע מעגלעכקייט צו האַנדלען מיט די שענדלעכסטע אינדזשאַנקשאָנס געגן אַרבעטער וואָס שטייען אין סטרייק געגן זייערע באַלעבאַטים. נאָך מער, געזעצן וואָס דער קאָנגרעס האָט אָנגענומען געגן די טראַסטן, דעם שערמאַן אַנטי־טראַסט געזעץ אין 1900 און דעם קלעיטאָן אַנטי־טראַסט געזעץ אין 1914, זיינען גלייך אָנגעווענדט געוואָרן פון די ריכטער געגן יוניאָנס.

די א. פ. אָוו ל. פירער האָבן אויך געצאַמט דעם ווידערשטאַנד געגן אינדזשאַנקשאָנס. זיי דערלאָזן ניט אַז די אַרבעטער זאָלן ברעכן די אינדזשאַנקשאָנס דורך אַ מאַסן־פּיקעטינג. ערשט נאָך די מלחמה־יאָרן האָבן די לינקע

אָפּאָזיציעס אין די יוניאָנס און די לינקע יוניאָנס איינגעפירט, ווי אַ סיס־טעמאַטישער קאַמף־מיטל, אַ מאַסן־פּאַרלעצונג פון די בייזוויליקע אינ־דזשאַנקשאַנס.

קוילן־גרעבער יוניאָן געבוירן אין אַ סטרייק

אַ וויכטיקער סטרייק אין יענער צייט איז געווען דער קאַמף פון די שטאָל־אַרבעטער אין פּענסילווייניע, אָהייאָ און די מערב־שטאַטן, אין וועלכן 60,000 אַרבעטער האָבן אָנטיילגענומען. דער סטרייק איז געפירט געוואָרן פון דער „אַמאַלגאַמייטעד אַסאָסיאיישאָן אָוו אייראָן ענד סטיל וואָירקערס", וואָס איז דעמאָלט געווען אַ קעמפּנדיקע אָרגאַניזאַציע אין דער יונגער שטאָל־אינדוסטריע. דער סטרייק איז פאַרגעקומען אין 1887 און די סטרייקער האָבן געוואונען. די אַמאַלגאַמייטעד איז געווען אויף דעם העכסטן שטאַפּל פון איר מיליטאַנטישקייט און אָרגאַניזאַציע. אין צוויי יאָר שפּעטער האָט די אַמאַל־גאַמייטעד באַוויזן נאָך דורך אַ סטרייק־וואָרנונג צו צעברעכן דעם ווידער־שטאַנד פון דער מעכטיקער קאַרנעגיע שטאָל־קאָמפּאַניע, וואָס האָט געמוזט שליסן אַן אָפּמאַך מיט דער יוניאָן אויף דריי יאָר צייט.

סוף 1887 האָבן די „נייטס אָוו לייבאָר" אָנגעפירט מיט אַ סטרייק געגן די קוילן־גרובן פון דער פּענסילווייניע און רעדינג באַן־קאָמפּאַניע. אכציק טויזנט קוילן־גרעבער האָבן געוואָרפן די אַרבעט. די באַן־אַרבעטער וואָס האָבן באַלאַנגט צו די „נייטס" זיינען אויך אַרויס אין סטרייק, אָבער די בראָדערהודס פון די לאָקאָמאָטיוו־טרייבער, הייצער און קאָנדוקטאָרן האָבן פאַרנומען די פּלעצער פון די סטרייקנדיקע באַן־אַרבעטער. דער סטרייק איז פאַרלאָרן געוואָרן, אָבער אַ יוניאָן פון די קוילן־גרעבער איז באַשאַפן געוואָרן. די יוניאָן איז שפּעטער געוואָרן די גרעסטע און מיליטאַנטישסטע אָרגאַני־זאַציע, ביז וואַנען דזשאַן ל. לואיס האָט זי אונטערגעגראָבן מיט זיין פאַר־רעטערישער פּאָליטיק.

אָנהייב 1888, דעם 27סטן פעברואַר, האָבן די באַן־בראָדערהודס דער־קלערט אַ סטרייק געגן דער שיקאַגאָ, בוירלינגטאָן און קווינסי באַן־קאָמפּאַניע. די „נייטס"־פירער, אויפגעבראַכט פון דער סטרייק־ברעכעריי פון די בראָדער־הודס מיט צוויי מאָנאַטן צוריק אויף דער פּענסילווייניע און רעדינג, האָבן געשיקט זייערע מיטגלידער צו פאַרנעמען די פּלעצער פון די סטרייקער. דער רעזולטאַט איז געווען אומפאַרמיידלעך. געוואונען האָט די באַן־קאָמפּאַניע און פאַרלאָרן האָבן די סטרייקער. דאָס איז געווען די פרוכט פון דער שמאָל־

קעפיקער, ענג־הארציקער פאליטיק וואס די פירער פון ביידע ארגאניזאציעס האבן געטריבן אויפן חשבון פון די מיטגלידער. די ביטערקייט און פיינט־שאפט צווישן די „נייטס אוו לייבאר” און די פאך־יוניאנס האט זיך נאך שטארקער צעברענט.

דער נייער לאזונג פון א גענעראל־סטרייק פאר די אכט שטונדן

אין דער רעאקציע האבן די באלעבאטים פארלענגערט דעם ארבעט־טאג און פארערגערט די ארבעט־באדינגונגען. די פראגע פון דעם אכט־שטונדיקן ארבעט־טאג שווימט ווידער ארויף אויף דער טאג־ארדענונג פון די ארגאני־זירטע ארבעטער.

אונטער דעם איינפלוס פון די ארבעטער האט דער צוזאמענפאר פון דער א. פ. אוו ל. אין 1888 פראקלאמירט א גענעראל־סטרייק דעם ערשטן מאי 1890 פאר דער דורכפירונג פון דעם אכט־שטונדיקן ארבעט־טאג. ווי אזוי דער באשלוס איז אויפגענומען געווארן פון די ארבעטער, וועלן מיר לאזן דערציילן דער א. פ. אוו ל. אליין:

„אין 1888 האבן די פאראייניקטע כחות און דער איינפלוס פון די ארבעט־געבער און פון די ספעקולאנטן-קלאסן אריינגעטריבן די אומארגאניזירטע אר־בעטער אין געהארכזאמקייט אזוי אז אויף יעדער פארזאמלונג פון ארבעטער־ארגאניזאציעס האט מען געמוזט אויפנעמען די פראגע פון א לוין-שניט. די ארבעטגעבער, ניט אנפרעגנדיק זייערע ארבעטער, האבן זיך באנוגנט מיט אויפ־הענגען א צעטל: אזא און אזא לוין-שניט גייט אריין אין קראפט. אויב די ארבעטער האבן ניט געסטרייקט, איז עס אריין אין קראפט. באליידיקנדיקע רעגולאציעס זיינען ארויפגעצוואונגען געווארן אויף די ארבעטער. זיי האבן געמוזט אונטערשרייבן קאנטראקטן אז זיי גיבן אויף זייער רעכט צו ארגאני־זאציע. די ארבעטערשאפט איז געווען דערנידעריקט, טעראריזירט און גע־פייניקט. אבער דער גייסט פון דער ארבעטערשאפט איז ניט געבראכן געווארן.

„אין די פינצטערע טעג איז ארויסגעשיקט געווארן דער רוף איבער דער גאנצער וועלט, אז דעם ערשטן מאי 1890 וועט דער אכט-שטונדיקער ארבעט־טאג דורכגעפירט ווערן. אן ענדערונג איז באלד אויסגעבראכן. האפענונג האט ארומגעכאפט די הערצער און די מוחות פון די ארבעטער. צום שאלנדיקן רוף פאר די אכט שטונדן איז דאס ארבעטער-פאלק ווידער געשטאנען אויס־געגלייכט און פעסט. דער שטראם האט זיך געביטן. דער רוף איז געענטפערט געווארן מיט באגייסטערונג.” (אמעריקאן פעדערייישאן אוו לייבאר היסטארי, ערשטער באנד, זייט 10.)

עס האט געהייסן, אז דעם ערשטן מאי, 1890, וועלן אלע ארבעטער, ארגאניזירטע און אומארגאניזירטע, ווארפן די ארבעט און פאדערן דעם אכט־

שטונדיקן טאָג. די פריערדיקע דערפאַרונג האָט דעמאָנסטרירט די שוועריקייט צו געווינען אַזאַ פונדאַמענטאַלע פאָדערונג דורך אַרויסטרעטונגען פון איינצלנע פאַכן און יוניאָנס. דער גאַנצער אַרבעטער־קלאַס ווערט איצט גערופן צו איין איינהייטלעכער אַקציע צו געווינען די געווינשטע פאָדערונג.

אַרבעטער ווילן צו סטרייקן פאַר די אַכט שטונדן

די פאַרבאַרייטונגען האָבן זיך אָנגעהייבן מיט אַ גרויסן פאַרנעם. צום ערשטן מאָל האָט די א. פ. אָוו ל. באַנוצט באַצאָלטע אָרגאַנייזערס און זיי אַרויסגעשיקט אין די אינדוסטריעלע צענטרען. הונדערטער פאַרזאַמלונגען זיינען אָפּגעהאַלטן געוואָרן. צענדליקער טויזנטער פּראָקלאַמאַציעס און בראָשורן זיינען פאַרטיילט געוואָרן. די קאַמפּאַניע איז באַגעגנט געוואָרן אין אַלע שטעט מיט גרויסן ענטוזיאַזם. דער ערשטער קאָנגרעס פון צווייטן סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל אין פּאַריז, 1889, האָט אָנגענומען אַ רעזאָלוציע צו באַגריסן די אַמעריקאַנישע אַרבעטער מיט זייער באַשלוס און פאַרבאַרייטונג. אַלס אַ צייכן פון סימפּאַטיע און שטיצע האָט דער אינטערנאַציאָנאַל באַשלאָסן אויפצופאָדערן די אייראָפּייאישע אַרבעטער אויך צו דערקלערן אַ סטרייק דעם ערשטן מאַי פאַר דער פאָדערונג פון דעם אַכט־שטונדיקן אַרבעט־טאָג. (פון יענעם סאָציאַליסטישן קאָנגרעס שטאַמט דער ערשטער מאַי ווי דער אינטערנאַציאָנאַלער טאָג פון אַרבעטער־קלאַס.)

די אַרבעטער־מאַסן האָבן אומעטום אויפגענומען די אָרגאַנייזערס מיט אָפענע אָרעמס, נאָר די פירער פון די „נייטס אָוו לייבאָר", אין זייערע נקמה־געפילן געגן דער א. פ. אָוו ל., האָבן זיך אַנטזאָגט אָנטיילצונעמען אין דער באַוועגונג פאַר די אַכט שטונדן. דער אָרדן איז שוין דעמאָלט געווען דעמאָראַליזירט און שטאַרק צעקלאַפּט און האָט ניט געקענט באַאיינפלוסן די אַנטוויקלונג פון דער קאַמפּאַניע סיי־ווי־סיי.

דאָ האָט אָבער פּאַסירט אַזוינס, וואָס איז שפּעטער געוואָרן דער הויפּט־שטריך פון דער א. פ. אָוו ל. פירערשאַפט. גאָמפּערס און די איבעריקע יוניאָן־פּרעזידענטן אין דעם עקזעקוטיוו קאָונסיל האָבן זיך דערשראָקן פאַר דעם פאַרנעם וואָס זייער קאַמפּאַניע נעמט אָן. זיי האָבן דערזען, אַז זיי האָבן אָנגעצונדן אַ פונק וואָס קען און וועט אויסברעכן אין אַ גרויס פייער פאַר וועלכן זיי זיינען ניט צוגעגרייט און פאַר וועלכן זיי אַליין האָבן מורא. צי זיי האָבן זיך דערשראָקן פאַר אַ קאָלאָסאַלן גענעראַל־סטרייק וואָס זיי וועלן ווארשיינלעך ניט קענען קאָנטראָלירן, אָדער זיי האָבן אין האַרצן פון סאַמע

אַנהייב ניט געוואָלט קיין גענעראַל־סטרייק, ווי עס זאָל ניט זיין, די פירער האָבן גענומען דורכפירן אַ צוריקטרעט. זיי האָבן גענומען פאַרשפּרייטן באַריכטן, אַז די מאַסן זיינען ווייט ניט באַגייסטערט פאַר דעם געפּלאַנטן גענעראַל־סטרייק, אַז מען מוז זיין פאָרזיכטיק מיט אַזעלכע זאַכן, און נאָך אַזעלכע קלאַנגען.

## א. פ. אָוו ל. מאַכט אַ צוריקטרעט

אויף דעם צוזאַמענפאָר אין 1889 האָבן די פירער דורכגעשטופּט אַ רעזאָלוציע, וואָס גיט אויף דעם פּלאַן פון דעם גענעראַל־סטרייק. אַנשטאָט דעם זאָלן אויסגעקליבן ווערן איינציקע יוניאָנס, וואָס זאָלן זיין די ערשטע אריינצוטרעטן אין אַ קאַמף פאַר די אַכט שטונדן, און ווען זיי וועלן געווינען וועלן אַנדערע יוניאָנס נאָכטאָן דעם ביישפּיל. אַלס אַ שטיקל פאַרגיטיקונג פאַר דעם גרויסן צוריקטרעט האָט גאָמפּערס דורכגעפירט אַ פאָרשלאָג, אַז אַלע יוניאָנס זאָלן באַשטייערט ווערן מיט צוויי סענט פון יעדן מיטגליד צו העלפן די ערשטע קאַמפן פאַר די אַכט שטונדן.

דאָס האָט צעשאָסן און דעמאָראַליזירט די גאַנצע מעכטיקע באַוועגונג, וואָס האָט זיך אַזוי פּרעכטיק צעוואַקסן. די באַוועגונג פאַר די אַכט שטונדן איז באַטראַכט געוואָרן, און מיט רעכט, פון הערשנדיקן קלאַס ווי אַ פּאָליטישע באַוועגונג. די קאַפּיטאַליסטן זיינען געווען שטייף פאַראייניקט. איבערצולאָזן יעדע יוניאָן זי זאָל אַליין אויסקעמפן די אַכט שטונדן ווען די קאַפּיטאַליסטן האָבן אַ פאַראייניקטן פראָנט, איז געווען אַן אומזין. די דורכפירונג פון דעם שטייער, ווידער, האָט געפאָדערט אַן אַמענדמענט צו דער קאָנסטיטוציע פון דער א. פ. אָוו ל. איינציקע פאַך־יוניאָנס, ווי די דרוקער און קליידער־אַרבעטער, זיינען געווען געגן דער באַשטייערונג. אינערלעכע רייסערייען האָבן זיך אָנגעהייבן. די אַרבעטער־מאַסן, וואָס האָבן געלייגט אַזעלכע גרויסע האָפענונגען אויף דעם געפּלאַנטן גענעראַל־סטרייק, זיינען געוואָרן אַנטמוטיקט. באַזונדערס זיינען אַנטוישט געוואָרן די אומאָרגאַניזירטע אַרבעטער, וועלכע האָבן געזען אַז זיי פאַלן בכלל אַרויס פון דעם פּלאַן אַזוי ווי ער איז איצט אָנגענומען געוואָרן. דער ערשטער מאַי האָט זיך אָנגערוקט אין אַ געדריקטער שטימונג. עס איז קלאָר געוואָרן, אַז די א. פ. אָוו ל. פירער האָבן געבראָכן די באַוועגונג.

## דער סטרייק פון די סטאָליאַרעס און פון די קוילן־גרעבער

די סטאָליאַרעס זיינען אויסגעקליבן געוואָרן צו זיין די ערשטע אַרויסצוגיין אין סטרייק פאַר די אַכט שטונדן. די צווייטע האָבן געזאָלט זיין די

קוילן־גרעבער. די סטאַליאַרעס האָבן פאַרמאָגט אַ שטאַרקע, אויב ניט די שטאַרקסטע, יוניאָן אין יענער צייט. זייענדיק הויך־קוואַליפיצירטע אַרבעטער און אין אָנהייב פון זייער סעזאָן, איז דער סטרייק געווען דערפאָלגרייך. די יוניאָן האָט אָפיציעל געמאָלדן, אַז אין 137 שטעט איז געוואונען געוואָרן דער אַכט־שטונדיקער אַרבעט־טאָג און אין די איבעריקע שטעט זיינען איינגעפירט געוואָרן ניין שטונדן, וואָס איז אויך געווען אַ געווינס.

דעם סטרייק פון די קוילן־גרעבער האָט די פירערשאַפט פון דער א. פ. אָוו ל. אָפּגעלייגט אויף אַ יאָר. דעם ערשטן מאַי 1891 האָט דער סטרייק באַ־דאַרפט זיך אָנהייבן. די מיינערס יוניאָן איז אָבער געווען זייער אָפּגעשוואַכט. נאָר אַ צענטל פון אַלע קוילן־גרעבער זיינען געווען אָרגאַניזירט. מיט אַ קורצער צייט פריער האָט די יוניאָן פאַרלאָרן אַ שווערן סטרייק. דער אַרויס־טרעט איז דעריבער ניט געווען דערפאָלגרייך פון אָנהייב אָן. די יוניאָן האָט געציילט אַרום 20,000 מיטגלידער, אָבער געענטפערט דעם רוף האָבן 120,000 אַרבעטער. דאָס איז געווען אַ באַווייז אויף דער גרייטקייט פון די אַרבעטער צו קעמפן פאַר די אַכט שטונדן. די א .פ. אָוו ל. פירער האָבן געוואוסט דעם שוואַכן צושטאַנד פון דער מיינערס יוניאָן. די 120,000 קוילן־גרעבער האָבן ניט געקענט אָפּשטעלן די אינדוסטריע. אָן מיטלען און אָן שטיצע האָבן די קוילן־גרעבער זיך ניט געקענט האַלטן לאַנג געגן די פאַראייניקטע קוילן־קאָמפּאַניעס. דער סטרייק איז פאַרלאָרן געגאַנגען און גאָמפּערס האָט אויסגענוצט דעם דורכפאַל אָפּצושטעלן אינגאַנצן די ווייטערדיקע סטרייקס. ווען די בעקער האָבן געבעטן שטיצע ביי דעם צוזאַמענפאָר פון דער א. פ. אָוו ל. אין 1891 פאַר זייער גענעראַל־סטרייק, האָט דער צוזאַמענפאָר זיי אָפּגעשיקט צום עקזעקוטיוו קאָונסיל און דאָרטן איז עס געטויטעט געוואָרן. אַ יאָר שפּעטער האָט דער צוזאַמענפאָר באַשלאָסן פאַרצוזעצן די אַגיטאַציע פאַר די אַכט שטונדן. דאָס האָט געמיינט אָפיציעל אויפצוגעבן די פאַר־בארייטונגען פאַר די סטרייקס. די א. פ. אָוו ל. האָט פאַרענדיקט איר צוריק־טרעט.

## דער ערשטער צוזאַמענשטויס צווישן גאָמפּערסן און די סאָציאַליסטן

דער ערשטער אָפענער , היציקער צוזאַמענשטויס צווישן גאָמפּערסן און דער סאָשעליסט לייבאָר פּאַרטיי איז אויסגעבראָכן אויף דעם צוזאַמענפאָר אין דעטראָיט, אין 1890. ניט געקוקט אויף דעם לאַנגזאַמען וואוקס, איז די א. פ. אָוו ל. נאָך אַלץ געווען אַ קליינע, לויזע פאַראייניקונג פון אַרום 40

נאַציאָנאַלע פאַך־יוניאָנס, ווייל ניט אַלע אָנגעשלאָסענע נאַציאָנאַלע יוניאָנס און ווייט ניט אַלע שטאָטישע צענטראַלע קערפּערשאַפטן האָבן באַצאָלט די שטייערן צו דער פעדעראַציע. די מערסטע נאַציאָנאַלע יוניאָנס האָבן ניט געהאַט קיין גרויסע מיטגלידערשאַפט. די עטלעכע באַדייטנדיקע יוניאָנס אין דער א. פ. אָוו ל. זיינען געווען: די יונייטעד בראָדערהוד אָוו קאַרפּענטערס ענד דזשאָינערס, מיט 57,000 מיטגלידער; די אַמאַלגאַמייטעד שטאָל־ און אייזן־אַרבעטער, מיט 24,000 מיטגלידער; די אייזן־גיסער, מיט 23,000 מיטגלידער; די ציגאַר־מאַכער, מיט 27,000 מיטגלידער און די שריפטזעצער־יוניאָן מיט 28,000 מיטגלידער.

די אויבן־אויסגערעכנטע יוניאָנס זיינען אַרויסגעקומען פאַרשטאַרקט פון די גרויסע קאַמפן אין מיטן פון די אַכציקער יאָרן. אַ טייל פון זיי, ווי די קאַר־פּענטערס, די שריפטזעצער און שטאָל־אַרבעטער האָבן אַרויסגעריסן אָנער־קענונג פון די באַלעבאַטים אין איינציקע שטעט און האָבן געהאַט קאָלעקטיווע אָפּמאַכן.

דער קאַמף צווישן דער פירערשאַפט פון דער א. פ. אָוו ל. און דער ס. ל. פּ. איז געווען דער אומפאַרמיידלעכער רעזולטאַט פון דעם טיפּן אַנטאַ־גאָניזם וואָס איז געלעגן צווישן די פּאָליטישע אָנשויאונגען פון די צוויי עלעמענטן. אָרגאַניזאַציאָנעל האָט זיך דער קאַמף אויסגעדריקט איבער דער פראַגע צי די סאָשעליסט לייבאָר פּאַרטיי מעג זיין אָנגעשלאָסן אין די שטאָטישע צענטראַלע קערפּערשאַפטן פון די יוניאָנס. אין אַ סך שטעט, שיקאַגאָ און ניו יאָרק אַריינגערעכנט, האָבן די אָרגאַניזאַציעס פון דער ס. ל. פּ. פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ אין די צענטראַלע קערפּערשאַפטן פון די אָרטיקע יוניאָנס. זיי זיינען צוגעלאָזט געווען ווי טיילן פון דער אַרבעטער־באַוועגונג.

גאָמפּערס, שטראַסער, מעקווייער און די איבעריקע א. פ. אָוו ל. פירער זיינען שוין דעמאָלט געווען שטיפע געגנער פון יעדער זעלבסטשטענדיקער אַרבעטער פּאָליטישער אַקציע. גאָמפּערס האָט אָבער נאָך ניט גענומען אַרויס־ווייזן זיין געגנערשאַפט צום סאָציאַליזם, ווי דער אויסוועג פון דער קאַפּיטאַ־ליסטישער אָרדענונג.

גאָמפּערס האָט צוגענומען דעם טשאַרטער פון דער ניו יאָרקער סענטראַל פעדערייטעד לייבאָר יוניאָן, ווייל דער ענגלישער ברענטש פון דער ס. ל. פּ. איז דאָרטן אָנגעשלאָסן און די ס. ל. פּ. איז ניט קיין „באָנאַפּייד" (ריכטיקע, אָנערקענטע) אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע. די סאָציאַליסטן האָבן פּראָטעסטירט און די סענטראַל פעדערייטעד האָט געשיקט לוסיען סעניעל, אַ פירער פון

דער ס. ל. פ., אלס דעלעגאט אין דעטראָיט צו פּראָטעסטירן געגן גאָמפּערסעס האַנדלונג.

## קריזיס און ברוטאַליטעט געגן סטרייקער שאַפט שטימונג פאַר פּאָליטישן קאַמף

די בעקער־ארבעטער יוניאָן, מעבל־ארבעטער, ביר־ברויעריי ארבעטער און די בוט און שו (שיך) ארבעטער האָבן געשטיצט די סאָציאַליסטן. דאָס זיינען געווען גרעסטנטייל יוניאָנס מיט א סך דייטשע ארבעטער, וועלכע זיינען געשטאַנען אונטער דעם סאָציאַליסטישן איינפלוס. די סאָציאַליסטישע דעלעגאַטן זיינען געפירט געוואָרן פון א מאַשיניסט, טאָמאַס דזש. מאָרגאַן, א דעלעגאַט פון דער סענטראַל לייבאָר יוניאָן פון שיקאַגאָ. נאָך א היציקער דעבאַטע האָבן די סאָציאַליסטן פאַרלאָרן. גאָמפּערס, מעקווייר און פרענק ק. פאָסטער האָבן אָנגעשראָקן די מערהייט דעלעגאַטן, אַז אויב די טיר פון דער א. פ. אָוו ל. וועט געעפנט ווערן פאַר דער סאָשעליסט לייבאָר פּאַרטיי, וועלן אויך זיך אריינכאַפּן די קאַפּיטאַליסטישע פּאַרטייען און די יוניאָנס וועלן צעריסן ווערן פון פּאָליטישע קאַמפן.

אויף דעם צוזאַמענפאָר אין דעטראָיט, האָט גאָמפּערס נאָך אויסגעדריקט זיין סימפּאַטיע מיט די אידייען פון סאָציאַליזם. צוויי יאָר שפּעטער האָט דער זעלבער גאָמפּערס שוין אָפן געשטורעמט געגן די אידייען פון סאָציאַליזם.

די סאָציאַליסטן זיינען ניט געווען אַנטמוטיקט. דער קאַמף צו פאַרבליבן אין ברייטע ארבעטער־אָרגאַניזאַציעס איז פון זיי געטריבן געוואָרן מיט א סך אימפּעט. דער קריזיס וואָס איז אויסגעבראָכן אין 1893, האָט ווידער שטאַרק א שטויס געטאָן די באַוועגונג צווישן די ארבעטער אויפצוטרעטן אויף דער פּאָליטישער אַרענע ווי א זעלבסטשטענדיקער קלאַס. דאָס לאַנד איז „פּלוצלונג" ארונטערגעוואָרפן געוואָרן פון באַרג־שפּיץ פון פּראָספּעריטעט צום אָפּגרונט פון ארבעטלאָזיקייט און נויט. ווידער זיינען הונדערטער טויזנטער ארבעטער פאַרבליבן אָן מיטלען צום לעבן. די אילוזיעס וועגן א גוט־איינגעאָרדענטן, אייביק נאָרמאַל־פונקציאָנירנדיקן קאַפּיטאַליזם האָבן געקראָגן א שווערן קלאַפּ. די מאַסן זיינען געווען אויפגערודערט און האָבן געזוכט נייע וועגן פון קאַמף געגן די קאַפּיטאַליסטן.

די אויפרעגונג פון די ארבעטער איז פאַרשטאַרקט געוואָרן פון דער ברוטאַלער אריינמישונג מיט וועלכער די פעדעראַלע און שטאַט־רעגירונגען האָבן אונטערדריקט דעם מעטאַל־גרעבער סטרייק אין איידאַהאָ אין 1892,

דעם טענעסי קוילן־סטרייק און דעם האָומסטעד שטאָל־סטרייק. די אַרבעטער האָבן געזען ווי די מלוכה וואַרפט אַריין אירע באַוואָפנטע כחות צו העלפן די באַלעבאַטים באַזיגן די סטרייקער, וואָס קעמפן פאַר אַ גרעסערן שטיקל ברויט.

אין זעלבן יאָר — 1892 — איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין אָמאַהאַ, נעבראַסקאַ, די פּיפּלס פּאַרטי (די פּאָלקס־פּאַרטיי) פון אַ געמישטן עלעמענט, אַרבעטער, פאַרמער און קליינבירגער, אומצופרידן מיט דער דריקנדיקער הערשאַפט פון גרויס־קאַפּיטאַל. די פּיפּלס פּאַרטיי האָט געוואָרפן די לאָזונג פון קאַמף קעגן די קאַפּיטאַליסטישע מאָנאָפּאָליעס און גרויסע רייכטימער. געפירט פון פאַרמעגלעכע פאַרמער, האָט די פּיפּלס פּאַרטיי אַרויסגעשטעלט אַ ריי פאָדערונגען, וואָס האָבן געצילט צו באַשיצן דעם „קליינעם מענטשן״. איינע פון די פאָדערונגען איז געווען די נאַציאָנאַליזאַציע פון די באַנען און טעלעגראַפן.

## די סאָציאַליסטישע רעזאָלוציע אין 1893 און 1894

די אַלע פאַקטאָרן האָבן געשאַפן אַ מערכטיקע שטימונג צווישן די אַר־בעטער פאַר אַ פאַראייניקונג פון אַלע זייערע כחות אויפן עקאָנאָמישן און פּאָליטישן געביט. דער געדאַנק צו באַטרעטן דעם פּאָליטישן (פּאַרלאַמענ־טאַרישן) וועג פאַר דעם קאַמף קעגן דעם הערשנדיקן קלאַס איז געוואַקסן. די סאָציאַליסטן האָבן אויסגענוצט די שטייגנדיקע שטימונג און אַריינגע־בראַכט אויף דעם צוזאַמענפאָר אין שיקאַגאָ אַ ברייטע רעזאָלוציע, וואָס האָט אויסגעלייגט אַ נייע ליניע פון דער א. פ. אָוו ל. די רעזאָלוציע האָט פאַרמאָגט עלף פונקטן. דער וויכטיקסטער איז געווען דער פונקט צען, וואָס האָט גע־פאָדערט קאָלעקטיוון אייגנטום אויף אַלע מיטלען פון פּראָדוקציע און פאַר־טיילונג. אין שפּיץ פון די סאָציאַליסטישן דעלעגאַטן איז ווידער געשטאַנען מאָרגאַן, דאָס מאָל דער סעקרעטאַר פון דער מאַשיניסטן־יוניאָן.

נאָך אַ לאַנגער דיסקוסיע, איז מיט אַ מערהייט פון 2,244 שטימען קעגן 67 באַשלאָסן געוואָרן אַרויסצושיקן די רעזאָלוציע צו אַ רעפערענדום־אָפּשטימונג פון די אָנגעשלאָסענע יוניאָנס. זיי קענען געבן אינסטרוקציעס צו זייערע דעלעגאַטן צום קומענדיקן צוזאַמענפאָר אין 1894. די אָפּשטימונג שפּיגלט אָפּ די ראַדיקאַלע שטימונג צווישן די אָרגאַניזירטע אַרבעטער.

אין 1894 איז אויסגעבראָכן דער פּולמאַן באַן־סטרייק, געפירט פון

דעבס *) און די שענדלעכע ראָל וואָס גאָמפּערס און די פירער פון די פּאַך־יוניאָנס האָבן גענומען אין דעם סטרייק. ארבעטער־אומצופרידנקייט האָט געגליט. גאָמפּערס האָט אָבער שוין ארונטערגעוואָרפן אינגאַנצן זיין מאַסקע און איז אַרויסגעקומען אָפן ווי דער פרײַדיקער פון „פּיור ענד סימפּל" טרייד־יוניאָניזם. אין אַנדערע ווערטער, פאַך־יוניאָניזם איינגעשפּאַנט אין פּאָליטישן וואָגן פון קאַפּיטאַליזם. גאָמפּערס האָט געזאַמלט זיינע כחות פאַר אַן אַנט־שיידענעם קאַמף מיט די סאָציאַליסטן.

די סאָציאַליסטן און זייערע געגנער זיינען געקומען צום צוזאַמענפאָר אין דענווער, אין 1894, גרייט צו אַ שאַרפן קאַמף. די סאָציאַליסטישע רעזאָלוציע איז געווען דער הויפּט־פּונקט אויף דער טאָג־אָרדענונג. פינף טעג האָט זיך געצויגן די שטורמישע דיסקוסיע. די ערשטע ניין פּונקטן פון דער רעזאָלוציע זיינען אָנגענומען געוואָרן אין אַ ביסל אַ געענדערטער פאָרמע. ווען עס איז דערגאַנגען צו פּונקט צען האָבן די געגנער פאַרשאָטן דעם פּונקט מיט לעכערלעכע ענדערונגען. דאָס האָט באַשאַפן אַ פּאַרלאַמענטאַרישן פּלאָנ־טער ביי דער אָפּשטימונג. גאָמפּערס האָט אַזוי כיטרע דורכגעפירט די אָפּ־שטימונג פאַר די פאַרשיידענע אַמענדמענטס און סאָבסטיטוטס, אַז פיל דעלעגאַטן האָבן ניט געוואוסט פאַר וואָס זיי שטימען. דער פּונקט איז דורכ־געפאַלן. שפּעטער איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז פיל דעלעגאַטן מיט קלאָרע אָנווייזונגען פון זייערע יוניאָנס צו שטימען פאַר, האָבן געשטימט געגן. דער צוזאַמענפאָר האָט נאָכדעם אַרונטערגעשטימט די גאַנצע רעזאָלוציע. דער גאָמפּערסיזם האָט געזיגט.

די סאָציאַליסטן האָבן דערפאַר געהאָלפן דורכצוּוואַרפן גאָמפּערסן פאַר פּרעזידענט פון דער א. פ. אָוו ל. דזשאָן מעקברייד, פון דער קוילן־גרעבער יוניאָן, איז אויסגעקליבן געוואָרן פּרעזידענט מיט 1,170 שטימען געגן 976. 1894 איז געווען דאָס איינציקע יאָר ווען גאָמפּערס איז דורכגעפאַלן אין די וואַלן פאַר דעם העכסטן אַמט אין דער א. פ. אָוו ל.

דער דורכפאַל האָט געשטאַרקט די הענט פון דעניעל דע־ליאָן, פּאָכט און סעניעל, פירער פון דער סאָשעליסט לייבאָר פּאַרטיי, דורכצופירן אַ שפּאַל־טונג אין דער טרייד־יוניאָן באַוועגונג. די ס. ל. פּ. האָט אָרגאַניזירט די „סאָשעליסט טרייד ענד לייבאָר אַליִיענס" און דערמיט געהאָלפן גאָמפּערסן צו איזאָלירן די סאָציאַליסטן פון די אָרגאַניזירטע ארבעטער. די „סאָשעליסט

*) דער פּולמאַן־סטרייק און די ראָל פון גאָמפּערסן איז באַשריבן אין דעם קומענדיקן קאַפּיטל: אַרבעטער־ווידערשטאַנד אין סוף פון 19טן יאָרהונדערט.

אַליִיענס" איז געווען אַ שלעכטער צוג, ניט געקוקט אויף די גוטע אויסזיכטן וואָס דעליאָן האָט געהאַט. די שפּאַלטונג האָט איבערגעלאָזט דעם גאָמפּערסיזם אין אַ מאָנאָפּאָליע איבער די אָרגאַניזירטע אַרבעטער.*)

אין 1895, אויפן צוזאַמענפאָר אין נוארק, איז אָנגענומען געוואָרן אַ דעקלאַראַציע, אַז „פּאָליטישע פּאַרטייען האָבן ניט קיין פּלאַץ אויף די צוזאַמענפאָרן פון דער אַמעריקאַן פעדערײשאָן אָוו לייבאָר". דאָס האָט פאַרהאַקט די טיר פאַר דער סאָשעליסט לייבאָר פּאַרטיי, אָבער ניט פאַר די קאַפּיטאַליסטישע פּאַרטייען, וועלכע האָבן געוועלטיקט איבער די אַרבעטער דורך די אָפּיציעלע אַרבעטער-פירער.

---

*) וועגן דער „סאָשעליסט טרייד ענד לייבאָר אַליִיענס", ברייטער אין קאַפּיטל: די סאָציאַליסטישע באַוועגונג.

### ניינצנטער קאַפּיטל

# אַרבעטער־ווידערשטאַנד אין סוף פון ניינצנטן יאָרהונדערט

אינדוסטריע הייבט אָן פּראָצעס פון צונויפשמעלצונג און קאָנ־צענטראַציע. — האָמסטעד שטאָל־סטרייק, ערשטער קאַמף מיט אַ קאַפּיטאַליסטישן גיגאַנט. — אַרבעטער באַזיגן די באַוואָפנטע דע־טעקטיוום און פירן זיי אַרויס פון שטאָט. — די לערע פון סטרייק. —אַרבעטער ענטפערן מיט סטרייקס אין די קריזיס־יאָרן 1893-1896. —דער סטרייק פון די קוילן־גרעבער. — דעבס אָרגאַניזירט אינ־דוסטריעלע יוניאָן פון באַן־אַרבעטער, די „אַמעריקאַן רעילוויים יוניאָן". — דער פּולמאַן־סטרייק און דער באַן סימפּאַטיע־סטרייק. —די רעוואָלוציאָנערע מעטאָדן פון סטרייק.—פּרעזידענט קליוולאַנד שיקט סאָלדאַטן צו אונטערדריקן סטרייק. — דער טעראָר. — די שטימונג פאַר פּאָליטישער אַקציע און גאָמפּערסעס מאַנעוורעס.— דער רעזולטאַט פון די לאָקאַלע וואַל־קאַמפּאַניעס. — דער ערשטער קאָלעקטיווער אָפּמאַך מיט אַרבעטגעבער אויף נאַציאָנאַלן מאַסשטאַב.

מען קען ניט קריגן קיין ריכטיקן בליק פון די פאַרשיידענע פאַזן וואָס דער אַרבעטער־קלאַס און זיין באַוועגונג האָבן דורכגעמאַכט אָן אַ באַקאַנט־שאַפט מיט דער אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם און זיין אינדוסטריע. דער אַרבעטער־קלאַס איז אַ פּראָדוקט פון דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט און יעדע ענדערונג וואָס די ווירטשאַפט מאַכט דורך, שטעמפּלט זיך אָפּ אויף אים און אויף זיינע באַמיאונגען אָפּצושוואַכן דעם קאַפּיטאַליסטישן דרוק.

דער אַרבעטער־קלאַס איז ניט קיין פּאַסיווער פּראָדוקט פון קאַפּיטאַליזם. ניט בלויז ווערט ער באַאיינפלוסט פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע, נאָר ער ענדערט זי און וועט זי אינגאַנצן אומוואַרפן.

אין די אַכציקער יאָרן איז געלייגט געוואָרן די באַזע פאַר די גרונט אָדער שווערע אינדוסטריעס, ווי שטאָל און אייזן, טראַנספּאָרט, מאַשינען־בוי און דאָס גליכן. אין די ניינציקער יאָרן האָט זיך אָנגעהייבן אַ קאָנצענטראַציע פון די אינדוסטריעס אין מעכטיקע קאָרפּאָראַציעס. שפּעטער זיינען די קאָר־פּאָראַציעס קאָנצענטרירט געוואָרן אין טראָסטן און סופּער־טראָסטן. פינאַנץ־

קאפיטאל האט אריינגעשטעקט זיין פוס אין אינדוסטריע און גענומען איר רעארגאניזירן אויף זיין שטייגער. די ראשיקע אויסשפרייטונג פון דעם אמעריקאנישן קאפיטאליזם האט געפאדערט נייע גרויסע אינוועסטירונגען פון קאפיטאל, און קאפיטאל האבן די אינדוסטריאליסטן געקענט קריגן נאר פון די באנקען. די באנקען האבן איינגעזען, אז צונויפזאמלען די אינדוסטריעס, צונויפשמעלצן די פארשיידענע קאמפאניעס אין גרויסע קארפאראציעס מיינט מער טיכטיקייט און שפארזאמקייט אין די פראדוציר־קאסטן, מיינט א מאנאפאליע אויף דעם מארק צו קענען ארויפשרויפן פרייזן און צום לעצטן מיינט עס די מעגלעכקייט פון פארשטארקטער עקספלואטאציע פון די ארבעטער. אזוי זיינען געוואקסן די גרויסע שטאל־קאמפאניעס וואס האבן זיך נאכדעם לויט דעם ווילן פון דזש. פ. מארגאן צונויפגעגאסן אין דער „יונייטעד סטייטס סטיל קארפאריישאן", באוואוסט אונטער דעם נאמען שטאל־טראסט. אזוי זיינען שפעטער די איל־קאמפאניעס צונויפגעשמאלצן געווארן אין דעם איל־טראסט, אלומינום — אין אלומינום־טראסט א. אז. וו.

קלענערע קאפיטאליסטישע אונטערנעמונגען זיינען איינגעשלונגען געווארן פון די גרעסערע אונטערנעמונגען און די גרעסערע האבן זיך נאכדעם פאראייניקט אין גאר גרויסע מאנאפאליעס, וואס האבן קאנטראלירט דעם גרעסטן טייל פון דער פראדוקציע און דיקטירט די פרייזן אויף דעם מארק.

אין 1850, ווען דער מאדערנער קאפיטאליזם איז נאך געלעגן אין זיינע וויקעלעך, זיינען אין לאנד געווען 13,514 פירמעס אין די וויכטיקסטע אינדוסטריעס.

א האלבן יארהונדערט שפעטער, ווען דער מאדערנער קאפיטאליזם איז געווען אין זיין בליאונג און די פראדוקציע איז אויסגעוואקסן אומגעהויער, האט די צאל פירמעס געהאלטן ביי 11,193. די ווירטשאפט האט זיך גוואלדיק פארגרעסערט, פירמעס זיינען געווארן קלענער אין צאל אבער קאלאסאלע אין פארנעם און אין מאסשטאב.

### אמעריקע פארנעמט אויבן אן אין קאפיטאליסטישער ווירטשאפט

אויפן שוועל פון דעם 20סטן יארהונדערט האט די פאראייניקטע שטאטן זיך ארויסגערוקט אויף דעם ערשטן פלאץ אין דעם נאציאנאלן רייכטום, נאציאנאלן איינקונפט און אין די וויכטיקסטע צווייגן פון אינדוסטריע. די אונטן־געבראכטע ציפערן זיינען פאר 1894.

| לענדער | נאַציאָנאַלער איינקונפט<br>אין טויזנטער ענגלישע פונטן | פער קאָפּ איינוואוינער | נאַציאָנאַלער רייכטום<br>אין טויזנטער ענגלישע פונטן | פער קאָפּ איינוואוינער |
|---|---|---|---|---|
| פאַראייניקטע שטאַטן | 16,350 | 243 | 3,116 | 44** |
| ענגלאַנד — — — | 11,806 | 302* | 1,423 | 36 |
| פראַנקרייך — — — | 9,690 | 252 | 1,199 | 25 |
| דייטשלאַנד — — | 8,052 | 165 | 1,284 | 12 |
| רוסלאַנד — — — | 6,925 | 62 | 1,004 | — |

גאַנצע 75 פּראָצענט פון איינקונפט האָט זיך געפונען אין די שטעט.

באַטרעף פון דער אינדוסטריע וואָס באַארבעט פאַרטיקע און
האַלב-פאַרטיקע פּראָדוקטן (מאַנופעקטשורינג) אין 1894
(אין מיליאָנען ענגלישע פונטן)

| | |
|---|---|
| ענגלאַנד — — — — — — — — | 876 |
| דייטשלאַנד — — — — — — — — | 690 |
| פראַנקרייך — — — — — — — | 596 |
| פאַראייניקטע שטאַטן — — — — — — | 1,952 |

אין 1894 האָט ענגלאַנד נאָך פאַרנומען דעם אויבן־אָן אין דער קוילן־פּראָדוקציע און אין דער שטאָל־ און אייזן־אינדוסטריע. אין איניקע יאָר שפּעטער האָט אַמעריקע איר איבערגעיאָגט. אין לעצטן יאָר פון דעם 19טן יאָרהונדערט — 1900 — איז אַמעריקע געווען דאָס ערשטע לאַנד אין דער פּראָדוקציע פון קוילן, שטאָל און אייזן, אין דער לענג פון דער נעץ באַן־ליניעס און אין דער צאָל פון דעפּאזיטס (אַריינלייגונגען) אין די באַנקען.

די לעצטע יאָרן פון נײַנצנטן יאָרהונדערט האָבן אויך בייגעוואוינט דעם אָנהייב פון דער אימפּעריאַליסטישער פּאָליטיק וואָס די פאַראייניקטע שטאַטן האָט גענומען אַקטיוו פירן.

---

*) אין די שפּעטערדיקע יאָרן איז דער איינקופט פער קאָפּ פון דער באַ-פעלקערונג געוואָרן גרעסער אין אַמעריקע ווי אין ענגלאַנד.

**) די פער קאָפּ אויסרעכענונגען מיינען ניט, אַז יעדער איינוואוינער, גרויס און קליין, אין די פאַראייניקטע שטאַטן האָט טאַקע פאַרדינט 44 ענגלישע פונט שטערלינג (אַרום 220 דאָלאַר). די גרויסע מערהייט פאַמיליעס האָבן ניט געהאַט אַזאַ איינקונפט פער מיטגליד. דער ציפער איז נאָר אַ דורכשניטלעכער, דאָס הייסט ווען מען צעטיילט גלייך דעם גאַנצן יערלעכן איינקונפט פון לאַנד, אַריינרעכענענדיק דעם איינקונפט פון די קאַפּיטאַליסטן, באַקומט זיך דער ציפער 44.

די ערשטע שריט זיינען אונטערגענומען געוואָרן נאָך אין די אַכציקער יאָרן, ווען קאָנגרעס האָט אַסיגנירט גרויסע סומען געלט צו בויען אַ מאָדערנעם פלאָט. ביז 1883 איז דער אַמעריקאַנישער פלאָט פאַרבליבן אַ הילצערנער. אין יענעם יאָר, אונטער פּרעזידענט אַרטור, איז מען צוגעטראָטן צו בויען די ערשטע פיר שטאָלענע קרייץ־שיפן. שפּעטער, אונטער פּרעזידענט קליוולאַנד און העריסאָן, איז דער פלאָט אינגאַנצן באַנייט געוואָרן. גענוג צו זאָגן, אַז אין 1883 האָט אַמעריקע פאַרנומען דעם 20סטן פּלאַץ צווישן די פלאָטן פון דער וועלט, צען יאָר שפּעטער — 1893 — פאַרנעמט זי שוין דעם פינפטן פּלאַץ צווישן די קריג־פלאָטן פון דער וועלט.

דער אַמעריקאַנישער קאַפּיטאַל האָט גענומען זוכן פּלעצער פאַר זיין אויסשפּרייטונג. דער נאַטירלעכער וועג איז געלעגן אין די דרום־ און צענטראַל־לענדער פון דעם אַמעריקאַנער וועלט־טייל און ביי די ברעגן פון שטילן אָקעאַן. וואַשינגטאָן האָט דעריבער אָנגעהויבן אַן אַגרעסיווע פּאָליטיק אין יענע לענדער צו עפענען דעם וועג פאַר דער אַריינדרינגונג פון אַמעריקאַנישן קאַפּיטאַליזם. דער קריג געגן שפּאַניע — 1898 — מיטן כלומרשטן צוועק צו באַפרייען קובאַ און די פיליפּינען פון שפּאַנישן יאָך, איז געווען איינער פון די שאַרפסטע אָנזאָגן אַז דער הערשנדיקער קלאַס פון די פאַראייניקטע שטאַטן איז אַרויף אויף דער אַרענע פון אימפּעריאַליסטישער פּאָליטיק.

גלייכצייטיק מיט דער אָפענער אַגרעסיוו־פאַרכאַפּערישער פּאָליטיק איז אָנגעגאַנגען אַ צווייטע צו פאַראייניקן אַלע אַמעריקאַנישע לענדער אין אַ בונד וואָס זאָל זיך געפינען אונטער דער פירערשאַפט און איינפלוס פון די פאַראייניקטע שטאַטן. דער בונד איז געצילט געווען אַרויסצוטרייבן די קאָנקורירנדיקע אייראָפּייאישע קאַפּיטאַליסטן, הויפּטזאַכלעך די ענגלישע און די דייטשע, פון די אַמעריקאַנישע מערק.

אין 1889 איז לויט דער איניציאַטיווע פון שטאַט־סעקרעטאַר (מיניסטער פאַר אויסערלעכע אָנגעלעגנהייטן) בלעין, פאַררופן געוואָרן דער ערשטער פּאַן־אַמעריקאַנישער קאָנגרעס אין וואַשינגטאָן. בלעין האָט געזוכט צו קריגן אַ טאַריף־אָפּמאַך מיט די אַמעריקאַנישע רעפּובליקן געגן די איבעריקע לענדער. די פאָרשטייער פון די דרום־ און צענטראַל־אַמעריקאַנישע רעפּובליקן האָבן דורכגעוואָרפן בלעינס פאָרשלאַג. דער גראַנדיעזער פּלאַן פון דעם יענקי־אימפּעריאַליזם צו פאַרשפּאַרן די טירן פון די אַמעריקאַנישע לענדער פאַר די קאַפּיטאַליסטן פון אייראָפּע און יאַפּאַן האָט זיך ניט איינגעגעבן. דער פּאַן-אַמעריקאַנישער בונד (יוניאָן) איז פאַרבליבן אויפן פּאַפּיר. דער

קאַמף פאַר מערק אויף דעם אַמעריקאַנישן קאָנטינענט איז שטאַרק פאַרשאַרפט געוואָרן, באַזונדערס צווישן אַמעריקע און ענגלאַנד.

## קאַרנעגיע גרייט זיך צו אַ בלוטיקן קאַמף מיט אַרבעטער

אין לאַנד גופא זיינען גוואַלדיקע קאַפּיטאַלן אַריינגעלייגט געוואָרן אין די גרויסע אינדוסטריעס. די אַריינגעלייגטע קאַפּיטאַלן האָבן געהאַט גרויסע פּראָפיטן, וואָס זיינען ווידער אַריינגעלייגט געוואָרן אין פאַרגרעסערן די פּראָדוקציע און אין נייער אויסשטאַטונג. דער אַרבעטער־קלאַס איז געשטעלט געוואָרן פאַר אַ נייעם סאָרט קאַפּיטאַליסט, אַ מאַגנאַט פון אינדוסטריע, אַ מעכטיקע קאָרפּאָראַציע מיט גרויסע פאַרבינדונגען אין וואָל־סטריט, וואָס פאַרמאָגט ניט איין פאַבריק און ניט צוויי, נאָר אַ ריי פאַבריקן מיט פיל טויזנטער אַרבעטער.*)

דעם ערשטן צוזאַמענשטויס מיט אַזאַ קאַפּיטאַליסטישן ריז האָבן די אַרבעטער געהאַט אין 1892 אין דעם באַרימטן האָמסטעד שטאָל־סטרייק, אַ סטרייק וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גרויסער באַוואָפנטער שלאַכט.

אין פריקן קאַפּיטל האָבן מיר דערציילט, אַז די „אַמאַלגאַמייטעד אַסאָסיאיישאָן אָוו אײראָן ענד סטיל וואָירקערס" האָט דורך אַ סטרייק־וואָרנונג געצוואונגען די קאַרנעגיע־שטאָל־קאָמפּאַניע אונטערצושרייבן אַן אָפּמאַך אויף דריי יאָר. אין 1892 איז דער אָפּמאַך אויסגעגאַנגען און קאַרנעגיע האָט נאָך פריער געמאַכט אַלע זיינע פּאָרבאַרייטונגען פאַר אַ כחות־פאַרמעסטונג מיט דער יוניאָן פון די שטאָל־ און אייזן־אַרבעטער. איינער פון די מיטלען איז געווען אָנצושטעלן באַצייטנס די באַוואוסטע פינקערטאָן דעטעקטיוו־אַגענטור, וואָס האָט זיך דעמאָלט ספּעציאַליזירט אין ברעכן סטרייקס און יוניאָנס. די פינקערטאָן־אַגענטור האָט געזוכט קונדן צווישן די קאַפּיטאַליסטן און פלעגט זיי אַריינגעבן אין נדן אַז זי קען אַריינפלאַנצן אין דער יוניאָן שפּיאָנען־פּראָוואָקאַטאָרן, וואָס קענען אויפרייסן דעם סטרייק אָדער די יוניאָן פון אינעווייניק. אַזאַ צירקולאַר פון דער פינקערטאָן־אַגענטור איז אַריינגעפאַלן צו אַ טוער פון די „נייטס" און איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן, אָבער דאָס געזעץ און זיינע אָפּהיטער האָבן קיין מיטלען געגן פינקערטאָן ניט אָנגענומען.

---

*) אין 1900 זיינען געווען אין לאַנד אַרום 180 גרויסע אינדוסטריעלע קאָרפּאָראַציעס און טראָסטן. פאַרמעגנס זיינען געוואַקסן און קאַפּיטאַליסטישע דינאַסטיעס, ווי די ראָקפעלערס, מאָרגאַנס, וואַנדערבילטס, גולדס מיט זייערע רויבערישע מעטאָדן האָבן געלייגט זייערע הענט אויף די רייכטימער פון לאַנד.

די אמאלגאמייטעד האט דעמאלט געציילט 24,068 מיטגלידער, קוואלי־פיצירטע ארבעטער אין די שטאל־פאבריקן.

דער גרויסער פילאנטראפ און מעצענאט קארנעגיע האט איבערגעגעבן זיין שותף און פארוואלטער פריק די אויפגאבע צו צעשמעטערן די יוניאן. פריק איז באוואוסט געווען מיט זיין ברוטאליטעט צו ארבעטער און מיט זיין ביטערער געגנערשאפט צו א יוניאן. פריק האט געפירט די פארהאנדלונגען ביז וואנען דער ברען פון סעזאן איז פאריבער. נאכדעם האט ער ארויס־געשטעלט אן אולטימאטום, אז די יוניאן מוז אננעמען א לוין־שניט פון 15 ביז 25 פראצענט. דאס האט פאסירט אין יוני. דעם ערשטן יולי האט פריק ארויסגעווארפן די ארבעטער פון האומסטעד, א שטאל־צענטער אין פענ־סילווייניע. האומסטעד האט פארמאגט ארום צוועלף טויזנט מענטשן, גרעסטנ־טיילס שטאל־ארבעטער.

נאך איידער דער לאקאוט איז דערקלערט געווארן האט פריק אויפ־געשטעלט א הויכע צאם פון דראט ארום דער שטאל־פאבריק. ער האט קענטיק געגרייט זיך צו א בלוטיקער שלאכט. די פינקערטאן־אגענטור האט אים באדארפט באזארגן מיט דריי הונדערט שפיאנען און באוואפנטע שלעגער.

סטרייקער פארנעמען שטאל־פאבריק

ווען דער לאקאוט איז אויסגעבראכן האבן די ארבעטער ארגאניזירט זייער אייגענע וואך אויפצוהאלטן ארדענונג אין שטאט. זיי האבן אויך פאר־נומען די גרויסע שטאל־פאבריק, כדי די קאמפאניע זאל ניט אימפארטירן קיין סטרייק־ברעכער.

אויפן לאקאוט האבן די ארבעטער געענטפערט מיט א סטרייק אין פיטסבורג און אין אנדערע שטעט, צו העלפן די ארבעטער אין האומסטעד.

די קארנעגיע־קאמפאניע האט פרובירט דורך דעם שעריף ארויסצוזעצן די ארבעטער פון דער פאבריק. דער שעריף האט גארניט געקענט טאן קעגן דעם ארגאניזירטן כח פון די טויזנטער סטרייקער. דעמאלט האט פריק בא־שלאסן צו ברענגען די פינקערטאן־ארמיי. זיין פלאן איז געווען, אז די שלעגער זאלן זיך ארייננשמוגלען פארטאג אויף א בארזשע געפירט פון א שלעפ־שיף, באפאלן די וואך פון די סטרייקער און פארכאפן די פאבריק איידער די ארבעטער אין שטאט געפינען עס אויס. דעמאלט וועט מען קענען מאביליזירן סטרייק־ברעכער און ברענגען זיי אין פאבריק.

ווען די דעטעקטיווס זיינען געבראכט געווארן אין פיטסבורג, האבן די

ארבעטער געוואוסט אַז פּריק גרייט צו אַ בלוט־באָד. דער באַריכט איז דער־גאַנגען צו די סטרייקער אין האָומסטעד, וועלכע האָבן אויפגעשטעלט אַ וואַך ביים ברעג פון דער טייך מאָנאָנגאַהעלאַ, וואָס פליסט פאַרביי דער שטאָט. דעם זעקסטן יולי, פיר פאַרטאָג, האָט די וואַך באַמערקט די שיף, וואָס האָט געשלעפּט די באַרזשע מיט די באַוואָפנטע דעטעקטיווס. די וואַך האָט אָנ־געזאָגט די אַרבעטער אין שטאָט. באַלד האָט מען אויך אָנגעזאָגט דעם אינ־זשענער פון דער אָרטיקער עלעקטרישער סטאַנציע. יענער האָט דורך אַ לאַנגן פייף געשטעלט אויף די פיס די גאַנצע באַפעלקערונג פון האָומסטעד.

אויפן ברעג טייך האָבן זיך באַלד פאַרזאַמלט טויזנטער מענשן, מענער, פרויען און קינדער. די גאַנצע שטאָט איז געקומען באַגעגענען די דעטעקטיווס. דער פרימאָרגן־נעבל איז צעגאַנגען און די מאַסע האָט געקענט זען די באַרזשע אָנגעפילט מיט באַוואָפנטע דעטעקטיווס, אַרום 200 אין צאָל.

דאָס בילד פון דער באַרזשע מיט איר פּאַסאַזשירן האָט פאַראורזאַכט אַ גרויס געלאַף. אַרבעטער האָבן זיך אין גרויס איילעניש געלאָזט לויפן צו דער פאַבריק, וואו די דעטעקטיווס האָבן באַדאַרפט לאַנדן. די דעטעקטיווס האָבן דערזען וויפיל טויזנטער אַרבעטער וואַרטן אויף זיי, זיינען זיי ניט אַרונטער אויפן ברעג, נאָר גענומען שיסן אין דער לופט אָפּצושרעקן די פאַרזאַמלטע אַרבעטער. נאָכדעם האָבן זיי געשאָסן אין ציל. די אַרבעטער האָבן צוריק געענטפערט. די דעטעקטיווס האָבן זיך געמוזט באַהאַלטן אויף דעם אונ־טערשטן דעק פון דער באַרזשע.

### דעטעקטיווס מוזן זיך אונטערגעבן

די אַרבעטער האָבן אויסגעבויט אַ באַריקאַדע און נאָכאַנאַנד אָנגעהאַלטן אַ פייער אויף דער באַרזשע. ניין דעטעקטיווס זיינען דערשאָסן געוואָרן. די דעטעקטיווס האָבן זיך ניט געקענט רירן פון אָרט.

די נייעס האָט דערגרייכט פּיטסבורג און פון אַלע אַרומיקע שטאָל־שטעטלעך האָבן זיך אַרבעטער געלאָזט קיין האָומסטעד. די דעטעקטיווס זיינען געשטעלט געוואָרן צווישן צוויי פייערן. די אַרבעטער האָבן אַפילו געקראָגן אַן אַלטן האַרמאַט. די דעטעקטיווס וואָלטן וואַרשיינלעך אַלע אויסגעשאָסן געוואָרן, אַזוי האָט געפלאַקערט דער צאָרן פון די אַרבעטער געגן זיי. אָבער די פירער פון דער יוניאָן זיינען באַלד אָנגעקומען. נאָך אַ ריי פאַרזאַמלונגען און אַפילו האָבן זיי געפועלט ביי די סטרייקער צו דערלויבן די דעטעקטיווס זיך אונטערצוגעבן, אָפּגעפירט צו ווערן אין טורמע און פון דאָרטן צוריק

קיין פּיטסבורג. אַזוי האָט טאַקע פּאַסירט. די דעטעקטיווס זיינען אונטער אַן אַרבעטער־וואָך און באַגלייט פון די פּייפּעררייען פון דער גאַנצער אַרבעטער־באַפעלקערונג אַרויסגעפירט געוואָרן פון שטאָט.

די פּאַסירונג האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע אויפרודערונג אין דעם קאַפּי־טאַליסטישן לאַגער. אַרבעטער זאָלן באַזיגן באַוואָפנטע דעטעקטיווס און האַלטן אַ שטאָל־פאַבריק! דאָס איז אַ געפערלעכער פּרעצעדענט פאַר די קאַפּיטאַליסטן. די פּרעסע האָט זיך צעוואָיעט אויף די העכסטע טענער, אויסגעטראַכט פאַרלוימדונגען אויף די סטרייקער און סטרייק־פירער און גע־פאָדערט אַ סוף צום „טעראָר" פון די שטאָל־אַרבעטער, כאָטש די אַרבעטער האָבן אויפגעהאַלטן פולשטענדיקע אָרדענונג אין האָמסטעד.

די קאַרנעגיע שטאָל־קאָמפּאַניע, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסן פּאָליטישן איינפלוס, איז אויך ניט געשטאַנען מיט צונויפגעלייגטע הענט. דער סוף איז געווען, אַז גאָווערנאָר מעטיסאָן האָט אַריינגעשיקט אין שטעטל האָמסטעד גאַנצע אַכט טויזנט שטאַט־טרופּן. די סאָלדאַטן האָבן פאַרוואַנדלט האָמסטעד אין אַ באַוואָפנטן לאַגער. צוזאַמען מיט דער מיליציע איז געקומען דער געריכט און אַ סך טיכטיקע סטרייק־טוער זיינען אָנגעקלאָגט געוואָרן אין מאָרד און געשטעלט געוואָרן אונטער אַ הויכן בעיל, וואָס זיי האָבן ניט געקענט צושטעלן.

די סאָלדאַטן האָבן באַפרייט די פאַבריק און פאַרבאָטן פאַרזאַמלונגען. נאָך אַ סטרייק וואָס האָט אָנגעהאַלטן פיר און אַ האַלב מאָנאַטן האָבן די אַרבעטער געמוזט זיך צוריקקערן צו דער אַרבעט. די שטיצע וואָס די שטאָל־אַרבעטער איבערן לאַנד האָבן זיי געגעבן איז ניט געווען גענוג אָפּ־צושוואַכן דעם דרוק פון די סאָלדאַטן, די פאַרפאָלגונגען פון געריכט און דעם הונגער וואָס האָט געלויערט איבער זייערע פאַמיליעס.

## בערקמאַנס שאָס העלפט ניט דעם סטרייק

אַן אָפּקלאַנג פון דעם האָמסטעד־קאַמף איז געווען דער אַטענטאַט וואָס אַלעקסאַנדער בערקמאַן, אַ יונגער, אומבאַקאַנטער אַנאַרכיסט, האָט געמאַכט אויף פריקן. בערקמאַן האָט פאַרלאַנגט אַן אונטערערדונג מיט קאַרנעגיעס שותף. יענער האָט אים ניט געקענט און ווען בערקמאַן איז אַריינגעגאַנגען אין פריקס צימער האָט ער אויסגעשאָסן און אים לייכט פאַרוואונדעט. בערק־מאַן איז געשטאַנען אונטער דעם איינפלוס פון יאָהאַן מאָסט און עמאַ גאָלדמאַן.

דער שאָס האָט אָפּגעהילכט איבערן גאַנצן לאַנד. די אַרבעטער האָבן אַרויסגעוויזן אַ געפיל פון צופרידנקייט, אַזוי פאַרהאַסט איז פריק געווען. זיי האָבן נאָר באַדויערט וואָס פריק בלייבט לעבן. די א. פ. אָוו ל. פירערשאַפט האָט אָבער ביטער פאַרדאַמט בערקמאַנען. די פירער פון דער אַמאַלגאַמייטעד האָבן געזאָגט, אַז בערקמאַנס קויל האָט געטראָפן אין האַרץ פון האָומסטעד־סטרייק. יעדנפאַלס, בערקמאַנס אַטענטאַט האָט דעמאָנסטרירט די פרובכט־לאָזיקייט פון דער „פּראָפּאַגאַנדע פון טאַט", וואָס די אַנאַרכיסטן האָבן פּראָפּאַגאַנדירט אַזוי ענערגיש. דער אַטענטאַט האָט מעגלעך אָפּגעקילט דעם צאָרן פון די אַרבעטער, קיין פּראַקטישן נוצן דעם סטרייק האָט ער ניט געבראַכט. דער פאַרשפּילטער האָומסטעד־סטרייק האָט צעקלאַפּט די אַמאַלגאַמייטעד יוניאָן און זי איבערגעלאָזט ווי אַן אָרגאַניזאַציע פון אַ קליינער גרופּע קוואַליפיצירטע שטאָל־אַרבעטער. דאָס האָט אויף אַ לענגערע צייט אָפּגעשטעלט יעדע אָרגאַניזאַציע־אַרבעט צווישן די שטאָל־אַרבעטער. די איבעריקע גרויסע קאָרפּאָראַציעס האָבן זיך פאַרקוקט אויף קאַרנעגיס און האָבן איינגעפירט אייגענע און שטענדיקע פּריוואַטע אַרמייען פון פּראָפעסיאָנעלע שלעגער און מערדער צו טעראָריזירן און צו וואַרפן אַ שרעק אויף די אַרבעטער און אָפּ־ברעכן מיט אַ בלוט־פאַרגיסונג יעדן סטרייק.

## קוילן־גרעבער פאַרכאַפּן מינען

אין זעלבן יאָר, דעם עלפטן יולי, זיינען אַרויס אין סטרייק די קוילן־גרעבער אין איידאַהאָ, אין דער ווייטער וועסט. די סטרייקער האָבן פאַרטריבן די סטרייק־ברעכער און פאַרכאַפּט די קוילן־גרובן. אין פאַרלויף פון דעם צוזאַמענשטויס איז אַ געביידע פאַרברענט געוואָרן. די מיליציע פון דעם קליינינקן שטאַט איז געווען אוממעכטיק געגן די סטרייקער וועלכע האָבן רעוואָלטירט געגן אַ לוין־רעדוצירונג. דער גאָווערנאָר האָט זיך געווענדט צום פּרעזידענט אין וואַשינגטאָן און דער פּרעזידענט האָט געשיקט פעדעראַלע סאָלדאַטן. קריג־צושטאַנד איז דערקלערט געוואָרן און דער סטרייק איז אונטערדריקט געוואָרן.

די מיליציע איז אויך געבראַכט געוואָרן געגן סטרייקנדיקע באַן־סוויטש אַרבעטער אין אילינאָי. די סטרייקער, אינגאַנצן 400 אין צאָל, האָבן אַרויס־געוויזן אַן אויסערגעוויינלעכן ווידערשטאַנד. זיי האָבן ניט דערלאָזט די באַן־קאָמפּאַניעס אָנצושטעלן סטרייק־ברעכער. דער גאָווערנאָר איז געקומען די קאָמפּאַניעס צו הילף און אַריינגעשיקט עטלעכע טויזנט שטאַט־סאָלדאַטן. די

פירער פון די באַן־בראָדערהודס האָבן אָבער קיין הילף די סטרייקער ניט געגעבן.

פּראָפעסאָר קאָמאָנס דערציילט די אַלט־באַקאַנטע טרויעריקע געשיכטע:

„די באַאַמטע פון דער סוויטשמענס יוניאָן האָבן געבעטן אַ קאָנפערענץ מיט די באַאַמטע פון די איבעריקע באַן-בראָדערהודס צו העלפן דעם סטרייק. אָבער קיין זאַך איז דערפון ניט אַרויסגעקומען. דער פאָרשטייער פון די לאָקאָמאָטיוו-אינזשענערן האָט זיך ניט באַוויזן און די באַאַמטע פון די איבעריקע יוניאָנס האָבן ניט געוואָגט באַשליסן קיין זאַך אָן די אינזשענערן. דער סטרייק איז צוריקגערופן געוואָרן דעם 24סטן אויגוסט.”

אין זעלבן יאָר איז אויסגעבראָכן אַ גרויסער סטרייק אין די קוילן־גרובן פון טענעסי. דאָרטן איז געווען טעטיק די „נייטס אָוו לייבאָר” און דער סטרייק איז לאַנג צוגעגרייט געוואָרן. דער סטרייק האָט זיך פאַרשפּרייט אין אַלע קוילן־געגנטן פון טענעסי.

די קאָמפּאַניעס מיט דער שטיצע פון דער רעגירונג האָבן פאַרביטן די אַרבעטער מיט אַרעסטאַנטן. אין איין פּלאַץ, טרייסי סיטי, האָבן די סטרייקער ביינעקומען די וואַך און באַפרייט דריי הונדערט אַרעסטאַנטן. אין אַ צווייטן פּלאַץ, קאָול קריק, זיינען 1,500 אַרעסטאַנטן באַפרייט געוואָרן. דער גאָווערנאָר האָט געשיקט שטאַט־סאָלדאַטן.

„אין פאַרלויף פון 1892 איז די מיליציע איינגעשטאַנען אין די פאַרשיידענע קוילן-שטעטלעך אין טענעסי און צוזאַמענשטויסן מיט די אַרבעטער זיינען נאָכאַנאַנד פאָרגעקומען. נאָך דער באַפרייאונג פון די אַרעסטאַנטן אין טרייסי סיטי און אין קאָול קריק איז אויסגעבראָכן אַן ערנסטער קריג צווישן די סטרייקער און דער מיליץ. אין אַ סך ערטער האָבן די סטרייקער געפאַנגען גאַנצע באַנען מיט מיליציע-סאָלדאַטן און זיי אַנטוואָפנט, אָבער דעם ענדגילטיקן זיג האָט אָפּגעהאַלטן די מיליציע. די קוילן-גרובן זיינען צוגענומען געוואָרן פון די אַרבעטער און די אַרעסטאַנטן זיינען יעדן טאָג געפירט געוואָרן פון די טורמעס צו דער אַרבעט און צוריק.” (קאָמאָנס, היסטאָרי א. אַז. וו., זייט 499.)

צוויי אורזאַכן זיינען פאַראַנטוואָרטלעך געווען פאַר דעם דורכפאַל פון די בלוטיקע סטרייקס: דער גוואַלדיקער ווידערשטאַנד פון די קאַפּיטאַליסטן וואָס האָבן געוואָרפן די באַוואָפנטע כחות פון דער רעגירונג געגן די סטרייקער און די צעטיילונג אין די אַרבעטער־רייען גופא. די אומציילִיקע יוניאָנס, צעשפּאָלטן לויט פאַך און אָנגעפירט פון די קאָנסערוואַטיווע פירער, האָבן ניט געקענט ברעכן דעם טעראָר פון די אָרגאַניזירטע און פאַראייניקטע

קאַפּיטאַליסטן. אין די אַלע קאַמפּן זיינען די באַטרעפנדיקע אַרבעטער איבער־געלאָזט געוואָרן צו זייער איינענעם שיקזאַל. אין האָומסטעד איז דאָס געווען הויפּטזאַכלעך נאָר אַ קאַמף פון די שטאָל־אַרבעטער; אין טענעסי — נאָר אַ קאַמף פון די אָרטיקע קוילן־גרעבער; אין דעם סטרייק פון די סוויטשלייט זיינען די איבעריקע באַן־יוניאָנס ניט געקומען צו הילף. פון איין זייט אַ פאַר־אייניקטער הערשנדיקער קלאַס וואָס שטעלט זיך ניט אָפּ פאַר קיינע בלוטיקע מיטלען און פון דער צווייטער זייט, באַזונדערע און צעשפּליטערטע אַרבעטער־באַטאַליאָנען. דער אויסגאַנג איז געווען אומפאַרמיידלעך. די מיליטאַנטיש־קייט וואָס די אַרבעטער האָבן אַרויסגעוויזן, זייערע העלדישע קאַמפּן געגן דער מיליציע איז נאָר אַן איבעריקער באַווייז, אַז די אַרבעטער גופא האָבן פאַרמאָגט אומגעהויערן קאַמף־גייסט וואָס איז פאַרלאָרן געגאַנגען צוליב דעם שעדלעכן צושטאַנד אין דער אַרבעטער־באַוועגונג. מיר מעגן באַוואונדערן דעם מוט וואָס די אַרבעטער האָבן אַרויסגעוויזן אין די קאַמפּן געגן דער מיליציע און די געריכט־הייזער.

### די פּאָליטישע קורצזיכטיקייט פון די אַמאַלגאַמייטעד־פירער

די גרויסע נידערלאַגעס פון די סטרייקס אין דער שטאָל־אינדוסטריע, אין דער קוילן־אינדוסטריע און אין די באַנען, האָבן טיף אויפגערודערט די אַרבעטער. דער פאַקט וואָס אומעטום האָט די רעגירונג און דאָס געזעץ זיך געשטעלט ברוטאַל און אָפן אויף דער זייט פון די קאַפּיטאַליסטן, האָט ווידער אויפגערודערט נייגונגען צו פּאָליטישער אַקציע ווי אַ מיטל אָפּצושוואַכן די קאַפּיטאַליסטישע הערשאַפט און עקספּלואַטאַציע. שטימען האָבן זיך געהערט, אַז דער עקאָנאָמישער קאַמף איז נוצלאָז, די אַרבעטער קענען ניט געווינען אין אַ כחות־פאַרמעסטונג מיט די נייע קאַפּיטאַליסטישע גיגאַנטן, די קאָר־פּאָראַציעס און טראָסטן. נאָר דער וואַל־קאַמף קען העלפן די אַרבעטער. פאַרשטייט זיך, אַז די אָנהענגער פון אַט־דער פּעסימיסטישער מיינונג זיינען געווען דורכאויס פאַלש. עקאָנאָמישער קאַמף אַליין איז ניט גענוג, אָבער דאָס זעלבע איז ריכטיק וועגן פּאָליטישן קאַמף אַליין.

באַזונדערס האָט אַרויסגערופן אַ שווערן פּאָליטישן נאָך־טעם דער פאַר־לוסט פון דעם סטרייק אין האָומסטעד. די פירער פון דער אַמאַלגאַמייטעד יוניאָן האָבן מיט דער קורצזיכטיקייט פון די קאָנסערוואַטיווע אַרבעטער־פירער אין אַלע לענדער געשטיצט די באַמיאונגען פון די שטאָל־מאַגנאַטן איינצופירן אַ הויכן אָפּצאָל אויף אויסלענדישן שטאָל. דאָס האָט געהייסן צו

„באַשיצן די היימישע שטאָל־אינדוסטריע" געגן אויסלענדישע קאָנקורענטן און דערמיט באַשעפטיקן אַרבעטער אין אַמעריקע. די אַמאַלגאַמייטעד האָט געהאָפט, אַז ווען זי העלפט אָט־די באַוועגונג פון די שטאָל־קאָמפּאַניעס אויפן רעכענונג פון דעם קאָנסומער, וועלן די קאָמפּאַניעס האָבן איינזעעניש מיט די אַרבעטער און אויך געבן זיי עטוואָס פון די געשוואָלענע פּראָפיטן וואָס קומען אַלס רעזולטאַט פון דעם הויכן טאַריף. פון די האָפענונגען האָט זיך אויסגעלאָזט אַ בוידעם. די שטאָל־מאַגנאַטן האָבן ניט אַרויסגעוויזן דעם מינדעסטן פאַרלאַנג צו פאַרבעסערן די אַרבעט־באַדינגונגען אין זייערע פאַבריקן. פון גרויס דאַנקבאַרקייט צו דער אַמאַלגאַמייטעד האָבן די קאָמ־פּאַניעס געגעבן אַ לוין־שניט און אָפּגעווישט די יוניאָן. פאַר די אַרבעטער איז דאָס געווען אַן אויסניכטערונג פון דעם פאַלשן געדאַנק, אַז זיי וועלן אויך געניסן ווען די אינדוסטריע איז באַשיצט פון אויסלענדישע קאָנקורענטן.

די שטאָל־אַרבעטער האָבן געזען אַז מען האָט זיי אָפּגענאַרט. אַ סך אַרבעטער אין צאָרן האָבן צום ערשטן מאָל געשטימט פאַר דעם דעמאָקראַטישן פּרעזידענט־קאַנדידאַט, גראָווער קליוולאַנד, וועלכער איז געלאָפן אויף אַן אַנטי־פּראָטעקציע פּלאַטפאָרם (געגן אַ הויכן טאַריף־אָפּצאָל) אויף אויס-לענדישע סחורות.

די א. פ. אָוו ל. פירער האָבן אָבער גאָרניט געלערנט פון האָומסטעד. ביז היינט צו טאָג זיינען זיי וואַרעמע אונטערשטיצער פון די פּראָטעקציע־פּלענער פון די אַמעריקאַנישע קאַפּיטאַליסטן. די מערסטע אַרבעטער־פירער אין אייראָפּע פירן די זעלבע קורצזיכטיקע פּאָליטיק אונטער דער לאָזונג, אַז פאַרטרייבן אויסלענדישע פּראָדוקטן וועט שאַפן מער באַשעפטיקונג און בעסערע באַדינגונגען פאַר די היימישע אַרבעטער.

## דעבס אָרגאַניזירט אינדוסטריעלע יוניאָן פון באַן־אַרבעטער

דער סאַמע ערנסטער און ווייטגרייכנדיקער אָפּקלאַנג פון די פאַרלאָרענע סטרייקס איז געווען די באַוועגונג פאַר אינדוסטריעלע יוניאָנס וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין 1893. די באַוועגונג איז געווען אַ דירעקטער רעזולטאַט פון די טרויעריקע דערפאַרונגען וואָס די באַוואוסטזיניקע אַרבעטער האָבן געהאַט אין די קאַמפן פון די פאַך־יוניאָנס.

יודזשין דעבס האָט נאָכן דורכפאַל פון דעם סטרייק אין באָפאַלאָ גענומען אָרגאַניזירן איין יוניאָן פון אַלע באַן־אַרבעטער אונטערן נאָמען „אַמעריקאַן רעילוועיז יוניאָן" (אַמעריקאַנישע באַן־יוניאָן). דעבס איז געווען סעקרעטאַר

פון א לאקאל פון די לאקאמאטיוו הייצערס בראדערהוד. ער האט רעזיגנירט פון זיין אמט און באשאפן די נייע אינדוסטריעלע יוניאן וואס איז שנעל געוואקסן, ניט קוקנדיק אויף דער ביטערער געגנערשאפט פון די בראדערהוד־פירער.

צווישן די מיינער אין דער קוילן־אינדוסטריע האבן זיך אויך גענומען אויסשיילן צוויי אינדוסטריעלע יוניאנס. די „יונייטעד מיין וואירקערס" האט זיך איבערגעבויט אויף אן אינדוסטריעלן באזיס, און די קוילן־גרעבער אין דער ווייטער וועסט האבן ארגאניזירט אן אינדוסטריעלע יוניאן פון אלע ארבעטער וואס זיינען באשעפטיקט ביי גראבן קוילן, אייזן, און קופער. די יוניאן האט געהייסן די „וועסטערן פעדערייישאן אוו מיינערס" (די מערב־פעדעראציע פון מיינער) און איז אנגעפירט געווארן פון א גרופע מיליטאנטישע ארבעטער, ווי ביל הייוואוד, מאיער און אנדערע. די „וועסטערן פעדערייישאן" האט עטלעכע יאר שפעטער דורכגעמאכט בלוטיקע סטרייקס, וואס האבן געטראגן דעם כאראקטער פון א בירגער־קריג.

## ארבעטער באגעגענען נייעם קריזיס מיט א קרעפטיקן ווידערשטאנד

אין דער צייט ווען אין דער ארבעטער־באוועגונג איז אנגעגאנגען אן אינערלעכע אויפרודערונג און א קאמף צווישן די פארשיידענע ריכטונגען, איז אנגעקומען דער קריזיס פון 1893. ווי אין די פאריקע קריזיסן, איז די שווערע צייט און גרויסע ארבעטלאזיקייט אויסגענוצט געווארן פון די קאפיטאליסטן פאר א נייעם אנגריף אויף די לעבנס־באדינגונגען פון די ארבעטער, ארגאניזירטע און אומארגאניזירטע. א קאנסערוואטיווע אפשאצונג גיט די צאל פון ארבעטלאזע איבער דריי מיליאן. אין דער ווירקלעכקייט האט די צאל געמוזט זיין נאענט צו זעקס מיליאן.

דאס מאל האבן די ארבעטער זיך ניט געלאזט. אין יעדן פאך און אינדוסטריע זיינען אויסגעבראכן סטרייקס. העכער 750,000 ארבעטער האבן אנטיילגענומען אין סטרייקס אין 1894 אליין און כאטש די מערסטע סטרייקס זיינען ניט געוואונען געווארן, הויפטזאכלעך צוליב דעם פאך־יוניאניזם און צוליב דער קאנסערוואטיווער פירערשאפט, האבן די סטרייקס דעמאנסטרירט דעם שטייגנדיקן באוואוסטזיין פון די ארבעטער און די וואקסנדיקע גרייטקייט און אנטשלאסנקייט ניט אויפצוגעבן די פאזיציעס וואס זיי האבן פריער געוואונען. די סטרייקס האבן פארטריבן די אפהענטיקייט און דעם פעסימיזם, וואס האבן ארומגעכאפט די ארבעטער אין די פריערדיקע קריזיסן.

דער דירעקטער רעזולטאט פון דעם מעכטיקן ווידערשטאנד איז געווען, וואס צום ערשטן מאל זיינען די יוניאנס ניט פארטיליקט געווארן אין א קריזיס. די יוניאן־באוועגונג איז ניט געוואקסן, זי האט אבער באוויזן איינ־צוהאלטן אירע כחות, וואס איז געווען א היפשער אויפטו. גאמפערס האט ניט פארפעלט, אויף דעם א. פ. או ל. צוזאמענפאר אין 1897, צו נעמען דעם גאנצן קרעדיט פאר דער אויפהאלטונג פון די יוניאנס. ער האט עס צו־געשריבן צו זיין פראקטישער און פארזיכטיקער פאליטיק. גאמפערס האט מיט דעם געצילט געגן די סאציאליסטן און אנדערע באוואוסטזיניקע עלע־מענטן וואס האבן גענומען אויסאיבן א שטארקן איינפלוס אין דער א. פ. או ל. און אנגעהויבן זיך שטעלן געגן זיין פאליטיק. די בארימערריי פון גאמפערס איז געווען א פוסטע. ניט די פירערשאפט מיט איר שעדלעכער פאליטיק פון נאכשלעפן זיך נאך די צוויי קאפיטאליסטישע פארטייען און נאכגעבן די קאפיטאליסטן, האט אויפגעהאלטן די ארבעטער־באוועגונג אויף די פיס אין דעם קריזיס, נאר דער זעלטענער קאמף־גייסט וואס די ארבעטער־מאסן האבן ארויסגעוויזן, א גייסט וואס האט דורכגעבראכן די דיקע דאמבע וואס די פירער האבן אויפגעשטעלט צו צאמען א ווירקזאמען ווידערשטאנד פון די מאסן געגן די קאפיטאליסטן.

די וויכטיקסטע סטרייקס זיינען פארגעקומען אין 1894. דער סטרייק פון די קוילן־גרעבער און דער סטרייק פון די פולמאן־ארבעטער. דער צווייטער סטרייק האט אנגענומען א רעוואלוציאנערן כאראקטער. ביידע סטרייקס זיינען פארשפילט געווארן, ניט צוליב דער שולד פון די ארבעטער. די סטרייקס האבן איבערגעלאזט א טיפן רושם צווישן דעם גאנצן ארבעטער־קלאס.

דעם קוילן־גרעבער פראלעטאריאט איז אויסגעקומען אין דער גאנצער געשיכטע פון ארבעטער־קלאס צו טראגן אויף זיינע אקסלען די שווערסטע און אפטסטע קאמפן מיט די קאפיטאליסטן. ביז היינט צו טאג זיינען זיי דער פולווער־פאס אין דעם אמעריקאנישן קאפיטאליזם, וואס באטראכט די קוילן־פראדוקציע פאר א „קראנקער אינדוסטריע". אבער אויך די באן־ארבעטער, וואס זיינען פארעכנט צווישן דער ארבעטער־אריסטאקראטיע, האבן פאר־שריבן עטלעכע הערלעכע קאפיטלען פון קלאסן־קאמף.

די „יונייטעד מיין ווארקערס", מיט א מיטגלידערשאפט פון 20,000, האט ארויסגערופן א סטרייק אין וועלכן גאנצע 150,000 קוילן־גרעבער האבן אנטיילגענומען. די יוניאן האט געפאדערט די אויפשטעלונג פון דעם לוין, וואס האט געהערשט פאר דעם קריזיס. די קוילן־קאמפאניעס האבן געענט־פערט מיט א פאדערונג פאר א נייעם לוין־שניט. אין יולי, נאך דריי מאנאטן

סטרייק, האָבן זיך די אַרבעטער צוריקגעקערט צו דער אַרבעט פאָדערונגען.

דער גרויסער פאַרנעם פון דעם פולמאַן־סטרייק

דער פולמאַן־סטרייק האָט זיך אָנגעהויבן דעם עלפטן מאַי, 1894. א טייל אַרבעטער פון דער פולמאַן קאַר־קאָמפּאַניע, וואָס בויט שלאָף־וואַגאָנען, זיינען אַרויס אין סטרייק פאַר דער אויפשטעלונג פון לוין אײדער דער שניט איז אַריין אין קראַפט. אונטער אַנדערע באַדינגונגען וואָלט עס געווען איינער פון די הונדערטער סטרייקס וואָס זיינען פאָרגעקומען אין אַלע טיילן פון לאַנד אין יענעם יאָר. די פולמאַן־אַרבעטער האָבן אָבער מיט א קורצער צייט צוריק זיך אָנגעשלאָסן אין דער „אַמעריקאַן רעילוועיז יוניאָן", געפירט פון דעבס, די איינציקע אינדוסטריעלע און מיליטאַנטישע אָרגאַניזאַציע אין דער טראַנספּאָרט־אינדוסטריע און וואַרשיינלעך אין גאַנצן לאַנד.

די „אַמעריקאַן רעילוועיז יוניאָן", אינגאַנצן אַלט א יאָר צייט, האָט שוין געציילט 150,000 באַן־אַרבעטער און 465 לאָקאַלן. די יוניאָן האָט צו־געזאָגט שטיצע די פולמאַן־אַרבעטער און געהאַלטן וואָרט.

ווען דער פולמאַן־סטרייק איז אָנגעגאַנגען עטלעכע וואָכן האָט די יוניאָן באַשלאָסן צו דערקלערן א באָיקאָט אויף די פולמאַן־וואַגאָנען. דער באַשלוס איז אָנגענומען געוואָרן דעם 21סטן יוני און האָט באַדאַרפט אָנגעווענדעט ווערן דעם 26סטן יוני. די אַרבעטער האָבן אויסגעפאָלגט דעם באַשלוס און דער סטרייק האָט זיך שנעל פאַרשפּרייט אין שיקאַגאָ און אַרום שיקאַגאָ, דאָס האַרץ פון די באַן־דעפּאָס אין לאַנד. כמעט דער גאַנצער באַן־פאַרקער צווישן שיקאַגאָ און דעם ווייטן מערב איז אָפּגעשטעלט געוואָרן.

די סטרייקער האָבן געהאַט די וואַרעמסטע סימפּאַטיע פון אַלע אַרבעטער פון לאַנד און פון אַלע האָרעפּאַשניקעס. די „נייטס" האָבן אָנגענומען א באַשלוס פאַר א גענעראַל־סטרייק און דער „פאַרמער־בונד" האָט באַשלאָסן צו שפּייזן די סטרייקער און זייערע פאַמיליעס.

די אַסאָסיאַציע פון די באַן־פאַרוואַלטער, אָרגאַניזירט אין 1886, האָט געענטפערט מיט א קרייץ־צוג קעגן דער „אַמעריקאַן רעילוועיז יוניאָן". די באַן־קאָמפּאַניעס מיט זייערע אומבאַשרענקטע מיטלען האָבן מאָביליזירט די גאַנצע אונטערוועלט פון שיקאַגאָ. 3,000 פאַרברעכער און שלעגער זיינען איינגעשוואוירן געוואָרן אַלס דעפּיוטי־מאַרשאַלס פון דער פעדעראַלער רע־גירונג. אָט די מערדער, רויבער און גנבים זיינען באַוואָפנט געוואָרן פון די

באַן־קאָמפּאַניעס און פון זיי אויפגעהאַלטן געוואָרן. די אונטערוועלט האָט „געאַרבעט" אין א דאָפּלטער קאַפּאַציטעט: ווי אַנגעשטעלטע פון די באַן־קאָמפּאַניעס האָבן זיי מערדערלעך טעראָריזירט די סטרייקער און ווי באַאמטע פון דער פעדעראַלער רעגירונג האָבן זיי געקענט אַרעסטירן יעדן איינעם לויט די באַפעלן פון די קאָמפּאַניעס. די ראָל פון דער פעדעראַלער רעגירונג איז קלאָר אַרויסגעבראַכט געוואָרן אין דעם באַריכט פון דער קאָמיסיע וואָס פּרעזידענט קליוולאַנד האָט שפּעטער געשיקט צו אונטערזוכן דעם סטרייק.

דער מוט פון די סטרייקער איז געווען אייזן־פעסט. די באַן־קאָמפּאַניעס האָבן גוט געוואוסט, אַז אויב דער סטרייק פאַרציט זיך וועט ער זיך פאַרשפּרייטן אויף אַלע באַנען, ניט קוקנדיק אויף אַלע מיטלען וואָס די בראָדערהוד־פירער נעמען אָן. האָבן זיי אָנגעווענדעט די טאַקטיק פון פּראָוואָצירן גוואַלדטאַטן צו קענען דערשטיקן דעם סטרייק מיט פאַרפאָלגונגען און אים דערטרינקען אין בלוט־פאַרגיסונג.

א כוואַליע פון טעראָריזם און גוואַלט־טאַטן האָט זיך פאַרשפּרייט איבער שיקאַגאָ. די „דעפּיוטי־מאַרשאַלס" האָבן אונטערגעצונדן און פאַרניכטעט באַן־אייגנטום, באַפאַלן מענטשן און דאָס גלייכן אַרויסצורופן א פּאַניק אין שטאָט. א פעדעראַלער ריכטער איז געקומען צו הילף און האָט אַרויסגעגעבן אַן אינדזשאַנקשאָן געגן דעם סטרייק. דעם 27סטן יולי זיינען דעבס און די אַנדערע סטרייק־פירער געבראַכט געוואָרן אין פעדעראַלן געריכט און זיינען געפונען געוואָרן שולדיק אין פאַרברעכן דעם אינדזשאַנקשאָן. זיי זיינען פאַרשפּאַרט געוואָרן אין טורמע. אויב דאָס איז ניט געווען גענוג פאַר דער פעדעראַלער רעגירונג, האָט דער „פאָלקס־פריינט", פּרעזידענט קליוולאַנד, נאָכגעגעבן דעם פאַרלאַנג פון די באַן־קאָמפּאַניעס און געשיקט פעדעראַלע סאָלדאַטן אין שיקאַגאָ, ניט קוקנדיק אויף דעם וואָס גאָווערנאָר אַלטגעלד איז געווען געגן די פעדעראַלע סאָלדאַטן.

### א. פ. אָוו ל. פירער דערלאָזן ניט קיין סימפּאַטיע־סטרייק

דער פאַרשפּרייטער טעראָר פון די באַן־קאָמפּאַניעס און דאָס שיקן פעדעראַלע סאָלדאַטן געגן די באַן־סטרייקער האָט אָנגעצונדן די אַרבעטער פון לאַנד מיט צאָרן. פון אַלע זייטן האָבן זיך געטראָגן ענערגישע פאָדערונגען פאַר א סימפּאַטיע־גענעראַל־סטרייק. אין אייראָפּע זיינען דעמאָלט סימפּאַטיע־גענעראַל־סטרייקס ניט געווען קיין זעלטענע דערשיינונגען און דער קאַמף־מיטל איז דערגאַנגען צו די אַרבעטער אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

נאָך דעם ניינטן יולי האָט גאָמפערס דערהאַלטן אַ טעלעגראַפישע פאָדע־רונג פון די שיקאַגער יוניאָנס צו קומען גלייך אין שיקאַגאָ און פראָקלאַמירן אַ גענעראַל־סטרייק. דער הויפט פון דער א. פ. אָוו ל. איז אָבער געווען ווייט פון אַזעלכע אַרבעטער־אַקציעס. אָפן אַנטזאָגן האָט גאָמפערס ניט געוואָגט, האָט ער געזוכט צו פאַרציען די זאַך ביז וואַנען עס וועט ווערן צו־שפעט.

גאָמפערס האָט טעלעגראַפירט צו די פירער פון די נאַציאָנאַלע יוניאָנס צו קומען אויף אַ באַראַטונג אין שיקאַגאָ דעם 12טן יולי. געקומען זיינען נאָר פאַרשטייער פון 25 יוניאָנס. צו מאַכן גרינגער זיין אויפגאַבע, האָט גאָמפערס פאָרגעשלאָגן אויסצוקלייבן אַ קליינע קאָמיסיע פון פינף מיטגלידער איינצוברענגען אַ רעקאָמענדאַציע וואָס צו טאָן צו העלפן די באַן־סטרייקער. אין דער קאָמיסיע איז גאָמפערסן געלונגען דורכצופירן אַ רעקאָמענדאַציע צו די יוניאָנס פון דער א. פ. אָוו ל. זיך אָפצוהאַלטן פון אַ גענעראַל־סטרייק. גאָמפערסעס הויפט־טענה איז געווען, אַז דעבס און די איבעריקע סטרייק־פירער זיינען אָנגעקלאָגט געוואָרן פון דער פעדעראַלער רעגירונג אין פאַר־לעצן דעם פעדעראַלן אינדזשאָנקשאָן און געפינען זיך אין טורמע. פרעזידענט קליוולאַנד האָט געשיקט סאָלדאַטן געגן די סטרייקער. אויב די יוניאָנס וועלן אַרויסרופן סימפאַטיע־סטרייקס, וועט זיך באַקומען דער איינדרוק ביי דער עפנטלעכער מיינונג אַז די אָרגאַניזירטע אַרבעטער זיינען פיינטלעך געגן דער פעדעראַלער רעגירונג. פאַרקערט, די אָרגאַניזירטע אַרבעטער דאַרפן איצט ווייזן אַז זיי שטייען ניט אָפ אין פאַטריאָטיזם און אַכטונג צום געזעץ פון די איבעריקע קלאַסן פון דער באַפעלקערונג.

גאָמפערס האָט אויך באַנוצט ראַדיקאַלע רייד צו פאַרדעקן זיין אַנטי־אַרבעטער האַנדלונג. ער האָט גערעדט וועגן דעם, אַז עס איז ערגער פון אַ נאַרישקייט אַרויסצורופן די אַרבעטער אין סטרייק געגן אַנגעזאַמלטע „באַ־וואָפנטע כוחות און ברוטאַלער געלט־אַריסטאָקראַטיע”.*) דערמיט האָט גאָמפערס געשפרייט פעסימיזם און האָפענונגלאָזיקייט וועגן די שאַנסן פון אַ זיג פון דעם גענעראַל־סטרייק.

קיין שווערע אויפגאַבע האָט גאָמפערס ניט געהאַט. די פירער פון די 25 נאַציאָנאַלע יוניאָנס האָבן זיך לאַנג ניט געלאָזט איינרעדן. זיי האָבן אויך ניט געוואָלט די „ריזיקע” פון אַ סימפאַטיע־סטרייק. אַנשטאָט אַ סימ־פאַטיע־סטרייק, ווי דעבס האָט זיי אויפגעפאָדערט און ווי די שטימונג פון אַ סך אַרבעטער האָט פאַרלאַנגט, האָט די קאָנפערענץ אָנגענומען אַ רעזאָלוציע

*) לאָרווין, אַמעריקאַן פעדערײשאָן אָוו לייבאָר, זייט 37.

„אז עס איז ניט־פארנינפטיק און עס איז געפערלעך אויסצושפרייטן דעם סטרייק ברייטער ווי ער איז". די רעזאלוציע האט ווייטער געגעבן אן עצה די העלדישע סטרייקער אויפצוגעבן דעם קאמף און צוריקגיין צו דער ארבעט. אין דעם איז באשטאנען די הילף צו א סטרייק וואס האט געקראגן אן ערשט־קלאסיקע נאציאנאלע באדייטונג.

### דעבס וועגן דעם פולמאן־סטרייק

די יוניאן האט פארגעשלאגן אויפצוגעבן דעם סטרייק אויב די קאמ־פאניעס וועלן פארשפרעכן צוריקצונעמען אלע סטרייקער אן דיסקרימינאציעס. די קאמפאניעס האבן אפילו ניט געענטפערט. זיי האבן דערזען א געלעגנהייט צו צעשמעטערן די פון זיי פארהאסטע מיליטאנטישע אינדוסטריעלע יוניאן.

דעבס, פרעזידענט פון דער יוניאן אין פארלויף פון סטרייק, באשרייבט די לאגע מיט די פאלגנדיקע ווערטער:

„די פולמאן-קאמפאניע, געשטיצט פון די פאראייניקטע באן-קאמפאניעס פארטראטן דורך דער ארגאניזאציע פון די באן-פארוואלטער, האט באשלאסן צו פארניכטן די יוניאן. ניט בלויז זיינען זיי דורכגעפאלן, נאר די יוניאן האט פאראליזירט זייערע באנען און זיי אלעמען געשלאגן. די באן-קאמפאניעס האבן דאס דערזען, האבן זיי געענדערט זייער טאקטיק. דער פעדעראלער מארשאל האט פאר זיי איינגעשווארן אן ארמיי פון דעפיוטי מארשאלס כלומרשט אויפצוהאלטן די ארדענונג, נאר אין דער ווירקלעכקייט ארויס-צורופן אומארדענונג. אין זיין אפיציעלן באריכט צו דער שטאט-רעגירונג האט דער הויפט פון דער פאליציי אין שיקאגא געזאגט, אז די ארמיי דעפיוטי שעריפס איז באשטאנען פון פראפעסיאנעלע פארברעכער. גלייך האבן די דעפיוטי שעריפס אונטער דער שוץ פון דער נאכט אנגעהייבן זייערע אפע-ראציעס. די באן-קאמפאניעס האבן געוואלט אומרוען און גוואלד-טאטן און דאס האבן זייערע דעפיוטיס געשאפן.

„גלייך ווי די אונטערוועלט-חברה האט גענומען פאנאנדערלאזן די הענט, האט די גאנצע קאפיטאליסטישע פרעסע און די 'אסאשיאייטעד פרעס' — די גרעסטע נייס-אגענטור — צעטראגן דעם ליגן אז די סטרייקער האבן אנגעהייבן א מלחמה און סטראשען צו פארטיליקן יעדן לעבעדיקן וועזן. אט די געמיינע פאלשקייט האט זיך פאנאנדערגעפלאקערט ווי דורך א צוויבער-שטעקל. ברייט און ווייט האט זיך געטראגן דער געשריי: ארונטער מיט דער 'רעוואלוציאנערער יוניאן'! ארונטער מיט אנארכיע! דער שטראם האט זיך געשטעלט געגן אונז. די זיגרייכע יוניאן און די באזיגטע קאמפאניעס האבן זיך געביטן מיט די ראלן. כמעט די גאנצע באפעלקערונג איז אויפגעהעצט געווארן געגן אונזער יוניאן צוליב די גוואלדטאטן צו וועלכע מיר האבן ניט געהאט דעם

מינדעסטן שייכות. יעדער עקלהאַפטער פאַרברעכן געגן אונז איז דורכגעפירט געוואָרן אונטער דער מאַסקע פון פאַטריאָטיזם. די יוניאָן האָט ניט פאַרמאָגט קיין פרעסע, קיין מיטל צו ברענגען איר צד, צו דערקלערן די מאַסן דעם אמת. טויזנטער אַרבעטער, פאַר וועמען די יוניאָן האָט אין דער ווירקלעכקייט געקעמפט, האָבן זיך געשטעלט געגן איר און האָבן זיך פאַראייניקט מיט די צאָרנדיקע געשרייען פון טאַדלונג וואָס האָבן זיך געטראָגן אויף אונזערע קעפ.

„הונדערטער אינדזשאַנקשאָנס זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן געגן אונז צווישן אָהייאָ און דעם פאַסיפישן ים-ברעג. אַ האַלבער טוץ אומגעהובלטע שטאַרקע יונגען זיינען צוגעפאָרן צו דער הויפט-קוואַרטיר פון דער יוניאָן אין שיקאַגאָ, זיך אַריינגעריסן און לויט אַ באַפעל פון די פעדעראַלע באַאמטע פאַרטיליקט אַלץ וואָס זיי האָבן געפונען, פאַרניכטעט און פאַרברענט אַלע ליסטן פון די מיטגלידער, אַלע דאָקומענטן און בריוו. דאָס אַלץ אָן וועלכן עס איז באַפעל פון געריכט (וואַראַנט).

„פאַרלוימדונגען אין די טויזנטער זיינען אויסגעטראַכט און פאַרשפּרייט געוואָרן אין דער קאַפּיטאַליסטישער פרעסע. די שולד פאַר אַלע גוואַלדטאַטן איז געוואָרפן געוואָרן אויף די אומשולדיקע סטרייקער. די פירער זיינען פאַרשפאַרט געוואָרן אין טורמע אָן וועלכע עס איז קלאַגעס און אָן אַ פּראָצעס. יוניאָן-לאָקאַלן זיינען צעבראָכן געוואָרן, אַ ספּעציעלע גרענד-דזשורי איז איינגעשוואָרן געוואָרן צו פאַרפאָלגן אונז און אַ באַוואוסטער קאַפּיטאַליסט, אַ יוניאָן-פרעסער, איז באַשטימט געוואָרן דער פאָרמאַן פון דער גרענד-דזשורי. הונדערטער אַנדערע גראָבע פאַרלעצונגען פון געזעץ זיינען באַגאַנגען געוואָרן פון די וואָס זיינען געשוואָרן אויפצוהאַלטן דעם געזעץ און דורכצופירן גערעכטיקייט, כדי איינצוהאַלטן אין טראָן די רייכע רויבער.

„קיינמאָל איז די גרייטקייט פון אַ קאַפּיטאַליסטישער רעגירונג זיך צו פאַרקויפן ניט אַרויסגעבראַכט געוואָרן אַזוי שאַרף ווי דעמאָלט. דער סקאַנדאַל איז געווען אויסער באַשרייבונג און אָן אויפטרייסלונג פון העכסטן גראַד. יעדער דעפאַרטמענט פון דער פעדעראַלער רעגירונג איז געשטעלט געוואָרן פולשטענדיק אין דינסט פון די באַן-קאָרפּאָראַציעס. רעפּובליקאַנישע און דעמאָקראַטישע באַאמטע האָבן קאָנקורירט איינע מיט די אַנדערע אין פליוסיקער געהאָרכזאַמער דינסט צו זייערע באַלעבאַטים.

„ווען די רעגירונג און די קאַפּיטאַליסטישע לאַקייען זיינען פאַרטיק געוואָרן מיט זייער דינסט צו די רויב-פייגל, האָט דער מיליטערישער סאַטראַפּ, גענעראַל מיילס, מיט פּאָמפּע אויסגערופן אויף דעם באַנקעט וואָס די פּלוטאָקראַטיע האָט געגעבן לכבוד אים:

„ 'דאָס האָב איך געבראָכן דעם רוקנביין פון דעם סטרייק!'

„אַזאַ הימל-הויכער העראָאיזם פאַר אַזאַ נאָבעלער זאַך, וועט אייך, גראָווער קליוולאַנד, גענעראַל מיילס און די אַנדערע, ניט פאַרגעסן ווערן. איר וועט אויך ניט פאַרבלייבן אָן אַ באַלוינונג.” (דעבס, זיין לעבן און רעדעס. זייטן 114-111.)

דער באַן-סטרייק איז געבראָכן געוואָרן ניט אויסשליסלעך מיט די גוואַלד-מיטלען פון דער פעדעראַלער רעגירונג. אַ שטאַרקן חלק אין דער נידערלאַגע פון די סטרייקער האָבן געהאַט די פירער פון די באַן-בראָדערהודס. אַלע רופן און דרינגלעכע ווענדונגען פון די סטרייק-פירער צו די איבעריקע פאַך-יוניאָנס אין דער באַן-אינדוסטריע זיינען געפאַלן אויף טויבע אויערן. די רעאַקציאָנערע בראָדערהוד-פירער זיינען אויסן געווען אַז די אינדוסטריעלע יוניאָן זאָל פאַרטיליקט ווערן. די אינטערעסן פון די אַרבעטער איז זיי ווייניק וואָס אָנגעגאַנגען.

מען קען דעריבער מיט זיכערקייט זאָגן, אַז די פאַראייניקטע כחות פון די באַן-קאָמפּאַניעס, פעדעראַלער רעגירונג און רעאַקציאָנערע יוניאָן-פירער האָבן באַזיגט דעם מוטיקן און סאָלידאַרישן אַרויסטרעט פון טויזנטער באַן-אַרבעטער אָן אונטערשייד פון זייער פאַך און צעך. מיט דעם סטרייק איז אויך אונטערגעגאַנגען די אינדוסטריעלע אָרגאַניזאַציע, די „אַמעריקאַן רעיל-וועיז יוניאָן". דעבס איז פאַראורטיילט געוואָרן צו זעקס מאָנאַטן טורמע. אין טורמע האָט ער צום ערשטן מאָל זיך באַקענט מיט סאָציאַליסטישער ליטעראַטור.

דער פולמאַן-סטרייק איז געווען דער ערשטער קאַמף אין וועלכן די פירערשאַפט האָט באַוואוסטזיניק געזוכט אָנצואווענדן מעטאָדן פון רעוואָלוציאָנערן קלאַסן-קאַמף. האָבנדיק געגן זיך דעם גאַנצן הערשנדיקן קלאַס און זיין רעגירונג, איז דאָס געווען דער איינציקער וועג פון זיג. די רעוואָלוציאָנערע מעגלעכקייטן פאַר דעם גאַנצן אַרבעטער-קלאַס וואָס זיינען געלעגן אין אַזאַ זיג, זיינען ניט אָפּצושאַצן. דער אינערלעכער פיינט אין דעם אַרבעטער-קלאַס, די רעאַקציאָנערע פירערשאַפט, האָט זיך געאיילט צו הילף דעם הערשנדיקן קלאַס. אָנשטאָט אַ זיג איז געקומען אַ נידערלאַגע. די נידערלאַגע איז ווידער אויסגענוצט געוואָרן פון דער רעאַקציאָנערער פירערשאַפט צו פאַרמיאוסן אין די אויגן פון די אַרבעטער דעם אינדוסטריעלן יוניאָניזם און די מעטאָדן פון קלאַסן-קאַמף.

### גאָמפּערס צעשטערט פּאָליטישן קאַמף פון יוניאָנס

מיר האָבן דערמאָנט, אַז די פאַרלאָרענע סטרייקס האָבן ווידער געשטעלט

אין פֿאָדערגרונט די נויטווענדיקייט פֿון אַ פּאָליטישן קאַמף. גאָמפּערס האָט געזען, אַז ער קען ניט איינהאַלטן און קאָנטראָלירן די שטאַרקע שטימונג וואָס טראָגט זיך אין ארבעטער־קלאַס פֿאַר פּאָליטישער אַקציע, האָט ער אָנשטאָט אַ פֿראָנט־אַטאַקע אָנגעווענדעט דעם מיטל פֿון אַ הינטער־אַטאַקע.

אָנשטאָט צו שאַפֿן אַ נאַציאָנאַלע קערפּערשאַפֿט פֿאַר פּאָליטישער אַקציע, אַ פּאַרטיי, אָדער צושטיין צו דער „סאָשעליסט לייבאָר פּאַרטיי", האָט ער אַזוי אויסגעדרייט אַז די וואַל־קאַמפּאַניע איז געוואָרן די אָנגעלעגנהייט פֿון די לאָקאַלע יוניאָנס. דאָס האָט אונטערגעריסן דעם פֿונדאַמענט פֿון דער גאַנצער קאַמפּאַניע. דער פֿעדערייש‌אָניסט האָט נאָכדעם אָפֿיציעל געמאָלדן, אַז העכער דריי הונדערט ארבעטער־קאַנדידאַטן זיינען ארויסגעשטעלט געוואָרן פֿאַר פֿאַרשיידענע אַמטן אין די וואַלן. נאָר אַ האַלבער טוץ זיינען דערוויילט געוואָרן.

דער אומפּאַרמיידלעכער דורכפֿאַל פֿון אַ צופֿעליקער און לאָקאַלער וואַל־אַקציע אָן אַ נאַציאָנאַלן פּלאַן און אַ נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע, איז שפּעטער אויסגענוצט געוואָרן פֿון גאָמפּערסן צו אַטאַקירן די גאַנצע פּאָליטישע פּראָגראַם און זעלבסטשטענדיקע פּאָליטישע טעטיקייט. גאָמפּערס און זיינע לייטענאַנטן האָבן פֿאַרקירעוועט די שטאַרקע שטימונג פֿון די ארבעטער פֿאַר אַ פּאָליטישן קאַמף אין דער ריכטונג פֿון פֿאַרכאַפּן די מאַכט אין פּאָליטישע קאָמבינאַציעס און „דילס", אָפּמאַכן מיט איינצלנע קאַפּיטאַליסטישע קאַנדידאַטן. אַזוי האָט גאָמפּערס שטילערהייט אָבער אַקטיוו געשטיצט די דעמאָקראַטישע פּאַרטיי אין די פּרעזידענט־וואַלן פֿון 1898, ווען ברייען איז געלאָפֿן פֿאַר פּרעזידענט. גאָמפּערס האָט אויך געזען אַז די א. פֿ. אָוו ל. זאָל גוטהייסן די דעמאָקראַטישע פּלאַטפֿאָרמע פֿאַר „פֿרייען זילבער" ווי אַ מיטל אָפּצושוואַכן די מאַכט פֿון די באַנקירן און אינדוסטריאַליסטן. שפּעטער איז אָנגעקומען די פּאָפּוליסטישע באַוועגונג, וואָס האָט פֿאַרכאַפּט אַ סך ארבעטער.

גאָמפּערסעס גוואַלדן קעגן פּאָליטישער אַקציע זיינען געצילט געווען נאָר קעגן זעלבסטשטענדיקער אַקציע פֿון ארבעטער־קלאַס ווי אַ קלאַס. גאָמפּערס האָט גאָרניט געהאַט קעגן דעם אַז די ארבעטער־באַוועגונג זאָל שטיצן און העלפֿן איינצלנע קאַפּיטאַליסטישע קאַנדידאַטן. דאָס איז געקרוינט געוואָרן מיטן נאָמען: אומפּאַרטייאישע פּאָליטיק.

אין 1897 איז דער קריזיס פאַריבער. די „יונייטעד מיין וואָירקערס" יוניאָן, וואָס האָט געהאַט אינגאַנצן צען טויזנט מיטגלידער, האָט דערקלערט אַ גענעראַל־סטרייק פאַר בעסערע אַרבעט־באַדינגונגען. פּרייזן אויף קוילן זיינען געשטיגן, די קאָמפּאַניעס האָבן אָנגעזאַמלט גרויסע פּראָפיטן אין דער צייט ווען די אַרבעטער זיינען געווען באַשעפטיקט אויף קריזיס־שכירות.

דער גענעראַל־סטרייק איז געווען אַ גרויסער דערפאָלג. צום ערשטן מאָל אַז די גאַנצע קוילן־פּראָדוקציע, מיטן אויסנאַם פון די קוילן־פעלדער אין וועסט ווירדזשיניע, איז אָפּגעשטעלט געוואָרן. די געריכטן האָבן אַרויסגעגעבן אינדזשאַנקשאָנס אין יעדן געגנט. הונדערטער סטרייק־טוער זיינען אַרעסטירט געוואָרן. די אַנטשלאָסנקייט פון די קוילן־גרעבער איז געווען פעלזן־שטאַרק, דער טעראָר האָט זיי ניט געקענט ברעכן.

דער סטרייק האָט אָנגעהאַלטן צוועלף וואָכן און האָט זיך געענדיקט מיט אַ פולשטענדיקן זיג פון די אַרבעטער. די קאָמפּאַניעס האָבן געגעבן אַ העכערונג פון 20 פּראָצענט אין לוין, אָפּגעשאַפט דעם צוואַנג־קויף אין זייערע קאָמפּאַניע־קראָמען, איינגעפירט דעם אַכט־שטונדיקן אַרבעט־טאָג און ענלעכע פונקטן. דער זיג האָט געשטעלט דער יוניאָן אויף די פיס און זי פאַרוואַנדלט אין אַ שטאַרקן פאַקטאָר אין דער קוילן־אינדוסטריע, ביז וואַנען דזשאָן ל. לואיס האָט מיט יאָרן שפּעטער, אין 1921, גענומען פאַרשאַכערן די אַרבעטער צו די קוילן־קאָמפּאַניעס.

ערשטער נאַציאָנאַלער אָפּמאַך מיט באַלעבאַטים

אין יענער צייט איז אויך געשלאָסן געוואָרן דער ערשטער קאָלעקטיווער אָפּמאַך אויף אַ נאַציאָנאַלן מאַסשטאַב צווישן די אָרגאַניזירטע באַלעבאַטים און אַ יוניאָן. דאָס איז געווען דער אָפּמאַך צווישן דער יוניאָן פון אויוון־מאַכער און די פאַבריקאַנטן. די פּראָדוקציע פון אויוונס איז געוואָרן זייער שטאַרק צענטראַליזירט און די פאַבריקאַנטן האָבן קאָנטראָלירט דעם מאַרק און אָנגעהאַלטן הויכע פּרייזן. די אַרבעט, ווידער, איז אַ הויך־קוואַליפיצירטע. אין 1898 איז געשלאָסן געוואָרן דער נאַציאָנאַלער אָפּמאַך, וואָס האָט געצילט „אויפצושטעלן אינדוסטריעלן שלום" אין דער אינדוסטריע. דאָס איז געווען

דער ערשטער באוואוסטזיניקער פארזוך פון דער יוניאָן־פירערשאפט אויסצו־
מיידן סטרייקס דורך אן אָפּמאך וואָס האָט באוואָרנט אז ביי זיין אויסגאנג
מוזן ביידע צדדים אָנהויבן פארהאנדלונגען פאר זיין באנייאונג. אָט דער ערש־
טער קאָלעקטיווער אָפּמאך און די אנדערע וואָס זיינען געקומען שפּעטער האָבן
אָבער נאָך ניט פארמאָגט דעם בארימטן פונקט פון ארביטראציע, וואָס האָט
געבונדן די ארבעטער הענט און פיס. די ערשטע קאָלעקטיווע אָפּמאכן האָבן
געצאמט די פרייהייט פון די ארבעטער צו סטרייקן, אָבער קיין דריטן צד,
דעם אזוי־גערופענעם אומפּארטייאישן צד—דעם „ווערטן פובליקום"—האָבן
זיי נאָך ניט אריינגעבראכט. דאָס איז געבליבן פאר די „סאָציאַליסטישע"
פירער אין די נאָדל־פאך יוניאָנס.

צוואַנציקסטער קאַפּיטל

# די סאָציאַליסטישע באַוועגונג (1915—1864)

סאָציאַליזם איז ניט פאַרבליבן קיין אימפּאָרטירטער פּראָדוקט. — ערשטער אינטערנאַציאָנאַל האָט געהאַט אָנהענגער צווישן אַמעריקאַנער אַרבעטער. — דער שנעלער וואוקס פון די סעקציעס פון אינטערנאַציאָנאַל. — די גרינדונג און שפּאַלטונג אין דער „סאָשעליסט לייבאָר פּאַרטי". — שטעלונג צו טרייד־יוניאָנס הויפּט־אורזאַך פון אַלע קאַמפן. — דע־ליאָן און זיין איינפלוס. — דער נייער טרייד־יוניאָן צענטער און דער קאַמף מיט דער א. פ. אָוו ל. — גאָמפּערס אַטאַקירט אָפן די סאָציאַליסטן.—דעבס, בערגער און זייער סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי. — די שטעלונג צו די פּאָפּוליסטן. — דער רעוואָלט געגן דע־ליאָן. — די גרינדונג פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אין 1901. — סאָציאַליסטישער איינפלוס אין די יוניאָנס. — הילקוויט זוכט צו לעבן אין פרידן מיט דער א. פ. אָוו ל. ביוראָקראַטיע.—דער קאַמף געגן די לינקע אין 1912.—רעכטע באַהערשן די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי. — די צאָל מיטגלידער און די צאָל שטימען. — דער קאַמף אַרום דער נעגער־פראַגע.

צווישן דער בורזשואַזער אינטעליגענץ איז פאַרשפּרייט די מיינונג, אַז די סאָציאַליסטישע באַוועגונג האָט ניט שטאַרק באַאיינפלוסט דעם אַמעריקאַנישן אַרבעטער־קלאַס, ווייל זי איז געווען און איז פאַרבליבן אַן אימפּאָרטירטער פּראָדוקט, אַריבערגעפלאַנצט געוואָרן פון יענער זייט אַטלאַנטישן אָקעאַן. באַזונדערס האַלטן זיך ביי דער טענה די רעכטע סאָציאַליסטן. ביי זיי איז דער ניט־דערפאָלג פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי — פריער די סאָציאַליסטישע אַרבעטער־פּאַרטיי — נאָר אַ באַווייז אַז סאָציאַליזם איז ניט געוואָרן אַמעריקאַניזירט. אַמעריקאַניזאַציע, ווידער, מיינט ניט ביי זיי איינצואוואָרצלען די סאָציאַליסטישע געדאַנקען צווישן די מאַסן דורך קלאַסן־קאַמף־מעטאָדן, נאָר פאַרוואַסערן דעם סאָציאַליזם אַזוי אַז די אַמעריקאַנישע אַרבעטער זאָלן אים קענען „אָננעמען".

אָט־דער פאַלשער און שעדלעכער שטאַנדפּונקט ווערט גרינג אָפּגעלייקנט פון דער געשיכטע פון אַרבעטער־קלאַס. די סאָציאַליסטישע באַוועגונג האָט יאָ שטאַרק באַאיינפלוסט אין געוויסע וויכטיקע מאָמענטן די אַנטוויקלונג פון

די אַרבעטער־קאַמפּן דאָ אין לאַנד. די פאַרהעלטנישמעסיקע שוואַכקייט פון דער סאָציאַליסטישער, און שפּעטער פון דער רעוואָלוציאָנערער, אַרבעטער־באַוועגונג דרינגט ניט אַרויס פון איר אויסלענדישער אָפּשטאַמונג, נאָר פון אַ ריי אינערלעכע און אויסערלעכע כחות, וואָס האָבן געווירקט אין דעם היגן אַרבעטער־קלאַס, ווי די צעטיילונג צווישן די קוואַליפיצירטע און ניט־קוואַליפיצירטע אַרבעטער, די גרויסע מאָס דעמאַגאָגיע וואָס דער הערשנדיקער קלאַס האָט באַנוצט, די יוניאָן־ביוראָקראַטיע וואָס האָט געהאָלפן דעם קאַפּי־טאַליסטישן קלאַס, דער אָפּאָרטוניזם און די פאַלשע מעטאָדן פון דער סאָציאַ־ליסטישער באַוועגונג גופא.

די ערשטע אידייען פון סאָציאַליזם זיינען געבראַכט געוואָרן אהער אין אָנהייב פון די 50ער יאָרן פון דייטשע אימיגראַנטן. דער דורכפאַל פון דער רעוואָלוציע פון 1848 אין דייטשלאַנד, אין וועלכער קאַרל מאַרקס האָט אָנטיילגענומען, און די כוואַליע פאַרפאָלגונגען וואָס די קעניגלעכע רעגירונג האָט אָנגעווענדט געגן די רעוואָלוציאָנערן, האָבן געבראַכט אַ סך פליכטלינגע אין די פאַראייניקטע שטאַטן. די מערסטע זיינען געווען אַלגעמיין־בירגער־לעכע רעוואָלוציאָנערן, רעפּובליקאַנער, ווי זיי האָבן זיך גערופן. אַ טייל זיינען שוין געווען אָנגעשטעקט מיט די היסטאָרישע לאָזונגען פון דעם קאָמו־ניסטישן מאַניפעסט. אָט־די אימיגראַנטן־גרופּן האָבן דאָ אין דער נייער וועלט געגרינדעט די ערשטע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס. די וויכטיקסטע טוער זיינען געווען וועדעמייער, ווייטלינג, א. אַז. וו.

צווישן די ערשטע טרעגער פון סאָציאַליזם זיינען אויך געווען פראַנ־צויזישע אַרבעטער וואָס זיינען אַנטלאָפן פון זייער היים נאָכן דורכפאַל פון דער רעוואָלוציע אין 1830. די פאַרפאָלגונגען וואָס נאַפּאָלעאָן דער דריטער האָט אָנגעווענדעט געגן רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער, האָבן געבראַכט צו די ברעגן פון די פאַראייניקטע שטאַטן אימיגראַנטן וואָס זיינען אָנגעהויכט געווען מיט סאָציאַליסטישע געדאַנקען. שוין אין 1857 האָבן די פראַנצויזן גע־גרינדעט אין ניו יאָרק די „אינטערנאַציאָנאַלע אַסאָסיאַציע". אין זעלבן יאָר האָבן די דייטשן געגרינדעט דעם „קאָמוניסטן קלוב".

ניט געקוקט אויף דעם וואָס ביידע אָרגאַניזאַציעס האָבן באַלאַנגט צו פאַרשיידענע סאָציאַליסטישע ריכטונגען, זיינען זיי געשטאַנען אין פאַרביג־דונגען צווישן זיך.*)

צווישן די דייטשע אַרבעטער זיינען געווען אָנהענגער פון שולצע דע־

*) הערמאַן שליטער, דער אינטערנאַציאָנאַל אין אַמעריקע, זייט 107.

ליטשעס קאָאָפּעראַטיווע פּלענער און פון דער טעאָריע פון פערדינאַנד לאַסאַל. די לאַסאַליאַנער האָבן באַשאַפן אין ניו יאָרק „דער אַלגעמיינער דייטשער אַרבעטער־פאַראיין".

נאָך איידער די יונגינקע סאָציאַליסטישע באַוועגונג האָט באַוויזן זיך צו באַפעסטיקן איז אויסגעבראָכן דער בירגער־קריג. די סאָציאַליסטן האָבן זיך אַריינגעוואָרפן אין די שלאַכטן אויף דער זייט פון דער פעדעראַלער רע־גירונג, זעענדיק אַ מעגלעכקייט אָפּצושאַפן די נעגער־שקלאַפעריי. מיר האָבן שוין געבראַכט די מיינונג פון מאָרים הילקוויט אין זיין געשיכטע פון סאָציאַ־ליזם אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

„דער בירגער-קריג האָט אַזוי אויסגעזייעט די רייען פון די סאָציאַליסטן, אַז די סאָציאַליסטישע באַוועגונג איז פּאַקטיש אָפּגעשטעלט געוואָרן. ערשט אין 1867 האָט זי ווידער אָנגעהויבן זיין טעטיק."

„נעשאָנעל לייבאָר יוניאָן" פאַרבונדן מיטן סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל

ווען דער ערשטער סאָציאַליסטישער אינטערנאַציאָנאַל איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין לאָנדאָן אין 1864 זיינען שוין צווישן זיינע אָנהענגער אין אַמע־ריקע געווען ניט בלויז דייטשע אימיגראַנטן. מיר האָבן שוין פאַרצייכנט, אַז איינער פון די באַדייטנדיקסטע אַרבעטער־פירער — אויב ניט דער באַדייטנ־דיקסטער — אין יענער צייט, דער יונגער וויליאַם סילוויס, איז געווען אַן אָנהענגער פון סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל. סילוויס האָט פאַרבונדן די אַרבעטער־באַוועגונג, אָרגאַניזירט אין דער „נעשאָנאַל לייבאָר יוניאָן", מיט דעם אינטערנאַציאָנאַל. שפּעטער האָט די „נעשאָנאַל לייבאָר יוניאָן" געשיקט אַ דעלעגאַט צו דעם קאָנגרעס פון אינטערנאַציאָנאַל אין 1869.*)

סילוויס איז געווען דער פירער פון די אייזן־גיסער און מאַשיניסטן, אַ מענטש מיט אַ טיפן מח און אַ גלענצנדיקער אָרגאַניזאַטאָר און רעדנער. סילוויס, אַן אַמעריקאַנער געבוירענער, ווייזט, אַז סאָציאַליזם איז געווען אַן „אָננעמבאַרער געדאַנק" פאַר עכט־אַמעריקאַנישע אַרבעטער.

די דעבאַטן אין דער נאַציאָנאַלער אַרבעטער־יוניאָן אַרום אַ זעלבסט־שטענדיקער פּאָליטישער אַקציע שפּיגלען אָפּ די ווירקונג, וואָס די יונגע סאָציאַליסטישע באַוועגונג האָט שוין געהאַט אין אָנהייב פון די זיבעציקער יאָרן. דער אופן ווי אַזוי אַ סך פאָדערונגען זיינען דעמאָלט פאָרמולירט געוואָרן ווייזט קלאָרע סמנים פון מאַרקסיסטישן איינפלוס. די נאַציאָנאַלע

---

*) מער וועגן דער נעשאָנאַל לייבאָר יוניאָן און דעם ערשטן סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל, אין קאַפּיטל: די אַרבעטער-נאָכן בירגער-קריג




קאַרל מאַרקס

אַרבעטער־יוניאָן איז געווען דער העכסטער פּונקט צו וועלכן די אַרבעטער־שאַפט האָט זיך דערהויבן גלייך נאָך דעם בירגער־קריג. איר פאַרבינדונג מיטן סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל האָט דעמאָנסטרירט די גרויסע פרוכטבאַרע מעגלעכקייט וואָס די סאָציאַליסטישע באַוועגונג האָט געקענט האָבן אין דעם אַמעריקאַנישן אַרבעטער־קלאַס, ביי אַ געהעריקער מאַרקסיסטישער ליניע און פירערשאַפט.

פּראָלעטאַרישע סאָלידאַריטעט צווישן דייטשן און פראַנצויזן אין פּרייסיש־פראַנצויזישן קריג

די דירעקטע אָפּטיילונגען, וואָס דער ערשטער סאָציאַליסטישער אינטערנאַציאָנאַל האָט פון אָנהייב געהאַט אין לאַנד, זיינען באַשטאַנען פון עטלעכע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס אין ניו יאָרק, שיקאַגאָ און סאַן פראַנציסקאָ. זיי האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין 1868 און האָבן טאַקע געהייסן, סעקציע פון סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל. אין 1870 זיינען צוגעקומען נאָך סעקציעס פון באָהעמישע און אירלענדישע אַרבעטער. די דייטשן זיינען נאָך אַלץ פאַרבליבן די גרעסטע און איינפלוסרייכסטע סעקציע. נאָך די דייטשן זיינען געקומען די פראַנצויזן.

דער אינטערנאַציאָנאַל איז געווען די אָרגאַניזאַציע וואָס האָט צום ערשטן מאָל פאַרבונדן אימיגראַנטישע גרופּעס אויף אַ דויערהאַפטן אופן. כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם הויכן גראַד קלאַסן־באַוואוסטזיין וואָס די ערשטע

סאָציאַליסטן האָבן פאַרמאָגט, איז די געמיינשאַפטלעכע דייטש־פראַנצויזישע פּראָטעסט־פאַרזאַמלונג קעגן דער דייטשער פאַרכאַפּונג פון עלזאַס־לאָטאַרינגען, נאָך דער שלאַכט אין סעדאַן, אין יאָר 1870.

דער פּראָטעסט איז געווענדעט געווען צו די אַרבעטער אין איירּאָפּע און איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דייטש, פראַנצויזיש און ענגליש.

„די געפּלאַנטע אַנעקסיע פון עלזאַס־לאָטאַרינגען, וועלכע איז אַזוי אומ-געזעצלעך אַז זי מוז פירן צו אַזעלכע שעדלעכע רעזולטאַטן, ווי די צעטיילונג פון פּוילן, דאַרף זיין כלומרשט אַ פּלאַסטער פאַר די וואונדן פון דייטשן פאָלק. אין דער ווירקלעכקייט איז עס נאָר אַ רויבעריי פאַר די אַמביציעס פון די פּרייסישע יונקערס. אונטער דעם פאַלשן אויסרייד פון באַפרייאונג וועט אַזוי אַרום געשאַפן ווערן אַ שטענדיקע קריג־געפאַר און אַן אומאויפהערלעכע אור-זאַך פאַר אַלץ־שטייגנדיקע שטענדיקע אַרמייען. נאָך דער שלאַכט אין סעדאַן ווערט דער קריג געפירט נאָר געגן די רעוואָלוציאָנערע סאָציאַלע אידייען.

„פאַר די אַרבעטער פון אַלע לענדער איז פאַראַן נאָר איין קריג־געשריי: נידער מיט דער לוין־שקלאַפעריי! נידער מיט דעם מיליטאַריזם!"

די פאַרפאַסער פון דער פּראָטעסט־רעזאָלוציע האָבן געטראָפן אין פּינטל. עלזאַס־לאָטאַרינגען איז אויסגענוצט געוואָרן פון די פראַנצויזישע אימפּעריאַ־ליסטן ווי אַ שטענדיקער רוף צו רעוואַנש (נקמה) און פאַר דער באַפרייאונג פון די צוויי „אונטערדריקטע" פּראָווינצן. 45 יאָר שפּעטער האָט געפלאַקערט אַ לאַנגע, שרעקלעכע מלחמה, וואָס האָט צוריקגעקערט עלזאַס־לאָטאַרינגען צו פראַנקרייך. אָבער די אָפיציעלע פירער פון דייטשן און פראַנצויזישן אַר־בעטער־קלאַס האָבן זיך ניט געאייניקט ברידערלעך אויף אַ פּראָטעסט־רעזאָלוציע...

סעקציעס פון אינטערנאַציאָנאַל געווינען אַ סך פּרעסטיזש

אין דעצעמבער 1870 האָבן דריי ניו יאָרקער סעקציעס אָרגאַניזירט אַ צייטווייליקן צענטראַל־קאָמיטעט פאַר די פאַראייניקטע שטאַטן. דאָס האָט געהאָלפן דער ווייטערדיקער פאַרשפּרייטונג פון דער סאָציאַליסטישער באַ־וועגונג. דער צענטראַל־קאָמיטעט האָט איינגעאָרדנט אַ וואַרעמע אויפנאַמע פאַר דעם אירלענדישן רעוואָלוציאָנערן פירער אָ'דאָנאָוואַן ראָסאַ ביי זיין אָנ־קומען אין ניו יאָרק. דאָס האָט געהויבן דעם פּרעסטיזש פון דעם אינטער־נאַציאָנאַל צווישן די אירלענדישע מאַסן. אירלענדישע סעקציעס זיינען גלייך אָרגאַניזירט געוואָרן.

דער פּרייסיש־פראַנצויזישער קריג האָט געווירקט אויסצוברייטערן די

ווירקונג פון דעם אינטערנאַציאָנאַל, וואָס איז געווען די איינציקע אָרגאַני־זאַציע זיך אַנטקעגנצושטעלן געגן דער דייטשער נאַציאָנאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע. די גרויסע אַרבעטלאָזע דעמאָנסטראַציעס און סטרייקס אין דעם אויסברוך פון קריזיס אין 1873, אין וועלכע די סאָציאַליסטן האָבן זיך באַטייליקט, איז געוואָרן אַ ברייטע אַרענע פון וואַנען די סעקציעס פון אינטערנאַציאָנאַל האָבן ווערבירט נייע רעקרוטן.

דער ביסמאַרק אַנטי־סאָציאַליסטן געזעץ אין דייטשלאַנד, 1878, און די גרויזאַמע אונטערדריקונג פון דער פּאַריזער קאָמונע אין 1871 האָבן געבראַכט אַהער נאָך רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער פון דייטשלאַנד און פראַנקרייך. פיל טויזנטער קאָמונאַרן האָבן געמוזט אַנטלויפן פון דער מאַסן־שחיטה, וואָס די בורזשואַזיע מיט אירע גענעראַלן האָבן דורכגעפירט אויף די אַרבעטער־מאַסן. אַ טייל פון די פליכטלינגע זיינען אָנגעקומען אין די פאַראייניקטע שטאַטן. די קליינע סאָציאַליסטישע גרופּעס האָבן זיי אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס. די באַוועגונג איז געוואָרן גרעסער און איינפלוסרייכער. די פּאָפּולאַריטעט פון די סעקציעס איז שנעל געוואַקסן. לויט דעם אויסדרוק פון פ. א. זאָרגע: דער אינטערנאַציאָנאַל איז „אַריין אין דער מאָדע".

שוין אין סאַמע געבורט האָט די שנעלע פּאָפּולאַריטעט פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג פאַרמאָגט אין זיך אַ שלעכטן שטריך. צוזאַמען מיט די אַרבעטער האָט אויך אַריינגעשטראָמט אַ פרעמדער, אומגעווינשטער עלע־מענט. רעפאָרמער פון אַלערליי סאָרטן און קאָלירן, פריידיקער פון אַלערליי פאַנטאַסטישע פּלענער און אַפילו שאַרלאַטאַנעס זיינען אַריינגעקומען אין די סעקציעס פון אינטערנאַציאָנאַל. סעקציע 12 אין ניו יאָרק איז אַרונטער־געפאַלן אונטער דעם איינפלוס פון צוויי רייכע שוועסטער, וואָס האָבן פאַר־וואַנדלט די אָרגאַניזאַציע אין אַ פּלאַטפאָרמע פאַר פרויען־רעכט, פרייע ליבע און איין אוניווערסאַלער שפּראַך. צו סעקציע 12 איז צוגעשטאַנען סעקציע 9. אַ שפּאַלטונג איז פאָרגעקומען, די ערשטע „שפּאַלטונג" אין דער אַמעריקאַני־שער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. די אָפּשפּאַלטער האָבן זיך פאָרגעשטעלט ווי די „אַמעריקאַנער", וואָס רעבעלירן געגן די „אויסלענדער". סעקציע 12 איז שפּעטער אויסגעשלאָסן געוואָרן פון גענעראַל־ראַט אין לאָנדאָן.*)

די סעקציעס זיינען פאַראייניקט געוואָרן און אין 1872 האָבן זיי אָפּ־געהאַלטן דעם ערשטן צוזאַמענפאָר אין ניו יאָרק און זיך אַ נאָמען געגעבן: די צפון־אַמעריקאַנישע פעדעראַציע פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַסאָסיאַציע

---

*) ג. מ. סטעקלאָוו, היסטאָרי אָוו די פוירסט אינטערנעשאָנאַל, זייטן 276-277.

פון אַרבעטער, דער אָפיציעלער נאָמען פון ערשטן סאָציאַליסטישן אינטער־נאַציאָנאַל.

„די צאָל אָנגעשלאָסענע מיטגלידער האָט אין 1871 דערגרייכט פינף טויזנט. די מיטגלידערשאַפט איז באַשטאַנען פון אַמעריקאַנער, אירלענדער, דייטשן, סקאַנדינאַווער און באָהעמער (טשעכאָסלאָוואַקן). דער ערשטער צוזאַמענפאָר פון די סעקציעס פון דעם אינטערנאַציאָנאַל איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין ניו יאָרק דעם 6טן יולי, 1872. דער צוזאַמענפאָר האָט אָנגענומען דעם אָפיציעלן נאָמען פון דעם אינטערנאַציאָנאַל מיט דעם אַמעריקאַנישן צוגאָב 'נאָרט אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו די אינטערנעשאָנעל וואָירקינגמענס אַסאָסיאיישאָן'. אין די אָנגענומענע רעגולאַציעס און כללים איז פאַראַן אַ פונקט, אַז די נייע אָפּטיילונגען דאַרפן באַשטיין וויניקסטנס פון דריי־פערטל אַרבעטער. אַלע אָפּטיילונגען ווערן אָנגעזאָגט אָנצוהאַלטן גוטע באַציאונגען מיט די טרייד־יוניאָנס און העלפן אָרגאַניזירן נייע יוניאָנס.”
(הילקוויט, געשיכטע פון סאָציאַליזם, זייט 194.)

ווי מיר זעען, איז דער אָנהויב געווען אַ גוטער. דער ערשטער סאָציאַ־ליסטישער אינטערנאַציאָנאַל האָט זיך געשטעלט מיט ביידע פיס אויף אַ געזונטן פּראָלעטאַרישן באָדן אין די פאַראייניקטע שטאַטן. די דייטשן זיינען ניט געוואָרן די אויסשליסלעכע טרעגער פון סאָציאַליזם. די יונגע סאָציאַ־ליסטישע באַוועגונג האָט נאָרמאַל אָפּגעשפּיגלט דעם פּילצאָליקן נאַציאָנאַלן באַשטאַנד פון היגן פּראָלעטאַריאַט. דער דורכפאַל אין די שפּעטערדיקע יאָרן קען דעריבער ניט צוגעשריבן ווערן צו דער „ניט־אָנגענעמבאַרקייט” פאַר דעם געבוירענעם אַמעריקאַנישן אַרבעטער, נאָר הויפּטזאַכלעך צו די פונדאַמענ־טאַלע פעלערן אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג גופא און צו דער קאָנ־סערוואַטיווער טרייד־יוניאָן פירערשאַפט דורך וועמעס מויל דער הערשנדיקער קלאַס האָט געגאַרט די אַרבעטער־מאַסן. די פונדאַמענטאַלע פעלערן אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג האָבן זיך גלייך באַוויזן.

די ערשטע שפּאַלטונג ; די גרינדונג פון דער סאָשעליסט לייבאָר פּאַרטי

דער שווערער קריזיס אין 1873, די לײַדן פון אַרבעטער־קלאַס און דער חורבן וואָס ער האָט אָנגעמאַכט אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, האָט זיך אָפּ־גערופן אויך אויף דער יונגער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. אַ נייע גרופּע איז אויפגעשטאַנען, וואָס האָט געפאָדערט אַז די סאָציאַליסטישע אָרגאַני־זאַציעס זאָלן שטיצן די פּאָליטישע אַרויסטרעטונגען פון דעם „גרינבעקיזם”, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט באַדייטנדיקע טיילן פונם אַרבעטער־קלאַס. דער

„גרינבעקיזם", די באוועגונג פאר מער פאפיר־געלט, האט אויסגעדריקט די האפענונגען פון די קליינבירגערלעכע עלעמענטן און פארמער, אז נייע רע־גירונג־געלטער וועט זיי העלפן אין דעם קאמף געגן די באנקירן, אין וועמען זיי האבן געזען זייער הויפט־שונא. מאסן האָרעפאשניקעס זיינען מיטגעריסן געוואָרן פון דעם „גרינבעקיזם", פונקט ווי א סך ארבעטער האבן אין די קריזיס־יאָרן פון 1929—1934 געגלויבט אין דער רפואה פון אינפלאציע און פון זילבער־געלט. די נייע ריכטונג האט געפאדערט אן ענדערונג אין דער טאקטיק פון די סאציאליסטישע אָרגאניזאציעס אין איינקלאנג מיט דער „געענדערטער" צייט — דער קלאסישער אויסרייד פון אָפּאָרטוניסטן און רעפאָרמיסטן אין אַלע צייטן און לענדער, ווען זיי זוכן מיטצואַרבעטן מיט בירגערלעכע עלעמענטן. די ערשטע ריכטונג איז פארבליבן ביי דעם פריערדיקן אַלגעמיינעם סאציאליסטישן שטאנדפונקט ניט צו דערלויבן קיין מיט־ארבעטערשאפט מיט „ניט־ארבעטער עלעמענטן" און ניט שטיצן קיין פלאט־פאָרמע, וואָס איז ניט געבויט אויף דער אָפּשאפונג פון קאפיטאליזם.

די ערשטע ריכטונג האט געהאט די מערהייט אויפן צוזאמענפאר, וואו עס זיינען געווען פארטראָטן 23 סעקציעס. אייניקע אויסצוגן פון דער רעזאָ־לוציע, וואָס די מערהייט האט דורכגעפירט, לייענען זיך:

„אין אַנבאַטראַכט, אַז די באַפרייאונג פון אַרבעטער־קלאַס מוז אויס־געקעמפט ווערן פון אים אַליין, באַשליסט דער צוזאַמענפאָר צו פאַרוואַרפן יעדע געמיינשאַפט פון דער פעדעראַציע מיט די בירגערלעכע פּאַרטייען, מיט וואָס פאַר אַ נעמען זיי זאָלן זיך ניט אָנרופן: רעפּובליקאַנער, ליבעראַלן, ראַדיקאַלן, רעפאָרמער, אומאָפּהענגיקע, פּראָגרעסיווע א. ז. וו. דעריבער איז פאַרבאָטן יעדן מיטגליד פון דער פעדעראַציע צו געהערן צו אַזעלכע פּאַר־טייען. ווער עס וועט אַננעמען אַן אַמט אָן דער דערלויבעניש פון זיין סעקציע אָדער פון דער פעדעראַציע, דער וועט אויסגעשלאָסן ווערן פון מיטגלידער־שאַפט, אַזוי לאַנג ווי ער האַלט אָן דעם אַמט.

„די פעדעראַציע באַטייליקט זיך אין דער פּאָליטיק פון לאַנד בכלל, אַרויס־צוקריגן געזעצן פאַר די אינטערעסן פון אַרבעטער־קלאַס. אַזעלכע געזעצן זיינען: אַ נאָרמאַלער אַרבעט־טאָג, אָפּשאַפונג פון קינדער־אַרבעט, זיכערקייט פון לוין, סטאַטיסטישע אַרבעט־ביוראָ, בעסערע סאַניטאַרישע באַדינגונגען, אָפּשאַפונג פון אַלע אומדירעקטע שטייערן. דאָס אַלץ איז אַזאַ כאַראַקטער און פאָרמע, אַז דורך דעם זאָל די אַרבעטער־פּאַרטיי זיך אונטערשיידן און אָפּזונדערן פון אַלע בירגערלעכע פּאַרטייען."

די ערשטע ריכטונג, זיך האַלטנדיק ביי דער אַלגעמיינער ליניע פון אינטערנאַציאָנאַל, האָט אָבער איבערגעבויגן דעם שטעקן אויפן צווייטן עק,

אויף דער זייט פון איזאָלאַציע. די טרייע אָנהענגער פון אינטערנאַציאָנאַל, גע־פירט פון זאָרגע, האָבן איגנאָרירט די שטייגנדיקע שטימונג צווישן די אַר־בעטער פאַר פּאָליטישער טעטיקייט ארויסצורייסן פאַרבעסערונגען פון דער קאַפּיטאַליסטישער מלוכה. זאָרגע און זיין גרופּע האָבן זיך באַנוגנט מיט אַ פּלאַטפאָרמע וואָס האָט געפאָדערט סאָציאַלע גזעצגעבונג. זאָרגע האָט אָבער ניט באַגריפן די נויטווענדיקייט זיך צו פאַרבינדן מיט די ארבעטער־פּאַרטייען וואָס זיינען אַנטשטאַנען אין אַ ריי גרויסע שטעט, כאָטש זיי האָבן ארומגענומען ניט־ארבעטער עלעמענטן אין זייערע רייען און האָבן ארויס־געשטעלט צעשוואומענע פּראָגראַמען.

די אָפּאָזיציע האָט פאַרלאַנגט זיך אויסמישן מיט די צעשוואומענע אַר־בעטער־פּאַרטייען. די זאָרגע־גרופּע האָט ניט געוואָלט האָבן צו טאָן מיט די ארבעטער־פּאַרטייען, ווייל זייערע פּלאַטפאָרמעס האָבן ניט אריינגענומען די אָפּשאַפונג פון קאַפּיטאַליזם און ווייל צווישן זייערע מיטגלידער זיינען געווען בירגערלעכע עלעמענטן. אָפענע קאָמפּראָמיסלעריי האָט זיך אָנגעשטויסן אויף שטייפער, פאָרמעלער פּרינציפּן־ריינקייט. דער רעזולטאַט איז געווען אַ שווערער קלאַפּ פאַר דער יונגער סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

## דער איינפלוס פון לאַסאַלס טעאָריע

נאָך פאַר דעם צווייטן צוזאַמענפאָר אין פילאַדעלפיע אין 1874 האָט זיך דער קאַמף צווישן די צוויי ריכטונגען שטאַרק פאַנאַנדערגעפלאַקערט. אין שיקאַגאָ האָבן די דאָרטיקע סאָציאַליסטן דורכגעפירט אַ שפּאַלטונג און אָרגאַניזירט די סאָציאַליסטישע ארבעטער־פּאַרטיי („סאָשעליסט לייבאָר פּאַרטי"). אין אנדערע שטעט האָבן די סאָציאַליסטן געגרינדעט די „נאָרט אמעריקען סאָשל־דעמאָקראַטיק פּאַרטי" (צפון־אמעריקאַנישע סאָציאַל־דעמאָ־קראַטישע פּאַרטיי).ביידע פּאַרטייען זיינען געווען אָנגעשטעקט מיט די גע־דאַנקען פון פערדינאַנד לאַסאַל, אז נאָר דער פּאָליטישער קאַמף, מיטן צוגאָב פון קאָאָפּעראַטיווע פאַבריקן געשטיצט פון דער מלוכה, איז דער איינציקער וועג פאַר דעם ארבעטער־קלאַס צו זיין באַפרייאונג.

אז די אָפּגעשפּאָלטענע גרופּן זיינען געווען נאָענט צו לאַסאַלס אויפ־פאַסונג פון דעם שטאַט און פון די מיטלען צו געווינען דעם שטאַט, קען מען זען פון דער וואַל־פּראָגראַם, וואָס די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע ארבעטער־פּאַרטיי האָט אָנגענומען. אין די זעקס פּונקטן איז אַ וואָרט ניט דערמאָנט פון סטרייק ווי אַ מיטל פון קאַמף. עס איז גאָרניט דערמאָנט וועגן פאָדע־

רונגען פון א באלדיקן כאראקטער. די פראגראם איז אנגענומען געווארן אויף דעם ערשטן צוזאמענפאר. ביי דעם צווייטן צוזאמענפאר, וואס איז אפגעהאלטן געווארן אין פילאדעלפיע אין 1876, זיינען געווען פארטראטן אויך אנדערע סאציאליסטישע גרופעס. דער צוזאמענפאר איז פארוואנדלט געווארן אין א פאראייניקונג פון די גרופעס, וואס האבן זיך ארגאניזירט אונטערן נאמען סאציאליסטישע ארבעטער־פארטיי.

די סאציאליסטישע ארבעטער־פארטיי האט איבערגענומען אלע פונדאמענטאלע שוואכקייטן פון דעם לאסאליאניזם.

דער צוזאמענפאר פון די סעקציעס פון אינטערנאציאנאל אין פילאדעלפיע איז דעריבער שוין געווען א קליינער. נאר 23 אפטיילונגען זיינען געווען פארטראטן. די רעזאלוציע דערקלערט, אז „מיטגלידער קענען זיך ניט אנשליסן אין פאליטישע פארטייען, וואס זיינען באשאפן פון די באזיצנדיקע קלאסן". אין דער זעלבער צייט האט די רעזאלוציע באווארנט, אז די סעקציעס פונם אינטערנאציאנאל זאלן זיך ניט איילן מיט קיין פאליטישע קאמפאניעס איידער זיי וויסן אז די קאמפאניעס וועלן קריגן אן אפרוף צווישן די מאסן.

אין די רייען פונם אינטערנאציאנאל אין אייראפע איז גלייכצייטיק אנגעגאנגען דער ליידנשאפטלעכער קאמף צווישן מארקס און באקונין. דער קאמף, צוזאמען מיט דער פינצטערער רעאקציע אין וועלכער אייראפע איז אריינגעטראטן, האט געמאכט אוממעגלעך פארן אינטערנאציאנאל צו עקזיסטירן אין אייראפע. מארקס האט אריבערגעשיקט די הויפט־קווארטיר פון דעם אינטערנאציאנאל אין די פאראייניקטע שטאטן. א. פ. זארגע, גרינדער פון קאמוניסטישן קלוב, איז געווארן דער סעקרעטאר פון אינטערנאציאנאל.

## אינטערנאציאנאל פארלירט זיין באזע און לייזט זיך אויף

אין 1876 איז אפגעהאלטן געווארן אין פילאדעלפיע דער לעצטער קאנגרעס פון אינטערנאציאנאל. נאר די אמעריקאנישע סעקציעס זיינען געווען פארטראטן און האבן ניט פארגעשטעלט מיט זיך די מערהייט סאציאליסטן אין אמעריקע. דער צוזאמענפאר האט באשלאסן אויפצולייזן דעם אינטערנאציאנאל. די דעקלאראציע וואס דער צוזאמענפאר האט ארויסגעלאזט איז ניט געווען קיין דאקומענט פון אונטערגאנג און פארצווייפלונג.

פארקערט, די דעקלאראציע פראקלאמירט מיט שטאלץ, אז די אלוועלטלעכע פראלעטארישע באוועגונג וועט קומען צו זיך.

די פראקלאמאציע לייענט זיך:

„חברים ארבעטער! דער אינטערנאציאנאל איז טויט, וועט די בורזשואזיע פון אלע לענדער אויסרופן און מיט חוזק און פרייד אנווייזן אויף די פארהאנדלונגען פון דעם צוזאמענפאר ווי א באשטעטיקונג, אז די ארבעטער-באוועגונג פון דער וועלט איז צעשלאגן. מיר טארן ניט באאיינפלוסט ווערן פון דעם געשריי פון אונזערע פיינט. מיר האבן אויפגעלייזט דעם אינטערנאציאנאל צוליב די אורזאכן, וואס שטאמען פון דער איצטיקער לאגע אין אייראפע. אבער ווי א פארגיטיקונג זעען מיר, אז די פרינציפן פון דער ארגאניזאציע זיינען אנערקענט און פארטיידיקט פון די פראגרעסיווע ארבעטער אין דער גאנצער ציוויליזירטער וועלט. מיר וועלן געבן אונזערע ברידער אין אייראפע צייט צו פארשטארקן זייערע אינערלעכע אנגעלעגנהייטן און זיי וועלן זיכער זיין אין א לאגע אומצואווארפן די צאמען צווישן זיי און די ארבעטער פון די איבעריקע וועלט-טיילן.

„די חברים אין אמעריקע פארזיכערן אייך, אז זיי וועלן געטריי אפהיטן און אויפהאלטן די דערגאבערונגען פון דעם אינטערנאציאנאל אין דעם לאנד ביז וואנען מער גינסטיקע באדינגונגען וועלן ווידער צוזאמענברענגען די ארבעטער פון אלע לענדער אין א געמיינזאמען קאמף און דער אויסגעשריי וועט קלינגען העכער ווי פריער:

„ 'פראלעטאריער פון אלע לענדער, פאראייניקט זיך!' "

די קורצע עקזיסטענץ פון אינטערנאציאנאל איז ניט פאריבער אן שפורן פון שפעטערדיקן איינפלוס אויף דעם ארבעטער-קלאס. דער אינטערנאציאנאל איז אין זיינע געציילטע יארן געווען א שולע וואס האט ארויסגעלאזט קאדרען מארקסיסטן וועלכע זיינען געשטאנען אין שפיץ פון א סך ארבעטער-קאמפן.

פרידריך זארגע, סעקרעטאר פון אינטערנאציאנאל, האט אין זיין בוך וועגן דער דעמאלטיקער אמעריקאנישער ארבעטער-באוועגונג געשריבן :*)

„די מיטגלידער פון דער פארטיי, כמעט אלע אויסשליסלעך פשוטע ארבעטער פון פארשיידענע צווייגן פון דער אינדוסטריע, האבן געזוכט אריבערצוזאגן איינע די אנדערע אין שטודירן די שווערסטע פאליטישע און עקאנאמישע פראבלעמען. צווישן די מענטשן וואס האבן באלאנגט צו דער פארטיי פון 1869 ביז 1874 איז שווער געווען צו געפינען עמיצן וואס זאל ניט האבן איבערגעלייענט דעם גאנצן 'קאפיטאל' פון מארקס. א סך פון זיי האבן זיך פולשטענדיק פאנאנדערגעקליבן אין די סאמע קאמפליצירטסטע שטעלן און פארמולעס און זיינען געווען אויסגעצייכנט באוואפנט געגן די אטאקעס פון די קאפיטאליסטישע, ראדיקאלע אדער רעפארמיסטישע שולעס."

---

*) מ. הילקוויט, געשיכטע פון סאציאליזם אין די פאראייניקטע שטאטן, ז. 133.

### ס. ל. פּ. שטייט פון ווייטן פון די גרויסע קאַמפן אין 1877

די סאָציאַליסטישע אַרבעטער־פּאַרטיי, געגרינדעט אויף די חורבות פון אינטערנאַציאָנאַל, האָט אַרויסגעוויזן אַ געוואַלדיקע שמאָלקעפּיקייט און סעקטאַנטסטווע. אין די העלדישע און בלוטיקע מאַסן־קאַמפן, וואָס זיינען אויסגעבראָכן אין 1877 אַרום די סטרייקס פון די באַן־אַרבעטער און די פאַרשפּרייטע סימפּאַטיע־סטרייקס, האָט די פּאַרטיי, וואָס האָט באַדאַרפט זיך שטעלן אין דער שפּיץ פון די קעמפנדיקע אַרבעטער, זיך באַנוגנט מיט געבן זיי עצות צו זיין מעסיק און ניט מאַכן קיין צו גרויסן טומל צוליב זייער הונגער, „ווייל עס וועט זיי סיי ווי סיי ניט העלפן". די פּאַרטיי האָט זיך באַטראַכט בלויז ווי אַ פּראָפּאַגאַנדע־אָרגאַניזאַציע פאַר סאָציאַליזם.

מאָריס הילקוויט, וואָס האָט זיך געגריבלט אין דער געשיכטע פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, גיט אַ כאַראַקטעריסטישע באַשרייבונג פון דער אָפּאָרטוניסטישער אויפפירונג פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. פאַרשטייט זיך, אַז הילקוויט אַליין, דער פאָטער פון אָפּאָרטוניזם, איז צופרידן דערפון. הילקוויט שרייבט:

„זיי (די סאָציאַל-דעמאָקראַטן) האָבן ניט געהאַט קיין חלק אין פאַראורזאַכן די אַרבעטער-אומרועו אין 1877. פון דער צווייטער זייט האָבן זיי ניט פאַרנאַכלעסיקט די געלעגנהייט צו אַגיטירן פאַר זייערע אידייען צווישן די מאַסן. זיי האָבן ניט איבערגעשאַצט די באַדייטונג פון די סטרייקס און האָבן פון דעם סאַמע אָנהייב באַגריפן, אַז די באַוועגונג איז נאָר אַ פאַרבייגייענדיקע פאַזע אין דעם קאַמף צווישן אַרבעט און קאַפּיטאַל. זיי זיינען געווען געגן אומגייטיקע אַקטן פון גוואַלדטאַטן. אויף די צאָלרייכע פאַרזאַמלונגען, וואָס די סאָציאַליסטן האָבן איינבאַרופן, האָבן זיי אונטערשטראָכן כמעט אין איינהייטלעכע ווערטער די נוצלאָזיקייט פון פּלאַנלאָזע רעוואָלטן און די נויטווענדיקייט פון אַן אָרגאַניזירטער און אינטעליגענטער אַקציע פון אַרבעטער-קלאַס.

„אין פילאַדעלפיע האָט די פּאַרטיי באַשלאָסן צו רופן צוויי פאַרזאַמלונגען 'צו דיסקוטירן אויף אַ שטילן און מעסיקן אופן די איצטיקע שווועריקייטן צווישן אַרבעטער און קאַפּיטאַל, אויסצודריקן סימפּאַטיע מיט די סטרייקער, אָבער אַרויסצוטרעטן ענערגיש געגן פאַרניכטונג פון אייגנטום'." (הילקוויט, זעלבער בוך, זייטן 223-224.)

די אויבנגעבראַכטע ציטאַטע איז טיפּיש פאַר די רעכטע סאָציאַליסטן פון אַלע צייטן און אין אַלע לענדער. אין מאָמענטן פון גרויסן אויפברויז צווישן

די אַרבעטער, ווען הונגער און אונטערדריקונג טרייבן זיי אויף דער גאַס, קומען אָט־די „סאָציאַליסטן" און אָנשטאָט צו געבן קלאָרע פירערשאַפט און אָרגאַניזאַציע צו די אָנגעצונדענע מאַסן, לאָזונגען און אַ פּראָגראַם וואָס זאָלן פירן די מאַסן צו געווינען זייערע פאָדערונגען פאַר ברויט און מינימאַלער זיכערקייט קעגן הונגער, שטייען זיי פון דער זייט און אַנטמוטיקן די אַרבעטער פון יעדער אַקציע אין נאָמען פון מעסיקייט און פאַרנונפט. איבעריק צו זאָגן, אַז אַזאַ פּאַרטיי מוז בלייבן פון דרויסן פון דעם אַרבעטער־קלאַס. זי קען ניט האָפן זיך איינצוואָרצלען אין זיינע רייען.

די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי איז געבוירן געוואָרן אין אַ גינסטיקער צייט. אַרום האָבן געפלאַקערט הייסע אַרבעטער־קאַמפן, אָבער די פּאַרטיי איז געשטאַנען פון וויטן און האָט זיך באַנוגנט מיט פּריידיקן אַבסטראַקט די אידייע פון סאָציאַליזם.

### מיליטאַנטישע אַרבעטער פאַרלאָזן די פּאַרטיי

ווען מען עקזאַמינירט די ערשטע יאָרן פון דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי הייבן אָן טיילווייז קלאָר ווערן די אורזאַכן פון דער שפּאַלטונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין אָנהייב פון די 80ער יאָרן. אָן צווייפל האָט דער קאַמף, וואָס די באַקוניניסטן האָבן געפירט אין איראָפּע קעגן די מאַרקסיסטן, אַ סך געהאָט צו זאָגן אויף דער שפּאַלטונג אין 1883 אין דער ס. ל. פּ., ווען אַ גרופּע מיליטאַנטישע אַרבעטער, געפירט פון שפּיז, פּאַרסאָנס, שוואַב און אַנדערע האָבן ענדגילטיק פאַרלאָזט די פּאַרטיי און געגרינדעט זייער אָרגאַניזאַציע, וואָס איז שפּעטער באַקאַנט געוואָרן ווי דער „שוואַרצער אינטערנאַציאָנאַל". אין דער זעלבער צייט קען מען מיט זיכערקייט זאָגן, אַז געטריבן צו דער שפּאַלטונג האָט די סעקטאַנטסטווע און רעכטע פּאָליטיק פון דער פּאַרטיי גופא.

הילקוויט, וואָס האָט געשריבן זיין געשיכטע פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין די פאַראייניקטע שטאַטן מיט דער קלאָרער כונה צו באַרעכטיקן דעם אָפּאָרטוניזם פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אונטער זיין פירערשאַפט, קען דינען פאַר אַ גוטן עדות. הילקוויט גיט די פאָלגנדיקע אָפּשאַצונג פון דער מיינונג־פאַרשידנהייט, וואָס איז אויפגעקומען אין דער פּאַרטיי נאָך אויף דעם צוזאַמענפאָר אין 1879:

„עטוואָס פריער האָבן סאָציאַליסטן אין שיקאַגאָ און סינסינעטי אָרגאַניזירט געוויסע מיליטערישע אָרגאַניזאַציעס פון אַרבעטער אונטער דעם נאָמען

'בילדונג און שוץ-געזעלשאַפטן' ('לער און ווער פאַראיינען' אין דייטש). די נאַציאָנאַלע פירערשאַפט פון דער פּאַרטיי איז געווען געגן די געזעלשאַפטן, 'ווייל זיי שאַפן אַ פאַלשן איינדרוק וועגן די צילן און דעם כאַראַקטער פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג' . . . 'אַזוי ווי זיי טראָגן די רויטע פאָן — האָט וואַן פּאַטען באַריכטעט צו דעם צוזאַמענפאָר — און גיבן צו זייערע סאָציאַליסטישע טענדענצן, דענקט די באַפעלקערונג, אַז די סאָציאַליסטן זיינען אַנטשלאָסן צו דערגרייכן מיט גוואַלד דאָס וואָס זיי קענען ניט קריגן דורך דעם באַלאָט.' די נאַציאָנאַלע קאָמיטע האָט עפנטלעך זיך אָפּגעטרייסלט פון די מיליטערישע אָרגאַניזאַציעס און אויפגעפאָדערט אַלע מיטגלידער זיך צוריק-ציען פון זיי.

„די אָרגאַניזאַטאָרן פון דער שוץ-באַוועגונג זיינען אויפגעבראַכט געווען וואָס די פּאַרטיי-פירער מישן זיך. ווען דער צוזאַמענפאָר האָט זיך געעפנט האָבן זיי אַריינגעטראָגן אַ רעזאָלוציע צו טאַדלען די פירער. נאָך אַ היציקער דעבאַטע איז די רעזאָלוציע אָנגענומען געוואָרן מיט אַ קליינער מערהייט.”
(הילקוויט, געשיכטע פון סאָציאַליזם, זייט 234.)

דאָס דערמאָנט די פילע פּאַסירונגען אויף די צוזאַמענפאָרן פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, ווען די מיטגלידער דורך זייערע דעלעגאַטן האָבן זיך אַרויסגעוויזן צו זיין קלאַסנבאַוואוסטזיניקער און מיליטאַנטישער ווי די פירער.

בלויז דורך אַ שפּאַקטיוו האָט מען געקענט זען אין וואָס איז באַשטאַנען דער אַנאַרכיזם פון די לינקע, וואָס האָבן געקעמפט פאַר טראָגן די רויטע פאָן און האָבן שוץ־אָרגאַניזאַציעס פון אַרבעטער־קלאַס. פּאַרסאָנס, שפּיז און די איבעריקע האָבן פריער פאָרגעשטעלט מיט זיך דעם רעוואָלוציאָנערן סאָציאַ־ליזם אין אַן אומקלאָרער, ניט־מאַרקסיסטישער פאָרמע.

אַפילו אין דער „סאָשעליסט לייבאָר פּאַרטיי” זיינען געווען פּראָמינענטע פירער, וואָס האָבן געפאָדערט איינהייט מיט די סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן, ניט זעענדיק קיין אַנאַרכיסטישע געדאַנקען ביי זיי. אָבער די פּאַרטיי־פירער־שאַפט האָט זיך אַנטזאַגט צו שליסן איינהייט, ווייל „עס קען ניט זיין קיין געמיינשאַפטלעכער באָדן צווישן סאָציאַל־דעמאָקראַטן און אַנאַרכיסטן”. די סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן זיינען גרייט געווען פאַר איינהייט און האָבן גע־וואָלט קומען צו דעם צוזאַמענפאָר פון דער ס. ל. פּ. אין פּיטסבורג. דאָס איז זיי פאַרבאָטן געוואָרן.

אויסערהאַלב דער פּאַרטיי האָבן זיך ביסלעכווייז אַנטוויקלט אַנאַרכיס־טישע נייגונגען צווישן די אָפּגעשפּאָלטענע. אין 1883 האָבן זיי געגרינדעט די אינטערנעשאָנאַל וואָרקינג פּיפּל אַסאָסיאיישאָן, וואָס איז געוואָרן דער

צענטער פון דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג אין די אַכציקער יאָרן. די „אַסאָסיאיישאַן" האָט געשפּילט אַן אָנפירנדיקע ראָל אין דעם קאַמף פאַר דעם 8-שטונדיקן אַרבעטסטאָג אין שיקאַגאָ. אירע פירער זיינען היינגעריכטעט געוואָרן אין דער היימאַרקעט-פאַרשווערונג.

אויפן זעלבן צוזאַמענפאָר האָט דער רעכטער פליגל דורכגעפירט אַ רעזאָלוציע, וואָס שטעלט די פּאַרטיי געגן באַנוצן גוואַלדטאַט אונטער אַלע אומשטענדן. נאָר דורך דעם וואַל-צעטל וועט דער אַרבעטער-קלאַס אומוואַרפן די קאַפּיטאַליסטישע אָרדענונג און איינפירן סאָציאַליזם. די רעזאָלוציע האָט טיפער געמאַכט דעם מיינונג-אונטערשייד אין דער פּאַרטיי.

שיקאַגאָ, צענטער פון רעוואָלוציאָנערער ענערגיע צווישן די אַרבעטער

די אינערלעכע שטרייטיקייטן אין דער פּאַרטיי האָבן זיך אויך אַנטוויקלט לויט אַ געאָגראַפישער ליניע. ניו יאָרק איז געוואָרן דער צענטער פון דער ריכטונג וואָס האָט זיך געהאַלטן ביי ריינעם פּאַרלאַמענטאַרישן קאַמף און האָט שפּעטער געזוכט צו לעבן אין פרידן מיט דער טרייד-יוניאָן ביוראָקראַטיע. שיקאַגאָ און דער ווייטער מערב האָבן אַרויסגערוקט די צווייטע ריכטונג, אָדער ריכטונגען, וואָס האָבן פּאַרלאַנגט וואָגיקערע קאַמף-מיטלען ווי דער וואַל-באַלאָט, סאָציאַליסטן וועגן וועלכע שליטער האָט געשריבן, אַז זיי באַזיצן דעם ראָמאַנטיש-רעוואָלוציאָנערן גייסט.

אין אַ גרויסער מאָס איז פאַר דעם פאַראַנטוואָרטלעך געווען דער אונטערשייד אין דער סאָציאַל-עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון ניו יאָרק און שיקאַגאָ. אין ניו יאָרק איז די קאַפּיטאַליסטישע סביבה געווען איינגעפונדעוועט, אין שיקאַגאָ האָט גרויס-קאַפּיטאַליזם גענומען ערשט איינציען די לייצעס איבער דער באַפעלקערונג. די קאָנצענטראַציע פון אינדוסטריע האָט אַרויסגערופן דעם ווידערשטאַנד פון דעם זעלבסטשטענדיקן האַנטווערקער, האָט צעקלאַפּט די האָפענונגען פון דעם הויך-געשולטן אַרבעטער אויף זעלבסטשטענדיקייט און געוועקט מיליטאַנטישקייט אין די פרישע פאַבריק-אַרבעטער. דער קנויל פון קאַמף-לוסטיקייט, ראַדיקאַליזם און אומגעדולד האָט שפּעטער געשאַפן אַ פרוכטבאַרן באָדן פאַר דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג. אין דער הינזיכט איז שליטער, רעדאַקטאָר פון דער דייטשער „פאָלקס-צייטונג", געווען גערעכט: „קליינבירגערלעכע אידייען אויף איין זייט און ראַדיקאַלע רעוואָלוציאָנערע ראָמאַנטיק אויף דער אַנדער זייט, האָבן געמוזט פירן צום וואוקס פון אַנאַרכיזם."

וואָס שליטער האָט פאַרזען, איז די שמאָל-קעפּיקע וואַל-טעטיקייט פון

דער ס. ל. פּ. און איר אַלגעמיינע אַגיטאַציע. די באַשרענקונג פון דער סאָציאַליסטישער טעטיקייט איז געווען וואַסער אויף דער אַנאַרכיסטישער מיל. איין פונדאַמענטאַלער פעלער האָט געהאָלפן דעם געבורט פון אַ צווייטן פונ־דאַמענטאַלן פעלער. די ס. ל. פּ. האָט ניט געגעבן קיין אויסגאַנג פאַר דער אָנגעזאַמלטער ענערגיע צווישן די רעוואָלוציאָנער-געשטימטע אַרבעטער. ווען מען גיט צו, אַז אין די טיפענישן פון די מאַסן האָט זיך געזאַמלט אַ סך ברען־מאַטעריאַל וואָס האָט אויפגעריסן אין דער סטרייק־כוואַליע פון 1886, באַוואוסט ווי דער גרויסער אויפברויז פון אַרבעטער־קלאַס, ווערט קלאָר ווי אַזוי אַ רעכטע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי־פירערשאַפט האָט געהאָלפן די פאַרשפּרייטונג פון אַנאַרכיסטישע טענדענצן.

אומצופרידן צו די ברייטע אַרבעטער־שיכטן און מורא פאַר זייערע אַרויס־טרעטונגען האָבן די פירער פון דער ס. ל. פּ. איבערגענומען נאָך פון די פירער פון דעם אינטערנאַציאָנאַל (די אַמעריקאַנישע פעדעראַציע). נאָך אין 1875, אין ענטפער אויף די אומרואיקע בריוו וואָס זיינען אָנגעקומען פון שיקאַגאָ, אַז די שטימונג צווישן די אַרבעטער איז זייער אָנגעשטרענגט און רעוואָ־לוציאָנער, האָט דער צענטראַל־ראַט פון דער פעדעראַציע געשריבן צום צענטראַל־קאָמיטעט פון אַרבעטער-פּאַרטיי אין אילינאָי:

> „מיר מוזן זוכן צו פאַרהיטן געגן אַלע אויסברוכן פון אומאָרגאַניזירטע אַרבעטער (אונטערגעשטראָכן פון מיר.—מ.ע.). אונזער גאַנצע מאַכט מוזן מיר אָנווענדן אויף דער פאַרשפּרייטונג פון קלאַסן-באַוואוסטזיין און פון סאָציאַ-ליסטישע געדאַנקען. מיר טאָרן ניט געבן דעם הערשנדיקן קלאַס אַ געלעגנהייט צו צעשטערן אונזער אָרגאַניזאַציע דורך אַ ברוטאַלן אָנגריף. אַז די פון אייך באַשריבענע שטימונג פון די נויטליידנדיקע אַרבעטער אין שיקאַגאָ איז גוט באַקאַנט און פאַראויסגעזען אין די קרייזן פון דער בורזשואַזיע, ווייזט זיך אַרויס אין די מסירות און אַטאַקעס פון די קאָמוניסטישע ציימונגען אויף די פרעמד-געבוירענע קאָמוניסטן.“

פאַרשטייט זיך, אַז „אויסברוכן פון אומאָרגאַניזירטע אַרבעטער“, ווען זיי זיינען ניט צוגעגרייט ווי געהעריק און ווען זיי האָבן ניט קיין פּראָגראַם און פירערשאַפט, זיינען פאַראורטיילט צום דורכפאַל. דאָ האָט זיך אָבער געהאַנדלט וועגן סטיכישע קרעפטן, וואָס האָבן זיך געזאַמלט אין די טיפענישן פון די אומאָרגאַניזירטע מאַסן, קרעפטן וואָס האָבן געזוכט אַן אויסגאַנג. די סאָציאַליסטישע באַוועגונג האָט באַדאַרפט זיין די יעניקע אַרויסצורופן די סטיכישע קרעפטן און זיי געבן אַן אָרגאַניזירטע און באַוואוסטזיניקע פאָרמע.

דאָס ניט באַגרייפן, אַז אויף דער קלאַסן־אַרענאַ טרעט אויף אַ נייער סאָציאַלער כח, די גרויסע מאַסע האַלב־ און גאָרניט־קוואַליפיצירטע אַרבעטער,

איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם, וואָס די פּאָודערלים זיינען געשטעלט גע־וואָרן אין דער שפּיץ פון דעם גרויסן אַרבעטער־אויפבּרויז אין מיטן פון די אַכציקער יאָרן.

דער אויבן־ציטירטער בריוו באַווייזט ווי שווער עס איז געוואָרן פאַר די סאָציאַליסטן זיך צו באַפרייען פון זייער אַבּסטראַקטער און פּראָפּאַגאַנדע־פּאָזיציע.

### אינערלעכע קאַמפן אין דער ס. ל. פּ.

אָן דער שיקאַגער גרופּע האָט די ס. ל. פּ. אויך ניט געהאַט קיין דויער־האַפטן אינערלעכן לעבן. עטלעכע פאַקטאָרן האָבן געפירט צו אַ שאַרפן מיינונג־אונטערשייד. די סאָציאַליסטישע אַרבעטער פּאַרטיי איז ניט באַשטאַ־נען פון איין אידעאָלאָגיש־צעמענטירטן עלעמענט. אין דער פּאַרטיי זיינען גע־ווען לאַסאַליאַנער, ווי סערגיי שעוויטש, וואָס האָבן געצויגן צו „ריינער" וואַל־טעטיקייט. עס זיינען אויך געווען מאַרקסיסטיש־אָנגעהויבטע עלעמענטן וואָס האָבן געזוכט איינצואוואָרצלען די פּאַרטיי אין די מאַסן דורך אַקטיווער טעטיקייט אין די עקאָנאָמישע קאַמפן פון די אַרבעטער. גלייכצייטיק זיינען ביידע ריכטונגען דורכגעוועבט געווען מיט מענטשן וואָס זיינען שפּעטער געוואָרן די טרעגער פון די באַגערן פון די הויך־קוואַליפיצירטע אַרבעטער — ברעקלעך רעפאָרמעס אין קאַפּיטאַליזם.

די אויסשפּרייטונג פון דער אינדוסטריע און דער וואוקס פון קאַפּי־טאַליסטישע רייכטימער אין די אַכציקער יאָרן האָט אַרויסגערוקט צוויי טענ־דענצן אין דעם אַרבעטער־קלאַס. אַ מעכטיקער שוואונג, אויסגעדריקט אין דער באַוועגונג פון דעם גענעראַל־סטרייק פאַר די אַכט אַרבעט־שטונדן און אין די פּיל־צאָליקע אַרבעטער־פּאַרטייען און אַ צווייטע טענדענץ, נאָך אין אירע ערשטע סמנים, צווישן די קוואַליפיצירטע אַרבעטער, זיך אָפּצוזונדערן פון דער ברייטער פּיל־מיליאָניקער, האַלב־ און גאָרניט־קוואַליפיצירטער אַר־בעטער־מאַסע און אויסקעמפן פאַר זיך אַליין קאָנצעסיעס פון די קאַפּי־טאַליסטן, אַ טענדענץ וואָס איז געשפּייזט און פאַרשטאַרקט געוואָרן פון די פירער פון די פאַך־יוניאָנס.

ביידע טענדענצן האָבן געפונען זייער אויסדרוק אין דער נייער, פאַר־אייניקטער פּאַרטיי. די צוויי אַלטע שטרייטיקייטן וואָס האָבן געשפּאָלטן די סאָציאַליסטישע באַוועגונג פריער — די שטעלונג צו די טרייד־יוניאָנס און די פראַגע פון באַלדיקער פּאָליטישער אַקציע, זיינען אויפגעשוואומען אין אַ געענדערטער פאָרמע. דער פּערפּענדיקל וואָס האָט געוויגט דעם אַרבעטער־

קלאס פון עקאנאמישער אקציע — סטרייקס — צו פארלאמאנטערישער אקציע — ארבעטער־פארטייען — האט אויך זיך באוועגט אין די רייען פון דער סאציאליסטישער ארבעטער־פארטיי און פאראורזאכט היציקע רייבונגען.

די שטרייטיקייטן האבן פונדעסטוועגן ניט אפגעשטעלט דעם וואוקס פון דער פארטיי. די ס. ל. פ. האט פארגרעסערט איר מיטגלידערשאפט, ניט צו שנעל אבער נאכאנאנד. 15 יאר נאך דער פאראייניקונג האט די פארטיי פאר־מאגט נאענט צו צען טויזנט מיטגלידער, ווייט ניט קיין קליינע צאל פאר א סאציאליסטישער פארטיי אין יענער צייט.

דער טיילווייזער דורכפאל פון דער באוועגונג פאר די אכט ארבעט־שטונדן, די רעאקציע וואס די קאפיטאליסטן האבן אויפגעהויבן נאך דער היימארקעט־פארשווערונג, האבן אריינגעבראכט א צעמישונג אין די מוחות פון פיל סאציאליסטן. די סטרייק־כוואליע איז צייטווייליק אפגעפאלן. די לאקאלע לייבאר־פארטייען וואס זיינען אויפגענומען געווארן מיט גוואלדיקע האפענונגען פון די ארבעטער, זיינען שנעל פארגליווערט געווארן, צוליב דעם פאליטישן מיש־מאש וואס האט געהערשט אין זייער פירערשאפט (הענרי דזשארדזש — סינגל־טעקס אין דער ניו יארקער לייבאר־פארטיי) און דעם ווידערשטאנד פון די פאך־יוניאן פירער. אנשטאט די ס. ל. פ. זאל צונויפ־שמעלצן ארגאניש די עקאנאמישע און פאליטישע קאמפן, איז דער מיינונג־אונטערשייד ארום די צוויי טיילן פון קלאסן־קאמף געוואקסן.

דער אינערלעכער קאמף האט אויסגעבראכן אויף דעם זעקסטן צוזאמענ־פאר אין באפאלא, אין 1887. דער צוזאמענפאר האט זיך ניט געקענט אייניקן אויף א נייעם צענטראלן קאמיטעט. איז עס איבערגעגעבן געווארן צו דער ניו יארקער ארגאניזאציע, די שטארקסטע און גרעסטע אין צאל, צונויפצושטעלן דעם קאמיטעט.

אבער די ניו יארקער סאציאליסטישע ארגאניזאציע מיט דער טעגלעכער דייטשער „פאלקס־צייטונג" אין דער שפיץ האט באלאנגט צו דער ריכטונג, וואס האט געהאלטן, אז עס איז נאך פריצייטיק ארויסצוטרעטן זעלבסט־שטענדיק אויף דעם וואל־געביט. דעריבער איז די ריכטונג געשטאנען פאר א פארשטארקונג אין דער ארבעט פון די יוניאנס צו פארגרעסערן דעם אייג־פלוס פון דער פארטיי. די אפיציעלע פירערשאפט מיט איר ארגאן „די ווארקינגמענס אדוואקייט" און דער „סאציאליסט" איז געווען פאר א באלדיקער פאליטישער וואל־קאמפאניע. זי האט געטענהעט, אז די אויפגאבע פון סאציאליסטן אין די יוניאנס איז איבערגעטריבן, פאליטישע וואל־קאמפאניעס זיינען די הויפט־זאך.

די ניו יארקער ארגאניזאציע האט באשלאסן ארונטערצוזעצן דעם גענעראל־סעקרעטאר פון דער פארטיי, וו. ל. ראזענבערג, און די איבעריקע פירער. יענע האבן זיך ניט געלאזט ארונטערזעצן און האבן ארגאניזירט אן אייגענע סעקציע, אויך אונטער דעם נאמען ס. ל. פ., וואס האט ניט געהאט קיין לאנג לעבן. די אנהענגער פון דער „פאלקס־צייטונג" זיינען געבליבן די הערשנדיקע גרופע אין דער פארטיי.

אויף דעם צוזאמענפאר אין 1889 זיינען געווען אינגאנצן 27 דעלעגאטן, וואס האבן פארטראטן 33 אפטיילונגען. זיבן יאר שפעטער, אין 1896, האט די פארטיי שוין פארמאגט צוויי הונדערט אפטיילונגען און איז טעטיק געווען אין 25 שטאטן. די דייטשן האבן אויפגעהערט צו זיין דער רוקנביין פון דער פארטיי. די פירערשאפט איז אריבער צו דעניעל דע־ליאן און זיינע אנהענגער.

דער לאנגזאמער אבער סיסטעמאטישער וואוקס אין דער צאל מיט־גלידער האט זיך אפגעשפיגלט אין דער צאל שטימען, וואס די פארטיי האט געצויגן אין די וואלן. אין די ערשטע צייטן האט די ס. ל. פ. זיך פאראייניקט מיט די לאקאלע ארבעטער־פארטייען (וואירקינגמענס פארטים) אויף איין וואל־צעטל. שפעטער האט זי ארויסגעשטעלט אייגענע קאנדידאטן און אן אייגענע וואל־פלאטפארמע. די צאל שטימען אין די פארשיידענע וואלן פאר פעדעראלע עמטער איז געווען:

| יאר | | צאל שטימען |
|---|---|---|
| 1893 | — — — — — — — — | 25,666 |
| 1894 | — — — — — — — — | 30,120 |
| 1895 | — — — — — — — — | 55,550 |
| 1896 | — — — — — — — — | 55,550 |
| 1898 | — — — — — — — — | 82,204 |

### ס. ל. פ. ארבעט מיט די טרייד־יוניאנס

די ס. ל. פ. איז פון אנהייב געווען נאענט און פריינטלעך צו די טרייד־יוניאנס. אירע מיטגלידער און די אפטיילונגען פון דער פארטיי האבן גע־האלפן די יוניאנס אין סטרייקס און אין ארגאניזאציע־ארבעט. אויב דער סאציאליסטישער איינפלוס איז ניט געווען צו גרויס אין די אלטע פאך־יוניאנס, האט אבער די ס. ל. פ. אויסגעאיבט א גרויסן, אויב ניט פאקטיש א קאנ־טראלירנדיקן, איינפלוס אויף די צוויי צענטראלע קערפערשאפטן אין ניו יארק, די דייטשע פאראייניקטע געווערקשאפטן און די אידישע פאראייניקטע גע־ווערקשאפטן. די סאציאליסטן האבן זיך אויך געלאזט פילן אין דער ניו יארקער סענטראל לייבאר יוניאן און נאך שטארקער אין דער דיסטריקט

אסעמבלי 49 פון די נייטס אָוו לייבאָר, די גרעסטע „נייטס"־אָרגאַניזאַציע אין לאַנד. די סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס זיינען דאָרט געווען פאַר־טראָטן אויף דעם זעלבן אופן ווי די דאָרטיקע יוניאָנס. א סוף צו אָט־דער נאָענטער מיטאַרבעטערשאַפט האָט געמאַכט גאָמפּערס, ווען ער האָט גענומען ארויסגעשטויפן די ס. ל. פּ פון אַלע קערפּערשאַפטן פון דער א. פ. אָוו ל. אין 1890—1893.

עס איז געווען נאַטירלעך, אַז די סאָציאַליסטן זאָלן זיך פילן נעענטער צו די נייטס אָוו לייבאָר ווי צו די אַלטע פאַך־יוניאָנס. דער ברייטער געבוי פון די „נייטס" און זייער מיליטאַנטישקייט האָט געשאַפן א שטימונג פאַר פּראָלעטאַרישער סאָלידאַריטעט צווישן זייערע מיטגלידער. די אָרטיקע טוער פון די „נייטס" האָבן זיך אויך באַצויגן פריינטלעך צו דער ס. ל. פּ. א סך פירער פון דער ס. ל. פּ. זיינען געווען טעטיק אין די „נייטס". די סאָציאַליסטן זיינען אַפילו געוואָרן די פירער פון דער באַרימטער דיסטריקט אסעמבלי 49 אין ניו יאָרק, וואָס האָט געציילט 50,000 מיטגלידער און האָט געפירט גרויסע סטרייקס.

מיט דער הילף פון די סאָציאַליסטן האָט סאָווערעין געזיגט איבער פּאודערלין פאַר דעם גרענד־מאַסטער פון דעם אַרבעטער־אָרדן אין 1894. די סאָציאַליסטן האָבן געהאַט אַן אָפּמאַך מיט סאָווערעין, אַז ער וועט באַ־שטימען דעניעל לוסיען, דע־ליאָנס א נאָענטער מיטאַרבעטער און רעדאַקטאָר פון א סאָציאַליסטישן זשורנאַל, אַלס רעדאַקטאָר פון דעם אָרגאַן פון די „נייטס". סאָווערעין האָט געבראָכן דעם אָפּמאַך און די באַציאונגען מיט די „נייטס" זיינען געוואָרן אָנגעשטרענגט. שפּעטער, אויף דעם צוזאַמענפאָר פון די „נייטס" אין וואַשינגטאָן, אין 1895, איז לוסיען ניט צוגעלאָזט געוואָרן אַלס דעלעגאַט פון דער דיסטריקט אסעמבלי 49. דאָס האָט אינגאַנצן איבער־געריסן די באַציאונגען פון די ס. ל. פּ. פירער מיט די נייטס אָוו לייבאָר. דאָס האָט אויך געגעבן נאָך א שטויס צו דער גרינדונג פון דער „סאָשעליסט טריידס ענד לייבאָר אַלייענס" אין זעלבן יאָר.

ענלעך איז געווען דער גאַנג פון די פּאַסירונגען צווישן דער ס. ל. פּ. און דער א. פ. אָוו ל. מיר האָבן דערמאָנט אין דעם קאַפּיטל וועגן דער א. פ. אָוו ל., אַז פון אָנהייב האָט גאָמפּערס נאָך יאָ ארויסגעוויזן א שטיקל אָפּאָזיציע צו דעם הערשנדיקן קלאַס. ער האָט געשריבן, אַז ער האָט זיך אויסגעלערנט דייטש, צו שטודירן מאַרקסעס קאַפּיטאַל. די קאַפּיטאַליסטישע פּרעסע האָט אַפילו אים באַטראַכט ווי א פריינט פון די סאָציאַליסטן. אין 1886 האָט

גאָמפּערס געשריבן אין ניו יאָרק, אַז ער „גלויבט מיט די פאַרגעשריטענע דענקער אין די ענדגילטיקע צילן, אַריינגערעכנט די אָפּשאַפונג פון דער לוין־סיסטעם". אָבער דאָס זיינען געווען ניט מער ווי פראַזן צופרידנצושטעלן די שטימונג וואָס האָט געהערשט צווישן די אַרבעטער פאַר יעדער זעלבסט־שטענדיקער אַקציע, וואָס קען זיי באַפרייען פון קאַפּיטאַליסטישער הערשאַפט און אונטערדריקונג. יעדנפאַלס, גאָמפּערס איז ביסלכעווייז געוואָרן אָפן אין זיין אָנהענגערשאַפט און שטיצע פון דער איצטיקער אָרדענונג. דע־ליאָנס טרייד־יוניאָן פּאָליטיק האָט נאָר פאַרשאַרפט גאָמפּערסעס אָפענע און גיפטיקע שנאה צו דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און צו די סאָציאַליסטן.

## גאָמפּערס הייבט אָן קאַמף פאַר אַ „ריינעם" טרייד־יוניאָניזם

דעם קאַמף האָט אָנגעהויבן ניט דע־ליאָן נאָר גאָמפּערס. גאָמפּערס האָט שוין דעמאָלט געלייגט דעם פונדאַמענט פאַר זיין „ריינעם" טרייד־יוניאָניזם, וואָס האָט אים שפּעטער ניט געשטערט צו שטופּן די קאַפּיטאַליסטישע פּאָליטישע מאַשין. אונטער דעם אויסרייד, אַז די א. פ. אָוו ל. איז אַ „ריינע" טרייד־יוניאָן באַוועגונג און טאָר זיך ניט מישן אין פּאָליטיק, האָט גאָמפּערס ניט דערלאָזט, אַז די ניו יאָרקער סענטראַל לייבאָר יוניאָן, די שטאַרקסטע צענטראַלע קערפּערשאַפט פון די אָרטיקע יוניאָנס, זאָל קריגן אַ טשאַרטער פון דער פעדעראַציע, ווייל די ס. ל. פּ. אָרגאַניזאַציע איז געווען אָנגעשלאָסן אָן דער סענטראַל לייבאָר יוניאָן. דאָס האָט פּאַסירט אויף דער קאָנווענשאָן אין דעטראָיט אין 1890. גאָמפּערס האָט אָנגעווענדט אַ גרויסע פּאָרציע פון דעמאַגאָגיע. ער האָט פאַרזיכערט, אַז פון אים איז ווייט דער געדאַנק צו באַקעמפן סאָציאַליזם און די ס. ל. פּ. פאַרקערט, ער גלויבט אויך אין דער ענדגילטיקער באַפרייאונג פונם אַרבעטער־קלאַס, נאָר דאָס וועלן פאַרווירקלעכן די יוניאָנס מיט זייער עקאָנאָמישער טעטיקייט. גאָמפּערס האָט געזאָגט אין זיין רעדע געגן אַריינגעמען די סענטראַל לייבאָר יוניאָן:

> „איך בין וויליק אָפּצוטרעטן פון מיין אַמט אויב דאָס וועט העלפן אונזער זאַך. אָבער איך קען ניט און וויל ניט זיין פאַלש צו מיין איבערצייגונג, אַז די טרייד-יוניאָנס ’פיור ענד סימפל’ (ריינע און אויסשליסלעכע טרייד-יוניאָנס) זיינען די נאַטירלעכע אָרגאַניזאַציעס פון די לוין-אַרבעטער זיך צו דערשלאָגן בעסערע באַדינגונגען און צו דערגרייכן זייער ענדגילטיקע באַפרייאונג."

דאָס איז שוין באַלד אַ רעדע פון אַן אַנאַרכיסט־סינדיקאַליסט, וואָס לייגט אַרויף אויף די עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציעס פון אַרבעטער־קלאַס די

גאנצע קאַלאַסאַלע אויפגאַבע פון באַפרייאונג פון קאַפּיטאַליסטישער עקס־פּלואַטאַציע. פאַרשטייט זיך, אַז גאַמפּערס האָט ניט געמיינט וואָס ער האָט גערעדט. ביי אים איז עס נאָר געווען אַן אָראַטאָרישער מיטל צו געווינען די מערהייט אַרבעטער, וואָס זיינען געווען דורכגעדרונגען מיט האַס צום קאַפּיטאַליזם.

נאָך אַ לאַנגער און היציקער דעבאַטע האָט גאָמפּערס געוואונען מיט 1,699 שטימען געגן 525 (די שטימען ווערן געציילט לויט דער גרויס פון די יוניאָנס וואָס זיינען פאַרטראָטן אויף דעם צוזאַמענפאָר). די סאָציאַליסטן זיינען פונדעסטוועגן געבליבן אַרבעטן אין די יוניאָנס פון דער א. פ. אָוו ל. אויף יעדן צוזאַמענפאָר האָבן זיי אַריינגעבראַכט רעזאָלוציעס מיט אַ סאָ־ציאַליסטישן אינהאַלט. אַזוי האָט זיך עס געצויגן ביז 1895, ווען דער גרויסער קאַמף, וואָס האָט אויפגערודערט אַלע אָרגאַניזירטע אַרבעטער, איז אויסגעבראָכן צווישן דער ס. ל. פּ. און דער א. פ. אָוו ל., אַ קאַמף אין וועלכן די ס. ל. פּ. האָט פאַרלאָרן צוליב איר שעדלעכער סעקטאַנטישקייט; אַ קאַמף וואָס האָט געהאָלפן גאָמפּערסן און זיין רעאַקציאָנערער מאַשין אויפצוהעצן די אַרבעטער געגן די סאָציאַליסטן און געגן דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

### דעניעל דע־ליאָן און זיין גרויסער איינפלוס

די הויפּט־פיגור אין דעם גרויסן קאַמף, וואָס האָט זיך צעפלאַקערט צווישן דער א. פ. אָוו ל. פירערשאַפט און דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, איז געווען דעניעל דע־ליאָן, אַן אָריגינעלע פּערזענלעכקייט וואָס די אַר־בעטער־באַוועגונג אין דעם לאַנד האָט אַרויסגערוקט אין אָנהייב פון 20סטן יאָרהונדערט.

ניט געקוקט אויף אַלע זיינע גרויסע אַנטי־מאַרקסיסטישע טעותן, איז דע־ליאָן אָן צווייפל געווען דער ערשטער מאַרקסיסט אין די פאַראייניקטע שטאַטן. אַ מענטש מיט אויסערגעוויינלעכע פיייקייטן, אַ גלענצנדער קאָפּ, רעדנער און שרייבער, אַ מענטש מיט אַ דאָמינירנדיקן כאַראַקטער און הייסן טעמפּעראַמענט, איינגעשפּאַרט און גראַד־ליניק, האָט דע־ליאָן אויסגעאיבט אַ קאָלאָסאַלן איינפלוס אויף דער אַנטוויקלונג פון דער סאָציאַליסטישער באַ־וועגונג. ער האָט געלייגט דעם פונדאַמענט פאַר דעם רעוואָלוציאָנערן סאָציאַ־ליזם אין די פאַראייניקטע שטאַטן. גלייכצייטיק האָט ער אָבער געהאָלפן צו פאַרשטאַרקן דעם רעפאָרמיזם צוליב זיין איזאָלאַציע פון די מאַסן.

דע־ליאָנס מאַרקסיזם האָט געליטן פון דאָגמאַטישקייט און שטייפקייט,

וואָס האָט אים געשטערט אָנצואווענדן די לעבעדיקע לערע פון מאַרקס אין דער באַטרעפנדיקער לאַגע פון די פאַראייניקטע שטאַטן אין יענער צייט. אים האָט געפעלט די בויגזאַמקייט און אַלזייטיקייט פון דעם דיאַלעקטישן מאַטעריאַליסט, וואָס זעט און שאַצט אָפּ זאַכן און פּאַסירונגען ניט בלויז אין זייער איצטיקער ליכט, נאָר אין דער ליכט פון זייער שפּעטערדיקער אַנטוויקלונג און מעגלעכער ענדערונג. ער האָט געזען די א. פ. אָוו ל. סטאַטיש אין איצטיקן צושטאַנד און ניט אין די מעגלעכקייטן וואָס ליגן אין איר וואוקס און ענדערונג. ער האָט אויך ניט פאַרמאָגט די וואַכזאַמקייט און פילבאַרקייט צו פילן די שטימונג פון די מאַסן, אַן אייגנשאַפט וואָס יעדער פירער מוז פאַרמאָגן. וויכטיקער פון אַלץ, דע־ליאָן האָט ניט באַגריפן די פולע נויטווענדיקייט פון אַ פּראָלעטאַרישן קאַמף פאַר באַלדיקע פאָדערונגען און טיילווייזע פאַרבעסערונגען. אָן דעם אויסגעהאַלטענעם מאַרקסיסטישן ריכט־שנור האָט די שעדלעכע אָפּאָרטוניסטישע פּאָליטיק פון די גאָמפּערסיסטן און פון די רעכטע סאָציאַליסטן געטריבן דע־ליאָנען צום צווייטן עקסטרעם, צו זען אין דעם געזונטן פּראָלעטאַרישן דראַנג פון די אַרבעטער־מאַסן אָפּצושוואַכן עטוואָס דעם קאַפּיטאַליסטישן דרוק אויף זיי, ווי „אַ מין ביליקער בראַנפן" פאַר די אַרבעטער, וואָס פאַרוואַנדלט זיך אין „געווינסן פאַרן קאַפּיטאַליזם". נאָר אַ מענטש וואָס גייט ניט אַרויס פון זיין קאַבינעט און איז אָפּגעריסן פון די מאַסן קען דערגיין צו אַזאַ געדאַנק.

זיינע באַגריפן וועגן באַלדיקע פאָדערונגען און געווינסן האָט דע־ליאָן אויסגעדריקט שאַרף אין די צוויי אויסצוגן:

„מיר מוזן אונטערשטרייכן אַזוי שטאַרק ווי נאָר מעגלעך דעם תוך פון דער רעוואָלוציע — דאָס אַראָפּוואַרפן די לוין־שקלאַפעריי; אויך מוזן מיר ניט ווייניקער אונטערשטרייכן, אַז אַלץ וואָס איז ווייניקער ווי די אָפּשאַפונג פון לוין־שקלאַפעריי, אַלע 'פאַרבעסערונגען' — זיינען געווינסן פאַרן קאַפּיטאַליזם, אָדער דאָרט וואו זיי זיינען ניט אויסן אַראָפּצופירן פון וועג, זיינען זיי נאָר אַ מין ביליקער בראַנפן." (צוויי בלעטער פון דער רוימישער געשיכטע, זייט 70.)

„די פּראָגראַם פון אָט דער רעוואָלוציע באַשטייט ניט אין קיין שום איינציקן דעטאַל. זי פאָדערט די אומבאַדינגלעכע קאַפּיטולאַציע פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג און איר סיסטעם פון לוין־שקלאַפעריי; איר ציל איז די פולשטענדיקע אָפּשאַפונג פון קלאַסן־הערשאַפט. יעדער טריט וואָס איז ווייניקער ווי דאָס, צי אַלס אַן ערשטער, צייטווייליקער, אָדער וועלכער עס איז אַנדער סאָרט טריט, קען ניט אין דער איצטיקער צייט באַקומען אָנערקענונג אין דעם לאַגער פון דער מאָדערנער רעוואָלוציע." (רעפאָרם און רעוואָלוציע, זייט 20.)

אָט־די „געדאַנקען" זיינען אַ באַרעכטיקונג פאַר דער מיינונג, אַז דע־ליאָן האָט „מעכאַניש אַנטקעגנגעשטעלט די טיילווייזע געווינסן און דעם ענדציל, ווי זיי וואָלטן איינע די אַנדערע אויסגעשלאָסן."*) דע־ליאָנס טעטיקייט אין דער א. וו. וו. („אינדאַסטריעל וואָירקערס אָוו די וואָירלד") און זיין שאַרפער קאַמף געגן די אַנאַרכאָ־סינדיקאַליסטן צוזאַמען מיט זיין באַגריף וועגן דעם אָרגאַניזאַציאָנעלן געבוי פון די אינדוסטריעלע יוניאָנס, ווייזט אַז ער האָט שפּעטער אויפגעגעבן זיין גרינגשעצונג פון דעם עקאָנאָמישן קאַמף, ער איז אָבער פאַרבליבן ביי זיין סעקטאַנטישקייט. דע־ליאָן איז אויך פאַר־



דעניעל דע־ליאָן

בליבן ביי אַ צווייטן גרונט־פעלער, זיין אויפפאַסונג אַז די אינדוסטריעלע יוניאָנס וועלן פאַרבייטן די קאַפּיטאַליסטישע מלוכה און וועלן זיין די אָרגאַנען וואָס וועלן בויען די קלאַסנלאָזע געזעלשאַפט און זיין גרינגשעצונג פון גענעראַל־סטרייק ווי אַ וויכטיקער, אָפּט אַנטשיידענער, וואָפן.

*) א. ביטעלמאַן און וו. דזש. דזשעראָם, „האַמער", יאַנואַר 1935.

דעניעל דע־ליאָן איז געבוירן געוואָרן אויף דעם אינזל קוראקאאָ, אין ווענעצועלא, פון דרום־אמעריקאנישע עלטערן, אין דעצעמבער 14, 1852. יונגערהייט האָט ער שטודירט אין דייטשלאנד. נאָכדעם איז ער געקומען אהער און האָט געקראָגן פרייזן אין קאָלאָמביא אוניווערזיטעט פאר זיינע אר־בעטן אין געזעץ און עקאָנאָמישער וויסנשאפט.

זיין ערשטע באַרירונג מיט דער ארבעטער־באוועגונג האָט דע־ליאָן גע־קראָגן אין די הענרי דזשאָרדזש מעיאָר־וואלן אין 1886, וואָס האָט צוגעצויגן א סך פאָרשטייער פון דער אינטעליגענץ. עדוואַרד בעלאַמיס בארימטע פאַנטאַזיע „קוקנדיק אויף צוריק" האָט אין אים אויפגעוועקט אן אינטערעס צו דער סאָציאַליסטישער באוועגונג. דע־ליאָן האָט זיך באקענט מיטן מארקסיזם און איז געוואָרן אן איבערצייגטער מארקסיסט.

זיין שארפער אנאַליטישער מארך האָט אים געגעבן די מעגלעכקייט אָפּ־צושאצן דעם קאפּיטאליזם און אלע זיינע אגענטורן. קיינער האָט ניט אזוי ביטער, שארף און טרעפלעך כאראקטעריזירט דעם גאָמפּערסיזם און דער לייבאָר־ביוראָקראטיע ווי דעניעל דע־ליאָן. ער האָט זיך אָנגעשלאָסן אָן דער סאָציאַליסטישער ארבעטער־פּארטיי אין 1890. דריי יאָר שפּעטער איז ער שוין געווען דער רעדאקטאָר פון דער „פּיפּל" (דאָס פאָלק), אָפיציעלער וועכנטלעכער אָרגאַן פון דער פּארטיי. צוזאמען מיט דעניעל לוסיען און הוגאָ פאָכט, האָט ער צוזאמענגעשטעלט די פירערשאפט פון דער ס. ל. פּ. זיין וואָרט איז געווען געזעץ אין דער פּארטיי.

פון אָנהייב האָט דע־ליאָן געזוכט צו ארבעטן אינעווייניק אין די „נייטס אָוו לייבאָר" און אין דער א. פ. אָוו ל. און האָט דאָרט געהאט גרויס דערפאָלג. ביסלעכווייז האָט זיך דער קאמף צעפלאקערט. פריער האָט פּאודערלי און זיין מאשין ארויסגעשטויסן די ס. ל. פּ. פון די „נייטס" — די „נייטס" האָבן בכלל שוין אָנגעהויבן צו פארלירן זייער וויכטיקייט — און נאָכדעם האָט גאָמפּערס געגומען ארויסשטויסן די ס. ל. פּ. פון די א. פ. אָוו ל. יוניאָנס. דאָס האָט ביי דע־ליאָנען אָנגעפילט דעם בעכער פון ביטערקייט און אומ־געדולד, האָט ער געבראַכט צו א שפּאלטונג, ארויסנעמענדיק די סאָציאַליסטן פון די א. פ. אָוו ל. יוניאָנס.

### דע־ליאָן — פאָטער פון אינדוסטריעלן יוניאָניזם

דעניעל דע־ליאָן איז געווען דער פאָטער פון דעם רעוואָלוציאָנערן אינ־דוסטריעלן יוניאָניזם אין די פאראייניקטע שטאַטן. אין דעם הינזיכט האָט

ער גרויסע פֿאַרדינסטן פֿאַר דעם אַרבעטער־קלאַס. עס איז ניט ריכטיק ווי די רעכטע סאָציאַליסטן האָבן אים באַשולדיקט, אַז אים האָבן ניט געקימערט די באַלדיקע נויטן פֿון די אַרבעטער. ריכטיק איז געווען, אַז צוליב זיין דאָגמאַטישקייט און סאָפּיזם האָט דע־ליאָן אונטערגעוואָרפֿן די באַלדיקע נויטן פֿון די אַרבעטער צו דעם קאַמף פֿאַר זיין ענדגילטיקער באַפֿרייאונג. אַן אויס־געהאַלטענער מאַרקסיסט פֿאַראייניקט אָרגאַניש ביידע זאַכן און נוצט אויס דעם קאַמף פֿאַר די באַלדיקע פֿאָדערונגען ווי אַ הייב־מאַשין פֿאַר די ווייטער־דיקע העכערע קאַמפֿן פֿון אַרבעטער־קלאַס. דע־ליאָן האָט ניט פֿול באַגריפֿן די פֿאָרמולע פֿון קאַרל מאַרקס: יעדער עקאָנאָמישער קאַמף איז אויך אַ פּאָליטישער קאַמף. דעריבער האָט ער ניט ווילנדיק געהאָלפֿן צו פֿאַרשטאַרקן די פּאָזיציע פֿון הילקוויטס רעפֿאָרמיזם.

אַ ביישפּיל פֿון ניט־אויסגעהאַלטנקייט האָט דע־ליאָן געוויזן אין זיין טעאָרעטישער אויפֿפֿאַסונג פֿון די יוניאָנס ווי אַן אָרגאַן פֿון דעם אַרבעטער־קלאַס נאָך דעם ווי די מאַכט פֿון דער בורזשואַזיע וועט צעקלאַפּט ווערן. דע־ליאָן האָט ריכטיק צוריקגעוואָרפֿן דעם שטאַנדפּונקט פֿון פֿיל סאָציאַל־דעמאָקראַטן, אַז די יוניאָנס וועלן פֿאַרשווינדן נאָך דער סאָציאַלער רעוואָ־לוציע. ער האָט באַטאָנט די וויכטיקייט פֿון די יוניאָנס ווי מאַסן־אָרגאַני־זאַצעס אין דעם פּראָצעס פֿון בויען סאָציאַליזם. גלייכצייטיק איז ער באַ־גאַנגען אַ פֿעלער, וואָס האָט אים געבראַכט נאָענט צו דער סינדיקאַליסטישער אויפֿפֿאַסונג פֿון די יוניאָנס. דע־ליאָן האָט אַרויסגערוקט די טעאָריע, אַז די יוניאָנס וועלן זיין די יעניקע אָרגאַנען, וואָס וועלן פֿאַרווירקלעכן דעם סאָציאַ־ליזם נאָך דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע. דע־ליאָן האָט ניט געזען, אַז דער זיגרייכער אַרבעטער־קלאַס וועט אויפֿשטעלן זיין דיקטאַטור אין דער פֿאָרמע פֿון סאָוועטן, וואָס איז די איינציקע מעגלעכע פֿאָרמע פֿון רעגירונג אין דעם איבערגאַנג־פּעריאָד פֿון ליקווידירן קאַפּיטאַליזם און פֿאַרענדיקן בויען די סאָציאַליסטישע געזעלשאַפֿט. דעריבער האָט דע־ליאָן ניט געזען די וויכ־טיקייט אַריבערצוגעווינען די האָרעפּאַשנע פֿאַרמער און קליינבירגער אויף דער זייט פֿון פּראָלעטאַריאַט.

אין זיין רעדע וועגן די אויפֿגאַבן פֿון דער ניי־געגרינדעטער א. וו. וו. (אינדוסטריעל וואָרקערס אָוו די וואָרלד), יולי 10, 1905 אין מינעאַפּאָליס, האָט דע־ליאָן אַרויסגעבראַכט זיין מיינונג וועגן דעם פּראָצעס פֿון בויען סאָציאַליזם:

„פּונקט ווי די הויט וואָס שיילט זיך אָפּ פֿון אַ שלאַנג ווערט גלייך פֿאַר־ביטן פֿון אַ נייער, אַזוי וועט נאָכדעם ווי דער קאַפּיטאַליסטישער שטאַט וועט

זיך אפשיילן, די געזעלשאפט גלייך דערשיינען אין איר נייער אדמיני-
סטראטיווער קליידונג. די גרובן-אינדוסטריעס, די באנען, טעקסטיל, די בוי-
פאכן און אזוי ווייטער, ניט געקוקט אויף זייערע פריערדיקע פאליטישע
גרענעצן, וועלן ווערן די ארגאנען פון דער נייער צענטראלער מאכט, פון
וועלכע די רויע רעשטאוואניע איז אויפגעשטעלט געווארן פאריקע וואך אין
שיקאגא. דארטן וואו דער גענעראל אויספיר-קאמיטעט פון די אינדאסטריעל
ווארקערס אוו די וואירלד וועט זיך געפינען, דארטן וועט זיין די הויפט-
שטאט פון לאנד. ווי קארטן-שטיבלעך וואס קינדער בויען אויס, אזוי וועלן
די רעגירונגען פון אלע לענדער, שטאטן, פון דער שטאט ביים פאטאמאק-
טייך פאנאנדערפאלן און זייערע פלעצער וועלן פארנומען ווערן פון די
צענטראלע און אונטערווארפענע אדמיניסטראטיווע ארגאנען פון די אינדוס-
טריעלע כוחות פון פאלק." (דע-ליאן, פריעמבל אוו די א. וו. וו., ציטירט
פון דזשאן ספארגא, סינדיקאליזם, אינדאסטריעל יוניאניזם, זייטן 39-40.)

דע־ליאן איז געווען אומברחמנותדיק אין זיין קריטיק געגן די א. פ.
אוו ל. פירער. דאס האט ער צום ערשטן מאל אזוי ברייט אנגעווענדט די
טערמינען לייבאר־לייטענאנט און לייבאר־פייקער. דע־ליאן איז אויך געווען
זייער שארף אין זיין קאמף געגן די אפארטוניסטן פון דער סאציאליסטישער
פארטיי.

אין 1903 האט דע־ליאן אין דער „פיפל" געגעבן די פאלגנדיקע
„ווארעמע" אפשאצונג פון דעם לייבאר־פייקער:

„די ערשטע זאך וואס איז נייטיק אריבערצוגעווינען א מענטשן איז צו
דערגרייכן אים. די ארבעטער-פארפירער, אזוי לאנג ווי מיר האבן זיי גע-
לאזט צורו, האבן פארשטעלט פון אונז די ארבעטער. מיר מוזן אטאקירן.
* * * וואו נאר קאפיטאליזם הויבט אויף זיין עקלהאפטן קאפ מוז ער אומ-
ברחמנותדיק אטאקירט ווערן. דער לייבאר-שווינדלער, וואס נעמט אויף זיך
צו טאן די שמוציקע ארבעט פאר דעם קאפיטאליסט, איז ניט בעסער פונם
קאפיטאליסט. ער מוז ארויסגעשטעלט ווערן אין זיין נאקעטער ראל. דאס
איז די אויפקלערונג פאר די ארבעטער. דער קאפיטאליסט, מיט אלע זיינע
זינד, פירט כאטש דורך א היסטארישע מיסיע. דער לייבאר-שווינדלער איז
אבער אן אומבארעכטיקטער געשוויר אויף דער וועלט."

אין זיין בוך צוויי זייטן פון דער רוימישער געשיכטע, אין וועלכן דע־
ליאן האט צונויפגעקליבן באווייזן פון גאנצן לאנד וועגן דעם פארראט פון
די יוניאן־פירער, שטעלט ער ארויס דעם פאלגנדיקן אויסגעצייכנטן, ריכטיקן
טעזיס:

„דער איצטיקער ארבעטער-פירער איז נאר א מאסקירטע באטאריע, פון
הינטער וועלכער דער קאפיטאליסטישער קלאס קען דורכפירן דאס וואס ער

וואָלט נים באַווייזן צו מאָן פון דרויסן — צו פאַרשקלאַפן און דעגראַדירן דעם אַרבעטער-קלאַס.״

זאָגנדיק, אַז דע־ליאָן איז געווען דער פאָטער פון רעוואָלוציאָנערן אינ־דוסטריעלן יוניאָניזם, ווילן מיר דערמאָנען, אַז ווען די איי. וו. וו. איז באַשאַפן געוואָרן איז דע־ליאָן געוואָרן איינער פון אירע פירער. אונז וועט אויך נאָך אויסקומען צו באַרירן זיין טעאָריע וועגן יוניאָנס אין דעם קאַפּיטל וועגן דער איי. וו. וו.

חבר ראָבערט (באָב) מיינאָר, צוריקקומענדיק פון דער סאָוועטישער רוס־לאַנד אין 1919, האָט געשריבן, אַז לענין האָט אים געזאָגט אין אַ געשפּרעך אין זעלבן יאָר:

„דער אַמעריקאַנער דע־ליאָן איז געווען דער ערשטער צו פאָר־מולירן די אידייע פון אַ סאָוועטן־אָרדענונג, וואָס איז אויסגעוואַקסן אין רוסלאַנד אויף זיין (דע־ליאָנס) אידייע.״ (ליבערייטאָר, מערץ 1919.)

חבר מיינאָר האָט ניט קלאָר געמאַכט לענינס ווערטער, דעריבער קלינגען זיי אומפאַרשטענדלעך. זיכער האָט לענין געמוזט וויסן, אַז דע־ליאָנס אידייע פון דער פּראָלעטאַרישער מאַכט נאָכן אומוואַרפן פון קאַפּיטאַליזם, איז ניט קיין סאָוועטן־רעגירונג, נאָר צענטראַליזירטע אינדוסטריעלע יוניאָנס. לענין האָט געמוזט אין זינען האָבן דעם געדאַנק, אַז פאַרטרעטערשאַפט אין די אָרגאַנען פון פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור דאַרף געבויט ווערן ניט לויט געאָ־גראַפישע ליניעס, ווי אין די קאַפּיטאַליסטישע פּאַרלאַמענטן, נאָר לויט אינ־דוסטיערע ליניעס, לויט באַשעפטיקונג און אַרבעט־פּלעץ.

אָט־דער איינציקער ריכטיקער מאָמענט פון דע־ליאָנס פאַלשער טעאָריע איז אַריינגענומען געוואָרן אין דעם געבוי פון די סאָוועטן. פון דער באַ־שרייבונג פון אַרטור רענסאָם ווערט די זאַך קלאָרער.

אַרטור רענסאָם, דער בריטישער זשורנאַליסט וואָס האָט דורכגעמאַכט די באָלשעוויסטישע רעוואָלוציע, דערציילט ווי אַזוי לענין האָט זיך צום ערשטן מאָל אָנגעשטויסן אויף דע־ליאָנס אַרבעטן:

„לענין האָט געזאָגט, אַז ער האָט געלייענט אין אַן ענגלישער סאָציאַ-ליסטישער צייטונג אַ פאַרגלייך צווישן זיין טעאָריע און דע-ליאָנס. ער האָט זיך פאַראינטערעסירט און געקומען ביי באָריס ריינשטיין, אַ געוועזענער טוער פון דער ס. ל. פּ. — איצט אַ קאָמוניסט אין מאָסקווע — עטלעכע בראָ-שורן פון דע-ליאָן. לענין האָט צום ערשטן מאָל געלייענט דע-ליאָן און איז געווען איבערראַשט ווי ווייט און ווי פּריצייטיק דע-ליאָן האָט אַנטוויקלט די זעלבע ליניע ווי די רוסן. דע-ליאָנס טעאָריע, אַז די פּאָליטישע פּאַר-

> טרעטערשאפט דארף זיין געבויט אויפן באזיס פון באשעפטיקונג און ניט פון געאגראפישע געגנטן, איז שוין געווען א טייל פון דער סאוועטישער סיסטעם. * * * איין טאג האב איך באמערקט, אז לענין האט אריינגעפירט עטלעכע פון דע-ליאנס אויסדרוקן אין דער נייער פראגראם פון דער קאמו-ניסטישער (באלשעוויסטישער) פארטיי. (ארטור רענסאם, רוסלאנד אין 1919, זייטן 120-121.)

רענסאם איז געווען אונטער דעם איינדרוק, אז לענין האט דערמיט גע־וואלט ערן דעם אנדענק פון דעם אמעריקאנישן רעוואלוציאנער, וואס האט ניט דערלעבט צו זען די פראלעטארישע סאציאלע רעוואלוציע. דע־ליאן איז געשטארבן אין 1914.

אין דער זעלבער צייט איז נויטיק צו באמערקן, אז אויסער זיינע טעארעטישע פעלערן האט דע־ליאן פארמאגט א שווערן דיקטאטארישן כא־ראקטער, וואס האט זיך אן צוויפל אפגערופן אויף זיינע באציאונגען מיט די סאציאליסטן, וואס זיינען ניט געווען איינשטימיק מיט אים.

מען דארף געדענקען, אז אין מיטן פון די נײנציקער יארן האט גע־הערשט אן עקאנאמישע געדריקטקייט. די ארבעטער־באוועגונג איז געווען פארוויקלט אין עטלעכע גרויסע קאמפן, באזונדערס אין דעם גענעראל־סטרייק פון די קוילן־גרעבער. די יוניאן־פירערשאפט, נאך דעם זיג איבער די „נייטס אוו לייבאר", האט זיך גענומען באפעסטיקן אין די יוניאנס. גאמפערס האט אויסגעבויט זיין מאשין אין דעם עקזעקוטיוו־קאונסיל פון דער א. פ. אוו ל. דאס זעלבע האבן געטאן די פירער פון די איינצלנע, נאציאנאלע פאך־יוניאנס.

די קאפיטאליסטן, נאך א ריי סטרייקס, האבן אין א סך פלעצער גענומען שליסן נאציאנאלע אפמאכן מיט די א. פ. אוו ל. יוניאנס, וועמעס מיטגלידער־שאפט איז באשטאנען נאר פון קוואליפיצירטע ארבעטער. עס האט זיך געלוינט אן ארבעטגעבער דורכצוקומען מיט דער קליינער גרופע ארגאניזירטע ארבעטער און דערפאר קריגן א פרייע האנט מיט דער גרעסערער גרופע אומ־ארגאניזירטע און ניט־קוואליפיצירטע ארבעטער.

פאר דע־ליאנען איז דער הערשנדיקער גייסט אין די יוניאנס געווען א ביטערע אנטוישונג. דע־ליאן האט באטראכט די יוניאן ווי א שול פארן קלאסן־קאמף, ווי א באוועגונג וואס וועט העלפן גראבן דעם קבר פאר דעם קאפיטאליזם. דא שטויסט ער זיך אן מיט טרייד־יוניאן פירער, וואס גייען אריבער אין לאגער פון קאפיטאליזם; יוניאן־פירער, וועמעס איינציקע זארג איז, אין בעסטן פאל, נאך עטלעכע סענט פאר זייערע אייגענע מיטגלידער, מאכט און הויכער געהאלט פאר זיך אליין.

פריער האָט דע־ליאָן געוואָרפן די כחות פון דער ס. ל. פּ געגן גאָמפּערסן. אויף דעם א. פ. אָוו ל. צוזאַמענפאָר אין דענווער, 1894, איז גאָמפּערס, מיט דער הילף פון די סאָציאַליסטישע שטימען, צום ערשטן און צום לעצטן מאָל דורכגעפאַלן פאַר פּרעזידענט. אַ יאָר שפּעטער איז ער ווידער דערוויילט געוואָרן און האָט אָפן באַקעמפט די סאָציאַליסטן. דעמאָלט האָט דע־ליאָן באַשלאָסן אָנצוהייבן אַ קאַמף צו פאַרניכטן די א. פ. אָוו ל. די ס. ל. פּ. האָט באַשלאָסן אין 1895 צו שאַפן אַ צווייטע טרייד־יוניאָן באַוועגונג. די ס. ל. פּ. האָט געגרינדעט די „סאָשעליסט טרייד ענד לייבאָר אַלייענס" (די פאַראייניקונג פון סאָציאַליסטישע און טרייד־יוניאָן אָרגאַניזאַציעס). אַ קאַמף אויף לעבן און טויט האָט זיך צעפלאַקערט מיט דער א. פ. אָוו ל.

### גרינדונג פון „אַלייענס" איז געווען אַ פונדאַמענטאַלער פעלער

אויב מען זאָל אויסלאָזן די „נייטס אָוו לייבאָר", וואָס איז אַליין אויך געווען אַ צעשוואומענע אָרגאַניזאַציע, איז די סאָשעליסט טרייד ענד לייבאָר אַלייענס געווען די ערשטע אָרגאַניזירטע און קלאָר־באַוואוסטזיניקע אָפּאָזיציע צו דער א. פ. אָוו ל. מיט אירע רעאַקציאָנערע פירער. גלייכצייטיק איז עס געווען אַן אומגעלונגענע אָפּאָזיציע, דערמיט וואָס זי איז געווען אומבאַרעכ־טיקט און דעריבער אומנייטיק און שעדלעך. אין די ניינציקער יאָרן האָט ניט געטאָרט זיין קיין רייד פון שפּאַלטן די יוניאָנס און פאַרזוכן צו גרינדן אַ נייעם טרייד־יוניאָן צענטער.

אמת, די יוניאָן־פירערשאַפט איז שוין דעמאָלט געווען ביוראָקראַטיזירט און זיך אַלץ מער געווענדט צו די קאַפּיטאַליסטן. אמת, די פירערשאַפט האָט שוין באַשאַפן אַ מאַשין, וואָס האָט זיך גענומען איינפונדעווען, און עס איז ניט געווען אַזוי גרינג זי אַרויסצוזעצן פון דער מאַכט. דאָס פאַרמינערט אָבער ניט דע־ליאָנס פונדאַמענטאַלן פעלער. זיין שטאַנדפּונקט, אַז די א. פ. אָוו ל. וועט סיי ווי סיי ניט וואַקסן, וועט קיינמאָל ניט ענדערן איר שמאָלן פאַך־געבוי און וועט דעריבער ניט ווערן קיין מאַסן־אָרגאַניזאַציע, איז געווען אַ פאַלשער. שפּעטערדיקע יאָרן האָבן באַוויזן, אַז מיט אַלע גרינטלעכע און שווערע פעלערן פון דער א. פ. אָוו ל. האָט די יוניאָן־ביוראָקראַטיע דאָך ניט געקענט איינגאַנצן אָפּהאַלטן דעם דראַנג פון די אַרבעטער־מאַסן צו אָרגאַני־זאַציע און צום קאַמף. ניט אומעטום האָט די ביוראָקראַטיע געזיגט. די א. פ. אָוו ל. איז נאָך דער מלחמה אויסגעוואַקסן צו פיר מיליאָן מיטגלידער.

באַטש דאָס איז ניט קיין באַדייטנדיקע צאָל אין פאַרגלייך מיט דער גרויס פּ:ם אַמעריקאַנישן אַרבעטער־קלאַס, איז די א. פ. אָוו ל. אין דער זעלבער צייט אַ מאַסן־באַוועגונג און סאָציאַליסטן און קלאַסנבאַוואוסטזיניקע אַר־בעטער טאָרן ניט פאַרלאָזן אַזאַ מאַסן־באַוועגונג, סיידן ווען פאַר זיי איז געווען אינגאַנצן אוממעגלעך צו אַרבעטן פון אינעווייניק. אַזאַ אוממעגלעכ־קייט האָט ניט עקזיסטירט אין די 90ער יאָרן. מען האָט נאָך ניט געוואוסט פון מאַסן־פאַרפאָלגונגען, אויסשליסונגען, רעאָרגאַניזאַציעס און נאָך פון די מיטלען וואָס די יוניאָן־ביוראָקראַטיע האָט אָנגעווענדט געגן דער לינקער רעגק־און־פייל אָפּאָזיציע און געגן די קאָמוניסטן אין די יוניאָנס אין דעם דריטן צענדליק פון 20סטן יאָרהונדערט.

דע־ליאָנס שפּאַלטונג איז געווען אַ רעזולטאַט פון זיין פאַלשער אָפּ־שאַצונג און זיין אומגעדולד. זיין האָפענונג, אַז אַ סאָציאַליסטישער גייסט און אַ ברייטערע באַזע פאַרן געבוי פון די יוניאָנס וועלן אַריבערגעווינען די מערהייט פון די א. פ. אָוו ל. יוניאָנס, איז ניט פאַרווירקלעכט געוואָרן. דער געשריי „דואַל־יוניאָניזם" איז געווען געווען געגנוג צו שרעקן די אַרבעטער, ביי וועמען עס איז נאָך געווען פריש אין זכרון די טרויעריקע רעזולטאַטן פון דעב ברודער־קריג מיט די „נייטס אָוו לייבאָר".

אין דער אַלייענס זיינען געגאַנגען נאָר די אויסגעשפּראָכענע סאָציאַליס־טישע אַרבעטער. פון אָנהייב אָן האָט זיך געדאַכט, אַז די באַגייסטערונג פון אָט־די אַרבעטער וועט דורכטראָגן די נייע טרייד־יוניאָן באַוועגונג. און באַ־גייסטערונג איז געווען. די ערשטע דריי מאָנאַטן האָט די אַלייענס אַרויס־געגעבן 200 טשאַרטערס. אין ניו יאָרק, מאַסאַטשוזעטס, ניו דזשוירזי, פּענ־סילווייניע, ראָוד איילענד און אַנדערע שטאַטן זיינען באַשאַפן געוואָרן אָפּ־טיילונגען. דער גרעסטער צענטער איז געווען ניו יאָרק. די אידישע פאַר־אייניקטע געווערקשאַפטן, באַהערשט פון סאָציאַליסטן, האָט זיך אינגאַנצן אָנגעשלאָסן אָן דער אַלייענס. די אַלייענס האָט געקראָגן אַ מיטגלידערשאַפט פון אַרום 20,000. דאָס איז געווען די העכסטע צאָל. די א. פ. אָוו ל. האָט דאַן געציילט אַרום 300,000 מיטגלידער אין די אָנגעשלאָסענע יוניאָנס.

דע־ליאָן האָט אַרויסגעלאָזן אַ פייערדיקן אויפרוף צו די מיטגלידער פון דער א. פ. אָוו ל. און פון די „נייטס" זיך אָנצושליסן אין דער „אַלייענס". די א. פ. אָוו ל., האָט ער געשריבן, „שטייט אין וועג דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־באַוועגונג". גאָמפּערס האָט געענטפערט מיט אַ קריג־דערקלערונג דער ס. ל. פּ.

## גאָמפּערס טרעט אַרויס אָפן פאַר דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג

גאָמפּערס האָט פון זיך אָרונטערגעוואָרפן יעדע מאַסקע. ער איז אַרויס־געטראָטן מיט אַ גאַליקער אַטאַקע אויף דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

„וואַרשיינלעך, אַז פון אַלע שונאים מיט וועלכע די יוניאָנס קומט אויס זיך צו טרעפן — האָט גאָמפּערס געשריבן אין דעם פעדעריישאָניסט פון אַפּריל 1896 — איז קיינער ניט אַזוי געפערלעך, ניט אַזוי געמיין ווי דער יעניקער, וואָס אונטער דער מאַסקע פון סימפּאַטיע מיט די האָרעפּאַשניקעס וואָס קעמפן פאַר גערעכטיקייט, האָט ער אַרויסגעשטעלט זיין פּאַטענטירטן מעדיצין-פּלאַן ווי אַ באַלדיקע און אַבסאָלוטע רפואה צו אַלע צרות וואָס די אַרבעטער האָבן געירשנט.״ (גאָמפּערס, זיבעציק יאָר פון מיין לעבן, זייט 5.)

שפּעטער, אין 1903, האָט גאָמפּערס שוין געשאָסן פון אַ גרויסן האַר־מאַט, ניט בלויז אויף דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, נאָר אויף דעם סאַמע אידעאַל פון סאָציאַליזם.

„איך וויל אייך סאָציאַליסטן זאָגן, אַז איך האָב שטודירט אייער פילאָ-זאָפיע, געלייענט אייערע ביכער וועגן עקאָנאָמישע פראַגן. איך האָב געהערט אייערע רעדנער און נאָכגעפאָלגט אייער באַוועגונג איבער דער גאַנצער וועלט און איך וויל אייך זאָגן, אַז איך בין אינגאַנצן ניט איינפאַרשטאַנען מיט אייער פילאָזאָפיע. איך דערקלער אייך, אַז איך בין ניט נאָר געגן אייערע טעאָריעס, נאָר אויך געגן אייער פילאָזאָפיע. עקאָנאָמיש שטייט איר אויף אַ פאַלשן באָדן, סאָציאַל זייט איר אומגערעכט, אינדוסטריעל זייט איר אומ-מעגלעך.״ (גאָמפּערס, זעלבער בוך, זייט 175.)

גאָמפּערס טרעט שוין דאָ אַרויס ווי אַן אויסגעשפּראָכענער געגנער פון סאָציאַליזם. דער פּראָצעס פון דער דערנעענטערונג צו דער בורזשואַזיע איז פאַרענדיקט. פון היינט אָן וועט די א. פ. אָוו ל. פירערשאַפט אָפן און אומפאַרשעמט פאַרטיידיקן דעם עקאָנאָמישן, סאָציאַלן און פּאָליטישן פונדאַ־מענט פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג און פאַרטיידיקן אַלע אירע אינ־סטיטוציעס, וואָס זיינען אויפגעשטעלט געוואָרן צו רויבן דעם אַרבעטער־קלאַס.

דע־ליאָנס אויסרעכענונג, אַז ער וועט ראַטעווען די אַרבעטער־באַוועגונג פון גאָמפּערסיזם ווען ער וועט פאַר איר געפינען אַ נייע אָרגאַניזאַציע, האָט זיך אַרויסגעוויזן אומבאַגרינדעט. די מערהייט מיטגלידער אין די א. פ.

אָוו ל. יוניאָנס האָט ניט פאַרשטאַנען פאַרוואָס די סאָציאַליסטן ברעכן די יוניאָנס און שאַפן נייע אָרגאַניזאַציעס. אומפאַרמיידלעך איז אויסגעבראָכן אַ מלחמה צווישן די א. פ. אָוו ל. יוניאָנס און די יוניאָנס פון דער „אַלייענס", וואָס זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן אין די זעלבע פאַכן. אַזאַ מלחמה האָט ווידער געבראַכט צו סטרייק־ברעכעריי פון איין יוניאָן געגן דער צווייטער. אין אַ סך פאַכן האָט די מלחמה אויפגערעגט די אַרבעטער געגן דער ס. ל. פּ. דע־ליאָן האָט געשטופּט די „אַלייענס" צו טאָן זאַכן, וואָס זיינען געגן עלעמענטארער אַרבעטער־סאָלידאַריטעט. אויסער די יוניאָנס וואו די סאָציאַליסטן האָבן געהאַט אַ מערהייט און האָבן זיך אָנגעשלאָסן אָן דער „אַלייענס", האָט די „אַלייענס" געזוכט זיך אַריינרייסן אין די פאַכן וואו די א. פ. אָוו ל. יוניאָנס האָבן געהאַט אַ מערהייט. די „אַלייענס" האָט געגרינדעט נייע יוניאָנס ביי די ציגאַרמאַכער, פאַרבער, קליידער־אַרבעטער און אין אַנדערע פאַכן. גאָמפּערסן איז דעריבער געלונגען צו שאַפן אַ סך בייז בלוט געגן די סאָציאַליסטן.

דע־ליאָן האָט אויך ניט געגעבן דער „אַלייענס" קיין געלעגנהייט צו וואַקסן. יעדע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע מוז האָבן איר אינערלעכן לעבן אויב זי וויל ניט ווערן פאַרגליווערט. די סעקטאַנטישקייט פון זיין פּאָליטיק אין דער ס. ל. פּ. האָט דע־ליאָן אַריבערגעטראָגן אין דער „אַלייענס". אַגיטאַציע איז געפירט געוואָרן אַבסטראַקט, אַלגעמיין, ניט פאַרבונדן מיט די טעגלעכע נויטן פון די אַרבעטער. דער דיקטאַטאָרישער צוגאַנג האָט פאַרוואַנדלט די יוניאָנס פון דער „אַלייענס" בלויז אין געהילף־אָרגאַניזאַציעס פון דער ס. ל. פּ. עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז אין דער „אַלייענס" האָט זיך אָנגעהויבן אַ רעוואָלט געגן אים. פון דער ס. ל. פּ. איז דאָך אָפּגערעדט, דאָרטן איז דערגאַנגען צו צוויי שפּאַלטונגען.

די „אַלייענס" האָט זיך לאַנג ניט געהאַלטן, כאָטש אָפיציעל איז זי אויפגעגעבן געוואָרן ערשט אין 1905, ווען די איי. וו. וו. איז געגרינדעט געוואָרן. דריי יאָר נאָך איר גרינדונג האָט די „אַלייענס" אויף איר צוזאַמענפאָר אין באָפאַלאָ, 1898, געהאַט 114 אָפּטיילונגען פון וועלכע נאָר 54 האָבן עקזיסטירט אין דער ווירקלעכקייט. דע־ליאָן האָט זיך ניט געוואָלט אונטערגעבן און איינזען זיין טעות. מיט זיין לײדנשאַפטלעכן דיקטאַטאָרישן כאַראַקטער האָט ער געקעמפט פאַר דער „אַלייענס" און גערייניקט איר און די ס. ל. פּ. פון יעדן געגנערישן עלעמענט.

די שפּאַלטונג אין דער ס. ל. פּ. און דער געבורט פון דער ס. פּ.

דער רעוואָלט געגן דע־ליאָנס פּאָליטיק און דיקטאַטאָרישער האַלטונג האָט זיך געטראָגן פון עטלעכע זייטן. פון איין זייט זיינען געשטאַנען אין קאַמף געגן אים די סאָציאַליסטן גרופּירט אַרום דער דייטשער „פּאָלקס־ציַיטונג", וואָס זיינען געווען געגן דער „אַלייענס" און געגן דע־ליאָנס מעטאָדן אין דער פּאַרטיי־פירונג. פון דער צווייטער זייט האָבן זיך געהויבן געגן דע־ליאָנען די אָפּאָרטוניסטישע — דעמאָלט נאָך באַהאַלטענע — רעכטע עלעמענטן אויף דער אידישער סאָציאַליסטישער גאַס, די קאַהאַנס, פייגנבוימס, זאַמעטקינס, מילערס און זייער גלייכן. געגן דע־ליאָנען איז אויך געווען אַ דריטע גרופּע, געפירט פון יודזשין וו. דעבס און וויקטאָר בערגער. דעבס איז ניט לאַנג צוריק געוואָרן אַ סאָציאַליסט און האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט ווילד־אוטאָפּישע פאַנטאַזיעס פון קאָאָפּעראַטיווע פאַרמער־קאָלאָניעס.

דער קאַמף האָט אויסגעבראָכן אין 1896 און האָט זיך געצויגן ביז דער צווייטער שפּאַלטונג, וואָס האָט געבראַכט צום לעבן די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אין אַמעריקע (ס. פּ.) אין 1901.

די דירעקטע אורזאַך פון קאַמף זיינען געווען אַרטיקלען, וואָס זיינען דערשינען אין דער „פּאָלקס־ציַיטונג" און אין דער אידישער טעגלעכער ציַיטונג „אָוונדבלאַט", וואָס זיינען ניט געפעלן דע־ליאָנען. די „פּאָלקס־ציַיטונג" גרופּע האָט דורכגעפירט נייע וואַלן און דערקלערט, אַז דע־ליאָן, סעניעל און פּאָכט זיינען ניט מער די פּאַרטיי־פירערשאַפט. די אידישע סאָציאַליסטישע פירער, מיטן אויסנאַם פון עטלעכע, ווי פיליפּ קראַנץ און שלאָסבערג, האָבן געשטיצט די „פּאָלקס־ציַיטונג". עס איז דערגאַנגען צו אַ קאַפּיטאַליסטישן געריכט צו אַנטשיידן ווער פון די צוויי פראַקציעס האָט דאָס רעכט צו טראָגן דעם נאָמען ס. ל. פּ. די גאַנצע זאַך האָט ניט געבראַכט קיין כבוד דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. שפּעטער, ווען דע־ליאָנס אָנהענגער האָבן געקראָגן קאָנטראָל איבער דעם „אָוונדבלאַט", האָבן די געגנער זיך אָפּגעשפּאָלטן און געגרינדעט דעם „פאָרווערטס".

די „פּאָלקס־ציַיטונג" גרופּע און די דעבס־גרופּע האָבן אויך געשפּאָלטן די פּאַרטיי. דעבס האָט אין 1898 געגרינדעט צוזאַמען מיט וויקטאָר בערגער די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי, וואָס איז טעטיק געווען אין מיטל־וועסט. די אַנדערע גרופּעס אין ניו יאָרק זיינען אָדער אויסגעשלאָסן געוואָרן, ווי די „פאָרווערטס"־גרופּע, אָדער זיי האָבן אַליין פאַרלאָזן די פּאַרטיי אין 1899. נאָך לאַנגע פאַרהאַנדלונגען האָבן זיי אָפּגעהאַלטן אַ צוזאַמענפאָר אין

ראַטשעסטער אין 1900. דאָרט איז באַשלאָסן געוואָרן איינצולאַדן דעבס און בערגערס סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי, וואָס האָט דעמאָלט געציילט אַרום פינף טויזנט מיטגלידער.

דער קאַמף אין ניו יאָרק איז געפירט געוואָרן מיט גרויס ביטערקייט און היץ. די פייגנבוימס און מילערס, וואָס האָבן פריער מורא געהאַט פאַר דע־ליאָנס גרויסער אויטאָריטעט, האָבן זיך געוואָרפן אויף אים ווי מיַיז אויף אַן אָפּגעשוואַכטן טיגער. דע־ליאָן איז זיי אויך ניט געבליבן שולדיק. ער האָט פייגנבוימען אָנגערופן „דער ביסמאַרק פון העסטער סטריט" און האָט אָפן באַשולדיקט די מילערס, קאַהאַנס, גיליסעס און פיינס אין דעם ערגסטן סאָרט אָפּאָרטוניזם און געשעפט־מאַכעריי. ער האָט זיי אויפגעוואָרפן אַז זיי זוכן זיך איינצוקויפן אין דער לאַסקע פון דער א. פ. או ל. ביוראָ־קראַטיע פאַר דזשאַבס און מאַכט. די וויַיטערדיקע אַנטוויקלונג פון אַט־די מענטשן, מיטן אויסנאַם פון מאָריס ווינטשעווסקי, וואָס איז געגאַנגען מיט זיי, האָט פולשטענדיק באַשטעטיקט און באַרעכטיקט דע־ליאָנס פאַרניכטנדיקע קריטיק פון די אויך־מיר סאָציאַליסטן. צו מאַכן דאָס בילד פולער דאַרף מען נאָך צוגעבן, אַז פון די עטלעכע אידישע ס.ל.פּ.׳ניקעס, ווי קראַנץ און יוסף שלאָסבערג, זיינען ניט אויסגעוואַקסן קיין בעסערע סאָציאַליסטן ווי פון די קאַהאַנס און פייגנבוימס.

די שטעלונג צו דער פּאָפּוליסטן־באַוועגונג

ניט געקוקט אויף די פונדאַמענטאַלע טעותן, וואָס דע־ליאָן האָט פאַר־טיידיקט, איז אָבער אַ גרויסער טייל פון זיין שאַרפער קריטיק און פון זיינע שאַרפע מיטלען געווען אַן צווייפל באַרעכטיקט. אין דער ס. ל. פּ. זיינען געוואַקסן גרופּעס, וואָס האָבן זיך געררוקט וואָס איינגער צום אָפּאָרטוניזם און וואָס וויַיטער פון רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם. אַלס ביישפּיל וועט דינען דער קאַמף אַרום דער האַנדלונג פון דזשיימס קערי, ווען די סאָציאַליסטן האָבן דערוויילט צו דער שטאָט־רעגירונג אין הייווערהיל, מאַס, אַ שוך־צענטער, אין 1897. קערי האָט געשטימט פאַר בויען אַ נייע אַרמאָרי (אַ לאַגער פאַר סאָלדאַטן). ווען די נאַציאָנאַלע פירערשאַפט פון דער ס. ל. פּ האָט אים שאַרף קריטיקירט, איז די מערהייט פון דער אָרטיקער אָרגאַניזאַציע געשטאַנען מיט אים. די מערהייט האָט אַפילו געשפּאָלטן די פּאַרטיי און זיך אָנגעשלאָסן אָן דעבס׳ סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי.

אַ צווייטע זייער וויכטיקע שטרייט־פראַגע איז געווען די שטעלונג פון

די סאָציאַליסטן צו דער פּאָפּוליסטן־באַוועגונג. אויך דאָ האָבן דע־ליאָן און זיינע אָנהענגער גענומען אַ געזינטערע מאַרקסיסטישע שטעלונג נעגן דעבסן און אַ סך אַנדערע סאָציאַליסטן.

אין די ראַמען פון אָט־דער געשיכטע קען ניט זיין קיין רייד צו באַשרייבן און אָפּצושאַצן ווי געהעריק אָט־די כאַראַקטעריסטישע פאָלקס־באַוועגונג פון דעם מיטל־קלאַס און פאַרמעגלעכע פאַרמער אין דרום־מערב און מערב, וואָס האָט אַריינגעצויגן אַ סך אַרבעטער. די „פּיפּלס פּאַרטי" (פאָלקס־פּאַרטיי) איז אַנטשטאַנען ווי אַ רעוואָלט פון די פאַרמער קעגן די באַן־קאָמפּאַניעס, וואָס האָבן געהויבן די פּרייזן אויף פראַכט, קעגן די תבואה־סוחרים וואָס לייען געלט די פאַרמער אויפן חשבון פון דער שפּעטערדיקער געוועקסניש און זויגן זיי אויס, קעגן אָרטיקע באַנקען און קעגן דער רעגירונג, וואָס שטיצט די באַן־קאָמפּאַניעס, די באַנקען און די קאַפּיטאַליסטן. די פאַרמער האָבן געפירט אַ ריי פּאָליטישע רעוואָלטן פון דעם כאַראַקטער אויך שפּעטער.

די באַוועגונג איז אויפגעקומען אינמיטן פון די ניינציקער יאָרן, ווען די פּרייזן אויף אַגריקולטורעלע פּראָדוקטן זיינען געפאַלן און פּרייזן אויף אינדוסטריעלע סחורות זיינען געשטיגן.

ווי אַלעמאָל אין אַזאַ באַוועגונג, איז די פּראָגראַם געווען אַ מישמאַש און אַ קנויל פון די פאַרשיידענע גרופּעס מיט זייערע פאַרשיידענע עקאָנאָמישע אינטערעסן. די באַוועגונג איז אָבער געוואַקסן מיט אימפּעט און האָט אַריינ־געצויגן די שטאָטישע קליינבירגער און גרויסע טיילן פון די אַרבעטער, כאָטש די א. פ. אָוו ל. ביוראָקראַטיע איז געבליבן טריי די אַלטע צוויי קאַפּי־טאַליסטישע פּאַרטייען.

אַ סך סאָציאַליסטן, באַזונדערס אין מערב און דרום־מערב, זיינען מיט־געריסן געוואָרן מיט דעם גרויסן שטראָם, וואָס די פּאָפּוליסטן האָבן באַשאַפן. זיי האָבן אויך געזען אַ גוטע געלעגנהייט צו אַגיטירן פאַר דעם סאָציאַליזם צווישן ברייטע קרייזן פאַרמער און אַרבעטער, צו וועלכע די ס. ל. פּ. האָט פריער ניט געקענט צוקומען. אַנדערע סאָציאַליסטן, ווי יודזשין וו. דעבס און סטיט ווילסאָן אין קאַליפאָרניע האָבן אויך געזען אַ מעגלעכקייט צו „געווינען" די „פּיפּלס פּאַרטי" און איר פּלאַטפאָרמע און זיי ביידע פאַר־וואַנדלען אין סאָציאַליסטישע אינסטרומענטן. דעבס און נאָך אַ סך סאָציאַ־ליסטן זיינען געווען דורכאויס פאַר מיטאַרבעטן צוזאַמען מיט דער „פּיפּלס פּאַרטי". די פירער פון דער „פּיפּלס פּאַרטי" האָבן לאַנג ניט געלאָזט די סאָציאַליסטן אויסצונוצן די פּאַרטיי ווי אַ פּלאַטפאָרמע. זיי זיינען געווען

זייער ווייט פון אנגענעמען סאציאליסטישע אידייען. זיי האבן זיך ניט אפּ־געשטעלט אפצוברעכן פארזאמלונגען וואו די סאציאליסטן זיינען געווען צו שטארק.

די „פיפּלס פּארטי" האט פון אנהייב געהאט גרויס דערפאלג אין די ארטיקע וואלן. זי האט דערוויילט א צענדליק קאנגרעסלייט, עטלעכע סענא־טארן און נאך מער לאקאלע באאמטע און אפילו צוויי גאווערנארס. די פּארטיי איז אבער אויפגעריסן געווארן פון אינעווייניק. די דעמאקראטן האבן זיך דערשראקן און האבן אין די פּרעזידענט־וואלן אין 1898 ארויסגעשטעלט פאר זייער קאנדידאט וויליאם דזשענינגס ברייען, וואס האט אויך פאר־טראטן די רייכע פּארמער און דעם מיטלקלאס. ברייענס פּלאטפארמע פאר ארויסלאזן זילבער־געלט ווי א מיטל ארויסצורייסן די מאכט פון די באנקירן און ביליקער מאכן קרעדיט האט אפּעלירט צו די קליינבירגער. די „פּיפּלס פּארטי" איז צעריסן געווארן צווישן די וועלכע זיינען געווען פאר צונויפ־שמעלצונג מיט ברייענען און די געגנער. די רייסערייען האבן געהאלפן אומ־צוברענגען די גאנצע פּאפּוליסטישע באוועגונג.

די ס. ל. פּ., אונטער דע־ליאנס פירערשאפט, האט זיך ניט געלאזט מיטשלעפּן מיט דעם ציטווייליקן שטראם. די אפּשאצונג, וואס דער ס. ל. פּ. צוזאמענפאר האט געגעבן וועגן דער „פּיפּלס פּארטי" און אירע צוועקן, איז א מארקסיסטישער דאקומענט, וואס ווייזט אן, אז די נעבלהאפטע פּונקטן אין דער פּראגראם פון די פּאפּוליסטן וועגן טיילן דעם רייכטום זיינען געצילט צו העלפן די רייכע פּארמער און מיטלקלאס עלעמענטן און פּארמאגן גארניט פאר דעם קלאס לוין־ארבעטער. די פּאפּוליסטן טראכטן ניט אפּצושאפן פּריוואט־אייגנטום. די ס. ל. פּ. איז געווען שארף געגן צונויפשמעלצונג מיט די פּאפּוליסטן. אגב, מיטן אונטערגאנג פון דער פּאלקס־פּארטיי איז די פּראטעסט־באוועגונג פון די פּארמער און קליינבירגער שטילער געווארן ביז 1924, ווען ראבערט לאפּאלעט האט געפירט א פּראגרעסיווע קאמפּאניע אין די פּרעזידענט־וואלן אין 1924. די סאציאליסטישע פּארטיי איז געווען א טייל פון אט־דער וואל־קאמפּאניע.

גלייכצייטיק האט די אפּשאצונג ארויסגעבראכט דע־ליאנס איינזייטיקייט. דע־ליאן האט ניט באגריפן, אז צווישן די פּארמער אין דארף און דעם מיטל־קלאס אין שטאט זיינען פאראן אפּגעגרענעצטע עקאנאמישע גרופּירונגען. צוזאמען מיט די מערסטע סאציאל־דעמאקראטן פון צווייטן סאציאליסטישן אינטערנאציאנאל האט דע־ליאן איגנארירט די ארעמע און מיטעלע פּארמער־

שיכטן און די מיטל־קלאַס עלעמענטן ווי פאַרבינדעטע פון אַרבעטער־קלאַס אין קאַמף פאַר דער אָפּשאַפונג פון קאַפּיטאַליזם. דע־ליאָן האָט די טיילן פון דער באַפעלקערונג אַריינגעוואָרפן אין איין טאָפּ מיט דער בורזשואַזיע. ער האָט ניט איינגעזען די נויטווענדיקייט פאַר דעם אַרבעטער־קלאַס אַריבער־צוגעווינען די הערפּאַשנע שיכטן אויף זיין זייט.

## דעבסעס וועג צום סאָציאַליזם

יודזשין וו. דעבס איז געבוירן געוואָרן דעם 5טן נאָוועמבער 1855 אין טערעהאָוט, אינדיאַנאַ, דער זון פון אַ שפּייז־קראָם אייגנטימער. צו 20 יאָר האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אָן דער „בראָדערהוד פון לאָקאָמאָטיוו־הייצער" און איז שנעל געוואָרן אַ באַאַמטער. פינף יאָר שפּעטער איז ער שוין געווען



יודזשין וויקטאָר דעבס

דער נאַציאָנאַלער סעקרעטאַר־קאַסירער פון דער בראָדערהוד. ווי די מערסטע יוניאָן־באַאַמטע איז ער געווען אַ מיטגליד אין דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי און איז דערווײלט געוואָרן פאַר שטאָטישן קלוירק (אַ מין סעקרעטאַר פון דער שטאָט־רעגירונג). אין דעם אַמט איז ער געווען 4 יאָר. אין 1885 איז

דעבס אויסגעקליבן געוואָרן אויף דעם דעמאָקראַטישן צעטל אין דער שטאַט־לעגיסלאַטור. דעבס האָט געהאָלפן אָרגאַניזירן די איבעריקע פאַכן אין דער באַן־אינדוסטריע. די פאַרלוירענע סטרייקס האָבן אים געבראַכט צו דער איבערצייגונג, אַז די פאַך־יוניאָנס זיינען פאַראורטיילט און פּרוכטלאָז פאַר די אַרבעטער. דעבס האָט רעזיגנירט פון זיין הויכן און גוט־באַצאָלטן אַמט אין דער בראָדערהוד און איז געגאַנגען אָרגאַניזירן די „אַמעריקען רעילוויי יוניאָן", אַן אינדוסטריעלע יוניאָן פון אַלע אַרבעטער אין און אַרום דעם באַן־פאַרקער, אָן אונטערשייד פון פאַך און קוואַליפיקאַציע.

דער גרויסער און רעוואָלוציאָנערער פּולמאַן־סטרייק אין 1894 האָט געבראַכט דעבסן צו דער ווייטערדיקער איבערצייגונג פון דער נויטווענדיקייט פון אַ פּאָליטישן קאַמף צו געווינען די רעגירונג, וואָס האָט דירעקט אונטער־דריקט אַ דערפאָלגרייכן סטרייק.*) אין טורמע האָט ער זיך באַקענט מיט דער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור. שפּעטער האָט וויקטאָר בערגער געהאַט אויף אים אַ גרויסן איינפלוס. דעבס האָט אים באַטראַכט פאַר אַ מוסטער פון אַ סאָציאַליסטישן פירער. דעבס אַליין איז נאָך גאָרניט קלאָר געווען אין דער לערע פון סאָציאַליזם און קלאַסן־קאַמף און איז מיטגעריסן געוואָרן מיטן שוואונג און מיט דער באַגייסטערונג, וואָס דער רעוואָלט פון די פאַרמער, אויסגעדריקט אין דער פאָלקס־פּאַרטיי, האָט אַרויסגערופן. דעבס האָט אָנטיילגענומען אין דעם פאָלקס־פּאַרטיי צוזאַמענפאָר אין 1896. דער ערשטער צוזאַמענפאָר פון דער פאָלקס־פּאַרטיי איז פאָרגעקומען אין 1892. בערגער און זיינע פריינט אין מילוואָקי האָבן אַריינגעוואָרפן די גאַנצע סאָציאַליס־טישע אָרגאַניזאַציע צו הילף די פּאָפּוליסטן.

וויקטאָר בערגער איז שוין דעמאָלט געווען דערפאָלגרייך אין אויפבויען אַ שטאַרקע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע אין מילוואָקי, אַ שטאָט מיט אַ מערהייט דייטשן.

בערגער, אַ קאָמפּראָמיסלער פון זיינע פריסטע יאָרן, איז געשטאַנען אין גוטע באַציאונגען מיט די אָרטיקע יוניאָן־פירער וואָס זיינען אויך געווען מערסטנס דייטשן. דעבסן האָט זיך דעמאָלט געדאַכט, אַז בערגערס וועג איז דער ריכטיקער און פירט אַריבערצוגעווינען די אָרגאַניזירטע אַרבעטער. וואָס עס האָט זיך אויסגעלאָזט פון בערגערס סאָציאַליסטישער פעסטונג איז אַ זאַך פון דער נאָענטער פאַרגאַנגענהייט. אין 1910 האָט מילוואָקי דער־

---

*) מער וועגן פּולמאַן-סטרייק, אין קאַפּיטל: אַרבעטער-ווידערשטאַנד סוף פון 19טן יאָרהונדערט.

וויילט א סאָציאַליסטישע שטאָט־רעגירונג מיט זיידעל פאַר מעיאָר. צוויי יאָר שפּעטער, אין 1912, איז וויקטאָר בערגער דערוויילט געוואָרן צום ערשטן מאָל אין קאָנגרעס. א סאָציאַליסטישער מעיאָר אין מילוואָקי איז געוואָרן כמעט א שטענדיקע אינסטיטוציע, אָבער די אַרבעטער איז דערפון ניט גרינגער געוואָרן. אפילו אין די יאָרן ווען בערגערס פּאַרטיי האָט דער־גרייכט איר העכסטן פּונקט אין מילוואָקי איז דער דרוק פון קאַפּיטאַליסטישער הערשאַפט אויף א האָר ניט געמינערט געוואָרן. דער צווייטער סאָציאַליס־טישער מעיאָר, האָאַן, האָט מעגלעך געגעבן די קאַפּיטאַליסטן א טיכטיקערע און ביליקערע שטאָט־רעגירונג. די אַרבעטער האָט ער גאָרניט געגעבן. זיין פּאָליציי האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איר ברוטאַליטעט געגן אַרבעטלאָזע דעמאָנסטראַנטן אין 1933 און האָט זיך בכלל אויפגעפירט געגן די קעמפנ־דיקע אַרבעטער ווי די פּאָליציי אין די שטעט וואו דער מעיאָר איז ניט קיין סאָציאַליסט. בערגער האָט ערב אַמעריקעס אַריינטרעטן אין קריג אַרויס־געוויזן א מיליטאַנטישע געגנערשאַפט צו מלחמה און איז דערפאַר ניט צוגעלאָזט געוואָרן צום קאָנגרעס נאָך זיין צווייטער דערוויילונג אין 1918. אָבער די מיליטאַנטישקייט האָט געשטאַמט מער פון זיינע פּראָ־דייטשע געפילן ווי פון זיינע סאָציאַליסטישע איבערצייגונגען. נאָך אַמעריקעס אַריינטרעטן אין קריג, האָט בערגער גלייך אויפגעגעבן זיין אַנטי־קריג פּאָזיציע.

## דעבס אונטער אילוזיעס פון אוטאָפּישע סאָציאַליסטן

די נייע פּאַרטיי, „די סאָשעל דעמאָקראַסי אָוו נאָרט אַמעריקע", וואָס יודזשין וו. דעבס און וויקטאָר בערגער האָבן געגרינדעט אין 1897, איז געווען ווייט פון זיין אַן אָרגאַניזאַציע פון קלאַסן־קאַמף. דעבס איז נאָך געשטאַנען אונטער דעם איינפלוס פון די אוטאָפּישע סאָציאַליסטן, כאָטש אין טורמע האָט ער זיך באַקענט מיט מאַרקסעס שריפטן. די מערהייט אידישע סאָציאַליסטן אין ניו יאָרק, מייער לאָנדאָן און י. א. הורוויטש אַריינ־גערעכנט, האָבן געשטיצט די נייע פּאַרטיי.

דעבס און בערגער האָבן זיך אַרומגעטראָגן מיט פּלענער צו קאָלאָניזירן גרויסע שטרעקעס ניט־באַאַרבעט לאַנד און דערמיט אָפּשאַפן פאַר א טייל האָרעפּאַשניקעס אָרעמקייט און עקספּלואַטאַציע. זיי האָבן געהאָפט, אַז די רעגירונג און איינצלנע פילאַנטראָפּן וועלן קומען צו הילף אין די גרויסע קאָלאָניזאַטאָריש־קאָאָפּעראַטיווע פּלענער. אין איר פּלאַטפאָרמע האָט די נייע פּאַרטיי אַרויסגעשטעלט א „גרינגן" וועג ווי אַזוי די סאָציאַליסטישע געזעל־

שאפט וועט איינגעפירט ווערן. איין שטאט זאל אוועקגעגעבן ווערן פאר אלע אנהענגער פון דער פארטיי. אין דעם שטאט זאלן דורכגעפירט ווערן די אלע גראנדיעזע קאאפעראטיווע פראיעקטן, געבויט הויפטזאכלעך פון די ארבעט־לאזע. שפעטער וועט אט־די קאאפעראטיווע געזעלשאפט אויסגעשפרייט ווערן איבער די איבעריקע שטאטן. דערביי האט די פלאטפארמע אויך ניט פאר־געסן דעם פארלאמענטארישן קאמף. קאלאניזאציע און וואל־קאמפאניעס וועלן אומווארפן דעם קאפיטאליזם. רעוואלוציע איז ניט נויטיק.

נאכן ערשטן צוזאמענפאר האט דעבס זיך געווענדעט מיט א בריוו צום איל־מאגנאט דזשאן ד. ראקפעלער נאך הילף אין די קאלאניזאציע־פלענער. דער בריוו, געשיקט מיט דער צושטימונג פון וויקטאר בערגער, לייענט זיך:(*)

„שיקאגא, 19טן יוני, 1897.

„צו דזשאן ד. ראקפעלער, ניו יארק:

„ווערטער הער: איך נעם די פרייהייט אייך צו מעלדן, אז מיר האבן היינט ארגאניזירט די 'סאשעל־דעמאקראסי אוו אמעריקא', אן ארגאניזאציע וואס האט בדעה צו באפרייען די אונטערדריקטע און ליידנדע פון אונזער לאנד פון דער מאכט פון אינדוסטריעלע אומשטענדן, וועלכע זיי זיינען מאכטלאז צו ענדערן אדער צו קאנטראלירן. דער צוועק פון דער ארגאניזאציע איז, קורץ געזאגט, אויפצושטעלן אנשטאט היינטיקע גרויזאמע אוממאראלישע און פארניכטענדע סיסטעם די קאאפעראטיווו קאמאנוועלט, וואו מיליאנערן און בעטלער, די אונמאראלישע פראדוקטן פון אן אונמאראלישער ציוויליזאציע, וועלן אינגאנצן פארשווינדן, און מענטשלעכע ברידערשאפט וועט איינגעפירט ווערן צו בענטשן און פארשענערן די וועלט. אין דיזער שטאט גופא, וואו דער אוניווערזיטעט, וואס טראגט אייער נאמען, שטייט אלס א מאנומענט פון די טריאומפן פון ארבעט און פון דעם פאבלהאפטן רייכטום פון דעם לאנד, געפינען זיך אכט טויזנט פאמיליעס, וואס האבן קיין היים ניט און פערציק טויזנט ארבעטער גייען כמעט אוים פון הונגער. אויב איר גלייבט, אז דאס איז איבערטריבן, טו בעט איך אייך איר זאלט אזוי גוט זיין קומען אהער, און איך וועל אראנזשירן זיי זאלן זיך צונויפקלייבן אויפן לייק־פראנט און דארטן, אונטער אונזער אלעמענס הימל, וואס ער איז זייער איינציקער דאך, וועלן זייערע אויסגעדארטע פנימער און זייערע אפגעריסענע בגדים זאגן עדות וועגן מענטשנס אונמענטשלעכקייט צו מענטשן. דער

---

*) דער בריוו איז ציטירט ווערטערלעך פון די געזאמלטע שריפטן פון דר. י. א. הורוויטש, באנד 4, זייטן 101-103.

בילד מוז אפּעלירן צו יעדן מענטשן, און ווי איר זייט דאָך אַ קריסטלעכער דזשענטלמען און זייט ווייט באַקאַנט דורך אייער צדקה, טו וועט איר אפשר עס באַטראַכטן אַלס פּאַסנד און אַלס פליכט צו געבן אייער שטיצע צו אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס איר הויכער צוועק איז ניט צו פיטערן און דערנידעריקן דיזע ליידענדע מיטמענטשן מיט די ברעקלעך פון טשאַריטי און צו פאַר־אייביקן די צושטענדע וואָס מאַכן פון זייער לעבן אַ שטענדיקע קללה, נאָר צו שטרעבן צו אַ מער געהויבענער מענטשהייט, אַ געטלעכער ציוויליזאַציע, אַזוינע ווי יעזוס האָט געפּריידיקט, ווען ער האָט געזאָגט: פרידן אויף ערד, גוטער ווילן אונזער מענטשן. דער נעקסטער צוועק וועט זיין העלפן די אַרבעטסלאַזע דורך קאָלאָניזירונג פון אַ סטייט אין דער וועלט וואו זיי זאָלן קאָאָפּערירן אין דער אָנווענדונג פון זייער אַרבעט צו די נאַטירלעכע רייכ־טימער, און זאָלן פאַרדינען פאַר זיך אַליין און זייערע פאַמיליעס, און זאָלן אויספילן ווי מענער די פליכטן פון אַ באַפרייטער בירגערשאַפט. אין דער באַוועגונג איז נישטאָ קיין קלאַסן־אונטערשייד: רייכע און אָרעמע זיינען גלייך ווילקאָמען צו העלפן אַראָפּצוואַרפן גאָלד פון זיין טראָן און אויפ־צוהויבן די מענטשהייט. דאַן וועט דער שטאַרקער העלפן דעם שוואַכן, דער שוואַכער וועט ליבן דעם שטאַרקן, און מענטשלעכע ברידערשאַפט וועט איבערמאַכן די ערד אויף אַן אמתן גן־עדן.

„צו ווידמען זיך צו אַזאַ אַרבעט איז מיין העכסטער באַגריף פון מיין פליכט צו מיר אַליין און צו מיינע מיטמענטשן. גלויבנדיק דאָס איר וועט געפינען אין אָנקלאַנג מיט אייער אייגענעם געפיל פון געזעלשאַפטלעכער און פּאַטריאָטישער פאַרפליכטונג צו רייכן אונז די האַנט אין אונזער באַפרייענדער און פערענדעלנדער אויפגאַבע, צייכנע איך

אייער זייער אויפריכטיק,

יודזשין וו. דעבס.״

דער בריוו צו ראָקפעלערן איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם וועג וואָס דעבס האָט דורכגעמאַכט זינט זיינע ערשטע טריט אין דער „אַמעריקען רעיל־וועי יוניאָן". דער בריוו שפּיגלט אָפּ דעם גייסטיקן צושטאַנד פון אַ טייל סאָציאַליסטן וואָס האָבן רעבעלירט געגן דענגיעל דע־ליאָנס פירערשאַפט אין דער ס. ל. פּ.

דער פאַנטאַסטישער פּלאַנטער פון קאָלאָניזירן נייע שטרעקעס לאַנד האָט ניט געקענט האַלטן די אידישע סאָציאַליסטן פון ניו יאָרק, וועלכע זיינען געווען צו ניכטער און אין פאַרגלייך דעמאָלט מיט דעבסן — „מאַרקסיסטן".

א יאר שפעטער, אויף דעם צווייטן צוזאמענפאר פון דער „סאשעל דעמאקראַ־סי”, אין 1898, איז פארגעקומען א רעוואלט געגן דעם אומגעלומפערטן אוטאפיזם. די מערהייט האט זיך ארויסגעזאגט געגן דעבסעס פלענער. די אפשטימונג איז געווען: געגן קאלאניזאציע 37, פאר 35. די מערהייט האט פארלאזט דעם צוזאמענפאר און די פארטיי. דעבס איז פארבליבן מיט דער מינדערהייט. בערגער איז געגאנגען מיט דער מערהייט.

דעבס האט זיך שנעל אויסגעהיילט פון זיין אוטאפישן סאציאליזם, וואס האט געשמעקט מיט קריסטלעכן בוימל. פונקט ווי זיין דערפארונג מיט דער פאך־יוניאן פון די לאקאמאטיוו־הייצער האט אים געבראכט צום געדאנק פון אינדוסטריעלן יוניאניזם, אזוי האט זיין דערפארונג מיט באקערן ראק־פעלערן אים געבראכט צום קלאסן־קאמף. דעבס האט פארמאגט א רעוואַ־לוציאנערן פייער, וואס האט אים געגעבן כח צו פירן אן אומקאמפראמיסלעכן קאמף געגן דעם גאמפערסיזם אין דער ארבעטער־באוועגונג, און שפעטער געגן אמעריקעס אריינטריט אין דער אימפעריאליסטישער וועלט־מלחמה. דעבס איז אריין אין דער געשיכטע פון אמעריקאנישן ארבעטער־קלאס ווי א טייל פון זיינע רעוואלוציאנערע קאמף־טראדיציעס. דעבס איז אבער ניט שטארק געווען אין טעאריע. זיין באקאנטשאפט מיט מארקסעס לערע איז געווען אויבערפלעכלעך. דעבס האט ניט באנומען די פונדאמענטן פון רעוואַ־לוציאנערן מארקסיזם און דעריבער האט ער ניט געקענט מאכן די נויטיקע מארקסיסטישע אויספירונגען אין דער טעגלעכער פראקטיק פון דער ס. פ. דעבס איז פארבליבן מער א שטימונג־רעוואלוציאנער איידער א פירער וועַ־מענס טעטיקייט דרינגט ארויס פון דער וויסנשאפטלעכער טעאריע פון קלאסן־קאמף. דערצו זיינען ביי אים פארבליבן שפורן פון הומאניטאריזם, וואס זיי־נען באזונדערס קענטיק געווארן אין די לעצטע יארן, ווי זיין ווידערהאלן אז ער פארגיט זיינע שונאים, אז זיין ליבע איז אויסגעשפרייט אויף אלע מענטשן־קינדער, זיין אומצופרידנקייט מיט דער אפוועזנהייט פון „דעמאקראטיע” אין דעם פראלעטארישן סאוועטן־פארבאנד, א. אז. וו.

### איי־ניקייט־צוזאמענפאר גרינדעט די סאציאליסטישע פארטיי

די ניו יארקער גרופעס וואס האבן זיך אפגעשפאלטן פון דער ס. ל. פ. האבן אפגעהאלטן א צוזאמענפאר אין ראטשעסטער, אין 1900. אין זיי האט זיך אנגעשלאסן די מערהייט וואס האט פארלאזט דעבסעס „סאשעל־דעמאקראסי”. שפעטער האבן זיך אנגעהייבן די פארהאנדלונגען מיט דעבסן. אין ראטשעסטער איז אויך געווען פארטראטן א פאליטישער ערב־רב.

צווישן די סאָציאַליסטן גרופּירט אַרום דער „פאָלקס־צייטונג“ און די „סאָציאַ־ליסטן“ פון „פאָרווערטס“, וואָס זיינען איינגעטונקט אין אָפּאָרטוניזם, איז געווען זייער ווייניק געמיינשאַפטלעכעס. אָבער די גענגערשאַפט צו דע־ליאָן, סעניעל, פאָכט, בראַון און די איבעריקע ס. ל. פּ. טוער איז געווען אַזוי גרויס, אַז די פאַרשיידענע עלעמענטן האָבן זיך פאַראייניקט אין איין פּאַרטיי. איין יאָר שפּעטער, אין 1901, נאָך לאַנגע דינגעניישן און געגנזייטיקע אָנפאַלן און זידלערייען, איז פאָרגעקומען דער אייניקייט־צוזאַמענפאָר מיט דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אין אינדיאַנאַפּאָליס. 124 דעלעגאַטן האָבן פאַרטראָטן אַרום צען טויזנט מיטגלידער. אַ נייע פּאַרטיי, די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי פון אַמעריקע, איז געשאַפן געוואָרן ווי די פאַראייניקונג פון אַלע אַנטי־דע־ליאָן עלעמענטן. מיט אַכצן יאָר שפּעטער האָט די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי זיך געשפּאָלטן, דער לינקער פליגל איז פון איר אויסגעשלאָסן געוואָרן און געגרינדעט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי פון אַמעריקע.

די נייע פּאַרטיי האָט זיך אָפיציעל אָפּגעטרייסלט פון דער „אַלייענס“. דערביי איז נויטיק צו פאַרצייכענען, אַז דעבס, וואָס האָט ביטער באַקעמפט דע־ליאָנען פאַר דער „אַלייענס“, האָט מיט אַכט יאָר שפּעטער צוזאַמען מיט דע־ליאָנען זיך באַטייליקט אין גרינדן אַ נייע אָפּאָזיציע צו דער א. פ. אָוו ל., אויף אַ גרעסערן פאַרנעם און מאַסשטאַב — די איי. וו. וו. (אינדוסטריעל וואָרקערס אָוו די וואָרלד), וואָס האָט פיל מער באַאיינפלוסט דעם אַרבעטער־קאַמף ווי די „אַלייענס“.

די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי איז באַשטאַנען פּאָליטיש פון אַ פאַרשיידע־נעם עלעמענט. געווען דאָרט אָפּאָרטוניסטן פון הילקוויטס און בערגערס שניט, און רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן ווי ביל הייוואוד, טאָם מוני און טשאַרלס רוטענבערג. דער קאַמף, וואָס די באַזונדערע גרופּן האָבן אָנגעפירט אין דער פּאַרטיי, האָט זיך אָפּגעשטעמפּלט אויף איר טעטיקייט. אַמאָל איז די ס. פּ. געגאַנגען אין וועג פון קלאַסן־קאַמף און אַן אַנדערשמאָל איז זי געקראָכן אין זומפּ פון אָפּאָרטוניזם. עס האָט זיך געווענדט וועלכע גרופּע האָט גע־קראָגן די אויבערהאַנט. די אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס פון דער פּאַרטיי זיינען אויך געווען פאַרשיידן לויט זייער צוזאַמענשטעל. עס זיינען געווען גוטע פּראָלעטאַרישע אָרגאַניזאַציעס און עס זיינען ווידער געווען אָרגאַניזאַציעס וואו גלחים, קאָמפּראָמיסלער און קאַריעריסטן זיינען געשטאַנען אין דער שפּיץ.

די ס. ל. פּ. איז פארבליבן איזאלירט פון די מאסן. אזוי לאנג ווי דע־ליאָן האָט געלעבט איז זי נאָך געווען א פאַקטאָר אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. נאָך זיין טויט אין 1914 איז די ס. ל. פּ. שנעל געגאַנגען באַרג־אַראָפּ. זי איז אויך פארגליווערט געוואָרן. אירע רעשטן האָבן אָנגענומען אַן אַנטי־קלאַסן־קאַמף ליניע, כאָטש זיי פאַרזוכן צו פאַרפּוצן עס מיט מאַרקסיסטישע רייד. היינט צו טאָג איז די ס. ל. פּ. א מומיזירטע סעקטע אָן א ברעקל איינפלוס אין דעם אַרבעטער־קלאַס און איז פולשטענדיק אין דרויסן פון זיינע קאַמפן און זיינע באַגערן.

סאָציאַליסטן טעטיק אין די א. פ. אָוו ל. יוניאָנס

די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט באַוויזן צו אַנטוויקלען א ברייטע טעטיקייט אין און אויסער די יוניאָנס. די מיטגלידערשאַפט איז געוואַקסן. דער איינפלוס פון דער פּאַרטיי איז אפילו געוואָרן א געפאַר פאַר דער גאָמפּערס מאַשין אין דער א. פ. אָוו ל. אַזוי, צום ביישפּיל, האָבן די סאָציאַליסטישע דעלעגאַטן אַריינגעטראָגן אויף דעם צוזאַמענפאָר פון דער א. פ. אָוו ל. אין ניו־אָרלינס אין 1902 א רעזאָלוציע, וואָס האָט זיך געלייענט:

„באַשלאָסן, אַז די צוויי-און-צוואַנציקסטע יערלעכע קאָנווענשאָן פון דער אַמעריקאַן פעדעריישאָן אָוו לייבאָר ראָט די אַרבעטער צו אָרגאַניזירן זייער עקאָנאָמישן און פּאָליטישן כח זיך צו דערשלאָגן פאַר די אַרבעטער דעם פולן ווערט פון זייער אַרבעט און די אָפּשאַפונג פון דער לוין-סיסטעם.“

די גאָמפּערסיסטן האָבן געפירט א היציקן קאַמף געגן דער רעזאָלוציע. זיי האָבן געוואונען נאָר מיט עטלעכע הונדערט שטימען. די אָפּשטימונג איז געווען: 3,344 פאַר און 3,744 געגן. דאָס ווייזט דעם גרויסן סאָציאַליסטישן איינפלוס אין די רייען פון די א. פ. אָוו ל. מיטגלידער.

דער קאַמף צווישן די גאָמפּערסיסטן און סאָציאַליסטן איז געוואָרן נאָך היציקער, נאָכדעם ווי דעבס האָט אין עטלעכע אָפענע אַרויסטרעטונגען שאַרף קריטיקירט די פירערשאַפט פון דער א. פ. אָוו ל. זינט יענער צייט האָט גאָמפּערס געפירט איין אַטאַקע נאָך דער אַנדערער אויף די סאָציאַליסטן. ער האָט זיך אפילו ניט אָפּגעשטעלט צו וואַרפן א חשד אויף דעם קוואַל פון די פינאַנציעלע מיטלען, וואָס די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט געהאַט אין אירע קאַמפּאַניעס. ערב דעם צוזאַמענפאָר פון דער א. פ. אָוו ל., ווען דעבס האָט אין 1908 געמאַכט א פּראָפּאַגאַנדע־טור איבערן לאַנד, אין דעם באַרימטן

„רעד ספעשעל" (רויטע באַן), האָט גאָמפּערס מיט גרויס ביטערקייט און העצע באַשריבן די „רויטע לוקסוס־באַן" אין וועלכער דעבס פאָרט אַרום.*) גאָמפּערס האָט געברענט פון צאָרן וואָס זיין רוף פאַר פינאַנציעלע מיטלען צו באַקעמפן דעם סאָציאַליסטישן איינפלוס אין דער א. פ. אָוו ל. האָט גע־בראַכט די מיזעראַבעלע סומע פון אַ פּאָר טויזנט דאָלאַר, אין דער צייט וואָס די סאָציאַליסטן האָבן באַוויזן צו זאַמלען נאָענט צו דרייסיק טויזנט דאָלאַר פאַר זייער פּראָפּאַגאַנדע. גאָמפּערס האָט געגעבן אָנצוהערעניש, אַז די גרויסע אָפּן־שאָפּ קאַפּיטאַליסטן פינאַנסירן די סאָציאַליסטן — אַ באַ־וואוסטזיניקע ליגנערישע פאַרלוימדונג אויפצורייצן די אָרגאַניזירטע אַרבעטער געגן די סאָציאַליסטן.

הילקוויט ווערט דער פירער פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי

לאַנג האָט די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי ניט אָנגעהאַלטן איר אַגרעסיווע אַגיטאַציע אין די יוניאָנס פון דער א. פ. אָוו ל. לאַנג האָט דער אינערלעכער פּרידן ניט אָנגעהאַלטן אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. די באַזונדערע עלעמענטן, וואָס האָבן צונויפגעשטעלט די פּאַרטיי, האָבן געמוזט פריער אָדער שפּעטער קומען אין צוזאַמענשטויס.

דער ראַשיקער וואוקס פון דעם יענקי־קאַפּיטאַליזם, זיין אויסשפּרייטונג איבער די גרענעצן פון די פאַראייניקטע שטאַטן און די אימפּעריאַליסטישע פּאָליטיק וואָס דער הערשנדיקער קלאַס האָט גענומען ענערגיש פירן אין אָנהייב פון 20סטן יאָרהונדערט, האָט זיך אָפּגערופן אויך אויף דעם אַרבע־טער־קלאַס.**) די הויך־קוואַליפיצירטע אַרבעטער זיינען דורך זייערע יוניאָנס געשטאַנען אין קאָלעקטיווע אָפּמאַכן מיט די אַרבעטגעבער. אין אַ סך פאַלן זיינען די אָפּמאַכן געשלאָסן געוואָרן אויף לאַנגע טערמינען. אָט־די גרופּעס האָבן זיך דערשלאָגן בעסערע אַרבעט־באַדינגונגען, אָפט אויפן רעכענונג פון די איבעריקע, גרעסערע טיילן פון דעם אַרבעטער־קלאַס.

די יוניאָן־ביוראָקראַטיע איז קלאָר און אויסדריקלעך אַוועק אין קאַפּי־טאַליסטישן לאַגער. דער רייכער קאַפּיטאַליסטישער טיש האָט פאַרמאָגט גענוג

*) טאָם מוני איז געווען איינער פון די, וואָס האָבן באַגלייט דעבס אויף זיין באַרימטן אַגיטאַציע־טור אין דער פּרעזידענט־וואַל־קאַמפּאַניע.

**) וועגן דעם אָנהייב פון דער אימפּעריאַליסטישער פּאָליטיק פון דער אַמערי־קאַנישער בורזשואַזיע, אין קאַפּיטל: די עפּאָכע פון טראַסטן און אימפּעריאַליזם.

פעטע ברעקלעך און די יוניאַן־באַאמטע האָבן זיך צוגעכאַפּט צו די ברעקלעך מיט גרויס אַפּעטיט.

פון דער צווייטער זייט, איז דער פּראָצעס פון אויפוואַכונג צווישן די האַלב־ און גאָרניט־קוואַליפיצירטע אַנגעגאַנגען מיט אימפּעט. אָבער די פּאַך־יוניאָנס האָבן ניט געהאַט דעם מינדעסטן פאַרלאַנג צו עפענען ברייט זייערע טירן פאַר דער גרויסער אומאָרגאַניזירטער מאַסע וואָס האָט אויסגעקוקט אויף אַ געלעגנהייט זיך צו קענען אַנשליסן אין די רייען פון די אָרגאַניזירטע אַרבעטער. די טענדענץ אין די פּאַך־יוניאָנס איז געווען אין דער פאַרקערטער ריכטונג, דורך הויכע איינטריט־געלט און אַנדערע שטרענגע רעגולאַציעס צו מאַכן שווער — אויב ניט אוממעגלעך — פאַר די איבעריקע אַרבעטער אַריינ־צוקומען אין דער יוניאָן.

די געענדערטע קלאַסן־לאַגע האָט זיך באַלד אָפּגעשפּיגלט אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. די אָפּאָרטוניסטן האָבן זיך גענומען אויסשיילן אין אַן אויסגעשפּראָכענעם רעכטן פליגל און די מיליטאַנטע עלעמענטן אין אַ לינקן פליגל. די אוממיטלבאַרע אורזאַך פאַר דעם קאַמף איז געווען די שטעלונג צו די טרייד־יוניאָנס.

אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי האָט זיך אַרויסגערוקט אַ פירער, מאָרים הילקוויט, וואָס האָט גרופּירט אַרום זיך די רעכטע און די צענטער־עלעמענטן אין דער פּאַרטיי. הילקוויט האָט פאַרמאָגט די פיאיקייט צו פאַר־דעקן מיט אַ כלומרשט־מאַרקסיסטישער פאָרמולע יעדן ניט־מאַרקסיסטישן אַקט, וואָס די פּאַרטיי אָדער אַ טייל פון דער פּאַרטיי איז באַגאַנגען. דאָס איז אַ ספּעציעלע אייגנשאַפט. אַזאַ אייגנשאַפט האָט, צום ביישפּיל, פאַרמאָגט גאָר אין אַ גרויסער מאָס קאַרל קאַוטסקי ווען ער האָט אין דעם מלחמה־פּעריאָד און נאָך דער מלחמה באַרעכטיקט מיט פאַרדרייטע זאַצן פון מאַרקסן די פאַררעטערישע האַנדלונגען פון די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פירער.

מאָרים הילקוויט — זיין אמתער נאָמען איז הילקאָוויץ — איז געבוירן געוואָרן אין ריגע אין 1870. צו 15 יאָר איז ער געקומען אין די פאַראייניקטע שטאַטן און ווי די מערסטע אימיגראַנטן איז ער געגאַנגען אַרבעטן אין אַ שאַפּ. הילקוויט האָט געאַרבעט אין אַ העמדל־שאַפּ.

הילקוויט האָט אָנטיילגענומען אין די ערשטע יוניאָן־טעטיקייטן צווישן די נאָדל־אַרבעטער און איז אַפילו אַ צייט געווען סעקרעטאַר פון די פאַר־אייניקטע אידישע געווערקשאַפטן. שפּעטער האָט ער זיך קענטיק אַרומגעזען, אַז עס זיינען פאַראַן באַקוועמלעכע מיטלען צום לעבן, האָט ער גענומען

שטודירן פאַר אַדוואָקאַט. גלייכצייטיק איז ער געווען טעטיק אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

אַ מענטש מיט אַ קלאָרן, לאָגישן קאָפּ, אַ לאָגישער, זאַכלעכער רעדנער, איז הילקוויט געוואָרן דער טעאָרעטישער פירער אין דעם קאַמף געגן דע־ליאָן. ער האָט פאַרפאַסט די רעזאָלוציע און געשריבן די פּלאַטפאָרמע פון דעם ערשטן צוזאַמענפאָר פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אין 1901. הילקוויט איז געווען פּאָרזיכטיק געגוג, אַז זיין רעכטע פּאָליטיק זאָל ניט אַרויס־סטאַרטשען צו שאַרף. אַ באַגאַזש פון מאַרקסיסטישע פראַזן איז אים אַלעמאָל צוניץ געקומען אין זיין אויפגאַבע. הילקוויט איז געשטאָרבן, אָקטאָבער 1933.

ס. פּ. פירערשאַפט זוכט צו לעבן אין פרידן מיט גאָמפּערסן

די פאַרשאַרפטע קלאַסן־באַציאונגען ביי דער מערהייט פון אַרבעטער־קלאַס און די הילף, וואָס די א. פ. אָוו ל. ביוראָקראַטיע האָט געגעבן די קאַפּיטאַליסטן, האָט געשטעלט די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אויפן שיידוועג: אָדער פאָרצוזעצן נאָך מיט מער אימפּעט און ענערגיע דעם קאַמף געגן גאָמ־פּערסיזם וואָס דעבס האָט געפירט, אָדער ביסלעכוויז און פאַרשטעלטערהייט שליסן מיט אים פרידן. די פּאַרטיי האָט זיך צעטיילט אין דער פראַגע. די מיליטאַנטע עלעמענטן און אַזעלכע אָרנטלעכע אַרבעטער־פירער ווי דעבס האָבן געפאָדערט אַ קאַמף ביז אַרונטער מיט גאָמפּערסן. די רעכטע עלעמענטן, די בערגערס און באַזונדערס די סאָציאַליסטישע יוניאָן־טוער, ווי מאַקס העיז פון דער אינטערנעשאָנאַל טיפּאָגראַפיקאַל יוניאָן, האָבן פאַרקערט, געזוכט זיך איינצוגאָדיען אין דער קאָרעטע פון דער א. פ. אָוו ל. און לעבן רואיק און באַקוועם. הילקוויט, ווי זיין שטייגער, האָט געזוכט צו מאַכן דעם איינ־דרוק, אַז ער שטייט צווישן די צוויי עקסטרעמען. אָבער ביי דעם ערשטן גינסטיקן מאָמענט האָט ער אַ קערעווע געטאָן די פּאַרטיי אויף דער זייט פון די רעכטע.

די אָפענע אורזאַך איז געווען די באַנייטע טעטיקייט פון דער איי. וו. וו. אין 1912. אין דעם קאַפּיטל וועגן דער איי. וו. וו. וועט דער לייענער געפינען אַ גרינטלעכע, כאָטש אַ קורצע אָפּשאַצונג פון דער ראָל, וואָס די סאָציאַליסטן האָבן געשפּילט אין דעם קאַמף פאַר און געגן דער איי. וו. וו. דאָ ווילן מיר נאָר פאַרצייכענען, אַז ווען די איי. וו. וו. איז געווען שוואַך און האָט ניט געצויגן קיין אויפמערקזאַמקייט אויף זיך, האָט די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי־פירערשאַפט געקוקט צווישן די פינגער אויף דעם אַנטייל, וואָס אירע מיט־

גלידער נעמען אין דער איי. וו. וו. ווען די שטרייטיקייטן צווישן דער איי. וו. וו. און דער א. פ. אָוו ל. זיינען געוואָרן גרעסער האָט די פּאַרטיי־פירער־שאַפט געזען, אַז די סאָציאַליסטן זאָלן זיך צוריקציען פון דער איי. וו. וו. דאָס איז געווען אין 1908. שפּעטער, אין 1912, אין אינדיאַנאַפּאָליס, אין דער סאַמע הויך פון דער איי. וו. וו. טעטיקייט צווישן די ניט־אָרגאַניזירטע (דער סטרייק אין לאָורענס), האָט די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אָנגענומען אַ באַשלוס וואָס פאַרבאָט אירע מיטגלידער צו באַלאַנגען צו אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס באַנוצט דירעקטע אַקציע און סאַבאָטאַזש.

רעוואָלוציאָנערע מאַרקסיסטן זיינען אויסגעשפּראָכענע געגנער פון דירעקטער אַקציע און סאַבאָטאַזש אויף דעם שטייגער ווי אַ טייל פון די איי. וו. וו. פירער האָבן געפּריידיקט, אָבער די בערגערס און הילקוויטס האָבן אויך פאַרמאָגט אַנדערע מאָטיוון. זיי זיינען בכלל געווען געגן יעדן קאַמף־מעטאָד וואָס איז אַ פאַרלעצונג פון קאַפּיטאַליסטישן געזעץ. דערצו האָבן זיי געזוכט צו לעבן אין פרידן מיט דער א. פ. אָוו ל. ביוראָקראַטיע, וואָס האָט זיך שוין געבאָדן אין וואוילטאָג.

אויף דעם זעלבן צוזאַמענפאָר אין אינדיאַנאַפּאָליס האָט זיך צעפלאַקערט אַ קאַמף וועגן דער שטעלונג פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי צו די יוניאָנס. די לינקע האָבן געפּאָדערט אַן אַגרעסיוון קאַמף געגן דעם גאָמפּערסיזם און דאָס רעכט צו בויען נייע יוניאָנס אין אינדוסטריען וואו קיין יוניאָנס זיינען ניטאָ. די רעכטע האָבן דערפון ניט געוואָלט הערן. אין דער זעלבער צייט האָט די רעכטע ניט געקימערט אויב דער צוזאַמענפאָר נעמט אָן פּאַפּירענע רעזאָלוציעס וועגן דער נויטווענדיקייט פון אינדוסטריעלע יוניאָנס.

## די טעאָריע פון „נייטראַליטעט" צו די יוניאָנס

ווי געוויינלעך האָט עס זיך געענדיקט מיט אַ צענטריסטישן קאָמפּראָמיס. דער צוזאַמענפאָר האָט אויסגעדריקט זיין מיינונג פאַר אינדוסטריעלע יוניאָנס און דערביי ניט אָנגענומען קיין באַשלוס ווי אַזוי די מיינונג אויסצודריקן אין קאָנקרעטע טאַטן. די נייטראַליטעט פון דער פּאָליטישער פּאַרטיי פון אַרבעטער־קלאַס צו די עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציעס פון אַרבעטער־קלאַס איז אויסגעדריקט געוואָרן אויף דעם צוזאַמענפאָר פון איינעם פון די פּאַרטיי־פירער, דזשאָרדזש העראָן, אין אַ טיפּישער דערקלערונג וואָס שמעקט מיט שימל און ערגסטן סאָרט אָפּאָרטוניזם.

„ניט דורך די באַמיאונגען אָנצוהענגען סאָציאַליזם אויף טרייד־יוניאָנס אָדער טרייד־יוניאָניזם אויף סאָציאַליזם וועט דער סאָציאַליסטישער ענדציל פאַרווירקלעכט ווערן. עס איז גלייכער איבערצולאָזן די טרייד־יוניאָנס צו זייער אויסדריקלעכער אַרבעט, ווי די שוץ־אָרגאַניזאַציעס פון די אַרבעטער געגן דעם אָנגריף פון די קאַפּיטאַליסטן, ווי די עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג פון די אַרבעטער געגן דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון די קאַפּיטאַליסטן. מיר דאַרפן געבן יעדע פולע שטיצע און סימפּאַטיע צו די אַרבעטער אין זייער קאַמף אויפצוהאַלטן זיך אין זייער עקאָנאָמישער ספערע. זאָלן די סאָציאַליסטן אויפבויען דעם כאַראַקטער, האַרמאָניע און כח פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג ווי אַ פּאָליטישע קראַפט וואָס זאָל ציען דעם רעספּעקט און דעם צוטרוי פון דעם אַרבעטער אומאָפּהענגיק פון זיין פאַך אָדער יוניאָן־אָנגעהעריקייט.

„עס איז דרינגלעך נויטיק מיר זאָלן האָבן אין זינען דעם אונטערשייד צווישן די צוויי אַנטוויקלונגען (יוניאָן און פּאָליטישע פּאַרטיי), אַז איינע זאָל ניט פאַרקריפּלען די צווייטע. די סאָציאַליסטישע באַוועגונג ווי די פּאָליטישע אַנטוויקלונג פון די אַרבעטער פאַר זייער עקאָנאָמישער באַפרייאונג איז איין זאַך, די טרייד־יוניאָן באַוועגונג ווי די עקאָנאָמישע פאַרטיידיקונג פון די אַרבעטער אין דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם איז אַ צווייטע זאַך. (אונטערשטראָכן פון מיר.—מ. ע.) לאָמיר ניט אַריינמישן זיך אין די אינער־לעכע אָנגעלעגנהייטן פון די טרייד־יוניאָנס, אָדער זוכן זיי זאָלן פאַרוואַנדלט ווערן אין אויסגעשפּראָכענע פּאָליטישע קערפּערשאַפטן, פּונקט ווי מיר זוכן ניט צו פאַרוואַנדלען אין אַ פּאָליטישער קערפּערשאַפט אַ קירך, אַ שול אָדער אַן אָפיס פון אַן אַדוואָקאַט.” (אַנטאָני בימבא, היסטאָרי א. אַז. וו., זייט 237.)

די טעאָריע פון די צוויי באַזונדערע אַנטוויקלונגען איז ניט בלויז פאַלש פונדאַמענטאַל, נאָר האָט געדינט די סאָציאַליסטישע פירער ווי אַ באַרעכ־טיקונג צו קאָקעטירן מיטן גאָמפּערסיזם. די טעאָריע פון נייטראַליטעט איז געווען אַ באַקוועמער מאַנטל צו פאַרשטעלן די רירנדיקע איינהייט און פרידן וואָס די סאָציאַליסטישע יוניאָן־באַאַמטע האָבן איינגעשטעלט מיט גאָמפּערסן און שפּעטער מיט וויליאַם גרין. צו פאַרגלייכן די טרייד־יוניאָנס צו אַ קירך אָדער אַן אַדוואָקאַט־אָפיס איז טעמפּער אומזין. צו ציען אַ ליניע וואָס טיילט אָפּ דעם קאַמף פון די אַרבעטער געגן קאַפּיטאַליסטישער עקס־פּלואַטאַציע פון דעם קאַמף געגן דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם איז אַ גראָבע פאַרלעצונג פון דער פונדאַמענטאַלער לערע פון מאַרקסיזם. מאַרקס האָט געלערנט, אַז יעדער עקאָנאָמישער קאַמף איז גלייכצייטיק אַ פּאָליטישער קאַמף. ווען די פּאַרטיי פון אַרבעטער־קלאַס „מישט” זיך ניט אין דער טעטיקייט פון די יוניאָנס, איז דער רעזולטאַט איינער, די אַרבעטער ווערן איבערגעלאָזט אונטערן איינפלוס פון די יוניאָן־ביוראָקראַטן. דאָס איז טאַקע

געווען די פּראַקטישע אָנווענדונג פון דער טעאָריע „איבערצולאָזן די יוניאָנס צו זייער אויסדריקלעכער אַרבעט".

נאָך אַזוי פרי ווי אין 1866, אין דער רעזאָלוציע וואָס מאַרקס האָט אויסגעאַרבעט פאַר דעם קאָנגרעס פון ערשטן אינטערנאַציאָנאַל אין זשענעווע, האָט דער פאָטער פון וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם קאַטעגאָריש צוריקגעוויזן די מיינונג וועגן די ספּעציעלע, אויסשליסלעכע אויפגאַבן פון די טרייד־יוניאָנס וואָס טאָרן ניט אַריבערגיין די גרענעצן פון עקאָנאָמישן קאַמף.

## מאַרקס וועגן דער פּאָליטישער באַדייטונג פון די יוניאָנס

נאָכדעם ווי מאַרקס ווייזט אָן אויף דער אַנטשטייאונג פון די טרייד־יוניאָנס ווי דער רעזולטאַט פון די פּאַרזוכן פון די אַרבעטער אַרויסצושטעלן אַ ווידערשטאַנד אָדער צאַמען די דעספּאָטישע הערשאַפט פון קאַפּיטאַל, וואָס האַלט די אַרבעטער אין דעם צושטאַנד פון שקלאַפן, שרייבט ער:

„די אוממיטלבאַרע צילן פון די יוניאָנס זיינען דעריבער באַשרענקט צו די טעגלעכע פּאַרמעסטונגען צווישן אַרבעט און קאַפּיטאַל, אָדער אין קורצן, צו לוין און אַרבעט-שטונדן. די טעטיקייט איז אומבאַדינגט נויטווענדיק און קען ניט אויפגעגעבן ווערן אַזוי לאַנג ווי קאַפּיטאַליזם עקזיסטירט. נאָך מער, זיי דאַרפן ווערן אַלגעמיין דורך אַ בונד פון די אַרבעטער אין אַלע לענדער. די טרייד-יוניאָנס האָבן געשאַפן, כאָטש אומבאַוואוסטזיניק, צענטרען פון גראַוויטאַציע (צוציאונג-קראַפט) פאַרן גאַנצן אַרבעטער-קלאַס, זייער ענלעך צו די מיטלאַלטערלעכע גילדס און קאָרפּאָראַציעס פאַר דעם בורזשואַזן קלאַס. אויב די טרייד-יוניאָנס זיינען אַבסאָלוט נויטווענדיק פאַר דעם טעגלעכן און גאָרילאַ-קאַמף צווישן אַרבעט און קאַפּיטאַל, זיינען זיי נאָך מער וויכטיק ווי אָרגאַניזירטע קערפּערשאַפטן פאַר דער אָפּשאַפונג פון לוין-אַרבעט און פון קאַפּיטאַליסטישער הערשאַפט.

„די טרייד-יוניאָנס האָבן ביז איצט געשאָנקען צופיל אויפמערקזאַמקייט צו די באַלדיקע שטרייטיקייטן מיט קאַפּיטאַל. זיי האָבן נאָך ניט באַגריפן פול זייער מיסיע געגן דער עקזיסטירנדיקער סיסטעם פון פּראָדוקציע. זיי האָבן זיך געהאַלטן פון וויטן פון דער אַלגעמיינער סאָציאַלער און פּאָליטישער באַוועגונג.

„ניט אָפּשוואַכנדיק אויף אַ האָר זייער טעגלעכן קאַמף געגן די אָנפאַלן פון די קאַפּיטאַליסטן, דאַרפן די טרייד-יוניאָנס לערנען צו האַנדלען באַוואוסט-זיניק ווי צענטרען פון אַרבעטער-קלאַס אין די אינטערעסן פון זיין פול-שטענדיקער באַפרייאונג. זיי דאַרפן שטיצן יעדע סאָציאַלע און פּאָליטישע באַוועגונג וואָס האָט דאָס פאַר איר ציל. זיי דאַרפן זיך באַטראַכטן ווי די קעמפער און פאָרשטייער פון גאַנצן קלאַס און זאָרגפעלטיק פאַרנעמען זיך

מיט דער לאַגע פון די ניט-געשולטע אָדער שלעכט-באַצאָלטע אַרבעטער וועלכע, צוליב זייערע מיזעראַבעלע באַדינגונגען קענען ניט אַרויסשטעלן קיין ווידער-שטאַנד. אַזעלכע אַקציעס וועלן אומפאַרמיידלעך צוציען די גרויסע מאַסע אומאָרגאַניזירטע אַרבעטער און אָנפילן זיי מיט דער איבערצייגונג אַז די טרייד-יוניאָנס זיינען ווייט פון זיין אַריינגעטאָן אין זייערע ענגע, עגאָ-איסטישע אינטערעסן, נאָר אַז זיי אַרבעטן פאָר דער באַפרייאונג פון די אונטערדריקטע מיליאָנען. (מ. בער, היסטאָרי אָוו בריטיש סאָשעליזם, באַנד צוויי, זייטן 218-220.)

## די רעזאָלוציע געגן גוואַלדטאַט אונטער אַלע באַדינגונגען

אויף דעם זעלבן צוזאַמענפאָר האָט די פאַרטיי־פירערשאַפט דורכגע־שטופּט די רעזאָלוציע, וואָס דערקלערט אַז די סאָציאַליסטישע פאַרטיי וועט קיינמאָל ניט אָנווענדן קיין גוואַלדטאַט צו דערגרייכן איר ציל. דערמיט האָט די פאַרטיי געוויזן דעם הערשנדיקן קלאַס, אַז זי איז געגן אַ רעוואָלוציע. צום ערשטן מאָל האָט די סאָציאַליסטישע פאַרטיי אונטערשטראָכן, אַז זי פאַרלאָזט זיך אינגאַנצן אויף ריין־פּאַרלאַמענטאַרישע מיטלען אַרונטערצוזעצן די קאַפּי־טאַליסטישע אָרדענונג. קאַרל לעגיען, פירער פון די דייטשע געווערקשאַפטן און סעקרעטאַר פון טרייד־יוניאָן אינטערנאַציאָנאַל, איז געקומען צום צו־זאַמענפאָר צו העלפן באַזיגן די לינקע עלעמענטן. די לינקע זיינען געפירט געוואָרן פון ביל הייוואוד, אַ מיטגליד פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע פון דער סאָציאַליסטישער פאַרטיי און אַ טעטיקער טוער אין דער איי. וו. וו. אין 1913 איז הייוואוד אַרויסגעפאַלן פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע פון דער פאַרטיי, הייוואוד איז נאָכדעם אינגאַנצן אַריבער צו דער איי. וו. וו.

די רעזאָלוציע ווייזט קלאָר, אַז אויסער דער גערעכטער געגנערשאַפט געגן סאַבאָטאַזש און דירעקטער אַקציע האָבן די סאָציאַליסטישע פירער פון דעם רעכטן פליגל, וואָס האָבן פאַרכאַפּט דעם צוזאַמענפאָר, געהאַט אין זינען צושמידן די פאַרטיי צום וואָגן פון וואַל־קאַמפּאַניעס. די רעזאָלוציע האָט זיך געלייענט:

„יעדער מיטגליד פון דער פאַרטיי וואָס אנז געגן פּאָליטישער אַקציע אָדער וואָס פּריידיקט פאַרברעכן, סאַבאָטאַזש אָדער אַנדערע גוואַלדטאַט-מיטלען ווי אַ קאַמף-מיטל פאַר דער באַפרייאונג פון דעם אַרבעטער-קלאַס זאָל אויס-געשלאָסן ווערן פון דער פאַרטיי. פּאָליטישע אַקציע זאָל פאַרשטאַנען ווערן

צו באדייטן, אנטייל אין וואלן פאר עפנטלעכע עמטער און פראקטישע לעגיס־לאטיווע ארבעט לויט דער ליניע פון דער סאציאליסטישער פארטיי-פלאט־פארמע."

דערמיט איז די סאציאליסטישע פארטיי, אויף וויפיל אירע רעכטע פירער האבן עס געקענט אויספירן, פארוואנדלט געווארן אין א ריינער פארלאמענ־טארישער פארטיי וואס קעמפט אויסשליסלעך מיט דעם וואל־צעטל דעם ערשטן דינסטיק נאך דעם ערשטן מאנטיק אין נאוועמבער און ווערט דער־מיט א לייטער אויף וועלכן די פירער קלעטערן צו הויכע קאריערעס. די רעזאלוציע איז אנגענומען געווארן אין א צייט ווען איבערן לאנד האט זיך אנגעהייבן א גרויסער ארבעטער־אויפברויז. די יארן 1912־1913 האבן פאר־צייכנט א טיפע אומרואיקייט צווישן די ארבעטער. דער טעקסטיל־סטרייק אין לאורענס, געפירט פון דער איי. וו. וו., האט דעמאנסטרירט אז די מיליאניקע מאסע אומארגאניזירטע ארבעטער האט זיך גענומען רירן פאר־אויס. אין די נאדל־פאכן איז פארגעקומען אן איבערקערעניש. צענדליקער טויזנטער ארבעטער האבן דורכגעפירט שטורמישע, זיגרייכע סטרייקס. אין דער וויטער וועסט האט געהילכט מיט הייסע ארבעטער־קאמפן. די ארבעטער־באוועגונג האט ברייט א שפרייז געטאן צו ווייטערע ציל־פונקטן. אבער די פירערשאפט פון דער סאציאליסטישער פארטיי האט זיך ארומגעכאפט מיט דעם באלאט ווי דער איינציקער קאמף־מיטל געגן קאפיטאליזם.

די גילדענע יארן פון דער רעפארם־באוועגונג

די אומרואיקייט צווישן די ארבעטער האט געבראכט צום אויבערפלאך א שטראם פון רעפארם־באוועגונגען צווישן דעם מיטל־קלאס, באוועגונגען געצילט צו צאמען די „בלינדע סטיכיע" פון סינדיקאליזם און אנדערע פארמען פון מיליטאנטישקייט צווישן די ארבעטער און גלייכצייטיק צו פרובירן באַ־שרענקען די שטייגנדיקע מאכט פון די טראסטן. דער פראגרעסיוויזים געפירט פון רוזוועלטן, דער סאציאל־רעפארמיזם געפריידיקט פון א ריי ליבעראלע אינטעלעקטואלן, ווי לינקאלן סטעפענס, וואלטער ליפמאן, איידא טארבעל און אנדערע, זיינען געווען אויסדרוקן פון דער באוועגונג. אין 1912 האט ווילסאן געפירט זיין וואל־קאמפאניע מיטן לאזונג: די נייע פרייהייט.

1908—1913 זיינען געווען די גילדענע יארן פון דעם פראגרעסיוון רעפארמיזם. דאס ווארט האט געהערט צו די „מאקרייקערס" (חטאים־זוכער),

וואָס האָבן אויפגעהויבן דעם פּאַרהאַנג איבער דעם טיפן זומפּ פון קאָרופּציע און כּאַבאַר אין וועלכן די פּאָליטיק איז איינגעטונקט.

די „מאָקרייקערס" האָבן אויפגעדעקט די פּאָליטישע סקאַנדאַלן פון די רעגירנדיקע דעמאָקראַטישע און רעפּובליקאַנישע קליקעס אין אַ ריי שטאַטן און שטעט. די זשורנאַלן וואָס האָבן געדרוקט די אויפדעקונגען זיינען צע־כאַפּט געוואָרן פון נייגיריקע לייענער. ביאָגראַפיעס וואָס האָבן געגעבן אַ ריכטיקן עקאָנאָמישן הינטערגרונט פון דער אַנטשטייאונג פון דער איל־קעניגרייך דעם שטאָל־טראַסט, פון וואָל־סטריט זיינען דערשינען.

אויפן פּאָליטישן געביט האָבן די פּראָגרעסיווע געפּאָדערט רעפּאָרמען, וואָס זאָלן „פּאַרטיליקן" די פּאָליטישע באָסעס און זייער מאַכט. דער וויכ־טיקסטער וואָפן געגן דעם באָסיזם האָט באַדאַרפט זיין די אָפּשאַפונג פון נאָמינאַציעס פאַר פּאָליטישע אַמטן דורך פּאַרטיי-קאָמיטעס און די איינפירונג פון דירעקטע פאָלקס־וואַלן צו נאָמינירן קאַנדידאַטן (די דירעקטע פּריימערים). זייער לאָזונג איז געווען: אַן אָרנטלעכע, טיכטיקע רעגירונג. פאַרשטייט זיך, אַז די מאַכט פון די פּאָליטישע באָסעס און זייער מאַשין איז דורך די דירעקטע פּריימערים אויף אַ האָר ניט געמינערט געוואָרן.

אויפן עקאָנאָמישן געביט האָבן די פּראָגרעסיווע געפּריידיקט גוטן ווילן פוןביידע צדדים, קאַפּיטאַל און אַרבעטער. גלויבנדיק אַז אַלע שטרייטיקייטן און סטרייקס זיינען נאָר דער רעזולטאַט פון בלינדער מיספאַרשטענדעניש, איז זייער לאָזונג געווען: „געט־טוגעדער", ברענגט צוזאַמען די פאָרשטייער פון קאַפּיטאַל און אַרבעט אַרום איין טיש, שטעלט אָן אויף ביידע די געהעריקע ליכט פון דער אויפגעקלערטער עפנטלעכער מיינונג און זיי וועלן שוין קומען צו אַ פאַרשטענדיקונג.

אָט די אַלע הילפלאָזע פּלענער פון די פּראָגרעסיווע מיט זייער לאָזונג פון דעם „גאָלדענעם מיטן־וועג" און „גוטן ווילן", זיינען געווען פאַרזוכן פון דער ליבעראַלער בורזשואַזיע צו האַלטן די אויפוואַכנדיקע מאַסן אין די ראַמען פון געזעצלעכקייט און אין די אילוזיעס פון דער מעגלעכ־קייט פון סאָציאַלן יושר אין דער איצטיקער אָרדענונג. אין יענעם קורצן פּעריאָד איז געוואַקסן דער געדאַנק ביי אַ טייל פון דער בורזשואַזיע, אַז די אַ. פ. אָוו ל. דאַרף אָנערקענט ווערן און דערמיט באַפעסטיקט ווערן ווי אַ באַוועגונג געגן די „עקסטרעמען", וואָס האָבן געוואָרפן אַ ציטער אויף די קאַפּיטאַליסטן.

## ס. פ. פירער פארוואנדלען פארטיי אין א זייל פון רעפארמיזם

די הילקוויטס און בערגערס זיינען אויך געווען באזארגט איבער דעם שטייגנדיקן צארן צווישן די מאסן, האבן זיי גענומען באפעסטיקן די סאציא־ליסטישע פארטיי ווי א זייל פון רעפארמיזם. פארוואנדלענדיק זי אין אן אויסשליסלעכער וואל־קאמפאניע־ארגאניזאציע, ווערט די פארטיי א בליץ־אפלייטער פארן קאפיטאליזם.

די יעניקע וואס האבן געשאפן טעאריעס וועגן דער אייגנטימלעכקייט פון דעם אמעריקאנישן ארבעטער, זיין אויסגעשפראכעעם אינדיווידואליזם, זיין איינגעבוירענעם קאנסערוואטיזם און נאך פון דעם סארט, ווייזן אן מיטן פינגער אויף דעם רעאקציאנערן כאראקטער פון דער א. פ. אוו ל.־פירערשאפט ווי א באשטעטיקונג פון זייער טעאריע פון פעסימיזם. אין דער ווירקלעכקייט טראגן די רענק און פייל מיטגלידער פון די יוניאנס ווייניק שולד פאר דער הערשאפט פון די גאמפערסעס און גרינס. דער גרעסטער טייל שולד פאלט אויף דער פירערשאפט פון דער סאציאליסטישער פארטיי, וואס האט אויפגעגעבן נאך ערב די מלחמה־יארן יעדע אפאזיציע צו דער קלאסן־מיטארבעטערשאפט פאליטיק פון דער א. פ. אוו ל.־פירערשאפט. נאך די מלחמה־יארן איז אפילו אויסגעוואקסן א פריינטשאפט צווישן הילקוויטן און גאמפערסן. די סאציאליסטישע יוניאן-באאמטע זיינען געווארן די בריק צווישן דער א. פ. אוו ל. און די סאציאליסטישע פירער.

חבר וויליאם ז. פאסטער איז פולשטענדיק גערעכט, שרייבנדיק אין זיין בוך „פארפירער פון ארבעטער”, אז ווען די סאציאליסטן וואלטן אנ־געהאלטן זייער אגרעסיווע פאליטיק אין די יוניאנס וואלט לויט אלע וואר־שיינלעכקייטן די א. פ. אוו ל. געהאט אן אנדער אויסזען. אין 1901 און 1902 האבן די סאציאליסטן אנגעהויבן א מוטיקן און ענערגישן קאמף אין די א. פ. אוו ל. יוניאנס פאר א נייער פאליטיק און א נייער ליניע. טויזנטער סאציאליסטן זיינען געווען טעטיק אין די יוניאנס. פיל פון זיי האבן פאר־נומען הויכע פלעצער. די אגרעסיוויטעט פון די סאציאליסטישע פירער האט לאנג ניט אנגעהאלטן. נאך 1912 האט זיך אנגעהויבן דער פראצעס פון אינערלעכער צעפוילונג אין די אויבערשטע שיכטן פון דער סאציאליסטישער פארטיי. דאס האט זיך גלייך אפגערופן אויף איר טרייד־יוניאן פאליטיק.

די יערלעכע רעזאָלוציעס וואָס די פּאַרטיי־צוזאַמענפאָרן האָבן אָנ־גענומען פאַר אינדוסטריעלע יוניאָנס זיינען געצילט געוואָרן נאָר צו באַ־רואיקן דעם געוויסן פון די מיליטאַנטישע מיטגלידער. אין דער ווירקלעכקייט האָט די פירערשאַפט זיך שטאַרק געהיט איינצורייסן מיט גאָמפּערסן און זיין מאַשין. פאַרקערט, הילקוויט האָט גענומען גלעטן גאָמפּערסן איבערן בעקל פאַר זיין אָרנטלעכקייט אין דער צייט ווען גאָמפּערס האָט ביטער אַטאַקירט די סאָציאַליסטישע באַוועגונג. דע־ליאָן האָט אָפן באַשולדיקט די סאָציאַליסטישע פירער, אַז זיי ווערן אָפּגעקויפט פון די גוטע שטעלעס וואָס זיי קריגן אין די יוניאָנס. דאָס איז געווען ריכטיק. די דזשאַנסטאָנס און די העיזעס און שפּעטער די שלעזינגערס און אַנדערע סאָציאַליסטישע יוניאָן־פירער האָבן קיינמאָל ניט געוואַגט אויפצונעמען אַן אָפענעם קאַמף מיט גאָמפּערסן און שפּעטער מיט זיין נאָכפאָלגער, גרין. זיי האָבן זיך גאַנץ באַקוועם איינגעאָרדנט אין דער א. פ. אָוו ל. זייער סאָציאַליזם איז געוואָרן ביי זיי אַ פּריוואַט־זאַך, וואָס האָט גאָרניט צו טאָן מיט דער טרייד־יוניאָן באַ־וועגונג. זיי זיינען געווען „סאָציאַליסטן” אין דער פּאַרטיי און „טרייד־יוניאָניסטן” אין דער יוניאָן.

פון 1906 ביז 1912 איז די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי שנעל געוואַקסן. אַ גאָר באַדייטנדיקער אַרבעטער־עלעמענט איז אַריינגעקומען אין דער פּאַרטיי, אָבער אויך אַ סך נאָכשלעפּער האָבן זיך באַוויזן, ווי הומאַניטאַרע גלחים, פילאַנטראָפּישע פרויען און אַדוואָקאַטן, וואָס האָבן געזוכט אַ פּאָליטישע קאַריערע. הילקוויט אַליין איז שוין געווען אַ דערפאָלגרייכער קאָרפּאָראַציע־לאָיער מיט אַ היפּשן איינקונפט. ער האָט געהאָלפן אָרגאַניזירן די רובל ברידער קוילן־קאָמפּאַניע און האָט געהאַט אַ נאָמען אין די לאָיערשע קרייזן. הילקוויט איז אָפט איינגעלאַדן געוואָרן אין רייכע, רעספּעקטאַבעלע קלובן און ביי אַריסטאָקראַטישע גלעזלעך טיי, צו דעמאָנסטרירן אַז זיין סאָציאַליזם איז ווייט, ווייט פון צו זיין אַ געפאַר פאַר די קאַפּיטאַליסטן.

די סאָציאַליסטישע באַוועגונג האָט אין 1912 געהאַט אַ גרויסע פּרעסע אין ענגליש און אין אַ ריי אַנדערע שפּראַכן. אַ טייל פון די וועכנטלעכע צייטונגען, כאָטש אָפיציעל ניט קיין אויסגעשפּראָכן־סאָציאַליסטישע, האָבן פאַרמאָגט אַ פאַרשפּרייטע צירקולאַציע, ווי דער „אַפּיל טו ריזאָן” אין דזשיראַרד, קענזאַס, מיט אַ צירקולאַציע פון אַ האַלבן מיליאָן. אַפילו דער אָפיציעלער פּאַרטיי־אָרגאַן, דער „אַמעריקאַן סאָשעליסט”, איז זיך צעגאַנגען אין 60,000 עקזעמפּלאַרן.

## מיטגלידערשאַפט פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי

די פאָלגנדע ציפערן אילוסטרירן דעם וואוקס פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי:

| יאָר | מיטגלידער |
|---|---|
| 1900 | 5,000 |
| 1910 | 58,011 |
| 1911 | 84,716 |
| 1912 | 118,015 |
| 1913 | 95,957 |
| 1914 | 93,579 |
| 1915 | 79,374 |
| 1916 | 83,284 |
| 1917 | 80,379 |
| 1918 | 82,399 |

אין 1919, פאַר דער שפּאַלטונג פון לינקן פליגל, האָט די פּאַרטיי געציילט 108,504 מיטגלידער. נאָכדעם איז זי געפאַלן אויף 8,000 מיטגלידער. אין 1934, אויף דעם צוזאַמענפאָר אין דעטראָיט, איז באַריכטעט געוואָרן אַ מיטגלידערשאַפט פון 24,000. דאָס האָט שוין געהייסן אַ גרויסע דערגרייכונג און אַן אויפלעבונג.

די ציפערן זיינען פון אויסערגעוויינלעכער וויכטיקייט פאַר יעדן איינעם, וואָס וויל לערנען די געשיכטע, אַנטוויקלונג און דעם באַרג־אַרונטער פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

זייער כאַראַקטעריסטיש זיינען אויך די ציפערן פון די שטימען, וואָס די סאָציאַליסטישע קאַנדידאַטן האָבן געקראָגן אין די פּרעזידענט-וואַלן פון 1900 ביז 1932: *)

| יאָר | צאָל שטימען |
|---|---|
| 1900 | 94,768 |
| 1904 | 402,000 |
| 1908 | 420,820 |
| 1912 | 897,011 |
| 1916 | 585,113 |

*) אין 1924 האָט די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי ניט אַרויסגעשטעלט קיין אייגענעם פּרעזידענט-קאַנדידאַט. די ס. פּ. האָט געשטיצט די קאַנדידאַטור פון ראָבערט לאַפאָלעט.

1920 — — — — — — — — 919,551
1928 — — — — — — — — 267,835
1932 — — — — — — — — 884,781*)

ביי זיין לעבן איז דעבס שטענדיק געווען דער פּרעזידענט־קאַנדידאַט, כאָטש די רעכטע פירערשאַפט איז ניט געווען צופרידן מיט זיינע רעדעס. הילקוויט האָט געפונען פאַר נויטיק עפנטלעך קלאָר צו מאַכן עטלעכע מאָל, אַז דעבס — דער פאָנען־טרעגער פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי — דריקט ניט אויס די מיינונג פון דער פּאַרטיי. אַזאַ דערקלערונג האָט הילקוויט געמאַכט אויף דעם פאַרהער פון ווילסאָנס „אינדאָסטריעל רילייישאָנס קאָמישאָן" (קאָמיסיע צו אונטערזוכן די אינדוסטריעלע באַציאונגען) אין מאַי 1914, ווען ער האָט געשטעלט פראַגן צו גאָמפּערסן אין נאָמען פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. צוליב דעבסעס גרויסער פּאָפּולאַריטעט האָט די ס. פּ. פירערשאַפט זיך ניט געקענט העלפן און געמוזט אים אָננעמען פאַרן פּרעזידענט־קאַנדידאַט. נאָר אין 1916 איז דער פירערשאַפט געלונגען אַרויס־צושטויסן דעבסן פון קאַנדידאַטור. דער סאָציאַליסטישער פּרעזידענט־קאַנדי־דאַט איז געוואָרן איינער אַלאַן בענסאָן, אַ מיטלמעסיקער זשורנאַליסט און אַ רעכטער. די סאָציאַליסטישע שטימען זיינען גוואַלדיק געפאַלן יענעם יאָר. דעבס איז געשטאָרבן אין 1926. אין 1928 און 1932 איז נאָרמאַן טאָמאַס געווען פּרעזידענט־קאַנדידאַט פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

אַפילו אָן איבערפלעכלעכע באַקאַנטשאַפט מיט די ציפערן ווייזט אָן, אַז אין די יאָרן ווען די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט נאָך פאַרמאָגט אַ קלאַסן־כאַראַקטער און האָט נאָך באַנוצט רעוואָלוציאָנערע רייד איז די צאָל שטימען אין די וואַלן געוואַקסן און די צאָל מיטגלידער איז געווען גרעסער. 1912 איז געווען דער העכסטער באַרג־שפּיץ פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. די צאָל מיטגלידער האָט דערגרייכט 118,045. דעבס האָט געצויגן 897,011 שטימען, 5.9 פּראָצענט פון אַלע אָפּגעגעבענע שטימען אין דער וואַל־קאַמפּאַניע פאַר פּרעזידענט. נאָכדעם האָבן זיך אָנגעהויבן די אויסשליסונגען פון מיליטאַנטע מיטגלידער אין די צפון־מערב שטאַטן, ווי פאָסטער, הייוואָוד און אַנדערע, פאַר זייער טעטיקייט אין דער איי. וו. וו. די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי איז אַלץ מער באַהערשט געוואָרן פון די הילקוויטס און איבעריקע אַדוואָקאַטן, וועלכע האָבן געאַרבעט האַנט אין האַנט מיט די סאָציאַליסטישע יוניאָן־

*) אָן אָפּשאַצונג וועגן די סאָציאַליסטישע שטימען וועט דער לייענער געפינען אין דעם קאַפּיטל: די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אין קריג.

פירער, וואס האבן איבערגענומען אלע מעטאדן פון די רעאקציאנערע א. פ. און ל. ביוראקראטן.

אין 1912 האט די פארטיי פארמאגט העכער טויזנט מיטגלידער, וואס זיינען דערוויילט געווארן צו פארשיידענע עמטער, פון וויקטאר בערגער אין קאנגרעס ביז 56 מעיארס אין שטעט און עטלעכע הונדערט מיטגלידער אין שטאט- און שטאט־רעגירונגען. די סאציאליסטישע באאמטע זיינען אוועק אין די פיס־טריט פון די סאציאליסטישע יוניאן־פירער. אין די מערסטע שטעט האבן די סאציאליסטישע מעיארס שטארקן ליב געקראגן זייערע הויכע עמטער און זיך אנטזאגט אויסצופאלגן די דירעקטיוון פון דער ארטיקער פארטיי־ארגאניזאציע. זיי האבן אויסגעבויט אייגענע פאליטישע מאשינען אדער זיינען אריבער אין קאפיטאליסטישן לאגער, ווי דער פאל איז געווען מיט דעם געוועזענעם גלח לאן, וועמען די סאציאליסטן האבן דערוויילט פאר מעיאר פון דער אינדוסטריעלער שטאט סקענעקטעדי, ניו יארק, א צענטער פון עלעקטרישע מאשינען און די היים פון דער דזשענעראל עלעקטריק קאמפאניע. לאן איז פארגיטיקט געווארן פון די קאפיטאליסטן, פריער מיט דעם אמט פון לייטענאנט־גאווערנאר, און שפעטער מיט דעם פעטן אמט פון א מיטגליד אין דער פאבליק סוירוויס קאמישאן פון ניו יארק שטאט. דאס זעלבע האט פאסירט מיט א סך אנדערע סאציאליסטישע באאמטע, וואס האבן נאך דיסקרעדיטירט דעם נאמען סאציאליזם צווישן די ארבעטער־מאסן.

## פארטיי־פירערשאפט געגן אימיגראציע

דאס נאכטאנצן פון די פירער פון דער א. פ. און ל. און דער הייסער באגער „זיך צופאסן" צו די אמעריקאנישע ארבעטער האט אפגעשטעמפלט די שטעלונג פון דער סאציאליסטישער פארטיי צו דער אימיגראציע. די פירערשאפט האט ניט פארמאגט דעם מוט ארויסצוקומען צו די ארבעטער וואס לאזן זיך פארפירן פון גאמפערסעס העצע און זיי אויפקלערן אז די אימיגראנטן ווארפן ניט ארונטער דעם לעבנס־סטאנדארד. אנשטאט אנ־צואווייזן אויף דער קאלאסאלער ראלע וואס די אימיגראנטן האבן פארנומען אין בויען דאס לאנד און אין אויסקעמפן בעסערע ארבעט־באדינגונגען; אנשטאט צו זאגן די ארבעטער אז דער איינציקער שוץ־מיטל געגן די פלענער פון די קאפיטאליסטן אויסצונוצן די אימיגראנטן ווי א ביליקערע ארבעט־קראפט איז אריינצונעמען זיי אין שטערונגען אין די יוניאנס, האבן די סאציא־ליסטישע פירער מיטגעזונגען מיט דעם כאר וואס האט געפאדערט א פארבאט אויף דער איינוואנדערונג.

הילקוויט האָט צוויי מאָל, אין אמסטערדאם אין 1904 און אין שטוט־גארט אין 1907, אריינגעבראכט צום קאָנגרעס פון סאָציאַליסטישן אינטער־נאציאָנאַל רעזאָלוציעס צו באַשרענקען די אימיגראציע פון „צוריקגעשטאַנענע ראסן". די רעזאָלוציע איז צוריקגעוויזן געוואָרן. די פירער פון דער אַמערי־קאַנישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי זיינען פאַרבליבן שטארק אומצופרידן.

אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי איז אָנגעגאַנגען אַ היציקער קאַמף איבער דער אימיגראַציע־פראַגע. דער איבערוועגנדיקער פּלאַץ פון פרעמד־געבוירענע אין דער פּאַרטיי האָט עטלעכע מאָל געשטערט דער פירערשאַפט אָנצונעמען אויסדריקלעכע רעזאָלוציעס געגן דער איינוואַנדערונג. אַ פּעסטונג פון דער פּאַרטיי איז געווען די אידישע איסט־סייד אין ניו יאָרק און די אידישע געטאָ האָט ניט געוואָלט הערן פון פּאַרטייען און פּאַרטיי־פירער וואָס זיינען פאַר אָפּשטעלן די אימיגראַציע. די שטימונג צווישן די אידישע מאַסן האָט אויך געדינט אין די שפּעטערדיקע יאָרן אָפּצוהאַלטן די סאָציאַליסטישע יוניאָן־פירער פון שטימען פאַר אימיגראַציע־פאַרבאָט רעזאָלוציעס אויף די צוזאַמענפאָרן פון דער א. פ. אָוו ל.

די רעזאָלוציע אויפן קאָנגרעס פון סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל אין 1907 איז אויסגענוצט געוואָרן פון טעמעני האָל אויפצושטעלן די אידישע האָרעפּאַשניקעס אויף דער איסט־סייד, ניו יאָרק, אין דער וואַל־קאַמפּאַניע פאַר קאָנגרעס אין 1908, געגן דעם סאָציאַליסטישן קאַנדידאַט, הילקוויט. ניט בלויז האָט הילקוויט ניט צוגעקראָגן קיין נייע שטימען, וואָס אים האָט געקומט צוליב דעם פאַרשפּרייטן סאָציאַליסטישן איינפלוס, נאָר ער האָט פאַרצייכנט אַ פאַרלוסט פון טויזנט שטימען אין פאַרגלייך מיט די פאָריקע קאָנגרעס־וואַלן, צוויי יאָר צוריק. ערשט אין 1914 איז מייער לאָנדאָן דער־ווײַלט געוואָרן צום קאָנגרעס פון דער איסט־סייד.

### קאַמף אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי איבער נעגער־פראַגע

די שטעלונג פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי צו די שווארצע אין דרום איז אין אַ גרויסן גראַד אַן אָנצייגער פון דער פּראָלעטאַרישער אידעאָלאָגיע וואָס די אָרגאַניזאַציע פאַרמאָגט אָדער וואָס זי פאַרמאָגט ניט. די ספּעציעלע לאַגע אין וועלכער די נעגער־מאַסן געפינען זיך אין דעם אַלטן „זיסן" דרום פאָדערט אַ קלאָרע, אומקאָמפּראָמיסלעכע ליניע פון יעדער אַרבעטער־פּאַרטיי און אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע, אַ ליניע אין איינקלאַנג מיט אינטערנאַציאָנאַלער, פּראָלעטאַרישער סאָלידאַריטעט, וואָס איז דער פונדאַמענט פון מאַרקסיזם.

די ליניע וואָס די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי־פירערשאַפט האָט אָנגענומען צו דער „אָנגעוויטיקטער" נעגער־פּראָבלעם אין דרום איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם אָפּאָרטוניזם, וואָס איז געלעגן איינגעבאָרן ביי איר סאַמע גרינדונג אין 1901, ניט געקוקט אויף דעם וואָס צו איר האָבן באַלאַנגט אויך געזונטע פּראָלעטאַרישע עלעמענטן.

אין 1901, אויף דעם גרינדונג־צוזאַמענפאָר, האָט די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אָנגענומען אַ רעזאָלוציע פאַר די פולע רעכט פון די שוואַרצע אין דרום. אַ יאָר שפּעטער האָט זיך אין דעם דרום־שטאַט לואיזיאַנאַ אָרגאַני־זירט אַ סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, וואָס האָט איינגעפירט באַזונדערע ברענטשעס פאַר די שוואַרצע, אין דעם אַלטן גוטן גייסט פון דזשים־קראָאיזם. די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע פון דער פּאַרטיי האָט אַנטזאָגט אַ טשאַרטער דער שטאַט־אָרגאַניזאַציע פון לואיזיאַנאַ. דאָס האָט פאַראורזאַכט אַ גרויסע דיסקוסיע אין דער סאָציאַליסטישער פּרעסע. די דיסקוסיע האָט אַרויס־געבראַכט דעם ראַק פון קאָמפּראָמיסלעריי וואָס איז אַריינגעוואַקסן, דעמאָלט נאָך ניט טיף, אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. אויף דעם ביישפּיל פון לואיזיאַנאַ האָבן זיך פאַרקוקט אַנדערע דרום־שטעט. שטימען האָבן זיך געהערט פון דאָרטן, אַז אויך זיי ווילן אָרגאַניזירן באַזונדערע אָפּטיילונגען פאַר שוואַרצע. דעבס איז אַרויס מיט אַן אַרטיקל, אַז סאָציאַליזם וועט אָפּ־שאַפן די נעגער־פראַגע. דעבס האָט דורכאויס געפאָדערט, אַז די פּאַרטיי זאָל אָפן קעמפן פאַר נעגער־רעכט.

אָבער אַ גרויסער טייל פון אָנפירנדיקע סאָציאַליסטן זיינען ניט געווען איינשטימיק מיט דעבסן. זיי זיינען געווען איינשטימיק — כאָטש זיי האָבן עס ניט אָפן צוגעגעבן — מיט דער לייזונג וואָס עדוואַרד בעלאַמי אין זיין באַרימטער אוטאָפּיע „קוקנדיק אויף צוריק" האָט אַרויסגעשטעלט, אַז אין דער קינפטיקער געזעלשאַפט וועלן די שוואַרצע לעבן באַזונדער פון די ווייסע, און דאָס וועט שוין אָפּשאַפן די נעגער־פראַגע.

אַפילו די דייטשע „פאָלקס־צייטונג", וואָס איז באַטראַכט געוואָרן אין יענע יאָרן ווי אַ שטרענגער אָרגאַן פון מאַרקסיזם, האָט אין דער דיסקוסיע אַרויסגעוויזן אַ גרויסע מאָס אָפּאָרטוניזם און ווייסן שאָוויניזם. אין דעם אַרטיקל „צו דער לייזונג פון דער נעגער־פּראָבלעם" האָט די „פאָלקס־צייטונג" אין דעם נומער פון אַכטן יאַנואַר, 1903, פּרובירט זיך אַרויסדרייען פון געבן אַ קלאָרן ענטפער וואָס די פּאַרטיי דאַרף איצט טאָן. פאַרקערט, די צייטונג האָט ניט געטראַכט אַז אין אַ קלאַסנלאָזער געזעלשאַפט וועט די גאַנצע טעאָריע

פון דער סופעריאָריטעט פון דער ווייסער ראַסע פאַרשווינדן, און אַלע מענטשן אָן אונטערשייד פון ראַסן און קאָלירן וועלן לעבן ברידערלעך צווישן זיך. די „פאָלקס-צייטונג" האָט נאָר געהאָפט, אַז אונטער אַ סאָציאַליסטישער אָרדענונג וועט געפונען ווערן אַ „פּראַקטישער וועג ווי אַזוי צו לייזן די נעגער־פראַגע". דערביי האָט די צייטונג געגעבן אָנצוהערעניש, אַז דעמאָלט וועט דער פּראַקטישער אויסגאַנג מעגלעך זיין אַריבערצופירן אַלע נעגערס אין דרום און זאָלן זיי דאָרטן לעבן אין פרידן. גאַנץ ריכטיק באַמערקט דר. יצחק אייזיק הורוויטש, פון וועמענס בוך די ציטאַטן זיינען אַרויסגענומען, אַז דאָס האָט געמיינט אַ סאָציאַליסטישע „טשערטאַ אָסעדלאָסטי" (געטאָ) פאַר די שוואַרצע ווי אַ לייזונג פון דער פראָבלעם. (דר. י. א. הורוויטש, שרייט־פראַגן פון סאָציאַליזם, זייטן 182־195.)

## די עצה פון ערשטן סאָציאַליסטישן מעיאָר

די זעלבע „פאָלקס-צייטונג" האָט אין 1902 באַריכטעט, אַז די סאָציאַליסטישע פאַרטיי אין אַלאַבאַמאַ האָט אַרויסגעשטעלט קאַנדידאַטן און אויסגעאַרבעט אַ וואַל־פּלאַטפאָרמע. איז אַלץ דאָרטן פאַראַן, נאָר אַ וואָרט ניט וועגן דער לאַגע פון די נעגער־מאַסן. די צייטונג באַרעכטיקט אַזאַ סקאַנדאַליעזע פאַרשווייגונג פון דער ברענענדיקער פּראָבלעם וואָס רירט אָן די מערהייט פון דער באַפעלקערונג אין אַלאַבאַמאַ מיט די ווערטער: „אויב מען זאָל דערקלערן די לייזונג פון דער נעגער־פראַגע אין דעם סאָציאַליסטישן זינען, וועט די אַגיטאַציע זיך אָנשטויסן אויף אומבאַזיגבאַרע שטערונגישן וואָס וועלן געשטעלט ווערן איר אין וועג." זייער אַ וואָגיקע אורזאַך פאַר אַ סאָציאַליסטישער פאַרטיי.

אין דעם ווינטער פון 1902־1903 האָט די סאָציאַליסטישע פאַרטיי געשיקט דעם ערשטן סאָציאַליסטישן מעיאָר, דזשאָן טשעיס פון הייווערהיל, אַ שיך־צענטער אין מאַסאַטשוזעטס, צו טאָן פּראָפּאַגאַנדע־ און אָרגאַניזאַציע־אַרבעט אין דרום. אין דעם מאַי־נומער פון דעם אָפיציעלן פאַרטיי־אָרגאַן „די וואָירקער" דערציילט טשעיס פון זיין דערפאַרונג. „ער האָט — זאָגט ער — גערעדט אויף אַ סך פאַרזאַמלונגען אין זיבן שטאַטן און די הויפּט־פראַגע וואָס האָט געוועקט זיינע צוהערער, איז די נעגער־פּראָבלעם."

טשעיס איז איבערצייגט, אַז טויזנטער מענטשן וואָלטן געשטימט פאַר דער סאָציאַליסטישער פאַרטיי, ווייל זיי זיינען ביטער אַנטוישט אין דער דעמאָקראַטישער פאַרטיי, ווען זיי וואָלטן געקראָגן פאַרזיכערונגען, אַז אינ־

דוסטריעלע פרייהייט איז ניט דאס זעלבע וואס געזעלשאפטלעכע פרייהייט. אין אנדערע ווערטער, אז די נעגערס וועלן ניט קריגן גלייכע סאציאלע רעכט מיט די ווייסע.

דער ערשטער סאציאליסטישער מעיאר גיט דעריבער די פאלגנדיקע עצה:

„א רעדנער — א סאציאליסטישער אין דרום — מוז זיין א מענטש מיט פארשטאנד, קאלט ווי אייז, אויב ער וויל אויסמיידן טראבל (צרות). אין פיל געגנטן אין דרום איז רעדן וועגן סאציאליזם ווי טאנצן אויף אייער, אבער א מאן וואס פארמאגט פייאיקייט קען האבן דעם גרעסטן דערפאלג.”

מען דארף האבן אינזינען, אז טשעים אליין קומט ניט פון דרום, נאר פון ניו־ענגלאנד, וואו די נעגער זיינען ניט אזוי רעכטלאז.

אין דער צייט פון דער פרעזידענט וואל־קאמפאניע אין 1904, ווען דער רעאקציאנערער פליגל אין דער דעמאקראטישער פארטיי האט ארויס־געריסן די מאכט פון די אנהענגער פון וויליאם דזשענינגס ברייען, דער פארשטייער פון מיטל־קלאס און פון די פארמעגלעכע פארמער, האבן די סאציאליסטישע פירער זיך געריכט צו קריגן שטימען פון די פראגרעסיווע דעמאקראטן. די פראגע איז דעמאלט אנטשטאנען ארויסצוווארפן די רעזאלוציע פון דעם צוזאמענפאר אין 1901 וועגן נעגער־רעכט.

די רעדאקציע פון דעם „אינטערנעשאנאל סאשעליסט רעוויו” האט זיך געווענדט מיט אן אנפראגע צו די פארטיי־מיטגלידער, זיי זאלן זיך ארויס־זאגן איבער די פראגן וואס שטייען אויף דער טאג-ארדענונג פון דעם סאציאליסטישן צוזאמענפאר. פון דער צאל בריוו וואס דער זשורנאל האט געדרוקט זיינען דריי געווען וועגן דער פארטיי־שטעלונג צו דער נעגער־פראבלעם.

פון די דריי איז נאר איינער, א געוועזענער ווייסער איינגנטימער פון שקלאפן, און איצט אן ארעמער מענטש, ארויסגעקומען דורכאויס פאר א קאמף פאר די פולשטענדיקע רעכט פון די נעגער־מאסן. זיין בריוו איז אויפ־ריכטיק און שטימונגפול.

די איבעריקע צוויי בריוו זיינען געווען פון פראמינענטע סאציאליסטן, ווילשייר און דאבז, דער צווייטער א מיטגליד פון דער נאציאנאלער עקזעקו־טיווע פון קענטאקי.

א בריוו פון א ווייסן פריץ מיט א סאָציאַליסטישן פּאַרטיי־ביכל

ווילשייר, א פּאַרטיי־פּראָפּאַגאַנדיסט, האָט רעזומירט זיין טעאָריע וועגן דער נעגער־פּראָגע אין די פאָלגנדע ווערטער: „יעדע זאַך וואָס שטערט אַז מענטשן זאָל זיך צוהערן צום סאָציאַליסט, איז א שטערונג דעם סאָציאַ־ליזם. וואָס איז שייך דעם נעגער, איז וואָס ווייניקער מיר סאָציאַליסטן וועלן זיך אַריינלאָזן אין דער בלאָטע וועגן אונזערע רויטע, שוואַרצע און געלע ברידער, אַלץ בעסער וועט זיין.”

דער אויספיר איז קלאָר. די אַמעריקאַנער האָבן ניט ליב דעם כינעזער, דעם שוואַרצן און אינדיאַנער. איז וואָס ווייניקער די סאָציאַליסטן וועלן זיך פאַרנעמען מיט די ראַסן און נאַציאָנאַליטעטן, אַלץ געזינטער וועט זיין.

דער בריוו פון משאַרלס דאָבז איז זייער כאַראַקטעריסטיש. די גרונט־ליניע וואָס דער סאָציאַליסט פון דרום נעמט איז, אין א געענדערטער פאָרמע, די ליניע פון די מערסטע סאָציאַליסטישע פירער אויך אין 1934. צוליב דער וויכטיקייט וואָס די נעגער־פּראָגע האָט פאַר אַלע אַרבעטער, ברענגען מיר דאָ א פולן אויסצוג פון דעם בריוו:

„נאָך מיין מיינונג איז די רעזאָלוציע וועגן די נעגער, אָנגענומען ביי דער קאָנווענשאָן אין אינדיאַנאַפּאָליס אין 1901, געווען א טעות, ניט ווייל מיר דאַרפן פאַרשפּאַרן די טיר פאַר דעם שוואַרצן מאַנס נאָז, נאָר ווייל די רעזאָלוציע צייכנט זיך אויס מיט א סענטימענטאַלן, היסטערישן גייסט. אין דער ווירקלעכקייט איז עס אַן איינלאַדונג צום 'ברודער אין שוואַרצן' צו קומען זיך אַרומנעמען מיט אונז און צוקושן זיך ווי ברידער. דער נעגער, אויב ער איז אינטעליגענט גענוג צו פאַרשטיין וואָס די סאָציאַליסטן ווילן, וועט קומען צו אונז אָן א סענטימענטאַלן אויפרוף...

„אַלס ראַסע פעלט דעם נעגער־אַרבעטער אין דרום דער שכל און דער מוט וואָס מען באַדאַרף, צו זיין א סאָציאַליסט. מאַכן פון זיין לאַגע א באַזונדערע פּראָגע איז נאַריש, ווייל עס וועט ברענגען ווייניקער דיווידענטן אויף דער ענערגיע וואָס מען דאַרף אַריינלייגן אים צו באַקערן, איידער יעדן אַנדערן אַרבעטער אין דער וועלט. געוויסע געגנאָסן געפינען פאַר זייער שווער איינצוהאַלטן זייער ברענענדיקע ליבע צום שוואַרצן (דאָס איז א שטאָך דעבסן, מ. ע.), אָבער אונזער פּאַרטיי־פּאָליטיק דאַרף זיך אויסצייכענען מיט פּראָסטן שכל און ניט ברענענדיקייט. און דער פּראָסטער שכל זאָגט, אַז עס איז ניט ווערט צופיל זיך צו מאַטערן אום אַריינצוכאַפּן דעם נעגער.

„מיר אַפּעלירן צום לוין־אַרבעטער, און אונז מאַכט ניט אויס צי ער האָט ברוינע אויגן אָדער בלויע, צי ער איז שוואַרץ אָדער ווייס. אָט פּראָטעסטירן

מיר געגן ראַסן-אונטערשיידן, און באַלד מאַכן מיר זיי נאָך שאַרפער דורך דעם וואָס מיר נעמען אָן אַז די ראַסע פון דעם אַרבעטער גיט אים אַ באַזונדערע שטעלונג. לאָמיר ניט מאַכן קיין טעות. לאָמיר ניט אַרויסגעבן קיין מאַרטגעדזש אויף דער צוקונפט, אַז מיר וועלן האַלטן דאָס וואָס מיר זאָגן צו וועגן דער קאָאָפּעראַטיווער וועלט. עס איז מעגלעך אַז אונזערע ווייסע פרויען וועלן זיין דעזדעמאָנעס, און וועלן הייראַטן מיט אָטעלאָס, און די ווייסע מענער וועלן נאָכטאָן שלמה המלך און נעמען זיך ווייבער פון שבע, און אפשר טאַקע ניט. מען קען קיינמאָל אין פאָראויס ניט זאָגן.״ *)

אויסער דער פּרעכער הוצאה פון דער טעאָריע פון העכערע ראַסן, וואָס טראָגט זיך פון דעם בריוו, איז כאַראַקטעריסטיש די שטעלונג, אַז אָנצואווייזן אויף דער באַזונדערער לאַגע פון דעם שוואַרצן אַרבעטער מיינט שאַרפער צו מאַכן די ראַסן־פראַגע. אָט־דער שעדלעכער, באַלעבאַטישער אומזין איז די גאַנצע צייט די שנור־ליניע פון פיל סאָציאַליסטישע פירער. זייער אַרויסטרעט געגן דער קאָמוניסטישער פאָדערונג פון דעם רעכט פאַר זעלבסט־באַשטימונג פאַר דער שוואַרצער מערהייט אין דעם דרום־לאַנד, איז באַזירט אויף דער טענה, אַז אַזאַ פאָדערונג וועט נאָך מער אויפרייצן די ווייסע אין דרום און הייבן דעם ראַסן-געפיל פון די שוואַרצע, דעריבער טויג עס ניט. זיי ליקענען אויך, אַז די נעגערס זיינען אַ נאַציאָנאַליטעט.

## די „פּראַקטישע" חשבונות פון דער נעגער־פראַגע

אויסער דעם איינגעוואָרצלטן באַגריף פון דער העכערער ווייסער ראַסע, וואָס האָט געשטעקט הינטער דער פאָדערונג אַרויסצונעמען די רעזאָלוציע פאַר נעגער־רעכט, איז געלעגן אַ „פּראַקטישער" רעכענונג. די שוואַרצע אין די דרום-שטאַטן פאַרמאָגן אַלץ איינס ניט קיין שום רעכט. זיי קענען ניט העלפן דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אָנצוזאַמלען שטימען מיט דער האָפענונג צו דערוויילן אַמאָל אירע קאַנדידאַטן. בלייבט איבער דער מינוס וואָס אַ רעזאָלוציע פאַר נעגער־רעכט ברענגט צווישן די ווייסע אין דרום, וועלכע האָבן יאָ שטים־רעכט. פון דעם מינוס דאַרף מען זיך באַפרייען. נאָר „סאָציאַליסטן" וואָס בויען זייער גאַנצע פּאָליטיק אויף דעם וואַל־צעטל קאָנען זיך אַרומטראָגן מיט אַזעלכע פּראַקטישע אויסרעכענונגען.

פונדעסטוועגן איז די ווייסע שאָוויניסטן ניט געלונגען אויסצומעקן די רעזאָלוציע פאַר נעגער־רעכט. די רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן אין דער פּאַרטיי האָבן דערצו ניט דערלאָזט.

*) ציטירט לויט י. א. הורוויטש, שטרייט-פראַגן פון סאָציאַליזם.

יאָרן שפּעטער, ווען די הילקוויטס און די בערגערס האָבן געהאַלטן די פירערשאַפט פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אין זייערע הענט, איז די שטעלונג צו דער נעגער־פּראָבלעם געוואָרן נאָך „דיפּלאָמאַטישער".

אין 1912 האָט טעאָדאָר רוזוועלט געשפּאָלטן די רעפּובליקאַנישע פּאַרטיי און אָרגאַניזירט אַ נייע, אַ פּראָגרעסיווע פּאַרטיי. איז אויסגעבראָכן אַ שאַרפער קאַמף איבער דער שטעלונג צו די נעגערס אין דרום. רוזוועלט האָט געשריבן אַ בריוו צו אַ פּאָליטישען אין דרום, אַז לויט זיין מיינונג דאַרף די פּראָגרעסיווע פּאַרטיי שטיצן די הערשאַפט פון די ווייסע. די שוואַרצע דאַרפן זיך פאַרלאָזן אויף דער גוטסקייט פון די ווייסע. אויב די שוואַרצע וועלן זיך גוט אויפפירן וועט מען זיי אַמאָל געבן שטים־רעכט, דערווייל איז דער דרום אַ לאַנד פון די ווייסע און די פּראָגרעסיווע פּאַרטיי קען ניט אַריינגעמען קיין שוואַרצע אין אירע רייען.

דער צוזאַמענפאָר פון דער פּראָגרעסיווער פּאַרטיי אין שיקאַגאָ האָט לאַנג און הייס דיסקוטירט רוזוועלטס שטעלונג. אַ סך דעלעגאַטן פון די צפון־ און מערב־שטאַטן, וואו עס געפינען זיך אַ היפּשע צאָל שוואַרצע וויילער, האָבן מורא געהאַט אַז אַזאַ שאָוויניסטישע שטעלונג וועט זיי קאָסטן שטימען. די קליינע גרופּע ראַדיקאַלן וואָס איז מיטגעגאַנגען מיט רוזוועלטן אין דער האָפענונג אַז ער וועט ברעכן די הערשאַפט פון וואָל־סטריט, האָט אים ביטער באַקעמפט אין דער נעגער־פראַגע. רוזוועלט האָט געזיגט מיט אַ קליינער מערהייט.

די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי־פירערשאַפט האָט געהאַט אַ גלענצנדיקע מעגלעכקייט אַרונטערצורייסן דעם פּראָגרעסיוויזם פון רוזוועלטן און פון זיין נייער פּאַרטיי. אַן אָפענע רעזאָלוציע ניט אַריינצונעמען שוואַרצע אין דער פּאַרטיי איז אַ געוועגנדיקער באַראָמעטער פאַר דער פּאָליטישער פּראָגרעסיווקייט פון דער נייער פּראָגרעסיווער פּאַרטיי. אָבער די סאָציאַליסטישע פירער וואָס זיינען געשטאַנען אין קאַמף מיט דער פּראָגרעסיווער פּאַרטיי האָבן אינגאַנצן פאַרפעלט צו דערמאָנען די שאָוויניסטישע שטעלונג צו די שוואַרצע אין דרום. דאָס פאַרשווייגן איז ניט קיין צופאַל אָדער אַ שוואַכקייט פון זכרון. די סאָציאַליסטישע פירער האָבן ניט געוואָלט מאַכן קיין טומל פון רוזוועלטס שאָוויניזם, ווייל זייערע אייגענע מיטגלידער און סימפּאַטיקער אין דרום האָלטן זיך אין גרונט גענומען ביי דער זעלבער מיינונג, ווי רוזוועלט.

אין די קריזיס־יאָרן, אין פאַרלויף פון די גרויסע קאַמפן פאַר אַרבעט־לאָזער הילף — 1931־1932 — האָבן די סאָציאַליסטישע טוער אין פיל

ערטער זיך אנטזאגט אַנצופירן אַ קאַמף געגן דיסקרימינאַציעס געגן די נעגערס. דער קאַמף פאַר הילף די נעגערס איז אינגאַנצן איבערגעלאָזט געוואָרן צו די קאָמוניסטן און צו די לינקע אָרגאַניזאַציעס פון אַרבעטלאָזע. דאָס זעלבע איז געווען ווען אַרויסשטעלן נעגער־קאַנדידאַטן אויף וויכטיקע עמטער. די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט עס קיינמאָל ניט געטאָן. ערשט ווען די קאָמו־ניסטישע פּאַרטיי איז געוואָרן אַ וויכטיקער פאַקטאָר אין לעבן פון די שוואַרצע מאַסן, האָבן די סאָציאַליסטן אונטערן שטאַרקן דרוק אָנגעהויבן אויך אַרויס־צושטעלן איינצלנע נעגערס פאַר פּאָליטישע קאַנדידאַטן.

אויף דער פראַגע, וואָס מיר האָבן געשטעלט אין אָנהויב קאַפּיטל, ווער איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם וואָס די סאָציאַליסטישע באַוועגונג, ווען זי איז נאָך אָפיציעל געווען אייניק, האָט ניט באַוויזן זיך צו פאַרוואַנדלען אין אַ מאַסן־באַוועגונג אין פּראָפּאָרציע מיט דער גרויס פון היגן אַרבעטער־קלאַס, איז דער ענטפער: ניט די „פרעמדקייט" און „אויסלענדישקייט" פון די סאָציאַליסטישע געדאַנקען, וואָס זיינען כלומרשט ניט אָננעמבאַר פאַר דעם אַמעריקאַנישן אַרבעטער. די שולד פאַלט פריער פאַר אַלעמען אויף דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, אויף דער פירערשאַפט אין דער סאָציאַ־ליסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי און נאָכדעם אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. דאָס איז, פאַרשטייט זיך, אין ענגער פאַרבינדונג מיט די אַנדערע פאַקטאָרן, ווי צעטיילונג אין אַרבעטער־קלאַס, די סאָציאַלע דעמאַגאָגיע פון דער בור־זשואַזיע און די קאַפּיטאַליסטישע לאָקיאַישקייט פון דער פירערשאַפט אין דער א. פ. אָוו ל.

איין־און־צוואַנציקסטער קאַפּיטל

# אַרבעטער־קאַמפּן אין וויטן מערב

# (1893—1914)

גרויס־קאַפּיטאַליזם פאַרנעמט דאָס לאַנד. — גאָמפּערס טרעט אַרויס געגן סטרייקס. — א. פ. אָוו ל. מיידט אויס נייע אינדוסטריעס. — סטרייק אין דער קליידער־אינדוסטריע און פון מעטאַל־גרעבער אין דער ווייטער וועסט. — די „וועסטערן פעדערײשאַן אָוו מיינערס", 1894—1908. — סטרייקס וואָס האָבן געטראָגן כאַראַקטער פון אַ בירגער־קריג. — קאָלאָראַדאָ סיטי און ביוט, מאָנטאַנאַ. — דורכפאַל פון א. פ. אָוו ל. פּאָליטיק און איר פּעטיציע צום קאָנגרעס. — דער יושר פון קאַפּיטאַליסטישע געזעצגעבער. — גאָמפּערס פאַרבינדט זיך מיט גרויסע קאַפּיטאַליסטן דורך „נעשאָנאַל סיוויק פעדעריישאָן". — דער „אָרנטלעכער" דזשאָן מיטשעל און זיין ירושה. — דער מעקנאַמאַראַ־פּראָצעס און די אַריינמישונג פון אַ נאַאיוון רעפאָרמער (1911). — קאַפּיטאַליסטן ברעכן די פאַרשטענדיקונג. — דער בלוטיקער סטרייק פון די קוילן־גרעבער אין קאָלאָראַדאָ און די שחיטה אין לודלאָו, 1914.

די שנעלע טריט מיט וועלכע דער קאַפּיטאַליזם האָט מאַרשירט צו אַלץ נייערע פּאָזיציעס אין לאַנד און אין אויסלאַנד, האָבן ניט באַוואויגן די פירער פון דער אַמעריקאַן פעדעריישאָן אָוו לייבאָר אויך צו שטעלן שנעלערע טריט אַנצוויאָגן דעם קאַפּיטאַליסטישן פּיינט. די פירער פון דער פעדעראַציע האָבן גערוט אויף זייערע לאָרבער־קראַנצן און געווען צופרידן מיט דעם וואָס זיי האָבן דערגרייכט.

די קאָלאָסאַלע ענדערונגען אין דעם געבוי פון דער אינדוסטריע, די אַנטשטייאונג פון גאַנץ נייע גרויסע אינדוסטריעס, ווי אויטאָמאָביל, גומי, עלעקטרישע מאַשינען א. אַ., האָבן אויף דעם גאָמפּערסיזם ניט געמאַכט קיין איינדרוק. דאָס אָנקומען פון מיליאָנען אימיגראַנטן וואָס זיינען אַריינגעפאַלן אין דעם אַמעריקאַנישן אינדוסטריעלן קעסל־גרוב, אינגאַנצן אומבאַשיצט און אומאָרגאַניזירט, האָט אויך דעם גאָמפּערסיזם ווינציק וואָס געאַרט. די פּאַק־יוניאָנס האָבן געזוכט דורכצוקומען מיט די אַרבעטגעבער אָן איבעריקן

טומל און אַרויסרייסן פון זיי וויפיל ברעקלעך עס האָט זיך געלאָזט. דאָס ווערטל פון דער בורזשואַזיע: „יעדער איינער פאַר זיך און זאָל נעמען דער טייוול דעם שוואַכן", איז געוואָרן די אומאָפיציעלע מאָטאָ פון דער א. פ. אָוו ל. פירערשאַפט.

פאַרקערט, גאָמפּערס האָט אויף אַ פאַרהער פאַר דער קאָנגרעס-קאָמיטע איבער אַרבעט, פעברואַר 11, 1904, דערקלערט אַז די שטרעבונג פון די יוניאָן-פירער איז וואָס ווייניקער סטרייקס:

„דערלויבט מיר אייך צו זאָגן מיינע הערן, אַז די באַאַמטע פון אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס וועלכע זיינען געווען אַ לענגערע צייט אין אַמט, פאַרמאָגן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט וואָס קומט פון דורכפאַל און זוכן מיט אַלע מעגלעכקייטן אין זייער באַזיץ אויסצומיידן און פאַרהיטן סטרייקס, קאָנפליקטן און כחות-פאַרמעסטונג. עס איז ניט ריכטיק וואָס מען באַשולדיקט אונז אַזוי אָפט אַז מיר זוכן אויפצוהעצן סטרייקס און כחות-פאַרמעסטונג, ווי אונזערע געגנער זאָגן, צו פאַרדינען אונזער געהאַלט.

„די מענטשן וואָס זיינען די דערפאָלגרייכסטע אין דער אַרבעטער-באַוועגונג און געניסן די אַכטונג און דעם צוטרוי פון זייערע ברידער זיינען די, וואָס האָבן זייער אַ סך געטאָן אויסצומיידן און צו פאַרהיטן סטרייקס." (גאָמפּערס, זיבעציק יאָר לעבן און אַרבעט, זייט 65.)

די פּאָליטיק פון דער א. פ. אָוו ל. פירערשאַפט איז געווען פּרוכטבאַר פאַר די קאַפּיטאַליסטן. דער אָנהייב פון דעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט איז געווען פאַרהעלטניסמעסיק שטיל אין דעם אַרבעטער-קלאַס. מיטן אויסנאַם פון די קוילן-גרעבער, וואָס האָבן געפירט אַ גענעראַל-סטרייק אין סעפּטעמבער 1900 און שפּעטער אין 1908, זיינען ניט געווען קיין באַדייטנדיקע סטרייקס אין דער א. פ. אָוו ל. אונז איז שוין אויסגעקומען צו באַמערקן, אַז די קוילן-גרעבער האָבן געטראָגן אויף זייערע אַקסלען די שווערסטע אַטאַקעס פון די אָרגאַניזירטע קאַפּיטאַליסטן. בכלל איז די „יונייטעד מיין וואָירקערס" ניט אָרגאַניזירט געוואָרן פון דער א. פ. אָוו ל. נאָר פון די „נייטס אָוו לייבאָר", וואָס האָבן געפירט די ערשטע גרויסע קאַמפן אין דער קוילן-אינדוסטריע.

## די סטרייקס אין דער קליידער-אינדוסטריע און אין די מעטאַל גרובן

נאָך צוויי אויסנאַמען זיינען געווען: די אַרבעטער פון דער קליידער-אינדוסטריע אין ניו יאָרק, וואָס זיינען באַשטאַנען אין זייער גרויסער מערהייט פון אידן און איטאַליענער, און די מעטאַל-גרעבער אין דער וויטער וועסט.

איןביידע קאמפּן האָט די א. פ. אָוו ל. ניט געהאַט קיין האַנט, כאָטש די נאָדל־פאַכן זיינען געווען אַ טייל פון דער א. פ. אָוו ל.

די באַוועגונג צווישן די מעטאַל־גרעבער אין דער ווייטער וועסט און די באַוועגונג צווישן די אידישע פּרויען־ און מענער־קליידער אַרבעטער זיינען געווען פון גרויסער באַדייטונג פאַר דעם גאַנצן אַרבעטער־קלאַס. אָפּגעטיילט געאָגראַפיש אויף אַ פּאָר טויזנט מייל און עקאָנאָמיש נאָך ווייטער, האָבן די קאַמפּן פון די צוויי אָפּגעזונדערטע אַרבעטער־אַרמייען אַריינגעבראַכט אַ נייעם שטראָם אין דער אָרגאַניזירטער אַרבעטער־באַוועגונג, וואָס האָט געמוזט באַאיינפלוסן אפילו דער פאַרגליווערטער א. פ. אָוו ל.

פון די קאַמפּן אין דער ווייטער וועסט איז אַרויסגעקומען די צווייטע באַוואוסטזיניקע — פון אָנהייב — אָפּאָזיציע צו דער א. פ. אָוו ל., די „אינדאַסטריעל וואָירקערס אָוו די וואָירלד" (איי. וו. וו.), וועמעס איינפלוס אויף דעם גאַנג פון דעם אַרבעטער־קאַמף דאָ אין לאַנד איז געווען אין איין צייט גרויס, ניט קוקנדיק אויף די אַלע פונדאַמענטאַלע טעותן וואָס די איי. וו. וו. האָבן געמאַכט.

פון די קאַמפּן אין דער נאָדל־אינדוסטריע איז אַרויסגעקומען אַ פּראָגרעסיווערער האַלב־אינדוסטריעלער יוניאָניזם, וואָס איז געווען דורך־און־דורך סאָציאַליסטיש און געבויט אויף קלאַסנקאַמף. דער פאַקט וואָס שפּעטער האָט אַן אָפּאָרטוניסטישע, צעטומלטע און אויך קאָרופּטע פירערשאַפט אַרויסגעריסן דעם קלאַסנקאַמף־באַזיס פון די יוניאָנס אין דער קליידער־אינדוסטריע, איז אַ קאַפּיטל פאַר זיך.

דער מיליטאַנטישער אופן ווי אַזוי די נאָדל־אַרבעטער האָבן געבראָכן אינדזשאָנקשאָנס, דורכגעפירט מאַסן־פּיקעטינג און געשאַפן אַ ברייטערע פאָרמע פון אָרגאַניזאַציע, האָט אַן צווייפל געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף דער טרייד־יוניאָן־באַוועגונג. די נאָדל־פאַך יוניאָנס און די קוילן־גרעבער יוניאָנס זיינען שפּעטער געווען די ערשטע אויפצוהייבן אַ מעכטיקן קאַמף פון דער רענק און פייל געגן קאָרופּטע פירער וואָס פאַרשאַכערן די אַרבעטער־געווינסן. זיי זיינען אויך געווען די ערשטע וואו די לינקע און קאָמוניסטישע באַוועגונג האָט זיך איינגעוואָרצלט צווישן די מאַסן.

דער דראַנג נאָך מערב, וואָס האָט אַנטוויקלט דעם ווייץ־ און קאָרן־פּאַס אין מיטל־ און דרום־מערב, האָט אין די זיבעציקער יאָרן דערגרייכט דעם פעלזן־געגנט פון די ראַקי־בערג. גאָלד, זילבער, קופּער און אייזן זיינען געלעגן באַהאַלטן אין די אָדערן פון די בערג. געוואַגטע מענטשן האָבן זיך געלאָזט

אין די ווילדערנישן זוכן אַ שנעלן רייכטום. נאָך די אוואַנטוריסטן איז געקומען דער סוחר. באַלד האָט זיך באַוויזן דער קאַפּיטאַליסט און באַנקיר. קאָמפּאַניעס זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן צו עקספּלואַטירן די נאַטירלעכע רייכטימער פון דער ראָקי־בערג טעריטאָריע. די פּראָספּעקטירער (זוכער), וואָס זיינען דורכגעפאַלן אין זייערע האָפענונגען, זיינען געוואָרן אַרבעטער ביי יענעם. ס'האָט אויסגעפעלט אַרבעט־הענט, האָבן די קאָמפּאַניעס אַרונטער־געבראַכט אימיגראַנטן וואָס זיינען נאָר וואָס אָנגעקומען אין די צפון־שטאַטן און האָבן געזוכט באַשעפטיקונג. הויפּטזאַכלעך זיינען אימפּאָרטירט געוואָרן פינלענדער, וועלכע זיינען צוגעפּאַסט צום שווערן קלימאַט. אַרבעטער־שטעטלעך זיינען אויפגעקומען אַרום די גרובן. הייזער אויפגעקלאַפּט איבער נאַכט אָן די מינדעסטע באַקוועמלעכקייטן און אַפילו אָן וואַסער. אין די הייזער האָבן געוואוינט אַרבעטער וואָס זיינען אָפּגעריסן געוואָרן פון זייער אַלטער איינגעוואָרצלטער סביבה. דער ווילדער געגנט אַרום, דאָס שווערע לעבן, די אָפּוועזנהייט פון וועלכע עס איז קאַפּיטאַליסטישע טראַדיציעס אין דעם נייעם געגנט, האָט אויסגעשמידט אַ בונטאַרישן גייסט צווישן די אַרבעטער — קוילן, אייזן, קופּער, זילבער און גאָלד־גרעבער.

אָן די טראַדיציעס פון קאַפּיטאַליזם, איז אויך ניט געווען דער איינפלוס פון דער קאַפּיטאַליסטישער אידעאָלאָגיע אויף די אַרבעטער־מוחות, איז דער סאַמע אָנהייב פון אַרבעטער-ווידערשטאַנד געבויט געוועז אויף קלאַסנ־קאַמף. סאָציאַליזם און אינדוסטריעלער יוניאָניזם זיינען גלייך געוואָרן די דאָמינירנדיקע פאַקטאָרן אין אַרבעטער־לעבן.

די קאַפּיטאַליסטן ווידער, אויך יונג, פּולבלוטיק און חוצפהדיק, האָבן זיך ניט צערעמאָנירט אַפילו מיט די אייגענע געזעצן וואָס האָבן באַדאַרפט הערשן אין לאַנד. די קאַפּיטאַליסטן האָבן געזוכט צו דערטרינקען אין בלוט יעדן פאַרזוך פון זייערע אַרבעטער צו פאַרבעסערן זייער לאַגע.

די קאַמפן פון די מעטאַל־מיינער און פון די מעטאַל־שמעלצער אין די מערב־שטאַטן פאַרמאָגן אַ קורצע אָבער וויכטיקע און רומפולע געשיכטע הינטער זיך.

נאָך אין 1893 האָבן די זילבער־מיינער אין איידאַהאָ דורכגעמאַכט דעם ערשטן בלוטיקן סטרייק. בכלל אַ סטרייק אין יענע פאַרוואָרפענע קליינע שטאַטן — די גרענעץ פון אַמעריקע, ווי מען האָט זיי גערופן — איז ניט דורכגעגאַנגען אָן בלוטיקע צוזאַמענשטויסן צווישן סטרייקער און סאָלדאַטן אָדער די באַוואָפנטע וואַך פון די קאָמפּאַניעס. דער כאַראַקטער פון די האַלב־

ווילדע געגנטן וואו די גרובן געפינען זיך, זייער ווייטקייט פון די גרויסע צענטרען, די פרייע האַנט וואָס די רייכע קאָמפּאַניעס האָבן געהאַט — די מינען־שטעטלעך האָבן אינגאַנצן באַלאַנגט צו זיי — און דער פאַקט וואָס די מערסטע אַרבעטער זיינען געווען אימיגראַנטן, האָבן צוגעגעבן אַ כאַראַק־טער פון בירגער־קריג צו די שלאַכטן פון יעדן סטרייק. די א. פ. אָוו ל. פירערשאַפט האָט טאַקע מיט פאַראַכטונג אָנגערופן די העלדישע אַרויס־טרעטונגען פון די אַרבעטער אין די ווייטע שטאַטן „גרענעץ־שלאַכטן", וואָס האָט געמיינט, שלאַכטן צווישן אַוואַנטורי͏סטן און קאָמפּאַניעס און ניט קיין קאַמפן פון אַרבעטער פאַר בעסערע באַדינגונגען. מיט דעם טיטול האָבן זיי געזוכט אָפּצוקומען און ניט צו געבן קיין הילף די קעמפנדיקע סטרייקער.

פון אָט־די קאַמפן איז אַרויסגעוואַקסן די מיליטאַנטישע „וועסטערן פעדעריישאָן אָוו מיינערס" (מערב־פעדעראַציע פון מינען־אַרבעטער), וואָס איז געוואָרן די אינדוסטריעלע יוניאָן פון אַלע די וועלכע זיינען באַשעפטיקט אין די מעטאַל־גרובן און רויע מעטאַל־שמעלצערייען. די מערב־פעדעראַציע האָט געהאַט איר ערשטן צוזאַמענפאָר אין ביוט, מאָנטאַנאַ, אין 1894. אין זעלבן יאָר האָט די יוניאָן דורכגעפירט אַ דערפאָלגרייכן קאַמף אין די גאָלד־פעלדער אין קריפּל קריק, קאָלאָראַדאָ, נאָך אַ סטרייק וואָס האָט אָנ־געהאַלטן פיר מאָנאַטן און האָט געקאָסט אַ סך בלוט־פאַרגיסונג. צו קריגן אַ באַגריף פון די באַדינגונגען אין די גאָלד־גרובן איז גענוג צו זאָגן, אַז די אַרבעטער האָבן געסטרייקט פאַרן אַכט־שטונדיקן אַרבעט־טאָג און פאַר אַ מינימום־לוין פון דריי דאָלאַר אַ טאָג. סטרייקס זיינען אויך פאָרגעקומען אין די יאָרן 1896, 1897, 1899 און 1901 אין אַ ריי אַנדערע פּראָוואָרפּענע מעטאַל־גרובן אין קאַליפאָרניע איידאַהאָ, קאָלאָראַדאָ און בריטישע קאָלאָמביע.

דער סטרייק אין קאָלאָראַדאָ סיטי האָט געהאַט וויכטיקע פּאָליטישע פאָלגן. דער קאַמף איז געפירט געוואָרן הויפּטזאַכלעך פאַר דעם אַכט־שטונדיקן אַרבעט־טאָג, נאָכדעם ווי די שטאַט־לעגיסלאַטור האָט אָפן דע־מאָנסטרירט איר פאַרקויפטקייט צו די קאַפּיטאַליסטישע אינטערעסן וואָס האָבן באַהערשט די מעטאַל־גרובן און שמעלצערייען.

## געזעצגעבער ווייזן אַ מוסטער פון פאַרקויפטקייט

נאָך אין 1899 האָט די שטאַט־לעגיסלאַטור אָנגענומען אַ געזעץ פאַר דעם אַכט־שטונדיקן אַרבעט־טאָג אין די גרובן. איז געקומען דער העכסטער געריכט פון קאָלאָראַדאָ און דערקלערט דעם געזעץ אומקאָנסטיטוציאָנעל. די זאַך איז

געגאנגען צו אן אפשטימונג פון דער באפעלקערונג און איז אין 1902 דורכ־געגאנגען מיט א גרויסער מערהייט. נאך אזא רעפערענדום ווערט דאס געזעץ אן אמענדמענט צו דער קאנסטיטוציע פון דעם שטאט און דער געריכט קען עס מער ניט אפווישן. די לעגיסלאטור האט זיך באדארפט פארזאמלען פאר דער אפיציעלער באשטעטיקונג פון דעם אמענדמענט. די געזעצגעבער זיינען געקומען, געעפנט די זיצונג, געזעסן ווי שטומע, געשלאסן די זיצונג און זיך צעפארן אהיים — כאטש זיי האבן געהאט א דירעקטן מאנדאט פון די וויילער צו באשטעטיקן דעם אמענדמענט.

דער קלאפ וואס די ארבעטער אין די מעטאל־גרובן האבן געקראגן נאך אלע אנשטרענגונגען צו געווינען די אכט שטונדן דורך א געזעץ, האט זיי געטראפן ווי א דונער. די אנטוישונג אין געזעצגעבונג און אין געזעצגעבער איז געווען גרויס. די ארבעטער זיינען ארויס סטרייקן פאר זייער פאדערונג און דער סטרייק איז פארוואנדלט געווארן אין א בלוטיקן בירגער־קריג צווישן די באוואפנטע כוחות פון די קאמפאניעס און די סטרייקער. די שטאט־רעגירונג איז געשטאנען אויף דער זייט פון די קאמפאניעס.

די אנטוישונג אין פאליטיק, אין קאנסטיטוציאנעלע אמענדמענטס און אין געזעצן האט געבראכט די פירער פון דער „וועסטערן פעדערייש אוו מיינערס" צום שלוס, אז נאר א רעוואלוציאנערע אקציע קען ברענגען די ארבעטער רעזולטאטן.

א. פ. אוו ל. ביוראקראטיע וויל זיך ניט רירן פון ארט

פארשטייט זיך, אז רעוואלוציאנערע אקציע קען ניט זיין פרוכטבאר אויב די ארבעטער זיינען צעטיילט אין באזונדערע יוניאנס, געבויט אויף די פאכן. עס איז אויך געווען זעלבסטפארשטענדלעך, אז פון דער פירער־שאפט פון דער אמעריקאן פעדערייש אוו לייבאר קענען זיי ניט דערווארטן קיין הילף פאר דער רעוואלוציאנערער אקציע פון דעם ארבעטער־קלאס. די פירער פון דער וועסטערן פעדערייש האבן דעריבער געטראכט, אז דער איינציקער אויסוועג איז צוזאמענגעמען אלע רעוואלוציאנערע עלעמענטן אין דעם ארבעטער־קלאס און ארגאניזירן זיי אין א נייער ארבעטער-באוועגונג מיט א צענטער אין דער שפיץ. אזוי איז געבוירן געווארן אין 1905 די צווייטע ארגאניזירטע און קלאסנבאוואוסטזיניקע אפאזיציע צו דער אמעריקאן פעדערייש אוו לייבאר — די א. וו. וו. (אינדוסטריעל ווארקערס אוו די ווארלד).

אין דער באוועגונג צו שאפן א נייע רעוואלוציאנערע ארבעטער־

באַוועגונג האָבן זיך פון אָנהייב צונויפגעגאָסן צוויי שטראָמען. איין שטראָם פון דער ווייטער וועסט, פון די קעמפנדיקע מעטאַל־און שמעלץ־אַרבעטער אָרגאַניזירט אין דער „וועסטערן פעדערײשאָן אָוו מיינערס" און אַ צווייטער שטראָם פון מזרח, וואו די רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן האָבן ניט געקענט מער פאַרטראָגן די הערשאַפט פון דעם גאָמפּערסיזם, וואָס איז געוואָרן אַלץ מער רעאַקציאָנער, און דעם פאַך־געבוי פון די יוניאָנס, וואָס איז געוואָרן אַלץ דריקנדיקער.

די מיליאָנען אַרבעטער אין די נייע און פאַרגרעסערטע אינדוסטריעס האָבן אינגאַנצן ניט געהאַט קיין אָרגאַניזאַציע. די א. פ. אָוו ל. האָט קאַטעגאָריש צוריקגעוויזן יעדן פאָרשלאַג און פּלאַן אָנצוהייבן אַן אָרגאַניזאַציע־קאַמפּאַניע צווישן אָט־די מיליאָנען אַרבעטער. די א. פ. אָוו ל. און די פירערשאַפט אין די פאַך־יוניאָנס זיינען אפילו געווען זייער פאָרזיכטיק אַריינצונעמען אַ גרופּע אַרבעטער וואָס האָט זיך אַליין אָרגאַנזיירט אָן זייער הילף. ווי מענטשן וואָס שטייען אין שפּיץ פון אַ גרויס געשעפט, האָבן זיי פריער געגנוי דורכגעזיפּט די נייע אָרגאַניזאַציע, צי עס שטעקט ניט אין איר אַ געפאַר פאַר זיי; צי די נייע אָרגאַניזירטע אַרבעטער האָבן שוין באַוויזן אָנצוקלייבן אַ פאָנד און צי זיי זיינען געזיכערט געגן אַ נאָענטן סטרייק, וואָס וועט זיין אַ וועקסל אויף דער קאַסע פון דער נאַציאָנאַלער יוניאָן, און נאָך אַזוינע „געפאַרן". יאָר נאָך יאָר האָט די א. פ. אָוו ל. אויף אירע צוזאַמענפאָרן צוריקגעוויזן יעדע רעזאָלוציע, ברייטער צו עפענען די טירן פון אַלטע פאַך־יוניאָנס און זיי פאַרוואַנדלען אין אָרגאַניזאַציעס פון גאַנצע אינדוסטריעס, אָנשטאָט נאָר פון אַ גרופּע אַרבעטער וואָס באַנוצן די זעלבע געצייג. פאַרקערט, די פירערשאַפט האָט נאָך גלאָריפיצירט דעם שענדלעכן אָרגאַניזאַציאָנעלן געבוי פונקט ווי זי האָט שטאָלצירט מיט איר געגנערשאַפט צו זעלבסטשטענדיקער פּאָליטישער אַקציע פון אַרבעטער־קלאַס און צום סאָציאַליזם. אויף דעם צוזאַמענפאָר פון דער א. פ. אָוו ל. אין 1903 האָט די דעקלאַראַציע געגן אינדוסטריעלן יוניאָניזם צווישן אַנדערעס געזאָגט:

„דער פאַרזוך אַריינצוטרייבן די טרייד-יוניאָנס אין דעם, וואָס מען רופט אינדוסטריעלע אָרגאַניזאַציעס, איז אַ פאַרקריפּלונג פון דער געשיכטע פון דער אַרבעטער-באַוועגונג, איז געגן די בעסטע אינטערעסן פון די האָרעפּאַשניקעס איצט און וועט זיכער פירן צו צעטומלונג וואָס קומט ערב אויפלייזונג און אויפרייסונג. די צייט איז געקומען ווען אונזערע ברידער יוניאָניסטן, וועלכע זיינען פאַרטרויט מיט גרויסער פאַראַנטוואָרטלעכקייט, זאָלן אָננעמען מיטלען צו צאַמען דעם שטראָם פון משוגענער אויסשפּרייטונג,

אָדער, אַלס רעזולטאַט פון זייער גלייכגילטיקייט אָדער דערמוטיקונג וועלן זייערע אָרגאַניזאַציעס אַריינגעצויגן ווערן אין אַ שווינדלענדיקן קרייז וואָס וועט זיי פאַרשלעפּן צו דער מעגלעכער פאַנאַנדערפאַלונג און פאַרניכטונג.״

דער גאָמפּערסיזם זוכט צו שרעקן די יוניאָנס מיט פאַנאַנדערפאַלונג און פאַרניכטונג אויב זיי וועלן איבערבויען זייערע רייען אויף דעם באַזיס פון דער אינדוסטריע און וועלן אַריינגעמען נייע מיליאָנען מיטגלידער. דער סטראַשונאַק איז פאַר גאָמפּערסן ניט גענוג. ער פאַרמאָגט נאָך אַ גרעסערע סטראַשידלע, וואָס וועט אָפּשרעקן די לאָקאַלע פירער פון די יוניאָנס — סימפּאַטיע־סטרייקס. די דעקלאַראַציע קומט אַרויס מיט אָפענע רייד:

„די אָנהענגער פון דער אַזוי-גערופענער סיסטעם פון אינדוסטריעלער אַרבעטער-אָרגאַניזאַציע זאָגן, אַז אַ ווירקזאַמער סטרייק קען געפירט ווערן נאָר דעמאָלט ווען אַלע אַרבעטער אָן אונטערשייד פון פאַך, צעך און באַשעפטיקונג זיינען אַריינגעצויגן. דאָס איז ניט באַשטעטיקט פון די פאַקטן פון דער געשיכטע. כאָטש דאָ און דאָרטן זיינען אַזעלכע סטרייקס געווען ציטווייליק דערפאָלגרייך, זיינען זיי אין די מערסטע פאַלן געווען שעדלעך פאַר אַלעמען. די אַזוי-גערופענע אינדוסטריעלע סיסטעם מיינט סימפּאַטיע-סטרייקס. די פאַרגאַנגענהייט האָט נאָכאַנאַנד געוויזן, אַז סימפּאַטיע-סטרייקס ווי אַן אַלגעמיינע טאַקטיק מוז פאַרוואָרפן ווערן. נאָר באַזונדערע פאַך- און צעך-סטרייקס האָבן געבראַכט דעם מאַקסימום רעזולטאַטן און דעם מינימום דורכפאַלן. גלענצנדיקע פאַרצוגן האָבן געקראָגן די טרייד-יוניאָנס אָן דער נויטווענדיקייט פון אַ סטרייק און פון איבעררייס אין דער אינדוסטריע.״
(ציטירט פון ד. סייפּאָס: רידינגס אין טרייד-יוניאָניזם, זייט 133.)

סימפּאַטיע־סטרייקס איז דער רויטער טוך פאַר דעם אָקס. וועלכער קאָנסערוואַטיווער יוניאָן־פירער וויל עס אַריינקריכן אין אַ „צרה״ צוליב אַן אַנדער פאַך? „גלענצנדיקע פאַרצוגן אָן סטרייקס״ האָט געמיינט אין דער פּראַקטיק ווען איין גרופּע אַרבעטער קריכט איבערן רוקן פון אַ צווייטער גרופּע, זייער אָפּט די גרעסערע, און קריגט פון אַרבעטגעבער בעסערע אַרבעט־באַדינגונגען אויף איר חשבון. אין לעצטן סך־הכל פאַרלירן די אַרבעטער פון ביידע גרופּעס. די יאָרן 1922-1921 האָבן געגעבן אַ שאַרפן ביישפּיל פון אָט־דער קורצזיכטיקער און שעדלעכער פּאָליטיק. פאַרשטייט זיך, אַז די אָנהענגער פון אינדוסטריעלע יוניאָנס האָבן אויך ניט געפּאָדערט סימפּאַטיע־סטרייקס אונטער אַלע אומשטענדן. זיי האָבן פאַרלאַנגט אַ יוניאָן געבויט אויף דער באַזע פון שאַפּ און פאַבריק אָנשטאָט פון געצייג.

די „שרעקלעכקייטן״ וואָס די דעקלאַראַציע האָט געוואָרפן האָבן ניט אָפּגעשטעלט דעם קאַמף פאַר אינדוסטריעלע יוניאָנס אין דער א. פ. אָוו ל.

די אָנהענגער האָבן געהאט זייער אַ ווירקזאַמען ארגומענט. זיי האָבן אָנגעוויזן אויף די יוניאָנס פון קוילן־גרעבער און ביר־ברויערייען, די איינציקע צוויי אינדוסטריעלע אָרגאַניזאַציעס אין דער א. פ. אָוו ל. און די צוויי דערפאָלג־רייכסטע אַ דאַנק זייער ברייטן באַזיס. די דעלעגאַציע פון דער „יונייטעד מיין וואָירקערס" האָט נאָך אַזוי שפּעט ווי אין 1912 און 1914 אריינגעבראַכט און געקעמפט פאַר דער רעזאָלוציע פאַר אינדוסטריעלן יוניאָניזם.

ביוראָקראַטיע לערנט גאָרניט פון איר פּאָליטישן באַנקראָט

די זעלבע שמאָלקעפּיקייט און לאַקייאישקייט האָבן די א. פ. אָוו ל. פירער ארויסגעוויזן אין דער צווייטער גרויסער שטרייט־פראַגע: פּאָליטישער קאַמף פון ארבעטער-קלאַס אָדער נאָכשלעפּן זיך נאָך צוויי קאַפּיטאַליסטישע פּאַר־טייען. דער פולשטענדיקער דורכפאַל פון איר „נאָן־פּאַרטיזאַן" פּאָליטיק האָט ניט געווירקט אַז די פירערשאַפט זאָל אָפּטרעטן אויף אַ האָר פון איר פעסטער ליניע פון מיטארבעטערשאַפט מיט די קאַפּיטאַליסטן און זייער מלוכה.

ניט קוקנדיק אויף דעם ארומגעפּוצטן לאָזונג: „באַלוינט אייערע פריינט און באַשטראָפט אייערע פיינט", וואָס גאָמפּערס האָט געוואָרפן אָפּ־צוציען די ארבעטער פון אַ קלאַסן־ליניע אין דעם פּאָליטישן קאַמף, האָט דער דורכפאַל פון גאָמפּערסעס פּאָליטיק געריסן די אויגן. אָרגאַניזירטער קאַפּיטאַל, דורך די טראַסטן און די באַנקען, האָט געריטן איבערן לאַנד ווי דער אַליין־הערשער. די רעגירונג איז געוואָרן אָפן זיין אַגענטור. די אַלע „ארבעטער־פריינטלעכע" געזעצגעבער און באַאַמטע וועמען די ארבעטער האָבן באַלוינט מיט זייערע שטימען אין וואַל־טאָג, האָבן פאַרגעסן זייערע פאַרשפּרעכונגען אויף מאָרגן נאָך די וואַלן.

די אומצופרידנקייט מיט דער אומפּאַרטייאישער פּאָליטיק איז געשטיגן. די יוניאָן־פירער זיינען געוואָרן אַלאַרמירט און האָבן פאַררופן אַ באַ־ראַטונג אין 1906. 117 נאַציאָנאַלע יוניאָן־באַאַמטע האָבן אָנטייל גענומען. אָבער די באַראַטונג האָט ניט געענדערט די ליניע פון שקלאַפישער געהאָרכזאַמקייט צו די קאַפּיטאַליסטישע פּאַרטייען. זי האָט נאָר באַשלאָסן צו פּרובירן אויפוועקן די געפילן פון גערעכטיקייט און יושר אין די הערצער פון די קאַפּיטאַליסטישע געזעצגעבער. אַ „צעטל פון ארבעטער־קריוודעס", אויף דעם אַלטן ענגלישן שטייגער צו דערלאַנגען צום פּאַרלאַמענט אַ צעטל מיט קריוודעס און פאָדערונגען, איז אויסגעאַרבעט געוואָרן. דאָס צעטל איז

צוגעשטעלט געוואָרן צום קאָנגרעס און איז דאָרטן פאַרבליבן אפילו אָן אַ קבורה־רעדע.

„מיר ברענגען די קריוודעס צו אייער אויפמערקזאַמקייט — זאָגט זיך אין דעם „צעטל" — ווייל מיר האָבן לאַנג, געדולדיק און אומזיסט געוואַרט אויף אַ פאַרגיטיקונג. עס איז ניטאָ קיין אייניציקע זאַך געגן וועלכער מיר האָבן זיך באַקלאָגט, וואו מיר האָבן ניט צוגעשטעלט אַן ערנהאַפטן און געזעצלעכן אויסגאַנג. די פאָרשלאַגן וואָס די אַרבעטערשאַפט האָט צוגעשטעלט זיינען אין איינקלאַנג מיט דעם פונדאַמענטאַלן געזעץ און מיט דעם פאָרשריט און וואוקס וואָס די געענדערטע אינדוסטריעלע אַנטוויקלונג מאַכט נויטיק.

„די אַרבעטערשאַפט ברענגט צו אייך אירע קלאַגעס, ווייל איר זייט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער געזעצגעבונג און פאַרן דורכפאַל פון געזעצגעבונג. די האַרעפּאַשניקעס קומען צו אייך ווי מיט־בירגער וועלכע, צוליב זייער פּאָזיציע אין לעבן, פאַרמאָגן ניט נאָר די זעלבע אינטערעסן גלייך מיט אַנדערע בירגער אין לאַנד, נאָר אויך דעם ווייטערן אינטערעס ווי די טרעגער פון דער לאַסט, די לוין־פאַרדינער פון אַמעריקע. ווי פאָרשטייער פון אַרבעט בעטן מיר אייך צו פאַרגיטיקן אונזערע קריוודעס. איר זייט די יעניקע וואָס קענען עס טאָן. די אַרבעטערשאַפט רופט אייך און מיר גלויבן אַז דער רוף וועט ניט זיין אומזיסט. אויב אָבער עס וועט פּאַסירן אַז איר וועט אונז ניט הערן, וועלן מיר דעמאָלט רופן צום געוויסן און צו דער שטיצע פון אונזערע מיט־בירגער." (אַנטאָני בימבאַ, זייט 228.)

איבעריק צו זאָגן, אַז די קאָנגרעסלייט האָבן זיך ניט געאיילט דער־שראָקן צו ווערן פון דעם „רוף צו דעם געוויסן און פאַר דער שטיצע פון אונזערע מיט־בירגער", דער איינציקער אויך־מיר סטראַשונאַק וואָס די פּאָ־טיציע האָט פאַרמאָגט. די קריוודעס פון דעם אַרבעטער־קלאַס זיינען ניט פאַרגיטיקט געוואָרן, זיי זיינען אויך ניט פאַרמינערט געוואָרן איז צאָל און אין כאַראַקטער. גאָמפּערס און זיינע לייטענאַנטן האָבן אָבער אויף אַ האָר ניט געענדערט זייער אומפּאַרטייאישקייט. די אַ. פ. אָוו ל. האָט אויך ווייטער געוואָרפן די אַרבעטער צו באַלוינען זייערע קאַפּיטאַליסטישע פריינט און האָט ביטער זיך געשטעלט געגן דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג מיט איר פאָדערונג פון אַ זעלבסטשטענדיקער אַרבעטער־פּאָליטיק.

## ענגערע מיטאַרבעטערשאַפט מיט קאַפּיטאַליסטן

דערפאַר האָט גאָמפּערס און זיין עקזעקוטיוו־קאָונסיל געמאַכט נאָך אַ שריט צו דערנענטערן זיך צום הערשנדיקן קלאַס און צוזאַמען מיט אים זיין אומשטאַנד אויסצומיידן סטרייקס. דער שריט איז געווען די גרינדונג פון

דער „נעשאָנאַל סיוויק פעדערײשאָן" (נאַציאָנאַלע בירגערלעכע פעדעראַציע) אין 1906, מיט אָגוסט בעלמאָנט, אײנער פון די גרעסטע קאַפּיטאַליסטן אין לאַנד, אין דער שפּיץ.

די „סיוויק פעדערײשאָן" האָט געהאַט פאַר איר צוועק „די פרידלעכע מיטאַרבעטערשאַפט פון אַרבעט און קאַפּיטאַל". צוליב דעם צוועק האָט בעלמאָנט אײנגעלאַדן די הויכע באַאַמטע פון דער א. פ. אָוו ל. אָנצונעמען עמטער אין זײן פעדעראַציע. זײ האָבן עס גערן געטאָן און גאָמפּערס איז געוואָרן דער ערשטער וויצע־פּרעזידענט (זײן פּלאַץ פאַרנעמט איצט מעטיו וואָל). אַנדערע נאַציאָנאַלע יוניאָן־באַאַמטע זײנען געוואָרן וויצע־פּרעזידענטן אין אַן אָרגאַניזאַציע וואָס איז באַשאַפן געוואָרן ווי דער אינסטרומענט פון גרויס־קאַפּיטאַל צו האַלטן די אַרבעטערשאַפט אונטערדריקט. די „סיוויק פעדערײ־שאָן" איז אײנע פון די פאַרביסנסטע קאַפּיטאַליסטיש־רעאַקציאָנערע און אַנטי־אַרבעטער אָרגאַניזאַציעס אין לאַנד.

די אַרבעטער האָבן גאָרניט געוואָלט לײדן וואָס זײערע פירער פרײנטלען זיך מיט די קאַפּיטאַליסטן. די „יונײטעד מײן וואָירקערס יוניאָן" האָט דורכ־געפירט אַ פּונקט אין איר קאָנסטיטוציע, וואָס פאַרבאָט אירע באַאַמטע צו באַלאַנגען צו קאַפּיטאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס. דער פּרעזידענט פון דער יוניאָן, מיטשעל, האָט דערקלערט אַז ער קען ניט דערלויבן די יוניאָן זאָל בינדן זײנע האַנדלונגען און דערשטיקן זײנע איבערצײגונגען. ער האָט בעסער רעזיגנירט פון זײן הויכן יוניאָן־אַמט כדי צו קענען פאַרבלײבן אין דער קאָמפּאַניע מיט די בעלמאָנטס.

מיטשעל איז פריער געווען אַ מײנער און איז שטאַרק געווען באַליבט צווישן די אַרבעטער, ניט קוקנדיק אויף אַלע זײנע פעלערן. אין 1904 האָט אים יודזשין דעבס אָפן באַשולדיקט אין פאַרקויפן די קוילן־גרעבער, ווען ער האָט אײנגערעדט די אַרבעטער אָנצונעמען אַ לוין־רעדוצירונג אָן אַ סטרײק. פאַרשטײט זיך, אַז מיטשעל איז געווען שטאַרק אויפגעבראַכט און האָט זיך געשוואָרן אַז ער איז אומשולדיק. ווען ער האָט רעזיגנירט פון דער יוניאָן צוליב דער „סיוויק פעדערײשאָן", האָט דער הערשנדיקער קלאַס אים באַלוינט. מיטשעל איז געוואָרן דער אינדוסטריעלער קאָמישאָנער פון ניו יאָרק. ווען מיטשעל איז געשטאָרבן אין 1914 זײנען אַלע אַרבעטער געווען שרעקלעך איבערראַשט צו הערן אַז ער האָט איבערגעלאָזט אַ פערטל מיליאָן דאָלאַר אין ווערט־פּאַפּירן פון קוילן־גרובן און באַן־קאָמפּאַניעס. דעבסעס באַשולדיקונג איז ניט געווען פון הוילע פינגער. מיטשעל איז באַ־

טראַכט געוואָרן פאַר אַ קאָנסערוואַטיוון אָבער אָרנטלעכן אַרבעטער־פירער. אַט־דער אָרנטלעכער אַרבעטער־פירער האָט זיך געלאָזט אַריינשלעפּן אין דער נעץ פון די קוילן־באַראָנען און האָט אָנגענומען פון זיי מתנות אין אַקציעס פון קוילן־גרובן און באַנען. די אַקציעס זיינען געשטיגן אין ווערט און מיטשעלס אַרבעטער־קאַריערע איז געפאַלן אין אָפּגרונט.

די מעקנאַמאַראַ־געשיכטע אין 1911 און לינקאָלן סטעפענס

אַז די פירערשאַפט פון דער א. פ. אָוו ל. האָט ניט פאַרטראָטן די שטימונג פון דער רענק און פייל אין אירע יוניאָנס האָט אויך דעמאָנסטרירט די באַוואוסטע מעקנאַמאַראַ־געשיכטע אין 1911. דער פּראָצעס פון די ברידער מעקנאַמאַראַ אין לאָס אַנדזשעלעס האָט אויפגערודערט די אַרבעטער איבערן לאַנד און וואָלט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קוואַל פון מיליטאַנטישקייט און אַרבעטער־אַקציע, ווען ניט די אַריינמישונג פון לינקאָלן סטעפענס, דעמאָלט אַ ליבעראַלער זשורנאַליסט און אַ רעפאָרמער.

די מעקנאַמאַראַ ברידער זיינען אָנגעקלאָגט געוואָרן אין אונטערלייגן אַ באָמבע, וואָס האָט אויפגעריסן די געביידע פון דער „לאָס אַנדזשעלעס טיימז" — אַ ביטערע אַנטי־יוניאָן צייטונג — אין פאַרלויף פון אַ בלוטיקן סטרייק פון די אייזן-גיסער. ביידע ברידער זיינען געווען די אָנפירער פון דער אָרטיקער אייזן-גיסער יוניאָן. זיבעצן מענטשן זיינען געטויטעט געוואָרן פון דעם אויפרייס. דער הערשנדיקער קלאַס אין קאַליפאָרניע האָט באַשלאָסן אויסצונוצן דעם אויפרייס אָפּצואווישן די יוניאָנס דורך אַ פּראָצעס געגן די מעקנאַמאַראַ ברידער. אָבער קיין באַווייזן געגן זיי זיינען ניט געווען.

אַלע אַרבעטער פון לאַנד האָבן באַטראַכט די קלאַגע ווי אַ פּראָוואָקאַציע פון די אָפּען־שאָפּ קאַפּיטאַליסטן אין קאַליפאָרניע, אַ מין דרייפוס־פאַר־שווערונג. די מעקנאַמאַראַ ברידער האָבן זיך געהאַלטן מוטיק און פעסט. אַזוי ווי זיי זיינען געווען פירער אין אַן א. פ. אָוו ל. יוניאָן, האָט דער עקזעקוטיוו־קאַונסיל פון דער א. פ. אָוו ל. געמוזט שטיצן די פּראָטעסט־באַוועגונג.

לינקאָלן סטעפענס, אַ באַוואוסטער „מאָק־רייקער" (אַ רעפאָרמער וואָס דעקט אויף די זינד און די קאָרופּציע פון די פּאָליטישענס), האָט דעמאָלט געפּריידיקט די טעאָריע פון דער „גאָלדענער הערשאַפט" וואָס האָט אַרומ־געכאַפּט טיילן פון דער אַמעריקאַנישער אינטעליגענץ. די אָנהענגער פון דער טעאָריע האָבן צוגעשריבן אַלע צרות און די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע

לאַנגע צו דעם פּאַקט, וואָס די פאַרשיידענע קלאַסן קומען זיך ניט צונויף אין אַן אָפּנהאַרציקן גוט־שכנישן שמועס און לייזן ניט זייערע שטרייטיקייטן אין געגנזייטיקע קאָנצעסיעס און גוט־ווילן. די טעאָריע האָט אויך געהייסן דער „גאָלדענער מיטן־וועג".

לינקאָלן סטעפענס האָט איינגערעדט די מעקנאַמאַראַ ברידער זיי זאָלן נעמען אויף זיך די שולד פון דעם אויפרייס און ער וועט זיי ברענגען אַ פאַר־זיכערונג פון די זייַלן פון דעם האַנדלס־קאַמער און אַנדערע גרויסע קאַפּי־טאַליסטן אַז זיי וועלן אָפּשטעלן די קאַמפּאַניעס אָפּצואווישן די יוניאָנס אין לאָס אַנדזשעלעס.

נאָך עטלעכע וואָכן פון לאַנגע פאַרהאַנדלונגען און איינרעדענישן האָט סטעפענס געקראָגן די „פאַרזיכערונגען" פון די קאַפּיטאַליסטן, צווישן זיי דעם אַרויסגעבער פון דער „לאָס אַנדזשעלעס טיימז". קלאַרענס דאַראָו, פאַרטיידיקער פון די אָנגעקלאָגטע, איז געווען געגן דער גאַנצער זאַך, אָבער סטעפענס האָט אויך אים איינגערעדט, אַז צוליב דעם גרויסן און הערלעכן בילד פון די האַרמאָנישע באַציאונגען צווישן די אָרגאַניזירטע אַרבעטער און די אָרגאַניזירטע קאַפּיטאַליסטן אין אַ שטאַט וואָס האָט געברויזט מיט סטרייקס און גוואַלטאַטן.

איינער פון די מעקנאַמאַראַ ברידער, דזש. ב., איז ביז דער לעצטער מינוט געווען געגן און סקעפּטיש צו דער גאַנצער „פאַרשטענדיקונג". כאָטש ניט קיין מאַרקסיסט, איז דזש. ב. געווען אַ געבוירענער קעמפער און פירער און האָט פאַרמאָגט אַ געזונטן קלאַסן־אינסטינקט. איידער ער האָט דורכ־געפירט זיין טייל פון דער פאַרשטענדיקונג האָט ער געזאָגט סטעפענסן אַז ער איז זיכער אַז דער האַנדלס־קאַמער וועט ברעכן דעם אָפּמאַך און וועט פאַרוואַנדלען די שולד־דערקלערונג אין אַ קרייץ־צוג געגן די אָרגאַניזירטע אַרבעטער.

אַזוי האָט עס טאַקע פּאַסירט. אַזוי שנעל ווי די ברידער מעקנאַמאַראַ האָבן זיך דערקלערט אין געריכט שולדיק, זיינען די פרעסע און די קירך אין קאַליפאָרניע אַרויסגעקומען מיט אַ וואָלפישער העצע געגן זיי און געגן אַלע אָרגאַניזירטע אַרבעטער. די פרעסע און די קריסטלעכע קירך האָבן גע־פאָדערט בלוט פון די מעקנאַמאַראַ־ברידער אַלס נקמה פאַר דער אויפרייסונג. דאָס איז געווען דער אָנהייב. באַלד זיינען געקומען די ווייטערדיקע אַקטן פון דער קלאַסן־דראַמע. דער ריכטער האָט געבראָכן די „פאַרשטענדיקונג" און געגעבן די ברידער די העכסטע שטראָף לויטן געזעץ, פופצן יאָר פאַר

איין ברודער און לעבנסלענגלעכע געפענגעניש פאַרן צווייטן. דער האַנדלס־קאַמער האָט אָנגעהויבן נאָך מיט אַ גרעסערער רציחה די קאַמפּאַניע פאַר דעם אָפּען־שאַפּ. די רענק און פייל פון די יוניאָנס איבערן לאַנד וואָס האָבן זיך ניט גריכט אַז די צוויי אָנגעקלאָגטע וועלן אויף זיך נעמען די שולד, זיינען געבליבן צעטומלט און צעמישט. גאָמפּערס האָט זיך באַנוצט מיט דער צעטומלעניש און איז אָפּן אַרויסגעקומען מיט אַ פאַרדאַמונג קעגן די מעקנאַמאַראַ-ברידער. דער גענעראַל־סטרייק וואָס די איי. וו. וו. און לינקע סאָציאַליסטן האָבן געהאַט אין זינען צו רופן איז שוין ניט פאָרגעקומען. אָנשטאָט אַן ערשט־קלאַסיקן אַרבעטער־פּראָצעס איז די זאַך פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אַנטוישונג פאַר די אַרבעטער. די אַרבעטער־באַוועגונג אין קאַליפאָרניע האָט געליטן אַ שווערן קלאַפּ. די גרויסע קאַפּיטאַליסטן האָבן געקראָגן די צושטימונג פון די קליינבירגער און מיטל־קלאַס אין זייערע פאַרפאָלגונגען פון די יוניאָנס.

דער פּראָצעס איז פאָרגעקומען צום סוף פון אַ היציקער וואַל־קאַמפּאַניע פאַר מעיאָר. די סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע האָט פאַרמאָגט אַ גרויסן איינפלוס און האָט אויסגענוצט די מעקנאַמאַראַ־אָנקלאַגע צו וועקן דעם קלאַסן־באַוואוסטזיין צווישן די אַרבעטער. אפילו דאָס קליינבירגערטום איז געווען אויפגעבראַכט קעגן דעם האַנדלס־קאַמער און דער סאָציאַליסטישער קאַנדידאַט האָט געהאַט אַ סך שאַנסן דערוויילט צו ווערן. דער אומדערוואַרטעטער אויסגאַנג איז געווען אַ שווערער קלאַפּ פאַר די סאָציאַליסטן און די סאָציאַליסטישע קאַמפּאַניע האָט געליטן אַ שטאַרקן דורכפאַל. אגב, די מעקנאַמאַראַ-ברידער זיינען קיינמאָל ניט געווען קיין סאָציאַליסטן.*)

דער הערשנדיקער קלאַס האָט אומפאַרשעמטערהייט געבראָכן די פאַרשטענדיקונג. דער מעקנאַמאַראַ וואָס האָט געקראָגן די פופצן יאָר, איז אָפּגעזעסן זיין פולן טערמין און איז באַפרייט געוואָרן מיט עטלעכע יאָר צוריק. דער ברודער וואָס איז פאַראורטיילט געוואָרן צו לעבנס־לענגלעכע געפענגעניש, איז נאָך ביז איצט אין טורמע. קאַפּיטאַליסטישע גערעכטיקייט אין קאַליפאָרניע לאָזט ניט אַרויס אירע קלאַסן־קרבנות.

די מעקנאַמאַראַ־געשיכטע איז וויכטיק, ווייל זי וואַרפט אַ ליכט אויף

---

*) מער איינצלהייטן וועגן דער „פאַרשטענדיקונג" און ווי אַזוי איז געבראָכן געוואָרן — אין לינקאָלן סטעפענס אויטאָביאָגראַפיע. די אורזאַכן וואָס סטעפענס גיט אָן קענען ניט אָנגענומען ווערן פון די וועלכע פאַרמאָגן אַ קלאַסן־צוגאַנג.

דעם גייסטיקן צושטאנד פון דער ארבעטערשאפט אין דער ווייטער וועסט. ניט געקוקט אויף איר פאָליטישער אָפּגעשטאַנענקייט, האָט די ארבעטערשאפט פארמאָגט א הויכן גראד פון מיליטאַנטישקייט און אגרעסיוויטעט און א געפיל פון סאָלידארישקייט. קאָמוניסטן זיינען געגן אזעלכע מיטלען ווי דער אויפרייס אין דער „טיימז", אָבער די מעקנאַמארא־ברידער און זייערע פריינט פון דער יוניאָן זיינען זיכער ארבעטער־מארטירער. זיי זיינען געפאַלן קרבנות צוליב זייער טריישאפט צו די אַרבעטער־אינטערעסן. דזש. ב. איז געוואָרן א נאָענטער פריינט פון דער קאָמוניסטישער באוועגונג.

לאַנגזאַמער וואוקס פון די א. פ. אָוו ל. יוניאָנס

מיר האָבן פריער אָנגעוויזן אז נייע ארבעטער־גרופּעס וואָס האָבן גע-וואָלט זיך אָנשליסן אין דער א. פ. אָוו ל. האָבן פריער געמוזט דורכגיין אַן עקזאמען פון די נאציאָנאַלע פירער פון די באַטרעפנדיקע פאך־יוניאָנס, צי זיי זיינען ניט קיין ריזיקע פאר די פינאַנצן פון דער יוניאָן. אזא צוגאַנג האָט ניט געקענט דינען אַלס א דערמוטיקונג אָדער אַלס א הילף פאר די אומאָרגאַניזירטע ארבעטער. עס זיינען אָבער געווען ארבעטער־גרופּעס אין גאַנץ נייע אָדער פארגרעסערטע פאכן און אינדוסטריעס וועמען עס איז יאָ געלונגען דורכצופירן א ריי סטרייקס און אויפצובויען יוניאָנס וואָס זיינען נאָכדעם אריינגענומען געוואָרן אין דער א. פ. אָוו ל. אזוי איז געווען דער פאַל מיט די מערסטע יוניאָנס פון דער נאָדל־אינדוסטריע. די א. פ. אָוו ל. איז דעריבער ניט געשטאַנען אויף איין אָרט אין דעם ערשטן פערטל פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. איר וואוקס איז אָבער געווען לאַנגזאַם און שטאַרק ניט אין פּראָפּאָרציע מיט דעם גרויס פון ארבעטער־קלאַס.

די צאָל מיטגלידער אין די א. פ. אָוו ל. יוניאָנס און אין די איבעריקע יוניאָנס

| יאָר | א. פ. אָוו ל. | צוזאַמען מיט אַנדערע יוניאָנס |
|---|---|---|
| 1900 | 675,000 | 865,000 |
| 1902 | 1,000,000 | 1,374,300 |
| 1903 | 1,450,000 | 1,912,900 |
| 1904 | 1,675,000 | 2,072,600 |
| 1906 | 1.425,000 | 1,906,300 |
| 1908 | 1,630,000 | 2,090,400 |
| 1910 | 1,550,000 | 2,138,000 |
| 1912 | 1,780,000 | 2,440,000 |
| 1914 | 2,000,000 | 2,674,000 |

די לעצטע דריי יאָר זיינען געווען די העכסטע אין צאָל אָרגאַניזירטע ארבעטער וואָס האָבן זיך געפונען אויסערהאַלב דער אַמעריקאַן פעדערײשאָן אָוו לייבאָר. דאָס זיינען געווען די העכסטע יאָרן אין דער טעטיקייט פון דער איי. וו. וו.

אויסער די איי. וו. וו. זיינען די פיר באַן־בראָדערהודס געשטאַנען אויסער דער א. פ. אָוו ל. מיט די מלחמה־יאָרן האָט זיך די לאַגע שארף געענדערט. די א. פ. אָוו ל. איז ווידער געוואָרן די איינציקע טרייד־יוניאָן באַוועגונג אין לאַנד.

די שחיטה אויף די קוילן־גרעבער און זייערע קינדער אין לודלאָו

דער לעצטער סטרייק ערב דער וועלט־מלחמה אין וועלכן אַ יוניאָן פון דער א. פ. אָוו ל. איז געווען פאַרמישט, איז געווען דער העראָאישער קאַמף פון די קוילן-גרעבער אין קאָלאָראַדאָ אין 1914, וואָס האָט געבראַכט די קאַלט־בלוטיקע שחיטה פון 42 מענער, פרויען און קינדער אין אַ סטרייקער־קאָלאָניע לעבן לודלאָו.

אין דעם קומענדיקן קאַפּיטל וועגן דער איי. וו. וו. איז באַשריבן ווי אַזוי אונטער דעם מעכטיקן אָפּקלאַנג פון דעם זיגרייכן גענעראַל־סטרייק פון די טעקסטיל־ארבעטער אין לאָורענס, מאַסאַטשוזעטס, האָבן די פירער פון דער א. פ. אָוו ל. זיך דערשראָקן, אַז די איי. וו. וו. וועט געלינגען צו אָרגאַניזירן די מאַסן אומאָרגאַניזירטע און דעמאָלט פאַרטרייבן די א. פ. אָוו ל. אין אַ ווינקל. דער א. פ. אָוו ל. צוזאַמענפאָר, 1912, האָט דעריבער אָנגענומען אַ רעזאָלוציע פאַר אָרגאַניזאַציע־ארבעט צווישן די אומאָרגאַניזירטע. די רעזאָלוציע, ווי אַנדערע רעזאָלוציעס פון דעם סאָרט, איז געבליבן אויפן פּאַפּיר. נאָר איין יוניאָן, די מער מיליטאַנטישע און אינדוסטריעל־געבויטע „יונייטעד מיין וואָירקערס״ יוניאָן, האָט ערנסט גענומען די רעזאָלוציע.

אַזוי ווי די איי. וו. וו. האָבן קאָנטראָלירט די מעטאַל־גרובן אין דער וועסט, איז די „מיין וואָירקערס״ אַוועק צו די קוילן־גרעבער אין קאָלאָראַדאָ און האָט דאָרטן צוגעגרייט אַ סטרייק. קיין סך ארבעט האָט זיך ניט גע־פאָדערט. די ווייכע קוילן גרעבער אין קאָלאָראַדאָ האָבן זיך געפונען אין אַ שרעקלעכער לאַגע. די קוילן־אינדוסטריע איז דיקטירט געוואָרן פון דריי קאַפּיטאַליסטישע גיגאַנטן: די „קאָלאָראַדאָ אייראָן ענד פיועל קאָמפּאַניע״, וואָס האָט באַלאַנגט צו די ראָקפעלערס וועלכע האָבן דאָרטן אויך גרויסע שטאָל־פאַבריקן; די „וויקטאָר אַמעריקאַן פיועל קאָמפּאַניע״ און די „ראָקי

מאונטען פיועל קאָמפּאַניע". די קליינע קוילן־קאָמפּאַניעס ווערן דיקטירט פון די דריי גרויסע קאָמפּאַניעס.

ווי אין אַלע קליינע אינדוסטריעלע צענטרען, זיינען די קאָמפּאַניעס ניט נאָר אַרבעטגעבער, נאָר אויך די לענדלאָרדס און די גאַנצע הערשער פון לעבן. אַלץ באַלאַנגט צו זיי, פון בית־עולם ביז דער קירך. די אָפּהיטער פון געזעץ זיינען זייערע דינער. אויסער דעם האַלטן אויף די קאָמפּאַניעס אייגענע פּריוואַטע אַרמייען, וואָס באַשטייען פון פאַרברעכערישע אונטערוועלט־מענטשן.

די קוילן־גרעבער האָבן געליטן ניט בלויז פון הונגער־לוין נאָר אויך פון שרעקלעך־פאַרנאַכלעסיקטע שוץ־מיטלען אין די גרובן און פון שווינדלערייען ביים צאָלן דעם לוין. דער דורכשניטלעכער פאַרדינסט פון אַ קוילן־גרעבער, ווען ער האָט געאַרבעט דעם פולן טאָג, איז געווען פון אַ דאָלאַר מיט איין־און־זיבעציק סענט ביז צוויי דאָלאַר און איין־און־זעכציק סענט. דערפון איז אַרונטערגעגאַנגען רענט פאַר די הייזקעס וואָס באַלאַנגען צו דער קאָמפּאַניע און הויכע פּרייזן פאַר פּראָדוקטן וואָס מוזן געקויפט ווערן אין קאָמפּאַניע־קראָמען. עס האָט זיך באַקומען, אַז דער אַרבעטער האָט קיינמאָל ניט געזען קיין מעזומענעם גראָשן אין זיינע אויגן. פאַרקערט, אַז אַרבעט אַ גאַנצן יאָר איז ניטאָ, איז ער נאָך געווען פאַרשולדיקט צו דער קאָמפּאַניע. (די זעלבע לאַגע הערשט נאָך איצט אין דער גאַנצער קוילן־אינדוסטריע אין די דרום־שטאַטן, ווי קענטאָקי, טענעסי, אַלאַבאַמאַ און ווירדזשיניע; אין די אַנדערע שטאַטן איז די לאַגע ניט קיין סך בעסער.)

גענוועזענע „גרינע" סטרייקברעכער רייסן זיך צום קאַמף

נאָך אין 1884 האָבן די קוילן־גרעבער אין קאָלאָראַדאָ געמאַכט אַ פאַר־זוך זיך צו אָרגאַניזירן, נאָר זיינען באַזיגט געוואָרן. אַ צווייטער סטרייק איז פאָרגעקומען אין 1904. דער שטאַט איז געקומען צו הילף ראָקפעלערן און די איבעריקע קוילן־מאַגנאַטן. די סטרייקער זיינען מיט גוואַלד דע־פּאָרטירט געוואָרן און איטאַליענער, סלאַוון און גריכן, נאָך גאָר גרינע, זיינען אימפּאָרטירט געוואָרן צו אַרבעטן.

אָבער אין 1913 זיינען אָט־די פריערדיקע אומבאַוואוסטזיניקע גרינע סטרייקברעכער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין מענטשן וואָס רייסן זיך אומ־געדולדיק צום קאַמף געגן זייערע עקספּלואַטאַטאָרן. די „יונייטעד מיין וואָירקערס" האָט געהאַט פאַר זיך אַ פרוכטבאַר פעלד פאַר טעטיקייט.

די ראקפעלערס זיינען ניט געשטאנען מיט לײדיקע הענט. אין 1913 האבן זייערע גענגסטערס דערשאסן אויף טויט א יוניאן־ארגאניזער. זיי זיינען געבליבן אומבאשטראפט. דער צארן צווישן די ארבעטער האט זיך צעוואקסן.

נאך א פארזוך אנצוהויבן פארהאנדלונגען מיט די קאמפאניעס איז דער סטרייק דערקלערט געווארן דעם 23סטן סעפטעמבער, 1913. נאענט צו עלף און א האלב טויזנט מיינערס זיינען ארויס אין סטרייק.

די קאמפאניעס האבן א מאנאט שפעטער ארויסגעטריבן די סטרייקער און זייערע פאמיליעס פון די הייזער. די ארבעטער זיינען געווען גרייט פאר דעם און באלד זיינען אויפגעשטעלט געווארן ביידלעך־קאלאניעס, וואו די סטרייקער האבן זיך באזעצט, ניט קוקנדיק אויף דעם שווערן ווינטער וואס הערשט אין די בערג אין קאלאראדא.

די ראקפעלערס האבן אימפארטירט די שלעגער פון דער באלדווין־פעלטס דעטעקטיוו־אגענטור, וואס האט זיך אויסגעצייכנט אין ברעכן דעם סטרייק פון די קוילן־גרעבער אין וועסט־ווירדזשיניע. די שלעגער זיינען באוואפנט געווארן מיט ביקסן און מיט געפאנצערטע אטאמאבילן — „טויט־ספעשעלס" האבן די סטרייקער א נאמען געגעבן די אטאמאבילן. זיי האבן נאכאנאנד טעראריזירט די סטרייקער אין די ביידל־קאלאניעס, אבער די סטרייקער האבן זיך ניט געלאזט ארויסזעצן און זייער מוט איז ניט געבראכן געווארן.

די דעטעקטיווס האבן געמאכט עטלעכע באוואפנטע אנפאלן אויף די ביידל־קאלאניעס און געטויטעט פינף סטרייקער און א סך פארוואונדעט. די סטרייקער האבן זיך גענומען באוואפענען צו זיין גרייט ארויסצואווייזן א געהעריקן ווידערשטאנד די געדונגענע מערדער.

## גאווערנאר נארט אויס געווער ביי סטרייקער

די קאמפאניעס האבן געזען אז זיי וועלן גארניט אויספירן, האבן זיי גערופן צו הילף דעם גאווערנאר. דעם 27סטן אקטאבער האט גאווערנאר אמאנס געהייסן די מיליץ צו פארנעמען דעם סטרייק־געגנט. די סטרייקער האבן געמיינט, אז זיי וועלן אויסגעלייזט פון די באנדיטן פון דער באלדווין־פעלטס אגענטור, האבן זיי אויפגענומען די סאלדאטן ווי פריינט און האבן אפגעגעבן זייערע וואפן, ווי דער גאווערנאר האט עס געפאדערט אין זיין פראקלאמאציע.

אין גיכן האָבן די סטרייקער דערזען זייער שרעקלעכן טעות. עס איז שוין אָבער געווען צו שפּעט. זיי זיינען געבליבן אנטוואָפנט און פולשטענדיק אויף דעם גנאָד פון דער מיליץ.

די קונץ פון דעם גאָווערנאָר איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ווען ביידע צדדים האָבן זיך אנטוואָפנט האָט זיין מיליציע־קאָמאַנדיר איינגעשוואוירן די מערדער ווי מיטגלידער פון דער מיליציע, אין דער צייט ווען די מיינער זיינען פארבליבן אנטוואָפנט.

די מיליציע האָט זיך געלאָזט וואוילגיין ווי עכט צעיושעטע פּאָגראָמ־שטשיקעס. סטרייקער און זייערע קינדער זיינען מערדערלעך צעשלאָגן גע־וואָרן און געוואָרפן געוואָרן אין טורמע. די פארפאָלגונגען זיינען געווען נאָר א פאָרשפּיל צו דער בלוטיקער אטאַקע אויף דערביידל־קאָלאָניע אין לודלאָו, מאָנטיק, דעם 20סטן אפּריל, 1914. ביינאַכט האָט די מיליציע ארומ־גערינגלט פון אַלע באַרג־זייטן די קאָלאָניע און אין דער פרי האָט זי אָנגעהויבן א פארניכטנדיקע שיסעריי אויף די מיידלעך און אויף די מענטשן אינעווייניק. שפּעטער, אין א שרעקלעכן טומל, האָט א גרופּע סאָל־דאַטן זיך צוגעגנבעט און אונטערגעצונדן די ביידלעך. יעדער איינער וואָס איז ארויסגעלאָפן פון פייער איז באַגעגנט געוואָרן מיט א האָגל פון קוילן. קינדער זיינען באַגאָסן געוואָרן מיט קעראָסין. טויטע זיינען באַרויבט געוואָרן. פאַר־וואונדעטע זיינען געשטאָכן געוואָרן מיט באַיאָנעטן.

## שחיטה האַלט אָן א גאַנצן טאָג

א גאַנצן טאָג האָט די שחיטה אָנגעהאַלטן. אפילו דאָקטוירים און באַרמהערציקע שוועסטער זיינען ניט צוגעלאָזט געוואָרן. די סאָלדאַטן האָבן זיך ווי סאַדיסטן איזדעקעוועט איבער די טויטע און פאַרוואונדעטע. 42 מענטשן, צווישן זיי א סך קינדער, זיינען אומגעקומען אין דער שחיטה. די נייעס האָט ארויסגערופן א מוראדיקן צאָרן אין קאָלאָראַדאָ. די יוניאָנס האָבן גערופן די ארבעטער זיך צו באַוואָפענען און קומען צו הילף די סטרייקער אין די קוילן־גרובן. אין ניו יאָרק האָבן א גרופּע ראַדיקאַלן, צווישן זיי עטלעכע גלחים, איינגעאָרדנט א פּיקעט־ליניע אין פראָנט פון 26 בראָדוויי, וואו די ראָקפעלער־פירמע געפינט זיך, צו פּראָטעסטירן געגן דער שחיטה.

באַוואָפנטע ארבעטער־גרופּעס האָבן זיך געשלאָגן מיט דער מיליציע אין דעם סטרייק־געגנט און עטלעכע צענדליק זיינען געהרגעט געוואָרן פון ביידע צדדים. פּרעזידענט ווילסאָן האָט אריינגעשיקט פעדעראַלע סאָלדאַטן. דער

סטרייק איז אָנגעגאַנגען ביז האַרבסט 1914. אין דעצעמבער איז ער צוריק־גערופן געוואָרן. ראַקפעלער איז אַרויסגעקומען מיט אַ בלומרשט־גראַנדיעזן פּלאַן פון „פאַרשטייערשאַפט" פון אַרבעטער אין דער פאַרוואַלטונג פון די קוילן־גרובן. די פאַרשטייערשאַפט איז געווען אַ דינער צוועק פאַר קאָמפּאַניע־יוניאָניזם.

גאָמפּערס געפינט אויס אַז ראָקפעלער איז אַ פיינער מענטש

אונטער דעם צאָרן פון גרויסע שיכטן פון דער באַפעלקערונג האָט ראַקפעלער, אויפן ראַט פון זיין פּרעסע־אַגענט, אייווי לי, אָנגעהייבן שיטן מיט גרויסע פילאַנטראָפּישע ביישטייערונגען. לי האָט איינגעאָרדנט אַן אונ־טעררעדונג צווישן ראַקפעלערן און גאָמפּערסן אין וואַשינגטאָן אויף אַ קאָנ־פערענץ. גאָמפּערס האָט געהאַט די חוצפּה צו דערקלערן נאָך דעם געשפּרעך, אַז ער האָט אויסגעפונען אַז ראַקפעלער איז אַ פיינער דזשענטלמען. די קברים פון ראַקפעלערס קרבנות זיינען נאָך ניט פאַרוואַקסן געווען מיט גראָז און דער הויפּט פון דער א. פ. אָוו ל. האָט זיך שוין געאיילט צו געבן זיין באַשטעטיקונג אויף ראַקפעלערס פיינקייט. דאָס איז געווען אַ פאָרשפּיל צו דער נאַציאָנאַלער איינִיקייט וואָס גאָמפּערס האָט געפּריידיקט אין דער מלחמה.

אין זעלבן יאָר איז פאָרגעקומען די קאָנגרעס־אונטערזוכונג איבער דער אינדוסטריעלער און סאָציאַלער לאַגע פון לאַנד (אינדאַסטריעל רילייישאַנס קאָמישאָן), וואָס איז געווען דער רעזולטאַט פון דער גרויסער אומרואיקייט אין דעם אַרבעטער־קלאַס. פרענק פּ. וואָלש איז געווען פאָרזיצער פון דער אונטערזוכונג־קאָמיסיע, פאַרשטייער פון אַרבעט און קאַפּיטאַל צוזאַמען מיט „אומפּאַרטייאישע" זיינען געווען פאַרטראָטן אין דער קאָמיסיע. גאָמפּערס איז געווען אַ מיטגליד. ווען דער יונגער ראַקפעלער איז אויסגעפרעגט געוואָרן איז גאָמפּערס געזעסן אַ שטומער. מיט קיין פראַגע האָט דער פאָרשטייער פון „אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט" ניט אויפגעדעקט די שחיטה פון לודלאָו און די שולדיקע אין דער שחיטה. פאַרקערט, ראַקפעלער איז אַרויסגעקומען פון דעם פאַרהער מיט ווייסע פליגלען פון אומשולד. ער האָט קריסטלעך־פרום נאָכאַנאַנד צוגעגעבן די רעכט פון די אַרבעטער צו זיין אָרגאַניזירט און צו קריגן דעם פולן ווערט פון זייער אַרבעט. די פּרעסע האָט אים באַזונגען פאַר זיין ברייטן בליק און הומאַניטאַרע געפילן.

צוויי־און־צוואַנציקסטער קאַפּיטל

# די אינדאַסטריעל וואָירקערס אָוו די וואָירלד (אײ. וו. וו.) 1905—1918

די פֿאַראייניקונג פֿון אַלע מיליטאַנטישע עלעמענטן. — צוועק צו שאַפֿן אַ נייע אַרבעטער-באַוועגונג. — דעבּ׳ס שטיצט דע-ליאָן געגן די אַנאַרכאָ-סינדיקאַליסטן. — די ערשטע פּראָגראַם פֿאַר פּאָליטישער אַקציע. — דע-ליאָנס פּלאַן פֿון אינדוסטריעלע יוניאָנס. — דער אַרויסטרעט פֿון די מיטגלידער פֿון דער ס. פּ. — אַנאַרכאָ-סינדיקאַליסטן ווערן שטאַרקער, ענדערן די פּראָגראַם. — די שפּאַלטונג אין דער וועסטערן פֿעדעריישאָן אָוו מיינערס און ביל הייוואוד. — דער גרויסער סטרייק פֿון טעקסטיל-אַרבעטער אין לאָורענס אין 1912. — א. פֿ. אָוו ל. פֿירער דערשרעקן זיך פֿאַר דעם נייעם קאָנקורענט. — פֿאַרוואָס די אײ. וו. וו. האָט פֿאַרלאָרן אין דער איסט. — וויליאַם ז. פֿאָסטער טרעט אַרויס פֿאַר אַרבעטן אין די א. פֿ. אָוו ל. יוניאָנס. — די גרויסע סטרייקס אין דער האָלץ-אינדוסטריע און פֿון די פֿאַרם-אַרבעטער אין 1916. — די גרויזאַמע פֿאַרפֿאָלגונגען אין די מלחמה-יאָרן. — דער גרויסער פּראָצעס אין שיקאַגאָ אין 1917. — די אײ. וו. וו. הערט אויף צו זיין אַ פֿאַקטאָר נאָך דער מלחמה. — די אורזאַכן פֿון דעם דורכפֿאַל.

די א. וו. וו. (אינדוסטריעל וואָרקערס אָוו די וואָרלד) איז באַשאַפֿן געוואָרן פֿון אַ פֿאַראייניקטן פֿראָנט פֿון אַלע רעוואָלוציאָנערע, מיליטאַנטישע כחות אין דער אַרבעטער־באַוועגונג. ביי דעם געבורט פֿון דער א. וו .וו. זיינען געשטאַנען יודזשין וו. דעבס פֿון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי; דעניעל דע־ליאָן פֿון דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי; וויליאַם הייוואוד, מיליטאַנטישער פֿירער פֿון דער וועסטערן פֿעדעריישאָן אָוו מיינערס, אויך אַ מיטגליד פֿון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, און אַ ריי אַנדערע באַקאַנטע נעמען אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

די א. וו. וו. איז געקומען אויף דער וועלט הויפּטזאַכלעך ווי דער אויסדרוק פֿון די אומאָרגאַניזירטע, האַלב און אינגאַנצן ניט־קוואַליפֿיצירטע אַרבעטער וואָס האָבן געזוכט אָרגאַניזאַציע און האָבן עס ניט געקענט געפֿינען

אין די רייען פון דער א. פ. אָוו ל. די טוער וואָס האָבן געלייגט דעם פונדאַמענט פאַר די א. וו. וו., האָבן עס געטאָן מיט דעם צוועק צו שאַפן אַן אינסטרומענט וואָס זאָל באַהילפיק זיין די אומאָרגאַניזירטע מאַסן. גלייכ־צייטיק האָבן זיי אויך געהאַט אין זינען צו שאַפן אַזאַ אַרבעטער־באַוועגונג, וואָס זאָל פירן דעם אַרבעטער־קלאַס אין קאַמף געגן דער קאַפּיטאַליסטישער הערשאַפט אַנשטאָט אַ קאָנסערוואַטיווע, אוממעכטיקע באַוועגונג געבויט אויף די שמאָלע פאַך־אינטערעסן פון איינצעלנע אַרבעטער־גרופּעס, וואָס איז פון די פירער פאַרוואַנדלט געוואָרן פּאָליטיש אין אַן עק פון דעם קאַפּיטאַ־ליסטישן קלאַס.

### קאַפּיטאַליסטן שאַפן ספּעציעלע אַנטי־יוניאָן אָרגאַניזאַציעס

אין לאַנד האָט דעמאָלט געבושעוועט דער אָנגריף פון די אָרגאַניזירטע אַרבעטגעבער אויף די יוניאָנס. נאָך אין 1900 האָט דזשאָן קירבי אָרגאַניזירט אַן אָפּען-שאָפּ אָרגאַניזאַציע פון אַרבעטגעבער אין דייטאָן, אָהייאָ און האָט באַוויזן צו פאַרטיליקן די יוניאָנס דאָרטן. פון דאָרטן האָט קירבי אויסגע־שפּרייט זיין אַנטי־יוניאָן טעטיקייט. צווישן 1901 און 1907 האָט ער באַ־שאַפן ענלעכע אָרגאַניזאַציעס אין עקראָן, קאָלומבוס, דעטראָיט, סט. לואיס, אינדיאַנאַפּאָליס און שיקאַגאָ. באַלד האָט ער אונטערנומען אַ באַוועגונג פאַר אַ נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע פון אָפּען-שאָפּ קאַפּיטאַליסטן.

קירבים פאַרזוכן צו פאַרניכטן די יוניאָנס האָט געקראָגן מעכטיקע שטיצע פון אַ צווייטן פּלאַץ. די „נעשאָנאַל אַסאָסיאיישאָן אָוו מאַנופעקטשו־רערס” (נאַציאָנאַלער פאַרבאַנד פון פאַבריקאַנטן), אָרגאַניזירט אין 1895 צו געווינען נייע מערק פאַר די אַמעריקאַנישע אינדוסטריעס, איז אין 1903 פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קערפּערשאַפט, וועמענס הויפּט־אויפגאַבע איז געווען צו באַקעמפן די אָרגאַניזירטע אַרבעטער. מיט די ליפּן האָט דער פאַרבאַנד צוגעגעבן דאָס רעכט פון די אַרבעטער צו זיין אָרגאַניזירט. אין דער ווירקלעכקייט, האָט ער געטריבן אַ טיכטיקע קאַמפּאַניע צו פאַר־טיליקן די יוניאָנס. דערביי זיינען באַנוצט געוואָרן סטראַשונקעס געגן איינ־צעלנע פאַבריקאַנטן וואָס האָבן ניט געוואָלט אָפּברעכן זייערע אָפּמאַכן מיט געוויסע יוניאָנס.

אין דער זעלבער צייט האָט אָפּערירט אַ דריטער פיינט פון די אָרגאַני־זירטע אַרבעטער, די „אַמעריקאַן אַנטי־בּאָיקאָט אַסאָסיאיישאָן”, אָרגאַניזירט אין 1902. דאָס איז געווען דער ענטפער פון די קאַפּיטאַליסטן אויף דעם

באַיקאָט וואָס די פאַראייניקטע היט-אַרבעטער יוניאָן האָט דערקלערט געגן די דענבורי הוט־פאַבריקאַנטן. די אַנטי־באַיקאָט אַסאָסיאיישאָן איז אויס־געוואקסן פון די קאַפּיטאַליסטן אין קאָנעטיקוט, זי האָט אַרויסגעשיקט פעלד־אָרגאַניזאַטאָרן אין אַלע טיילן פון לאַנד.

די דריי קאַפּיטאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס האָבן קאָנצענטרירט זייער טעטיקייט אין מיטל־מערב, וואו די אַרבעטער זיינען געווען פאַרוויקלט אין אַ שטאַרקער באַוועגונג זיך צו אָרגאַניזירן. די אינדוסטריעס אין מיטל־ און ווייטן מערב זיינען געווען נאָך יונג. די אָרטיקע קאַפּיטאַליסטן האָבן ניט געהאַט קיין חשק צו לאָזן די נייע יוניאָנס אויסוואַקסן און ווערן שטאַרק.

די דריי קאַפּיטאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס האָבן געוואוסט ווי אַזוי אויסצונוצן די צעפּוילטקייט וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אַריינרייסן צווישן די פירער פון אַ סך פאַך־יוניאָנס. יעדער גרעפּט־סקאַנדאַל אין אַ בוי־פאַך יוניאָן אין ניו יאָרק איז צעטראָגן געוואָרן איבערן לאַנד ווי אַ מוסטער פון קאָרופּציע וואָס הערשט אין די יוניאָנס. יעדע רעגולאַציע וואָס אַ פאַך־יוניאָן האָט אָנגענומען צו שטערן נייע מענטשן אַריינצוקומען אין פאַך און אין דער יוניאָן, איז צעפּויקט געוואָרן ווי אַ באַווייז פון דעם עגאָאיזם און זשעדנעקייט פון די יוניאָנס, וואָס טרעטן מיט די פיס די אינטערעסן פון די אַרבעטער וואָס באַלאַנגען ניט צו זיי.

אויסער די דריי נאַציאָנאַלע אַנטי-אַרבעטער אָרגאַניזאַציעס, זיינען די אָרגאַניזירטע אַרבעטער אויסגעשטאַנען אַטאַקעס אין איינצלנע אינדוס־טריעס. אין 1901 האָט די אָרגאַניזאַציע פון די קאַפּיטאַליסטן אין דער מאַשין־בוי אינדוסטריע אָפּגעבראָכן מיט דער מאַשיניסטן־יוניאָן. אין 1904 האָבן די קאַפּיטאַליסטן אָפּגעבראָכן מיט דער בריק־ און בוי־אייזן אַרבעטער יוניאָן.

אין 1907 האָט דער פאַרבאַנד פון די פאַבריקאַנטן באַשאַפן דעם „נעשאָנאַל קאונסיל פאָר אינדאַסטריעל דעפענס" (נאַציאָנאַל־ראַט פאַר אינ־דוסטריעלער פאַרטיידיקונג), צו באַקעמפן די יוניאָנס אויף דעם געזעצ־געבנדיקן פעלד.

### א. פ. אָוו ל. זוכט זיך אָנצושפאַרן אויף „פריינטלעכע" קאַפּיטאַליסטן

וואָס איז געווען דער ענטפער פון דער א. פ. אָוו ל. פירערשאַפט, וואָסער ליניע האָט זי אויסגעקליבן צו באַקעמפן די אַטאַקעס פון די אָרגאַניזירטע קאַפּיטאַליסטן? אַ ליניע פון אָנשפאַרן זיך אויף דעם זעלבן קאַפּיטאַליסטישן

קלאַס וואָס איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם אַנגריף געפירט פון די פאַברי־קאַנטן־אָרגאַניזאַציעס.

גאָמפּערס, מיטשעל פון דער מיינער יוניאָן, זיינען אַריין אין דער „נעשאָנאַל סיוויק פעדערייישאָן" אין 1904, אַן אָרגאַניזאַציע פון וואָל־סטריט קאַפּיטאַליסטן און באַנקירן, באַשפּריצט מיט אַ דינינקן שיכט פון ליבעראַלע גלחים און „סאָשעל וואָירקערס". זייער צוועק איז געווען צו שאַפן שטיצע פאַר די יוניאָנס צווישן געוויסע מעכטיקע קאַפּיטאַליסטישע גרופּעס. ווען אַ יוניאָן־פירערשאַפט איז באַנקראָט און קען ניט אַרויסרופן דעם שעפערישן ווידערשטאַנד פון די מאַסן, זוכט זי דורך שפּינוועב־מאַכינאַציעס צו קריגן פריינט צווישן די מער „אויפגעקלערטע", אָדער פילאַנטראָפּישע קאַפּיטאַליסטן. אומפאַרמיידלעך, ווערט זי פאַרפּלאָנטערט אין דעם שפּינ־וועבס און פאַרבלייבט געפאַנגען, פרייוויליק, ביי די קאַפּיטאַליסטן. דאָס איז געווען דער ריינער רעזולטאַט פון דער ענגער מיטאַרבעטערשאַפט צווישן דער א. פ. אָוו ל. און דער גרויס־קאַפּיטאַליסטישער „נעשאָנאַל סיוויק פעדע־ריישאָן". די סיוויק פעדערייישאָן האָט ניט געהאָלפן די אַרבעטער צו אָרגאַני־זירן איין אינדוסטריע, כאָטש די מערסטע מיטגלידער פון דער פעדערייישאָן זיינען געווען אָפּען־שאָפּ קאַפּיטאַליסטן. דערפאַר האָט די פעדערייישאָן גע־האָלפן צו טרייבן סטרייקער צוריק צו דער אַרבעט אָן די מינדעסטע געווינסן, ווי די נ.ר.א. און די פאַרשיידענע לייבאָר־באָארדס האָבן עס געטאָן 30 יאָר שפּעטער.

## גאָמפּערס אַנטזאָגט זיך צו רופן אַרבעטער־קאָנפערענץ

די א. פ. אָוו ל. פירער זיינען פאַרבליבן בלינד און טויב צו דער פאָדערונג פון די מיליטאַנטישע אַרבעטער צו ענדערן דעם געבוי, די מעטאָדן און דעם כאַראַקטער פון די יוניאָנס. אין שיקאַגאָ זיינען די אַרבעטער געווען דערצאָרנט צוליב די פאַרצוויגענע סטרייקס פון די טרייבער און די שלאַכט־הייזער אַרבעטער. גאָמפּערס האָט אַנטזאָגט די פאָדערונג אַז אַ קאָנפערענץ פון אַלע יוניאָנס זאָל איינבאַרופן ווערן אויסצואַרבעטן אַן איינהייטלעכן פּלאַן פאַר אַן אַרבעטער קאָנטער־אָפענסיווע. גאָמפּערס האָט מורא געהאַט, אַז די ראַדיקאַלן וועלן געווינען די אויבערהאַנט אויף אַזאַ צוזאַמענקונפט און זיי וועלן מאַכן אַ סוף צו זיין פריינטשאַפט מיט די אויגוסט בעלמאָנטס פון דער סיוויק פעדערייישאָן.

דער אַנגריף פון די אָרגאַניזירטע קאַפּיטאַליסטן האָט ניט אָפּגעשטעלט

די ביטערע יוריסדיקציע־שטרייטיקייטן צווישן די יוניאָנס פון דער א. פ. אָוו ל. די הויכע באַאַמטע פון די פאַך־יוניאָנס האָט ניט געקימערט די אַלגעמיינע לאַגע אין וועלכער דער אַרבעטער־קלאַס האָט זיך געפונען. זיי האָט געצויגן פאַר זייערע אייגענע „געשעפטן". ביטערע יוריסדיקציע־קאַמפן האָבן געפלאַקערט אין די בוי־פאַכן, צווישן דער א. פ. אָוו ל. און די ברויעריי-אַרבעטער און נאָך. גאָמפּערס אַליין האָט געמוזט אַרויסקומען מיט אַן אויסגעשריי אין אַ וואָרנונג געגן אָט־דער אינערלעכער קראַנקהייט. קיין מיטלען די קראַנקהייט אָפּצושטעלן האָט ער ניט אָנגענומען.*) דאָס זעלבע איז געווען מיט דער קאָרופּציע פון דער באַאַמטע אין אַ ריי יוניאָנס. די א. פ. אָוו ל. האָט אויף דעם צוזאַמענפאָר אין 1903 צוריקגעוויזן אַ רעזאָלוציע דורכצופירן אַן אונטערזוכונג וועגן קאָרופּציע צווישן די באַאַמטע פון געוויסע יוניאָנס, באַזונדערס אין די בוי־פאַכן.

דאָס איז געווען דער הינטערגרונט, וואָס האָט באַוועגט אַ גרופּע סאָציאַ־ליסטישע און רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער־טוער איינצובאַרופן אַן אינדוס־טריעלן קאָנגרעס, אין יוני 1905 אין שיקאַגאָ, צו לייגן דעם פונדאַמענט פאַר אַ נייער, רעוואָלוציאָנערער טרייד־יוניאָן באַוועגונג — די אינדאָסטריעל וואָירקערס אָוו די וואָירלד.

געאָגראַפיש איז די א. וו. וו. געווען אַ בריק צווישן די אָרגאַניזירטע אַרבעטער אין דעם ווייטן מערב — די וועסטערן פעדערייש אָן אָוו מיינערס — און די קלאַסנבאַוואוסטזיניקע אַרבעטער פון מזרח.

עס האָט לאַנג ניט גענומען און די א. וו. וו. האָט געצויגן געגן זיך דעם טיפן האַס פון די קאַפּיטאַליסטן, פריער אין דער ווייטער וועסט און נאָכדעם איבערן גאַנצן לאַנד. מען קען זאָגן, אַז מיטן אויסנאַם פון דער היסטערישער העצע וואָס די קאַפּיטאַליסטישע פּרעסע האָט באַשאַפן געגן די קאָמוניסטן אין צייט פון מיטשעל פּאַלמערס איבערפאַלן אין אָנהייב 1920, איז די א. וו. וו. געווען דער ציל־ברעט פון די ערגסטע העצערישע פאַר־לוימדונגען און פאַרפאָלגונגען אין דער גאַנצער געשיכטע פון דעם אַמעריקאַנישן אַרבעטער־קלאַס.

ניט געקוקט אויף דעם וואָס די א. וו. וו. איז קיינמאָל ניט דערגאַנגען צו אַ גרויסער מיטגלידערשאַפט, האָט זי שטאַרק באַאיינפלוסט די אַרבעטער־שאַפט. ניט געקוקט אויף די אינערלעכע רייבונגען און שפּאַלטונגען וואָס

---

*) מער וועגן די יוריסדיקציע-קאַמפן אין דעם קאַפּיטל א. פ. אָוו ל., טעאָריע און פּראַקטיק.

האָבן אַרונטערגעפירט די אָרגאַניזאַציע פון איר אָריגינעלער אויפגאַבע, האָט זי באַוויזן ווערן דער אָנפירנדיקער פאַקטאָר אין די אַרבעטער־קאַמפן פון אַ ריי שטאַטן אין צפון־מערב און מערב. ניט געקוקט אויף דעם, וואָס איר סאַמע גרינדונג איז געווען פונדאַמענטאַל דער זעלבער טעות ווי די גרינדונג פון דער „סאָשעליסט טרייד ענד לייבאָר אַליִענס", האָט די א. וו. וו. אַרויסגערופן פון די טיפּענישן פון די סאַמע אָפּגעשטאַנענסטע און אונטער־דריקטסטע אַרבעטער־שיכטן אַן אומדערשעפּלעכן קוואַל פון מיליטאַנטישקייט, סאָלידאַריטעט און באַגייסטערונג. איר שפּעטערדיקע פאַרגליווערטקייט דאַרף צוגעשריבן ווערן צו דער שעדלעכער פּאָליטיק געפירט פון די אַנאַרכאָ־סינדיקאַליסטן.

דער באַשריינקטער פּלאַץ פון דער געשיכטע גיט אונז ניט די מעגלעכקייט זיך אָפּצושטעלן גענוי אויף דער אַנטוויקלונג און דעם אונטערגאַנג פון דער באַוועגונג וואָס די א. וו. וו. האָט פאַרטראָטן. מיר מוזן זיך באַנוגענען נאָר מיט אַ פאַרקירצטער אָפּשאַצונג פון איר טעטיקייט און ראָל אין דעם אַרבעטער-קלאַס.

## די ערשטע שטרייטיקייטן אַרום פּאָליטישן קאַמף

די א. וו. וו. האָט אייגנטלעך ניט אויסגעטראָטן קיין נייעם אָדער אָריגינעלן וועג אין דעם אַרבעטער־קלאַס. אירע גרינדער האָבן געהאַט פאַר זיך די ערשטע צוויי באַוועגונגען וועלכע, אין גרונט גענומען, האָבן פאַרמאָגט דעם זעלבן ציל. די אָריגינעלע עלטערן פון דעם אינדוסטריעלן יוניאָניזם זיינען געווען די „נייטס אָוו לייבאָר", כאָטש די פירער האָבן עס גאָרניט געהאַט פאַר זייער צוועק. די „נייטס אָוו לייבאָר" זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קאַנאַל, אין וועלכן עס האָט זיך געצויגן די אומצופרידנקייט פון די מאַסן מיט זייער לאַגע, זייער באַגער די לאַגע צו ענדערן און זייער גרייטקייט די ענדערונג צו פאַרווירקלעכן.

שפּעטער איז געקומען דעניעל דע־ליאָנס טרייד־יוניאָן צענטער, וואָס האָט זיך שוין געשטעלט די אויפגאַבע באַוואוסטזיניק. די וועלכע זיינען געשטאַנען אַרום דעם וויגעלע פון דער א. וו. וו., זיינען אויך געווען באַוואוסט־זיניקע מענטשן. זיי האָבן אָבער באַלאַנגט צו פאַרשיידענע ריכטונגען אין דעם אַרבעטער־קלאַס. ביים אָנהייב זיינען אַלע געווען אייניק אַז די נייע באַוועגונג דאַרף זיין געבויט אויף דער באַזע פון אינדוסטריעס, דורכ־געדרונגען מיט דעם גייסט פון קלאַסן־קאַמף און קלאַסן־סאָלידאַריטעט און

האָבן פאַר איר ענד־ציל די אָפּשאַפונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג דורך אַן עקאָנאָמישן און פּאָליטישן קאַמף. די אינערלעכע שטרייטיקייטן האָבן זיך צעפלאַקערט אַרום דער אויפפאַסונג פון די מעטאָדן, שפּעטער זיינען די שטרייטיקייטן געוואָרן פונדאַמענטאַלער.

נאָך איידער די א. וו. וו. איז געבוירן געוואָרן האָבן די פירער פון דער מערב־פעדעראַציע געמאַכט אַ פאַרזוך צו שאַפן אַזאַ אַלגעמיינע אָרגאַניזאַציע און זי אַ נאָמען געגעבן די „אַמעריקאַן לייבאָר יוניאָן". די „אַמעריקאַן לייבאָר יוניאָן" איז געבליבן אין די גרענעצן פון די עטלעכע צפון־מערב שטאַטן. זי איז ניט געוואַקסן. דאָס האָט באַוועגט די פירער פון דער מערב־פעדעראַציע מיט ביל הייוואוד, מאָיער און פּעטיבאָן אין דער שפּיץ צו זוכן אַ פאַר־בינדונג מיט קלאַסנבאַוואוסטזיניקע עלעמענטן פון די מזרח־שטאַטן און צו־זאַמען אויפשטעלן אַט־די נייע באַוועגונג, וואָס זאָל אָפּקירעווען די אַרבעטער פון דעם שעדלעכן וועג אויסגעלייגט פון דעם גאָמפּערסיזם.

פריער, אין 1904, איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין שיקאַגאָ אַ באַראַטונג פון איינצלנע איינגעלאַדענע טוער. אַ יאָר שפּעטער, יוני 1905, איז אין דער זעלבער שטאָט פאַרגעקומען דער גרינדונג־צוזאַמענפאָר. דעבס, הייוואוד, דע־ליאָן, א. מ. סיימאָנס, אויך פון דער ס. ל. פּ., טראַוטמאַן פון די ביר־אַרבעטער, דער „פאָטער" העגארטי, אַ קאַטוילישער גלח און אַנדערע טוער זיינען דאָרטן געווען.

אויף דעם ערשטן צוזאַמענפאָר איז שוין אויסגעבראָכן אַ היציקע און לאַנגע דיסקוסיע וועגן אַן אויסדרוק אין דעם פאָרוואָרט צו דער קאָנסטיטוציע וואָס האָט גערעדט וועגן פּאָליטישן קאַמף ווי אַ טייל פון דעם אַרבעטער־קאַמף פאַר ענדגילטיקער באַפרייאונג פון אַרבעטער־קלאַס.

דער פאָרוואָרט האָט זיך טיילווייז געלייענט:

„דער אַרבעטער־קלאַס און דער קלאַס אַרבעטגעבער האָבן גאָרניט געמיינ־זאַמעס צווישן זיך. עס קען ניט זיין קיין פרידן אַזוי לאַנג ווי הונגער און נויט הערשט צווישן מיליאָנען אַרבעטער און דער געצייילטער, דער אַרבעט־געבער־קלאַס האָט אַלע גוטע זאַכן פון לעבן.

„צווישן די צוויי קלאַסן מוז אָנגיין אַ קאַמף ביז וואַנען אַלע האָרעפּאַש־ניקעס וועלן זיך אָרגאַניזירן אויף דעם פּאָליטישן און אויף דעם אינ־דוסטריעלן פעלד און וועלן צונעמען און האַלטן וואָס זיי פּראָדוצירן דורך אַן עקאָנאָמישער אָרגאַניזאַציע פון דעם אַרבעטער־קלאַס אָן פאַרבינדונגען מיט וועלכער עס איז פּאָליטישער פּאַרטיי.

„די שנעלע קאָנצענטראַציע פון רייכטום און פון דער אינדוסטריעלער פאַרוואַלטונג אין אַלץ ווייניקער און ווייניקער הענט מאַכט אַז די טרייד־

יוניאָנס זאָלן ניט קענען קאָנקורירן מיט דעם אַלץ-וואַקסנדיקן כח פון דעם אַרבעטגעבער-קלאַס, ווייל די טרייד-יוניאָנס שטיצן אַ לאַגע אין וועלכער איין טייל אַרבעטער ווערט אָנגעשטעלט געגן אַ צווייטן טייל אין דער זעלבער אינדוסטריע. דערמיט העלפן זיי אַז אַלע טיילן זאָלן פאַרלירן אין די לוין-מלחמות. די טרייד-יוניאָנס העלפן די קאַפּיטאַליסטן צו פאַרפירן די אַרבעטער אין דעם גלויבן אַז זיי פאַרמאָגן געמיינשאַפטלעכע אינטערעסן מיט זייערע אַרבעטגעבער.

„אַט-די טרויעריקע באַדינגונגען קענען געענדערט ווערן און די אינטערעסן פון דעם אַרבעטער-קלאַס קענען פאַרטיידיקט ווערן נאָר דורך אַן אָרגאַניזאַציע וועמענס מיטגלידער אין איין אינדוסטריע אָדער אין אַלע אינדוסטריעס וועלן, אויב נויטיק, אָפּשטעלן די אַרבעט ווען אַ סטרייק אָדער לאָקאַוט ברעכט אויס אין איין טייל. דערמיט וועט אַ קלאַפּ געגן איינעם ווערן אַ קלאַפּ געגן אַלעמען.”

## די ענדערונג וואָס די אַנאַרכיסטן ברענגען אַריין

אַרום דעם אויסדרוק „אַן פאַרבינדונגען מיט וועלכער עס איז פּאָליטישער פּאַרטיי” האָט זיך אַנטוויקלט אַ היציקע דעבאַטע. דע־ליאָן האָט געבראַכט דעלעגאַטן פון אַלע אָפּטיילונגען פון זיין אַלייענס, מערסטע פון זיי אָפּטיילונגען אויפן פּאַפּיר. די סאָציאַליסטישע עלעמענטן זיינען אויך געווען גוט פאַרטראָטן. דער אויסדרוק איז געווען אַ קאָמפּראָמיס. אויף שפּעטערדיקע צוזאַמענפאָרן, ווען די אַנאַרכאָ־סינדיקאַליסטישע גרופּעס האָבן געקראָגן די אייבערהאַנט, צוליב וואָס די מיטגלידער פון דער ס. פּ. האָבן פאַרלאָזן די א. וו. וו., איז דער גאַנצער פאָרוואָרט איבערגעשריבן געוואָרן. דער אויסדרוק „פּאָליטישער קאַמף” איז אַרויסגענומען געוואָרן. אַן אויסגעשפּראָכענער סינדיקאַליסטישער געדאַנק איז אַריינגעפירט געוואָרן אינם לעצטן פּאַראַגראַף, וואָס לייענט זיך:

„די היסטאָרישע אויפגאַבע פון דעם אַרבעטער-קלאַס איז אָפּצושאַפן קאַפּיטאַליזם. די אַרמיי פון פּראָדוקציע דאַרף אָרגאַניזירט ווערן ניט בלויז פאַר טאָג-טעגלעכע קאַמפן מיט די קאַפּיטאַליסטן, נאָר אויך אָנצופירן מיט דער פּראָדוקציע ווען קאַפּיטאַליזם וועט פאַלן. שאַפנדיק די אָרגאַניזאַציע אויף אַן אינדוסטריעלן באַזיס בויען מיר די געביידע פון דער נייער געזעלשאַפט אין די ראַמען פון דער אַלטער.”

דאָס איז די פילאָזאָפיע פון די פראַנצויזישע און שפּאַנישע סינדיקאַליסטן וואָס האָבן געלייקנט די נויטווענדיקייט פון אַ פּאָליטישן קאַמף צו פאַרכאַפּן די קאַפּיטאַליסטישע מלוכה און אויפשטעלן אויף איר אָרט די

פראָלעטאַרישע דיקטאַטור ווי אַ פּאַרבאַדינג צו בויען סאָציאַליזם. די סינדי־קאַליסטן האָבן געגלויבט אַז דורך אַ ריי סטרייקס וואָס וועלן אַריבערגיין אין דעם „סאָציאַלן סטרייק", וועלן די אַרבעטער געווינען די מאַכט, פאַר־ניכטן די קאַפּיטאַליסטישע מלוכה און איבערלאָזן צו די יוניאָנס, דע־צענטראַליזירטערהייט, די אויפגאַבע צו שאַפן די סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט.

## די לאָזונג פון „איין יוניאָן" און איר באַדייטונג

די א. וו. וו. איז דעריבער פון סאַמע אָנהייב ניט באַשטאַנען פון אַן אידעאָלאָגיש-איינהייטלעכן עלעמענט. די אָנהענגער פון פּאָליטישן קאַמף זיינען געווען געגן די אָנהענגער פון דירעקטער אַקציע און סאַבאָטאַזש — און דאָס זעלבע פאַרקערט. די מיטגלידער פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי האָבן ניט געטרויט צופיל דע־ליאָנען מיט זיין נויגונג צו פאַרכאַפּן די נייע אָרגאַניזאַציע — כאָטש דע־ליאָן און סיימאָנס האָבן קאַטעגאָריש געלייקנט יעדע נויגונג פון דעם סאָרט.

די א. וו. וו. האָט אַרויסגעשטעלט די לאָזונג פון איין יוניאָן. די „איין יוניאָן" האָט ניט געמיינט, ווי גאָמפּערס האָט געזוכט איינצושרעקן די אַר־בעטער, צו וואַרפן אַלע פאַכן אין איין יוניאָן־קעסל. דער ערשטער צוזאַמענ־פאָר פון דער א. וו. וו. האָט אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן פון אינדוסטריעלער אָרגאַניזאַציע. די אינדוסטריעס זיינען צעטיילט געוואָרן אין דרייצן דיוויזיעס, ווי: מינעראַלן, וואָס נעמען אַריין קוילן, אָיל, קופּער, אייזן, א. אַז. וו.; שפּייז, וואָס נעמט אַריין אַלע אינדוסטריעס וואָס האָבן צו טאָן מיט שפּייז, פון די פאַרם-אַרבעטער ביז די שלאַכט־הייזער אַרבעטער, און אַזוי ווייטער. די באַזע איז געווען אַ ביסל צו ברייט, אָבער ניט דאָ איז געלעגן דער הויפּט־פעלער. די דרייצן דיוויזיעס האָבן געקענט אויסגעברייטערט ווערן אויף דריי־און־צוואַנציק דיוויזיעס. דער פּלאַן גופא איז געווען אַ ריכטיקער. גע־מישטע יוניאָנס האָבן געזאָלט געשאַפן ווערן נאָר דאָרטן, וואו עס זיינען ניטאָ גענוג מיטגלידער פון אָנהייב צו אָרגאַניזירן באַזונדערע יוניאָנס. יעדע אינדוסטריעלע דיוויזיע האָט באַדאַרפט אָפּהאַלטן איר אייגענעם צוזאַמענ־פאָר און אָרגאַניזירן אירע אָפּטיילונגען. אין יעדער שטאָט ווערן באַשאַפן דיסטריקט־אַסעמבלים ווי צענטראַלע שטאָטישע קערפּערשאַפטן. די גענעראַל־פאַרוואַלטונג פון דער גאַנצער אָרגאַניזאַציע האָט געקראָגן אַ סך פולמאַכט צו קענען קומען צו הילף די איינציקע דיוויזיעס, אַרויסרופן סימפּאַטיע־סטרייקס און דאָס גלייכן.

די א. וו. וו. איז פון אָנהייב נאָך ניט געוואָרן די אָרגאַניזאַציע פון די

אומקוואַליפיצירטע אָדער אַרומוואַנדערנדיקע אַרבעטער, ווי שפּעטער. פאַר־קערט, ביי איר גרינדונג זיינען געווען פאַרטראָטן די מערב־פעדעראַציע פון מיינערס מיט אירע 27,000 מיטגלידער, אַ ריי לאָקאַלן פון דער א. פ. אָוו ל. און אַ גרעסערע צאָל אָפּאָזיציע־גרופּעס און קלובן אין די קוואַליפיצירטע פאַכן, ווי בוי־אַרבעטער, באַן-אַרבעטער (דעבסעס גרופּע), קליידער־אַרבעטער, ביר־ברויער און נאָך. אַלע אומצופרידענע מיט דער רעאַקציאָנערער פּאָליטיק און שמאָלן געבוי פון דער א. פ. אָוו ל. אין די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע האָבן זיך געזאַמלט אַרום דער נייער באַוועגונג. די א. וו. וו. האָט דעמאָלט געציילט זעכציק טויזנט מיטגלידער. איר פירערשאַפט איז אין גרונט גענומען געווען אַ סאָציאַליסטישע.

אַ פּאָר יאָר שפּעטער האָט זיך די לאַגע שאַרף געביטן. אין דער „וועסטערן פעדערייִשאָן אָוו מיינערס" איז פאָרגעקומען אַ שפּאַלטונג. מאָיער, פּעטיבאָן און זייערע פריינט האָבן גענומען פירן אַ קאָמפּראָמיס־פּאָליטיק מיט דער אַנאַקאָנדאַ קופּער־קאָמפּאַניע, וואָס האָט באַהערשט די קופּער־פּראָדוקציע. מאָיער, פּרעזידענט פון דער יוניאָן און מיטגליד פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, איז נאָך זיין פּראָצעס געוואָרן קאָנסערוואַטיוו און האָט איבערגענומען די טאַקטיק און די מעטאָדן פון אַ „באָנאַפייד" יוניאָן־פירער. נאָך אַ סטרייק אין ביוט, מאָנטאַנאַ, האָט מאָיער איבערגעלאָזט פיר הונדערט פון די סאַמע אַקטיווע סטרייקער, מיטגלידער פון אַ פינלענדישן סאָציאַליסטישן קלוב, אויף הפקר, נאָכגעבנדיק דעם פאַרלאַנג פון דער קאָמ־פּאַניע וואָס האָט זיך אַנטזאַגט צוריק אָנשטעלן זיי צו דער אַרבעט.

ביוט איז געווען אַ פעסטונג פון דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטערשאַפט. די אַרבעטער האָבן אויסגעקליבן אַ סאָציאַליסט, לואיס דזש. דאָנקאַן, פאַר דעם מעיאָר. דאָנקאַן און די אָרטיקע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע האָבן געשטיצט די פינלענדישע אַרבעטער געגן מאָיערס פאַרראַט. עס איז דער־גאַנגען דערצו, אַז מאָיער איז אַרויסגעטריבן געוואָרן פון ביוט, פון אַ דער־צאָרנטער 5,000־קעפּיקער אַרבעטער-מאַסע.

מאָיער האָט דעמאָלט אַרויסגעצויגן די מערב־פעדעראַציע פון דער א. וו. וו. דער שריט האָט פאַראורזאַכט אַ שפּאַלטונג אין די רייען פון דער מעטאַל־מיינער יוניאָן. די קופּער־גרעבער אין ביוט זיינען ניט מיטגעגאַנגען מיט מאָיערן און, אָנגעפירט פון ביל הייוואוד*), זיינען זיי פאַרבליבן אין דער

*) ביל הייוואוד איז געבוירן געוואָרן אין סאָלט לייק סיטי, יוטאַ, אין 1869, דער זון פון אַ מעטאַל-מיינער. יונגערהייט איז ביל געגאַנגען אַרבעטן אין אַ מעטאַל-

א. וו. וו. מאָיער און זיינע פריינט האָבן שפּעטער אַריינגעפירט די מערב־פעדעראַציע אין דער א. פ. אָוו ל. זי איז שוין דעמאָלט געווען אַ קליינינקע און פאַרטריקנטע אָרגאַניזאַציע פון אַרום דריי טויזנט מיטגלידער.

די שפּאַלטונג אין דער מערב־פעדעראַציע מיט מאָיערס שטעלונג געגן קלאַסנקאַמף־מעטאָדן און דער אַרויסטרעט פון דעבסן און זיינע אָנהענגער אַ יאָר שפּעטער, אין 1908, אונטער דעם דרוק פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, איז אָן צווייפל פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם וואָס די אַנאַרכיסטישע עלעמענטן האָבן געוואונען די אויבערהאַנט אין דער א. וו. וו.

גאָמפּערס און די א. פ. אָוו ל. פירער האָבן אויפגענומען די גרינדונג פון דער א. וו. וו. מיט ציין־קריצעניש. גאָמפּערס האָט גערונערט געגן דער א. וו. וו. און אָנגערופן אירע גרינדער שפּאַלטער און ברעכער. די א. פ. אָוו ל. ביוראָקראַטיע האָט זיך שטאַרק געשראָקן פאַר דער א. וו. וו. באַזונדערס נאָך דעם טעקסטיל־סטרייק אין לאָורענס, מאַס., אין 1912. דער סטרייק איז געווען אַ גרויסער און הערלאָישער פאַרזוך צו אָרגאַניזירן איינע פון די גרעסטע און וויכטיקסטע אינדוסטריעס וואָס איז געווען אינגאַנצן אומ־אָרגאַניזירט. די א. פ. אָוו ל. האָט אויך גענומען רעדן פון אַ קאַמפּאַניע צו אָרגאַניזירן די אומאָרגאַניזירטע און האָט אַפילו אָנגענומען רעזאָלוציעס אַזאַ קאַמפּאַניע דורכצופירן. די שוואַכקייט פון דער א. וו. וו. נאָך דעם סטרייק אין לאָורענס און די פאַרפאָלגונגען געגן די סטרייק־פירער האָבן איבערציינגט די א. פ. אָוו ל. ביוראָקראַטן אַז זייער שרעק פאַר דעם נייעם

---

גרוב. שפּעטער האָט ער זיך דערשלאָגן צו לערנען אין דער קאָלאָראַדאָ־שול פון מעטאַל־אינזשעניִרינג. אין 1896 האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אין דער „וועסטערן פעדערייִשאָן אָוו מיינערס" און אין 1901 איז ער געוואָרן דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער פעדעראַציע. הייוואוד איז געווען אַן אָנפירנדיקער מיטגליד פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי ביז 1913, ווען ער איז אויסגעשלאָסן געוואָרן פון דעם צענטראַל־קאָמיטעט צוליב זיינע סינדיקאַליסטישע נטיגונגען. אין 1912, אויף דעם סאָציאַליסטישן צוזאַמענפאָר, האָט הייוואוד געפירט דעם קאַמף פאַר אַ מיליטאַנטישער פּאָליטיק פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אין באַצוג צו די יוניאָנס. הייוואוד איז ניט געווען קיין מאַרקסיסט. ביי אים אין געדאַנק האָט זיך געפּלאָנטערט סינדיקאַליסטישע דירעקטע אַקציע צוזאַמען מיט אַ רעוואָלוציאָנערן פּאָליטישן קאַמף. הייוואוד האָט פאַרמאָגט אַ סך מוט, קאַמף־גייסט און אָרגאַניזאַציע־פיִאיקייט. נאָכדעם ווי ער איז אַרויס אויף בייל נאָך זיין אורטייל פון 20 יאָר טורמע אין 1918 אין שיקאַגאָ, האָט ער פאַרלאָזט די פאַראייניקטע שטאַטן און זיך באַזעצט אין סאָוועטן־פאַרבאַנד. הייוואוד האָט אין מאָסקווע אָנגעשריבן זיין אויטאָביאָגראַפיע. ער איז געשטאָרבן אין 1928.

קאָנקורענט איז שטאַרק איבערגעטריבן, זיינען זיי געבליבן טריי דער אַלטער פּאָליטיק.



דער פּראָצעס געגן הייוואוד, מאָיער און פּעטיבאָן

צום ערשטן מאָל איז די א. וו. וו. געוואָרן דער צענטער פון אויפ־מערקזאַמקייט, ווען די דריי פירער פון דער מערב־פעדעראַציע, טשאַרלס מאָיער, וויליאַם הייוואוד און פּעטיבאָן, אַלע דריי אָנפירער אין דער א. וו. וו., זיינען אָנגעקלאָגט געוואָרן אין מאָרד. דער גאַנצער שרייענדיקער, אומגעזעצ־לעכער אופן פון דער קלאַגע האָט אַרויסגערופן דעם צאָרן פון אַלע אַרבעטער.

מאָיער, הייוואוד און פּעטיבאָן זיינען געכאַפּט געוואָרן לעבן דעם לאָקאַל פון דער מערב־פעדעראַציע אין דענווער און אַוועקגעשלעפּט געוואָרן אין איידאַהאָ, געמשפּט צו ווערן פאַר דעם מאָרד פון דעם געוועזענעם גאָווערנאָר סטונבערג. לויט דעם געזעץ קען קיינער ניט אַרעסטירט ווערן אין איין שטאַט און געשטעלט ווערן צום געריכט אין אַ צווייטן שטאַט, סיידן דער גאָווערנאָר פון דעם ערשטן שטאַט גיט זיין צושטימונג אַרויסצופירן דעם אַרעסטירטן. מיט די דריי מיליטאַנטישע אַרבעטער-פירער האָבן די פּאָליציי און דער גאָווערנאָר פון איידאַהאָ זיך ניט צערעמאָניעט. די רעגירונג פון קאָלאָראַדאָ האָט זיך אויך ניט געמאַכט וויסנדיק.

פאַר די אַרבעטער איז קלאָר געוואָרן, אַז די פּאָליציי, געשטופּט פון די קאַפּיטאַליסטן, וויל שיקן אויף דער תליה די פירער פון דער מערב־פעדע־ראַציע, וואָס האָט אָרגאַניזירט די מעטאַל־גרעבער אין יענע שטאַטן. קיין

באוויזן אז די ארעסטירטע זיינען שולדיק אדער פאראנטוואָרטלעך אין דעם מאָרד האָט די פּאָליציי ניט געהאַט, נאָר איין עדות, איינער אַ הערי אָטשאַרד, וועלכער האָט זיך מודה געווען אַז ער איז באַגאַנגען וויניקסטנס צוואַנציק מאָרדן, אויסער אַ ריי קלענערע פאַרברעכנס. אָט־דעם פּראָפעסיאָנעלן מערדער האָט דער שטאַט אַרויסגעשטעלט ווי אַן עדות געגן מאָיער, הייוואוד און פּעטיבאָן.

צו שאַפן שטימונג פאַר דעם אונטערוועלט־העלד האָט די פּרעסע אויס־געטראַכט אַ געשיכטע, אַז אָטשאַרד איז אין טורמע באַקערט געוואָרן צו רעליגיע און איז געוואָרן גאָר אַן אַנדער מענטש. דער גאָווערנאָר פון איידאַהאָ און די בכבודיקע בירגער האָבן אים באַזוכט אין טורמע און די גלחים האָבן באַשטעטיקט אַז דער מענטש האָט זיך איינגאַנצן געביטן, ער איז קריסטלעך פרום און מען קען אים גלויבן.

דער פּראָצעס האָט זיך אָנגעהייבן דעם ניינטן מאַי, 1907 און האָט געדויערט 84 טעג. די קאַפּיטאַליסטישע פּרעסע האָט, ווי געוויינלעך אין אַ פאַרשווערונג געגן אַרבעטער־פירער, געפאָדערט זייערע קעפּ, אָבער די גאַנצע באַשולדיקונג איז געווען געבויט אויף שטרוי, אָן די מינדעסטע באַוויזן. (שפּעטער האָט אַ קרימינעלער אַרעסטאַנט זיך מודה געווען אין מאָרד פון געוועזענעם גאָווערנאָר.)

די אָנקלאַגע האָט געזען אַז מיט דעם דעגענעראַט אָטשאַרד וועט זי ווייט ניט פאַרפאָרן, האָט זי אָנגעשטעלט אירע אַטאַקעס אויף דער טעטיקייט פון דער מערב־פעדעראַציע און דער א. וו. וו., וואָס זוכן אומצוברענגען די קאָנסטיטוציע פון לאַנד. דער קלאַסן־אונטערשלאַג פון דער גאַנצער פאַר־שווערונג האָט געריסן די אויגן. אַ גרויסע פּראָטעסט־באַוועגונג האָט זיך אויפגעהייבן צווישן די אַרבעטער. עלף טויזנט דאָלאַר זיינען געזאַמלט גע־וואָרן פאַר דער פאַרטיידיקונג פון די אָנגעקלאָגטע. אַ סך פּראָטעסט־פאַר־זאַמלונגען זיינען אָפּגעהאַלטן געוואָרן. אַ סך א. פ. אָוו ל. אַרבעטער האָבן אָנטיילגענומען אין די פּראָטעסטן. אונטער דעם דרוק פון אַן אויפגעפלאַמטער אַרבעטער־עפנטלעכקייט האָט דער געריכט געמוזט אַרויסטראָגן אַן אורטייל פון ניט שולדיק און די דריי פירער זיינען באַפרייט געוואָרן. דער אָנקלאָגער געגן זיי איז געווען דער איצטיקער סענאַטאָר באָראַ. ער איז געווען יונגערהייט דער דיסטריקט־אַטוירני אין יענער קאָונטי אין איידאַהאָ. דער פאַרטיידיקער איז געווען קלאַרענס דאַראָו. דער פּראָצעס געגן מאָיער, הייוואוד און פּעטי־באָן האָט אייגנטלעך אַרויסגערוקט באָראַן צום פּאָליטישן פאָדערגרונט.

די א. וו. וו. און די מערב־פעדעראַציע האָבן געפירט גרויסע סטרייקס

אין די גאָלד־גרובן פון נעוואדא אין 1907. די גאָלד־קאָמפּאַניעס האָבן געזאַמלט אַ גרויסן פאָנד צו פאַרניכטן די א. וו. וו. דער גאָווערנאָר פון דעם קליינעם שטאַט האָט זיך געווענדעט צום פּרעזידענט נאָך פעדעראַלע סאָלדאַטן און דער פּרעזידענט האָט די סאָלדאַטן געשיקט. די באַאמטע פון דער א. פ. אָוו ל., אין שרעק אַז די א. וו. וו. וועט ווערן צו שטאַרק, האָבן געאַרבעט צוזאַמען מיט די קאַפּיטאַליסטן געגן דעם סטרייק, פּונקט ווי זיי האָבן שפּעטער געזוכט צו ברעכן דעם סטרייק אין לאָורענס. נאָך אַ ריי בלוטיקע צוזאַמענשטויסן איז דער סטרייק געוואונען געוואָרן.

דער זיג פון לאָורענס הייבט פּרעסטיזש פון א. וו. וו.

אַ צווייטן סטרייק האָט די א. וו. וו. געפירט פון שטאָל־אַרבעטער אין מעקים ראָקס, פּענסילווייניע. אויך דאָרטן האָבן די קאַפּיטאַליסטן אָנגעווענדט אַלע מיטלען צו באַזיגן די א. וו. וו. אַרום זעקס טויזנט שטאָל־אַרבעטער האָבן אָנטיילגענומען אין סטרייק. נאָך צוויי מאָנאַטן האָבן די אַרבעטער געוואונען אַ טייל פון זייערע פאָדערונגען.

דער סטרייק וואָס האָט פאַרצייכנט אַ נייעם ווענדונג־פּונקט אין דער געשיכטע פון אַ גאַנצער אינדוסטריע איז דער גענעראַל־סטרייק פון די טעקסטיל־אַרבעטער אין לאָורענס, אין 1912. די א. וו. וו. האָט נאָר וואָס אָנגעהויבן אַרבעטן דאָרטן און האָט פאַרמאָגט אינגאַנצן אַ טויזנט מיט־גלידער. די לאַגע איז אָבער רייף געווען פאַר אַ קאַמף. די אַרבעטער האָבן זיך גלענצנד אָפּגערופן. גלייך פון אָנהייב, דעם עלפטן מערץ, זיינען פערצן טויזנט טעקסטיל־אַרבעטער אַרונטער אין סטרייק. אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט זייער צאָל דערגרייכט דריי־און־צוואַנציק טויזנט. דער סטרייק איז פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אַז אמתן גענעראַל־סטרייק פון דער גאַנצער אינ־דוסטריע אין דעם וויכטיקסטן טעקסטיל־צענטער. די פּאָר טויזנט הויך־קוואַליפיצירטע אַרבעטער וואָס האָבן באַלאַנגט צו א. פ. אָוו ל. יוניאָנס זיינען אויך צוגעשטאַנען צום סטרייק.

די טעקסטיל־מאַגנאַטן, איינזעענדיק אַז די א. וו. וו. מאַכט אַ סוף צו דער אומאָרגאַניזירטקייט פון זייער גרויסער אינדוסטריע, האָבן באַשלאָסן צו דערלאַנגען די א. וו. וו. אַ פאַרניכטנדיקן קלאַפּ. הונדערטער פּראָפּעסיאָ־נעלע שלעגער זיינען אימפּאָרטירט געוואָרן און איינגעשוואוירן געוואָרן פאַר דעפּיוטי־שעריפס. שפּיאָנען און פּראָוואָקאַטאָרן האָבן פּראָוואָצירט צו גוואַלד־טאַטן. די רייכע מענטשן פון שטאָט האָבן זיך אָרגאַניזירט אין אַ קאָמיטע

אויפצוהאַלטן אָרדענונג. דאָס האָט געמיינט מיט טעראָר און גוואַלדטאַט אַרויסצוטרייבן די סטרייק־פּירער פון שטאָט.

דער פינאַל איז געקומען ווען די פּאָליציי האָט „געפונען" אין דריי באַזונדערע פּלעצער 26 שטעקנס אָנגעפּילט מיט דינאַמיט. דער דינאַמיט איז געפונען געוואָרן גראַד איידער ער האָט באַדאַרפט אויפרייסן.

דער דינאַמיט איז געווען דער סיגנאַל פאַר א היסטעריש־העצערישער קאַמפּאַניע געגן דער א. וו. וו. די פירער זיינען אַרעסטירט געוואָרן. די מיליציע האָט מיט באַיאָנעטן צעטריבן די פּיקעטס. טעראָר האָט געהערשט אין דער שטאָט, אָבער דער מוט און די אַנטשלאָסנקייט פון די סטרייקער איז ניט געבראָכן געוואָרן. די פאַבריקאַנטן האָבן נאָכגעגעבן אַ היפּשע לוין־העכערונג און, וואָס איז נאָך וויכטיקער, צום ערשטן מאָל האָבן די ניט־קוואַליפיצירטע אַרבעטער געקראָגן א גרעסערע העכערונג ווי די קוואַליפיצירטע. די הויפּט־פאַרוואַלטונג פון דער א. וו. וו. האָט אין איר באַריכט געמאָלדן, אַז די לוין־העכערונג הייבט זיך אָן פון פינף פּראָצענט פאַר די קוואַליפיצירטע אַרבעטער ביז 25 פּראָצענט פאַר די גאָרניט־קוואַליפיצירטע.

דער זיג אין לאָורענס האָט גוואַלדיק געהויבן דעם פּרעסטיזש פון דער א. וו. וו. גלייכצייטיק איז עס געווען אַ קאַטעגאָרישע אָפּלייקענונג פון דער גאַנצער טעאָריע פון קוואַליפיקאַציע און פאַך־יוניאָניזם פון דער א. פ. אוו ל., ווי אויך פון דער אוממעגלעכקייט צו אָרגאַניזירן די „אָפּגעשטאַנענע" אימיגראַנטן. אין לאָורענס איז דעמאָנסטרירט געוואָרן, אַז ניט־געשולטע אַרבעטער פון אַ ריי נאַציאָנאַליטעטן, אָפּגעשטאַנענע, אַ סך פון זיי אפילו אַנאַלפאַבעטן, האָבן באַוויזן זיך צו פאַראייניקן אין אַ מעכטיקן קעמפנדיקן רינג, וואָס די אָרגאַניזירטע קאַפּיטאַליסטן און זייער מלוכה האָבן ניט געקענט צעברעכן.

### טעראָר ברעכט ניט מוט פון סטרייקער

ווען די סטרייק־פירער, ווי הייוואוד, איטאָר, דזשאָוואַניטי, עליזאַבעט גוירלי פלין א. אַ. זיינען געזעסן אין טורמע, ווען מיליציע איז געשטאַנען אַרום די פאַבריקן, האָבן טויזנטער סטרייקער, מיט זייערע פרויען און קינדער, דורכגעפירט גראַנדיעזע פּיקעט־דעמאָנסטראַציעס, געגן וועלכע די מיליציע איז געווען אָנמעכטיק. דער מיליטאַנטישער כאַראַקטער פון דעם סטרייק, די ליטעראַטור און די רעדעס פון די א. וו. וו. פירער האָבן באַקליידט דעם קאַמף מיט אַ קלאָר־אויסגעשפּראָכענער רעוואָלוציאָנערער פאָרמע.

ווינסענט סט. דזשאן, א פירער פון דער א. וו. וו., האט אפילו געשריבן אין זיין באריכט — אזוי באגייסטערט איז ער געווען — „א זיג אין לאורענס מיינט דער אנהייב, וואס וועט זיך ענדיקן נאר מיט דעם פאלן פון קאפי־טאליזם."

גלייך נאך דעם סטרייק האט די א. וו. וו. געקראגן 14 טויזנט מיט־גלידער אין לאורענס אליין. טויזנטער טעקסטיל־ארבעטער אין אנדערע צענטרען אין פאטאקעט געגנט האבן זיך אנגעשלאסן אין דער א. וו. וו. דער צוזאמענפאר פון דער א. פ. או ל. אין דעם זעלבן יאר אין ראטשעסטער האט אונטער דעם דרוק פון א שטייגנדיקער סטרייק־כוואליע און שרעק פאר דעם וואוקס פון דער א. וו. וו. באשלאסן זיך צו פארנעמען מיט די אומ־ארגאניזירטע. אבער דער באשלוס איז געבליבן אויפן פאפיר. נאר די קוילן־גרעבער האבן גענומען ערנסט די רעזאלוציע. דער בלוטיקער קאמף אין לודלאו, קאלאראדא, איז ארויסגעוואקסן פון דער רעזאלוציע.

עס האט אויסגעזען, אז די א. וו. וו. האט געטראפן אין פינטל. זיי האבן זיך אריינגעריסן אין א גרויסער און אומארגאניזירטער אינדוסטריע און האבן באוויזן אז ניט־קוואליפיצירטע ארבעטער וועלכע באלאנגען צו א פאר צענדליק נאציאנאליטעטן וואס זיינען פריער געווען פארדעכטיק איינע אויף די אנדערע, קענען אויסגעשמידט ווערן אין א פעסטער, מוטיקער, קעמפנ־דיקער ארבעטער־ארמיי. די בורזשואזיע איז געווען דערשראקן און די ליבעראלע רעפארמער פון אלע סארטן האבן אנגעהויבן זוכן מיטלען און פלענער ווי אזוי אפצוהאלטן דעם שטראם פון „אנארכיע און רעוואלוציע" וואס דרינגט אריין צווישן די סאמע אפגעשטאנענסטע און אונטערדריקטסטע טיילן פון ארבעטער-קלאס.

דער „סוירוויי", א רעליגיעז־ליבעראלער זשורנאל, איז פון שרעק ארויס־געקומען מיט די פאלגנדיקע ווערטער:

„פון אלע זייטן שטעלן מענטשן די זעלבע פראגע: איז דאס א נייע געשעעניש אין דער אינדוסטריעלער וועלט?

„וועלן מיר ביי־וואוינען א צווייטן, מעגלעך דערפאלגרייכן, פארזוך צו ארגאניזירן די ארבעטערשאפט אין גאנצע אינדוסטריעלע גרופעס אנשטאט אין פאכן? דארפן מיר זיך ריכטן אז אנשטאט זיך אויפצופירן רעספעקט־פול, אדער אויב ניט, אריינצופאלן אין אומגעזעצלעכע אומרוען וועלכע מיר ווייסן ווי אזוי צו באהאנדלען, וועלן די ארבעטער זיך צוהערן צו דער דין-פארשטעלטער, אנארכיסטישער פילאזאפיע וואס איז אן ארויספאדערונג צו דער פונדאמענטאלער אידייע פון געזעץ און ארדענונג, א פילאזאפיע וואס שפריצט אריין אזעלכע מאדנע געדאנקען ווי סאבאטאזש, סינדיקאליזם,

דירעקטע אַקציע און גוואַלדטאַט? מיר דענקען אַז די גאַנצע עקזיסטירנדיקע מאָראַל וועגן דער הייליקייט פון פּריוואַט-אייגנטום און אַפילו לעבן איז פאַר-מישט." (פּאָל בריסענדען, די איי. וו. וו., זייט 295.)

לאָורענס האָט געמאַכט די א. וו. וו. באַרימט. די לאָזונגען פון דער א. וו. וו. געגן קאַפּיטאַליזם, געגן גאָט און געגן הערשער, „איינער פאַר אַלע און אַלע פאַר איינעם", האָבן אויפגערודערט דעם פאַרגליווערטן גע-מויזעכץ וואָס האָט געהערשט אין דער אָפיציעלער אַרבעטער-באַוועגונג. די פירער פון דער א. פ. אָוו ל. האָבן זיך ערנסט דערשראָקן פאַר דעם נייעם קאָנקורענט. זיי האָבן באַשלאָסן צו שלאָגן דעם געגנער מיט זיינע אייגענע מיטלען, אָרגאַניזירן די אומאָרגאַניזירטע. דערווייל האָט די א. וו. וו. גענומען גיין באַרג-אַרונטער אין די מזרח-שטאַטן און די א. פ. אָוו ל. פירער האָבן שוין געקענט זיך פאַרגינען אויפהערן זאָרגן וועגן מיליאָנען אַרבעטער, וואָס געפינען זיך אויסער זייער יוריסדיקציע.

די א. וו. וו. האָט פאַרלאָרן אין די מזרח-שטאַטן, ווייל אין יענער צייט — 1912 — איז שוין די פירערשאַפט געלעגן אינגאַנצן אין די הענט פון די אַנאַרכאָ-סינדיקאַליסטן. ביל הייוואוד איז אויך באַקערט געוואָרן צום סינדיקאַליזם. די אַנאַרכאָ-סינדיקאַליסטן האָבן ניט געקענט איינהאַלטן די פּרוכט פון זיג. זייער גאַנצע אויפפאַסונג פון דער אָרגאַניזאַציע איז געווען פאַלש, ווי עס ווערט קלאָר פון דעם קאַמף וואָס זיי האָבן געפירט מיט דעניעל דע-ליאָן; זייער אַריינרייסן זיך אין די פאַבן וואו עס האָבן עקזיס-טירט גרויסע א. פ. אָוו ל. יוניאָנס איז געווען אַ קאָלאָסאַלער פעלער.

נאָך אַ זיג איז די א. וו. וו. ניט פאַרבליבן צו באַפעסטיקן די נייע אָר-גאַניזאַציעס. די א. וו. וו. סטרייק-פירער אין לאָורענס — איטאָר, דזשאָוואַ-ניט און הייוואוד — זיינען נאָך זייערע פּראָצעסן געפאָרן אין אַנדערע געגנטן. הייוואוד האָט זיך געלאָזט צוריק אין דער וויטער וועסט. די יוניאָן איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן און איז שנעל פאַנאַנדערגעפאַלן.

דער אַנאַרכיסטישער זיג האָט געענדערט די סאַמע באַזע פון דער א. וו. וו. באַוועגונג, אירע פאָרמען און טאַקטיק.

מיר האָבן שוין דערמאָנט, אַז פון סאַמע אָנהייב האָט זיך דער קאַמף אין דער א. וו. וו. געדרייט אַרום פּאָליטישער אַקציע. דעמאָלט האָבן די מיטגלידער פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און פון דער ס. ל. פּ. איבער-געוואויגן די קליינע אַנאַרכיסטישע גרופּעס. שפּעטער, ווען דעבס האָט פאַר-לאָזן די א. וו. וו., האָט זיך דער קאַמף שוין צעפלאַקערט אַרום דעם געבוי פון די יוניאָנס און פאַר און געגן דירעקטער אַקציע און סאַבאָטאַזש. אין

1912, נאך דער רעזאלוציע אויף דעם סאציאליסטישן פארטיי־צוזאמענפאר וואס האט פארבאטן די פארטיי־מיטגלידער צו פארבלייבן אין דער א. וו. וו., איז דע־ליאן געבליבן אליין אין פעלד געגן די אנארכא־סינדיקאליסטן. אין זעלבן יאר האבן זיי אים אינגאנצן ארויסגעשטויסן פון דער ארגאניזאציע.

דע־ליאנס שטאנדפונקט פון אינדוסטריעלן יוניאניזם

דער קאמף צווישן די סאציאליסטישע עלעמענטן פערזאניפיצירט אין דע־ליאן און די אנארכא־סינדיקאליסטישע עלעמענטן פארטראטן דורך ווינ־סענט סט. דזשאן, האט זיך געדרייט ארום די פאלגנדיקע פיר פונקטן:

1) דער געבוי פון די אינדוסטריעלע יוניאנס. 2) זייער איינטיילונג. 3) סאבאטאזש און דירעקטע אקציע. 4) פאליטישער קאמף.

דע־ליאן וואס איז געווען דער פאטער פון דעם רעוואלוציאנערן אינ־דוסטריעלן יוניאניזם אין די פאראייניקטע שטאטן, האט געהאלטן אז די באזע פון דער אינדוסטריעלער יוניאן דארף זיין דער פראדוקט וואס די ארבעטער לאזן ארויס. גלייכצייטיק טאר ניט אפגעווישט ווערן אינגאנצן די צעטיילונג לויט דעם געצייג וואס די ארבעטער באנוצן. צום ביישפיל, אלע ארבעטער וואס נעמען אנטייל אין פראדוצירן ביר, באלאנגען צו דער אינדוסטריעלער יוניאן פון דער ביר־אינדוסטריע. אין דער זעלבער צייט זיינען זיי אבער גרופירט אין לאקאלן אדער אפטיילונגען אין דער אינ־דוסטריעלער יוניאן לויט זייער געצייג, עלעקטרישע ארבעטער אין איין לאקאל, ביר־ברויער אין א צווייטן, די טרייבער אין א דריטן און אזוי ווייטער.

ווינסענט סט. דזשאן האט געטענהעט אז די באזע פון דער יוניאן דארף זיין ניט דער פראדוקט נאר די גאנצע פראדוקציע. אלע ארבעטער באשעפטיקט אין אינדוסטריעס וואס האבן א שייכות צו ביר-ברויעריען, באטייליקן זיך אין דער זעלבער פראדוקציע און באלאנגען צו איין יוניאן. דער אונטערשייד פון געצייג דארף פארשווינדן אינגאנצן. דער טרייבער וואס פירט די ביר־פעסער און די סטענאגראפיסטקע אין דער פארוואלטונג פון דער ביר־קאמפאניע פארמאגן די זעלבע טעגלעכע אינטערעסן און נויטיקן זיך ניט אין באזונדערע לאקאלן אין דער אינדוסטריעלער יוניאן.

דע־ליאן איז ניט געווען געגן סאבאטאזש און דירעקטער אקציע צוליב מאראלישע אורזאכן. ביי אים איז עס געווען א פראגע פון צוועקמעסיקייט. זיין שטאנדפונקט איז דער געזונטער שטאנדפונקט פון דער רעוואלוציאנערער מארקסיסטישער באוועגונג וואס שפארט זיך אן אויף מאסן־אקציע אין אלע קאמפן. דער כאראקטער פון דער אקציע ווערט באשטימט לויט די אומ־

שטענדן. די אנאַרכאָ־סינדיקאַליסטן האָבן גענומען סאַבאָטאַזש און דירעקטע אַקציע ווי אַ שטענדיקער טייל פון זייערע סטרייקס, וואָס פאַרבייט אַפילו די מאַסן־טעטיקייט פון די סטרייקער. סאַבאָטאַזש קען גרינגער דורכגעפירט ווערן פון איינצלנע געקליבענע מענטשן. מען דאַרף גאָרניט האָבן צו טאָן מיט די מאַסן סטרייקער.

דע־ליאָן איז געווען פאַר אַ פּאָליטישן קאַמף. די אַנאַרכאָ־סינדיקאַליסטן קוקן מיט פאַראַכטונג אויף וואַל־קאַמפּאַניעס און דאָס גלייכן. זיי דערלאָזן ניט די נויטווענדיקייט פון אַ רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־פּאַרטיי, וואָס וועט פירן די אַרבעטער צו פאַרבייטן די קאַפּיטאַליסטישע מלוכה מיט אַ פּראָלעטאַרישער ביז וואַנען די קלאַסנלאָזע געזעלשאַפט וועט באַשאַפן ווערן. זיי לייקענען די נויטווענדיקייט פון אַ פּראָלעטאַרישער מלוכה אין דער איבערגאַנג־צייט.

די קאַמפן צווישן די דע־ליאָניסטן און די אַנאַרכאָ־סינדיקאַליסטן זיינען געפירט געוואָרן מיט גרויס ביטערקייט און היציקייט. עס איז וויכטיק צו דערמאָנען אַז אין די ערשטע יאָרן, ווען דעבס איז נאָך געווען טעטיק אין דער אַ. וו. וו., האָט ער אָפן אויפן צוזאַמענפאָר געשטימט פאַר דע־ליאָנס שטעלונג, כאָטש ער האָט צוגעגעבן אַז בכלל האָט ער דע־ליאָנען ניט ליב. „וואָס מען זאָל ניט דענקען וועגן דע־ליאָנען פערזענלעך — האָט דעבס געזאָגט אויפן אַ. וו. וו. צוזאַמענפאָר אין 1908 — מוז מען אָבער צוגעבן אַז ער האָט זייער גרויסע פאַרדינסטן פאַר דעם אינדוסטריעלן יוניאָניזם און ער איז גערעכט אין זיין איצטיקער שטעלונג.״ *)

דעבס האָט אָבער ניט באַגריפן דע־ליאָנס שמאָלקייט און סאָפּיזם, וואָס האָט אים געבראַכט צו דער מיינונג אַז די פּאַך־יוניאָנס וועלן קיינמאָל ניט וואַקסן און זיך ענדערן. דאָס איז געווען די פונדאַמענטאַלע פאַלשקייט פון דער טעאָריע, אויף וועלכער די גרינדונג פון דער אַ. וו. וו. איז באַזירט געווען.

*) אויף דעם ערשטן צוזאַמענפאָר פון דער אַ. וו. וו. האָט דעבס דערקלערט: „די טרייד־יוניאָן באַוועגונג איז איצטער אונטערן קאָנטראָל פון קאַפּיטאַליסטישן קלאַס. זי פּריידיקט קאַפּיטאַליסטישע עקאָנאָמישע טעאָריעס, זי דינט קאַפּיטאַליסטישע צוועקן. . . . אַלע וויכטיקסטע סטרייקס פאַר די לעצטע צוויי אָדער דריי יאָר זיינען פאַרלאָרן געגאַנגען. . . . עס איז קיין פראַגע ניט, אַז עפּעס איז ניט אין אָרדענונג מיט יענער פאָרמע פון יוניאָניזם, וואָס קריגט איר גרעסטע שטיצע אין דער פּרעסע, וואָס פאַרטרעט דעם קאַפּיטאַליזם ; עפּעס איז ניט אין אָרדענונג מיט יענער פאָרמע פון יוניאָניזם, וואָס פאָרמירט אַ פאַרבאַנד מיט אַזאַ קאַפּיטאַליסטישער קאָמבינאַציע ווי די סיוויק פעדעריישאָן.״ (ביל הייוואודס בוך, זייט 183.)

## אנארכיסטן שאפן לויזע פארמען פון ארגאניזאציע

די אנארכיסטישע פירער האבן גערעדט וועגן דעם סאציאלן סטרייק, וואס וועט ברענגען די רעוואלוציע אן א פאליטישן קאמף און אן א פאליטישער ארבעטער־פארטיי. דערצו האבן זיי אין דער פירונג פון די יוניאנס צופיל געבויגן דעם שטעקן אין דער ריכטונג פון דעצענטראליזאציע און לויזקייט.

פון א נאטירלעכן און גערעכטן פראטעסט געגן די יוניאנס פון דער א. פ. אוו ל., וואס האבן זיך אפגעזונדערט פון דעם ארבעטער־קלאס, זיינען די אנארכא־סינדיקאליסטישע פירער אוועק צום צווייטן עקסטרעם. אנשטאט די שרעקלעך־הויכע איינטרעט־געלט פון די א. פ. אוו ל. יוניאנס, האבן זיי פאקטיש אינגאנצן אפגעשאפט דעם איינטרעט־געלט. אפצאלונגען זיינען געווען קלענער פון א מינימום. קיין נויטווענדיקייט אין א שטענדיקן סטרייק־פאנד האבן זיי ניט געזען. אנשטאט די אפמאכן אויף לאנגע יארן וואס די א. פ. אוו ל. פירער האבן געשלאסן מיט די ארבעטגעבער, האט די א. וו. וו. איינגעפירט אז זיי שליסן ניט אינגאנצן קיין אפמאך מיט ארבעטגעבער, אפילו ניט אויף א יאר צייט. וויליאם הייוואוד האט שטאלץ דערקלערט: „מיר וויסן ניט פון קיין אפמאכן מיט ארבעטגעבער."

די שווערע סטרייקס און די אומווילקייט צו שליסן אפמאכן האט אנטוויקלט א נייגונג צו באנוצן דירעקטע אקציע און סאבאטאזש ווי א מיטל צו צווינגען דעם קאפיטאליסט נאכצוגעבן. א מיליטאנטישע יוניאן, געבויט אויף קלאסן-קאמף, טאר זיך ניט בינדן די הענט דורך אפמאכן אויף לאנגע טערמינען מיט די ארבעטגעבער, ווי די א. פ. אוו ל. יוניאנס טוען, אבער פירן א קאמף געגן שליסן אפמאכן מיט ארבעטגעבער אויף א יאר צייט, איז אן אומזין. אין דעם אפמאך אליין איז ניטא קיין געפאר פאר די ארבעטער, אויב די יוניאן שטייט אויף דער וואך און דורך קאמיטעס אין די שעפער גיט זי אכטונג אז די געווינסן פון די ארבעטער זאלן פון זיי ניט צוגענומען ווערן. אזא יוניאן וועט גלייך ארויסרופן די ארבעטער אין סטרייק ביי דעם ערשטן פארזוך פון אן ארבעטגעבער צו ברעכן די באדינגונגען פון דעם אפמאך אדער זיי אויסצוטייטשן געגן די ארבעטער. ניט אין דעם וואס די א. פ. אוו ל. יוניאנס שליסן אפמאכן מיט די ארבעטגעבער ליגט דער אומגליק פאר די ארבעטער, נאר אין דעם וואס די אפמאכן זיינען, ערשטנס, געשלאסן אויף לאנגע טערמינען, און צווייטנס, וואס די א. פ. אוו ל. פירער דערלויבן די ארבעטגעבער אויסצוטייטשן די פונקטן פון דעם אפמאך ווי די ארבעט־

געבער ווילן און דערלאָזן ניט די אַרבעטער צו פאַרטיידיקן זייערע געווינסן.

צו פאָדערן איינטרעט־געלט פון הונדערטער אָדער צענדליקער דאָלאַרן, ווי די א. פ. אָוו ל. יוניאָנס טוען, איז אַ פאַרברעכן געגן די אַרבעטער. דאָס זעלבע איז גילטיק וועגן די הויכע אָפּצאָלונגען און שטייערן וואָס ווערן אַרויסגעפּרעסט פון די אַרבעטער. אָבער דאָס מיינט ניט אַז אַ יוניאָן, ווייל זי איז אַ קאַמף־אָרגאַניזאַציע, דאַרף ניט האָבן קיין געלט־מיטלען.

אַ האַלבער דאָלאַר אָדער אפילו אַ דאָלאַר איז ניט קיין איינטרעט־געלט פאַר אַ יוניאָן. אַ יוניאָן מוז אויך האָבן אַ שטענדיקן סטרייק־פאָנד. די אַרבעטער ווילן ניט די מעטאָדן פון געלט־רייסעניש וואָס קאָנסערוואַטיווע יוניאָן־פירער האָבן אַריינגעבראַכט, אָבער די אַרבעטער זיינען אַלע מאָל גרייט און גערן אויפצוהאַלטן פינאַנציעל זייערע יוניאָנס. די אַנאַרכיסטן זיינען אין פינאַנציעלע אָנגעלעגנהייטן אין די יוניאָנס אַוועק פון איין עקסטרעם צו אַ צווייטן. ביידע עקסטרעמען טויגן ניט. אויפצוקלייבן אַ גרויסע קאַסע און נאָכדעם ציטערן איבער איר און ניט דערלאָזן צו אַ סטרייק, ווייל די קאַסע וועט אויסגעליידיקט ווערן, מיינט שלאָגן די אַרבעטער אין דעם סאַמע געפערלעכסטן פונקט. מאַכן אַ פּרינציפּ אַז אַ יוניאָן טאָר ניט אָנגרייטן קיין סטרייק־פאָנד, מיינט שלאָגן די אַרבעטער ווען זיי שטייען אין אַ געפערלעכער פּאָזיציע — אין אַ סטרייק.

די פאַלשע טאַקטיק און שלעכטע מעטאָדן פון די אַנאַרכיסטישע פירער, זייערע באָמבאַסטישע רעדעס און גרינגשעצונג צו פעסטער אָרגאַניזאַציע, זיינען ניט געווען קיין גינסטיקע פאַקטאָרן צו העלפן באַפעסטיקן יוניאָנס אין נייע אינדוסטריעס. יוניאָנס זיינען שנעל אויפגעשוואָומען און שנעל פאַרשוואונדן. די פאַרזוכן, ווידער, צו שאַפן א. וו. וו. יוניאָנס אין די מערוויניק אָרגאַניזירטע פאַכן אין די מזרח־שטאַטן האָבן געמוזט זיין אַ דורכפאַל. דאָ האָט די א. וו. וו. געשפּאָלטן די אַרבעטער־רייען און אַרויסגערופן אַ שעדלעכן ברודער־קאַמף, פון וועלכן נאָר די באַלעבאַטים און די א. פ. אָוו ל. ביוראָקראַטן האָבן געוואונען.

## גרויסע סטרייקס אין צפון־פּאַסיפישע שטאַטן

זיך אָנשטויסנדיק אויף דער שטייפער און פיינטלעכער געגנערשאַפט פון דער א. פ. אָוו ל. און די קאַפּיטאַליסטן, האָבן די א. וו. וו. פירער זיך גענומען אָנשפּאַרן אויף אַ נייעם אַרבעטער־עלעמענט וואָס איז אינגאַנצן איבערגעלאָזט געוואָרן אויף הפקר, די אַרבעטער אין די ווייטע און פאַר־

וואָרפענע וועלדער אין אָרעגאָן און וואַשינגטאָן שטאַטן, די מעטאַל־מיינער און די אַרומוואַנדערנדיקע פאַרם־אַרבעטער. זיי זיינען געוואָרן די וויכ־טיקסטע באַזע פון דער א. וו. וו.

ערנסטע קאַמפן זיינען געפירט געוואָרן פון אָט־די אַרבעטער־גרופּעס. אין יענער צייט איז די א. וו. וו., אונטער דעם איינפלוס פון די אַנאַרכאָ־סינדיקאַליסטן, דעצענטראַליזירט געוואָרן. יעדע אָפּטיילונג איז געוואָרן אַ וועלט פאַר זיך און האָט געקענט טאָן וואָס זי האָט געוואָלט. די פאַרם־אַרבעטער און די לאַמבער־דזשעקס (אַזוי רופט מען די אַרבעטער אין די וועלדער און אין די זעג־מילן) האָבן אַרויסגעוויזן אַ זעלטענעם קאַמף־גייסט, כאָטש זיי האָבן ניט געהאַט קיין שטיצע פון דער גאַנצער אַרבעטער־באַוועגונג. דער סאָרט דירעקטע אַקציע וואָס זיי האָבן אָנגעווענדט איז געווען נאָך אַ געלעגנהייט פאַר די קאַפּיטאַליסטן צו מאָביליזירן די מאַכט פון שטאַט געגן די סטרייקער.

אין 1916 האָט די א. וו. וו. אויפגעהערט צו זיין אַ פאַקטאָר אין די מזרח־שטאַטן. זי האָט אָבער באַוויזן צו אַנטוויקלען כחות אין צפון־מערב. די האַלץ־אַרבעטער זיינען פון קיינעם פריער ניט אָרגאַני־זירט געוואָרן. די א. פ. אָוו ל. ביוראָקראַטן האָבן ניט געטראַכט צו רוקן זיך אין וויטע וועלדער אין אָרעגאָן און וואַשינגטאָן צו אָרגאַניזירן די יונגען וואָס פּראַצעווען ביים האַקן און זעגן האַלץ. וועגן לאַנדווירטשאַפטלעכע אַר־בעטער איז דאָך אָפּגערעדט. דאָס זיינען די אַרבעטער וועלכע זיינען גע־צוואונגען אַרומצואוואַנדערן מיט זייערע פאַמיליעס פון אָרט צו אָרט לויט דעם סעזאָן און כאַראַקטער פון דער גערעטעניש. סוף יולי פאַרדינגען זיי זיך צו אַרבעטן אויף ווייץ־פעלדער, אין אויגוסט אַרבעטן זיי ביים זאַמלען די גרינסן. אין אַן אַנדער צייט פון יאָר זיינען זיי באַשעפטיקט ביי מאַראַנצן־גערטנער, א. אז. וו. די לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרבעטער באַלאַנגען צום סאַמע עקספּלואַטירטסטן און שלעכט־באַצאָלטן טייל פון אַרבעטער־קלאַס. זיי האָבן פריער ניט געהאַט קיין שום אָרגאַניזאַציע. דער פאַקט וואָס צווישן זיי גע־פינט זיך אַ באַדייטנדיקער טייל פון די אַזוי־גערופענע „אָפּגעשטאַנענע ראַסן”, ווי די מעקסיקאַנער און פיליפינער, האָט זיי געמאַכט נאָך שוצלאָזער. די א. וו. וו. איז געווען די ערשטע און די איינציקע וואָס האָט געבראַכט דאָס וואָרט פון קאַמף און דעם שוץ־פליגל פון אָרגאַניזאַציע צו די אונטער־דריקטע אַרבעטער. זייער יוניאָן, די „אַגריקאַלטשורעל וואָירקערס יוניאָן”, איז באַשאַפן געוואָרן אין 1915 און איז געווען די שטאַרקסטע אָרגאַניזאַציע וואָס די א. וו. וו. האָט פאַרמאָגט.

צווישן די מעטאַל־גרעבער מיט זייערע טראַדיציעס פון קאַמף און סאָלידאַריטעט איז ניט געווען קיין פּלאַץ פאַר דעם סאָרט יוניאָניזם פון דער א. פ. אָוו ל. ניט קוקנדיק אויף די אינערלעכע רייסערייען האָט די א. וו. וו. אויפגעהאַלטן אַ גרויסע אָרגאַניזאַציע צווישן די מעטאַל־מיינער, כאָטש ווייט ניט אַזאַ פעסט־געבויטע ווי צווישן די לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרבעטער.

די מלחמה־יאָרן האָבן געבראַכט אומדערהערטע פּראָספּעריטעט צו די קאַפּיטאַליסטן און אַ פינצטערע רעאַקציע פאַר די קלאַסנבאַוואוסטזיניקע אַרבעטער, באַזונדערס פאַר די מיליטאַנטישע אָרגאַניזאַציעס פון דער א. וו. וו. אין דער וועסט. דער הערשנדיקער קלאַס אין די פּאַסיפישע שטאַטן האָט דערזען אַ געלעגנהייט צו דערלאַנגען אַ טויט־קלאַפּ דער אָרגאַניזאַציע פון אומגעשולטע אַרבעטער. די קאַפּיטאַליסטן אין וואַשינגטאָן, אָרעגאָן און מאָנטאַנאַ, וואו די א. וו. וו. איז געווען טעטיק, האָבן זיך באַנוצט מיט דער פּאַטריאָטישער היסטעריע וואָס האָט אַרומגעכאַפּט גרויסע טיילן פון דער באַפעלקערונג — אויפגעפלאַמט פון דער פּרעסע — און גענומען באַנוצן מיט אַ ברייטער האַנט ברוטאַלע גוואַלד־מיטלען. אַלערליי אָרגאַניזאַציעס פון רייכע מענטשן זיינען אויפגעשפּרונגען: „ווידזשילאַנטעס" (זיין אויף דער וואַך), „סיטיזענס אַלייענס" (פאַראייניקונג פון בירגער) און נאָך. זיי האָבן טעראָריזירט די אַרבעטער און זייערע אָרגאַניזאַציעס. אין 1917 האָט דער קאָנגרעס דורכגעפירט דעם טרויעריק־באַרימטן שפּיאָנאַזש־געזעץ. דער געזעץ האָט געגעבן די מעגלעכקייט יעדן שעריף, פּאָליציי־הויפּט, דיסטריקט־אַטוירני, מעיאָר און גאָווערנאָר אָפּצושאַפן די קאָנסטיטוציאָנעלע גאַראַנטיעס און טאָן מיט אַ רעוואָלוציאָנערן אַרבעטער וואָס זיין האַרץ גלוסט.

פּראָפעסאָר פּאָל בריסענדען גיט אָן די מיטגלידערשאַפט פון דער א. וו. וו. אין 1917-1916 אַרום 110 טויזנט, איינגעטיילט אַזוי: 40 טויזנט מיטגלידער אין דער מעטאַל־גרעבער יוניאָן, 30 טויזנט אין דער לאַנדווירטשאַפטלעכער אַרבעטער יוניאָן, 30 טויזנט אין דער האָלץ־אַרבעטער יוניאָן און אַ 10 טויזנט אין קלענערע יוניאָנס. ער האָט גענומען די ציפערן פון די באַריכטן פון דער א. וו. וו., אָבער די באַריכטן האָבן זיך ניט אויסגעצייכנט מיט קיין באַזונדערער פּינקטלעכקייט. די מיטגלידערשאַפט אין די א. וו. וו. אָרגאַניזאַציעס איז געווען אַ פליסיקע, אַריין און אַרויס פון די יוניאָנס. נאָענטער צו דער ווירקלעכקייט זיינען די ציפערן פון אַרום 70-60 טויזנט מיטגלידער.

## ווילסאָן העלפט קאַפּיטאַליסטן ברעכן סטרייקס פון א. וו. וו.

די האָלץ-קאָמפּאַניעס, די קופּער-קאָמפּאַניעס און די רייכע פאַרמער האָבן געצויגן געשוואָלענע פּראָפיטן פון דער מלחמה. די א. וו. וו. יוניאָנס האָבן אָנגעהויבן אַ ריי סטרייקס פאַר בעסערע אַרבעט-באַדינגונגען. דאָ האָט זיך אַרונטערגעלאָזט דער געפּאַנצערטער קולאַק פון דער פעדעראַלער רעגירונג אונטער דעם גרויסן דעמאָקראַט וואודראָו ווילסאָן. ווילסאָן האָט געהאָלפן די אָרטיקע קאַפּיטאַליסטן צו ברעכן מיט ברוטאַלער מאַכט די אַרויסטרעטונגען פון די אַרבעטער צו פאַרבעסערן זייער לאַגע.

דעם 21סטן יוני זיינען 14 טויזנט קופּער-מיינער אין ביוט, מאָנטאַנאַ, אַרויס אין סטרייק. עטלעכע טעג שפּעטער זיינען 24 טויזנט מעטאַל-מיינער אין אַריזאָנאַ צוגעשטאַנען. דעם 10טן יולי איז די „פּאַטריאָטישע ליג" פון דזשעראָם, אַריזאָנאַ, באַפאַלן די סטרייקער ביינאַכט און פאַרשלעפּט אַ סך פון זיי אין פראַכט-וואַגאָנען צו אַ ווייטערער שטאָט. דאָרטן זיינען די סטרייקער געהאַלטן געוואָרן געפאַנגען דריי וואָכן אין קאַזאַרמעס אָן וועלכע עס איז קלאַגעס.

אין ביזבי, אַריזאָנאַ, איז דער איבערפאַל געמאַכט געוואָרן נאָך אויף אַ גרעסערן שטייגער. די אַנאַקאָנדאַ קופּער-קאָמפּאַניע האָט צוגעגרייט אַ פּאָר טויזנט שלעגער. יענע זיינען פינף פאַרטאָג באַפאַלן די היימען פון סטרייקער, אַרויסגעשלעפּט גאַנצע פאַמיליעס פון די בעטן און מיט ביקסן און מאַשין-ביקסן זיי געצוואונגען צו גיין אין לאָועל, זיי אַלעמען אַריינגעזעצט אין פראַכט-וואַגאָנען און אַוועקגעפירט אין האַרץ פון מדבר. דאָרטן האָבן שוין געוואַרט פעדעראַלע סאָלדאַטן, וועלכע האָבן אויפגעשטעלט אַ קאָנצענטראַציע-לאַגער פאַר די סטרייקער, זייערע פרויען און קינדער. ניט ווייניקער פון צוועלף הונדערט מענטשן זיינען פאַרשלעפּט געוואָרן אין יענעם פרימאָרגן. איין מיינער איז דערהרגעט געוואָרן. די צייטונגען האָבן עס באַריכטעט אין אַ יובל-טאָן, פּונקט ווי אַן אויסלענדישער פיינט איז צעקלאַפּט און געמאַכט געוואָרן אומשעדלעך.

דעם ערשטן יוני, 1917, האָט זיך פאַרשפּרייט אַ סטרייק אין די האָלץ-געגנטן אין וואַשינגטאָן. די פעדעראַלע רעגירונג האָט באַלד געשיקט סאָלדאַטן. די טרופּן זיינען אָנגעקומען אין סטרייק-געגנט, אַרומגערינגלט אַלע סטרייקער וואָס זיינען געווען אויף דער פּיקעט-ליין, אָפּגעפירט זיי אין עלענסבורג און זיי געהאַלטן געפאַנגען עטלעכע חדשים לאַנג אָן וועלכער עס איז פאָרמאַליטעט פון קלאַגעס, נאָר אין נאָמען פון קריגס-נויטווענדיקייט. די

פעדעראַלע רעגירונג איז די גאַנצע צייט געווען דער טרייער און געהאָרכזאַמער געצייג אין די הענט פון די קאַפּיטאַליסטן.

## דער גרויסער פּראָצעס פון די א. וו. וו.

די צעיושעטע ווילדקייט פון די פּאַטריאָטישע קאַפּיטאַליסטן און זייערע געדונגענע מערדער האָט געבראַכט צו דער לינטשעריי פון פרענק ליטל, אַ באַליבטער קעמפער צווישן די קופּער־מיינער און מיטגליד פון דער גענעראַל עקזעקוטיוו־באָרד פון דער א. וו. וו. ליטל איז געכאַפּט געוואָרן אין מיטן טאָג אין ביוט, מאָנטאַנאַ, אַרויסגעשלעפּט געוואָרן פון שטאָט און אויפגעהאַנגען געוואָרן אויף אַ בוים, לעבן די באַן־רעלסן. ליטל איז געווען אַ קריפּל. דאָס האָט ניט געשטערט די מערדער דורכצופירן די לינטשעריי. ביוט, מאָנטאַנאַ, איז קאָנטראָלירט פון דער מעכטיקער אַנאַקאָנדאַ קופּער־קאָמפּאַניע, אַ וואָל־סטריט פירמע.

די אַלע טעראָר־אַקטן זיינען דורכגעגאַנגען פולשטענדיק אומבאַשטראָפט פאַר די מערדער און פאַר די וועלכע האָבן זיי געשיקט. פאַרקערט, די פרעסע האָט געדרוקט סימפּאַטישע און גינסטיקע באַריכטן פאַר די טעראָריסטן. די פרעסע האָט גערן צוגעלייגט איר האַנט צו דער ווילדער, מערדערלעכער העצע געגן אַלע געגנער פון קריג.

די פעדעראַלע רעגירונג איז געגאַנגען פיל ווייטער ווי שיקן סאָלדאַטן צו אונטערדריקן אַ סטרייק. דעם 17טן נאָוועמבער, 1917, האָט זיך פאַרזאַמלט אַ נאַציאָנאַלע קאָנפערענץ פון די א. וו. וו. פירער אין שיקאַגאָ. די קאָנפערענץ איז געווען אָן אָפענע. די פעדעראַלע אַגענטן זיינען באַפאַלן די קאָנפערענץ, אַרעסטירט אַלע אָנוועזנדע, אויפן גרונט פון דעם שפּיאָנאַזש־געזעץ. שפּעטער זיינען זיי אָנגעקלאָגט געוואָרן אין שטערן דעם פריזיוו פון סאָלדאַטן אין דער אַרמיי, אין אָרגאַניזירן פאַרשווערונגען צו פאַרברענען די תבואה אויף די פעלדער, אויפצורייסן בריקן און דאָס גלייכן. די רעגירונג האָט ניט געהאַט קיין באַווייזן און קיין באַשטעטיקונג אַז די א. וו. וו. האָט זיך געקליבן פאַרברענען די פעלדער, אָבער דער פּראָצעס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן.

אין אַן אַטמאָספערע פאַרגיפטעט פון אַ צעיושעטן מאָרד־פּאַטריאָטיזם, האָט די דזשורי געפונען אַלע אָנגעקלאָגטע, אַרום הונדערט אין צאָל, שולדיק. ריכטער לאַנדיס האָט אַרויסגעגעבן דעם אורטייל. ביל הייוואוד און פערצן אַנדערע פירער האָבן געקראָגן צו צוואַנציק יאָר טורמע און צו

20,000 דאָלאַר שטראָף, וואָס האָט געמיינט זיכערע לעבנסלענגלעכע טורמע. דריי און דרייסיק אָנגעקלאָגטע האָבן געקראָגן צו זעקס יאָר און צו פינף טויזנט דאָלאַר שטראָף אויף דעם ערשטן פּונקט פון דער קלאַגע, צו צען יאָר טורמע און צו פינף טויזנט דאָלאַר שטראָף אויף דעם צווייטן פּונקט פון דער קלאַגע און נאָך עטלעכע יאָר טורמע און עטלעכע טויזנט דאָלאַר שטראָף אויף די איבעריקע צוויי פּונקטן פון דער קלאַגע. אַנדערע דריי און דרייסיק האָבן געקראָגן צו אַכט יאָר טורמע און צו פופצן טויזנט דאָלאַר שטראָף אויף די פיר פּונקטן פון דער קלאַגע. די איבעריקע האָבן געקראָגן קלענערע טורמע־טערמינען, אָבער קיין איינציקער איז ניט באַפרייט געוואָרן. דער סך־הכל געלט־שטראָף האָט באַטראָפן 2,570,000 דאָלאַר, אויסער די אויסגאַבן פון דעם פּראָצעס. אַזוי האָט זיך דער פעדעראַלער ריכטער אָפּגערעכנט מיט די אַרעסטירטע.

פאַר אַ טייל פאַראורטיילטע האָט מען באַוויזן צו קריגן בייל און זיי אַרויסנעמען. הייוואוד איז אַוועקגעפאָרן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד. די איבעריקע זיינען געזעסן אַ סך יאָרן ביז וואַנען זיי זיינען באַגנאַדיקט געוואָרן. אייניקע זיינען געשטאָרבן אין טורמע. פיל זיינען אַרויס קראַנקע און פיזישרואינירטע מענטשן פון דער שווערער אַרבעט אין דער פעדעראַלער טורמע אין לעווענוואָירט, קענזאַס. די פרעמד־געבוירענע זיינען דעפּאָרטירט געוואָרן נאָך זייער באַפרייאונג.

דעם לעצטן בלוטיקן צוזאַמענשטויס האָט די א. וו. וו. געהאַט אין סענטראַליאַ, וואַשינגטאָן, אין 1919. סענטראַליאַ איז אין האַרץ פון דער האָלץ־אינדוסטריע. די א. וו. וו. האָט געפירט דאָרטן אַ סטרייק און דער „אַמעריקאַן לידזשאָן" איז באַפאַלן דעם סטרייק-לאָקאַל. די א. וו. וו. האָבן זיך מוטיק פאַרטיידיקט פון אינעווייניק. עטלעכע אָנפאַלער זיינען דערשאָסן געוואָרן. די לידזשאָנערן האָבן אַרויסגעטריבן די א. וו. וו. פון שטאָט, דערמאָרדענדיק עטלעכע. די איבעריקע, 14 אין צאָל, האָבן געקראָגן לאַנגע טערמינען אין טורמע.

### דער א. וו. וו. האָט געפעלט דער געזונטער פונדאַמענט — אַ מאַרקסיסטישער צוגאַנג

די א. וו. וו. האָט דורכגעמאַכט שווערע פאַרפאָלגונגען אין דער מלחמה־צייט און גלייך נאָכדעם. די גאַנצע אָרגאַניזאַציע איז געוואָרן אומלעגאַל. פּיל הונדערטער טעטיקע „וואָבליס" זיינען געווען פאַרשפּאַרט אין די טורמעס.

(אין 1917 זיינען איבער טויזנט א. וו. וו. געזעסן הינטער גראטעס.) אָפּ־צוהאַלטן ערגעץ־וואו א פאַרזאמלונג איז געווען אוממעגלעך. פונדעסטוועגן קען מען ניט צושרייבן צום טעראָר די הויפּט־אורזאַך פאַר דעם לאַנגזאַמען אונטערגאַנג פון דער א. וו. וו. ווי אַ פאַקטאָר אין דער אַרבעטער־באַוועגונג.

געוויס האָט דער טעראָר געהאַט אַ סך צו טאָן מיט דער אָפּשוואַכונג פון דער א. וו. וו. דער פאַקט וואָס נאָך דער מלחמה האָט די אָרגאַניזאַציע ניט באַוויזן צו קומען צו זיך, סיי אָרגאַניזאַציאָנעל און סיי אין איינפלוס, איז אָבער אַ צייכן אַז אָרגאַנישע אורזאַכן זיינען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער קלעגלעכער עקזיסטענץ וואָס די א. וו. וו. פירט היינט. אין לעצטן סך־הכל דעמאָנסטרירט די א. וו. וו. אַז קיין אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע פון אַ מאַסן־כאַראַקטער קען ניט עקזיסטירן און זיך אַנטוויקלען אָן אַ מאַרקסיסטישן פונדאַמענט. אַזאַ אָרגאַניזאַציע מוז אָדער זיך פאַרוואַנדלען אין אַ צווייטער א. פ. אָוו ל., און קיין פּלאַץ פאַר אַ צווייטער א. פ. אָוו ל. איז ניטאָ, אָדער זי מוז צעקריכן פון אינעווייניק.

## פאָסטערס קאַמף פאַר בויערן פון אינעווייניק

די פּראָלעטאַריש־געזונטע עלעמענטן אין דער א. וו. וו. האָבן שוין פאַר דעם לאָורענס-סטרייק דערזען דעם טעות וואָס די אָרגאַניזאַציע מאַכט. דער פאָרשטייער פון די עלעמענטן איז געווען וויליאַם ז. פאָסטער, דעמאָלט נאָך אַ יונגערמאַן און אַן אָנפירנדיקע פיגור אין דער א. וו. וו.

אין 1911 איז פאָסטער געשיקט געוואָרן צו די זיצונגען פון דעם סעקרעטאַריאַט פון דעם טרייד־יוניאָן אינטערנאַציאָנאַל אין בודאַפּעסט, אונ־גאַרן, צו באַקאַנען די אינטערנאַציאָנאַלע טרייד־יוניאָן באַוועגונג מיט די צילן פון דער א. וו. וו. און קריגן אָנערקענונג. פאָסטער האָט גלייכצייטיק געמאַכט אַ רייזע איבער די וויכטיקסטע לענדער פון אייראָפּע און האָט גרינט־לעך שטודירט די לאַגע פון אַרבעטער־קלאַס און דעם צושטאַנד פון דער אַרבעטער־באַוועגונג.

דער סעקרעטאַריאַט פון טרייד־יוניאָן אינטערנאַציאָנאַל האָט זיך אַנט־זאַגט אַריינצונעמען די א. וו. וו. צוליב דעם פּראָטעסט פון דער א. פ. אָוו ל. און צוליב איר שטעלונג פאַר דירעקטער אַקציע און סאַבאָטאַזש. נאָר די דעלעגאַטן פון דער פראַנצויזישער פעדעראַציע פון אַרבעט האָבן געשטיצט די א. וו. וו. די פראַנצויזישע פעדעראַציע איז אויך געווען סינדיקאַליסטיש. פאָסטער האָט אָבער פון זיין רייזע אין אייראָפּע אַ סך געלערנט. ער איז

געקומען צום שלום, אַז די פּאָליטיק פון דער א. וו. וו. איז פאַלש און שעדלעך. צוריקקומענדיק אין די פאַראייניקטע שטאַטן האָט פאָסטער ארויסגעשטעלט די לאָזונג פון „בויערן פון אינעווייניק" אין די א. פ. אָוו ל. יוניאָנס. באַזונדערס האָט פאָסטער זיך געשטעלט געגן דער פּאָליטיק צו אָרגאַניזירן יוניאָנס דאָרטן וואו עס זיינען געווען א. פ. אָוו ל. יוניאָנס.

פאָסטער האָט געזאָלט באַשטימט ווערן רעדאַקטאָר פון דעם א. וו. וו. זשורנאַל, אָבער זיין אַרויסטרעט האָט געשטעלט די אַנאַרכאָ־סינדיקאַליסטן געגן אים. אין 1913 האָט טאָם מען, דער רעוואָלוציאָנערער ארבעטער-פירער פון ענגלאַנד, באַזוכט די פאַראייניקטע שטאַטן. מען איז געווען דורכאויס איינשטימיק מיט פאָסטערס שטעלונג. זיין רעדע איז אָפּגעדרוקט געווען אין דעם „אינטערנעשאָנאַל סאָשעליסט רעוויו".

פאָסטערס שטעלונג איז שאַרף באַקעמפט געוואָרן פון ביל הייוואוד, איטאָר און די אַנדערע א. וו. וו. פירער. אויף מענס טענה אַז ווען די מי און ענערגיע וואָס די א. וו. וו. האָט אַריינגעלייגט אין איר באַוועגונג וואָלט געגאַנגען אויף אַרבעט אין די א. פ. אָוו ל. יוניאָנס, וואָלטן די רעזולטאַטן געווען פופציק מאָל גרעסער, האָט הייוואוד געענטפערט אַז עס איז פונקט אַזוי גרינג איינצונעמען די קאַטוילישע קירך פאַר דער רעוואָלוציע ווי די א. פ. אָוו ל.

צוליב דער וויכטיקייט פון דער מיינונג וואָס פאָסטער האָט אַרויסגעבראַכט נאָך אין 1911, וואָס פאַרמאָגט א שייכות אפילו צו דער לאַגע אין 1935, וועלן מיר ברענגען עטלעכע אויסצוגן פון זיין ארטיקל, וואָס איז דערשינען אין דעם „אינדאָסטריעל וואָירקער", אָרגאַן פון דער א. וו. וו.

„טעאָריע אַז פאַך-יוניאָנס קענען ניט ווערן רעוואָלוציאָנער, איז פאַלש, זאָגט פאָסטער.

„די פראַגע, פאַרוואָס וואַקסט ניט די א. וו. וו., ווערט געשטעלט פון אַלע זייטן, אין אונזערע רייען און אין דרויסן. די פראַגע ווערט געשטעלט מיט רעכט, ווייל נאָר דער סאַמע בלינדער ענטוזיאַסט קען זיין צופרידן מיט דעם פּראָגרעס — ריכטיקער, מאַנגל פון פּראָגרעס — פון דער אָרגאַניזאַציע ביז איצט. ניט געקוקט אויף די אמת-העלדישע פאַרזוכן פון אונזערע אָרגאַניזאַטאָרן און מיטגלידער בכלל, איז די א. וו. וו. פאַרבליבן קליין און מיטגלידערשאַפט און שוואַך אין איינפלוס. עס איז צייט צו עקזאַמינירן די לאַגע און אויסגעפינען וואו עס ליגט די שולד.

„די גרינדער פון דער א. וו. וו. האָבן ביים סאַמע אָנהייב אַרויסגערוקט די טעאָריע, אַז כדי צו שאַפן אַ רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער-באַוועגונג מוז אומבאַדינגט באַשאַפן ווערן אַ נייע אָרגאַניזאַציע באַזונדער און אָפּגעטיילט

פון די עקזיסטירנדיקע פאַך-אָרגאַניזאַציעס, וועלכע זיינען פון די גרינדער באַטראַכט געוואָרן פאַר אומפּייאיק צו וואַקסן. די מיינונג און די טאַקטיק וואָס האָט דערפון אַרויסגעשפּראָצט האָט אָגעהאַלטן אין דער אָרגאַניזאַציע. מיר וועלכע זיינען געקומען שפּעטער האָבן עס געירשנט און אָן ערנסטער אונטערזוכונג עס אָנגענומען ווי אַן אומפּעלערהאַפטע דאָגמע. ווי פּאָפּוגייען קייען מיר איבער ניט-טראַכטנדיק די מיינונג, אַז 'פאַך-יוניאָנס קענען ניט ווערן רעוואָלוציאָנערע יוניאָנס' און דערמיט באַטראַכטן מיר די זאַך דער-לײדיקט. איבערצייגנדיקע אַרגומענטן פאַר דער טעאָריע האָב איך קיינמאָל ניט געהערט — איך האָב עס אָנגענומען אָן פראַגעס ווי אַלע, די גרויסע מערהייט א. וו. וו. מיטגלידער, נעמט עס אָן איצט. די פּראַקטיק האָט געוויזן, אַז די טעאָריע האָט דערגרייכט נעגאַטיווע רעזולטאַטן. די א. וו. וו. דעמאָנ-סטרירט עס מיט איע עטלעכע טויזנט מיטגלידער."

נאָכדעם ווי חבר פאָסטער ברענגט ביישפּילן פון דעם דורכפאַל פון דער סינדיקאַליסטישער טרייד־יוניאָן באַוועגונג אין דייטשלאַנד וואָס ציילט אינ־גאַנצן 15,000 מיטגלידער און די ענדערונגען וואָס זיינען פאָרגעקומען אין דער פראַנצויזישער פעדעראַציע פון אַרבעט אַ דאַנק דער פּאָליטיק פון בויערן פון אינעווייניק, שטעלט זיך פאָסטער אָפּ אויף ענגלאַנד, וואו טאָם מען, גאַי באַומען און נאָך עטלעכע רעוואָלוציאָנערן האָבן געלערנט פון דעם דורכפאַל פון די פאַרזוכן צו גרינדן אַן א. וו. וו. באַוועגונג און זיינען אַריין אין די אַלטע יוניאָנס צו באַאיינפלוסן די אַרבעטער פון אינעווייניק. אַלס אַ רעזולטאַט האָט ענגלאַנד דורכגעמאַכט גרויסע און מיליטאַנטישע סטרייקס. פאָסטער דערציילט אַז זשואָ, סעקרעטאַר פון דער פראַנצויזישער פעדעראַציע פון אַרבעט, האָט אין זיין רעדע אין בערלין געראַטן די אַמערי־קאַנישע א. וו. וו. און די א. וו. וו. אין אַנדערע לענדער אויפצוגעבן זייער איזאָלירטקייט און זען אַריינצוטרעטן אין די עקזיסטירנדיקע יוניאָנס און דאָרטן אַרבעטן. פאָסטער פאַרענדיקט זיין אַרטיקל, אַז אויב ער וועט ווערן רעדאַקטאָר פון דעם „אינדאָסטריעל וואָירקער" וועט ער עפענען די פראַגע מיט אַ גרינטלעכער דיסקוסיע.

די אַנאַרכיסטן האָבן געשטיצט ביל הייוואודס שטעלונג. דזשאָזעף דזש. איטאָר, וואָס האָט נאָכדעם געפירט דעם סטרייק אין לאָורענס, האָט געשריבן:

„די טעאָריע, אַז אַלץ וואָס עס פאָדערט זיך צו ראַטעווען די א. פ. אָוו ל. איז אַריינצושיקן אַהין די ענערגישע, שטאַרקע מענטשן וואָס באַלאַנגען צו דער א. וו. וו., איז ענלעך צו דער עצה פון די 'סאָציאַליסטן' ווי אַזוי צו ראַטעווען דאָס לאַנד. אָבער מיר ווילן ניט ראַטעווען די א. פ. אָוו ל., פּונקט ווי מיר ווילן ניט ראַטעווען דאָס לאַנד. מיר שטרעבן צו פאַרניכטן עס. די סאָציאַליסטן זאָגן אונז צו פאַרקאָשערן די אָרבל און ווערן אַקטיוו פּאָ-

> ליטיש אין דעם קאפיטאליזם. 'מיר מוזן געווינען די רעגירונג' — זאגן זיי. מיר האבן עס פרובירט, אבער וואס מער מיר האבן זיך געשפילט מיט דער חיה אלץ מער האט די חיה אונז געפאנגען. מיר האבן געלערנט פון אונזער דערפארונג. די געוויסנלאזסטע שווינדלער וואס פאראטן איצט די ארבעטער, זיינען פריער געווען אונזערע אינדוסטריאליסטישע, סאציאליסטישע און אנארכיסטישע חברים וואס זיינען געווארן אומגעדולדיק מיט דעם לאנגזאמען פראגרעס וואס מיר מאכן פון דרויסן און זיינען אריבער אינעווייניק. ניט בלויז זיינען זיי פארלארן געגאנגען, נאר זיי זיינען געווארן די גרעסטע שטיצער פון די אלטע און סאמע פארעטערישע שונאים פון די ארבעטער."

טאם מען האט דורכגערייזט די פאראייניקטע שטאטן און זיין איבערציינגונג אז די א. וו. וו. דארף ארבעטן אין דער א. פ. או ל. איז געווארן שטארקער. אין אן ארטיקל אין א פראנצויזישן ארבעטער־זשורנאל האט דער אלטער וועטעראן פון דער מיליטאנטישער ארבעטער־באוועגונג אין ענגלאנד אונטערשטראכן, אז נאר ווען די רעוואלוציאנערע עלעמענטן פון דער א. וו. וו. וועלן זיין אין דער א. פ. או ל. וועט מעגלעך ווערן צו פארטרייבן דעם איינפלוס פון די קאפיטאליסטישע פאליטישענס. מען האט באצייכנט פאר אן אומגליק פאר בײדע ארגאניזאציעס, וואס די א. וו. וו. איז אפגעזונדערט פון דער מערהייט ארגאניזירטע ארבעטער. (פאל בריסענדען, די א. וו. וו., זייטן 300-340.). אז ניט איטאר נאר פאסטער און מען זיינען געווען גערעכט, האט געוויזן די שפעטערדיקע פארגליווערטקייט פון די א. וו. וו. רעשטן און די ענדערונגען וואס זיינען פארגעקומען אין דער באזע פון דער א. פ. או ל. אין 1933-1934, ווען נייע אינדוסטריעס האבן זיך אנגעשלאסן אין אירע רייען.

### לינקע האבן געהאט פולע מעגלעכקייט צו ארבעטן אין די א. פ. או ל. יוניאנס

ניט פארמאגנדיק דעם מארקסיסטישן צוגאנג האבן די פירער פון דער א. וו. וו. פאלש אפגעשאצט די ראל פון די פארשיידענע גרופעס אין דעם ארבעטער־קלאס און האבן ארגאניזאציאנעל אפגעשוואכט זייערע כוחות דורך א פולשטענדיקער דעצענטראליזאציע אין איינקלאנג מיט דעם אנארכאָ-סינדיקאליזם. זיי זיינען באגאנגען שווערע טעותן מיט זייער דירעקטער אקציע און סאבאטאזש און האבן ניט פארשטאנען די באדייטונג פון באלדיקע געווינסן ווי א מיטל צו צעמענטירן דעם באוואוסטזיין און די קאמף־גרייטקייט

פון די אַרבעטער־מאַסן. דער קאַמף וואָס זיי האָבן אָנגעהויבן אין די פאַכן וואו עס זיינען געווען יוניאָנס פון דער א. פ. אָוו ל., האָט געשטעלט די אַרבעטער געגן דער א. וו. וו.

דער הויפּט־טעות איז באַשטאַנען אין דער אָרגאַניזירונג פון דער א. וו. וו. אין 1905, ווי אין 1895, איז ניט געווען די מינדעסטע באַרעכטיקונג פאַר אַרויסטרעטן פון דער א. פ. אָוו ל. די לינקע אין די א. פ. אָוו ל. יוניאָנס האָבן נאָך ניט געוואוסט פון פּאַרפאַלגונגען, מאַסן־אויסשליסונגען און רע־אָרגאַניזאַציעס. זיי האָבן געקענט אַרבעטן אין די ראַמען פון דער א. פ. אָוו ל., אָרגאַניזירן נייע אינדוסטריעס און זיי אַריינברענגען אין דער א. פ. אָוו ל. מען האָט געקענט פירן סטרייקס אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע אָן דער הילף פון די א. פ. אָוו ל. פירער, גרינדן יוניאָנס און זיי אָנשליסן אין דער א. פ. אָוו ל., ווי דער פאַל איז געווען מיט די קוילן־גרעבער, נאָדל־אַרבעטער, און אַנדערע.

ווען אַזעלכע באַוואוסטע און באַליבטע פיגורן ווי יודזשין דעבס, הייוואוד און אַנדערע האָבן פאַרלאָזן די א. פ. אָוו ל., האָבן זיי נאָר געהאָלפן דעם גאָמפּערסיזם. קיין גרויסע אַרבעטער־טיילן האָבן זיי ניט מיטגענומען און ניט געקענט מיטנעמען פון דער א. פ. אָוו ל. זיי זיינען אַרוים מיט קליינע גרופּעס און דער גאָמפּערסיזם איז געבליבן אַליין צו הערשן איבער די מוחות פון הונדערטער טויזנטער אָרגאַניזירטע אַרבעטער וועלכע זיינען אויפגעהעצט געוואָרן געגן די „שטערער און ברעכער“. ווען דעבס און די איבעריקע פירער בלייבן אין דער פעדעראַציע און קעמפן פון אינעווייניק דורך אָרגאַניזאַציע-קאַמפּאַניעס צווישן די אומאָרגאַניזירטע, וואָלטן זיי מיט ביישפּילן אַריבער־געוואונען אַ סך אַרבעטער אין דער א. פ. אָוו ל. אויף זייער זייט. אַרויס־טרעטנדיק פון דער א. פ. אָוו ל., האָבן זיי זיך געשטעלט אין דרויסן פון דער איינציקער מאַסן־אָרגאַניזאַציע פון טרייד־יוניאָנס און האָבן שווער באַצאָלט פאַר דעם פונדאַמענטאַלן טעות.

## מיליטאַנטן האָבן איבערגעלאָזט די מאַסן צו גאָמפּערסן

די יאָרן פאַר דער וועלט־מלחמה זיינען געווען זייער גינסטיק פאַר אַן אינערלעכן איבערבוי פון דער אַרבעטער־באַוועגונג. דער גאָמפּערסיזם האָט זיך ווייט ניט געפילט שטאַרק אין זאָטל. דער דורכפאַל פון זיין אומ־פּאַרטייאישער פּאָליטיק און דער צוזאַמענברוך פון אַלע אַרבעטער־שוץ־געזעצן וואָס די פעדעראַציע האָט געשטיצט, האָט געשאַפן אַ סך אויפרעגונג צווישן די אַרבעטער. גאָמפּערסעס פּאָזיציע איז געוואָרן אַזוי שוואַך, אַז

פּרעזידענט ווילסאָן האָט געפּונען פאַר נויטיק צו קומען אין 1917 צום צוזאַמענפאָר פון דער א. פ. אָוו ל. אין באָפאַלאָ, צו ראַטעווען דורך זיין איינפלוס זיין פריינט גאָמפּערס.

דער קליינער אָבער טיכטיקער רעוואָלוציאָנערער שטראָם וואָס די א. וו. וו. האָט אָפּגעצווײגן פון דעם ברייטערן שטראָם, קאָנצענטרירט אין דער א. פּ. אָוו ל., איז אָוועקגעפירט געוואָרן פון די אַנאַרכיסטן אויף אַ פאַלשער ליניע. איזאָלאַציע איז געוואָרן אומפאַרמיידלעך.

קאָמוניסטן און לינקע זיינען ניט קיין אַבסאָלוטע געגנער פון נייע יוניאָנס אויסערהאַלב דער א. פּ. אָוו ל. עס ווענדט זיך אין דער געגעבענער לאַגע. פאַראַן צייטן ווען נייע אינדוסטריעס אָדער אַ מערהייט אַרבעטער אין אַלטע אינדוסטריעס האָבן ניט קיין אַנדער אויסגאַנג ווי נאָר צו גרינדן נייע יוניאָנס און שפּעטער זיי פאַראייניקן אין אַ צענטער. אַזאַ לאַגע איז אָנגעקומען אין 1929, נאָך מאַסן-אויסשליסונגען פון גאַנצע יוניאָנס אין דער קוילן־אינדוסטריע, טעקסטיל און נאָדל־אינדוסטריע, נאָך אַרונטערזעצן די פירער ווען די גרויסע מאַסע מיטגלידער אין דער יוניאָן האָט דערוויילט און צו ווען זי האָט געהאַט דעם פולן צוטרוי. געגן אַזאַ ווילקירלעכער דיקטאַטור איז קיין אַנדער אויסוועג ניט געווען ווי באַשאַפן אינדוסטריעלע יוניאָנס. דאָס זעלבע וועגן יוניאָנס אין אינדוסטריעס וואו די א. פ. אָוו ל. האָט זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט צו אָרגאַניזירן די אַרבעטער. אין 1905 און אין 1912 איז אַזאַ לאַגע ניט געווען. פאַרקערט, דער לינקער פליגל האָט געקענט אַרבעטן אין די רייען פון דער א. פּ. אָוו ל. דער לינקער פליגל האָט אָבער פאַרלאָרן דעם געדולד און צוליב די רעאַקציאָנערע פירער האָט ער פאַרלאָזן די מאַסן מיטגלידער. דאָס איז געווען אַ פאַלשער שריט, פאַר וועלכן די אַרבעטער האָבן טייער באַצאָלט.

די רעשטן פון דער א. וו. וו. וואָס זיינען געבליבן עקזיסטירן, איבן אויס אַ קליינעם איינפלוס. זייערע פּאָזיציעס זיינען גרעסטנטיילס צווישן די האַפן־אַרבעטער און אַ ביסל צווישן די קוילן־גרעבער אין קאָלאָראַדאָ. זיי זיינען צעוואָרפן איבער אַ ריי שטעט און אינדוסטריעס. קיין פעסטן אָנהאַלט האָבן זיי אין ערגעץ ניט. די גרויסע אָרגאַניזאַציע־באַוועגונג און די מאַסן־קאַמפן וואָס זיינען אויסגעבראָכן אין 1933 און 1934 זיינען פאַרבייגעגאַנגען דער א. וו. וו. פון דער זייט. דאָס איז די קלאָרסטע באַשטעטיקונג פון אונזער געדאַנק, אַז אָן אַ געזונטער אויסגעהאַלטענער פּראָלעטאַרישער אידעאָלאָגיע — און אַזאַ אידעאָלאָגיע איז נאָר דער מאַרקסיזם־לעניניזם — קען

ניט לעבן קיין ארבעטער־באוועגונג. באגייסטערונג, מוט און אפערוויליקייט זיינען נויטווענדיקע ארגאנישע טיילן פון דער ארבעטער־באוועגונג, אבער זיי אליין קענען ניט דינען פאר איר פונדאמענט. די א. וו. וו. האט ניט פארמאגט דעם געזונטן פונדאמענט, איז זי צעקראכן געווארן אין קליינע גרופעס וואס פלאנטערן זיך אין גייסטיקער צעמישונג און אידעאלאגישער הילפלאזיקייט.

דריי־און־צוואַנציקסטער קאַפּיטל

# די עפּאָכע פון טראַסטן און אימפּעריאַליזם

די צונויפשמעלצונג פון אינדוסטריעס. — דער שטראָם פון אינוועסטמענטס פון אויסלאַנד צוליב די הויכע פּראָפיטן דאָ. — אַנטי-טראָסט געזעצן אָנגעווענדעט געגן יוניאָנס. — יענקי-קאַפּיטאַליזם טרעט אַריין אין אימפּעריאַליסטישער עפּאָכע. — די פאַרכאַפּונג פון קובאַ, פיליפּינען, פּאָרטאָ-ריקאָ און האַאיטי. — דער פּאַנאַמאַ-קאַנאַל. — וואוקס פון אימיגראַציע און איר געענדערטער כאַראַקטער. — קאַפּיטאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע און אילוזיעס פון אַרויפאַרבעטן זיך הויבן אָן צו פאַרשווינדן. — דער קריזיס אין 1907 און אין 1913.

אַריבערשפּאַנענדיק דעם 19טן יאָרהונדערט האָט דער אַמעריקאַנישער קאַפּיטאַליזם זיך גענומען יאָגן נאָך נייער אויסשפּרייטונג. דער היימישער מאַרק איז געוואָרן צו ענג פאַר די קאַפּיטאַליסטן, האָבן זיי גענומען זוכן אויסלענדישע מערק אין דרום־אַמעריקע און אַזיע און באַזונדערס אויפן וויטן מזרח.

דער פּראָצעס פון קאָנצענטראַציע איז געווען אין פולן גאַנג. גיגאַנטישע טראָסטן זיינען אויפגעשטאַנען וועלכע האָבן געהאַלטן אַ מאָנאָפּאָליע אויף דעם גרעסטן טייל פון דער פּראָדוקציע אין דער געגעבענער אינדוסטריע, און דערמיט געקראָגן די מעגלעכקייט אויפצוהאַלטן הויכע פּרייזן. שטאָל און אייזן, קוילן, אָיל, צוקער, קופּער, אַלומינום, וואָל, מאַשין־בויאונג און נאָך אינדוסטריעס זיינען פאַרכאַפּט געוואָרן פון קליינע גרופּעס קאַפּיטאַליסטן. הינטער זיי זיינען געשטאַנען די אַלמעכטיקע וואָל־סטריט הייזער, די באַנק־פירמעס פון דזש. פּ. מאָרגאַן, קון לאָעב און קאָמפּאַניע מיט זייערע פאַרבינדעטע באַנקן־גרופּעס איבערן גאַנצן לאַנד. דער שטאָל־טראָסט האָט קאָנטראָלירט העכער העלפט פון אָט־דער אינדוסטריע, וואָס איז דער רוקנביין פון דערווירטשאַפט. די קוילן־פּראָדוקציע וואָס האָט באַשעפטיקט העכער אַ האַלבן מיליאָן אַרבעטער, איז קאָנטראָלירט געוואָרן פון דעם שטאָל־טראָסט און פון די באַן־קאָמפּאַניעס, וועלכע האָבן פאַרמאָגט 75 פּראָצענט פון די קוילן. די ראַקפעלערס און זייערע פאַרבינדעטע האָבן פאַרענדיקט,

דורך שווינדל און פאַרלעצונג פון געזעץ, די אויפבויאונג פון דער אָיל־קעניגרייך.

צווישן די יאָרן 1900—1904 זיינען אויפגעקומען דער שטאָל־טראָסט (יונייטעד סטייטס סטיל קאָרפּאָריישאַן), דער פאַרם־מאַשינען טראָסט (די אינ־טערנעשאָנאַל האַרוועסטער קאָמפּאַניע), די „אַמעריקאַן קען קאָמפּאַניע" און די „אַמעריקאַן ניקל קאָמפּאַניע" (די ערשטע קאָנטראָלירט די פּראָדוקציע פון אַלערליי מעטאַלענע זאַכן פאַר פּרעזערווירטע שפּייז, כעמישע פּראָדוקטן און טאַבאַק; די צווייטע קאָמפּאַניע האָט מאָנאָפּאָליזירט די פּראָדוקציע פון ניקל אין די פאַראייניקטע שטאַטן און אין די דרום־אַמעריקאַנישע רע־פּובליקן). די טראָסטן זיינען געווען נאָר דער אָנהייב. זיי זיינען געבויט געווען אויף דער קאָנצענטראַציע פון אינדוסטריע און פון פינאַנצן.

„די קאָנצענטראַציע פון אינדוסטריע אויף אַ געוויסער שטופע פון איר אַנטוויקלונג" — שרייבט לענין — „דערגייט פון זיך אַליין, קען מען זאָגן, זייער נאָענט צו מאָנאָפּאָליעס."

צוליב די געשוואָלענע דיווידענטן וואָס אַמעריקאַנישע אינדוסטריען האָבן אַריינגעבראַכט, האָט זיך געצויגן אַ גאָלד־שטראָם איבער דעם אַטלאַנ־טישן אָקעאַן. אייראָפּייאישע קאַפּיטאַליסטן, פּריצים און קעניגלעכע הויפן האָבן אינוועסטירט זייערע קאַפּיטאַלן אין אַמעריקאַנישע באַנען און אין אַנדערע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען. ערגעץ אַנדערש האָבן זיי ניט געקענט האָפן אויף אַזעלכע הויכע פּראָפיטן פאַר זייער געלט. ווען די וועלט־מלחמה איז אויסגעבראָכן האָבן זיך אין די פאַראייניקטן שטאַטן געפונען פינף ביליאָן דאָלאַר אין פאַרשיידענע ווערט־פּאַפּירן — אַקציעס און באָנדס — וואָס אויסלענדער האָבן דאָ אַריינגעלייגט.

קיין געלט האָט די היגע קאַפּיטאַליסטן ניט געפעלט. אַ האַלז־שניידנדיקער קאַמף איז אָנגעגאַנגען צווישן די גרויסע קאַפּיטאַליסטישע העכט פאַר קאָנטראָל איבער אינדוסטריען. גלייכצייטיק האָבן די גרויסע קאַפּיטאַליסטישע העכט געשמאַק געפרעסן די קלענערע קאַפּיטאַליסטישע פיש. אַ פּראָצעס פון צונויפשמעלצונגען פון קאָמפּאַניעס אין קאָרפּאָראַציעס, קאָרפּאָראַציעס אין טראָסטן און טראָסטן אין סופּער־טראָסטן, האָט ענג געמאַכט דעם „קליינעם מענטשל" אין אינדוסטריע. פאַר אים איז קיין פּלאַץ ניט געבליבן אין די אָנפירנדיקע און וויכטיקע אינדוסטריען. גרויס־קאַפּיטאַל האָט אויסגעשפּרייט זיין הערשאַפט איבערן לאַנד און פאַרנומען אין זיינע הענט אַלע הויפּט־צווייגן פון עקאָנאָמישן לעבן. אָט די אומבאַשריינקטע עקאָנאָמישע מאַכט

האָט אים באַזאָרגט מיט אַ פולשטענדיקן קאָנטראָל איבער דער מלוכה און אירע אינסטיטוציעס.

קאַפּיטאַליסטן מיידן אויס גרינג די אַנטי־טראָסט געזעצן

גרויס־קאַפּיטאַל האָט דעריבער געקענט גאַנץ באַקוועם און אָן באַזונדערע שוועריקייטן אויסמיידן די צוויי „שטרענגע" אַנטי־טראַסט געזעצן וואָס קאָנגרעס האָט אָנגענומען אונטער דעם דרוק פון דעם מיטל־קלאַס און דעם קליינבירגערטום.ביידע געזעצן, דער שערמאַן און דער קלעיטאָן אַנטי־טראָסט געזעצן, זיינען געבליבן אויף פּאַפּיר. די טראָסטן האָבן זיך נאָר „רעאָרגאַניזירט". די אָיל־קעניגרייך האָט דורכגעפירט אַ פּאַפּירענע צעטיילונג פון איר מלוכה. אָנשטאָט איין סטאַנדאַרד אָיל קאָמפּאַניע, זיינען אויסגע־וואַקסן עטלעכע, די סטאַנדאַרד אָיל קאָמפּאַניע פון ניו־יאָרק, די סטאַנדאַרד אָיל קאָמפּאַניע פון ניו־דזשוירזי, פון אינדיאַנאַ, א. אַז. וו. קיין איין טראָסט איז ניט אויפגעלייזט געוואָרן אין דערווירקלעכקייט און קיין איין טראָסט־בויער איז ניט באַשטראָפט געוואָרן פאַר פאַרלעצן דעם אַנטי־טראָסט געזעץ. די גרויסע באַנקירן האָבן אויסגעפונען די סיסטעם פון „אינטערלאָקינג" דירעקטאָרן, די „פאַרקייטלטע" סיסטעם וואָס האָט מעגלעך געמאַכט די שותפים פון אַ גרויסן באַנקן־הויז צו זיין פאַרטראָטן אַליין אָדער דורך „דאָמים" (אָנגעשטעלטע מענטשן) אין די דירעקטאָרן־באָרדס פון די הונדער־טער גרויסע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען און זיי קאָנטראָלירן. שפּעטער האָבן זיי אויסגעפונען אַ פיינע אויסבעסערונג צו דער „אינטערלאָקינג" סיסטעם, די „האָלדינג קאָמפּאַניע". דורך דער „האָלדינג קאָמפּאַניע" (אַ קאָמ־פּאַניע וואָס האַלט די ווערט־פּאַפּירן פון אַנדערע קאָמפּאַניעס) איז אויפ־געבויט געוואָרן אַ גאַנצע פּיראַמידע פון גרויסע קאָמפּאַניעס, איינע אויף די אַקסלען פון דער צווייטער, איינע האָט געזויגן די פּראָפיטן פון דער צווייטער, און אַלע פּראָפיטן זיינען געגאַנגען אין די זעלבע געציילטע הענט, ניט קוקנדיק אויף דער מאַסע דירעקטאָרן וואָס האָבן צונויפגעשטעלט די קאָמ־פּאַניעס פון דער פּיראַמידע. די דירעקטאָרן זיינען געווען „דאָמים". אַזאַ פינאַנציעלע סיסטעם האָט אויפגעבויט אינסול, דער געוועזענער פּאָבליק יוטיליטים מאַגנאַט אין דער מיטל־וועסט און די וואַן־סווערינגען ברידער אין קליוולאַנד. ביידע פּיראַמידן זיינען פאַנאַנדערגעפאַלן אין די קריזיס־יאָרן — 1929—1933 — מיט קאָלאָסאַלע פאַרלוסטן פאַר די אינוועסטירער וואָס האָבן געגלויבט אין די שרייענדיקע רעקלאַמעס פון אַזוינע מעכטיקע פיגורן אין דער געשעפט־וועלט.

די אנטי־טראָסט געזעצן, באַזונדערס דער קלעיטאָן־געזעץ, איז אָבער אַנגעווענדעט געוואָרן געגן די יוניאָנס. (וועגן דעם קלעיטאָן אַנטי־טראָסט געזעץ וועט דער לייענער געפינען גענויער אין דעם קאַפּיטל וועגן דער א. פ. אָוו ל., טעאָריע און פּראַקטיק.) דאָ איז נויטיק צו דערמאָנען, אַז אַלע געזעצן וואָס קאָנגרעס און די שטאַטן האָבן דורכגעפירט צו קאָנטראָלירן און צו רעגולירן די גרויסע רויב־פייגל, זיינען אין דער פּראַקטיק פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אינסטרומענט געגן די מאַסן פון דער באַפעלקערונג ווען די געזעצן האָבן געזאָלט באַשיצן.

די אַלע קאָנטראָל־אינסטיטוציעס, ווי די „אינטערסטייט קאמערס קאָמישאָן" וואָס קאָנטראָלירט די באַנען, די פאַרשיידענע „פּאָבליק סוירוויס קאָמישאָנס" וואָס דאַרפן רעגולירן און קאָנטראָלירן די געז־קאָמפּאַניעס, עלעקטריע־קאָמפּאַניעס, סאָבוויי־ און טראַמוויי־קאָמפּאַניעס, זיינען געוואָרן שוץ־אָרגאַניזאַציעס פאַר די זעלבע קאָמפּאַניעס געגן די קאָנסומערס. די רעגירונג ווייסט צום ביישפּיל אויסגעצייכנט, אַז די בעל טעלעגראַף און טעלעפאָן קאָמפּאַניע איז אַ טראָסט וואָס קאָנטראָלירט אַלע טעלעפאָן און טעלעגראַף ליניעס אין לאַנד. דער אַנטי־טראָסט געזעץ איז ניט אָנגעווענדעט געגן די מאַגנאַטן פון טעלעגראַף און טעלעפאָנען. דערפאַר איז דער אַנטי־טראָסט געזעץ יאָ אָנגעווענדעט געוואָרן געגן די אָרגאַניזירטע אַרבעטער און זייערע יוניאָנס.

## דער קריג געגן שפּאַניע און דער פּאַנאַמאַ קאַנאַל

דער אַמעריקאַנישער אימפּעריאַליזם איז אָפן און ענערגיש אַריינגעטראָטן אין זיין אימפּעריאַליסטישער עפּאָכע מיט דער פאַרכאַפּונג פון קובאַ און די פיליפּינען־אינזלען אין 1898. נאַטירלעך האָט עס געהייסן אַז „מיר" זיינען געגאַנגען זיך שלאָגן מיט שפּאַניע צו באַפרייען די אונטערדריקטע אינזלען אויף דעם קאַריבייאישן ים און אויף דעם פּאַסיפישן אָקעאַן פון די שוואַרצע נעגל פון דער האַלב־פעאָדאַלער שפּאַנישער הערשאַפט. ווי אַזוי „מיר" האָבן באַפרייט די מאַסן פון די אינזלען און פון פּאָרטאָ־ריקאָ און האַאיטי, איז אַ באַוואוסטע זאַך.*)

*) די אַמעריקאַנישע סאָלדאַטן האָבן מיט שרעקלעכער גרויזאַמקייט פאַרטיליקט די באַפעלקערונגען פון גאַנצע אינזלען אין די פיליפּינען, וועלכע האָבן זיך געשטעלט געגן די פאַרכאַפּער. אין דער צייט ווען די אַמעריקאַנישע קאָרעספּאָנדענטן האָבן באַזונגען די באַפרייאונג-קאַמפּאַניעס פון דער אַרמיי, זיינען הונדערטער

דער אַמעריקאַנישער אימפּעריאַליזם האָט געבראַכט דער אָרעמער באַפעלקערונג פון ביידע אינזלען שקלאַפעריי, הונגער און נויט. די בלוטיקסטע אונטערדריקער פון דעם קובאַנישן פאָלק זיינען אויפגעהאַלטן געוואָרן מיט די עקאָנאָמישע און מיליטערישע כוחות פון דעם אימפּעריאַליסטישן אָנקלעם. דערפאַר האָבן די יענקי־קאַפּיטאַליסטן אַוועקגעלייגט זייער האַנט אויפן גאַנצן עקאָנאָמישן לעבן פון קובאַ, אַרויסגעשטויסן די ענגלישע קאַפּיטאַליסטן און פאַרכאַפּט די צוקער־ און טאַבאַק־פעלדער. דאָס זעלבע האָבן זיי געטאָן מיט די פיליפּינען. קובאַ איז אויך אַ מיליטערישער פּאָסטן פאַר דעם אַמעריקאַנישן פלאָט אינם קאַריבייאַישן ים. דאָס זעלבע אין האַוואַיאַי, די פיליפּינען אויף דעם ווייטן מזרח.

פינף יאָר שפּעטער איז געקומען די „רעוואָלוציע”, וואָס פּרעזידענט טעאָדאָר רוזוועלט האָט דורכגעפירט אין דער קליינער רעפּובליק פון קאָלומביאַ. טעאָדאָר רוזוועלט האָט באַדאַרפט פאַרכאַפּן דעם באָדן, וואָס איז נויטיק געווען אויסצוגראָבן אַ ים־וועג צווישן דעם אַטלאַנטישן און פּאַסיפישן אָקעאַן, האָט ער אָפּגעריסן אַ שטיק באָדן און באַשאַפן די פּאַנאַמער „רעפּובליק”. דער פּאַנאַמער קאַנאַל האָט געגעבן דעם אַמעריקאַנישן אימפּעריאַליזם אַ מעכטיקן עקאָנאָמישן פאָרצוג איבער זיינע קאָנקורענטן און הויפּטזאַכלעך אַ געפּאַנצערטן קולאַק געגן ענגלאַנד און יאַפּאַן אויף דעם פּאַסיפישן אָקעאַן און אויפן ווייטן מזרח. אין עטלעכע שטונדן קען דער אַמעריקאַנישער פלאָט אַריינפאָרן פון דעם אַטלאַנטישן אָקעאַן אין דעם פּאַסיפישן און פאַרקערט, אָנשטאָט צו דאַרפן מאַכן אַ לאַנגע רייזע אַרום „קייפּ האָרן”, וואָס פלעגט דויערן אַ פּאָר וואָכן. די פאַרכאַפּונג

---

טויזנטער פיליפּינער אויסגעהרגעט געוואָרן. די פּאַרפּאַסער פונם בוך „די קאָנקוועסט אָוו די פיליפּינס ביי די יו. עס.”, סטאָרי און ליטשאַקאָ, ברענגען דאָקומענטן אַז אין דעם גרעסטן אינזל, לאַסאָן, וואָס האָט געהאַט אַ באַפעלקערונג פון העכער דריי און אַ האַלב מיליאָן, איז כמעט גאָרניט פאַרבליבן נאָכדעם ווי די שטראָף-עקספּעדיציע פון גענעראַל בעל איז פאַרטיק געוואָרן מיט איר אויפגאַבע. דאָס האָט געדויערט פון פעברואַר 1899, ווען דער ערשטער אויפשטאַנד איז אויסגעבראָכן אין מאַנילאַ, פיליפּינער הויפּט-שטאָט, ביז אין מיטן 1902, ווען די מיליטערישע קאַמפּאַניע איז אָפיציעל אָפּגעשטעלט געוואָרן. אומאָפיציעל האָבן די שטראָף-עקספּעדיציעס זיך געשלאָגן מיט די פיליפּינער פּויערים נאָך פיל יאָרן שפּעטער. נאָך איצט קומען פאָר איינצלנע שלאַכטן אין די ווייטערע ווינקלען פון די אינזלען.

וואַשינגטאָן האָט ניט באַפרייט די פיליפּינען פון שפּאַנישן יאָך. די פיליפּינער האָבן זיך אַליין באַפרייט. וואַשינגטאָן האָט באַנוצט די אַרמיי אַרויפצוצווינגען אויף די פיליפּינער די הערשאַפט פון אַמעריקאַנישן אימפּעריאַליזם.

פון פּאַרטאָ־ריקאָ און די האַאיטי אינזלען האָט נאָך מער באַפעסטיקט די פּאָזיציע פון אַמעריקאַנישן אימפּעריאַליזם.

נאָך דעם ווי די שוואַכע שפּאַניע איז אַרויסגעטריבן געוואָרן פון דרום-אַמעריקע און פון דעם פּאַסיפישן ים־ברעג, האָט זיך צעפלאַקערט אַ שטילע אָבער טיכטיקע עקאָנאָמיש־פּאָליטישע מלחמה צווישן דעם אַמעריקאַנישן אימ־פּעריאַליזם און דעם ענגלישן, וואָס איז אין יענער צייט געווען דער ווי־כטיקסטער עקאָנאָמישער און פינאַנציעלער פאַקטאָר אין די דרום־אַמעריקאַנישע רעפּובליקן. דער קאַמף איז נאָך ווייט ניט פאַרענדיקט. ניט פון אַלע פּאָזיציעס איז דער בריטישער אימפּעריאַליזם אַרויסגעשטויסן געוואָרן. אַרגענטינע איז נאָך אַלץ פאַרבליבן אין זיין „ספערע פון איינפלוס״.

אין די אַלע לענדער וואו דער יענקי־אימפּעריאַליזם איז אַריינגעדרונגען, איז ער דורכגעקומען מיט די רעגירנדיקע שיכטן און מיט זייער שטיצע גענומען איבערמאַכן דעם עקאָנאָמישן אויסזען פון לאַנד. די אַמעריקאַנישע אימפּעריאַליסטן, פערזאָניפיצירט אין דער אַלמעכטיקער „יונייטעד פרוכט קאָמפּאַניע״, אין די נעשאָנאַל סיטי און טשייס נעשאָנאַל באַנקען, אין דער פייערסטאָן ראָבער (גומי) קאָמפּאַניע און אַנדערע קאַפּיטאַליסטישע גיגאַנטן האָבן זיך ניט באַגנוגנט מיט ליגן זייער לאַפּע אויף די נאַטירלעכע רייכטימער פון לאַנד. זיי האָבן מיטן כח פון די אָרטיקע רויבערישע קאָרופּטע רעגירונגען געצוואונגען דער האָרעפּאַשנער באַפעלקערונג אַריבערצוגיין צו אַנדערע באַ־שעפטיקונגען, זיך פאַרנעמען מיט אַזעלכע געביטן פוןווירטשאַפט וואָס וועלן געבן פּראָפיטן די פרעמדע פאַרכאַפּער.

אַזוי זיינען די פּויערים פון קובאַ געטריבן געוואָרן זיך צו פאַרנעמען נאָר מיט איין טעכנישער קולטור, צוקער־שטעקלעך, אָדער טאַבאַק־פּלאַנצונג. דער קובאַנישער פּויער האָט ניט געקענט פאַרזייען קיין גאָרטן פאַר זיך. זיין שטיקל לאַנד — אויב ער האָט פאַרמאָגט אַזוינס — און זיין לאַנגע שווערע פּראַצע האָט געמוזט אָנגעווענדט ווערן אויף אַזאַ פּראָדוקט וואָס די אַמעריקאַנישע קאַפּיטאַליסטן דאַרפן האָבן פאַרן עקספּאָרט.

אין קאָלאָמביאַ איז דאָס געווען באַנאַנאַס, אין טשילי — ניטראָגען, אין דער ווייטער אַפריקאַנישער ליבעריאַ האָט מען געטריבן די שוואַרצע פּויערים פון זייער לאַנד אין די וועלדער, צו קולטיווירן גומי-ביימער. דאָס אַרויפצווינגען איין געוויקס האָט אַרונטערגעיאָגט דעם אַזוי־אויך נידעריקן לעבנס־סטאַנדאַרד פון דער אָרעמער באַפעלקערונג. אין אַ קריזיס, ווען די פּרייזן אויפן צוקער, טאַבאַק, באַנאַנאַס, ניטראָגען א. אַז. וו. זיינען פּלוצלונג געפאַלן, און די אַמעריקאַנישע קאַפּיטאַליסטן האָט זיך ניט געלוינט

אנגיין מיט דער פראדוקציע, איז די לאגע פון די איינוואוינער געוועז קאטאס־טראפאליש. הונגער און קראנקהייטן האבן ארויסגערופן א חורבן צווישן דער איינגעבוירענער באפעלקערונג.

לעניגס דעפיניציע פון אימפעריאליזם

אין זיין ווערק, אימפעריאליזם ווי דער נייסטער עטאפ פון קאפיטאליזם, גיט לענין די פאלגנדיקע עקאנאמישע כאראקטעריסטיק פון אימפעריאליזם:

„אויב עס וואלט נויטיק געווען צו געבן א וואס-מעגלעך קורצע דעפיניציע פון אימפעריאליזם, וואלט מען באדארפט זאגן, אז אימפעריאליזם איז די מאנאפאליסטישע שטופע פון קאפיטאליזם. אזא דעפיניציע וואלט איינגע-שלאסן דאס סאמע וויכטיקסטע, ווייל פון איין זייט, איז פינאנץ-קאפיטאל דער באנק-קאפיטאל פון א קליינער צאל באנקן, וואס האט זיך צוזאמענגעגאסן מיט דעם קאפיטאל פון די מאנאפאליסטישע אינדוסטריעלע קאמפאניעס; פון דער אנדער זייט, איז די פארטיילונג פון דער וועלט אן איבערגאנג פון א קאלאניאלער פאליטיק, וואס האט אן שטערונגען זיך אויסגעברייטערט אויף געגנטן, וועלכע זיינען נאך ניט געווען פארכאפט דורך קיין קאפיטאליסטישער מאכט, צו א קאלאניאלער פאליטיק פון א מאנאפאל-באזיץ פון דער טערי-טאריע פון דער גאנצער ערד, פארטיילט ביזן סוף."

אויסרעכענענדיק די וויכטיקסטע עקאנאמישע פאקטארן פון אימפעריא־ליזם, שרייבט לענין:

„אימפעריאליזם איז קאפיטאליזם אויף יענער שטופע פון אנטוויקלונג, ווען עס האט זיך איינגעשטעלט די הערשאפט פון מאנאפאליעס און פינאנץ-קאפיטאל. דער ארויספיר פון קאפיטאל האט אנגענומען אן אנטשיידנדיקע באדייטונג; עס האט זיך אנגעהויבן די פארטיילונג פון דער וועלט צווישן די אינטערנאציאנאלע טראסטן און עס האט זיך פארענדיקט די פארטיילונג פון דער גאנצער ערד-טעריטאריע צווישן די גרעסטע קאפיטאליסטישע לענ-דער." (לענין, באנד 19, זייטן 142-143.)

דער אמעריקאנישער קאפיטאליזם איז אריינגעטראטן אין דער אימ־פעריאליסטישער עפאכע שפעטער פון ענגלאנד, פראנקרייך און דייטשלאנד, ער האט זיי אבער אנגעיאגט און אין געוויסע הינזיכטן אריבערגעיאגט — אין קאנצענטראציע פון אינדוסטריע און פון קאפיטאל — נאך די יארן פון דער וועלט־מלחמה, 1917־1918.

א באגריף פון דער ראשיקער אינדוסטריעלער אנטוויקלונג פון דער אמעריקאנישער אינדוסטריע אין דעם ערשטן פערטל פון דעם 20סטן יאר־הונדערט קען מען קריגן פון דער פאלגנדיקער טאבעלע:

אינדוסטריעלע אַנטוויקלונג צווישן 1900—1924

| יאָר | צאָל פון אונטערנעמונגען | צאָל פון אַרבעטער | אַריינגעלייגטער קאַפּיטאַל (אין מיליאָנען) | ווערט פון סחורות (אין מיליאָנען) |
|---|---|---|---|---|
| 1900 — — | 207,514 | 4,712,763 | 8,975 | 11,406 |
| 1910 — — | 268,491 | 6,615,046 | 18,428 | 20,672 |
| 1915 — — | 275,791 | 7,076,337 | 22,770 | 24,246 |
| 1919 — — | 289,768 | 9,103,200 | 44,678 | 62,910 |
| 1923 — — | 196,309 | 10,282,306 | ——— | 60,550 |

צאָל אַרבעטער פאַרדאָפּלט, פּראָדוקציע פאַרפינפאַכט

אין פאַרלויף פון די עטלעכע און צוואַנציק יאָר איז די צאָל אַרבעטער אין די אינדוסטריען מער ווי פאַרדאָפּלט געוואָרן. דער אַריינגעלייגטער קאַפּי־טאַל איז פאַרפינפאַכט געוואָרן און דער ווערט פון אינדוסטריעלע פּראָדוקטן אויך פאַרפינפאַכט געוואָרן. נאָר די צאָל אונטערנעמונגען איז געוואָרן קלענער, אָבער פיל גרעסער אין פאַרנעם און פּראָדוקציע. אויסער דעם פּראָצעס פון קאָנצענטראַציע פון דער אינדוסטריע, ווייזן די ציפערן נאָך עטוואָס, אַז מיט ראַציאָנאַליזאַציע און מאַשינען קענען די קאַפּיטאַליסטן פאַרפינפאַכן זייער פּראָדוקציע בשעת די צאָל אַרבעטער איז נאָר פאַרדאָפּלט. אָט־דעם „קונץ" האָבן די קאַפּיטאַליסטן אָנגעהייבן דורכצופירן גאָר אויף אַ גרויסן מאַסשטאַב נאָך דער וועלט־מלחמה אין די יאָרן פון דער אַזוי־גערופע־נער פּראָספּעריטעט און שפּעטער אין קריזיס. דורך די נייע מעטאָדן פון יאָגעניש קוועטשן זיי אַרויס פון דעם איינצלנעם אַרבעטער אַ גרעסערע מאָס פּראָדוקציע און פאַרשפּאָרן דעריבער אָנשטעלן נייע אַרבעטער.

די קאָנצענטראַציע פון קאַפּיטאַל און אינדוסטריען האָט אַרויסגערוקט די פעדעראַלע רעגירונג ווי דעם הויפּט־כח פון דעם קאַפּיטאַליסטישן קלאַס. די שטאַט־רעגירונגען האָבן אויפגעהערט שפּילן די אַמאָליקע גרויסע ראָל, כאָטש אָפיציעל איז גאָרניט געטאָן געוואָרן צו פאַרמינערן זייער רעכט און אינערלעכע זעלבסטשטענדיקייט. די קאַפּיטאַליסטן האָבן באַדאַרפט אַז די צענטראַלע אַגענטור פון זייער מלוכה' זאָל קענען גרינג און שנעל שפּרייזן איבער די גרענעצן פון די שטאַטן. דורך אַ ריי געזעצן און נייע אינסטיטוציעס האָט די פעדעראַלע רעגירונג איבערגענומען אַ סך פונקציעס און אויפגאַבן וואָס זיינען פריער געווען אין דער שטרענגער יורישדיקציע פון די שטאַטן. די קליינבירגער און זייערע פאָרשטייער האָבן זיך טאַקע באַקלאָגט וואָס די

דזשעפערסאָנישע דעמאָקראַטיע *) פאַרשווינדט פון אַמעריקע, אָבער זייערע קלאַנגען האָבן ניט געהאַלפן. די אייזערנע געזעצן פון קאַפּיטאַליסטישער אויס־שפּרייטונג האָבן דיקטירט די קאָנצענטראַציע פון דער פּאָליטישער מאַכט אין די הענט פון דער פעדעראַלער רעגירונג אין וואַשינגטאָן.

אימיגראַציע בייט איר קוואַל און ענדערט איר כאַראַקטער

צוזאַמען מיט דעם וואוקס פון אינדוסטריע איז אויך שנעל געוואַקסן די באַפעלקערונג. די פערצן יאָר ביז דעם אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה, וואָס האָט אָפּגעשטעלט די איינוואַנדערונג, זיינען געווען די העכסטע יאָרן פון דער אימיגראַציע. דרייצן מיליאָן אימיגראַנטן האָבן געלאַנדעט אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון 1900 ביז 1914. די באַפעלקערונג האָט זיך פאַר־גרעסערט אין די ערשטע צוואַנציק יאָר פון דעם יאָרהונדערט אויף דרייסיק מיליאָן מענטשן. אין 1910 האָט די באַפעלקערונג געציילט 105,710,620 נפשות.

די אימיגראַציע אין אָנהייב פון דעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט האָט אויך געטראָגן אַן אַנדער כאַראַקטער. אָנשטאָט די מיטל־אייראָפּייאישע לענדער מיט זייער אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג זיינען די מזרח־ און דרום־אייראָפּייאישע לענדער, די ווייניקער אַנטוויקלטע, געוואָרן די צענטרען פון וואַנען דער אימיגראַנטן־שטראָם האָט זיך געצויגן אַהער. איטאַליע, די צאַרישע אימפּעריע און עסטרייך־אונגאַרן זיינען געוואָרן די הויפּט־ליפעראַנטן פון אַרבעט־הענט פאַר די אַמעריקאַנישע אינדוסטריען. דער ערשטער צענדליק יאָר האָט אויך געבראַכט צו די ברעגן פון די פאַראייניקטע שטאַטן די צווייטע אידישע מאַסן־אימיגראַציע פון מזרח־אייראָפּע, אַן אימיגראַציע וואָס האָט געלייגט דעם פונדאַמענט פאַר דער מאָדערנער אידישער אַרבעטער־באַוועגונג. די יאָרן נאָך דעם דורכפאַל פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע אין 1905 און דער כוואַליע פּאָגראָמען וואָס די סטאָליפּין־רעגירונג האָט פאַראורזאַכט, זיינען געווען די העכסטע יאָרן פון דער אידישער איבערוואַנדערונג אין דעם לאַנד.

*) טאָמאַס דזשעפערסאָן איז געווען פּרעזידענט אין 1800. ער איז געווען דער פאַרטיידיקער פון די אַבסאָלוטע רעכט פון די איינצלנע שטאַטן. דזשעפערסאָן איז געווען דער אידעאָלאָג פון די אַגראַריער אין די האַלב-פעאָדאַלע צייטן אין די פאַר־אייניקטע שטאַטן. ער האָט געשטאַמט פון ווירדזשיניע.

קיין פעסטגעשטעלטע ציפערן וועגן דער גרויס פון דער צאָל פרעמד־געבוירענע אַרבעטער אין די אינדוסטריען פון לאַנד זיינען ניטאָ. די אונטערזוכונג וואָס די פאַרשטאָרבענע קלאַריסאַ וועיר האָט דורכגעפירט גלייך נאָך דער וועלט־מלחמה האָט איר געגעבן די פאָלגנדיקע פּראָפּאָרציע:

| אינדוסטריע | פּראָצענט פון פרעמד־געבוירענע אַרבעטער |
|---|---|
| אייזן און שטאָל | 58 פּראָצענט |
| ווייכע קוילן | 62 ″ |
| פלייש און שלאַכט אינדוסטריע | 61 ″ |
| וואָל און געמישטע סחורות | 62 ″ |
| קאַטאָן־סחורות | 62 ″ |
| קליידער | 69 ″ |
| לעדער | 67 ″ |
| מעבל | 59 ″ |
| אויל־באַאַרבעטונג | 67 ″ |

(קלאַריסאַ וועיר: „די פאַרעין־באַרן וואָירקער".)

## אילוזיעס זיך אַרויפצואַרבעטן הויבן אָן צו פאַרשווינדן

די הויכע קאָנצענטראַציע פון אינדוסטריע האָט אויך געבראַכט אַ פּסיכאָלאָגישע ענדערונג אין דעם אַרבעטער־קלאַס אין די גרונט־אינדוסטריען. די אילוזיעס פון זיך אַרויסצורייסן פון אינדוסטריעלער שקלאַפעריי און ווערן זעלבסטשטענדיק, זיינען פאַרשוואונדן. אַט־די אילוזיעס זיינען אַלע מאָל געווען אַ באַדייטנדער פאַקטאָר אין דעם לעבן פון די אַמעריקאַנישע אַרבעטער. פון דער קינדער־שול ביז זיין קבר האָט מען זיי אָן אויפהער געשפּייזט מיט די „אומבאַשריינקטע מעגלעכקייטן" וואָס דאָס לאַנד גיט יעדן איינעם וואָס איז נאָר פּיאָיק, פלייסיק, אַרבעטזאַם, שפּאָרזאַם און לאָיאַל צו די געזעצן פון לאַנד. די לערן־ביכלעך אין דער שול זיינען פול מיט די לאַקריץ־זיסע און פאַבריצירטע געשיכטעס ווי אַזוי ראָקפעלער, וואָס איז צו זיבעצן יאָר געווען אַן אָרעמער פאַרקויפער אין אַ שפּייז־קראָם, איז געוואָרן אַן אויל־קעניג, בלויז אַ דאַנק זיין שפּאָרזאַמקייט, זיין פּיאָיקייט, אָרנטלעכקייט און לאָיאַליטעט צו די געזעצן פון לאַנד. און דאָס זעלבן וועגן ענדריו קאַרנעגיע, דער שטאָל־מאַגנאַט, און אַנדערע.

אַט־דער שווינדל פון די ראָקפעלערס און קאַרנעגיס האָט נאָכאַנאַנד גע־בליאַסקעט פאַר די אויגן פון דעם אָרעמען פאַרמער־ און אַרבעטער־אינגל,

דער שיינדל האט אויך געמאניעט דעם נאאיוון אימיגראנט וואס האט געגלויבט וואס מען זאגט אים אין קלאס פון ענגליש אין דער אוונט־שול. דער געדאנק און די האפענונג זיך ארויפצוארבעטן און ווערן אוים לוין־שקלאף האט געגליט אין די הערצער פון א היפשער צאל קוואליפיצירטע ארבעטער און האט געהאלפן צו פארהארטעווען אין זיי א געפיל פון אינדיווידואליזם. דער הערשנדיקער קלאס האט געוואוסט די גרויסע ווירקונג פון אט־דעם גיפט, וואס אזויפיל יונגע הארעפאשניקעס זאפן אריין אין זיך.

דער צוואנציקסטער יארהונדערט האט געמאכט א סוף צו די פאלשע חלומות וואס געוויסע ארבעטער האבן נאך געקענט טראגן אין זיך. נאטירלעך, דאס באציט זיך אויסשליסלעך אויף די קאנצענטרירטע אינדוסטריען און ניט אויף די אזוי־גערופענע „לייכטע" אינדוסטריען. דארטן זיינען די האפענונגען געבליבן אין קראפט ביז דעם גרויסן קריזיס און אפילו שפעטער. אין די נאדל-פאכן און אין די אינדוסטריען וואס באדינען דער באפעלקערונג איז פארגעקומען א פארקערטער פראצעס. די גרויסע קאפיטאליסטן האבן באוואוסטזיניק איינגעפירט א צעשפליטערונג אין דער פראדוקציע פטור צו ווערן פון די ארגאניזירטע ארבעטער. אין די נאדל־פאכן איז אויפגעקומען די עפידעמיע פון קאנטראקטארס וואס נעמען ארויס ארבעט ביי די גרויסע קאפיטאליסטן (דזשאבערס). אין די באדינונג־פאכן האט די ארבעטלאזיקייט געטריבן פיל ארבעטער אריינצוטרעטן אין קליינינקע געשעפטן פאר זיך, ווי רייניקן און פרעסן קליידער, קראמען א. ד. ג. גרעסטנטייל איז דאס ניט דער רעזולטאט פון וועלכע עס איז אילוזיעס זיך ארויפצוארבעטן, נאר געטריבן פון דער נויט צו פארנעמען זיך מיט די „זעלבסטשטענדיקע" געשעפטן, וואס פאראורטיילט זיי צו לאנגער און שווערער פראצע פאר א קלעגלעכער באלוינונג.

## דער קריזיס אין 1906 און אין 1913

אנשטאט די רייען פון ארבעטער־קלאס זאלן ווערן שיטערער, איז דער פראצעס געווען א פארקערטער. קאנצענטראציע פון קאפיטאל און פון אינדוסטריען האט ארויסגעריסן א סך זעלבסטשטענדיקע מענטשן פון זייער באדן און זיי געטריבן אין דער פאבריק. באזונדערס האט דער פראצעס זיך געלאזט פילן אין דער אגריקולטור. די ארעמע פארמער האבן ניט געקענט אויסהאלטן די קאנקורענץ פון די גרויסע פארמס מיט זייערע מאשינען. זיי זיינען געפאלן קרבנות פון די באנקן, מארטגעדזש־קאמפאניעס און גרויסע

תבואה־סוחרים. הונדערטער טויזנטער פארמער, זייערע זין און טעכטער, האָבן געמוזט פארלאָזן די איינגעזעסענע פלעצער און זוכן ארבעט אין שטאָט. הונדערטער מאָדערנע פאבריקן זיינען אויפגעשטעלט געוואָרן אין געגנטן געדיכט באַזעצט פון פארמער, צו קריגן פון זיי די נויטיקע ביליקע ארבעט־ארמיי. אַזוי איז אויסגעוואקסן די גרויסע אויטאָמאָביל־אינדוסטריע אין דעטראָיט, אַזוי איז שפּעטער אנטשטאַנען די גרויסע טעקסטיל־אינדוסטריע אין דרום.

מיט זיין גאַנצער בליאונג האָט דער קאַפּיטאַליזם ניט אויסגעמידן זיין אָרגאַנישע קראַנקהייט, די קריזיסן. וואָס גרעסער די אינדוסטריאַליזאַציע און די איינפירונג פון נייע פּראָדוציר־מיטלען, אַלץ שאַרפער זיינען ארויסגע־קראָכן די אינערלעכע ווידערשפּרוכן אין דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע וואָס האָבן אומפאַרמיידלעך געפירט צו קריזיסן, אַלץ מער מענטשן זיינען ארומגעכאַפּט פון א קריזיס, אַלץ גרעסער די נויט און דער הונגער. דער ערשטער קריזיס אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט איז געווען די באַוואוסטע פּאַניק פון 1906־1907. די סאַמע מעסיקסטע באַריכטן האָבן צוגעגעבן, אַז העכער פינף מיליאָן ארבעטער זיינען ארויסגעוואָרפן געוואָרן אויף דער גאַס. שפּעטער איז געקומען א קריזיס אין 1913, וואָס האָט ארומגעכאַפּט א סך מיליאָנען ארבעטער. דער קריזיס איז פאַרהאַלטן געוואָרן פון דער וועלט־מלחמה, וואָס איז אויסגעבראָכן דעם ערשטן אויגוסט, 1914. דער אַמעריקאַנישער קאַפּיטאַליזם איז געוואָרן דער אַמוניציע־ און שפּייז־צושטעלער פון די לענדער וואָס האָבן זיך געשלאָגן קעגן דייטשלאַנד און אירע פאַרבינדעטע. די מלחמה האָט זיך פאַרוואַנדלט אין א שמאַלץ־גרוב פאַר די אַמעריקאַנישע קאַפּיטאַליסטן.

פיר־און־צוואַנציקסטער קאַפּיטל

# די אַרבעטער אין דער וועלט־מלחמה

אמעריקאנישער קאפיטאליזם הויפט-ליפעראנט פון אמוניציע פאר די אליאירטע רעגירונגען.—די מלחמה-פראספעריטעט און דער אינדוסטריעלער וואוקס. — קאפיטאליסטן נעמען אריין די גאנצע קריג-פירונג אין זייערע הענט. — קאסטן פלוס צען פראצענט פראפיטן. — אומארגאניזירטע ארבעטער קריגן זייער קליינע לוין-העכערונגען. — די פארשפרייטע סטרייק-באוועגונג אין 1917-1916 און 1918. — דער טעראר פון די קאפיטאליסטן. — א. פ. אוו ל. קען ניט פארמיידן סטרייקס.—די „וואר לייבאר בארד".—גאמפערס אַ גרעסערער פאטריאט פון ווילסאנען. — ציט ארוים די א. פ. אוו ל. פון דעם אמסטערדאמער טרייד-יוניאן אינטערנאציאנאל צוליב די דייטשע ארבעטער. — באן-ארבעטער נוצן אוים געלעגנהייט. — די פארשווערונג געגן טאם מוני אין סאן פראנציסקא און די ארבעטער אין פעטראגראד. — די א. פ. אוו ל. צעשטערט גענעראל-סטרייק פאר טאם מונין.

ווען די קאנאנען האבן אנגעהויבן פייערן אין אייראפע דעם ערשטן אויגוסט 1914, האט די פאראייניקטע שטאטן זיך געפונען אינמיטן אַ שווערער דעפרעסיע, וואס האט פאראורזאכט אַ גרויסע ארבעטלאזיקייט און אַ פארשפרייטן הונגער. די שטימונג צווישן די ארבעטער איז געווען אן אויפגעברויזטע צוליב דער שחיטה אין לודלאו און צוליב דער וואקסנדיקער נויט. אין ניו יארק און אין אנדערע שטעט זיינען פארגעקומען ארבעטלאזע דעמאנסטראציעס. די דעפרעסיע האט זיך אנגעהויבן אין ווינטער פון 1913 און האט זיך ארייננעצויגן אין 1915. נאכדעם איז פארגעקומען אַ שארפע ענדערונג.

די פארצויגענע מלחמה אין אייראפע האט פארוואנדלט דעם אמעריקאנישן קאפיטאליזם אין דעם הויפט־ליפעראנט פון אמוניציע, רויע מאטעריאלן, שפייז און קליידער פאר די קריג־פירנדיקע לענדער. די בלאקאדע וואס דער בריטישער פלאט האט דערקלערט געגן דייטשלאנד האט אפגעשטעלט די ליפערונג פון באשטעלונגען צו דייטשלאנד, אבער די אמעריקאנישע קאפיטאליסטן האבן גארניט דערלייגט צו דער בלאקאדע. די אלי־

אירטע רעגירונגען זיינען געוואָרן גרויסע באַשטעלער אין די פּאַראייניקטע שטאַטן.

גוטע צייטן, איינגעטונקט אין די טייכן בלוט און אויפגעשטעלט אויף די צעמאָלענע ביינער אין די שלאַכטפעלדער, האָבן זיך באַוויזן אין אַמעריקע. די פּראָספּעריטעט איז געשטיגן נאָך העכער ווען ווילסאָן, אונטער דער פּאָדערונג פון וואָל-סטריט, האָט אַריינגעצויגן אַמעריקע אין דעם קריג אויף דער זייט פון די אַליִיעס. די אַליִירטע רעגירונגען האָבן געקראָגן קאָלאָסאַלע הלוואות פון דער וואַשינגטאָנער רעגירונג (אַרום 10 ביליאָן דאָלאַר). דעם גרעסטן טייל פון די הלוואות האָבן זיי אויסגעגעבן אויף באַשטעלונגען דאָ. די רעגירונג אַליין האָט אויך אויסגעגעבן 10 ביליאָן דאָלאַר אויף דער מלחמה־פירונג. די באַשטעלונגען זיינען איבערגעגעבן געוואָרן אין די הענט פון די קאַפּיטאַליסטן זיי זאָלן זיי דורכפירן און שליסן די נויטיקע באַדינגונגען. עס איז געווען אַ מלחמה געפירט פאַר די קאַפּיטאַליסטן, דורך די קאַפּיטאַליסטן און פון די קאַפּיטאַליסטן, נאָר געשלאָגן זיך אויף די שלאַכטפעלדער האָבן די מאַסן פון שטאָט און דאָרף.

די „וואָר אינדאָסטריס באָרד" און איר פּאָליטיק

דורך דער „וואָר אינדאַסטרים באָרד" (פאַרוואַלטונג פון מלחמה־אינדוסטריעס), מיט אַ ריי אָפּטיילונגען לויט די באַזונדערע אינדוסטריען, האָבן די קאַפּיטאַליסטן אַריינגענומען אין זייערע הענט די גאַנצע ליפערונג פון מאַטעריאַלן פאַר דער אַרמיי און פאַרן פלאָט. צום ביישפּיל, די באַשטעלונגען פון שטאָל און אייזן וואָס די רעגירונג האָט באַדאַרפט פאַר דער מלחמה זיינען געלעגן אין די הענט פון די שטאָל־מאַגנאַטן, וואָס האָבן צונויפגעשטעלט די שטאָל־אָפּטיילונג פון דער מלחמה־אינדוסטריעס פאַרוואַלטונג. די באַשטעלונגען פאַר געהילץ זיינען געלעגן אין די הענט פון די האָלץ־קאָמפּאַניעס, וואָס האָבן צונויפגעשטעלט די געהילץ־אָפּטיילונג פון דער מלחמה־אינדוסטריעס פאַרוואַלטונג און אַזוי איבער דער גאַנצער ליניע. אונטער דעם אויסרייד, אַז מען מוז מאָביליזירן די אַלע אינדוסטריען פאַר שנעלער און ווירקזאַמער קריג־דינסט, האָבן די גרויסע קאַפּיטאַליסטן אַריינגעקראָגן פולן קאָנטראָל איבער די קאָלאָסאַלע באַשטעלונגען וואָס די מלחמה האָט געפאָדערט, באַשטעלונגען וואָס האָבן באַטראָפן ביליאָנען דאָלאַר. זיי זיינען געווען גלייכצייטיק די רעגירונג וואָס מאַכט די באַשטעלונג און די פאַבריקאַנטן וואָס קריגן די באַשטעלונג. פאַרשטייט זיך, אַז הונדערטער מיליאָנען דאָלאַר האָבן זיך געקייקלט אין זייערע קאַסעס.

די אונטערזוכונג פון דער סענאַט־קאָמיטע איבער וואָפן און אַמוניציע, אין דעצעמבער 1934, האָט אַרויסגעבראַכט די אומגעהויערע פּראָפיטן וואָס די אַמוניציע- און וואָפן־קאַפּיטאַליסטן האָבן געמאַכט פון זייערע מלחמה־באַשטעלונגען. אויף מינימאַלסטע געלט־אינוועסטירונגען האָבן זיי געמאַכט אַזוי הויך ווי 800 פּראָצענט פּראָפיטן. 181 פּערזאָנען האָבן געמאַכט אַ מיליאָן און העכער פּראָפיטן אַ יאָר אין די מלחמה־יאָרן. וויפיל העכער פון אַ מיליאָן האָט די קאָמיטע ניט פאַרעפנטלעכט.

די פּראָפיטן פון שטאָל־טראָסט זיינען אַרויפגעשפּרונגען פון 89 מיליאָן אין 1912 אויף 90, מיליאָן אין 1916, 585 מיליאָן אין 1917 און 519 מיליאָן אין 1918.

די פּראָפיטן פון די פיר גרויסע פלייש־קאָמפּאַניעס זיינען אין 1917 געווען אויף 68 מיליאָן דאָלאַר מער ווי די דורכשניטלעכע יערלעכע פּראָפיטן פאַר דעם קריג.

די בעטלעהעם שטאָל־קאָמפּאַניע האָט פאַרגרעסערט אירע פּראָפיטן אין 1917 אויף 43 פּראָצענט.

די ניופּאָרט ניוס שיף־בוי קאָמפּאַניע האָט געמאַכט 72 פּראָצענט פּראָפיט אין 1918.

די ווינטשעסטער רעפּיטינג אַרמס קאָמפּאַניע (ביקסן און מאַשין־ביקסן) האָט אין 1918 געמאַכט 40 פּראָצענט און אין 1919 — 63 פּראָצענט אין פּראָפיטן.

די דיופּאָנט-דינאַסטיע (פּולווער און כעמישע שטאָפן) האָט אָנגעזאַמלט הונדערטער מיליאָנען דאָלאַרן פון די קריג־באַשטעלונגען.

פאַר דעם קריג און אין דעם קריג

די אינדוסטריע וואָס פּראָדוצירט פּאַרטיקע און האַלב-פּאַרטיקע פּראָדוקטן
(אין טויזנטער)

| יאָר | צאָל אונטערנעמונגען | צאָל אַרבעטער (אין קיילעכדיקע ציפערן) | צאָל פערד-קראַפט | אַריינגעלייגטער קאַפּיטאַל |
|---|---|---|---|---|
| 1914 — | 275 | 7,024 | 22,921 | 22,790 |
| 1919 — | 290 | 9,006 | 29,298 | 44,966 |

(אין מיליאָנען דאָלאַר)

| יאָר | יערלעכער לוין | קאָסטן פון רויען מאַטעריאַל | ווערט פון פּראָדוקציע אַריינגערעכנט רויע מאַטעריאַלן | ווערט פון פּראָדוקציע אָן רויע מאַטעריאַלן |
|---|---|---|---|---|
| 1914 — | 4,078 | 14,368 | 29,246 | 9,858 |
| 1919 — | 10,533 | 37,376 | 64,418 | 29,478 |

די ציפערן מאָלן אַ שאַרף בילד פון אינדוסטריעלער אויסשפּרייטונג, וואָס דער קריג האָט פאַראורזאַכט. כאָטש לוין איז געשטיגן אין די מלחמה־יאָרן, איז אָבער געבליבן ביי די קאַפּיטאַליסטן נאָענט צו זעקס ביליאָן דאָלאַר פּראָפיטן אין 1919. דאָס איז נאָר אין דער אינדוסטריע וואָס פּראָדוצירט פּאַרטיקע און האַלב־פּאַרטיקע פּראָדוקטן. וויכטיק איז אויך דער פאַקט, וואָס די צאָל אונטערנעמונגען האָט זיך ווייניק וואָס פאַרגרעסערט. דאָס איז דער באַראָמעטער פון דער קאָלאָסאַלער קאָנצענטראַציע פון אינדוסטריע וואָס האָט זיך אָנגעהויבן סוף פון 19טן יאָרהונדערט.

## דער אויסלענדישער האַנדל

אַ באַגריף וועגן דעם שפּרונג פון דעם אויסלענדישן האַנדל אין די מלחמה־יאָרן וועלן געבן די פּאָר ציפערן:

(אין מיליאָנען דאָלאַר)

| יאָר | | עקספּאָרט | אימפּאָרט |
|---|---|---|---|
| 1910 | — — | 1,804 | 1,638 |
| 1918 | — — | 6,054 | 3,150 |

דער אַקטיווער באַלאַנס איז כמעט הונדערט פּראָצענט אויף דער זייט פון די אַמעריקאַנישע קאַפּיטאַליסטן.

די מלחמה־אינדוסטריעס פאַרוואַלטונג האָט איינגעשטעלט אַ פּרינציפּ פון קאָסטן פּלוס 10 פּראָצענט פּראָפיט. דאָס האָט געמיינט, אַז דער קאַפּיטאַליסט האָט צוגעשטעלט אַ צעטל פון פּראָדוציר־קאָסטן ווי ער אַליין האָט געוואָלט און צוגעלייגט 10 פּראָצענט ריינעם פּראָפיט. נאָך מער, די מלחמה־אינדוסטריעס פאַרוואַלטונג האָט אַוואַנסירט די קאַפּיטאַליסטישע פירמעס געלט פאַראויס פאַר די באַשטעלונגען. ווען מען האָט געבויט שיפן האָבן די שיף־קאָמפּאַניעס גענומען פריער דאָס געלט וואָס עס קאָסט זיי צו בויען די שיף און צוגערעכנט 10 פּראָצענט פּראָפיטן. די אמתע פּראָפיטן זיינען געווען אומגעהויער גרעסער. פאַרמעגנס זיינען געוואַקסן איבער נאַכט.

די קריג־באַשטעלונגען האָבן געגעבן גענוג אַרבעט פאַר אַלעמען. דערצו זיינען פיר מיליאָן יונגע מענטשן מאָביליזירט געוואָרן אין דינסט. אין די אינדוסטריען וואו דער דרוק צו קריגן אַרבעטער איז געווען גרויס און דער נייטיגער פּאַרטיק צו מאַכן די באַשטעלונג נאָך גרעסער, האָט מען די אַרבעטער צוגעוואָרפן אַ העכערן לוין. אין דער אויפשטעלונג פון קאַזאַרמעס און שיף־בויאונג, וואו די רעגירונג האָט אויסגעלייגט דאָס געלט און איינגעפירט

דעם פּרינציפּ פון קאָסטן פּלוס צען פּראָצענט און וואו די אַרבעט איז צייט־ווייליק, האָט די קאָמפּאַניעס ניט געאַרט אויב אַן אַרבעטער מאַכט נאָך עטלעכע דאָלאַר א וואָך. פּאַרקערט, זייערע 10 פּראָצענט איז געשטיגן פון א גרעסערן לוין־צעטל פאַר די אַרבעטער. אין די מערסטע אינדוסטריען אָבער, וואו קאַפּיטאַל איז טראַסטיפיצירט געוואָרן און וואו קאָנטראָל פון דער פאַר־וואַלטונג איז געלעגן דירעקט אין וואָל־סטריט, זיינען די אַרבעטער געבליבן מיט אומוויכטיקע לוין־העכערונגען, מיילן ווייט פון די געשוואָלענע פּראָפּיטן, וואָס די קאַפּיטאַליסטן האָבן געשאַרט, און אפילו ווייט ניט אין איינקלאַנג מיט דעם יקרות וואָס איז געשטיגן מיט יעדן מאָנאַט.

לאַגע פון מערסטע אַרבעטער בלייבט אומפּאַרענדערט

אַז אינדוסטריע ווי שטאָל און אייזן, וואָס האָט באַשעפטיקט העכער א האַלבן מיליאָן אַרבעטער און וואָס האָט זיך בוכשטעבלעך געבאָדן אין פּראָפּיטן פון די קריג־קאָנטראַקטן, האָט אויפגעהאַלטן א גרויזאַמע עקס־פּלואַטאַציע פון די אַרבעטער פּונקט ווי פריער. גערי, הויפּט פון שטאָל־טראָסט און הויפּט פון דער שטאָל־אָפּטיילונג פון דער מלחמה־אינדוסטריעס פאַרוואַלטונג, האָט זיך אַלץ געהאַלטן ביים זייניקן, אַז די שטאָל־אינדוסטריע קען ניט באַווייזן אַזא „לוקסוס" ווי איינפירן דעם 8-שטונדיקן אַרבעט־טאָג. אין שטאָל־מילן, ביי די אָפענע שמעלץ־אויוונס, האָבן אַרבעטער געפּראַצעוועט 12 שטונדן א טאָג און זייער אָפט 7 טעג א וואָך. די עטלעכע דאָלאַר, וואָס די שטאָל־קאָמפּאַניעס האָבן צוגעוואָרפן די אַרבעטער, זיינען איינגעשלונגען געוואָרן פון די שטייגנדיקע פּרייזן אויף אַלע לעבנס-נויטווענדיקייטן. די שקלאַפעריי אין דער שטאָל־אינדוסטריע איז אויף א האָר ניט געמינערט גע־וואָרן. ענלעך איז געווען די לאַגע אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע, וואָס האָט באַשעפטיקט נאָענט צו א מיליאָן אַרבעטער, צווישן זיי א גרויסע צאָל קינדער.

די מלחמה האָט א שטויס געטאָן די טעקסטיל־אינדוסטריע אין דרום. נייע פאַבריקן זיינען אויסגעוואַקסן. די קאָמפּאַניעס האָבן געזוכט אַרבעטער. זיי האָבן געשיקט אַגענטן אין די פּאַרוואָרפנסטע לעכער צווישן די בערג אין טענעסי, קענטאַקי, ווירדזשיניע און די קאַראָליינעס אַריינצונאַרן די בארג־איינוואוינער, אָפּגעשטאַנען און אָרעם, אין די פאַבריקן. די ערגסטע פאָרמען פון אַרבעט־באַדינגונגען האָבן געהערשט אין דער טעקסטיל־אינ־דוסטריע אין דרום. ניט קיין סך בעסער האָט זיך געלעבט די שטאָל־אַרבעטער אין דרום.

ווען די וועלט־מלחמה האָט אויסגעבראָכן האָט וואודראָו ווילסאָן גע־שפּילט די ראָל פון אַ מלחמה־געגנער. ערב די פּרעזידענט־וואַלן אין 1916 האָט ער דערקלערט: „מיר זיינען צו שטאָלץ צו גיין אין קריג." די גאַנצע פּרעזידענט וואַל־קאַמפּאַניע אין 1916 איז געפירט געוואָרן פון דער דעמאָ־קראַטישער פּאַרטיי מיט דער לאָזונג: „ער (ווילסאָן) האָט אונז פאַרהיט פון קריג." נאָך ווילסאָנס ווידערדערוויילונג מיט זייער אַ קליינער מאַיאָרי־טעט (אַ מאַיאָריטעט פון דריי טויזנט שטימען אין קאַליפאָרניע האָט געגעבן ווילסאָנען דעם פּרעזידענט־אַמט), האָט ער ביסלעכווייז אָבער שאַרף גע־ענדערט זיין פּאָליטיק. נאָך דער פאַרשטאַרקונג פון דער טעטיקייט פון דייטשע סאָבמארינס האָט ווילסאָן אָפּגעריסן די דיפּלאָמאַטישע באַציאונגען מיט דייטשלאַנד. דריי מאָנאַטן שפּעטער, דעם 2טן אַפּריל, 1917, איז ער דערשינען פאַרן קאָנגרעס און געפאָדערט אַ קריג־דערקלערונג געגן דייטש לאַנד. דעם 6טן אַפּריל איז די קריג-דערקלערונג אָנגענומען געוואָרן אין קאָנגרעס. צוועלף סענאַטאָרן האָבן געשטימט געגן קריג. אין דעם רעפּרע־זענטאַנטן־הויז האָבן עטלעכע און פופציק קאָנגרעסלייט געשטימט געגן. ווילסאָן האָט געהאַנדלט אונטער דעם ענערגישן פאַרלאַנג פון וואָל־סטריט אַריינצוטרעטן אין קריג און ראַטעווען אירע קאָלאָסאַלע אינוועסטירונגען אין די אַליאירטע לענדער.

די קריג־דערקלערונג האָט אַרויסגעלאָזט אַ פּאַטריאָטישע מאָרד־העצע, וואָס האָט ניט וואַרשיינלעך איר גלייכן אין דער געשיכטע פון לאַנד. עס האָט געהייסן, אַז די פאַראייניקטע שטאַטן איז אַריין אין קריג אויסשליסלעך מיט דעם צוועק צו צעשמעטערן דעם העסלעכן דייטשן מיליטאַריזם, איינפירן פרייהייט און דעמאָקראַטיע אין ווילהעלמס מלוכה און הויפּטזאַכלעך מאַכן אַ סוף צום קריג. ווילסאָנס באַרימטע פערצן פונקטן זיינען געווען דער העכסטער אויסדרוק פון דער אומפאַרשעמטער דעמאַגאָגיע מיט וועלכער דער אַמעריקאַנישער קאַפּיטאַליזם האָט באַהאַלטן זיינע רויבערישע צוועקן אין דער מלחמה. די 14 פונקטן האָבן פאַרפירט אַ סך האָרעפּאַשניקעס אין אַמעריקע און אין אויסלאַנד. די א. פ. אָוו ל. איז שטאַרק באַהילפיק געווען צו פאַר־שפּרייטן די אילוזיעס וועגן ווילסאָנס פרייהייטלעכער קריג־פּראָגראַם.

### א. פ. אָוו ל. פירערשאַפט וואַרפט זיך אַריין אין קריג

אַ מאָדערנע מלחמה טראָגט אַ גאַנץ אַנדערן כאַראַקטער ווי די אַמאָליקע מלחמות. די ריזיקע אַרמייען וואָס ווערן געוואָרפן אויף די שלאַכטפעלדער, די שווערע באַוואָפענונגען, די כעמישע טויט־מיטלען — דאָס אַלץ פאָדערט

קאַלאָסאַלע רעזערוון פון פּראָדוציר־מיטלען, מאַטעריאַלן און פון אַרבעט־קראַפט. אַמאָליקע מלחמות זיינען געווען הויפּטזאַכלעך די זאַך פון די וואָס האָבן זיך באַטייליקט דירעקט אין קריג, די אַרמייען. די מלחמות אונטערן אימפּעריאַליזם פאָדערן די ענערגיע און אָנשטרענגונג פון דער גאַנצער אַרבעטער-באַפעלקערונג, מענער און פרויען. אַמאָליקע מלחמות זיינען געפירט געוואָרן מיט באַשרענקטע וואָפן, די איצטיקע — מיט גרויסע, פאַרוויקלטע מאַשינען.

צו קענען אין צייט און אָן שטערונגען באַזאָרגן די פיר מיליאָן סאָלדאַטן מיט געווער, אַמוניציע, טראַנספּאָרטאַציע, קליידער, שפּייז, א. אַז. וו., האָט דער גאַנצער אַרבעטער־קלאַס געמוזט איינגעשפּאַנט ווערן אין די מינעס, פאַבריקן, וועלדער, האַפנס, באַנען, א. אַז. וו. די אַמעריקאַנישע רעגירונג האָט נאָך געהאַט די אויפגאַבע צו באַזאָרגן מיליאָנען סאָלדאַטן אין די אַליאירטע אַרמייען. די לאָיאַליטעט און געהאָרכזאַמקייט פון דעם אַרבעטער־קלאַס איז געווען די וויכטיקסטע און וואָגיקסטע אויפגאַבע פאַר דעם הערשנדיקן קלאַס און זיין רעגירונג. דאָ האָט די א. פ. אָוו ל. פירערשאַפט פאַנאַנדערגעוויקלט איר טעטיקייט פאַר דעם הערשנדיקן קלאַס. איר אויפגאַבע איז געווען ניט צו דערלאָזן קיין סטרייקס.

נאָך אין 1914, ווען ווילסאָן האָט געשיקט זיין שטראָף־עקספּעדיציע אָנצוזערנען מעקסיקאָ דורך־אַרץ פאַר „באַליידיקן" דעם יענקי־פלאַג, האָט דער גאָמפּערסיזם שוין געוויזן, אַז די א. פ. אָוו ל. איז אַ טרייע און געהאָרכזאַמע אַגענטור פון סטייט־דעפּאַרטמענט. ניט געקוקט אויף דעם, וואָס די מעקסיקאַנישע טרייד־יוניאָנס און זייער פעדעראַציע זיינען געווען פאַרבונדן מיט דער א. פ. אָוו ל., האָט גאָמפּערס אַ וואָרט ניט געזאָגט געגן דער חוצפּהדיקער, פּראָוואָקאַטאָרישער, אימפּעריאַליסטישער אַטאַקע אויף דעם שכניש לאַנד, וואָס האָט געקאָסט מענטשלעכע לעבנס. שפּעטער האָט גאָמפּערס פרום צוגעבאַמקעט צו יעדן אימפּעריאַליסטישן שריט, וואָס דער סטייט־דעפּאַרטמענט האָט געמאַכט אין מעקסיקאָ אין די יאָרן פון דער רעוואָלוציע און בירגער־קריג אין יענעם לאַנד. נאָך מער, גאָמפּערס האָט נאָך געאַרבעט איינצורעדן די מעקסיקאַנער יוניאָן־פירער אָנצונעמען די רויבערישע באַדינגונגען פון וואָל־סטריט. דאָס זעלבע, נאָר אויף אַ נאָך מער עקלהאַפטן אופן, האָט זיך אָפּגעשפּיגלט ווען אַמעריקע איז אריין אין דער וועלט־מלחמה.*)

*) וועגן דער א. פ. אָוו ל. און די מעקסיקאַנישע יוניאָנס — אין דעם קאַפּיטל די א. פ. אָוו ל. אין טעאָריע און פּראַקטיק.

אין די ערשטע צוויי יאָר פון וועלט־קריג, ווען דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס איז נאָך ניט געווען אַנטשלאָסן זיך אַריינצוואַרפן אין דער מלחמה און אַמעריקע האָט אויפגעהאַלטן איר פּראָפּיטפולע נייטראַליטעט, זיינען גאָמפּערס און די הויכע יוניאָן־ביוראָקראַטיע געווען פּאַציפיסטיש. גאָמפּערס האָט ווידערהאָלט די רייד פון זיין באַלעבאָס, ווילסאָן, אַז קריג איז אַן אומגליק און אַמעריקע דאַרף זיך ניט מישן אין דער מלחמה פון אייראָפּע. ווען די מלחמה אויף די אייראָפּייאישע שלאַכטפעלדער האָט זיך פאַרצויגן און דער אַמעריקאַנישער אימפּעריאַליזם האָט גענומען טראַכטן אויפצוגעבן די נייטראַליטעט, האָט דער הויפּט פון דער א. פ. אָוו ל. אויך זיך אָנגעהויבן אָפּצוטרייסלען פון זיין פּאַציפיזם. פאַרשטייט זיך, אַז ער האָט דאָס געטאָן פאַרזיכטיק און ניט מיט איין מאָל.

אויף גאָמפּערסן האָבן געאַרבעט די פּראָפּאַגאַנדיסטן פון די אַליאירטע רעגירונגען און די אַגענטן פון היימישן גרויס־קאַפּיטאַל. זיי האָבן באַגריפן אויסגעצייכנט די נויטווענדיקייט אַריינצוקריגן דעם הויפּט פון דער א. פ. אָוו ל. פאַר זייער פּראָגראַם אַריינצוציען אַמעריקע אין קריג. סער גילבערט פּאַרקער, הויפּט פון דער ענגלישער געהיימער מלחמה־פּראָפּאַגאַנדע־מאַשין אין וואַשינגטאָן, האָט ניט געזשאַלעוועט קיין צייט און מי אַריבערצוגעווינען גאָמפּערסן פון זיין פּאַציפיסטישער נייטראַליטעט־פּאָזיציע. ראַלף מ. איזלי, פון דער „נעשאָנאַל סיוויק פעדערײשאָן" און „נעשאָנאַל סעקיוריטי ליג", א פּראָפעסיאָנעלער פּאַטריאָט און ראַדיקאַלן־פרעסער, איז נאָכגעגאַנגען גאָמ־פּערסן און אויסגענוצט זיין געגנערשאַפט צו דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און זיין פיינטשאַפט צו דער פּראָגרעסיווער אינטעליגענץ וואָס איז געווען געגן קריג. שפּילנדיק אויף גאָמפּערסעס גרויסהאַלטונג און זיין שוואַכקייט צו שפּילן א וויכטיקע פּאָליטישע ראָל, האָט איזלי אים איינגערעדט, אַז דאָ איז א גלענצנדיקע געלעגנהייט פאַר די אָרגאַניזירטע אַרבעטער צו באַאיינפלוסן ניט בלויז די אַמעריקאַנישע פּאָליטיק נאָר אויך די אינטערנאַציאָנאַלע.

סער גילבערט פּאַרקער האָט אַרונטערגעבראַכט אַהער אין 1914 א דעלעגאַציע פון צוויי פאָרשטייער פון דעם בריטישן טרייד־יוניאָן קאָנגרעס, ספּעציעל צו באַאיינפלוסן גאָמפּערסן און די איבעריקע הויכע א. פ. אָוו ל. באַאַמטע. די דייטשע רעגירונג איז אויך ניט געשטאַנען מיט צונויפגעלייגטע הענט. גאָמפּערס האָט שפּעטער דערציילט, אַז דייטשע אַגענטן האָבן אייניקע מאָל פאַרקניפּט געשפּרעכן מיט אים, מיטן צוועק אים צו געווינען פאַר אַמע־ריקעס נייטראַליטעט אין קריג. א קערן פון אמת האָט געמוזט זיין אין דעם. די דייטשע אַגענטן האָבן געמאַכט א פאַרקערטע ווירקונג מיט זייער שליחות.

מאסן זיינען געווען דורכאויס געגן קריג

אין 1915 איז שוין גאמפערס געווארן אן „איבערציינגטער" אנהענגער פון די אליאירטע רעגירונגען און א ביטערער פיינט פון דייטשלאנד. ער האט אבער געמוזט האנדלען פארזיכטיק. די אויסגעשפראכענע אנטי־מלחמה שטימונג צווישן די ארגאניזירטע ארבעטער האט באוואויגן די מערסטע יוניאן־פירער זיך צו האלטן פון ווייטן פון דער מלחמה־פראפאגאנדע. פאר־קערט, א סך יוניאן־פירער האבן אין 1915 געפלאנעוועט א שריט וואס זאל ארויסברענגען זייער געגנערשאפט צו אמעריקעס אריינטרעט אין קריג און זייער האפענונג, אז די אייראפייאישע יוניאנס וועלן זען ברענגען צו א באלדיקן סוף פון קריג.

אזא קאנפערענץ איז אפגעהאלטן געווארן דעם 27סטן מאי, 1915, אין אינדיאנאפאליס, וואו עס געפינען זיך די נאציאנאלע באאמטע פון א גרופע מעכטיקע יוניאנס. אין דער קאנפערענץ האבן אנטיילגענומען די הויכע באאמטע פון די קוילן־גרעבער, סטאליארעס, טרייבער (טימסטערס), בארבער, שטיינהאקער, בריק־ און בוי־אייזן ארבעטער און שריפטזעצער. די הויכע יוניאן־באאמטע האבן ניט געוואגט אנצונעמען א באשטימטע רעזאלוציע. דעניעל טאבין, פרעזידענט פון די טרייבער, האט אין נאמען פון דער קאנפערענץ זיך געווענדעט מיט א בריוו צו גאמפערסן, ער זאל רופן אן אלגעמיינע קאנפערענץ פון טרייד־יוניאנס, אויב די אינטערנאציאנאלע לאגע וועט ווערן קריטיש. ענלעכע פאדערונגען האט גאמפערס דערהאלטן פון א סך אנדערע יוניאנס. גאמפערס האט אויף אלע ווענדונגען געענטפערט מיט איין נוסח: דער עקזעקוטיוו־קאונסיל „באטראכט ערנסט" דעם פארשלאג און וועט האנד־לען שפעטער. דאס איז געווען א העפלעכע ארויסדרייעניש. גאמפערס האט שוין דעמאלט שטילערהייט געארבעט צוזאמען מיט די קאפיטאליסטן פון דער „סיוויק פעדערײשאן" און „סעקיוריטי ליג" און די עלייעס־אגענטן צוצוגרייטן אמעריקע צו דער אימפעריאליסטישער מלחמה. אין 1917, ווען דער הערשנ־דיקער קלאס האט קלאר געמאכט זיין באשלוס פאר מלחמה, האט שוין גאמפערס ניט געהאט קיין שווערע אויפגאבע צו ברענגען די איבעריקע יוניאן־פירער אין דעם מלחמה־לאגער.

סוף 1915 איז גאמפערס אפן ארויסגעטראטן געגן די סאציאליסטן און בירגערלעכע פאציפיסטן. אין דעצעמבער 1915 האט גאמפערס געהאלפן די „סיוויק פעדערײשאן" אויסצוארבעטן א רעזאלוציע צום קאנגרעס צו שאפן דעם „קאונסיל פאר נעשאנאל דעפענס" (ראט פאר נאציאנאלער פארטיידי־

קונג), א קערפערשאפט צו מאָביליזירן די מיטלען פון לאַנד פאַר דער מלחמה. (גאָמפּערס איז באַשטימט געוואָרן אַ מיטגליד פון באַראַטונג־קאָמיטעט צו דעם קאָונסיל.)

גאָמפּערס זעט אין סטרייקס די האַנט פון דייטשע שפּיאָנען

ווען דער הערשנדיקער קלאַס האָט גענומען דורכפירן די צוגרייטונגען צו מלחמה, האָט גאָמפּערס געשטיצט אַלע פּאַטריאָטיש־רעאַקציאָנערע אָר־גאַניזאַציעס וואָס זיינען דעמאָלט אויפגעשוואָומען, ווי די „אַמעריקאַן דעפענס סאָסייעטי" א. אַ. ווי אַלע מאָרד־פּאַטריאָטן, האָט גאָמפּערס געזען אין יעדן שריט פון אַרבעטער־גרופּעס אויסצוקעמפן פאַר זיך בעסערע באַדינגונגען, די האַנט פון דייטשע אַגענטן.

אין 1915 און 1916 זיינען פאָרגעקומען אַ היפּשע צאָל סטרייקס. אין דעצעמבער 1915 זיינען אַרויס אין סטרייק די ניט־קוואַליפיצירטע אַר־בעטער פון דער גרויסער שטאָל־פאַבריק, די „יאָנגסטאַון שיט־טיוב קאָמ־פּאַניע", אַ טייל פון שטאָל־טראָסט. די געדונגענע שלעגער פון דער קאָמ־פּאַניע האָבן פּאַרוואונדעט אַ סך סטרייקער. די אויפרעגונג אין שטאָט איז געוועזן זייער גרויס. אַלע האָבן געוואוסט אַז דער שטאָל־טראָסט מאַכט גע־שוואָלענע פּראָפיטן. די גרענד־דזשורי האָט פאַרקלאָגט דעם הויפּט פון דעם שטאָל־טראָסט, גערי, און נאָך דירעקטאָרן אין פאַרלעצן דעם שטאַט־ אַנטי־טראָסט געזעץ. די קאָמפּאַניע האָט געמוזט געבן אַ לוין־העכערונג פון צען פּראָצענט. אין גיכן איז די לוין־העכערונג געוואָרן אַן אַלגעמיינע אין דער גאַנצער שטאָל־ און אייזן־אינדוסטריע. די קלאַגעס זיינען צעריבן געוואָרן.

אין זעלבן יאָר זיינען אַרויס אין סטרייק פינף טויזנט ניט־קוואַליפיצירטע אָיל־אַרבעטער אין די אָיל־זאַוואָדן פון דער סטאַנדאַרד אָיל, אין בעיאָן, ניו דזשוירזי. דאָרטן אַרבעטן גרעסטנטייל פּאָליאַקן. די אַרבעט איז זייער אַ שווערע און אַ געפערלעכע פאַרן געזונט. אין אַ זייער הויכער טעמפּעראַטור קריכן די אַרבעטער נאַקעטערהייט אין די אָיל־קעסלען זיי צו רייניקן. ראָק־פעלער האָט אָנשטאָט נאָכצוגעבן די גערעכטע פאָדערונג פון די אַרבעטער פאַר אַ לוין־העכערונג, געענטפערט מיט אַ שיסעריי. צוויי סטרייקער זיינען דערשאָסן געוואָרן אויף טויט פון די געדונגענע וועכטער. די דזשוירזי באַ־אַמטע האָבן געהאָלפן ראָקפעלערן צו דערשטיקן דעם סטרייק. די א. פ. אָוו ל. האָט ניט אַ ריר געטאָן מיט אַ פינגער צו העלפן די אָיל־רייניקער, וועלכע זיינען אַליין אַרויס אין סטרייק.

אין זעלבן יאָר האָבן געסטרייקט 15 טויזנט אייזן-גרעבער אין דעם מעסאַבאַ אייזן-געגנט אין מינעסאָטאַ און די קופּער-מיינער אין אַריזאָנאַ. די א. וו. וו. האָט אָנגעפירט מיט ביידע סטרייקס. אין מינעסאָטאַ האָט דער שטאָל־טראַסט, צו וועמען די אייזן-גרובן באַלאַנגען, מאָביליזירט העכער טויזנט דעטעקטיוון און באַנדיטן און זיי איינגעשוואָרן פאַר דעפּיוטי-שעריפס. דער סטרייק איז אונטערדריקט געוואָרן מיט אַ סך גוואַלדטאַט קעגן די אַר־בעטער. דער שטאָל־טראַסט האָט אָבער געמוזט נאָכגעבן אַ ריי פּונקטן, צווישן זיי אַ לוין־העכערונג. דער קופּער־סטרייק אין אַריזאָנאַ איז געוואונען געוואָרן. די סטרייקער זיינען געווען מערסטנס מעקסיקאַנער. זיי האָבן געקראָגן אַ לוין-העכערונג און דאָס רעכט צו זיין אָרגאַניזירט אין אַ יוניאָן.

אין 1916, ווען די קאַפּיטאַליסטן האָבן געמאַכט נאָך גרעסערע פּראָפיטן ווי אין 1915, האָבן זיי אויך ניט אַרויסגעוויזן קיין נייגונג צו פאַרבעסערן די לאַגע פון די אַרבעטער. מיט סטרייקס האָבן די אַרבעטער אַרויסגעריסן יעדן געווינס. די וויכטיקסטע סטרייקס זיינען געווען: דער סטרייק פון 60,000 אַרבעטער אין די אַמוניציע־פאַבריקן אין קאָנעטיקוט, יאַנואַר 1916, וועלכער האָט זיך געענדיקט מיט אַ זיג פאַר די אַרבעטער. זיי האָבן געקראָגן דעם אַכט-שטונדיקן אַרבעט-טאָג און יוניאָן־אָנערקענונג (די „אַמאַלגאַמייטעד אַסאָסיאיישאָן אָוו מאַשיניסטס"). דער גענעראַל־סטרייק פון די האַפן־אַרבעטער אין ניו יאָרק האָט זיך אויך געענדיקט מיט אַ געווינס פאַר די אַרבעטער (אַ דאָפּלטער לוין פאַר אָנלאָדן אויפריים-שטאָף און אַמוניציע און יוניאָן־אָנערקענונג). דער סטרייק פון די בוי אַרבעטער און פון די טראַמוויי־אַרבעטער אין שיקאַגאָ און די סטרייקס פון די דרעסמאַכער אין ניו יאָרק און פילאַדעלפיע. אַלע סטרייקס זיינען געוואונען געוואָרן.

קעגן אַ סך פון די סטרייקס האָט גאָמפּערס געשטורעמט, אַז זיי שטאַמען פון ווילהעלמס אַגענטן, אָבער די אַרבעטער האָבן ניט געשענקט אים די מינ־דעסטע אויפמערקזאַמקייט און זיינען אָנגעגאַנגען מיט זייערע ענערגישע באַמיאונגען זיך צו דערשלאָגן בעסערע באַדינגונגען אין אַ שטייגנדיקן יקרות און אין פעטער פּראָספּעריטעט פאַר די אַרבעטגעבער.

## גאָמפּערס געפינט אויס גוטע זייטן פון קריג

די שטימונג צווישן די מאַסן אין שטאָט און דאָרף איז די גאַנצע צייט געווען דורכאויס קעגן אַריינטרעטן אין קריג. נאָך דער מלחמה האָבן אַלע פּאָליטיקער צוגעגעבן, אַז אויב ווילסאָן וואָלט דורכגעפירט אַ רעפערענדום

אין 1917 וואָלט די גרויסע מערהייט פון דער באַפעלקערונג געשטימט געגן קריג. קיין רעפערענדום איז, פאַרשטייט זיך, ניט דורכגעפירט געוואָרן. דער הערשנדיקער קלאַס האָט פאַרפלייצט דאָס לאַנד מיט אַ רויך-וואַנט פון מלחמה־פּראָפּאַגאַנדע, וואָס האָט געמוזט האָבן אַ ווירקונג; ספּעציעל נאָך ווען טיילן פון דער אָרגאַניזירטער אַרבעטער־באַוועגונג זיינען געוואָרן מעכטיקע שרייפלעך אין דער פּראָפּאַגאַנדע־מאַשין.

אין 1916 איז גאָמפּערס געוואָרן אַקטיווער פאַר דער מלחמה־פאַרברייטונג. דעם 18טן יאַנואַר האָט גאָמפּערס אין אַ רעדע פאַר דער רעאַקציאָנערער, גרויס־קאַפּיטאַליסטישער „נעשאָנאַל סיוויק פעדערייישאָן" זיך אַרומגעזען, אַז ער האָט געמאַכט אַ טעות. זיין שרעק און געגנערשאַפט געגן דער ברוטאַליטעט און בלוט־פאַרגיסונג פון מלחמה האָט פאַרשטעלט פון זיינע אויגן די אַנדערע הויכע מעלות, וואָס קומען צום אויבערפלאַך אין אַ מלחמה, דאָס אַלטע לידל פון אַלע בורזשואַזע פּאַציפיסטן וואָס וואַרפן אַרונטער דעם מאַנטל פון קריג־געגנערשאַפט ווען דאָס ערשטע פייער פון קריג ברעכט אויס. גאָמפּערס האָט געזאָגט:

„די פּאַציפיסטן און די וועלכע האַלטן זיך ביי דער ניט-ווידערשטאַנד פּאָליטיק זיינען דורכגעפאַלן, ווי איך בין דורכגעפאַלן. זיי האָבן ניט פאַרשטאַנען, ווי איך האָב ניט פאַרשטאַנען, אַפּצושאַצן די אייגנשאַפט אין דער מענטשלעכער ראַסע, וואָס ברענגט מענטשן צו ריזיקירן מיט זייער לעבן פאַר אַן אידעאַל. די וועלכע פאַרדינען דעם נאָמען מענטש וועלן זיך שלאָגן פאַר אַ 'שטיקל פּאַפּיר' ווען דאָס שטיקל פּאַפּיר פאַרטרעט די אידעאַלן פון מענטשלעכער גערעכטיקייט און פרייהייט. דער מענטש וואָס וועט ניט קעמפן פאַר אַזאַ 'שטיקל פּאַפּיר' איז אַ באַשעפעניש, וואָס פאַרמאָגט ניט דעם מוט זיך צו שטעלן פאַר זיינע רעכט געגן דער אָפּאָזיציע און געגן דער פאָדערונג פון אַנדערע. ווידערשטאַנד געגן אומגערעכטיקייט, טיראַניי און נידעריקע אידייען קען ניט אָפּגעזונדערט ווערן פון דער אַקטיווער, קעמפנדיקער אייגנשאַפט וואָס גיט ציל און קראַפט צו נאָבעלע אויפגאַבן צווישן אַלע פעלקער."

אין דעם ליכט פון דער אַנטי־דייטשער פּראָפּאַגאַנדע, וואָס איז געטריבן געוואָרן אין לאַנד אַרום דעם באַרימטן „שטיקל פּאַפּיר", וואָס דער אָפּמאַך צו גאַראַנטירן די בעלגישע נייטראַליטעט איז געוואָרן ביי די דייטשע יונקערס, איז גאָמפּערסעס ערשטער אָפענער שאָס געווען דער אָנזאָג, אַז די א. פ. אָוו ל. פירערשאַפט גרייט זיך טאָן איר חלק אין דער מלחמה. און זי האָט געטאָן איר חלק הונדערט פּראָצענט, מיט אַ צוגאָב נאָך.

צו פאַרדעקן זיין מלחמה־אַגיטאַציע און פאַרזיסן זי פאַר די אַרבעטער וואָס האָבן געקוקט אויף ביידע קריג־פירנדיקע צדדים ווי גלייכע רויבער,

האט גאמפערס פארענדיקט זיין רעדע מיט א פאטעטישן רוף, אז ער איז פאר א סיסטעם פון נאציאנאלער פארטיידיקונג, געבויט אויף ענגער מיטארבעטער־שאפט מיט דער ארגאניזירטער ארבעטער־באוועגונג, וואס פארבאט צו באנוצן די שטאט־סאלדאטן געגן סטרייקער, גאראנטירט די ארבעטער בילדונג־מעגלעכקייטן צוגלייך מיט אלע בירגער, פירט איין א דעמאקראטישע ארגאני־זאציע אין דער ארמיי און א בעסערן באגריף פון אינדוסטריעלער גערעכ־טיקייט.*)

אנהייב 1917, ווען עס איז שוין קלאר געווארן, אז אמעריקעס אריינ־טרעטן אין דער מלחמה איז גערזיכערט, האט גאמפערס פאררופן דעם 12טן מערץ א באראטונג פון יוניאן-פירער „צו באטראכטן די שטעלונג וואס די ארבעטערשאפט אין אמעריקע דארף נעמען צום קריג". די באראטונג איז אפגעהאלטן געווארן מיט דער באטייליקונג פון 148 יוניאן־פירער, אויסער די מיטגלידער פון דעם עקזעקוטיוו־קאונסיל פון דער א. פ. או ל.

צו דער קאנפערענץ זיינען געקומען די באאמטע פון 79 אינטערנאציא־נאלע יוניאנס און די באן־בראדערהודס. נאר די „אינטערנעשאנאל לידים גארמענט ווארקערס יוניאן", די „וועסטערן פעדערײשאן או מיינערס" און די בארבערס יוניאן האבן ניט געשיקט קיין פארשטייער. די שריפטזעצער יוניאן איז ניט געקומען צוליב א פערזענלעכער רייסעריי מיט גאמפערסן.**)

די אלע יוניאן־פירער, וועלכע האבן פריער קאקעטירט מיט זייער פריינט־שאפט צו די פאציפיסטישע ארגאניזאציעס, ווי דער „פיפלס קאונסיל" א. א., האבן זיך אפגעטרייסלט פון זייער פאציפיזם און זיינען געווארן הייסע, כאטש נאך באהאלטענע, אנהענגער פון אמעריקעס אריינטרעט אין קריג. זיי האבן דערהערט די שטימע פון זייער הער און אויסגעפאלגט זיין ווילן.

מיט איין מאל האבן די טאבינס, טייגס און די אנדערע יוניאן־פרעזי־דענטן באנומען אז אריינטרעטן אין קריג וועט זיין אין איינקלאנג מיטן שטרעבן צו א „העכערער ציוויליזאציע".

די קאנפערענץ האט געווארפן די לאזונג פון א הייליקער מלחמה „אין

---

*) לארווין, אמעריקאן פעדערײשאן או לייבאר, זייט 141.

**) דזשאן פ. ווייט, פרעזידענט פון דער „יונייטעד מיין ווארקערס יוניאן", האט זיך אנטזאגט אנטיילצונעמען אין דער קאנפערענץ. אין זיין בריוו צו גאמפערסן האט ווייט געשריבן: „איך זע ניט קיין הומאניטארע פראגן פארוויקלט אין דער מלחמה. אין מיינע לאנגע רייזעס געפין איך גאר ווייניק שטימונג צווישן די ארבעטער-מאסן צום גונסטן דעם שרעקלעכן קריג." (לארווין, אמעריקאן פעדערײ־שאן או לייבאר, זייט 145.)

נאָמען פון אַרבעט, גערעכטיקייט, פרייהייט און מענטשלעכקייט", געגן דייטש־לאַנד. אַ צעטל מיט הויכע, נאָבעלע לאָזונגען צו באַרעכטיקן און כשרן די אימפּעריאַליסטישע צוועקן פון די אַמעריקאַנישע קאַפּיטאַליסטן.

יוניאָן־פירער מאַכן זייערע קריג פאַרבאַרייטונגען

מיר ברענגען דאָ אַ גרעסערן אויסצוג פון זייער דעקלאַראַציע, ווייל די אַרבעטער דאַרפן לערנען פון דער דערפאַרונג פון נעכטן פאַר זייער אַקציע היינט און מאָרגן. די נאָענטקייט פון אַ צווייטער וועלט־מלחמה מאַכט דרינגלעך נויטיק, אַז די אַרבעטער זאָלן זיין באַקאַנט מיט אַלע מאַנעווערס, וואָס די אַרויסהעלפער פון דער בורזשואַזיע אין דעם אַרבעטער־קלאַס ווענדן אָן צו האַלטן די אַרבעטער צוגעבונדן צום מלחמה־וואָגן פון די קאַפּיטאַליסטן. די דעקלאַראַציע לייענט זיך טיילווייז:

„אַ וועלט-מלחמה גייט אָן. די צייט איז נאָך ניט געקומען ווען מלחמות קענען אָפּגעשאַפט ווערן.

„מיר, די באַאַמטע פון נאַציאָנאַלע און אינטערנאַציאָנאַלע יוניאָנס, פאַרזאַמלט אין אַ קאָנפערענץ אין אונזער הויפּט-שטאָט, פאַרפליכטן זיך אין פרידן און אין קריג, אין נויט און אין שטורעם, צו שטיין אומבאַשרענקט ביי דער פאָן פון פרייהייט, זיכערקייט און דער אויפהאַלטונג פון אונזערע אינסטיטוציעס און אידעאַלן פון אונזער רעפּובליק. אין דער פייערלעכער שטונדע אין דעם לעבן פון אונזער פאָלק, איז אונזער ערנסטע האָפענונג אַז אונזער רעפּובליק זאָל געזיכערט ווערן אין איר פולן באַגער פון פרידן, אַז אונזער פאָלק זאָל געשאַנעוועט ווערן די שרעקלעכקייט און די לאַסט פון קריג, אַז עס זאָל האָבן די געלעגנהייט צו אַנטוויקלען די קונסט פון פרידן, מענטשלעכער ברידערלעכקייט און אַ העכערער ציוויליזאַציע.

„אויב אָבער, ניט קוקנדיק אויף אַלע אונזערע פאַרזוכן און האָפענונגען, אונזע לאַנד זאָל אַריינגעצויגן ווערן אין שטורעם פון איראָפּייאישן צוזאַמענשטויס, וועלן מיר, מיט די אידעאַלן פון פרייהייט און גערעכטיקייט וואָס זיינען אויבן אויסגערעכנט, ווי אַן אומטיילבאַרער באַזיס פאַר דער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק, שטעלן אונזער דינסט צו אונזער לאַנד אין יעדן געביט פון טעטיקייט און וועלן פאַרטיידיקן, אָפּהיטן און פאַרזיכערן די רעפּובליק פון די פאַראייניקטע שטאַטן געגן אירע פיינט, ווער זיי זאָלן ניט זיין. מיר רופן אַלע ברידער אַרבעטער און אַלע בירגער אין דעם הייליקן נאָמען פון גערעכטיקייט, פרייהייט און מענטשלעכקייט צו דינען אַזוי איבערגעגעבן און פּאַטריאָטיש." (לאָרווין, געשיכטע פון דער א. פ. אָוו ל., זייט 56.)

דאָ האָט איר מיט איין מאָל אַלע נויטיקע באַשטאַנד־טיילן פון לאַקייאישער דינסט דעם הערשנדיקן קלאַס אין דער שטונדע פון זיין נויט. אַ דעקלאַראַציע,

אַז די צייט איז נאָך ניט געקומען אָפּצושאַפן מלחמות. אַ פאַרזיכערונג, אַז „אונזער לאַנד זוכט מיט אַלע כחות צו פאַרבלייבן אין פרידן", ווען גאָמפּערס און די אַנדערע יוניאָן־פירער האָבן שוין געוואוסט פון די פיבערהאַפטע מלחמה־צוגרייטונגען. אַ צווייטע פאַרזיכערונג, אַז אויב אַמעריקע וועט אַריינגעצויגן ווערן אין קריג וועט עס זיין נאָר אין די אינטערעסן פון פרייהייט און גערעכטיקייט און אַ פייערלעכער אָנבאָט געטריי און פּאַטריאָטיש צו דינען דעם פאָטערלאַנד אין קריג. איבערזעצט אין אַ פּראָסטער שפּראַך מיינט עס צו זען, אַז די אַרבעטער זאָלן שאַרן קוילן פון דעם מלחמה־פייער פאַר די קאַפּיטאַליסטן.

די אַמעריקאַנער יוניאָן-ביוראָקראַטיע איז געגאַנגען אין די פוס־טריט פון דער אייראָפּייאישער, וואָס האָט נאָך פריער באַרעכטיקט די מלחמה פאַר קאַפּיטאַליסטישער רויב און אונטערדריקונג און גערופן די אַרבעטער צו גיין אין די טראַנשייען אין נאָמען פון נאַציאָנאַלע אינטערעסן און פאַרטיידיקונג פון פאָטערלאַנד. אַזוי האָבן געטאָן די דייטשע סאָציאַליסטישע געווערקשאַפטן־פירער; אַזוי האָבן געטאָן די פירער פון ענגלישן טרייד־יוניאָן קאָנגרעס, די פירער פון דער פראַנצויזישער סינדיקאַליסטישער פעדעראַציע פון אַרבעט און אַזוי ווייטער. די היגע יוניאָן־פירער זיינען ניט אָפּגעשטאַנען פון זייערע אויסלענדישע פריינט אין פּאַטריאָטישער אַרבעט פאַר דעם הערשנדיקן קלאַס. גאָמפּערס איז געוואָרן מער פּאַטריאָט פאַר ווילסאָנען און אַ גרעסערער אַנטי־דייטש ווי די וואָל־סטריט באַנקירן.

דער אַלטער גאָמפּערס האָט זיך ניט געפּוילט און אויף ווילסאָנס וואונק געמאַכט אַ טור איבער די לענדער פון די אַליאירטע רעגירונגען, ענגלאַנד, פראַנקרייך און איטאַליע, וואו דער אַרבעטער־קלאַס איז געווען גוואַלדיק אַנטוישט אין די מלחמה־אילוזיעס און דערצאָרנט געגן ווייטערדיקער קריג־פירונג. גאָמפּערס, ווי דער פאָרשטייער פון די אָרגאַניזירטע אַמעריקאַנישע אַרבעטער, האָט געהאַלטן פייערדיקע רעדעס פאַר דער מלחמה. גאָמפּערס האָט געשפּייזט די אייראָפּייאישע מאַסן, וואָס זיינען שרעקלעך מיד געווען פון דעם מלחמה־יאָך און פון די בלוט־פאַרגיסונגען, מיט די העכסטע האָפענונגען און אילוזיעס אויף ווילסאָנס מערקווירדיקן אידעאַליזם און זיינע נאָבעלע פערצן פּונקטן, וואָס וועלן מאַכן אַ סוף צו מלחמות און באַפעסטיקן פרידן און דעמאָקראַטיע איבער דער וועלט. אין אַ רעדע פאַר דעם לאָנדאָנער טרייד־יוניאָן קאָונסיל האָט גאָמפּערס אויסגעשריען:

„דאָס איז אַ קריג געגן קריג. דאָס איז אַ קרייץ-צוג, אַ מלחמה פון דער אויפגערעגטער בירגערלעכער באַפעלקערונג, וואָס פאַרטיידיקט איר

> פרייהייט און דעמאָקראַטיע געגן דער געפאַר. . . . דאָס איז ניט קיין קאַפּי-טאַליסטישע מלחמה. אויב עס איז ווען געווען אַ קריג אין וועלכן די לעבנס-נויטן און דאָס רעכט פון די מאַסן-פעלקער אין אונזערע דעמאָקראַטישע לענ-דער זיינען געווען פאַרמישט, איז דאָס די איצטיקע מלחמה.״

גאָמפּערס האָט געהאָלפן די רעכטע סאָציאַליסטישע פירער צו שלאָגן די באַוועגונג פאַר אַ באַלדיקער איינבארופונג פון סאָציאַליסטישן און טרייד־יוניאָן אינטערנאַציאָנאַל. די פאָדערונג האָט זיך געטראָגן פון די לינקע, אָרגאַניזירט אין דער צימערוואַלד־קאָנפערענץ. גאָמפּערס האָט מיטגעאַרבעט מיט די הענדערסאָנס, וואַנדערוועלדעס און זשואָס צו דערשטיקן די שטים פאַר אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־אַקציע אָפּצושטעלן די אימפּעריאַליסטישע בלוט־באָד און באַוואָרענען אַ פרידן אָן אַנעקסיעס און אָן קאָנטריבוציעס.

גאָמפּערס איז אויפגענומען געוואָרן פון די אַליאירטע מיניסטאָרן מיט אָפענע אָרעמס. פּאַראַדנע באַנקעטן זיינען פאַר אים איינגעאָרדנט געוואָרן אין לאָנדאָן, פּאַריז און רוים. לאָיד דזשאָרדזש האָט זיך מיט אים אַרומ־געפירט. דער פראַנצויזישער פּאַרלאַמענט האָט איבערגעריסן די זיצונג צו ערן אים. די אַליאירטע אימפּעריאַליסטן האָבן ווי געהעריק אָפּגעשאַצט די באַדייטונג פון גאָמפּערסעס מיסיע אין אַ פּעריאָד ווען דאָס גערולד ביי דעם אַרבעטער־קלאַס האַלט ביים פּלאַצן.

גאָמפּערס און די רענעגאַטן פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, דזשאָן ספּאַרגאָ, טשעסטער רייט און טשאַרלס עדוואַרד ראָסעל האָבן געגרינדעט אַ ספּעציעלע אָרגאַניזאַציע, „די אַמעריקאַן אַלייענס פאָר לייבאָר ענד דעמאָ־קראַסי״ (דער אַמעריקאַנישער פאַרבאַנד פאַר אַרבעט און דעמאָקראַטיע), וואָס איז געווען דער אַרבעטער-עק פון דער וואָל־סטריט־ווילסאָן מלחמה־פּראָפּאַגאַנדע־מאַשין. די אַלייענס״ איז פינאַנסירט געוואָרן פון די רעגירונג־פאָנדן און האָט געטריבן אַ מאָרד־פּאַטריאָטישע העצע געגן די מלחמה־געגנער, רויטע, באָלשעוויקעס און דאָס גלייכן. גאָמפּערס האָט געהאָלפן דעם יוסטיץ־דעפּאַרטמענט מיט מסירות געגן רויטע און מלחמה־געגנער.*)

גאָמפּערסעס מלחמה־פּאַטריאָטיזם איז געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ווען די פירער פון די פראַנצויזישע און ענגלישע יוניאָנס האָבן גערופן אַ קאָנפערענץ פון יוניאָן־פאָרשטייער שוין נאָך דעם וואַפנשטילשטאַנד, האָט גאָמפּערס פון אָנהייב זיך אָנטזאָגט צו זיצן ביי איין טיש מיט די פאָרשטייער פון די „באָשעס״ (אַ זידל־נאָמען פאַר די דייטשן). די קאָנפערענץ איז פאָרגעקומען

---

*) לאָרווין, זעלבער בוך, זייט 153.

אין לאָנדאָן. גאָמפּערס האָט ניט געקענט אויספירן, אז די דייטשע געווערק־שאַפטן־פאָרשטייער וועלכע זיינען איינגעלאַדן געוואָרן זאָלן ניט צוגעלאָזט ווערן, האָט ער געהאַלטן מוסר־רעדעס פאַר די דייטשע דעלעגאַטן. א יאָר שפּעטער האָט ער אין א ווייטערן פּראָטעסט ארויסגעצויגן די א. פ. אָוו ל. פון דעם טרייד־יוניאָן אינטערנאַציאָנאַל. די רעזאָלוציעס פון די אייראָפּיי־אישע יוניאָן־פירער וועגן וועלטסאַלער פרידן־אָפּמאַך זיינען געווען צו רעוואָ־לוציאָנער פאַר גאָמפּערסן.

ווען זיין האַר, ווילסאָן, איז שוין געזעסן אין פּאַריז אויף א פרידן־קאָנפערענץ און פאַרהאַנדלט מיט די פאָרשטייער פון די דייטשע קאַפּיטאַליסטן און סאָציאַל־דעמאָקראַטן, האָט גאָמפּערס נאָך אַלץ ניט געוואָלט זיצן ביי איין טיש מיט די פאָרשטייער פון די דייטשע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס ווי א גלייכער מיט גלייכע. ווען גאָמפּערסן האָט זיך געדאַכט אז די אייראָפּייאישע אַרבעטער־פירער זוכן אומצואוואַרפן ווילסאָנס אימפּעריאַליסטישע אויפ־טואונגען אין פּאַריז, האָט ער איינגאַנצן אָפּגעבראָכן מיט זיי.*)

דער בורזשואזער היסטאָריקער פון דער אַמעריקאַנישער אַרבעטער־באַוועגונג, פּראָפעסאָר דזשאָן ר. קאָמאָנס, האָט אין זיין אַרטיקל אין דעם „אינטערנעשאָנאַל לייבאָר רעוויו" פון יוני 1922 צוגעגעבן, אז די א. פ. אָוו ל. איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אַגענטור, וואָס טרייבט די אויסלענדישע פּאָליטיק פון דער רעגירונג. קאָמאָנס האָט געשריבן:

> „אין אויסטויש פאַר שטיצע פון דער רעגירונג, האָט די אַמעריקאַן פעדערייישאָן אָוו לייבאָר מאָביליזירט דעם סענטימענט פון די אַרבעטער צו שטיצן די מלחמה און די אויסלענדישע פּאָליטיק פון דער רעגירונג. דורכ־פירנדיק די פּאָליטיק האָבן זיי זיך איזאָלירט פון די אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס אין די אַליאירטע לענדער. די א. פ. אָוו ל. איז ניט געווען פאַרטראָטן אויף דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָנפערענץ אין 1917, כאָטש גאָמפּערס איז געקומען אַהין אַ יאָר שפּעטער. נאָכדעם האָט די א. פ. אָוו ל. אינגאַנצן זיך צוריק-געצויגן פון טרייד-יוניאָן אינטערנאַציאָנאַל."

גאָמפּערס, ענטפערנדיק אויף דער „זייער אומוויסנדיקער און פיינט־לעבער" קריטיק פון פּראָפעסאָר קאָמאָנס, האָט זיך פאַררופן אויף די רעזאָ־לוציעס אויף די צוזאַמענפאָרן פון דער א. פ. אָוו ל. אין אַטלאַנטיק סיטי אין 1919 און אין מאָנטרעאַל אין 1920, וואָס האָבן זיך ארויסגעזאָגט פול־שטענדיק פאַר דעם וועלטסאַלער פרידן ווי דאָס בעסטע וואָס מען האָט געקענט

---

*) מער וועגן גאָמפּערסן און דעם טרייד-יוניאָן אינטערנאַציאָנאַל, אין דעם קאַפּיטל: די א. פ. אָוו ל., טעאָריע און פּראַקטיק.

באַשאַפן צו פאַרזיכערן דעם פרידן. גאָמפּערס וואַרפט אויך אויף, אַז „די רעוואָלוציאָנערע פּאַסיפיזאַציע פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין אייראָפּע (ער מיינט די הענדערסאָנס אין ענגלאַנד און די זשואָס אין פראַנקרייך) האָט אויך ניט געוואָגט אָפיציעל צוריקצואווייזן דעם ווערסאַלער פרידן־אָפּמאַך אין דער צייט ווען די אָפּאָזיציע האָט געקענט וואָס אויפטאָן. נאָר אַ האַלבער טוץ שטימען אין ענגלישן פּאַרלאַמענט זיינען אָפּגעגעבן געוואָרן געגן ווערסאַל.״ (גאָמפּערס, אַרבעטערשאַפט אין פרידן און מלחמה און די אינטערנאַציאָנאַלע באַציאונגען, אין דעם „שו וואָירקער זשורנאַל״, יוני, 1924. ציטירט פון ד. סייפּאָס, רידינגס אין טרייד־יוניאָניזם.)

### סאָציאַליסטישע יוניאָן־פירער טוען זייער חלק פאַר דער מלחמה

אויסער אַ הייפל אינטעלעקטועלע געוויסן־געגנער פון קריג, וועלכע האָבן זיך אַנטזאָגט צו דינען אָדער צו טראָגן געווער און זיינען דערפאַר שווער באַשטראָפט געוואָרן, איז פון דעם אַרבעטער־קלאַס געקומען אַ געגנער־שאַפט צו דער מלחמה פון צוויי ריכטונגען: די א. וו. וו. און דער לינקער פליגל אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, וואָס האָט נאָר וואָס זיך אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן. די אַזוי־גערופענע סאָציאַליסטישע פירערשאַפט אין די נאָדל־פאַך יוניאָנס צוזאַמען מיט איר אָרגאַן דעם „פאָרווערטס״ האָט שאַרף געביטן דעם פראָנט גלייך ווי דער קאָנגרעס האָט דערקלערט קריג. די סאָציאַליסטישע פירער פון דער „אינטערנעשאָנאַל לײדיס גאַרמענט וואָירקערס יוניאָן״, פון דער „אַמאַלגאַמייטעד קלאָדינג וואָירקערס יוניאָן״, די אַנדערע נאָדל־פאַך יוניאָנס, די אידישע געווערקשאַפטן און דער „פאָרווערטס״ האָבן געשמאַק געקאַמפּיינעוועט פאַר די מלחמה־הלוואות און פאַר ווילסאָנס פּראָגראַם. דער „פאָרווערטס״ האָט אפילו געקראָגן פון פינאַנץ־מיניסטער מעקאַדו אַ גע־שריבענעם דאָקומענט מיט אַ דאַנק פאַר דער פּאַטריאָטישער אַרבעט אין די מלחמה־הלוואות.

די מלחמה האָט שטאַרק געהויבן די פּאָזיציע פון אַמעריקאַנישן אימ־פּעריאַליזם. מען קען באַהויפּטן, אַז די איינציקע וואָס האָבן אָפּגעהאַלטן אַ פולן זיג אין דער וועלט־מלחמה זיינען געווען די אַמעריקאַנישע קאַפּיטאַ־ליסטן. אַנשטאָט אַ חוב פון 5 ביליאָן דאָלאַר וואָס זיי זיינען שולדיק געווען צו אויסלענדישע אינוועסטירער, איז אויסלאַנד געוואָרן אַ שווערער בעל־חוב צו די אַמעריקאַנישע קאַפּיטאַליסטן. דזש. פּ. מאָרגאַן איז געווען דער פינאַנ־ציעלער פאַרטרעטער פון דער ענגלישער און פראַנצויזישער רעגירונג. די אַמע־

ריקאנישע רעגירונג האט פון די צוואנציק ביליאן דאלאר, וואס זי האט געליען פון דער באפעלקערונג, אוועקגעגעבן 10 ביליאן אין הלוואות צו די אליאירטע רעגירונגען. דער גרעסטער טייל פון די 10 ביליאן דאלאר איז אויסגעגעבן געווארן אויף באשטעלונגען אין אמעריקע. דאס מיינט, אז די אמעריקאנישע קאפיטאליסטן האבן אריינגעקראגן אין זייערע קעשענעס די מלחמה־חובות, וואס די אליאירטע רעגירונגען זיינען שולדיק און צאלן נים. די אמעריקאנישע קאפיטאליסטן האבן זיך אויך אריינגעריסן אין א סך מערק וואו די דייטשן און ענגלענדער האבן פריער געהאט א מאנאפאליע.

מיר האבן פארצייכנט די סטרייקס אין 1915 און 1916. זומער 1917, נאך דער קריג־דערקלערונג, זיינען די אינדוסטריעלע באציאונגען געווארן זייער אנגעשטרענגט. א נייע כוואליע ארבעטער־אומרואיקייט האט ארומ־געכאפט פיל טיילן פון לאנד. א סך ארבעטער האבן איינגעזען אז פון דער מלחמה־פראספעריטעט איז אויף זייער טייל אויסגעפאלן נאר די פארטייערונג פון לעבנס־מיטלען. די ארבעטער האבן אויך געזוכט צו בויען יוניאנס דארטן וואו קיין יוניאנס זיינען נים געוועזן.

אויסער די סטרייקס אין די שטאטן פון דעם אטלאנטישן ים־ברעג און אין מיטל־מערב, זיינען די שטאטן ביים פאסיפישן אקעאן אין צפון־מערב אויפגערודערט געוועזן פון גרויסע סטרייקס. די גרויסע, מעכטיקע קאפי־טאליסטישע שיף־קאמפאניעס ביים פאסיפישן ים-ברעג, די געהילץ־קאמ־פאניעס אין וואשינגטאן, ארעגאן און אײדאהא, די קופער־קאמפאניעס אין אריזאנא און אנדערע, וואס האבן זיך געבאדן אין געשוואלענע פראפיטן, האבן באקעמפט די פארזוכן פון זייערע ארבעטער ארויסצוקריכן פון א לעבן פון נויט און אונטערדריקונג.

אין סעאטל זיינען געווען אין סטרייק די טראמוויי־ארבעטער. די א. וו. וו. האט געפירט א סטרייק פון די געהילץ־ארבעטער און פון די קופער־מיינער פון אריזאנא און מאנטאנא. אין אויגוסט האט געהאלטן ביי א גענעראל-סטרייק פון אלע ים־טראנספארט־ארבעטער ביים פאסיפישן אקעאן, אין די פלייש־הייזער אין שיקאגא, אין אייזן־גרובן אין מינעסאטא. אויל־ארבעטער האבן געסטרייקט אין קאליפארניע. א סטרייק איז אנגעגאנגען אין מישיגען, אין שפייז־פרעזערוון פאבריקן אין קאליפארניע, אין א ריי מעטאל־פאבריקן אין די מזרח־שטאטן, אין דער קליידער־אינדוסטריע, בוי־פאכן און אזוי ווייטער.

די קאפיטאליסטן האבן זיך פארלאזט אויף דעם קריג־נויטפאל און נים געוואלט נאכגעבן די ארבעטער. באזונדער איינגעשפארט זיינען געווען

די קופער־ און געהיליץ־מאגנאטן, אין וועמענס קעמפס עס האָבן געהערשט גרויזאמע באַדינגונגען. מיט דער הילף פון זייער פרעסע האָבן זיי אויפ־געהעצט דעם מיטל־קלאַס געגן די סטרייקער. אין דעם ווייטן מערב זיינען אויפגעשפּרונגעז אַלערליי „פּאַטריאָטישע" אָרגאַניזאַציעס. אונטער דעם אויס־רייד פון דער מלחמה־נויטוועדיקייט און מיטן געשריי: „רויטע", „דייטשע אַגענטן" א. ד. ג. זיינען די פּאַטריאָטן באַפאַלן אַרבעטער־היימען, צעבראָכן אַרבעטער־לאָקאַלן און פאַרקריפּלט און דערמאָרדעט סטרייק־טוער.*)

א פאָרשטעלונג וועגן דעם פאַרנעם פון דער סטרייק־באַוועגונג קען מען קריגן פון דער צאָל סטרייקס.

אין 1917 זיינען פאָרגעקומען 4,233 סטרייקס, מער ווי אין פאַריקן יאָר, און 126 לאָקאַוטס.

אין 1918 זיינען פאָרגעקומען 3,181 סטרייקס און 104 לאָקאַוטס.

בייקער, קריגס־סעקרעטאר און פאָרזיצער פונם פארטיידיקונגס־קאונסיל, איז געווען אַלאַרמירט פון די פאַרשפּרייטע סטרייקס. דעם 16טן אויגוסט האָט ער זיך געווענדעט מיט א בריוו צו גאָמפּערסן, אַז די א. פ. אָוו ל. זאָל אָננעמען מיטלען אָפּצושטעלן די סטרייקס. גאָמפּערס איז אַרויסגעקומען מיט א פּאַטריאָטישן רוף צו די אַרבעטער. דער רוף איז געפאַלן אויף טויבע אויערן. די רעגירונג איז געצוואונגען געווען צו באַשטימען א קאָמיסיע צו אונטערזוכן די אַרבעט־באַדינגונגען אין די פּאַסיפישע שטאַטן. שפּעטער איז באַשטימט געוואָרן א קאָמיסיע פאַר דער שיף־בוי אינדוסטריע, וואָס איז שטאַרק פּאַראַליזירט געוואָרן פון סטרייקס. נאָכדעם זיינען געקומען די קאָ־מיסיעס פאַר א ריי אינדוסטריעס, ווי מענער־קליידער, רעגירונג־אַרסענאַלן, און נאָך.

די אַלע קאָמיסיעס האָבן זיך פאַרנומען מיט אונטערזוכונגען און רע־קאָמענדאַציעס וואָס זיינען פאַרבליבן אויפן פּאַפּיר. די סטרייקס האָבן ניט אויפגעהערט. דעמאָלט איז פּרעזידענט ווילסאָן געצוואונגען געווען צו באַ־שאַפן די „וואָר לייבאָר באָרד" (קריג אַרבעט־פאַרוואַלטונג), וואָס איז באַ־שטאַנען פון פינף פאַרטרעטער פון די קאַפּיטאַליסטן, פינף פון דער א. פ. אָוו ל. און צוויי פון „פּובליקום". וויליאַם ה. טעפט איז געווען דער „פּוב־ליקום"־פאָרשטייער פאַר די קאַפּיטאַליסטן און פרענק פּ. וואָלש פאַר די אַרבעטער.

---

*) מער וועגן דעם טעראָר געגן די אַרבעטער אין ווייטן מערב, אין קאַפּיטל: די איי. וו. וו.

די „וואָר לייבאָר באָרד" האָט באַדאַרפט אַכטונג געבן, אַז די מלחמה־באַשטעלונגען זאָלן ניט פאַרהאַלטן ווערן און זאָלן ניט ליידן פון סטרייקס און אַרבעטער־שטרייטיקייטן. דאָרטן וואו די אַרבעטער האָבן פאַרמאָגט אָרגאַניזאַציעס און געקעמפט פאַר בעסערע באַדינגונגען האָט די באָרד געמוזט זען, אַז די קאַפּיטאַליסטן אין זייער זשעדנעקייט זאָלן ניט צונעמען אינגאַנצן די ריזיקע פּראָפיטן פון די מלחמה־באַשטעלונגען. די אַרבעטער האָבן געקראָגן לוין־העכערונגען און יוניאָן־אָנערקענונג. וואו קיין יוניאָנס האָבן ניט עקזיסטירט — און אין די מערסטע אינדוסטריען זיינען ניט געווען קיין יוניאָנס — זיינע די אַרבעטער אָפּגעקומען מיט אַ פאַרשטאַרקטער עקספּלואַטאַציע, כאָטש זיי האָבן געקראָגן קליינע לוין־העכערונגען. די מענער־שניידער, צום ביישפּיל, וואָס האָבן די אַמאַלגאַמייטעד, האָבן געקראָגן צוגעוואָרפן אַ פינף דאָלאַר אַ וואָך, דאָרטן וואו זיי האָבן געאַרבעט אויף מלחמה־באַשטעלונגען, אין דער צייט ווען קליידער־פאַבריקאַנטן האָבן געמאַכט אומגעהויערע פּראָפיטן. אָבער אויך ביי די מענער־שניידער האָט די הילמאַן־אַדמיניסטראַציע אָפּגעפּאַטערט די אַרבעטער מיט אַ קליינער לוין־העכערונג אַ וואָך, אין דער צייט ווען די אַרבעטער זיינען געווען באַרעכטיקט און וואָלטן דורך קאַמף געקראָגן פיל גרעסערע לוין־העכערונגען. אָבער די הילמאַן־מאַשין איז פאַרשטאַרקט געוואָרן מיט דער הילף פון דער „וואָר לייבאָר באָארד", וואָס האָט געצוואונגען אַ סך פאַבריקאַנטן צו אָנערקענען די אַמאַלגאַמייטעד. איינציקע אָרטיקע אַמאַלגאַמייטעד־פירער האָבן אָנגעוואָרעמט די הענט אַרום די מלחמה־באַשטעלונגען.

טראַנספּאָרטאַציע איז אַ לעבנס־נערוו פון מלחמה־פירונג. די באַן־אַרבעטער האָבן אויסגענוצט זייער אויסערגעוויינלעך־וויכטיקע פּאָזיציע אין קריג אַרויסצורייסן אַ קאָנצעסיע פון די באַן־קאָמפּאַניעס און פון דער רעגירונג. מיט דער בייטש פון אַן אָפּשטימונג פאַר אַ גענעראַל־סטרייק פון די פיר באַן־בראָדערהודס — די לאָקאָמאָטיוו־טרייבער, הייצער, קאָנדוקטאָרן און באַן־מאַנשאַפט — האָבן זיי געצוואונגען ווילסאָנען צו קומען צום קאָנגרעס אין 1916 און דורכפירן דעם אַדאַמסאָן־געזעץ פאַר אַן אַכט־שטונדיקן אַרבעט־טאָג, וואָס האָט געמיינט אַ באַדייטנדע לוין־העכערונג — ווייל אויף די באַנען קען קיין 8־שטונדיקער אַרבעט־טאָג ניט דורכגעפירט ווערן פּינקטלעך און די אַרבעטער קריגן באַצאָלט אָנדערהאַלבן מאָל אַזויפיל פאַר דער איבעריקער צייט. די רעגירונג איז דעמאָלט געווען פאַרוויקלט אין דעם קאָנפליקט מיט מעקסיקאָ און אין אַ שטרייטיקייט מיט דער דייטשער רעגירונג וועגן די סאָבמארינס און ווילסאָן האָט ניט געוואָלט שטעלן אין געפאַר דעם

באַן-פּאַרקער. ער האָט אָבער אָפּגעטאָן די אַרבעטער און צוזאַמען מיט דעם 8-שטונדיקן אַרבעט־טאָג איז אויך אַריין אַ פּונקט פון אַ פאַרשטעלטער צוואַנג־אַרביטראַציע פון דער רעגירונג־קאָמיסיע, וואָס רעגולירט די באַנען.

פון אָנהייב האָט אַ נידעריקער פעדעראַלער געריכט דערקלערט דעם געזעץ אומקאָנסטיטוציאָנעל, אָבער די אינטערנאַציאָנאַלע לאַגע איז דערווייל געוואָרן ערנסטער און אין 1917 האָט דער העכסטער פעדעראַלער געריכט דעם געזעץ באַשטעטיקט.

ווען די רעגירונג האָט געמוזט איבערנעמען די באַנען אין יאַנואַר, 1918, צו העלפן די קריג־פירונג, האָבן די איבעריקע פאַכן אין דעם באַן־פּאַרקער, די שאַפּ־אַרבעטער, וועג־אויפפּאַסער, קלוירקס, טעלעגראַפּיסטן, א. א. וו. געקראָגן זייער געלעגנהייט. זיי האָבן זיך גענומען גרייטן צו אַ גענעראַל־סטרייק. די רעגירונג האָט געציטערט פאַר אַזאַ געפערלעכן שריט און האָט באַלד אויסגעשפּרייט דעם אַדאַמסאָן אַכט־שטונדיקן געזעץ אויף אַלע פאַכן אין די באַנען. דאָס האָט דערפירט דעם דורכשניטלעכן לוין פון אַן אַרבעטער צו 63 סענט אַ שעה, אַ סך ווייניקער פון די „אַריסטאָקראַטישע" באַן־אַרבעטער, אָבער אַ סך העכער ווי פריער. רעגירונג־קאָנטראָל איבער די באַנען האָט אויך דערמוטיקט די אָרגאַניזאַציע פון אַלע באַן־אַרבעטער. אַלע פאַכן אין באַן־טראַנספּאָרט זיינען דעמאָלט אָרגאַניזירט געוואָרן.

דער געווינס פון די באַן־אַרבעטער דעמאָנסטרירט ווי ווייט די רעגירונג און דער הערשנדיקער קלאַס זיינען געווען גרייט אויסצומיידן גרויסע סטרייקס אין דעם מלחמה־פּעריאָד. אַלע אַרבעטער האָבן געקענט אויסקעמפן באַ־דייטנדיק בעסערע באַדינגונגען. גלייכצייטיק דעמאָנסטרירט עס אויך, אַז אָן מיליטאַנטישקייט קענען די אַרבעטער ניט אויפהאַלטן אַזעלכע זיגן.

אַזוי שנעל ווי די רעגירונג האָט צוריקגעגעבן די באַנען צו די פּריוואַטע קאָמפּאַניעס מיט אַ היפּשער מתנה פון הונדערטער מיליאָנען דאָלאַר, האָבן די קאָמפּאַניעס אָנגעהויבן דריקן אויף די אַרבעטער. מיט דער צושטימונג פון דער „אינטערסטייט קאָמערס קאָמישאָן", וואָס דאַרף רעגולירן די באַנען, האָבן זיי אין 1921 דורכגעפירט די ערשטע לוין־רעדוצירונג. שפּעטער האָט דער קאָנגרעס געענדערט — דאָס מיינט אָפּגעשאַפט — דעם אַדאַמסאָ געזעץ. אין 1922 האָבן די באַן־אַרבעטער געקראָגן אַ צווייטן לוין־שניט. די פירער האָבן מיט אַלע מיטלען אָפּגעהאַלטן פון אַ סטרייק, כאָטש ד אַרבעטער האָבן מיט אַ ריזיקער מערהייט געשטימט צו וואַרפן די אַרב די שאַפּ־אַרבעטער האָבן ניט אויסגעהאַלטן און אין 1922 אַרויס אין „אומגעזעצלעכן" גענעראַל־סטרייק, וואָס איז אונטערדריקט געוואָרן פון דער

רעגירונג צוזאַמען מיט די פירער פון די פיר באַן־בראָדערהודס. דאָס איז געווען דער צווייטער סטרייק. א קלענערן סטרייק האָבן די שאַפ־אַרבעטער געהאַט אין 1917, אויך אַן „אומגעזעצלעכן".

געוויסע אַרבעטער־גרופּעס באַווייזן זיך צו אָרגאַניזירן

ניט געקוקט אויף דער שטעלונג פון די יוניאָן־פירער געגן סטרייקס און געגן אָרגאַניזירן די אומאָרגאַניזירטע, האָבן דאָך א צאָל אַרבעטער באַוויזן אויסצונוצן די פּראָספּעריטעט פון דער מלחמה צו אָרגאַניזירן זיך און אַרויס־רייסן בעסערע אַרבעט־באַדינגונגען פון זייערע אַרבעטגעבער. צו קיין גרויסע סטרייקס איז ניט געקומען, ווייל די א. פ. אָוו ל. האָט ניט דערלאָזט. אָבער קליינע סטרייקס זיינען דאָך פאָרגעקומען. אָן וועלכער עס איז אָנשטרענגונג פון די יוניאָן־פירער איז געוואַקסן די צאָל מיטגלידער אין א סך א. פ. אָוו ל. יוניאָנס, באַזונדערס אין די מאַשין־בוי אינדוסטריען, שיף-בוי און האַפן, און באַן־אַרבעטער. א מיליאָן אַרבעטער האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין די יוניאָנס אין פאַרלויף פון דער מלחמה. די א. פ. אָוו ל. איז פאַרגרעסערט געוואָרן פון עטוואָס מער ווי צוויי מיליאָן אין 1914 צו 3,045,000 מיטגלידער אין 1918.

מיר האָבן אין אַן אַנדער קאַפּיטל שוין דערמאָנט, אַז ווילסאָן אַליין האָט געפונען פאַר נויטיק צו דערשיינען פּערזענלעך פאַר דעם צוזאַמענפאָר פון דער א. פ. אָוו ל. אין באָפאַלאָ אין 1917. ווילסאָן האָט א יאָר שפּעטער געשיקט א באַגריסונג־טעלעגראַמע צו דעם צוזאַמענפאָר פון דער א. פ. אָוו ל. אין סט. פּאָל.

גאָמפּערס האָט פאַרדינט ווילסאָנס אויפמערקזאַמקייט. דער עקזעקוטיוו קאונסיל פון דער א. פ. אָוו ל. האָט געהאָרכזאַם געדינט דעם פּרעזידענט פון דעם קאַפּיטאַליסטישן קלאַס. ווען ווילסאָן האָט דורכגעפירט אויף דער פרידן־קאָנפערענץ דעם פּלאַן פון דער פעלקער־ליגע, איז ער גלייך באַשטעט געוואָרן אויף דעם צוזאַמענפאָר פון דער א. פ. אָוו ל. אין אַטלאַנטיק סיטי, אין 1919. דער צוזאַמענפאָר אין מאָנטרעאָל, 1920, האָט אָנגענומען רעזאָ־לוציעס פאַר דער פעלקער־ליגע ביז וואַנען גאָמפּערס האָט געזען, אַז אַמעריקאַנישע קאַפּיטאַליסטן האָבן געענדערט זייער מיינונג און זיינען איצט ניט גרייט אַריינצוטרעטן אין דער פעלקער־ליגע און בינדן זייערע האַנדלונגען. ערשט דעמאָלט האָבן די צוזאַמענפאָרן פון דער א. פ. אָוו ל. אויפגעהערט אָנצונעמען רעזאָלוציעס פאַר דער פעלקער־ליגע. די צוזאַמענפאָרן האָבן

זיך באנוגנט מיט א צווייטער אויפגאבע — רעזאָלוציעס געגן דער אָנער־קענונג פון סאָוועטן־פאַרבאַנד. אַזעלכע רעזאָלוציעס זיינען יעדעס מאָל פּינקטלעך אָנגענומען געוואָרן ביז וואַנען דער הערשנדיקער קלאַס האָט געמוזט בייטן זיין טאַקטיק און אָנערקענט די פּראָלעטאַרישע מלוכה. די פירער פון דער א. פ. אָוו ל. האָבן געענדערט זייער פאָרמע פון אַנטי־סאָוועטישער טעטיקייט. זיי פאַרנעמען זיך מיט וואַרפן ליגנערישע באַ־שולדיקונגען, אַז די סאָוועטן־רעגירונג פאַרלעצט דעם ליטווינאָוו־רוזוועלט־אָפּמאַך פון ניט מישן זיך אין די אינערלעכע אָנגעלעגנהייטן פון צווייטן לאַנד. אַזאַ דאָקומענט האָט די א. פ. אָוו ל. צוגעשטעלט דער רעגירונג, זומער 1934.

די געשיכטע פון דער פאַרשווערונג געגן טאָם מוני

א דירעקטער רעזולטאַט פון די מלחמה־פאַרברייטונגען און פון דער פּאַטריאָטישער היסטעריע, וואָס דער הערשנדיקער קלאַס האָט געזוכט צו באַ־שאַפן, איז די באַרימטע פאַרשווערונג געגן טאָם מוני, וואָרען בילינגס און איזראַעל וויינבערג אין 1916 אין סאַן פראַנציסקאָ. די אָרגאַניזירטע אַר־בעטער אין יענער האַפן־שטאָט זיינען אַלעמאָל געווען מיליטאַנטיש. די קאַפּיטאַליסטן ווידער באַלאַנגען צו די איניציאַטאָרן פון דער אָפּן־שאַפּ באַוועגונג. קאַליפאָרניע איז באַהערשט פון עטלעכע מיליאָנערסקע פאַמיליעס, ווי די ספּרעקלס, דאָלאַרס, פּליישהאַקערס און זייער גלייכן. אָט־די מיליאָנערן האָבן באַשלאָסן אויסצונוצן אַ באָמבע־אויפרייס אויף דעם „פּריפּערעדנעס־פּאַראַד" (מלחמה־צוגרייטונג פּאַראַד) דעם 16טן יוני 1916 און אומברענגען אַ גרופּע אַרבעטער־טוער, וואָס האָבן אָרגאַניזירט די אַרבעטער אויף די טראַמווייען.

גלייך נאָך דעם באָמבע־אויפרייס זיינען אַרעסטירט געוואָרן טאָם מוני און זיין פרוי, וואָרען בילינגס און איזראַעל וויינבערג. זיי זיינען אָנגעקלאָגט געוואָרן אין מאָרד.

די מוני־פאַרשווערונג באַלאַנגט צו די נידערטרעכטיקסטע אַקטן פון דער קאַפּיטאַליסטישער יוסטיץ. דער ריכטער, דער דיסטריקט־אַטוירני, די פּאָליציי, די שטאָט־רעגירונג און די פּרעסע זיינען געווען דירעקט פאַרמישט אין אָפּ־קויפן עדות, אין פאַבריצירן פאַלשע באַווייזן און אין טרייבן אַ העצע־קאַמפּאַניע געגן די אָנגעקלאָגטע. מען האָט געבראַכט עדות פון דער אונטער־וועלט, וועלכע זיינען אפילו ניט געווען אין יענער צייט אין סאַן פראַנציסקאָ. אַלע באַווייזן, אַז מוני איז געווען גאָר אויף אַן אַנדער פּלאַץ ווען די באָמבע

איז אויפגעריסן געוואָרן, האָבן ניט געהאָלפן. אַ פאָטאָגראַפיע, וואָס האָט קלאָר באַשטעטיקט אַז מוני איז אין דער צייט פון אויפרייס געווען אויף אַ דאַך אַ האַלבן מייל ווייט פון אויפרייס־פּלאַץ צו זען דעם פּאַראַד דורכגייענדיק, איז אויך ניט אָנגענומען געוואָרן. די דזשורי איז באַאַרבעט געוואָרן פריער.

דער פּראָצעס האָט זיך געענדיקט דעם 9טן פעברואַר, 1917. מוני איז פאַראורטיילט געוואָרן צום טויט און בילינגס צו לעבנסלענגלעכער טורמע. ניט קוקנדיק אויף די שרייענדיקע באַווייזן פון פאַבריצירטע עדות און אָפּגעקויפטע דזשורי־לייט, וואָלט מוני זיכער באַצאָלט מיט זיין לעבן פאַר אַ פאַרברעכן וואָס ער איז ניט באַגאַנגען, ווען ניט די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער אין לענינגראַד, דעמאָלט פּעטראָגראַד.

ווילסאָן האָט אין אָנהייב 1917 געשיקט אַ קאָמיסיע מיט רוט, געוועזענער קריג־מיניסטער און סענאַטאָר, אין דער שפּיץ, איינצוהאַלטן דאָס רעוואָלוציאָנערע רוסלאַנד אין דער מלחמה אויף דער זייט פון די עליים. דזשיימס דאָנקאַן האָט פאַרטראָטן די א. פ. אָוו ל. אין דער קאָמיסיע.*) ווען די לוואָוו־קערענסקי רעגירונג און די מענשעוויקעס האָבן אויפגענומען די אַמעריקאַנישע פאָרשטייער מיט גרויס כבוד, האָבן די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער אין פּעטראָגראַד דורכגעפירט אַ גראַנדיעזע דעמאָנסטראַציע אין פראָנט פון האָטעל וואו די אַמעריקאַנער זיינען איינגעשטאַנען. די דעמאָנסטראַנטן האָבן געפאָדערט די באַפרייאונג פון מוני און בילינגס. דעפּעשן זיינען געפלויגן צוריק קיין וואַשינגטאָן און די מוני־פאַרשווערונג האָט באַקומען אַן אינטערנאַציאָנאַלע באַדייטונג.

### וואַשינגטאָן דערהערט פון פּעטראָגראַד וועגן דעם מוני־פּראָצעס

נאָך דער דעמאָנסטראַציע אין פּעטראָגראַד האָבן זיך אָנגעהויבן אַ ריי

*) דזשיימס דאָנקאַן איז געווען גוואַלדיק גערירט וואָס ער פאָרט אין אַזאַ וויכטיקער שליחות צוזאַמען מיט הויכגעשטעלטע מענטשן, ווי עקס־מיניסטער רוט. אין רוסלאַנד איז די קאָמיסיע געפאָרן אין דעם צאַרס באַן. דאָנקאַן האָט געהאַלטן אַ רעדע אין דער דומע און איז אויפגענומען געוואָרן פון די מיטגלידער פון דער ציטווייליקער רעגירונג. דאָנקאַן, אַן אַלט־מאָדישער, אומווויסנדיקער טרייד־יוניאָן באַאַמטער, האָט פאַר די דעלעגאַטן פון דעם פּעטראָגראַדער סאָוועט פון אַרבעטער און סאָלדאַטן זיך באַרימט מיט די מעטאָדן און מיט די אויפטואונגען פון דער א. פ. אָוו ל. פאַרשטייט זיך, אַז זיינע רעדעס האָבן געהאַט אַ פאַרקערטע ווירקונג אויף די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער־מיטגלידער פון סאָוועט. (לאָרווין, א. פ. אָוו ל., זייט 154)

דעמאָנסטראַציעס אין די פּאַראייניקטע שטאַטן און אין אַלע לענדער פון דער וועלט. די ווילסאָן־רעגירונג, וואָס האָט געשפּילט פאַר דער וועלט די ראָל פון א פּראָגרעסיוון כח, האָט זיך דערפילט זייער אומבאַקוועם. מוניס הינריכטונג וואָלט געשעדיקט ווילסאָנס פּלענער אין אויסלאַנד. דער פאַקט, וואָס מוני איז געווען אַ מיטגליד אין דער „אינטערנעשאָנאַל מאָולדערס יוניאָן" (שמעלץ־אַרבעטער), אַנגעשלאָסן אָן דער א. פ. אָוו ל., האָט געבראַכט אַ סך לאָקאַלן פון דער א. פ. אָוו ל. צו דער פּראָטעסט־באַוועגונג. דער לינקער פליגל אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און אַלע מיליטאַנטישע אַר־בעטער האָבן פאַרלאַנגט אַ גענעראַל־סטרייק צו צווינגען מונים באַפרייאונג אָדער אַ נייעם פּראָצעס. די פירערשאַפט פון דער א. פ. אָוו ל. האָט פון דעם ניט געוואָלט הערן. דער עקזעקוטיוו־קאָונסיל פון דער א. פ. אָוו ל., וואָס



טאָם מוני

נאָך לאַנגע יאָרן אין טורמע — אין צייט פון זיין אַרעסט

האָט ניט געהאַט קיין ברירה און געמוזט אָננעמען רעזאָלוציעס פאַר אַ נייעם פּראָצעס, האָט עס אָבער באַגלייט מיט אַ מעסער אין רוקן. יעדע רעזאָלוציע האָט אונטערשטראָכן, אַז די א. פ. אָוו ל. איז געגן די פּאָליטישע מיינונגען פון מונין און זיינע חברים, וועלכע זיינען אַנאַרכיסטיש געשטימט. (דאָס זעלבע האָט געטאָן די א. פ. אָוו ל. אין אירע רעזאָלוציעס פאַר אַ נייעם פּראָצעס פאַר סאַקאָ און וואַנזעטי.)

ווילסאָן האָט געמוזט זיך אַריינמישן, אַזוי שטאַרק איז געווען דער פּראָ־טעסט, באַזונדערס אין אויסלאַנד. ער האָט געשריבן דעם גובערנאַטאָר פון

קאַליפאָרניע, אַז ער בעט אים ניט הינצוריכטן מוני. אַזוי איז געבליבן. דער אומשולדיקער אַרבעטער-קעמפער איז נאָך הינטער גראַטעס, כאָטש די גאַנצע וועלט איז איבערצייגט אין זיין אומשולד.

דער לינקער פליגל האָט גערופן אַ טאָם מוני קאָנגרעס, דעם 14טן—17טן יאַנואַר, 1919. אַרום טויזנט פאָרשטייער פון אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס זיינען אָנוועזנד געווען, צווישן זיי אַ סך לאָקאַלן פון דער א. פ. אָוו ל. דער קאָנגרעס האָט באַשלאָסן צו דערקלערן אַ גענעראַל-סטרייק דעם 4טן יולי. די א. פ. אָוו ל. ביוראָקראַטיע האָט געטאָן אַלץ ניט צו דערלאָזן צו אַ סטרייק. דאָס האָט געשטערט, אַז די אַקציע זאָל ווירקלעך פּאַראַליזירן דאָס ווירט-שאַפטלעכע לעבן פון לאַנד. אָבער אַרום אַ מיליאָן אַרבעטער האָבן זיך אין דעם סטרייק באַטייליקט.

עטלעכע יאָר שפּעטער האָט דער הויפּט-עדות, אָקסמאַן, זיך מודה געווען, אַז מען האָט אים אונטערגעקויפט. אַ פרוי, וואָס האָט עדות געזאָגט געגן מוני, האָט זיך אויך מודה געווען. דער ריכטער און דער דיסטריקט-אַטוירני זיינען אַרויסגעקומען מיט אַ דערקלערונג, אַז דער פּראָצעס איז ניט געפירט געוואָרן ריכטיק און אַז מוני און בילינגס דאַרפן קריגן אַ נייעם פּראָצעס. אָבער דער הערשנדיקער קלאַס פון קאַליפאָרניע האָט באַשלאָסן ניט אַרויסצולאָזן זיינע קרבנות. אַלע פאַרזוכן צו באַפרייען מוני און אַ געזעצלעכן אופן זיינען געווען אומזיסט.

די רעאַקציע, וואָס האָט געהערשט אין די מלחמה-יאָרן און שפּעטער, האָט געהאַלטן אין טורמע ניט נאָר מוני און בילינגסן. אַרום אַ טויזנט א. וו. וו. מיטגלידער זיינען פאַרשפּאַרט געוואָרן אויף לאַנגע טורמע-טערמינען. שפּעטער זיינען אַרעסטירט געוואָרן דעבס, בענטאַל, רוטענבערג און נאָך סאָציאַליסטן פאַר זייער געגנערשאַפט צום קריג. דעבס איז פאַראורטיילט געוואָרן אויף 10 יאָר טורמע. רוטענבערג אויף אַ יאָר טורמע. די א. וו. וו. מיטגלידער האָבן געקראָגן גאָר לאַנגע טורמע-טערמינען. די אַלע אַרעסטן און פאַרפאָלגונגען האָבן געקראָגן די שטילע אָבער האַרציקע ברכה פון דער א. פ. אָוו ל. פירערשאַפט.

## די פּריוואַטע פאַרענטפערונג פון די יוניאָן-פירער

אין פּריוואַטע געשפּרעכן האָבן אַ טייל יוניאָן-פירער זיך פאַרענטפערט אַז זיי גייען איצט אין מלחמה-שפּאַן, ווייל זיי ווילן פאַרהיטן די טרייד-יוניאָן באַוועגונג פון פאַרפאָלגונגען און אַטאַקעס ווען די מלחמה וועט זיין פאַר-איבער. זייער לאָגיק איז געווען אַזאַ: איצט איז פאַראַן אַ סך אַרבעט און

עם פעלן אויס הענט. נאָך דער מלחמה וועט זיך אָנהויבן אַן ארבעטלאָזיקייט. די קריג־אינדוסטריעס וועלן זיך צושליסן. די קאַפּיטאַליסטן וועלן זיך באַנוצן מיטן קריזיס אָנצוהויבן אַ שווערן אָנגריף אויף די יוניאָנס, ווי זיי טוען אַלעמאָל אין צייט פון אַ קריזיס. מיט אונזער שטיצע צו דער קריג־פּאָליטיק פון דער רעגירונג, מיט אונזער מיטאַרבעטערשאַפט שאַפן מיר אַ לאַגע, אַז די רעגירונג וועט זיך אַריינמישן שפּעטער און ניט לאָזן די ארבעטגעבער אָפּווישן די העכערע באַדינגונגען און צו פאַרטיליקן די יוניאָנס.

אויסגעלאָזט האָט זיך, פאַרשטייט זיך, פונקט פאַרקערט. די קאַפּיטאַ־ליסטן האָבן ניט פאַרפעלט אין די שווערע יאָרן פון איבערגאַנג פון קריג צו פרידן אָנצוהויבן אַ מעכטיקן אָנגריף אויף דער אָרגאַניזירטער און אומ־אָרגאַניזירטער ארבעטערשאַפט. די ווילסאָן־רעגירונג, פאַר וועמען די יוניאָן־פירער זיינען געקראָכן אויף די קני, האָט געגעבן די קאַפּיטאַליסטן יעדע מעגלעכע הילף, פון פעדעראַלע אינדזשאַנקשאָנס צו פאַרבאָטן די קוילן־גרעבער און באַן־ארבעטער צו סטרייקן, ביז פעדעראַלע סאָלדאַטן צו אונטער־דריקן דעם סטרייק פון די באַן-שאַפּ ארבעטער. נאָר די מיליטאַנטישקייט פון די ארבעטער גופא האָט פאַרהיט די יוניאָנס פון צעשמעטערט ווערן. וועגן דעם אין ווייטערדיקע קאַפּיטלען.

די מלחמה האָט אַריינגעצויגן מיליאָנען פרויען אין דער אינדוסטריע. ווען די מלחמה איז פאַריבער זיינען 8½ מיליאָן פרויען געווען אין דער פּראָ־דוקציע. אַ גאַנצער אמוניציע־צענטער איז אויפגעשפּרונגען אין קאָנעטיקוט, ארום ברידזשפּאָרט און ניו הייוון. דאָס ווערט פון לאַנד איז געשטיגן. דירה־געלט האָט זיך פאַרטאָפּלט. אָבער דער קאָפּ־שווינדלערישער „בום" האָט לאַנג ניט אָנגעהאַלטן. אין 1919 און 1920 איז די לאַגע נאָך געווען גוט. אין מיטן 1921 האָט די דעפּרעסיע גענומען מאַרשירן מיט ברייטע טריט איבערן לאַנד. אין 1922 איז פון דער פּראָספּעריטעט ניט פאַרבליבן קיין שפּור. די קאַפּיטאַליסטן האָבן אָנגעהויבן זייער אָפענסיווע און דער אַר־בעטער־קלאַס איז ארויס אין אַן ענערגישער, אַנטשלאָסענער פאַרטיידיקונג פון זיינע באַדינגונגען און זיינע רעכט, כאָטש ער האָט פון זיינע אָפיציעלע פירער ניט געקראָגן קיין דערמוטיקונג און הילף. נאָר אַ דאַנק זייער מוטיקן ווידערשטאַנד האָבן די אָרגאַניזירטע ארבעטער פאַרהיט אַז די דעפּרעסיע און די קאַפּיטאַליסטישע אַטאַקע אין 1922 זאָלן ניט אָפּווישן זייערע אָרגאַניזאַציעס.

פינף־און־צוואַנציקסטער קאַפּיטל

# די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אין קריג

פּאַרטיי-פירערשאַפט פון אָנהויב שאַרף געגן קריג, אָבער זוכט צו באַרעכטיקן דעם פאַרראַט פון די פירער פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל. — די טעלעגראַמעס צו די פּאַרטייען אין אויסלאַנד און דער בריוו צו ווילסאָנען. — דער קאַמף אין סט. לואיס אין 1917 פאַר אַ ווירקזאַמער אַנטי-מלחמה שטעלונג. — טשאַרלס רוטענבערגס אַנטי-קריג טעטיקייט. — די הילקוויטס און בערגערס קוליען זיך איבער נאָך אַמעריקעס אַריינטרעטן אין קריג. — דעבס און לינקער פליגל טעטיק געגן קריג און באַצאָלן מיט טורמע.—רוטענבערגס מעיאָר-קאַמפּאַניע אין קליוולאַנד. — סאָציאַליסטישע קאַנדידאַטן אין 1917 ציען גרויסע צאָל שטימען צוליב געגנערשאַפט צום קריג. — מאַסן ווערן אַנטוישט אין דערווײלטע סאָציאַליסטישע באַאמטע.

דער פאַרשיידנאַרטיקער פּאָליטישער צוזאַמענשטעל פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין דער זיג־זאַג שטעלונג וואָס די פּאַרטיי האָט גענומען צו דער אימפּעריאַליסטישער וועלט-מלחמה און צו אַמעריקעס אַריינטרעט אין דער וועלט־מלחמה. זעלטן ווען איז דער אָפּגרונט צווישן אַ געזונטער, פּראָלעטאַרישער מיליטאַנטישער רענק און פייל און אַ פירערשאַפט וואָס איז דורכגעדרונגען מיט אָפּאָרטוניזם און קאַריעריזם איז אַרויסגעבראַכט געוואָרן אַזוי שאַרף ווי אין דעם וועלט־מלחמה־פּעריאָד. די כלומרשטע „שאַרפע" אַנטי־מלחמה שטעלונג פון דער פירערשאַפט אין די ערשטע קריג־יאָרן איז דיקטירט געווען פון דער פייערדיקער אַנטי־מלחמה שטימונג וואָס האָט געהערשט צווישן דער מיטגלידערשאַפט. אָט די שטימונג און די שפּעטערדיקע רעוואָלוציאָניזירונג פון דער מערהייט פּאַרטיי־מיטגלידער — נאָך אַמעריקעס אַריינטרעט אין קריג און באַזונדערס נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע — איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער צוויי־פּנימדיקער פּאָליטיק וואָס די פירערשאַפט האָט געטריבן: מיט די ליפּן זיך געחנדלט צו דער רעוואָלוציאָנערער רוסלאַנד און שפּעטער אַפילו צום קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל און מיט די הענט געהאָלפן שטופּן דעם מלחמה-וואָגן און אונטערדריקט און פאַרפאָלגט די לינקע.

די פולשטענדיקע קאפיטולאציע פון די סאציאל־דעמאקראטישע און סאציאליסטישע פארטייען צו דעם ווילן פון די קאפיטאליסטישע הערשער אין די ערשטע טעג פון אויגוסט 1914 איז געקומען ווי א דונער אין מיטן העלן טאג פאר דעם סאציאליסטישן רענק און פייל אין די פאראייניקטע שטאטן. זייער ווייניק סאציאליסטן האבן זיך גערעכט, אז די פירער פונם צווייטן סאציאליסטישן אינטערנאציאנאל וועלן אזוי שנעל זיך אונטערגעבן די קאפיטאליסטן און אזוי היים זיך ארייננווארפן אין דער מלחמה.

דער עקזעקוטיוו־קאמיטעט פון דער אמעריקאנישער סאציאליסטישער פארטיי האט דעם 12טן אויגוסט 1914 פארעפנטלעכט א דעקלאראציע וואס האט זיך געלייענט טיילווייז:

„די סאציאליסטישע פארטיי פון די פאראייניקטע שטאטן דריקט אויס איר סימפאטיע מיט די ארבעטער אין אייראפע אין דער שטונדע פון זייער נסיון, ווען זיי זיינען ארייננגעווארפן געווארן אין א בלוטיקן און זינלאזן קאנפליקט פון אמביציעז-משוגענע מאנארכן, פארשווערערישע פאליטיקער און כיטרע קאפיטאליסטן.

„מיר בעטן זיי צו דערמאנען זיך, אז די ארבעטער פון די פארשיידענע לענדער אין קריג האבן ניט קיין שטרייטיקייטן צווישן זיך און אלע ליידן וואס זיינען אויף זיי ארויפגעווארפן שטאמען ניט פון די ארבעטער אין אנדערע לענדער, נאר פון דעם הערשנדיקן קלאס אין זייער אייגענעם לאנד. די סאציאליסטישע פארטיי פון די פאראייניקטע שטאטן, אין איינקלאנג מיט די דעקלאראציעס פון דער אינטערנאציאנאלער סאציאליסטישער באוועגונג, ווידערהאלט איר געגנערשאפט צו דער מלחמה און צו אלע אנדערע מלחמות אומאפהענגיק פון זייער אויסרייד.

„די סאציאליסטישע פארטיי רופט אלע פרעמד-געבארענע ארבעטער דא אפצוהאלטן געמיינזאמע פארזאמלונגען צו דעמאנסטרירן די ברידערלעכקייט און סאלידאריטעט צווישן אלע ארבעטער אן אונטערשייד פון נאציאנאליטעט, קאליר, גלויבן, און ראסע.

„די סאציאליסטישע פארטיי רופט די פעדעראלע רעגירונג צו באווייזן די עכטקייט פון איר פרידנס-פאליטיק אנהויבנדיק באלדיקע האנדלונג פאר פארמיטלונג און אנווענדן אלע פארזוכן צו ברענגען א שנעלן סוף פון דעם פארניכטנדיקן קאנפליקט.״

די דעקלאראציע גייט פארביי אינגאנצן דאס וויכטיקסטע וואס עס איז געלעגן אויף דער צונג ביי יעדן סאציאליסט, — א פארדאמונג פון דער פאר־רעטערישער האנדלונג פון די סאציאל־דעמאקראטישע פירער אין דייטשלאנד, עסטרייך, אונגארן, פראנקרייך, ענגלאנד א. אז. וו. דער איינציקער „פאזי־טיווער״ שטריך אין דער דעקלאראציע איז די ווענדונג צו דער פעדעראלער

רעגירונג, א שעדלעכע אילוזיע, וואס איז פאליטיש און פראקטיש ניט ווערט קיין אויסגעבלאזן איי.

### ווילסאן זאל זיין דער פארמיטלער

אין מיטן סעפטעמבער פון זעלבן יאר האט די עקזעקוטיוו־קאמיטע געשיקט א טעלעגראמע צו די מיטגלידער פון דער ביורא פון סאציאליסטישן אינטערנאציאנאל אין די פארשיידענע לענדער זיי זאלן זיך באמיען פאר פרידן. די טעלעגראמע זאגט:

„אין דעם איצטיקן קריזיס, איידער וועלכע עס איז לאנד איז אינגאנצן צעשמעטערט, דארפן די סאציאליסטישע פארשטייער אנווענדן יעדן מעגלעכן איינפלוס אויף זייערע רעגירונגען אז די קריג-פירנדיקע לענדער זאלן אננעמען די פארמיטלונג פון די פאראייניקטע שטאטן. דאס קען געטאן ווערן אן פארלוסט פון פרעסטיזש. די קאנפערענץ קען פארקומען אין האאג (האלאנד) אדער אין וואשינגטאן."

ניט נויטיק צו זאגן, אז פון דעם פארשלאג האט זיך גארניט אויסגעלאזן. די סאציאליסטישע פירער אין די קריג־לענדער האבן געשטעקט איבערן האלז אין דער מלחמה־פירונג; דער הערשנדיקער קלאס האט זיי צוגעשמעלט די ערשט־קלאסיקע אויפגאבע צו האלטן די ארבעטער פעסט צוגעשפאנט צום מלחמה-וואגן און צו די מלחמה־צילן. די סאציאליסטישע פירער האבן געמוזט לאכן אין הארצן פון די עצות פון די נארישע יענקי־סאציאליסטן. דער פארשלאג זיך צו פארלאזן אויף דער אומפארטייאישקייט פון דער וואשינגטאנער רעגירונג איז, מילד גערעדט, א קינדערשער איינפאל. וועלכער מארקסיסט האט געקענט באטראכטן דעם אמעריקאנישן קאפיטאליזם פאר אומפארטייאיש אין דער מלחמה צווישן די אייראפייאישע אימפעריאליסטן?

דערמיט האט די פירערשאפט פון דער סאציאליסטישער פארטיי נאך ניט אויפגעגעבן אירע האפענונגען אז פריינטלעכע עצות וועלן ברענגען די געווינטשטע רעזולטאטן אפצושטעלן די מלחמה. דעם 19טן סעפטעמבער האט די עקזעקוטיווע טעלעגראפירט צו אלע סאציאליסטישע פארטייען אין דער מלחמה:

„די סאציאליסטן אין אמעריקע שיקן זייער טיפסטע סימפאטיע און שטרעקן אויס זייער ברידערלעכע האנט צו די אייראפייאישע ארבעטער וועלכע זיינען איצט אין מיטן פון א וועלט-מלחמה.

„מיר זיינען ניט אויסן צו אורטיילן די אויפפירונג פון אונזערע ברידער-פארטייען אין אייראפע. מיר באגרייפן אז זיי זיינען קרבנות פון דער איצ-

טיקער שענדלעכער אינדוסטריעלער, פּאָליטישער און מיליטערישער סיסטעם און אַז זיי האָבן געטאָן דאָס בעסטע וואָס זיי האָבן געקענט אונטער די אומשטענדן.

„מיר אַפּעלירן צו אייך אין נאָמען פון סאָציאַליזם און אין איינקלאַנג מיט אייער אייגענער פּראָקלאַמאַציע צו העלפן אונז אַפּצושטעלן דעם מאַסן-מאָרד.

„אויף דעם אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס אין שטוטגאַרט איז באַשלאָסן געוואָרן ניט בלויז צו מאַכן יעדן פּאַרזוך צו פּאַרהיטן פון אַ וועלט-אויסברוך, נאָר אויך אויב די מלחמה ברעכט פּאָרט אויס, צו שטרעבן מיט אַלע אונזערע כחות צו ברענגען די מלחמה צו אַ שנעלן סוף.

„די סאָציאַליסטן פון דער מלחמה-ליידנדיקער איראָפּע האָבן אָרנטלעך און העראָאיש געאַרבעט אין דעם גייסט פון דעם ערשטן טייל פון דער שטוט-גאַרטער רעזאָלוציע.

„די סאָציאַליסטן פון דער וועלט מוזן איצט זיך נעמען גלייך דורכפירן דעם צווייטן טייל פון דער רעזאָלוציע — צו אַרבעטן פאַר דעם שנעלן סוף פון קריג."

די הילקוויטס זוכן צו כשרן די פּאַררעטער אין איראָפּע

יעדע שורה פון אַט־דער טעלעגראַמע איז אָנגעפּיקעוועט מיט עקל־האַפטער היפּאָקריטסטווע. צו באַהויפּטן אַז די איראָפּייאישע סאָציאַליסטן — די פירער — זיינען נעבעך געפאַלן קרבנות פון דער פאַרשאָלטענער קאַפּי־טאַליסטישער סיסטעם, אַז אַליין זיינען זיי נעבעך די נשמה שולדיק אין דער מלחמה, מיינט שיטן זאַמד אין די אויגן פון די אויפגעבראַכטע סאָציאַ־ליסטן אין די פאַראייניקטע שטאַטן, וואָס האָבן געזען פאַר זיך דעם העסלעכן פאַרראַט פון די פירער פון דעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל. די צווייטע באַ־הויפּטונג, אַז די איראָפּייאישע סאָציאַליסטן האָבן אָרנטלעך און העראָאיש דורכגעפירט דעם ערשטן טייל פון דער שטוטגאַרטער רעזאָלוציע, האָט געצילט צו באַהאַלטן די אַקטיווע שטיצע וואָס די סאָציאַליסטישע פירער האָבן געגעבן זייער הערשנדיקן קלאַס אין אַרויפצווינגען די מלחמה אויף די מאַסן: די 109 סאָציאַל־דעמאָקראַטישע דעפּוטאַטן אין דעם דייטשן רייכסטאַג, וועלכע האָבן אָן דעבאַטן געשטימט פאַר דער קריג־דערקלערונג, האָבן באַקומען פון דער פּאַרטיי־פירערשאַפט אין אַמעריקע אַן אויסקויף־צעטל פאַר זייערע שווערע זינד געגן דעם דייטשן און געגן דעם אַלוועלטלעכן אַרבעטער-קלאַס.

אַט־דאָס פּאַרדעקן און באַרעכטיקן אַפילו דעם פּאַרראַט פון די פירער פון דעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל האָט געשטאַמט ניט פון צופעליקע אור־

זאכן. די הילקוויטס און בערגערס האבן געזוכט צו פארטומלען די מוחות פון זייערע מיטגלידער. פאר זיי איז נויטיק געווען ניט צו דערלאזן אז די מיטגלידער זאלן פארלירן דעם צוטרוי אין די אפארטוניסטישע פירער.

זייער כאראקטעריסטיש איז, וואס אין אלע רופן און טעלעגראמעס איז א ווארט ניט געווען דערמאנט וועגן געבן א ווידערשטאנד געגן די קאפי־טאליסטן און זייערע רעגירונגען און דערמיט אפשטעלן די מלחמה. דער עלעמענטארער אנטי־מלחמה מיטל איז די הילקוויטס ניט איינגעפאלן. אלץ וואס די סאציאליסטישע עקזעקוטיווע האט געקענט איז געבן די אייראפעיאישע


וויקטאר בערגער


מאריס הילקוויט

סאציאליסטן אן עצה זיך צו פארלאזן אויפן יושר פון דעם יענקי־אימפעריא־ליזם, וואס וועט שוין איינטיילן גערעכטיקייט צו אלע לענדער אין א גלייכער מאס.

ווען די לוזיטאניע איז געזונקען געווארן אין 1915 און אין אמעריקע האבן זיך אנגעהויבן די שטילע מלחמה-צוגרייטונגען, האט די סאציאליסטישע פארטיי ארויסגעלאזט א רוף צום „פאלק פון די פאראייניקטע שטאטן". דער רוף האט פראקלאמירט: קיין איין ארבעטער זאל ניט הויבן א האנט צו מארדן אן ארבעטער פון א צווייטן לאנד אדער צו פראדוצירן טויטלעכע וואפן

און אמוניציע. די שטאָלצע לאָזונג וואָס איז געקומען צוליב דער אַנטי־מלחמה שטימונג פון די מאַסן איז אָבער געבליבן אויפן פּאַפּיר. די סאָציאַ־ליסטישע פּאַרטיי האָט קיינמאָל ניט געמאַכט קיין מינדעסטן פּאַרזוך צו אַגיטירן קעגן דעם דרעפט און געגן פּראָדוצירן אַמוניציע און וואָפן.

אונטערן דרוק פון דער שאַרפער אַנטי־מלחמה שטימונג וואָס האָט גע־הערשט צווישן דער גרויסער מערהייט פון דער מיטגלידערשאַפט, האָט די פּאַרטיי־פירערשאַפט פאַרגעשלאָגן אַן אַמענדמענט צו דער פּאַרטיי־קאָנסטי־טוציע, אַז יעדער מיטגליד, דערוויילט פאַר וועלכן עס איז רעגירונג־אַמט, וואָס שטימט פאַר מלחמה־אַסיגנירונגען, ווערט אויסגעשלאָסן פון דער פּאַרטיי. פונדעסטוועגן, ווען מייער לאָנדאָן, דער איינציקער סאָציאַליסטישער קאָנגרעסמאַן, האָט זיך אַנטזאָגט צו שטימען געגן קריג אין 1917, איז ער ניט אויסגעשלאָסן געוואָרן פון דער פּאַרטיי.

ווען די דייטשע סאָבמארינס האָבן פאַרשטאַרקט זייער טעטיקייט אין 1916, האָט די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אַרויסגעלאָזט אַ פּראָקלאַמאַציע וואָס האָט פאַרדאַמט די מאַכינאַציעס פון וואָל־סטריט באַנקירן און ספּעקולאַנטן, און האָט גערופן די אַרבעטער דורך גאַסן-פאַרזאַמלונגען צו פאָדערן אַז דאָס לאַנד זאָל ניט אַריינגעשלעפּט ווערן אין מלחמה.

די פּרעזידענט וואַל־קאַמפּאַניע אין 1916 האָט די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי געפירט אונטער דער לאָזונג פון געגנערשאַפט צו מלחמה — אַ ריין־פּאַציפיסטישע און פּאַסיווע געגנערשאַפט אָן וועלכע עס איז פעלנער פון קאָנקרעטע קאַמף־מיטלען געגן קריג. דער פּרעזידענט־קאַנדידאַט פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, בענסאָן, אַ לעבלעכער זשורנאַליסט און אַ וואַסער־דיקער סאָציאַליסט, האָט זיך טאַקע אַריינגעפּאַסט צו אָט־דעם סאָרט אַנטי־מלחמה קאַמפּאַניע. זיין קאַמפּאַניע האָט זיך ניט אונטערגעשיידט וועזנטלעך פון ווילסאָנס אַנטי־קריג קאַמפּאַניע. דעריבער איז אַזוי שטאַרק געפאַלן די צאָל שטימען פון סאָציאַליסטישן וואַל־צעטל. בענסאָן האָט געקראָגן 585,113 שטימען.

די באַציאונגען מיט דייטשלאַנד זיינען געוואָרן אָנגעשטרענגטער. די מלחמה־וואָלקנס זיינען געהאַנגען געדיכט. די פירערשאַפט פון דער פּאַרטיי האָט געשריבן אַ בריוו צו ווילסאָנען, בעטנדיק אים ער זאָל גיין אין די פוס־טריט פון זיין באַרימטן פאָרגענגער, טאָמאַס דזשעפערסאָן, און אַרויפלייגן אַ פולשטענדיקן פאַרבאָט אויף אַלע מלחמה־ליפערונגען אין אויסלאַנד. ביי דעם בעטן זיינען די פירער געבליבן.

## סאָציאַליסטישע יוניאָן פירער שווייגן אויף א. פ. אָוו ל. צוזאַמענפאָר אין באַלטימאָר

אין 1916 האָט די א. פ. אָוו ל. אָפּגעהאַלטן איר צוזאַמענפאָר אין באַלטימאָר. די סאָציאַליסטן, וועלכע האָבן געהאַט איינפלוס אין אַ סך יוניאָנס, האָבן אַריינגעבראַכט אַ רעזאָלוציע פאַר אַן אונטערזוכונג פון דעם יקרות אויף ברויט און זיין שייכות צו די מלחמה־באַשטעלונגען פון אויסלאַנד. די א. פ. אָוו ל. פירער זיינען געוועזן אָפּצוקומען מיט אַזאַ רעזאָלוציע. קיין אַנטי־מלחמה רעזאָלוציע האָבן די סאָציאַליסטישע יוניאָן־פּרעזידענטן און וויים־פּרעזידענטן ניט אַריינגעבראַכט אויפן צוזאַמענפאָר. אַ יאָר שפּעטער אויף דעם א. פ. אָוו ל. צוזאַמענפאָר אין באָפאַלאָ האָבן זיי ניט געעפנט דאָס מויל געגן אַמעריקעס אַריינטרעט אין קריג. זייער שווייגן איז געווען אַ שטיצע פאַר דער מאָרד־פּאַטריאָטישער פּאָליטיק פון גאָמפּערס.

די צייט איז געלאָפן און די מלחמה־פּאָרבאַרייטונגען פון וואָל־סטריט און איר רעגירונג זיינען געוואָרן אויסדריקלעכער און גרעסער. די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט אַרויסגעלאָזט נאָך אַ רוף צו די אַרבעטער, פאַרדאַמענדיק די מיליטאַריסטן; דער רוף האָט געפאָדערט מאַסן־פאַרזאַמלונגען צו פּראָטעסטירן געגן צוגרייטונגען צום קריג. זייער ווייניק פאַרזאַמלונגען זיינען פאַררופן געוואָרן.

אין דער צייט ווען די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט אָפיציעל גערעדט וועגן געגנערשאַפט צום קריג, האָט הילקוויט, שפּעטער אַ פאַרפאַסער פון דער סט. לואיסער רעזאָלוציע, ווי אַן עכטער סאָציאַליסטישער רעאַל־פּאָליטיקער, זיך געאיילט צו פאַרזיכערן די קאַפּיטאַליסטן ניט צו שרעקן זיך פאַר דער סאָציאַליסטישער געגנערשאַפט צום קריג. די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי איז ווייט פון געדאַנק צו שטערן די קריג־פירונג.

דעם 11טן פעברואַר (זונטיק) איז אין דער „ניו יאָרק טיימז" דערשינען אַ גרויסער אינטערוויו מיט הילקוויטן. הילקוויט האָט אין דעם אינטערוויו פאַרזיכערט*):

„דער סאָציאַליזם אין די פאַראייניקטע שטאַטן וועט ניט שטערן דער רעגירונג פון די פאַראייניקטע שטאַטן דורך סטרייקס. אויב די אַרמייען וועלן מאָביליזירט ווערן דורך 'קאָנסקריפּשאָן' (צוואַנג-דינסט) וועלן מיר, פאַרשטייט זיך, דאַרפן דינען, ווי אַנדערע בירגער. איך גלויב ניט, אַז די סאָציאַליסטן וועלן פּרייזדיקן וועלכן עס איז גענעראַלן אינדוסטריעלן סטרייק

---

*) ציטירט פון חבר פ. נאָוויק, די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, זייט 94.

צו שטערן דאָס לאַנד אין אירע מלחמה-צוגרייטונגען און איך גלויב ניט,
אַז עס וועט זיין אַזאַ סטרייק."

ווען דער קאָנגרעס האָט זיך פאַרזאַמלט דעם דרייסיקסטן מערץ, 1917, האָט די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי געשריבן נאָך אַ בריוו צו ווילסאָנען. דער בריוו האָט פאַרלאַנגט אַ רעפערענדום פון דער גאַנצער באַפעלקערונג אויב ווילסאָן איז דורכאויס אַנטשלאָסן צו האָבן אַ קריג. פאַרשטייט זיך, אַז די אַלע בריוו און רופן האָבן ניט געהאָלפן. קריג איז דערקלערט געוואָרן. די מיטגלידערשאַפט פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, אין איר גרויסער מערהייט, האָט געפילט אַז זי מוז געפינען אַ קאָנקרעטן אויסדרוק פון איר מלחמה־געגנערשאַפט. די שטימונג צווישן דער סאָציאַליסטישער רענק און פייל איז געווען אַנגעגליט. אַ ספּעציעלער צוזאַמענפאָר איז גערופן געוואָרן אויף דעם זיבעטן אַפּריל אין סט. לואיס. דער צוזאַמענפאָר האָט געדויערט אַ וואָך צייט.

ניט געקוקט אויף די היציקע דעבאַטן און אויף דער אָנגעשטרענגטקייט וואָס האָט געהערשט אויפן צוזאַמענפאָר, איז דאָרטן נאָך ניט אַרויסגעבראַכט געוואָרן דער טיפער פּאָליטישער אונטערשייד צווישן דער מערהייט מיט־גלידער און דער פירערשאַפט. הילקוויטן איז געלונגען אין דער לעצטער מינוט ווייטער צו פאַרבלייבן אין דער שפּיץ פון דער פּאַרטיי. ער, בערגער, אַל־דזשערנאָן לי און אַנדערע רעכטע סאָציאַליסטן האָבן געבויגן די קעפּ פאַר דעם ווילן פון דער מערהייט. שפּעטער האָבן זיי אָט־דעם ווילן—אויסגעדריקט אין אַ קלאָרער, שאַרפער רעזאָלוציע — מיאוס פאַרשאַכערט. ווען הילקוויטן איז וויכטיק צו דערמאָנען, אַז ביי אים איז דאָס געווען אַ לאַנג־יאָריקע פּראַקטיק, שטימען פאַר רעזאָלוציעס און אַרבעטן געגן זיי, ווען די רעזאָ־לוציעס האָבן אַרויפגעלייגט אַ פאַראַנטוואָרטלעכע מיליטאַנטישע אַקציע. אַזוי האָט הילקוויט געשטימט פאַר די אַנטי-מלחמה רעזאָלוציעס אויף די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע קאָנגרעסן אין שטוטגאַרט און אין קאָפּענ־האַגען (1907 און 1910). דאָס זעלבע האָט הילקוויט געטאָן אין 1917 אין סט. לואיס.

טשאַרלס ע. רוטענבערג פירט דעם קאַמף
פאַר דער אַנטי־קריג שטעלונג

אין סט. לואיס איז געקומען אַן אָרגאַניזירטע לינקע גרופּע, אַנטשלאָסן דורכצופירן אין דער פּאַרטיי אַן אַקטיווע אַנטי־מלחמה ליניע. אין שפּיץ פון דער גרופּע, וואָס איז שפּעטער געוואָרן דער קערן פון לינקן פליגל, איז

געשטאַנען טשאַרלס ע. רוטענבערג, פאַרשטאַרבענער סעקרעטאַר פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. רוטענבערג איז דעמאָלט געווען דער סעקרעטאַר פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע אין אָהייאָ.

רוטענבערגס גרופּע האָט אָנגעהויבן דעם קאַמף גלייך ביי די וואַלן פון מיטגלידער אין דער וויכטיקער קאָמיסיע וועגן מלחמה און מיליטאַריזם. די גרופּע האָט געפאָדערט פון יעדן קאַנדידאַט אַ קורצן און אַנטשיידענעם ענט־פער, צי ער איז געגן יעדן סאָרט מלחמה, סיידן די מלחמה פון אַרבעטער־



דזשאָן ריד



טשאַרלס ע. רוטענבערג

קלאַס געגן קאַפּיטאַליסטישן קלאַס. 66 דעלעגאַטן האָבן געענטפערט מיט יאָ אויף דער פּראָלעטאַריש־רעוואָלוציאָנערער פאָרמולירונג. 96 דעלעגאַטן האָבן געשטימט פאַר דעם פאָרשלאָג פון די רעכטע, וואָס האָט צוריקגעוויזן די קאַטעגאָרישע פראַגע.

דער פאַקט וואָס 66 דעלעגאַטן האָבן זיך געשטעלט אַזוי אַנטשיידן געגן קריג, דער דראַנג פון דעם רענק און פייל צו געפינען אַן אויסדרוק פון זייער אַנטי־מלחמה געפילן און די פּראָ־דייטשע שטימונג וואָס האָט אַן צווייפל געהערשט צווישן געוויסע אידישע און דייטשע פּאַרטיי־טוער — דאָס אַלץ האָט געפירט צו אַ נייער גרופּירונג אויף דעם צוזאַמענפאָר. הילקוויט און

אַלדזשערנאָן לי זיינען צוזאַמען מיט חבר רוטענבערג געוואָרן די פּאַרפאַסער פון דער באוואוסטער אַנטי-מלחמה רעזאָלוציע. די הילקוויטס האָבן זיך געקענט דערלויבן אַ פּאַפּירענע אַנטי־מלחמה אַרויסטרעטונג איידער זי ווערט אַן אַקטועלע געפאַר פאַר זייער באַקוועמלעכקייט.

צוויי רעזאָלוציעס זיינען אַריינגעבראַכט געוואָרן אויפן צוזאַמענפאָר. די מערהייט־רעזאָלוציע האָט זיך געלייענט טיילווייז:

„אין דעם איצטיקן ערנסטן קריזיס באַשטעטיקט די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי איר טריישאַפט צום פּרינציפּ פון אינטערנאַציאָנאַליזם און אַרבעטער-קלאַס סאָלידאַריטעט איבער דער גאַנצער וועלט און פּראָקלאַמירט איר פעסטע געגנערשאַפט צו דער מלחמה וואָס איז נאָר וואָס דערקלערט געוואָרן פון דער רעגירונג פון די פאַראייניקטע שטאַטן.

„די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי פון די פאַראייניקטע שטאַטן איז דורכאויס געגן דער סיסטעם פון קלאַסן-הערשאַפט וואָס איז אויפגעהאַלטן און פאַר-שטאַרקט דורך מיליטערישער מאַכט און פון פאַלשן נאַציאָנאַלן פּאַטריאָטיזם. דעריבער רופן מיר אַלע אַרבעטער פון דער וועלט אויפצוהערן שטיצן זייערע רעגירונגען אין דער מלחמה. די מלחמה פון די קאַפּיטאַליסטן איז ניט די זאַך פון די אַרבעטער. דער איינציקער קאַמף, וואָס באַרעכטיקט די אַרבעטער צו נעמען וואָפן אין די הענט, איז דער גרויסער קאַמף פון דעם אַרבעטער-קלאַס פון דער וועלט זיך צו באַפרייען פון עקאָנאָמישער עקספּלואַטאַציע און פּאָליטישער אונטערדריקונג. באַזונדערס וואָרנען מיר די אַרבעטער געגן דער נעץ און איינרעדעניש פון די אַזוי-גערופענע דעפענסיווע מלחמות. געגן דער פאַלשער לערע פון נאַציאָנאַלן פּאַטריאָטיזם שטעלן מיר אַרויס דעם אידעאַל פון אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער-קלאַס סאָלידאַריטעט. צו שטיצן דעם קאַפּיטאַליזם וועלן מיר ניט געבן מיטן פרייען ווילן קיין איינציקן לעבן און קיין איינציקן דאָלאַר. פאַר דעם קאַמף פון די אַרבעטער פאַר פרייהייט פאַרשפּרעכן מיר אַלץ וואָס מיר פאַרמאָגן.

„דער אַרבעטער-קלאַס פון די פאַראייניקטע שטאַטן האָט ניט קיין שטרייטיקייטן מיט דעם אַרבעטער-קלאַס פון דייטשלאַנד. דאָס פאָלק פון די פאַראייניקטע שטאַטן האָט ניט קיין שטרייטיקייטן מיט דעם דייטשן פאָלק אָדער מיט אַן אַנדער פאָלק.

„מיר שטעמפּלען די קריג-דעקלאַראַציע פון אונזער רעגירונג ווי אַ פאַר-ברעכן געגן דעם פאָלק פון אַמעריקע און געגן די פעלקער פון דער וועלט.

„אין דער גאַנצער מאָדערנער געשיכטע איז נאָך ניט געווען אַזאַ אומ-באַרעכטיקטע מלחמה ווי די אין וועלכער מיר טרעטן איצט אַריין.

„אין איינקלאַנג מיט אירע פּרינציפּן, פאַרוואַרפט אַנטשיידן די סאָציאַ-ליסטישע פּאַרטיי דעם פאָרשלאַג אַז אין דער מלחמה-צייט דאַרפן די אַר-בעטער אויפגעבן זייער קאַמף פאַר בעסערע באַדינגונגען. פאַרקערט, די שאַרף-אָנגעשטרענגטע לאַגע פאָדערט נאָך אַ גרעסערע און ענערגישערע אָנפירונג פון קלאַסן-קאַמף.״

די רעזאָלוציע פון דער מינדערהייט איז געווען אַ פולשטענדיקער צוריק־טרעט פון דער פריערדיקער אנטי־מלחמה שטעלונג. די רעזאָלוציע איז געווען אַן אָנזאָג, אַז די סאָציאַליסטישע אדוואָקאטן, יוניאָן־באאמטע און „פאַר־ווערטס"־געשעפטלייט גייען שוין פאַנאַנדערלאָזן זייערע הענט אין דעם פּאטריאָטישן געמויזעכץ, אַז זיי זיינען אַנטשלאָסן ניט צו ריזיקירן מיט זייער הויט.

די רעזאָלוציע לייענט זיך טיילווייז:

„קאָנגרעס האָט דערקלערט אַ קריג צווישן דעם לאַנד און דייטשלאַנד. מלחמה צווישן די צוויי לענדער איז אַ פאַקט.

„מיר זיינען געגן אַמעריקעס אַריינטרעט אין קריג, אָבער מיר זיינען דורכגעפאַלן. די פּאָליטישע און עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציעס פון דעם אַר־בעטער-קלאַס זיינען ניט געווען שטאַרק גענוג. זיי האָבן ניט געקענט טאָן מער ווי פּראָטעסטירן.

„דורכגעפאַלן צו פאַרהיטן פון קריג דורך אונזער אַגיטאַציע, מוזן מיר עס אָנערקענען ווי אַ פאַקט און פּרובירן אַרויפצווינגען אויף דער רעגירונג דורך דער עפנטלעכער מיינונג אַ קאָנסטרוקטיווע פּראָגראַם."

די רעזאָלוציע פון דער מינדערהייט איז געווען דער ערגסטער סאָרט רעפאָרמיזם. די רייד פון אַ קאָנסטרוקטיווער מלחמה־פּראָגראַם איז אַ באַ־וואוסטזיניקער פּרוּוו צו נאַרן די מאַסן אַז דער אימפּעריאַליזם קען האָבן אַ „קאָנסטרוקטיווע" פּראָגראַם, וואָס וועט העלפן די אַרבעטער און פאַרמער.

אַ היציקע און לאַנגע דעבאַטע האָט זיך אַנטוויקלט אַרום די צוויי רעזאָ־לוציעס. טשאַרלס רוטענבערג האָט געפירט די לינקע. פאַר דער לינקער רעזאָ־לוציע האָבן געשטימט 140 דעלעגאַטן. אַפילו בערגער און הילקוויט האָבן געשטימט פאַר איר, נאָר זיי האָבן אויף מאָרגן די רעזאָלוציע פאַרבראָכן. פאַר דער רעכטער רעזאָלוציע האָבן געשטימט נאָר 50 דעלעגאַטן. די רעפּע־רענדום־אָפּשטימונג צווישן די מיטגלידער האָט מיט אַן איבערוועגנדיקער מערהייט אָנגענומען די לינקע רעזאָלוציע.

### רעזאָלוציע פון סט. לואיס ניט דורכגעפירט אין לעבן

די פּאַרטיי־פירערשאַפט, אַפילו די וועלכע האָבן געשטימט פאַר דער רעזאָלוציע, האָבן אָבער ניט געהאַט בדעה דורכצופירן אין לעבן די ליניע און די פּראַקטישע אָנווייזונגען פון דער אָנגענומענער רעזאָלוציע. מיט זייער ווייניק אויסנאַמען, ווי יודזשין דעבס און אייניקע אַנדערע טוער, האָבן די הילקוויטס און די בערגערס ניט געטראַכט אָנצופירן אַ ווירקזאַמען קאַמף

געגן דער מלחמה־פירונג. די אַלע קאָנקרעטע פונקטן וואָס זיינען אויס־גערעכנט געוואָרן אין דער מערהייט־רעזאָלוציע, ווי אַזוי צו באַקעמפן די מיליטאַריסטישע פראָפּאַגאַנדע, דעם דרעפט און די מלחמה בכלל, זיינען איגנאָרירט געוואָרן סיי פון די אָפענע רעכטע און סיי פון די צענטריסטן וואָס האָבן צונויפגעשטעלט די פירערשאַפט פון דער פּאַרטיי. דורכצופירן די פּראַקטישע אָנווייזונגען האָט געמיינט צו גיין אין טורמע און די בערגערס און הילקוויטס האַלטן ניט פון אַזאַ קרבן. דער אמת איז, אַז אַזעלכע רעכטע סאָציאַליסטן ווי וויקטאָר בערגער, וואָס האָבן געשטיצט אַ שאַרפע שטעלונג געגן מלחמה, האָבן עס געטאָן מער צוליב זייערע פּראָ־דייטשע סימפּאַטיעס ווי צוליב זייערע סאָציאַליסטישע פּרינציפּן.

נאָך אין דער צייט ווען דער רעפערענדום איז אָנגעגאַנגען איבער דער רעזאָלוציע פון סט. לואיס, האָט די עמוירדזשענסי קאָמיטע פון דער פּאַרטיי דורכגעפירט שריט וואָס זיינען געווען שאַרף ניט אין איינקלאַנג מיט דעם גייסט פון דער רעזאָלוציע. אַזוי האָט די פּאַרטיי־פירערשאַפט זיך געווענדט צו ווילסאָנען מיט אַ פאַרלאַנג ער זאָל אָפּן דערקלערן זיינע מלחמה־צילן. די ווענדונג האָט טיילווייז געזאָגט:

„אַנדערע זאָגן, אַז מיר קעמפן פאַר דעמאָקראַטיע. אַנדערע, ווידער, זאָגן אַז מיר שלאָגן זיך צו באַשיצן מאָרגאַנס הלוואות אין אויסלאַנד. אַנדערע זאָגן אַז דער קריג איז צוליב דער אַריינדרינגונג אין בעלגיע. אַנדערע, ווידער, אַז דער קריג איז צוליב זאָרג וועגן די מערק פון דער וועלט. דאָס אַמעריקאַנישע פאָלק פאַרלאַנגט אַ קלאָר־אויסגעשפּראָכענע און באַשטימטע דערקלערונג פון פּרעזידענט ווילסאָן און זיין סטייט־דעפּאַרטמענט, וועגן די אָפּמאַכן וואָס זיינען געשלאָסן געוואָרן מיט די אַליאירטע רעגירונגען. וויכטיקער פון אַלץ, מיר וועלכע האָבן ניט געוואָלט דעם קריג, ווילן וויסן אויף וועלכע באַדינגונגען דער קריג וועט געענדיקט ווערן."

אין טאָג פון דער קריג־דערקלערונג האָט בערגערס צייטונג, מילוואָקי לידער, געשריבן *):

איצט, אַז די מלחמה איז דאָ, בלייבט פאַר זיי (די אַרבעטער) צו טאָן אַלץ אין זייערע כוחות צו פאַרהיטן זייער רעכט און די אינטערעסן פון פאָלק.
„די סאָציאַליסטן זיינען לאָיאַל היינט, לאָיאַל זיינען זיי אַלע מאָל געווען און לאָיאַל וועלן זיי פאַרבלייבן."

דער איינציקער „סאָציאַליסטישער" קאָנגרעסמאַן, מייער לאָנדאָן, וואָס האָט זיך אָפּגעהאַלטן פון שטימען אין דער אָפּשטימונג וועגן דער קריג־דערקלערונג (די אידישע באַפעלקערונג אין זיין וואַל־געגנט איז געווען געגן

*) ציטירט פון זעלבן בוך, זייט 95.

קריג), האָט זיך אָבער ניט איינגעהאַלטן. דעם 12טן אַפּריל האָט לאָנדאָן דערקלערט *):

„אויב די רעגירונג פון די פאַראייניקטע שטאַטן האָט אַרויסגעלאָזט אַ רוף צום פאָלק פאַר אַן הלואה, וואָלט דער פיינט ניט געהאַט קיין בעסערע הילף ווען מען זאָגט זיך אָפּ די הלואה צו שטיצן."

די רענק און פייל, און אַזוינע קעמפער ווי דעבס, בענסאַל, רוטענבערג, לואיס ענגדאַל, וואַגענקנעכט, קאַטערפילד און אַ סך אַנדערע האָבן דורכגעפירט די אָנווייזונגען פון דער רעזאָלוציע, האָבן אָפּגעהאַלטן אַ סך פּראָטעסט־מיטינגען און דעמאָנסטראַציעס, פּראָפּאַגאַנדירט געגן מלחמה און באַצאָלט מיט קלעפּ און מיט טורמע. די רעכטע, און באַזונדערס די יוניאָן־פירער און די „פאָרווערטס"־לייט, האָבן זיך פולשטענדיק איבערגעקוליעט. זייער פּאַטריאָטיזם איז ווי געהעריק אָנערקענט געוואָרן אין די הויכע פענצטער אין וואַשינגטאָן וואו די פאָרשטייער פון וואָל־סטריט זיינען געווען פאַרנומען מיט מאָביליזירן אַלע מיטלען פון לאַנד צו געווינען די אימפּעריאַליסטישע מלחמה. אַלאַן בענסאָן, געוועזענער סאָציאַליסטישער פּרעזידענט־קאַנדידאַט און רעדאַקטאָר פון דער פאַרשפּרייטער וועכנטלעכער ציַיטונג „אַפּיל טו ריזאָן" האָט פאַרקירעוועט דעם דישל און פאַרוואַנדלט זיין ציַיטונג אין אַ פּאַטריאָטישן אָרגאַן. אַזעלכע שרייבער און פירער ווי טשאַרלס עדוואַרד ראָסעל, טשעסטער רייט און דזשאָן ספּאַרגאָ זיינען געווען מאָרד־פּאַטריאָטן. די פאַראייניקטע אידישע געווערקשאַפטן און די מערסטע סאָציאַליסטישע יוניאָן־באַאַמטע האָבן אָפן קאַמפּיינעוועט צו פאַרשפּרייטן די מלחמה־הלוואות (ליבערטי לאָונס) צווישן די מיטגלידער פון זייערע יוניאָנס.

דעבס איז פאַראורטיילט געוואָרן אויף 10 יאָר טורמע פאַר זיין מיליטאַנטישער אַנטי־מלחמה רעדע אין קענטאָן, אָהייאָ, דעם 12טן יוני, 1918.**) רוטענבערג, בענסאַל, לואיס ענגדאַל און אַנדערע זיינען נאָך פריער פאַרמשפּט געוואָרן אין זעלבן שטאַט פאַר זייערע אַנטי־מלחמה אַרויסטרעטונגען. רוטענבערג איז געלאָפן פאַר מעיאָר אין קליוולאַנד אין 1917 אויף אַ מילי־

*) ציטירט פון זעלבן בוך, זייט 96.

**) דעבס האָט אין זיין רעדע געזאָגט: „איך בין געגן יעדער מלחמה אויסער איינער. פאַר דער מלחמה בין איך מיט לייב און לעבן און דאָס איז די אַלוועלטלעכע מלחמה פאַר דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. אין יענער מלחמה בין איך גרייט צו קעמפן אויף יעדן אופן וואָס דער הערשנדיקער קלאַס וועט נויטיק מאַכן צו קעמפן — אַפילו אויף באַריקאַדן." (פּ. נאָוויק, די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, ז. 98.)

טאַנטישער אַנטי־קריג פּלאַטפאָרמע אין איינקלאַנג מיט דער סט. לואיסער רעזאָלוציע. זיין קאַמפּאַניע האָט אויפגעשטורעמט אַהייאָ. רוטענבערג האָט געקראָגן 28,000 שטימען, אינגאַנצן מיט דריי טויזנט שטימען ווייניקער פון דעם זיגרייכן קאַפּיטאַליסטישן קאַנדידאַט. פאַר זיינע אַנטי-מלחמה ארויס־טרעטונגען איז רוטענבערג פאַראורטיילט געוואָרן צו אַ יאָר טורמע. די וואַלן האָבן דעמאָנסטרירט די אַנטי־מלחמה שטימונג פון די ברייטע מאַסן.

דעם ערשטן מאַי 1919 האָט רוטענבערג געפירט אַ גרויסע אַרבעטער־דעמאָנסטראַציע. די דעמאָנסטראַנטן זיינען באַפאַלן געוואָרן פון דער פּאָליציי וואָס האָט געשאָסן אין זיי. די אַרבעטער האָבן אַרויסגעוויזן אַ זעלטענעם ווידערשטאַנד. דאָס איז געווען די גרעסטע אַרבעטער־דעמאָנסטראַציע וואָס קליוולאַנד האָט ווען עס איז געזען.

פעברואַר 1918 זיינען אָנגעקלאָגט און פאַראורטיילט געוואָרן די נאַציאָ־נאַלע באַאַמטע פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, אויפן גרונט פון דער סט. לואיסער רעזאָלוציע. זיי זיינען אָבער ניט אַריינגעזעצט געוואָרן. צוויי יאָר שפּעטער האָט דער העכסטער געריכט אָפּגעשאַפט דעם אורטייל.

גרויסער געווינס אין שטימען אַן אויסדרוק פון אַנטי־מלחמה שטימונג

אַן אָנצייגונג פון דער אַנטי־מלחמה שטימונג פון די אַרבעטער־מאַסן, פון די האָרעפּאַשניקעס און קליינבירגערלעכע עלעמענטן איז אויך דער געווינס וואָס די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט געמאַכט אין די וואַלן אין וויכטיקע צענטרען.

נאָר אין 1916, ווען ווילסאָן האָט פּאַראַדירט ווי דער אַנטי־קריג קאַנדי־דאַט און האָט באַנוצט אַ סך פּראָגרעסיווע פראַזן, האָט דער סאָציאַליסטישער פּרעזידענט־קאַנדידאַט בענסאָן געצויגן פיל ווייניקער שטימען ווי דעבס אין 1912. שפּעטער, אין די לאָקאַלע וואַלן, ווען די סאָציאַליסטישע קאַנדידאַטן זיינען געווען די איינציקע אויף אַן אַנטי־מלחמה וואַל-פּלאַטפאָרמע, איז זייער צאָל שטימען זייער געשטיגן.

פּראָפעסאָר פּאָל דאָגלעס פון שיקאַגאָ האָט געמאַכט אַ גענויע אונטער־זוכונג פון די סאָציאַליסטישע שטימען אין 1917, נאָכדעם ווי אַמעריקע איז אַריינגעטראָטן אין קריג און די פּרעסע האָט פאַנאַנדערגעבלאָזן אַ ריזיקע פּאַטריאָטישע וואַקכאַנאַליע. דאָגלעס האָט אויסגעפונען אַז אין פופצן שטעט פון וואַנען ער האָט געקראָגן פּינקטלעכע און פולע אינפאָרמאַציע וועגן דעם אויסגאַנג פון די אָרטיקע וואַלן, האָבן די סאָציאַליסטישע קאַנדידאַטן געצויגן 21.6 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער צאָל אָפּגעגעבענע שטימען. פון

1,400,000 שטימען האָבן די סאָציאַליסטישע קאַנדידאַטן געהאַט 314,000 שטימען. ווען די זעלבע פּראָפּאָרציע וואָלט אָנגעהאַלטן אַ יאָר פריער אין די פּרעזידענט־וואַלן אין 1916, וואָלט בענסאָן געקראָגן אַרום פיר מיליאָן שטימען.

די שטעט וואו די סאָציאַליסטן האָבן געהאַט אַזאַ געווינס אין די וואַלן באַלאַנגען צו די גרויסע און וויכטיקע אינדוסטריעלע צענטרען, ווי באָפאַלאָ מיט 24.4 פּראָצענט שטימען, שיקאַגאָ מיט 33.8 פּראָצענט שטימען, קליוו־לאַנד מיט 19.3 פּראָצענט אנשטאָט 5.7 פּראָצענט אין די פריערדיקע וואַלן, ניו יאָרק מיט 21.7 פּראָצענט שטימען אָנשטאָט די פריערדיקע 5.1 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער צאָל אָפּגעגעבענע שטימען, טאָלידאָ מיט 34.8 פּראָ־צענט שטימען. דאָס ווייזט דעם גרויסן איינפלוס פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין די אינדוסטריעלע שטעט. (ז. פיין, לייבאָר און פאַרמער פּאַר־טייען, זייטן 255־226.)

אין זעלבן יאָר האָט די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אין ניו יאָרק דערווײלט 10 מיטגלידער אין דער שטאַט־לעגיסלאַטור, און זיבן אין דער שטאָט־רעגירונג. פּענקין איז דערווײלט געוואָרן פאַר אַ שטאָטישן ריכטער.*) הױל־קוויט האָט געצויגן נאָענט צו אַ פערטל מיליאָן שטימען אין די מעיאָר־וואַלן. דאָס האָט פּאַסירט אין אַ סך אַנדערע שטעט. די אַלע סאָציאַליסטישע קאַנ־דידאַטן האָבן אויסגענוצט די טיפע געגנערשאַפט פון די ברייטע שיכטן פון דער באַפעלקערונג צו דער מלחמה.**)

אָבער די האָפענונגען וואָס די ווײלער האָבן געלייגט אויף די סאָציאַ־ליסטישע קאַנדידאַטן זיינען ניט פאַרווירקלעכט געוואָרן. די פּאַרטיי־פירער־שאַפט און די סאָציאַליסטשע יוניאָן־פירער האָבן שנעל אויפגעגעבן זייער

*) אין 1934 האָט דזשייקאָב פּענקין אָנגענומען דעם זעלבן ריכטער-אַמט פון דער לאַגוואַרדיאַ-רעגירונג. די מיטגלידערשאַפט פון דער ס. פּ. איז געווען שאַרף געגן פּענקינס האַנדלונג, נאָר די פירערשאַפט פון דער ניו יאָרקער אָרגאַני־זאַציע, וואָס באַשטייט פון רעכטע, האָט געשטיצט פּענקינען.

**) ווען די סאָציאַליסטישע מיטגלידער זיינען געמשפּט געוואָרן פון אַ קאָמיטע פון דער שטאַט-געזעצגעבונג, האָבן זיי געלייקנט דעם קלאַסנקאַמף-כאַראַקטער פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. דאָס האָט זיי ניט געהאָלפן. זיי זיינען אויס־געשלאָסן געוואָרן. דער צוזאַמענפאָר פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי האָט נאָכדעם אויסגעמעקט פון דער קאָנסטיטוציע די ווערטער „קלאַסן-קאַמף", אין איינקלאַנג מיט דער אַנטי-רויטער היסטעריע וואָס איז באַשאַפן געוואָרן אין 1921-1920 מיט דער לאָסק-קאָמיטע אונטערזוכונג איבער דער טעטיקייט פון די ראַדיקאַלן און קאָמוניסטן.

מלחמה־געגנערשאפט. זיי האָבן אפילו ניט באוויזן אָנצופירן א געהעריקן קאַמף געגן דעם שרעקלעכן יקרות וואָס איז אויפגעקומען. ארבעטער־פרויען האָבן ספּאָנטאַן און אָן וועלכער עס איז אָנפירונג געשטורעמט די מערק און די ספּעקולאַנטן אין ניו יאָרק און אין צענדליקער אַנדערע שטעט. דאָס זעלבע האָט פּאַסירט מיט דעם ווידערשטאַנד געגן דעם רויבערישן דירה־געלט. גאַנצע קווארטאַלן זיינען ארומגעכאַפּט געוואָרן אין מאַסן־סטרייקס געגן די לענדלאָרדס. צענדליקער טויזנטער פאַמיליעס זיינען ארויסגעזעצט געוואָרן אין די גאַסן. די סאָציאַליסטישע פירער האָט דאָס ווייניק וואָס געאַרט. צווישן זיי גופא האָבן זיך געפונען לענדלאָרדס. דער סאָציאַליסטישער ריכ־טער פּענקין האָט געהאַנדלט ווי יעדער אַנדערער ריכטער. די אַנטווישונג פון די מאַסן האָט געפונען אויסדרוק אין די קומענדיקע וואַלן, מיט שווערע פאַרלוסטן פאַר דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

א ביישפּיל פון דעם מלחמה־טשאַד וואָס האָט ארומגעכאַפּט א סך סאָציאַליסטישע פירער האָבן געגעבן די טוער פון דער אידישער סאָציאַליס־טישער באוועגונג — י. ב. סאַלוצקי־האַרדמאַן אריינגערעכנט. סאַלוצקי איז געווען א פייערדיקער פּראָ־עליעס אָנהייגער.

אין זומער 1917, אין דעם ברען פון דעם קאַמף אין דעם רעוואָלוציאָ־נערן רוסלאַנד פאַר אָפּשטעלן דעם קריג ווי די באָלשעוויקעס האָבן גע־פאָדערט אָדער פאַר פאָרזעצן דעם קריג וויטער געמיינשאַפטלעך מיט די אַליאירטע רעגירונג, איז א טעלעגראַמע ארויסגעשיקט געוואָרן פון ניו יאָרק מיט אונטערשריפטן פון באַקאַנטע אידישע סאָציאַליסטישע טוער צום „בונד" אין רוסלאַנד. די טעלעגראַמע האָט גערופן דעם „בונד" אָנצואווענדן אַלע כחות צו האַלטן די ארבעטער און פויערים פון רוסלאַנד אין דער מלחמה. די טעלעגראַמע איז געשיקט געוואָרן לויט דעם פאַרלאַנג פון לואיס מאַרשאַל, דער פירער פון די דייטשע יאהודים. אין ווייסן הויז האָט מען קענטיק גע־גלויבט די קלאַנגען, אז אידישע סאָציאַליסטן רעגירן איבער רוסלאַנד און אזוי ווי אידן זיינען בכלל דאָך "פאַרבונדן צווישן זיך", וועט א רוף פון אידישע סאָציאַליסטן אין די פאַראייניקטע שטאַטן צו אידישע סאָציאַליסטן אין רוס־לאַנד העלפן איינצוהאַלטן רוסלאַנד אין דעם מלחמה־שפּאַן.

דער באַנקראָט פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל און פון דער סאָציאַליסטי־שער פּאַרטיי אין די פאַראייניקטע שטאַטן, צוזאַמען מיטן אָנקומען פון דער גרויסער היסטאָרישער אָקטאָבער־רעוואָלוציע אין 1917, האָט פאַרענדיקט דאָס אויסשיילן פון דעם לינקן פליגל. צוויי יאָר שפּעטער, 1919, איז פאָר־געקומען די שפּאַלטונג אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און דער געבורט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.